

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Pinḳas Slonim / [ʻorekh, Ḳalman Likhṭenshṭain]. |
| IMPRINT | 880-02 [Tel Aviv : Irgun ʻole Slonim be-Yiśraʼel, 1961] |
| DESCRIPT | 4 v. : ill. ; 32 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Belarus -- Slonim. |
| | Slonim (Belarus) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Belarus -- Slonim. |
| ADD'L NAME | Lichtenstein, Kalman, 1899- |
| ADD'L TITLE | Record and face of a town, ruin of the community : in memoriam |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# פנקס סלונים

## ספר ג

זכרונות, קורספונדנציות לעתונות,
ידע־עם, רשימת עולי סלונים,
דפי הנצחה

PINKAS SLONIM
VOLUME THREE
Reminiscences, Letters
to Newspapers, Folklore,
A List of "Olei-Slonim"
IN MEMORIAM

פנקס סלאָנים
דריטער באנד:
זכרונות, פרעסע —
קאָרעספאָנדענציעס, פאָלקלאָר,
רשימה פון עולי־סלאָנים,
אָנדענק־בלעטער



העורך וחברי המערכת של הכרך השלישי

דער רעדאקטאר און די רעדאקציע מיטגלידער פון דריטן באנד

מימין לשמאל יושבים: רעכטס צו לינקס זיצן:

אינג'. קלמן ליכטנשטיין, ד"ר שמואל חננוביץ

עומדים — שטייען: יוסף דרור, מרדכי ספיר, ברוך יקימובסקי

The Editor and Members of the Editorial Staff of Volume Three

From Right to Left:

First Row: Kalman Lichtenstein, Dr. Shmuel Chononowitch

Second Row: Josef Dror, Mordechai Sapir, Baruch Yakimowski








עורך הכרך

קלמן ליכטנשטיין

חברי המערכת:

יוסף דרור, ד"ר שמואל חננוביץ, ברוך יקימובסקי, מרדכי ספיר

המוציא לאור

מערכת „פנקס־סלונים"

תל־אביב, תשל"ב — 1972

דפוס „גוטנברג" — צבי כסף ובניו בע"מ, תל־אביב

**מימין — רעכטס:**
**יד לקדושי סלונים בגיא־ההריגה פטרלביץ׳.**
**דענקמאל פאר די סלאנימער קדושים ביי די מאסן קברים אין פעטראַלעוויטש.**

Monument in Memory of the Martyrs of Slonim in Petralewitch.




**משמאל — לינקס:**
**מצבת הזכרון לקהלת סלונים, שהוקמה בבית הקברות בקרית שאול שעל יד תל־אביב. ערב יום השואה, כ״ו ניסן תשכ״ה, 28.4.1965.**

**מאנומענטאלע מצבה פאר דער סלאנימער קהלה וואס איז געשטעלט געווארן אין בית הקברות אין קרית שאול ביי תל־אביב. ערב יום השואה, כ״ו ניסן תשכ״ה, 28.4.1965.**

Gravestone in Memory of the Community of Slonim in the Cemetery at "Kiriat Shaul", near Tel-Aviv. Unveiled on the Eve of Holocaust Day, 28.4.1965.



יהודים יוצאי סלונים שהתאספו בשנת 1966 בצ׳פלובה ופטרלביץ׳ ממקומות שונים של ברית המועצות לגילוי המצבות לזכר הקדושים בשני גיאיות־ההריגה.
יידן אָפּשטאַמיקע פון סלאָנים זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין יאר 1966 אין טשעפּעלעווע און פּעטראַלעוויטש פון פארשיידענע ערטער אין ראַטן־פארבאנד צו דער ענטהילונג פון די דענקמעלער פאר די קדושים אויף די מאסן־קברים.

Jews from Slonim coming from different places in Soviet-Russia met in 1966 in Tchepelewo and Petralewitch for the unveiling of the Monuments in memory of the Martyrs of Slonim.




לוח־השיש במרתף־השואה בירושלים, שעליו חרותים תאריכי־הדמים של קהלת־סלונים.
דער מארמאר־טאפל אין „מרתף־השואה" אין ירושלים, אויף וועלכן ס׳זיינען אויסגעקריצט די אומקום־דאטן פון סלאנימער קהלה.

A marble tablet with the dates of mass executions in Slonim, exhibited in the Cave of the Holocaust in Jerusalem.

# תוכן־העניינים

# אינהאלט

# בשער הספר

כשיצאו לאור לפני עשר שנים שני הכרכים הראשונים של „פנקס סלונים", הודגש בפתח הפנקס, כי „השאיפה לפנקס כולל, רב־היקף וממדים, שיהיו בו דברי ימי סלונים ותולדות הקהילה על כל פרטיהם במשך מאות שנות קיומה, לא נתגשמה עדיין במלואה עם הופעתם של שני הכרכים, המהווים רק שלב ראשון וחשוב בהגשמת חזון „פנקס־סלונים" המלא, כפי שחזהו ותכננו נושא הרעיון ומגשימו".

כעת, אחרי עשר שנים, מופיע כרך שלישי, המהווה שלב נוסף ומכריע — אם כי עדיין לא סופי — בהגשמת אותו חזון. כשהכרך הראשון הוקדש בעיקרו למונוגרפיה על תולדות הישוב ולאוסף־התמונות, והכרך השני — לשואה ולדפי־הנצחה — הרי בא הכרך השלישי למלא ולגוון את סיפור־תולדותיה של הקהילה ע"י חומר המסויג בשלשה מדורים: מדור הזכרונות, מדור הקורספונדנציות בעתונות העברית והמדור לידע־עם (בעיקר הבדיחות והאמרות של ר' אייזילי חריף).

על חשיבותם וערכם של המדורים האלה ילמד הקורא מהמבואות המיוחדים הבאים בשעריהם.

החומר הזה מתיחס לשלשת הדורות שלפני הדור האחרון, דהיינו לתקופה המשתרעת מאמצע המאה התשע־עשרה ועד שנות 1919—1920, בהן התחילה תקופת הממשל הפולני. ברם, החומר שנאסף ורוכז לצורך כרך זה עלה כל־כך על מידות היקפו המתוכנן, שלא היה מנוס מלדחות פרסום חלק הגון מאוצר כתבי־היד לכרך משלים נוסף. וכך נמצא, כי על־אף שבמבוא למדור־הזכרונות נמנו פרקי־זכרונות מאת הרב שבתי יגל, ר' יוסף שרשבסקי, ר' משה וולך, פנחס זקלד, נתן קוקס, ר' אברהם־שמשון דרשן, הרב פרץ יגל ואחרים, הם אינם מופיעים בכרך זה. כמו־כן במדור הקורספונדנציות נעדר החומר המתיחס לשנים 1906—1915, ובמדור לידע־עם, לא באו דברים נוספים של הפולקלור הסלונימאי, והגירסא העברית של בדיחות ר' אייזילי. נאלצנו להשמיט גם פרקי־ספרות שנועדו לכרך הזה. אנו תקווה, שכל החומר הנותר מהתקופה הנידונה וכן מהדור האחרון יבוא בעתו בכרך משלים, שיהווה נדבך נוסף בבנין „פנקס־סלונים" הכולל והמלא.

כמו בספרים הקודמים כן גם בספר זה באים הדברים בלשונם המקורית, כלומר בלשון בה נכתבו. כשמטרת מפעל־ההנצחה הזה היא הצלת חומר רב־ערך משני הזמן, שאלמלא ריכוזו ופרסומו היה נידון לכליה — הרי מיוחסת חשיבות־משנה ללשון בה הוא נאצר.

בכרך זה קובע „פנקס־סלונים" שלשה תקדימים בספרות הקהלות:

א) סידרת כרכים בהם נגולה יריעה רחבת־ידים, רבת־גוונים ועתירת־תיאורים של קהלה אחת על כל דורותיה.

ב) אוצר־זכרונות כתובים על־ידי אנשים מכל שכבות־הקהלה ושרידיה והממצים כל תקופה ותקופה מהדורות האחרונים.

ג) ריכוזן ופרסומן של כ ל הקורספונדנציות בעתונות העברית שנשלחו מקהלה אחת.

עם חתימת הספר מחובתי להרים על־נס את תרומתם לאין־ערוך של ארבעת חברי המערכת: יוסף דרור, ד"ר שמואל חננוביץ, ברוך יקימובסקי ומרדכי ספיר. כל אחד מהם תרם את חלקו החיוני בעיצובו ובמימושו של הספר. והרי צוות זה עסק גם בהוצאת הספר, בביצועו ובמימונו. ויכולני לאשר, שאלמלא שיתוף־פעולתם לא היה כרך זה רואה אור.

מתוך הרגשת סיפוק למראה חזון „פנקס־סלונים" המתגשם והולך משלב לשלב ומתקדם לקראת השלמתו המלאה, אנו מוסרים את הכרך השלישי ליוצאי־סלונים בפרט ולאוצר ספרי־הקהלות בכלל.

**העורך**

# פ א ר ו א ר ט

ווען עס זיינען, מיט 10 יאר צוריק, ערשיינען די ערשטע 2 בענדער פון „פנקס־סלאנים״, איז אין פאָרוואָרט צום ערשטן באנד אונטערגעשטראָכן געוואָרן, אז „די שטרעבונג צו אַ פנקס פון גרויסן פארמעסט, ווו ס׳זאל קומען צום אויסדרוק די געשיכטע פון דער קהלה במשך פון יארהונדערטער מיט אלע אירע פרטים, איז נאך ניט דערגרייכט געווארן אין פוילן, ווייל די 2 בענדער זיינען נאר אנ׳ערשטער, הגם חשוב׳ער עטאַפּ אין דער פארווירקלעכונג פון דער וויזיע וועגן א „פנקס־סלאנים״, ווי ס׳האט אים פלאַנירט און פארויסגעזען דער טרעגער פון געדאנק און זיין פארקערפּערער״.

איצט, אין 10 יאר ארום, ערשיינט א דריטער באנד, וואס שטעלט מיט זיך פאָר א וואָגיקן צוגאב־עטאַפּ — הגם ניט קיין ענדלעכן — אין דער פארקערפּערונג פון אט דער וויזיע. דער ערשטער באנד איז געווען געווידמעט דער געשיכטלעכער מאנאגראפיע און דעם בילדער־אַלבאָם; דער צווייטער — דעם אומקום און די אנדענק־בלעטער. דער דריטער באַנד דערגענצט די געשיכטע־דערציילונג פון דער קהלה מיט א מאטעריאל וואס איז סעגרעגירט אין 3 אפּטיילונגען: פאר זכרונות, פאר קארעספּאנדענציעס אין דער העברעאישער פרעסע און פאר פאלקלאר (איבערהויפּט די וויצן און גלייכווערטלאך פון ר׳ אייזעלע חריף). וועגן דער וויכטיקייט און באדייטונג פון די אפּטיילונגען וועט דער לייענער אורטיילן פון די באזונדערע אריינפירן וואס באגלייט זיי.

דער מאטעריאל באַציט זיך צו די דריי דורות וואָס פאַרן לעצטן דור, נעמלעך צו דער תקופה וואס ציט זיך פון מיטן 19־טן יארהונדערט ביז די יארן 1919—1920, ווען ס׳האט זיך אנגעהייבן די לעצטע פוילישע תקופה. נאר דער מאטעריאל וואס איז אויפגעזאַמלט געווארן פארן באנד האט אזוי פיל אריבערגעשטיגן זיין געפּלאַנטן פארנעם, אז מען האט געמוזט אפּלייגן די פארעפנטלעכונג פון אַ גרויסן טייל מאנוסקריפּטן ביז דער דערשיינונג פון א דערגענצונגס־באַנד. אזוי־ארום ערשיינען ניט אין בוך די זכרונות פון הרב שבתי יגל, ר׳ יוסף שערעשעווסקי, ר׳ משה וואָלאַך, פנחס זאקלאד, נתן קוקס, ר׳ אברהם־שמשון דרשן, הרב פרץ יגל און אנדערע, טראָץ דעם וואס זיי זיינען אויסגערעכנט אין אריינפיר צו דער זכרונות־אפּטיילונג. אויך ערשיינט ניט אין קארעספּאנדענציעס־אפּטיילונג דער מאטעריאל פון די יארן 1906—1915, און אין פאלקלאר־אפּטיילונג — קומען ניט געוויסע קאפּיטלען פון סלאנימער פאלקלאר און די העברעאישע ווערסיע פון ר׳ אייזעלעס וויצן. מיר זיינען אויך געווען געצוווּנגען ארויסלאָזן אייניקע ליטעראַרישע זאכן וואס זיינען געווען באשטימט פארן דריטן באַנד. מיר האפן, אז דער איבערגעבליבענער מאטעריאל, וואס באַציט זיך צו דער געגעבענער תקופה און אויך צום לעצטן דור, וועט קומען אין א דערגענצונגס־בוך.

ווי אין די ערשטע 2 בענדער, אזוי אויך אין דריטן, ווערן די ארטיקלען געגעבן אין זייער אריגינעלער שפּראך, דאס־הייסט, אין דער שפּראך אין וועלכער זיי זיינען געשריבן. דער הויפּט־ציל פון אונדזער פאראייביקונגס־ווערק איז אפּצוהיטן דעם ווערטפולן מאטעריאל, וועלכער — ווען ניט זיין איצטיקע קאנצענטראציע און פארעפנטלעכונג — וואלט געווען פאראורטיילט צום פארשווינדן.

מיטן דריטן באנד שאפט דער „פנקס־סלאנים״ דריי פּרעצעדענטן אין דער קהלות־ליטעראַטור:

א) א ביכער־רייהע, אין וועלכער ס׳וויקלט זיך פאנאנדער א ברייטע, פולפארביקע און שילדערונג־רייכע פּאנאראמע פון איין קהלה לייגג־אויס פון אלע אירע דורות.

ב) א זכרונות־אוצר, געשריבן דורך מענטשן פון פארשיידענע פאלקס־שיכטן און וועלכע נעמען ארום יעדע תקופה פון די לעצטע דורות.

ג) די אויפזאמלונג פון אלע קארעספּאנדענציעס אין דער העברעאישער פּרעסע, וואס קומען פון איין קהלה.

מיטן שליסן דעם בוך, איז מיין פליכט צו באַצייכנען דעם אונאָפּשעצבאַרן צושטייער פון די 4 רעדאקציע־מיטגלידער: יוסף דרור, ד״ר שמואל חאַנאַנאָוויטש, ברוך יאקימאוווסקי און מרדכי ספּיר. יעדער איינער האט זיך באַטייליקט אין דער אויספּאַרמונג און רעאַליזירונג פון בוך, און די רעדאקציע אין געמיינזאם האט, אייגנטלעך, אויך ערפילט די פונקציע פון פאקטישן פארלעגער. איך קען באַהויפּטן, אז ווען ניט זייער מיטווירקונג וואלט דער באנד ניט ערשיינען.

מיט א געפיל פון סאטיספאקציע, וואס דער „פנקס־סלאנים״ דערנענטערט זיך פון עטאַפּ צו עטאַפּ צו זיין פולקאמער פארווירקלעכונג, גיבן מיר איבער דעם דריטן באנד די סלאנימער לאנדסלייט בפרט און דעם אוצר פון דער קהלות־היסטאָריאגראַפיע בכלל.

דער רעדאקטאר

# היסטוריה וזכרונות

## מבוא

מאת
**קלמן ליכטנשטיין**

שאל אביך ויגידך, זקניך ויאמרו לך.
(דברים ל"ב, ז')

מטבע־לשון מקובלת קיימת במינוח הנוגע לכתיבת דברי הימים: „ההיסטוריה הקטנה". כאילו בצדה של „ההיסטוריה הגדולה" המדעית־יומרנית הצועדת בדרך המלך משרכת דרכיה כביכול „היסטוריה קטנה" נחותת־דרגה מאחותה הגדולה. כמובן, לפתח סברה שכזאת רובצת תפיסה מוטעית. הכוונה בהגדרת „ההיסטוריה הקטנה" היא לפכים הקטנים של ההיסטוריה, לאירועים צדדיים בשולי המאורעות הכבירים, לחוויות והתרחשויות אישיות הנסחפות כקצף על פני המים בעקבות הגלים הסוערים של זרמי הזמן. לכל הדברים האלה אין פשוט מקום בחזות ההיסטוריון ובהרצאה היסטורית מקיפה הראויה לשמה.

בספרות של אומות העולם מקובלת „ההיסטוריה הקטנה" כבעלת חשיבות מישנית אך מיוחדת במינה, שעל־אף חריגתה מגדר הכתיבה ההיסטורית גרידא, היא עשויה אף להשלים ולמלא אחרי „ההיסטוריה הגדולה", שכן היא שופכת אור נוסף ומזוויות־ראיה נוספות על התפתחויות ומאורעות, על פרשיות ומהלכים, על סיבות ונסיבות. לעתים היא אף מצליחה, כלאחר־יד ואגב־אורחא, לחשוף יסודות נעלמים של זעזועים והתגבשויות בדברי הימים, — אפילו יותר מההיסטוריה החקרנית והחטטנית. יש שבסיפור על אירוע צדדי כלשהו, בשיחת־חולין, בבדיחה היא מציגה במפתיע זרקור מול תחומים חשובים שלא שוערו. אך עוד יותר נערכת „ההיסטוריה הקטנה" בתיאורים של מצבי־רוח וחומר מסוימים, מעמדי נוהג והווי, שלכאורה מקומם לא יכירם בניתוח ההיסטורי המעמיק והמקובל. בניגוד להרצאה ההיסטורית ורחבת־האופק, היא אינה נכתבת בקנה־מידה מדעי וביצירות ארוכות־טווח, אלא במקוטעין, בפרקי סיפורים בלתי־יומרניים, באסופות של קוריוזים ודברים משעשעים, — אך בעיקר — בפרקי זכרונות.

ההיסטוריון עומד בריחוק מקום וזמן מהזירה והתקופות של נושאיו, והריחוק הזה הוא הכרחי לשם קביעת העומק הפרספקטיבי הדרוש לו לשם אריגת המטווה שתי וערב, שבו נשזרים באמנות רבה כל החוטים המובילים למסכת ההיסטורית השלמה. ואילו הרושם „היסטוריה קטנה" הוא בדרך־כלל עד ראייה ושמיעה של כל אותם הדברים שהוא מעלה על־כתב; הוא, לעתים, גם ה„יוצר" אותה וגם הרושם אותה. כל רושמי הזכרונות למיניהם: מחברי האוטוביוגרפיות והיומנים, מגוללי יריעות חייהם, המעלים את זכרונותיהם לתומם, — הם הם עדי הראייה ושמיעה הללו. הם הם שפרטיהם ודבריהם ישמשו בעקיפין ושלא־במתכוון את ההיסטוריון שיבוא כעבור דור או כמה דורות אחריהם. הם הם המסייעים לו בלא־יודעים ללקט אריחי־בנייה נוספים, להשלמת בנינו המתוכנן כהלכה ולפי כל חוקי הקריטריונים ההיסטוריים שלו.

תכונת הזכירה, כתכונה אנושית כללית, היא היא הקובעת את מקומה של ההיסטוריה הכתובה בתרבות האנושית. „זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור" — זו היא מצוות־עשה הראשונית של „זכור". אך כעמקות הזכירה, כן שכיחות השכחה, כי זו אף זו הן תכונות אנוש. אלמלא שכיחותה, לא היה צורך בחקיקת מצוות „זכור ימות עולם". אך להמתקת השכחה או לביטולה יש לדובב את האבות והזקנים. כי לא רק שיש שכחה בעולם ואף רצון לשכוח, אלא גם שהבנים אינם זוכרים, כיוון שאינם יודעים ואין להם מה לשכוח...

הרבה פנים לזכרונות, כי לא הרי זכרונות המסופרים על־ידי בעלי שאר־רוח וכושר מעמיק להסתכל ולרשום, — כהרי זכרונות של פשוטי־עם. כתיבת הזכרונות היא בעיקרה כתיבה סובייקטיבית, אך בסובייקטיביות זו גם טמון חנה, ערכה ומשקלה הסגולי. הספרות הממואריסטית — כטיב ערכה בסיפוריה על אירועים ואנשים וכל מרכיבים אחרים התורמים לשיחזור הרקע העיקרי לתקופה מסוימת, — כן רב חלקה בתיאור הווי, אוירה, ריח וצבע וכל הסממנים המהווים בצירופם את מה שנקרא בכל השפות: „הגוון המקומי" (couleur locale). מכאן גם מקומה של הספרות הממואריסטית על הסף, — אם לא במחיצתה, — של הספרות הבלטריסטית, הסיפורית. לכן היא גם שונה מההרצאה ההיסטורית בקצב הפנימי, במזג הכותב ובסגנונו. חן המעלה זכרונות שרוי על רשימותיו. ההיסטוריון מאפק, עוצר ומסנן את כתיבתו וסגנונו כדרוש להרצאה מדעית. סגנונו הוא או סינתטי־מדעי או הרצאה פובליציסטית לפי אופי תפיסתו ההיסטורית, — מה שאין כן

בסגנונם של בעלי הזכרונות. לעומת הרצינות ו„היובש" הסגנוני של המדען־החוקר, — יתכן בעל־זכרונות השופע קלילות, ציוריות, „לחלוחית" ואף הומור, — הכל לפי רמתו, מצב־רוחו ומזגו האישיים. איש איש וסגנונו, זכרונות זכרונות וצביונם. וכאורך או קוצר־הנשימה בהעלאת הזכרונות, — כן ההתמודדות עם החומר הנעמס על מנגנון־הזכירה. לכן אנו מונים זכרונות מקיפים וזכרונות מקוטעים. בהתאם למשקל החוויות, ההתרשמויות, יכולת־הזכירה, — אנו מוצאים זכרונות על תקופה בת 2־3 דורות, וזכרונות על פרט, על אירוע בן־יומו או על אישיות מסוימת. איש איש וראות־עינו, איש איש וזוית־ראייתו.

הואיל וכך, לגבי בעלי הזכרונות המתקשים להעלותם בכתב מכל סיבה שהיא, ובעיקר לגבי אלה מפשוטי־העם, קיימים זכרונות „המסופרים מפיהם", — בין שהם נמסרים מרצון ובין שהם נשאבים מהם על־ידי אספנים, חובבים, בני־משפחה, אפילו היסטוריונים וכל גורמים אחרים, שיש להם ענין, ציבורי או אישי, בזכרונות האלה. מבחינת עצם הדברים המסופרים, אין ערכם של זכרונות כאלה נופל מערכם של הזכרונות הנרשמים במישרים ע"י בעליהם.

בסיכומו של דבר, הפסיפס הספרותי־ממואריסטי הוא בעל משקל רב בקיום מצוות „בינו שנות דור ודור". אכן, לא כל מה שנכתב ונרשם ראוי להשתלב בפסיפס זה. ויש גם לבדוק בדוק היטב את מידת האמת שבסיפור, כדי שלא לתת לדמיון הנובע של בעלי־דמיונות לבנות מגדלים באויר ולהפריח סיפורים בעלמא. למתחקה אחרי הזכרונות ולמשתמש בהם לצרכים שונים יש להזהר מלהיתפס לבדויות של שוגים בדמיון. יש לברר את הבר מן התבן. אך אין ספק, שלמובחר ולממוין ולעומד במבחן האמת והעובדות יש ערך במידה מספיקה המצדיקה את פרסומו, שיעשיר בכך את אוצר הידע והמידע הנוגע לעברם של עם או שבט, עיר או כפר, איש או אישיות, או כל נושא ואובייקט אחר, שעליו מספר בעל הזכרונות.

כאמור, תופסת ספרות הזכרונות מקום ניכר בספרויות העמים הנאורים. במסגרת מבוא זה אין זה מתפקידי להצביע על חלקם של הזכרונות בספרות עמנו על לשונותיה, אך אינני נמנע מלהדגיש את מקומם הדל והצנוע בספרותה של יהדות מזרח־אירופה. את ספרי הזכרונות מהמאות האחרונות המתיחסים ליהודי פולין וליטא אפשר לקטלג בעמוד אחד של קטלוג בעל מידות רגילות... מ. צינברג, הסוקר רב־ההיקף של „תולדות ספרות ישראל" קבע: „ספרות הזכרונות דלה מאד גם בעברית וגם ביידיש". (כרך ד', פרק 9). אין ספרותנו בשתי השפות מצטיינת בגודש ממואריסטי, פרט לזכרונות של גליקל מהאמלן, דוב־בער מבולוכוב, שלמה מימון (באוטו־ביוגרפיה שלו), פאולינה וונגרוב ועוד כמה שמות פחות ידועים. יהודי ליטא כמעט שאינם מיוצגים בזכרונות עד מחצית המאה ה־19. רק מאמצע המאה הזו וכן במאה העשרים מופיעים ספרי־זכרונות הן מאת סופרים, אם באוטוביוגרפיות ואם בפרקי־זכרונות גרידא (כגון: שלום־עליכם, מרדכי בן הלל הכהן, ד"ר י. ל. קצנלסון, ש. ל. ציטרון, י. ד. ברקוביץ, ד"ר מוקדוני, ואחרים) והן מאת רושמי־זכרונות מהעם (כגון: יחזקאל קוטיק, ד"ר שושקס, ה. א. ינובסקי ואחרים.). נוסף לספרי הזכרונות פוזרו במאת השנים האחרונות בכתבי־עת, מאספים ועתונים, — הרבה קטעי־זכרונות המתיחסים ליהדות פולין וליטא בכלל ולקהלות מיוחדות בפרט. אך רוב הדברים האלה לא רוכזו בספרים, ובאין ציון ביבליוגרפי ומיון לפי נושאים, כמעט בלתי־אפשרי הוא השימוש היעיל בהם. (אכן חורג ממצב זה הוא פירסום דברי־זכרונות בספרי־הזכרון לקהלות אחרי השואה.).

קהלה וקהלה ומזלה, תקופה ותקופה וזכרה מבחינת העלאת הזכרונות. זכתה סלונים היהודית, שנמצאו כמה אנשי סגולה הן מילידי העיר והן מחוצה לה, שהעלו זכרונות מחיי העיר, מוסדותיה, מנהגיה, הווי־חיה ואישיה, החופפים את שלושת הדורות האחרונים, — משנות החמשים־ששים של המאה שעברה ועד השואה. אכן, מקצת מן הזכות הזאת יש לייחס לעובדה, שזכר העיר קשור בכמה מאישיה המרכזיים, כגון: רבני הקהלה ר' אייזילי חריף ור' מרדכי'לי, האדמו"ר בעל „החסד לאברהם", המגיד־מישרים שלה ר' משה־יצחק דרשן („המגיד מקלם") ואחרים, ומבין עסקניה: עוה"ד יעקובסון, שבגין השפעתם הגדולה בזמנם בהיקף יהודי־רוסי כללי שימשו מוקד להתרשמויות מבית ומחוץ, אשר מצאו הד בזכרונות בני־הדור. כמו כן היתה הישיבה בסלונים מרכז של תשומת־לב, וכריבוי בני־הישיבה מקרוב ומרחוק, כן הרבו חניכיה להזכיר אותה.

נתגלגלה זכות על־ידי כותב הטורים האלה (ואל יחשב לי לגנאי דבר העלאת זכות זו, שבה אני משתבח), — שחלק הגון מהזכרונות, פרי עטם הישיר של ילידי סלונים, זקני הדורות האלה, המתפרסמים כאן, — ביזמתי, בעידודי ובהמלצתי, נכתבו (כגון: זכרונות מנדל פרלשטיין, שהמרצתיו לכתוב בשנות העשרים ושלושים ופרסמתים ב„סלאנימער ווארט"; הישיש ר' דוד יוכבידוביץ, שכתב בשבתו בארץ את מגלת־חייו; הסופר דוד הכהן; יהושע אלוף, אליעזר קליר, מ. גינזבורג, הרב חיים־חייקל גרינברג, החזן יוסף פסובסקי ורבים אחרים) כמו־כן מספר לא־מבוטל של בני־העיר אחרים העלו את זכרונותיהם, לפי בקשתי הנמרצת, בשיחות בעל־פה באזני, הן בשבתי עוד בסלונים והן בארץ, ואותם רשמתי מפיהם בנאמנות ושמרתים עד היום הזה (כגון: דבריהם של הרב ר' שבתי יגל, ר' יוסף שרשבסקי, ר' משה וולף, פנחס זקלד, נתן קוקס, ר' אברהם־שמשון דרשן (בנו של המגיד מקלם), ישראל מרמינסקי, גב' קלרה קמנצקי־קרסנופיורקה, פרידה שפירא, וולף־מוגילנסקי ואחרים). אכן, כמה מילידי־העיר ספרו על משקע־זכרונותיהם מעיר־מולדתם, או עיר־מגוריהם מיזמתם הם (כגון: לאה קובוביצקי, נח ברוידא, שמואל זקיף־ז'וכוביצקי, אפרים סוטיצקי, ווילנטשיק, בנימין סקודיצקי, חיים אוירבוך, וכן כל אלה שפירסמו את זכרונותיהם בביולטין של יוצאי סלונים בארגנטינה, — שגם את רובם אנו מפרסמים בכרך זה.).

ואשר לזכרונות של אנשים שאינם מילידי העיר או תושביה, לקטתים ורכזתים מכל מקור שנמצא בעין. מהם פרקי־זכרונות על סלונים המצויים באוטוביוגרפיות או ספרים אחרים משלהם (כגון: ה. א. ינובסקי, מוקדוני, שושקס, ליטווין, יחזקאל קוטיק, יהל"ל, שיינפלד, א. ק. אפשטיין ואחרים) ומהם שפורסמו בכתבי־עת שונים.

חטיבה מיוחדת בפני עצמה הם הזכרונות של מנדל פרלשטיין, איש־סלונים שנולד בהתחלת שנות הששים ושזכרונותיו חופפים כששים שנות מגורים בעיר (עד אשר

עבר לגור בביאליסטוק ב־1925). יאמר כאן עליו, שהוא ידע לספר ברעננות ובזכרון טוב על הווי, מנהגים, רקע ואוירה של תהפוכות הזמנים בעיר במשך כשלשה דורות. זכרונותיהם וחוויותיהם של לאה קובוביצקי, יחזקאל קוטיק, קלרה קמנצקי, משה וולך (בחלקם), נח ברוידא, מוקדוני ואחרים — חופפים גם הם את מחצית המאה ה־19, ואילו הפרקים של זקיף, שושקס, ינובסקי, גינזבורג, ליטווין, דרור, אלוף, מ. ספיר, ד. כהן, קליר, גב' שפירא ומוגילנסקי, משה ליכטנשטיין, ואחרים, — משקפים את תחילת המאה העשרים עד פרוץ המלחמה ב־1914, כשכמה מיריעותיהם נגולות סביב מאורעות השנים 1904—1906 וסביב הדמות המופלאה של ר' מרדכי'לי. תקופת הבינים של 1914—1920, עד להתבססותו של השלטון הפולני, באה לידי ביטוי בכרוניקות וזכרונות של ינובסקי, פרלשטיין, ק. ליכטנשטיין, סקודיצקי, חיים אוירבוך ואחרים.

מתוך כוונה לתת לקורא תמונה רב־גוונית, מקיפה אך הדרגתית של חיי העיר בהתפתחותם מעשור־שנים למשנהו, חלקנו את מדור־הזכרונות לתת־מדורים המקיפים את חטיבות הזמנים: מחצית המאה התשע־עשרה (ובתוכה: קבוצות השנים 1860—1880, 1880—1900), התחלת המאה העשרים 1901—1914, ותקופת־הבינים 1914—1920. הואיל ובזכרונות קשה לעתים להתגדר בין גבולות־זמן מדויקים, יש כמובן סטיות בלתי־נמנעות מעבר לזמן המוגדר. כשבעל־זכרונות הקיף בזכרונותיו תקופה ארוכה יותר, כמו מ. פרלשטין, הפרדנו אותם לפרקי־הזמן לפי הקבוצות המסומנות לעיל.

בעצם, שלבנו את מדור הזכרונות במדור שני והוא: מדור הכתבות (קורספונדנציות) מסלונים שהופיעו בעתונות העברית. להלן, לפני התחלתן בכרך זה אנו סוקרים במבוא מיוחד את ערכן של אלה בהיסטוריוגרפיה של הקהלות בכלל ושל קהלת סלונים בפרט. את הכתבות יש לראות כחומר תיעודי המצטרף לאוצר־הזכרונות של דורות אלה, ושני סוגי הדברים כאילו משלימים בתכנם אחד את השני. לכן הבאנו את שניהם משולבים יחד כחטיבה אחת, כשזכרונות מפרק־זמן מסוים מקדימים את הכתבות מאותו פרק־הזמן. יתר־על־כן, מה שמחסיר לעתים בעל־הזכרונות אנו מוצאים בכתבה המתיחסת לאותו זמן, ומה שנעדר אצל הקורספונדנט, כלומר הרקע והאוירה של אותם ימים, מביא דווקא בהרחבה רושם הזכרונות.

---

הנה כי כן מנצח מדור־הזכרונות על מקהלה השרה בקולות שונים על יסוד נעימה בסיסית אחת והיא: סלונים. כשהמונוגרפיה הכוללת על תולדות הקהלה (ב„פנקס־סלונים", כרך א') היתה בבחינת שיח־יחיד, הרי באה להשלים אותו בכרך השלישי שיחת־רבים, משופעת הטעמות וגדושת הדגשות, כיאות לציבור שהוא אחיד במטרתו, והיא הנצחת זכר סלונים, — אך מורכב מיחידים בעלי קולות ובנות קולות שונים.

אם כי יתכן שאי־איזה זכרונות מהתקופה הנידונה שבכרך, כלומר מהשנים 1850—1920, נעלמו מעינינו, — איננו נמנעים מלהגיד בסיפוק, כי מיצינו את כל מה שהיה קיים ומצוי באשר לזכרונות הן בכתובים והן בדפוס.

יחד עם זה הולך וקורם „פנקס־סלונים" עור וגידים, כפי שתכננתיו כשהעיר עוד ישבה על תלה, וכפי שהמשכתיו לראותו באותה המתכונת עוד ביתר־עקביות אחרי חורבן הקהלה, מתוך רצון עז לקיים את זכרו בתודעת הדורות הבאים.

# געשיכטע און זכרונות

## אריינפיר

פון

**קלמן ליכטענשטיין**

ס'איז פאראן א שפראך־אויסדרוק, וועלכער איז אנגענומען אין דער טערמינאלאגיע פון געשיכטע־וויסנשאפט: „די קליינע היסטאריע". עס קומט אויס, אזוי ווי ביי דער זייט פון דער פרעטענציעז־וויסנשאפטלעכער „גרויסער היסטאריע" שלעפט זיך נאך א מינדערווערטיקערע „קליינע היסטאריע". פארשטייט זיך, אז אין אזא סברה שטעקט א טעות. דער אויסדרוק „קליינע היסטאריע" מיינט די „קלייניקייטן" פון דער געשיכטע, זייטיקע פאסירונגען אין ראנד פון די גרויסע געשעענישן, פערזענלעכע איבערלעבונגען וועלכע שווימען ארויס ווי שוים אויפן וואסער נאך די שטורמיש צייט־כוואליעס. פאר אט די אלע זאכן איז ניטא קיין ארט אין היסטאריקער'ס זעהונג און אין דער ארומפאסנדער געשיכטלעכער באהאנדלונג.

אין דער וועלט־ליטעראטור ווערט צוגעשריבן דער „קליינער היסטאריע" א צווייט־ראנגיקע אבער באזונדערע וויכטיקייט מיט דעם, וואס נישט־קוקנדיק אויף איר עצם שטיין מחוץ פון „געשיכטע־שרייבונג", קען זי דערגענצן די „גרויסע געשיכטע", ווייל זי באלויכט, מיט א צוגאָב־ליכט און פון א צוגאבליכן קוק־ווינקל, געשעענישן און אנטוויקלונגען, פּאַלן און געגנ, סיבות און אומשטענדן. מאנכמאל איז זי אויך מסוגל,

ווי א בייזאַך און אַן כוונה, — און אפילו מער ווי די פּאָרשנדע געשיכטע, — צו אנטפּלעקן אומבאַקאַנטע יסודות פון געשיכטלעכע אויפטרייסלונגען און אויסקריסטאַליזירונגען.

עס טרעפט, אז אין א דערציילונג וועגן עפּעס אַ זייטיקע פּאַסירונג, אדער אין א געמיטלעכן געשפּרעך אדער אנעקדאָט, — שטעלט זי אָן, איבערראַשנדיק, אַ פּראָזשעקטאָר אויף געוויסע אונפאַרויסגעזעענע געביטן. אבער נאָך מער ווערט די „קליינע געשיכטע" אָפּגעשעצט א דאַנק אירע באַשרייבונגען פון גייסטיקע און פיזישע צושטאַנדן, פון מנהגים און לעבנס־שטייגער, — אַזעלכע זאַכן וועלכע מען געפינט בדרך־כלל זעלטן אין אָנגענומענעם היסטאָרישן אַנאַליז. אין קעגנזאַץ צום געשיכטלעכן ברייט־האָריזאָנטיקן טראַקטאַט ווערט זי ניט געשריבן לויט אַ וויסנשאַפטלעכן מאַסשטאַב און אין לאַנג־פאַרמעסטענע שאַפונגען, נאָר אין אַן'אָפּגעהאַקטענער פאָרם, אין נישט־פּרעטענציעזע ערציילונג־פראַגמענטן, אין זאַמלונגען פון קוריאָזן און ווילנדע געשיכטעס, — און איבערהויפּט אין ווערק פון זכרונות.

פון שטאַנדפּונקט פון אָרט און צייט, שטייט דער היסטאָריקער ווייט פון דער אַרענע און פון די תקופות פון זיין הויפּט־טעמע, און אַט די ווייטקייט איז אים אומבאַדינגט נייטיק, כדי צו באַקומען די טיפע פּערספּעקטיווע וואָס פאַרלאַנגט זיך כדי צו וועבן אַט דעם אידעלן געוועב, אין וועלכן עס ווערן מיט גרויס קונסט אַריינגעשטריקט די אַלע פעדים וועלכע פירן צום פולן געשיכטלעכן בילד. אבער דער שרייבער פון דער „קליינער געשיכטע" איז אין אַלגעמיין דער עדות, אין זען און אין הערן, פון אַט די אַלע זאַכן וועלכע ער ברענגט אַרויף. אָפטמאָל איז ער אַליין איר „שעפער" און איר פאַרצייכנער. אַלע זכרונות־שרייבער, מחברים פון אויטאָביאָגראַפיעס און טאָגביכער, וועלכע וויקלען פאַנאַנדער זייערע לעבנס־מגילות, — זיי זיינען דאָס די עדות אין זען און אין הערן. די פּרטים און זאַכן וואָס זיי אַנטפּלעקן ווערן דאָס, אומדירעקט און אָן א פאָרויסיקער כוונה, צוניץ־קומען דעם צוקונפטיקן היסטאָריקער, וועלכער וועט קומען אין אַ דור אדער עטלעכע דורות נאָך זיי. זיי העלפן עס אים אומבאַוווּסטזיניק צונויפקלייבן נאָך צוגאָב־ציגל, כדי צו פאַרענדיקן זיין בנין, וועלכער איז געפּלאַנט לויט זיינע געשיכטע־קריטעריום'ס.

די אייגנשאַפט פון „געדיינקען" באַשטימט דעם אָרט וואָס די געשריבענע געשיכטע פאַרנעמט אין דער מענטשלעכער קולטור. „זכור ימות עולם, בינו שנות דור ודור" — דאָס איז די גאָר־ערשטע מצווה פון „געדיינקען". נאָר אַזוי ווי דאָס געדיינקען קען זיין טיף, אַזוי אָפט קען זיין די פאַרגעסנהייט, ווייל זיי בײדע זיינען מענטשלעכע אייגנשאַפטן. ווען נישט די פאַרגעסנהייט, וואָלט ניט געווען נויטווענדיק דער פאַרזאָג פון „געדיינקען". אבער כדי צו קעגנשטיין דער פאַרגעסנהייט דאַרף מען אָנרעגן די זיידעס און עלטערן צו דערציילן. ווייל ניט נאָר עס איז פאַראַן פאַרגעסנהייט און אַ ווילן צו פאַרגעסן, נאָר ס'מאַכט זיך אויך אַז די קינדער געדיינקען נישט, ווייל זיי ווייסן נישט און במילא האָבן זיי ניט וואָס צו פאַרגעסן...

זכרונות זיינען פאַרשידנאַרטיק. מען קען דאָך ניט פאַרגלייכן זכרונות פון מענטשן וועלכע זיינען באַשאַנקען מיט א שיין־גייסט און א פעיִקייט צו זען, פאַרשטיין און פאַרצייכענען, — מיט זכרונות פון פּשוטע מענטשן, מענטשן פון פאָלק. דאָס זכרונות־שרייבן איז הויפּטזעכלעך סוביעקטיוו, אבער אין אַט דער סוביעקטיוויטעט שטעקט טאַקע זייער באַדייטונג, חן און וואָגיקייט. פּונקט אַזוי ווי די מעמואַרן־ליטעראַטור איז וויכטיק מיט אירע דערציילונגען וועגן מענטשן און פּאַסירונגען און אַלע אַנדערע קאָמפּאָנענטן, וועלכע העלפן צו רעקאָנסטרואירן דעם הינטערגרונט פון אַ תקופה, — פּונקט אַזוי איז גרויס איר אַנטייל אין דער שילדערונג פון שטייגער, אַטמאָספער, ריח און ניואַנס און אַלע אַנדערע קריטעכצער און בשמים וואָס בילדן אין זייער צוזאַמענשטעלונג דאָס וואָס ס'ווערט אָנגערופן אין אַלע שפּראַכן: לאָקאַלער קאָלאָריט (couleur locale). צוליב דעם שטייט טאַקע די מעמואַרן־ליטעראַטור גאָר נאָענט, — אויב ניט אינערהאַלב, — דער בעלעטריסטישער, דערציילישער ליטעראַטור. און צוליב דעם צוגייט זי זיך פון דער געשיכטע־שרייבונג אין זין פון אינערלעכן ריטם, פון טעמפּעראַמענט און סטיל פון שרייבער אדער פאַרצייכנער. דער חן פון בעל־הזכרונות רוט אויף זיינע נאָטיצן. דער היסטאָריקער האַלט־איין און פילטרירט זיין שרייבן און סטיל, ווי ס'פּאַסט פאַר א וויסנשאַפטלעכן טראַקטאַט. זיין סטיל איז אדער סינטעטיש־וויסנשאַפטלעך אדער פּובליציסטיש, — אַלץ לויט זיין היסטאָרישער אויפפאַסונג, — וואָס ס'איז ניט דער פאַל בנוגע די בעלי־זכרונות. קעגנאיבער דער ערנסטקייט און סטיליסטישער „טרוקנקייט" פון וויסנשאַפטלער־פאָרשער, — קען געמאָלט זיין א זכרונות־שרייבער וואָס שפּריצט מיט לייכטקייט, מאַלערישקייט, „פּייכטקייט" און אפילו הומאָר, — אַלץ לויטן פּערזענלעכן ניוואָ, מצב־רוח און טעמפּעראַמענט. יעדער מענטש מיט זיין סטיל און יעדע זכרונות מיט זייער באַאַרבונג. לויט דעם לאַנגן אדער קורצן אָטעם ביים אַרויפברענגען די זכרונות, — אַזוי איז אויך די פאַרמעסטונג מיטן באַלאַסט, מיט וועלכן דער אַפּאַראַט פון „דערמאָנען זיך" איז אָנגעלאָדן. און לויט דעם זיינען פאַראַן אַרומפאַסנדע זכרונות און פראַגמענטאַריקע זכרונות. געמעסיק דער געוויכט פון איבערלעבונגען און איינדרוקן און דער מדרגה פון קענען זיך דערמאָנען, — זיינען פאַראַן זכרונות וואָס נעמען אַרום 2—3 דורות. און זכרונות וועגן א פּרט, אַ טאָג־פּאַסירונג אדער א פּערזאָן.

ס'זיינען אויך פאַראַן בעלי־זכרונות וועלכע האָבן שוועריקייטן, צוליב וועלכע ס'איז סיבה, ביים אַרויפברענגען זיי שריפטלעך. זייערע זכרונות ווערן אָפטמאָל דערציילט פון זיי און ווערן פאַרנאָטירט דורך זאַמלער, ליבהאָבער, פאַמיליע־מענטשן אדער אפילו היסטאָריקער און אַלע אַנדערע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן אַנ'עפנטלעכן אדער פּערזענלעכן אינטערעס אין זייערע זכרונות. פון שטאַנדפּונקט פון די דערציילטע זאַכן, שטייען ניט אָפּ אַט די זכרונות פון די וועלכע זיינען דירעקט פאַרצייכנט געוואָרן דורך זייערע מחברים.

אין אַלגעמיין איז, אַלזאָ, די מעמואַרן־ליטעראַטור זייער וואָגיק אין אויספירן דעם פאַרזאָג פון „בינו שנות דור ודור" („פאַרשטייט גוט יעדן דור"). אמת, ניט אַלץ וואָס ס'איז אָנגעשריבן און פאַרצייכנט געוואָרן איז ראוי אַריינגעשטעלט צו ווערן אין דער מאָזאַייק פון ערינערונגען און רעמיניסצענצן, און מען דאַרף אויך גוט נאָכקאָנטראָלירן די אוי־

טענטישקייט פון דער דערציילונג, כדי ניט דערלאָזן די פליסנדע פאַנטאַזיע פון בעלי־דמיונות צו בויען שלעסער אין דער לופטן און אַרויסלאָזן נישט־געשטויגענע נישט־געפלוי־גענע מעשיות. ביים באַנוצן זיך מיט די זכרונות צו פאַר־שיידענע צוועקן, און איבערהויפּט ביי געשיכטע־שרייבן, דאַרף מען זיין זייער פאָרזיכטיק כדי ניט אַריינגעצויגן ווערן אין אַ נעץ פון אומפּינקטלעכקייטן און גרייזן. אָבער עס אונטער־ליגט ניט קיין ספק, אַז דאָס אויסגעקליבענע, סאָרטירטע און געפּרובטע אין אַנ׳אמת־און פאַקטן־פּראָבע האָט אַ באַרעכ־טיקונג צו פאַרעפנטליכונג, כדי דאַמיט צו באַרייכערן דעם קאָמפּלעקט פון וויסן און אינפאָרמאַציע וואָס ס׳איז נוגע אַ פאָלק אָדער אַ שבט, אַ שטאָט אָדער אַ ישוב, אַ פּערזאָן אָדער אַ פּערזענלעכקייט, אָדער יעדער אַנדער טעמע און אָביעקט, וועגן וואָס עס דערציילט דער בעל־זכרונות.

ווי געזאָגט, האָבן די מעמואַרן אַ וויכטיקן באַדייט אין די ליטעראַטורן פון קולטור־פעלקער. ס׳איז ניט דער פּלאַץ,— אין די ראַמען פון אַט דעם אַריינפיר, — אַנצווייזן אויף׳ן אַרט, וואָס זכרונות פאַרנעמען אין דער פיל־שפּראַכיקער ליטעראַטור פון אונדזער פאָלק, נאָר מען דאַרף אונטער־שטרייכן זייער אָרעמע און כמעט ניט־קענטיקע געוויכט, וואָס זיי האָבן בנוגע דער ליטעראַטור פון מזרח־אייראָפּעישן יידנ־טום. די זכרונות־ביכער פון די לעצטע יאָרהונדערטער וואָס באַציהען זיך צו פּויליש־ליטווישע יידן קען מען קאַטאַלאָ־גיזירן אויף איין זייט אין אַ קאַטאַלאָג פון געוויינלעכן פאָר־מאַט... מ. צינבערג, דער מחבר פון אומפאַסנדן ווערק: „גע־שיכטע פון ליטעראַטור ביי יידן" שטעלט פעסט: „די מעמו־אַרן־ליטעראַטור איז זייער אָרעם הן אין עברית און הן אין יידיש" (באַנד 4, קאַפּיטל 9). אַחוץ די זכרונות פון גליקל פון האַמעלן, דוב־בער פון באָלאָכאָוו, שלמה מימון (אין זיין אויטאָביאָגראַפיע), פּאָלינע ווענגעראָוו און אייניקע ווייני־קער־באַקאַנטע נעמען, — צייכנט זיך ניט אויס אונדזער צווײ־שפּראַכיקע ליטעראַטור מיט מעמואַריסטישע ווערק. ליטווי־שע יידן זיינען כמעט ניט בנמצא אין זכרונות וואָס דערגרייכן ביזן העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. נאָר אָנהייבנדיק פון מיטן 19־טן און אין 20־טן יאָרהונדערט עראַשיינען זכרונות־ביכער סיי פון שרייבער, אין אויטאָביאָגראַפיעס אָדער סתם־זכרונות (ווי שלום־עליכם, מרדכי בן הלל הכהן, דר. י. ל. קאַצענעלסאָן, ש. ל. ציטראָן, י. ד. בערקאָוויטש, דר. מוקדוני און אַנדערע) און סיי פון מעמואַריסטן פון פאָלק (ווי יחזקאל קאָטיק, דר. ח. שאַשקעס, ה. א. יאַנאָווסקי און אַנדערע). אויסער די זכרונות־ביכער זיינען פאַר די לעצטע 100 יאָר פאַרעפנטליכט געוואָרן אין צייטשריפטן, זאַמלביכער און צייטונגען — פיל זכרונות־פראַגמענטן וואָס באַציהען זיך צום פּויליש־ליטווישן יידנטום בכלל און צו באַזונדערע קהלות בפרט. זייער גרעסטער טייל איז ניט צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין ביכער, און אָן אַ ביבליאָגראַפישע פאַראַנטאַרירונג לויט טעמען איז כמעט אוממעגלעך צו געניסן פון זיי אויף אַ ריכ־טיקן אופן (אמת, אַנ׳אויסנאַם בילדן די זכרונות וואָס זיינען פאַרעפנטליכט געוואָרן נאָכן אומקום אין די געדיינק־ביכער פון די קהלות).

אין באַצוג צו זכרונות האָט יעדע קהלה איר מזל. דאָס יידישע סלאָנים האָט זוכה געווען, אַז ס׳האָבן זיך געפונען סיי געבאָרענע אין דער שטאָט און סיי פון דרויסן וואָס האָבן אין זכרונות געדעקט די לעצטע 3 דורות, אָנהייבנדיק פון די 50־ער יאָרן פון פאָרגאַנגענעם יאָרהונדערט און ביזן אומ־קום. אמת, אַ טייל פון אַט דעם זכות דאַרף מען צושרייבן צום פאַקט, וואָס דער נאָמען פון שטאָט איז פאַרבונדן מיט אייניקע פון אירע צענטראַלע פּערזענלעכקייטן. ווי די רבנים ר׳ אייזעלע חריף און ר׳ מרדכי׳לע, דער ערשטער חסידישער רבי ר׳ אברהם, דער שטאָט־מגיד ר׳ משה־יצחק דרשן („דער קעלמער מגיד") און אַנדערע, — און פון אירע עסקנים: אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן, וועלכע, — אַ דאַנק דעם גרויסן איינ־פלוס וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייער צייט אין אַנ׳אַל־רוסיש־יידישן פאַרנעם, — האָבן געדינט אַלס פאַראינטערעסירונג־אָביעקט פאַר נאָענט און ווייט, וואָס האָט אויך געפונען אָנ־אָפּקלאַנג אין די זכרונות פון יענעם דור. אויך איז די סלאָ־נימער ישיבה געווען אַ צענטער פון אויפמערקזאַמקייט, און די געוועזענע ישיבה־בחורים האָבן איר פיל דערמאָנט.

דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט דעם זכות (און זאָל מיר ניט פאַררעכנט ווערן צו קיין גנאי, וואָס איך דערמאָן דאָס), אַז אַ גאַנץ־גרויסער טייל פון די זכרונות פון סלאָנימער לאַנדסלייט, זקנים פון די לעצטע פּאָר דורות, זיינען געשריבן געוואָרן אויף זיין איניציאַטיוו און ערמוטיקונג (צום ביישפּיל: די זכרונות פון מענדל פּערלשטיין וואָס איך האָב אים אָנ־גערעגט צו שרייבן אין די 20־30־ער יאָרן און כ׳האָב זיי פאַרעפנטליכט אין „סלאָנימער וואָרט"; דער אַלטיטשקער ר׳ דוד יאַכוועדאָוויטש וואָס האָט געשריבן זיין אויטאָביאָגראַ־פיע שוין זייענדיק אין לאַנד; דער חסידות־דערציילער דוד כהן, יהושע אלוף, אליעזר קאַליר, מ. גינזבורג, ר׳ חיים־חייקל גרינבערג, ר׳ יוסף פּאַסאָווסקי און אַנדערע). אַ נישט־קליינע צאָל פון אַנדערע סלאָנימער האָבן, לויט מיין ניט־נאָכלאָזנ־דיקע ביטע, מיר דערציילט זייערע זכרונות, — אייניקע פון זיי נאָך אין סלאָנים און אַנדערע אין א״י, — און איך האָב זיי פאַרצייכנט אין פּולן און איינגעהיט ביז היינט. (ווי הרב ר׳ שבתי יגל, ר׳ יוסף שערעשעווסקי, ר׳ משה וואַלאַך, פּנחס זאַקלאַד, נתן קוקס, ר׳ אברהם־שמשון דרשן, (דער זון פון קעלמער מגיד), קלאַראַ קאַמענעצקי־קראַסנאָפּיורקאַ, פרידאַ שאַפּיראַ, וואַלאַך־מאַגילאַנסקי, ישראל מערעמינסקי און אַנ־דערע). אמת, אייניקע סלאָנימער האָבן דערציילט וועגן זייער געבורטס־שטאָט פון אייגענער איניציאַטיוו (ווי: לאה קובאָוויצקי, נח ברוידע, שמואל זקיף־זשוכאָוויצקי, אפרים סוועטיצקי, ווילענטשיק, בנימין סקודיצקי, חיים אָווערבוך און אויך די אַלע וועלכע האָבן געשריבן זכרונות אין ביולע־טין פון סלאָנימער לאַנדסלייט אין אַרגענטינאַ, — וואָס אַ טייל פון זיי פאַרעפנטליכן מיר אין דעם באַנד).

וואָס אָנבעלאַנגט זכרונות פון ניט־סלאָנימער, האָב איך זיי אויפגעקליבן און קאָנצענטרירט פון אַלע מעגלעכע מקו־רות. צווישן זיי זיינען דאָ קאַפּיטלען וועגן סלאָנים, וואָס זיינען אויסצוגן פון אויטאָביאָגראַפיעס אָדער אַנדערע ביכער (ווי ה. א. יאַנאָווסקי, מוקדוני, שאַשקעס, ליטווין, קאָטיק, יהל״ל, שיינפעלד, א. ק. עפּשטיין און אַנדערע), — און אויך אַזעלכע וואָס זיינען געדרוקט אין זשורנאַלן און צייטונגען.

פון אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס זיינען די זכרונות פון מענדל פּערלשטיין, אַ סלאָנימער וועלכער איז געבוירן אין

אנהייב פון די 60־ער יארן און וועמנס זכרונות דעקן א לעבן־לאנג פון 60 יאר אין שטאט (ביז וואנען ער איז אריבער אין 1925 אין ביאליסטאק). ער האט געוווסט צו דערציילן מיט א זעלטענער פרישקייט און גוטן זכרון וועגן די צייט־אומוואנדלונגען אין שטאט במשך פון קארגע 3 דורות. די ערינערונגען פון לאה קובאוויצקי, יחזקאל קאטיק, קלארא קאמענעצקי, משה וואלאך (טיילוויז), נח ברוידא, מוקדוני א. אנד. — דעקן אויך די צווייטע העלפט פון 19־טן יארהונדערט. די קאפּיטלען פון זקיף, שאשקעס, יאנאווסקי, גינזבורג, ליטווין, דרור, אלוף, מ. ספיר, ד. כהן, קאליר, פרויען שאפּירא און מאגילאנסקי, משה ליכטענשטיין און אנדערע, — שפּיגלען־אָפּ דעם אנהייב 20־טן יארהונדערט ביז׳ן מלחמה־אויסברוך אין 1914. אייניקע פון זיי זיינען נוגע די געשעענישן פון די יארן 1904—1906 און אנדערע דערציילן וועגן דער וווּנדערבארער געשטאלט פון ר׳ מרדכי׳לען. די צווישן־צייט פון די יארן 1914—1920 ביז דער באגרינדונג פון דער פּוילישער מאכט, קומט צום אויסדרוק אין די כראניקעס און זכרונות פון יאנאווסקי, פּערלשטיין, ק. ליכטענשטיין, סוועטיצקי, סקודיצקי, חיים אווערבוך און אנדערע.

כדי צו געבן דעם לייענער א פיל־זייטיקע, ארומנעמנדע אבער עטאפּנווייזע בילד פון קהלה־לעבן פון איין יארצענדליק צום צווייטן, האבן מיר צוטיילט די זכרונות לויט צייט־אפשניטן: דעם האלבן 19־טן יארהונדערט (און אין אים: די יארן־גרופּן 1860—1880, 1880—1900), די יארן 1901—1914, און די צווישן־צייט 1914—1920. אזוי ווי אין זכרונות איז אפט שווער זיך איינצוימען צווישן גענויע צייט־באַריערן, — זיינען פאראן אומפארמיידלעכע איבערשרייטונגען איבער דעם באשטימטן צייט־אפשניט. ווען א מעמואריסט נעמט ארום א לענגערן פּעריאד, ווי מ. פּערלשטיין, האבן מיר זיינע זכרונות פארטיילט לויט די אויבנאנגעוויזענע צייט־קאפּיטלען.

אייגנטלעך האבן מיר די זכרונות־אפּטיילונג צונויפגעפלאָכטן מיט א צווייטער אפּטיילונג, וואס ס׳איז: די קארעספּאנדענציעס פון סלאנים וועלכע זיינען ערשינען אין דער העברעאישער פּרעסע. פארן אנהויב פון דער אפּטיילונג אין די ווייטערדיקע זייטן פון באנד, גיבן מיר אין א באזונדערן אריינפיר אנ׳איבערזיכט וועגן דער באדייטונג פון די קארעספּאנדענציעס פאר דער היסטאריאגראפּיע פון דער קהלה. מען קען זיי באטראכטן ווי א דאקומענטארן מאטעריאל וועלכער באהעפטעט זיך צו די זכרונות פון דיזעלבע דורות, און די ביידע זשאנער־גרופּן דערגענצן אין אינהאלט איינע די צווייטע. דעריבער ברענגען מיר זיי דא ווי אנ׳איינהייט, אין וועלכער די זכרונות קומען פאַר די קארעספּאנדענציעס פון יעדן צייט־אפּשניט. נאך־מער, דאס וואס דער מעמואריסט פארפעלט געפינען מיר אפט אין אנ׳ענטשפּרעכנדער קארעספּאנדענץ, און וואס ס׳פעלט מערסטנטייל ביים קארעספּאנדענט, ד. ה. דער הינטערגרונט פון פּאסירונגען, ברענגט אפט בהרחבה דער בעל־הזכרונות.

---

די זכרונות־אפּטיילונג דיריגירט, אזוי צו זאגן, איבער א פילשטימיקן כאָר, וואס זינגט ווואריאציעס אויף איין לייט־מאטיוו: סלאנים. בעת די אומפּאסנדע מאנאגראפּיע וועגן דער געשיכטע פון דער קהלה (אין „פּנקס־סלאנים", ערשטער באנד) איז א מין מאנאלאג, זיינען די זכרונות אַ געשפּרעך־זאמלונג פון מערערע, פול מיט פארשיידענע ניואנסירונגען און באפארבונגען, ווי ס׳פּאַסט פאר א ציבור וואס איז אייניק אין זיין ציל: די פאראייביקונג פון זכר סלאנים, — נאר וועלכער באשטייט פון יחידים מיט פארשיידענע טענער.

הגם ס׳איז מעגלעך, אז געוויסע זכרונות פון דער באטרעפנדער תקופה אין באנד, ד. ה. פון די יארן 1850—1920 זיינען צו אונדז ניט דערגאנגען, — דאך באטאנען מיר, אז מיר האבן דערגרייכט אלץ וואס ס׳איז געווען צו געפינען אין שריפט און אין דרוק.

גלייכצייטיק שטעל איך פעסט מיט באפרידיקונג, אז דער „פּנקס־סלאנים" ווערט בהדרגה׳דיק פארווירקלעכט, אזוי ווי כ׳האב אים געפּלאַנט זייענדיק נאך אין סלאנים, און אזוי ווי כ׳האב אים מיט נאך מערער אויסגעהאלטנקייט פארגעזעצט צו פּראיעקטירן אין זעלבן פאַרנעם אויך נאכן חורבן פון דער קהלה, זייענדיק דורכגענומען מיטן פעסטן דראנג אויפצוהאלטן איר פולן און לעבעדיקן זכרון אין באוווסטזיין פון די קומענדיקע דורות.

# זכרונות מהמאה התשע־עשרה
# זכרונות פון ניינצנטן יארהונדערט

מענדל פערלשטיין

## זעכציק יאר אין סלאנים

### ערשטער טייל

### במקום א הקדמה

איך געדיינק נאך סלאנים זייער גוט ווי ס'האט אויסגעזען אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יארהונדערט, איבער־הויפט אנהייבנדיק פון די 60־ער יארן.

די רעדאקציע פון „סלאנימער ווארט" האט מיר געבעטן צו שרייבן פאר דער צייטונג זכרונות פון די אמאליקע יארן אין סלאנים. איך מאך דאס זייער גערן. איך פיר דאָס אויס ניט אין א גערעגלטער כראנאלאגישער דערציילונג, נאר אין פארם פון איינצלנע פראגמענטן, וו כ'ברייננג ארויף גע־שטאלטן, עפיזאדן, פערזענליכקייטן און פאסירונגען פון סלא־נימער לעבן במשך פון 60 יאר (1860—1920).

איך האף, אז מיין זכרון פארראט מיר ניט...

איינע פון די אונדאנקבארסטע טעמעס פאר א צייטונג איז זכרונות. ביי יעדער אנדערער טעמע קען דער שרייבער זיך וואס ערלויבן, ד. ה. ער קען אביסל פאנטאזירן, פון פינ־גער אויסזויגן, און גיי רוף אים קנאקניסל!... די קענסט זיין ארטיקל קריטיקירן, ניט זיין איינשטימיק מיט אים, — אבער דו קענסט אים אין קיין פאל ניט אנרופן „ליגנער". גאנץ אנדערש איז אבער מיט זכרונות. פרווו נאר אביסעלע צו־שווינדלען, צו עטוואס מגזים זיין פון די געשעענע פאקטן, — ווי דו וועסט הערן פון אלע זייטן: „ר' מענדל, האקט נישט קיין טשייניק! דאס אדער יענץ שטימט ניט מיטן אמת..." —

האב איך טאקע מיך באמיט און באמי מיך כסדר צו שרייבן נאר וועגן אזעלכע פאסירונגען און מענשן, וועלכע כ'געדיינק אמבעסטן.

א גרויסע באפרידיגונג איז פאר מיר געווען, ווען כ'האב פעסטגעשטעלט, ווי ווייט מיינע זכרונות האבן זיך „אנגענו־מען" אין סלאנים און ווי גערן מען האט זיי געלעזן אין „סלאנימער ווארט" אין אלע שיכטן פון דער באפעלקערונג.

אלס באוויז דאצו קען דינען דער פאלגנדער פאקט:

במשך פון אלע יארן, ווען כ'בין געווען א סלאנימער תושב (ביז די אנהייב 20־ער), האב איך גענאסן אין מיין געבורטסשטאט, אדאנק מיין געזעלשאפטלעכער טעטיקייט, פון א געוויסער פאפולאריטעט. איך האב אין סלאנים אין פארשיידענע תקופות גענומען אנטייל אין פיל געזעלשאפטן, געגרינדעט שולעס, געגאנגען אין שתדלנות צו הויכגעשטעלטע פערזאנען הן ביי דער רוסישער מאכט און הן ביי די דייטשן אין דער אקופאציע־צייט אין די יארן 1915—1916. און כ'האב מיר, אזוי צו זאגן, איינגעקויפט אביסל „אונשטערבלעכקייט" ביי מיינע לאנדסלייט...

אבער זינט כ'האב מיך באזעצט אין ביאליסטאק, האבן די סלאנימער יידן מיר אנגעהייבן צו פארגעסן. ביי איינע פון מיינע באזוכן אין סלאנים, האבן מיר גאנץ ווייניק מענשן דערקענט (ויקם דור חדש...), און מען האט זיך מיט מיר ווייניק אינטערעסירט... איינער אנ'אלטער באקאנטער פון זאמאשטשע האט זיך מיט מיר אפילו יע דערפרייט און אפגעגעבן א ווארעמען שלום־עליכם, אבער אויך דער האט זיך באלד אנטשולדיקט, אז ער קען מיט מיר ניט ריידן, מחמת זיינע ציגן זיינען שוין געוויס געקומען פון פאשע, און ער דארף העלפן זיין ווייב זיי מעלקן...

---

באמערקונג פון רעדאקציע:

די זכרונות פון פערלשטיין זיינען געווען געדרוקט אין המשכים אין „סלאנימער ווארט", און מיר ברייגגען זיי אין אנ'עטוואס געקירצטער פארם. נעמנדיק אין אכט, אז די זכ־רונות זיינען פארעפנטליכט געווארן נאך אין סלאנים גופא, טראגן זיי אפטמאל דעם כאראקטער פון א נאך־פליסנדער ווירקלעכקייט פון אנ'עקזיסטירנדיקער וועלט. כדי ניט צו פארמינדערן פון דער אויטענטישקייט פון די זכרונות, האבן מיר זיי געלאזן אומפארענדערט און ס'זיינען רעדאגירט גע־ווארן נאר די שפראך און סטיל פון מחבר.

גאנץ אנדערש איז אבער געווארן, ווען כ׳האב אנגעהייבן שיקן מיינע זכרונות און „סלאנימער ווארט״.

נאכן פארעפנטלעכן א פאר צענדליק קאפיטלען, האב איך ווידער באזוכט מיין געבורטס־שטאט, פונוואנען כ׳האב זיי געשריבן. קינד און קייט האבן אויף מיר געטייטלט מיט די פינגער, און פארערער און גוטע פריינט האבן מיר ארומ־גערינגלט פון אלע זייטן און געדריקט מיר די האנט: „פאניע פערלשטיין, איך דאנק אייך פאר אייערע זכרונות, וועלכע פארשאפן מיר פארגעניגן״; אדער: „ר׳ מענדל, אדאנק פאר׳ן עונג־שבת נאכ׳ן טשאלנט״...

בקצור, מיין נאמען איז געווארן בארימט פון זאמאשטשע ביז די „רעסקעס״, און פון ריבאבצקע ביז עק סקראבעוועץ, אחוץ ארץ־ישראל, אמעריקע און אלע אנדערע לענדער וווהין עס שפארט אן דער „סלאנימער ווארט״...

פארשטייט איר דאך שוין, אז נאך אזא קבלת־פנים האב איך געקראגן נאך מערער חשק צו פארזעצן מיינע זכרונות...

זכרונות זיינען אבער באשרענקט, זיי נעמען זיך אויס. דאס איז ניט קיין קוואלנדער ברונעם, ווו נאכן אויסשעפן קומט צו פריש וואסער.

האב איך מיך אזוי ווייטער געשעפט צוביסלעכווייז. און דער וואס לעבט אייביק פארלאזט מיר ניט און פרישט כסדר אפ מיין זכרון.

און אט אזוי־ארום האב איך דאס באררייכערט די סלא־נימער יידישע געשיכטע מיט אנ׳אינטערעסאנטן זכרונות־

## סלאנים אין די 60־ער און 70־ער יארן

נאך גארניט אזוי לאנג צוריק, האט דאס אינערלעכע און אויסערלעכע לעבן פון די יידן אין אונזער שטאט געטראגן א גאנץ פאטריארכאל־רעליגיעזן כאראקטער. די מענער זיינען געגאנגען לאנג געקליידעט מיט די ציצית מערסטנטייל „נא פאקאזי״, די בערד „ציגעריש״ און פארוואקסן; די ווייבער אין פארוקן און די עלטערע אין „שייטלאך״ מיט ראזירטע קעפ. אז אך און ווי פלעגט זיין צו יענעם, וועלכער פלעגט זיך ערלויבן מאכן די קלענסטע אפעראציע אויף זיין בארד... ער פלעגט שוין כאפן די אמת׳ע תוכחה אין בית־המדרש און קיינמאל ניט פארזוכן דעם טעם פון „אתה הראית״...

איך דערמאן מיך, ווען שוין אין די 80־ער יארן איז געקומען קורכין, וועלכער האט געלעבט אין פעטערבורג עט־לעכע יאר, מיט א קורצן ראק און אנ׳ארומגעשארענע בערדל. האט מען אים גערופן ביז זיין טויט: „דער פראנצויז״... אמת, עס זיינען געווען קליינע אויסנאמען. אט געדיינק איך דעם ערשטן „גלות״, וואס האט זיך באוויזן אויפן סלאנימער הארי־זאנט. דאס איז געווען דער ערשטער אדוואקאט מיט דעם נאמען ספראשינסקי. ער איז געווען א שם־דבר אין שטאט; מען האט אויף אים געקוקט ווי אויף א שרעקלעכער באשע־פעניש, וואס שטאמט פון גיהנום התחתון. ווען א קינד האט זיך ניט גוט געפירט, האט די מאמע אויסגעשריען: „א ספרא־שינסקעלע ווילסטו זיין?״... —

אלע ימים־טובים האט מען געפייערט שטרייג טראדי־ציאנעל מיט אלע פיטשעווקעס. צום ביישפיל, מנחה ערב יום־כפור האט דער שמש אין יעדן בית־המדרש אפגעציילט יעדן מתפלל ארבעים חסר אחת מלקות מיט א רימענעם פאסעק. פאר כל־נדרי פלעגט אנפאלן א שרעק אויף יעדן איינעם. די גאסן פלעגן זיין ווי אויסגעשטארבן. ווי שאטנס פלעגט מען זען יידן איינגעהילט אין קיטל און טלית, אי־בערגעדעקט מיט א בגד און אין זאקן, מיט גרויסע חלב׳נע ליכט אין די הענט, שארן זיך מיט אראפגעלאזענע קעפ אין די בתי־מדרשים. אין די שולן פלעגן אויף אלע טישן שטיין שמאלע לאנגע קעסטעלאך מיט זאמד פאר די ליכט. יעדער מתפלל פלעגט שטעלן א ליכט. קען מען זיך שוין פארשטעלן מיט וואס פאר א לופט דער עולם האט געאטעמט כמעט א גאנצן מעת־לעת... היינט די מורא פון יעדן מתפלל, עס זאל זיך חס ושלום זיין ליכט ניט אויסלעשן, ווייל דאס האט באדייט דעם טויט אין נייעם יאר...

איך האב אונטערגעשטראכן „חלב׳נע״ ליכט, ווייל סטע־ארינאווע זיינען געווען א יקר־המציאות, און נאר גבירים האבן אזעלכע זיך געקענט פארגינען. אט געדיינק איך אז אין קלייזל פון הלל דעם נגיד (ר׳ הלל ליפשטיין) אין זיין מויער אויף בריקער גאס (אנטקעגן דער איצטיקער שטשארינסקי׳ס פריזירערי) פלעגן פרייטיק צו־נאכט ברענען סטעארינאווע ליכט. פלעגן מיר, יינגלאך, לויפן זיי אנקוקן ווי אויף א וואונדער.

צווישן דער גרויסער שול און געמויערטן בית־המדרש צום בארג־צו איז געשטאנען די שטאט־באד מיט דער מקוה, און ניט־ווייט פון דארט — די שטאט־אוביקאציע, וועלכע פלעגט פערפומירן דעם גאנצן שול־הויף...

אין טאג ווען מ׳האט געהייצט די באד, פלעגט דער בע־דער מארשירן איבער אלע גאסן מיט א בעזים אויף א שטעקן, אזוי ווי דער סאלדאט מיט זיין ביקס, און פלעגט אויסרופן אויפן קול: „בעלי־הבתים, גייט אין באד אריין!״... —

אויך דער שטאט־שמש האט געהאט זיינע ספעציעלע פונקציעס: אלע ערב־שבת אדער ערב יום־טוב, א האלבע שעה פאר ליכט־בענשן, פלעגט ער גיין ארום ראד־קראמען און מיט א בולעווקע אין האנט ריטמיש אויסקלאפן אויף אלע טירן מיטן זעלבן טאקט: „פארמאכט די קראמען״. —

אלע חופות פלעגן פארקומען נעבן דער גרויסער שול מיט פאראד און פאמפע: מיטן גאנצן טאראראם און מיט מוזיק פלעגט מען פירן איבער די גאסן צו דער חופה פריער דעם חתנ׳ס צד מיטן חתן און נאך דעם די כלה מיט איר צד. נאך דער חופה פלעגט די גאנצע חתונה מיט מוזיק אוועק־מארשירן צום „לעקאך און בראנפן״...

און ווי האט די שטאט דאן אויסגעזען? טראטוארן און באלויכטונג זיינען, נאטירלעך, נאך ניט געווען. ערשט אין די שפעטערדיקע יארן, ווען אלס „גאראדסקאי גאלאווא״ (בירגערמייסטער) איז באשטימט געווארן דער הויקערדיקער וואלעווסקי מיט זיין קוויטשעדיקער שטימעלע פון א בת־היענה, האט מען אויסגעלייגט „כמו״־טראטוארן, ברעטער צוגעשלאגענע מיט טשוועקעס. אויך האט ער איינגעפירט א „כמו״־באלייכטונג אין די הויפט־גאסן: סלופעס מיט פעט־ראלעאום־לעמפלאך. דער זעלבער וואלעווסקי האט דאס אפ־געדונגען דעם „פוסטן סאד״ ביי דער פראוואסלאווונער קאנ־סיסטאריע (ער האט געהערט צום „סאבאר״ אויף פאנעסווע)

און האט איינגעריכטעט דעם שטאט־גארטן. ביז דעמאלט איז דער הויפט־שפאציר געווען די „דאמבע”, ווו ס׳איז געשטאנען א פאוויליאן, און א דיריגענט, א געשמד׳טער ייד וואס איז געקומען פון רוסלאנד און געווען באקאנט אין שטאט אונטערן נאמען: „אלעקסאנדערקע דער משומד”, פלעגט דארטן צוויי מאל וועכנטלעך שפילן מיט זיין ארקעסטער.

„זשאבינקע” איז נאך דעמאלסט ניט געווען. דארטן איז געווען א נאסע לאנקע, די רעזידענץ פון זשאבעס, וועלכע פלעגן אין די זומערדיקע אוונטן פארהילכן דעם גאנצן געגנט מיט זייערע קווא־קווא מעלאדיעס... און דעריבער האט מען דאס גערופן „זשאבינקע”.

אזוי ווי ביזן יאר 1887 איז אין סלאנים נאך ניט געווען קיין באן, איז די גאנצע קאמוניקאציע געגאנגען דורך דער באן־סטאנציע דאמאנאווע (אויף דער באן־ליניע בריסק־באראנאוויטש), וועלכע ליגט 35 וויארסט פון סלאנים. מ׳פלעגט פארן אין די גרויסע וועגענער מיט די לייוונטענע רייפן־בודעס, די בעלי־עגלות אויף די קעלניעס מיט דעם וויא־וויא!

אין גאנץ שטאט איז געווען איין־איינציקער „איזוואשטשיק” יאנקל, א ניקאלאיעווסקער סאלדאט. זיין בריטשקע פלעגט שטיין אופין פלאץ נעבן סאבאר. הגם ער איז געווען איינער אין שטאט, אויסער יעדער קאנקורענץ, דאך איז ער געווען א קבצן אויף זיבן פאלעס, ווייל ווער האט עס דעמאלסט באנוצט א איזוואשטשיק? — סיידן אנ׳אפיצער אדער א פאמעשטשיק...

אין היגזכיט פון האנדל איז סלאנים אין יענע יארן געווען א מין איינקויף־צענטער פאר דער גאנצער געגנט. אזוי ווי די קאמוניקאציע פון די ארומיקע שטעטלאך מיט די גרויסע האנדלס־צענטרען ווי ווארשע און ווילנע איז געווען באשווערט און טייער, פלעגן די דעטאל־סוחרים און קרעמער פון אומגעגנט מאכן זייערע איינקויפן ביי די סלאנימער הורטאווניקעס. דעריבער האבן טאקע עקזיסטירט אין סלאנים הורט־געשעפטן פון אלע בראנזשעס. באראנאוויטש, וועלכע איז שפעטער געווארן די שטארקסטע קאנקורענטין פאר סלאנים אין היגזכיט פון גרויס־האנדל, — איז נאך דאן אפילו קיין דארף ניט געווען ,און יידן האבן דעמאלסט זאגאר קיין רעכט ניט געהאט דארטן צו וווינען און הייזער צו בויען. דעריבער איז סלאנים געווען פארבונדן מיט אלע ארומיקע שטעטלאך, — און אפילו מיט אזעלכע ווייטערע שטעט ווי נאווארעדאק, — דורך דעם „דיליזשאנסן”־פארקער. די „דיליזשאנסן” זיינען געווען אזוי צו זאגן, „טאווארא־פאסאזשירסקע” (ד. ה. טראנספארט פון סחורות און פאסאזשירן). אין זייערע ביידלאך פלעגן די בעלי־עגלות אנפאקן „באוועגלעכע” און „אומבאוועגלעכע” סחורות, ווייבער און חסידים ,און אלס מחיצה צווישן זיי — א פעסל הערינג, אדער זעקלאך זאלץ... אזוי פלעגן זיי אנפילן זייערע וועגענער און טריט ביי טריט דורכמאכן זייערע נסיעות. שאסייען זיינען ניט געווען, פלעגן די נסיעות אפט דויערן גאנצע מעת־לעת׳ן. די פאסאזשירן פלעגן נעבאך קומען צובראכענע, מיט אפגעזעסענע פיס, מיט א ריסוק אברים, — קוים לעבעדיקע...

ווי באקאנט, האט די געסל וואס פירט פון אולאנסקע ביז לאזינסקיס מויער געטראגן דעם נאמען „אפער־געסל”, ווייל דארטן איז עס געשטאנען, — ווי מ׳האט דערציילט, — די אפערע־געביידע וואס פירשט אגינסקי האט אויפגעבויט אין 18־טן יארהונדערט. אלטע מענשן פלעגן דערציילן, אז די אפערע האט געהאט א גלעזערנעם דאך, ווו ס׳פלעגן שווימען פיש.

אין מיינע קינדער־יארן פלעגט מען דערציילן, אז דער „דוכס””, צו וועמען ס׳האט געהערט די שטאט, ד. ה. דער פירשט אגינסקי, האט געוווינט אין דער גרויסער געביידע, וואס איז געבליבן שטיין ביז היינט (ווו ס׳איז איצט די יידישע געזעלשאפטלעכע גימנאזיע, אויף „„נעווסקי”). דארטן זאל זיין געווען דער הויפט־פאלאץ פון גרויסן פריץ. איך געדיינק, אז אין מיינע יינגל־יארן איז נאך דער מויער געווען א חורבה, און מ׳פלעגט דארטן מורא האבן צו גיין ביינאכט צוליב די שדים... כ׳געדיינק די מאלעריי דארט אין די גרויסע צימערן. ערשט שפעטער אין יארן ארום האט דער גרויסער סלאנימער סוחר יקותיאל קוניצע אפגעקויפט ביי דער רעגירונג די רואינע צוזאמען מיט אלע פלעצער ארום ווי אויך דעם מויער (ווו ס׳איז נאכהער געווען דער האטעל „וויקטאריא”) וועלכער האט אויך געהערט צום פאלאץ.

דער משופע׳דיקער בארג האט נאך אין מיינע קינדער־יארן זיך געצויגן ביז מילער׳ס הויז (קאסציושקא גאס). אין יענער צייט האט די טייך מיט דער דאמבע אויסגעזען ווי אנ׳אינזל, און פון בריקער גאס האט מען געמוזט איבערגיין א גאנץ לאנגן בריק איבער א ברייטער קאנאווע מיט שמוציקע און שטינקנדע וואסער. מיט עטלעכע יאר שפעטער האט די רוסישע מאכט (מיט ארעסטאנטן אלס ארבעטער) אפגעגראבן דעם בארג און מיט די ערד פארשאטן די קאנאווע. טיף אין בארג האט מען דעמאלט געפונען א קאסטן מיט 20 פלעשער וויין, הפנים ס׳איז געפען פון די וויין־קעלערן פון אגינסקי.

אונטערן גאנצן געגנט האט זיך געצויגן א גרויסער קעלער. פיל פון אונז געדיינקען נאך אויף פוטייסקע גאס (קאסציושקע), הינטער דר. יתום׳ס מויער, דעם געמויערטן אריינגאנג. ווי מ׳האט דעמאלט דערציילט, ציט זיך דער אונטערערדישער דורכגאנג אזש ביז זשירעווע.

זאמאשטשע האט זיך, ביז 1887, ביז וואנען עס האט זיך אויסגעבויט דער וואקזאל, געצויגן נאר ביז דער טורמע, וואס איז געווען די לעצטע הויז פון שטאט. דער נידעריקער שטח וואס איז געווען באוואקסן מיט גראז, האט געדינט אלס לאנקע צו פאשען די שטאטישע בהמות. די פעלדער וואס זיינען געווען העכער און זאמדיק האבן געדינט פאר מיליטערישע איבונגען. דארטן זיינען געשטאנען מיליטערישע סקלאדעס. ס׳וועט זיך פשוט ניט גלויבן, אז אין דער צייט פון סעוואסטאפאלער קריג, אין די 50־ער יארן, האט מען סלאנימער יידישע בעלי־עגלות געשיקט קיין סעוואסטאפאל, מיט פולווער פון די סקלאדעס אויף זאמאשטשע... ס׳איז א פאקט, וואס כ׳האב אליין געהערט אין מיינע יינגל־יארן, פון די בעלי־עגלות וואס האבן גענומען אנ׳אנטייל אין אט די „עקספעדיציעס” קיין סעוואסטאפאל.

דער פלאץ וואס אנטקעגן זאמאשטשער קאסציאל, ניט ווייט פון בריק, האט געדינט אין 1863, אלס עקזעקוציע־ארט פאר די צום־טויט פאראורטיילטע אנטיילנעמער אין פוילישן אויפשטאנד פון יענעם יאר. עס דערמאנט זיך מיר, אגב־אורחא א געשיכטע וואס כ׳האב געהערט פון מיין פאטער ווי

אויך פון אנדערע עלטערע לייט: אין סלאנימער טורמע איז דאן געזעסן א געוויסער פאלאק מיטן נאמען מאסאלסקי, אלס אנטיילנעמער אין אויפשטאנד. דאס געריכט האט אים פאר־אורטיילט צום טויט דורך דערשיסן. כדי אים צו פארלייכ־טערן די שרעק און פיזישע ליידן פון פאר דער עקזעקוציע, האט אים זיין אומגליקלעכע מוטער געלאזט איבערגעבן דורך א שומר, די לעצטע נאכט פארן אויספירן דעם אורטייל בסודי־סודות, אז עס האט זיך איר איינגעגעבן אין פעטערבורג אויס־צופועל׳ן, — נאר בתנאי, אז איר זון זאל דערפון ניט וויסן, — אז מען וועט אים פירן צום עקזעקוציע־פלאץ מיט מיליטער, מען וועט אים צובינדן צום סלופ, די סאלדאטן וועלן אין אים שיסן, אבער די ביקסן וועלן זיין אן קוילן... פארשטייט זיך, איז ער שטאלץ און פריילעך געגאנגען צום עקזעקוציע־פלאץ. וואס ס׳איז ווייטער געווען, — פארשטייט דאך יעדער, — ער האט זיין קבר געפונען טאקע אויפ׳ן פלאץ...

---

זייער שלעכט איז אין יענער צייט געווען מיט וואסער, צוליב דעם וויל סלאנים שטייט אויף בערג און ס׳איז זייער שווער געווען צו גראבן ברונעמער און זוכן וואסער. א גרוי־סער טייל שטאט האט געמוזט נוצן טייך־וואסער, וואס מ׳פלעגט פירן מיט פעסלאך. דער צופאר צום טייך איז אבער געווען זייער באשווערט. דער איינציקער צופאר איז געווען אויף עק בריקער גאס. איז אבער דארט געפלאסן זייער שמוציקע וואסער פון גאנץ שטאט־רינשטאקן. כ׳געדיינק, אז פסח־צייט ווען די שניי פלעגט צוגיין, פלעגט די וואסער אין טייך זיין ברוין ווי טיי, אזוי אז מ׳פלעגט שוין פארשפארן פארשיטן טיי... די פיל פאלן פון בויך־טיפוס, וועלכע פלעגן טרעפן מערסטנטייל אין געגנט פון זשאבינקע און באלאנע, ווי אויך „ברעג״, פלעגן טאקע פארקומען, דער עיקר צוליב די אומ־ריינע וואסער.

ערשט שפעטער איז לויט דער איניציאטיווע פון ה׳ הערשל קוניצע, איינגעארדנט געווארן די וואסער־לייטונג מיט די קראנען. די וואסער ציט זיך פון א קרעניצע פון די בערג, צווישן די קוסטעס ביים ביאליסטאקער שאסיי, און זי פליסט דורך פאנעסווע איבער דער גאנצער שטאט. די קרעניצע כאפט פיל העכער אפילו פון די העכסטע ערטער אין שטאט, מיט׳ן אויסנאם פון ארויף רוזשנאיער גאס. דאס איינארדנען די וואסער־לייטונג האט פארבעסערט די לאגע, הן אין זין פון געזונט־צושטאנד און הן אין דער פראגע פון לעשן שרפות, וואס איז געווען באשווערט צוליבן שלעכטן צופאר צום טייך.

## מיינע מלמדים און חדרים

צווישן דער אמאליקער ארט ערציהונג און היינטקע פעדאגאגישע שיטות איז א דיסטאנץ כרחוק מזרח ממערב... אין מיינע יינגל־יארן האט מען ניט געוווסט פון אזעלכע זאכן ווי זומער־וואקאציעס, זומער־קאלאניעס א.אז.וו. מיט׳ן אויס־נאם פון די „בין־הזמנים״, די פאר וואכן פסח־צייט און סוכות־צייט, האבן די קינדער געשמאכטעט און געטעמט א גאנצן יאר די לופט פון די חדרים, אונטערן רעזשים פון פאנאטישע און אפטמאל אבערגלויבערישע מלמדים, וועלכע פלעגן דער־ביי באהאנדלען די קינדער ביט קאנטשיקעס און אנדערע פיזישע שטראף־מיטלען...

אויך די גייסטיקע ערציהונג אין די חדרים איז געשטא־נען אויף א גאנץ נידריקן ניוואו. אפטמאל פלעגן די מלמדים אנשטאפן די קינדערשע מוחות מיט פאנטאסטישע זאבאבא־נעס און אבערגלויבנס.

עס דערמאנען זיך מיר די סלאנימער מלמדים פון די זיבעציקער יארן פון פאריקן יארהונדערט. יעדער מלמד פלעגט וועלן אריינקלאפן אין קאפ פון קינד זיין תורה דורך פארשיידענע וועגן, ניט אויסגעשלאסן פייניקונגען. ס׳איז באמת אומגלויבליך, ווי מאנכע מלמדים האבן זיך באצויגן אכזריות׳דיק צו זייערע תלמידים...

למשל, מיין מלמד דוד „פלעקל״, וואס האט געהאלטן זיין חדר אויף שלאס־גאס. ער פלעגט ,אלס שטראף, אריינ־שטעלן דעם פארזינדיקטן תלמיד א פלעקל אין מויל צווישן די אויבערשטע און אונטערשטע ציינער, און אזוי פלעגט ער אים לאזן שטיין א געוויסע צייט. צוליב דער דערמאנטער שטראף האט מען אים גערופן מיט׳ן צונאמען „פלעקל״... אין יענער צייט, ווען כ׳האב געלערנט ביי אים, האט א בעל־שם אויף בריקער גאס, אויף א אויבער־שטיבל, געטריבן א „גלגול״ פון א פרוי, דורך רויכערן און באנוצנדיק געוויסע שמות. די „אפעראציע״ האט געדויערט עטלעכע טעג. גייענדיק פון חדר, פלעגן מיר, חדר־יינגלאך, זיך אפשטעלן און הערן די קולות פון „דיבוק״... ווען דער רבי, דוד „פלעקל״ האט זיך פון דעם דערוווסט, האט ער אונז פארזאגט, אז ווען מיר וועלן פארבייגיין אדער זיך אפשטעלן ווו מען טרייבט דעם „גלגול״, זאלן מיר זיך מיט דער האנט פארדעקן דעם מויל, כדי דער דיבוק זאל צו אונז ניט אריינלויפן דורכן האלז...

די מלמדים פלעגן מיט שמיץ, אדער סתם טרוקענע קלעפ באשטראפן די תלמידים פאר׳ן קלענסטן חטא. עס זיינען אבער געווען מלמדים וועלכע פלעגן שמייסן די קינדער א קאנטא, ד. ה. אנ׳אוואנס אויף די קינפטיקע חטאים, כדי זיי זאלן זיין להבא גוט און פרום... זיי פלעגן שטראפן זייערע „ווייסע חברה׳ניקעס״ ניט נאר פאר׳ן עבר, נאר אויך פאר׳ן עתיד... ביז היינט געדיינק איך נאך אזא מלמד מיטן נאמען: „יאנקל קרופניק״ (מען האט אים אזוי גערופן, מחמת אויסער מלמדות פלעגט ער ביי זיך אין דערהיים מיט א „זשארנע״ מאכן גרויפן). געקנעלט האט ער אויפן שול הויף אין בית־המדרש „ז״ץ״. יעדן פרייטיק נאכ׳ן לערנען, פארן אפלאזן די קינדער אויף שבת, פלעגט ער אויסציהען אלע תלמידים אויף א לאנ־גער באנק און מיט זיין רימענעם קאנטשיק כסדר איינטיילן אלעמען די אמת׳ע שמיץ, מאכנדיק עטלעכע טורנירן הין און צוריק און האלטנדיק גלייכצייטיק א רעפעראט ווי אזוי די קינדער דארפן זיך אויפפירן אויף דער צווייטער וואך.

איך דערמאן מיך א תלמיד פון יאנקל קרופניק, א פלי־מעניק פון ה׳ שיצגאל, א געוויסער פסח קויפמאן, מיט וועמען מיר, קונדסים, פלעגן זיך רייצן אלס ווי מיט אנ׳אפגעשמי־סענעם... און ער פלעגט זיך פון כעס אויף אונז ווארפן מיט שטיינער. דערזעלבער קויפמאן, נאכדעם אנ׳אנגעזעענער סוחר

אין לאדז, פלעגט ביי ידער געלעגנהייט דערציילן וועגן די „וואונסן" פון יאנקל קרופניק...

איך מיין, אז די שטראף־שיטה פון די מלמדים פון יענער צייט איז געקומען אין א געוויסער מאס דערפאר, ווייל זיי זיינען געבוירן און ערצויגן געווארן אין דער תקופה פון ניקאלאי דעם ערשטן, ווען פיזישע און קערפערלעכע אומ־בארמהערציקע שטראפן זיינען געווען טאג־טעגלעכע ערשיי־נונגען.

כדי צו כאראקטעריזירן ווי וויט מען האט „געזארגט" אין יענע צייטן וועגן דער מאראלישער קינדער־ערציהונג, וויל איך דערמאנען א חדר, אין וועלכן כ'האב אליין געלערנט; אין אנהייב ריבאצקע גאס שטייט נאך איצט דאס איינשטא־קיקע מייערל, וועלכע געהערט איצט צום גוטבאזיצער דובא־טשינסקי (אנטקעגן דער איצטיקער קאנטאר פון דער האלץ־פירמע „ראבמיל"). אין יענע יארן האט דער ארייגאנג פון גאס אין מייערל געפירט אין א גרויסן צימער, ווו ס'איז געווען א שיינק. פון אט דעם שיינק, האט א טיר געפירט אין א נעבן־אלקערל, ווו ס'האט זיך געפונען אונזער חדר. אט דער שיינק, ווי אלע שיינקען פון יענער צייט, פלעגט זיין באזוצט מיט שכורים, גנבים, און בכלל פארשיידענע פארברעכערישע טיפן פון דער אונטער־וועלט, דערצו נאך 2 טיפישע גע־פארבטע גאסן־פרויען, כמעט שטענדיקע „איינוווינערינס" פון לאקאל. (אמאליקע צייטן איז דאס פארבן די באקן געווען די פריווילעגיע נאר פון דיזער ארט פרויען. וואס שייך פארבן די ליפן, האבן אפילו זיי געפונען אלס איבערטריבן און ניט־עסטעטיש...). אין שיינק פלעגן זיך אפשפיגלען עקלהאפטע בילדער, כמעט פאר אונזערע אויגן. איך געדיינק גאנץ גוט, ווי שטארק מיר, בחורים'לאך, פלעגן זיך דערמיט אינטערע־סירן. היות, ווי מיר האבן שוין אין חדר דענסטמאל געלערנט גמרא, ד. ה. מיר זיינען שוין ניט געווען קיין קינדער, קען מען זיך לייכט פארשטעלן, וואס פארא דעמאראליזאציע דאס האט געקענט ארייננברענגען אין אונזערע יונגע נשמות.

ניט בעסער זיינען די חדרים געווען אויך אין סאניטארער הינזיכט. (איך רייד אלץ פון די 70־ער יארן). עס דערמאנט זיך מיר איינער פון מיינע מלמדים, שלום נאוויק, ביי וועלכן איך האב געלערנט חומש. זיין חדר האט זיך געפונען אין א הייזל, א חורבה וואס איז געשטאנען אויפן שולהויף, נעבן אלטן בית־עולם. די פענסטער זיינען געווען כמעט מיט דער ערד גלייך. דאס הייזל איז באשטאנען פון איין לאנגן צימער אן א פאדלאגע און מיט א רוסישן באק־אויוון. דארט האט געוווינט אנ'אלמנה, וועלכע פלעגט אויף שטינקענדיקע אייל באקן רעצקע „נאהולניקעס", (א מין קוגעלאך). אט אין דער חורבה האבן מיר דאס געלערנט און מיר פלעגן טעגלעך, אפילו אין די הייסע זומער־טעג, אטעמען די פאר'סמ'טע לופט.

אט דער רבי איז געווען א גרויסער מיסטיקער... ער פלעגט זיך פירן צו דערציילן אין די ווינטער־אוונטן, צווישן מנחה און מעריב, שרעקלעכע מעשיות וואס טוען זיך אפ אויף אלע זיבן הימלען. ער פלעגט דערציילן וועגן גהינום מיט די מלאכי־חבלה, וועלכע פירן אויס אלע שטראפן איבער די רשעים; וועגן שדים וועלכע זיינען אמאל געווען מלאכים, — צוליב דעם ווייל זיי האבן זיך אויפ'ן הימל פארזינדיקט, האט מען זיי אלס שטראף פארטריבן אויף דער ערד און זיי פאר־וואנדלט אין שדים, וועלכע טוען אפ, מיט זייער אנפירערין לילית אין דער שפיץ, כל מיני מעשים תעתועים, און דער־פאר שלאגן דאס צו יידן מזוזות צו די טירן, אלס שוץ געגן די שדים... ווען ער פלעגט אונז דערציילן, ווי אזוי לילית באווייזט זיך, האלב־מענש און האלב־חיה, מיט א לאנגן עק און מיט גרויסע הערנער, און אויגן ווי גרויסע לאמטערנעס, — פלעגט אונז פון שרעק קלאפן א צאן אן א צאן. „איבער־הויפט, — פלעגט ער זאגן, — ווילן די שדים שלעכטס טאן קימפעטארינס, און דעריבער קלאפט מען אן אין צימער פון א קימפעטארין די „שיר־המעלות'ן". דאך האט אמאל יע געטראפן ביי א קימפעטארין אנ'אומגליק"...

נאך אזעלכע רעפעראטן, ווען מיר פלעגן אין א פינ־סטערן אוונט פארלאזן דעם חדר, פלעגן מיר, מיט די אנגע־צונדענע לאמטערנעס, זיך טוליען איינער צום צווייטן ווי שעפסעלאך, ביז מיר פלעגן קוים לעבעדיקע קומען צולייפן אהיים...

מיר פלעגן זיך אביסל „אפרוהען" פון רבינ'ס „יאך", ווען עס פלעגט צו אים קומען משה דער שמש. דער דאזיקער משה איז געווען פריהער א בית־דין שמש. שפעטער איז ער משוגע געווארן, און איז ארומגעגאנגען איבער די גאסן ווי אלע שטאט־משוגעים, אבער קיין שלעכטס האט ער קיינעם ניט געטאן. ער איז געווען א גוטער באקאנטער פון אונזער רבי'ן, וועמען ער פלעגט אפט באזוכן. שוין זייענדיק משוגע, פלעגט ער נאך אלץ קומען צום רבי'ן. פארשטייט זיך, אז אונזער רבי האט פון אזעלכע וויזיטן קיין גרויס נחת ניט געהאט, ווייל דער משוגענער משה האט געהאט א כוח אפ־צוריידן גאנצענע שעה'ן. בכדי פון אים פטור צו ווערן, פלעגט אים דער רבי פארלייגן ארויסגיין מיט אים שפאצירן. אזא שפאציר פלעגט דויערן גאנץ לאנג, ביז דער רבי פלעגט זיך קענען פון אים אפטשעפען. פארשטייט זיך, פלעגן מיר, חברה, א הוליע־טאן אין רבינ'ס אפוועזנהייט. דערפאר, ווען ער פלעגט קומען צוריק פון „שפאציר", פלעגן מיר גוט פילן דעם טעם פון קאנטשיק...

עס האט זיך דאן פארשפרייט א קלאנג, אז אויף עק פאנעסוער גאס, אין א חורבה ניט וויט פון „בחור" (דעם דענקמאל פון „שווענטי־יאן"), „ארבעטן" די שדים מעשים... מיר, חברה, האבן איינמאל באשלאסן צו גיין אהין אין א ליכטיקער ווינטער־נאכט און א קוק־טאן וואס די שדים טוען דארטן. יעדער איינער פון אונז האט דורכגעזען די ציציות, אנדערע האבן מיטגענומען ספרים אין די קעשענעס, און מ'איז אוועק... ווען מיר זיינען געקומען צום ארט אומגעפער, ווו ס'געפינט זיך דער היינטיקער בית־יתומים, איז אונזער מוט אביסל אראפגעפאלן. דאך האבן מיר באשלאסן צו גיין וויטער און זאגן כסדר „שמע ישראל"...

עטלעכע הונדערט טריט פאר דער חורבה, האבן מיר זיך אפגעשטעלט. פלוצלינג טוט איינער פון אונז א געשריי: „איר הערט?!" — און דאס איז געווען גענוג. ווי פיילן פון אבויגן האבן מיר אן אטעם זיך א לאז געטאן לייפן צוריק. איינער פון אונזערע חברים האט זיך אויסגעגליטשט און איז געפאלן. ווער האט אבער וועגן אים געטראכט אין אזא מאמענט? יעדער איינער האט נאר געטראכט זיך צו ראטעווען פון די

שדים... קיין מער זיכערן ארט און פעסטונג, ווי דער פאנעסווער בית־המדרש, האבן מיר דאן ניט געפונען. ווען מיר האבן די קלויזניקעס וואס זיינען געזעסן אין בית־המדרש דערציילט וועגן „אומגליק" מיט אונזער חבר אין אזא „געפערליכן" ארט, זיינען 2 ישיבה־בחורים, מיטנעמענדיק די תפילין, אין די קעשענעס, געגאנגען צוזאמען מיט אונז „ראטעווען" דעם חבר, ווען מיר האבן שוין באגעגנט, ווי ער קריכט א הינקענדיקער פון דעם מקום מסוכן...

מיר זיינען שטענדיק געווען אזוי צושראקן און באהערשט פון דעם רבי׳ס מעשיות וועגן שדים, אז מיר פלעגן מורא האבן אין ערגעץ צו גיין, ניט א קוק־טוענ׳דיק פריהער צו מיר טראגן די ציציות...

ס׳האט פאסירט, אז אין סלאנים איז געשטארבן דער דאמאלסדיקער איספראווניק זאגראדין, וועלכער האט געהאט א גוט עטלעכע וויארסט פון סלאנים (גריבעווע). די לויה האט געדארפט ארויסגיין פון סאבאר אויף פאנעסווע. ווען כ׳האב דערהערט גאנץ פרי, ליגנדיק נאך אין בעט, די מוזיק וואס האט באגלייט דעם לויה־צוג, האב איך זיך שנעל אנגעטאן און געלאפן זען דעם „פאראד". ווען כ׳בין שוין געווען ביי ראג פאנעסווע, האב איך זיך ארומגעזען, אז היילנדיק האב איך פארגעסן אנטאן דעם ארבע־כנפות... איך האב מיך געפונען אין א פארלעגנגהייט. וואס טוט מען? בין איך צוגעגאנגען צו א דורכגייענדן יידן און אים דערציילט מיין „אומגליק". דער ייד האט ארויסגעצייגן זיינע א ציצה און ארומגעוויקלט מיט איר מיין האנט און אזוי אפגעפירט מיר א היים...

---

צו ענדע פון קאפיטל וויל איך באמערקן, אז אויב איך האב ניט געהאט קיין מזל צו מיינע מלמדים, וויל דאס נאך ניט הייסן, אז אלע סלאנימער מלמדים אין מיינע ינגל־יארן זיינען געווען אזעלכע. פארשטייט זיך, זיינען געווען אויך אנדערע מינים מלמדים, און מעגלעך אויך מיט אנדערע שיטות. איך האב ארויסגעבראכט מיינע מלמדים אזוי ווי זיי זיינען געווען, צו באווייזן, אז אין יענער צייט זיינען אויך אזלעכע מלמדים מיט אזעלכע „פעדאגאגישע שיטות" מעגלעך געווען.

## די שריפה אין 1881

דער זומער אין יענעם יאר האט זיך אנגעהייבן מיט אנ׳אויסערגעוויינלעכער היץ און טריקעניש. פון פסח ביז שבועות איז ממש קיין איין טראפן רעגן ניט געווען און די הייזער זיינען געשטאנען אנגעגליטע און צוטריקנטע.

2 טעג נאך שבועות, ארום 5 אזייגער פארטאג, האט זיך פלוצלינג דערהערט א שטארקע קלינגעריי פון די קלויסטער־גלאקן, וואס עס האט געדינט אין יענער צייט אויך אלס א שריפה־אלארם. אנגעהייבן האט זיך די שריפה אויף רוזשנאיער גאס אין הויז פון ה׳ בערמאן (ביי די פאליאקן איז אויפן זעלבן ארט געשטאנען א הויז וואס האט געהערט צו אליהו לוניאנסקי). ווי מ׳האט דאן געמורמלט, איז דאס געשען צוליב א געהיימן ברייזל... אבער ריכטיקער איז די השערה, אז רוסישע כוליגאנעס האבן דאס אונטערגעצונדן, אזוי ווי זיי האבן געטאן אין יענעם יאר אין פיל שטעט און שטעטלאך פון תחום־המושב בכלל און פון גראדנער גובערניע בפרט. דער מערסטער טייל הייזער זיינען געווען הילצערנע מיט שינדל־דעכער, און די „פאזשארנע" איינריכטונג וואס האט זיך דאן געפונען אין א הילצערנעם בנין אויף בריקער גאס (קעגנאיבער דעם מיל וואס האט נאכהער געהערט צו ר׳ ישעיה עפשטיין) איז באשטאנען בלויז פון א פאר האנטמאשינעס, עטלעכע צוויי־רעדערדיקע וואסער־פעסלאך און צוויי גומע־קישקעס. די קאמאנדע איז געווען אונטער דער השגחה פון איינעם, א „גאראדאוואי" (שטאט־פאליציאנט) מיטן נאמען יאסקא, א גוי מיט גרויסע געלע וואנצעס, וועלכער איז געווען צווישן די חדר־יינגלאך זייער פאפולער א דאנק זיין טויבן־האנדל וואס ער האט דאמאלסט געפירט. וואסער פלעגט די „פאזשארנע" נעמען פון טייך.

פארשטייט זיך, אז ביי אזא מין פייערלעשער־הילף האט דער מלאך המשחית, „דער רויטער הענדל" (ווי מען פלעגט דאן רופן מליציש די אפטע שריפות) געהאט פרייע הענט אויף צו ארבעטן אן קיינע שטערונגען. און דעריבער טאקע האט דער פייער, פון די ערשטע פאר אנגעצונדענע הייזער, זיך פארשפרייט מיט א גוואלדיקער שנעלקייט איבער דער רוזשנאיער גאס און די ארומיקע געסלאך .די איינוווינער פון יענער געגנט זיינען געשפרונגען נאקעטע פון די בעטן, געכאפט די בעבעכעס און דאס סאמע נויטיקסטע און זיך געלאזן לויפן צום מארק־פלאץ, וועלכער איז געווארן באלאגערט מיט מענטשן און כלי־בית. דער פייער האט זיך אבער שנעל פארשפרייט אויך צום „פלאץ", און פון דארטן אריבער אין די ארומיקע גאסן און געמאכט פון אלץ מיטאנאנד א תל־עולם. אויך די בעט־געוואנט און כלי־בית וועלכע זיינען צונויפגעטראגן געווארן אויפן ליידיקן „פלאץ" זיינען צוליב די פליהענדע פונקען און האלעוועשקעס אוועק מיטן רויך. אין די פרימארגן־שעה׳ן זיינען שוין געווען אפגעברענט: פון איין זייט — אלע הייזער ארום „פלאץ", א טייל פון די גאסן סקראבעווע, רוזשנאיער, בערנארדינער, ברעג, דער מארק, — אזש ביזן הויז פון מיינע עלטערן אויף „נעווסק" (ווו ס׳איז געשטאנען ביי די פאליאקן דאס הויז וואס האט געהערט צו ה׳ ישעיה קוניצע), און פון דער אנדער זייט: דער גאנצער שול־הויף מיט דער שטאט־שול, און פון דארטן דערגרייכט ביזן קאטוילישן מאנאסטיר קעגנאיבער די קראמען, וועלכער האט זיך אפילו אנגעצונדן, נאר איז גלייך איינגעלאשן געווארן, און דורכדעם אפגעראטעוועט די ארומיקע הייזער און א טייל פאנעסווער גאס.

(ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו באמערקן, אז צו יענער צייט איז א גרויסער טייל פון דאמאלסדיקן „נעווסק" נישט געווען פארבויט. צווישן דעם הויז, וואס האט נאכהער געהערט צו די ברידער שאפירא, און דעם הויז פון מיינע עלטערן איז געווען א גרויסער, ליידיקער שטח. די בנינים אויף אים זיינען אוועקגעשטעלט געווארן פיל שפעטער, אין איניקע יאר ארום).

און דער „רויטער הענדל" האט ניט אויפגעהערט צו ארבעטן מעשים...מענטשן זיינען ארומגעלאפן ווי משוגעים און אלץ געזוכט אנ׳ארט ווו איבערצולאזן די קליינווארג און דאס ביסל ארויסגעראטעוועטע בעבעכעס.

ארום מיטאג־צייט האט זיך די שריפה איינגעשטילט, און די בעלי־בתים פון די איבערגעבליבענע גאסן האבן גע־מיינט, אז זיי קענען שוין זיין רוהיק און צוריק אריינטראגן אין זייערע הייזער די ארויסגעראמטע זאכן. נאר פלוצלינג, גאנץ אומגעריכט האט זיך באוויזן א העלישער פייער־צונג פון גאר אנ׳אנדער קאנט: פון די פאסט־שטאלן פון ה׳ מאנ־דזשע מילער (וועלכער האט געהאלטן די שטאט־פאסט אין ארענדע), — און שנעל האט דער פייער ארומגעכאפט די „פוטייסקע״־געסל (וואס האט געהייסן ביי די פאליאקן „קאס־ציושקא־גאס״) און די גאסן בריקער, ריבאצקע, שלאס־גאס (ביי די פאליאקן: זאמקאווע) און די קדרים־גאס, ווו ס׳איז אויך אפגעברענט געווארן דער „מעטשעט״ („די מאסקע״, דער מוסולמענישער טעמפל פון די טאטארן) און פיל אנדערע בנינים. איבער 500 הייזער זיינען געווארן חרוב ומוחרב, און מיט זיי צוזאמען איז פארברענט געווארן דאס גאנצע, מערסטנטייל יידישע שוואך־פאראהרעוועטע האב־און־גוטס. פון מענטשלעכע קרבנות איז געווען איינער, א האלב־צומיש־טער יונגערמאן פון בריקער גאס, וועלכער איז פון שרעק געווארן צ׳חושט און זיך באהאלטן אין א הינער־קאטוך, ווו ער איז פארברענט געווארן.

מען האט נאך דער שריפה דערציילט, אז דער פייער האט זיך אריינגעריסן אין דער גרויסער שול נאר דערפאר, ווייל די איינוווינער פון ארום שול־הויף האבן געטראגן זייערע זאכן אין דער גרויסער שול, האפנדיק אז די גרויסע און דיקע וואנט־מויערן וועלן איינהיטן פון פייער; נאר מיט די געראטעוועטע זאכן האבן זיי אריינגעטראגן פונקען פון האלצוועשקעס, וועלכע האבן געטליהעט ביז ס׳איז ארויס א פלאם און אלץ פארניכטעט.

אויסנאמסווייזע זיינען פון דער שריפה געבליבן גאנץ א טייל סקראבעווער, פאנסעווער און ברייטע גאסן, ווי אויך דער לינקער זייט פון סטודענטן־גאס. מערקווירדיקערווייז זיינען אויך געבליבן א טייל קרעמלאך וואס אויפ׳ן מארק, אדאנק דער מי פון אנ׳עלטערן יידן מיטן נאמען שיימע (ער האט געהאט א הערינג־קרעמל). ער איז געלאפן פון איין קרעמל צו דער צווייטער, וועלכע פלעגן זיך פון גרויס היץ, אלע ווײלע אנצינדן, און מיט העמערס וואסער געלאשן (וואסער האט ער געהאט נאנט, ווייל נעבן יעדער קראם און קרעמל פלעגט אין יענער צייט שטיין א פאס מיט וואסער). צו זאמאשטשע האט דער פייער אינגאנצן ניט דערגרייכט.

אזוי־ארום איז אין איין האלבן טאג כמעט די גאנצע שטאט חרוב געווארן, און סלאנימער בעלי־בתים מיט האק און פאק האבן זיך געוואלגערט אויף די ארומיקע „וויהאנעס״. און פונקט ווי אויף צו־להכעיס, איז אין דער ערשטער נאכט נאך דער שריפה, ווען קרוב צו דריי־פערטל פון די סלאני־מער יידן זיינען געלעגן מיט ווייבער און קינדער אויף די פעלדער, ארויסגעפאלן א מורא׳דיקער שלאקס־רעגן מיט דונערן און בליצן, וועלכער האט, פארשטייט זיך, די צרה׳־דיקע לאגע נאך פיל מער פארשארפט.

מיר זעען, אלזא, אז די שריפה פון יאר 1881 (תרמ״א) איז פאר סלאנים געווען אנ׳אמת׳ע טראגעדיע. 90 פראצענט הייזער זיינען ניט געווען אסעקורירט. פון אזעלכע נאריש־קייטן האבן דאן סלאנימער בעלי־בתים נאך קנאפ וואס געהאלטן...

לאנגזאם, זייער לאנגזאם האט זיך די שטאט אנגעהויבן ווידער אויפבויען. צייטווייליק האט די „אופראווע״ (מאגיס־טראט) ערלויבט אוועקשטעלן אין „פוסטן סאד״ הילצערנע ביידלעך־קראמען, וועלכע זיינען דארט געשטאנען ביז וואנען ס׳האט זיך ווידער אויפגעבויט דער „ראד־קראמען״ און די קרעמלעך אויפן מארק.

## דער טייפון

פאסירט האט דאס אין זייער א הייסן זומער־טאג. מיר זיינען געזעסן, איך מיט א שכן, אין קלוב־גארטן און געשפילט אין שאך. (אין הויז פון מיינע עלטערן אויף נעווסק איז דאן געווען לאקירט א קלוב, ווו ס׳פלעגן באזוכן די רעגירונגס־באאמטע און אויך דאס ביסל היגע אינטעליגענץ). פלוצלינג דערהערן מיר, ווי פון באלקאן אין דער הויך רופט צו אונדז דער רוסישער „לאקיי״ (באדינער):

— זעט נאר, גאספאדא (מיינע הערן), וואס איז דאס אזוינס דארטן אויפ׳ן הימל?

מיר הויבן אויף די קאפ און מיר דערזעהען: א קליין וואלקנדל האלט זיך אין איין דרייען און בייט אלע ווײלע זיינע קאלירן. אין א פאר מינוטן ארום דערהערן מיר קולות: „ס׳ברענט!״

ווו? וואס? ביי וועמען? — קיינער ווייס ניט. נאר אי־בער דער פאנעסוועער גאס האט זיך געטראגן א געדיכטער רויך, פונקט ווי ס׳זאל ברענען די גאנצע גאס. איך בין געלאפן אהין, נאר וואס נענטער איך בין געקומען, אלץ איז מיר געווארן קלארער, אז מיר האבן דא צו טאן מיט א מעטעארא־לאגישער דערשיינונג: די גאס איז געווען פול באדעקט מיט דאכלקעס, ציגל, שטיקער האלץ, צובראכענע בוימער א.ד.גל. מענטשן האבן געשריען „גוואלד״, מ׳האט געלארמט און גע־בראכן מיט די הענט. נאר וואס אזוינס האט פאסירט, האט קיינער גענוי ניט געוווסט. — אנ׳אומגליק! — קורץ פשוט...

ערשט שפעטער ווען איך בין אריין אין „ברילאוועס געסל״ (אזוי האט מען דאן גערופן אין שטאט אומאפיציעל די ברייטע גאס, ווייל דארטן האט זיך באזעצט אין זיין נחלה איינער פון די שטאט־גבירים און חשוב׳ע בעלי־בתים לומדים ר׳ עקיבא בר׳ יוסף בריל), האב איך באגעגנט דעם דאמאלס־טיקן ראבינער הורוויץ, וועלכער איז געווארן פארוווונדעט דורך א פארביי־פליהענדן טייל פון א דאך און האט זיך גע־האלטן פאר׳ן קאפ. אזוינע זיינען געווען נאך עטליכע פאלן. נאך דעם איז שוין אין שטאט געווען באוווסט די צאל אראפ־געריסענע דעכער, שילדן, ארויסגעריסענע בוימער און פאר־וווונדעטע. מען האט דאן דערציילט א וווונדער: איינער א סופר סת״ם איז געזעסן ביי זיך אויף אנ׳אויבערשטיבל אויף יור־דזיקע און געשריבן; האט דער אוראגאן אריבערגעפעקלט דעם אויבערשטיבל מיטן סופר צוזאמען אויפ׳ן גאס, און מעשה־נס האט דעם סופר אפילו א האר ניט געשאדט...

געדויערט האט די דאזיקע מערקווירדיקע נאטור־דער־שיינונג בלויז געציילטע מינוטן. מען האט געזען, ווי דער קליינער וואלקנדל האט זיך געקייקלט און געקייקלט אין פראשיידענע זיגזאגן און ווו נאר ער איז פארבייגעגאנגען,

דארטן האט ער באוויזן זיינע קונציקע שטיק. דעם הויפט־
חורבן האט ער אנגעמאכט אין טשערנאביי׳ס הייזער. קעגנ־
איבער דעם מאגיסטראט, און אויף יורדיקע, הינטער דער
פאנעסוואר שול. ווען כ׳בין אין זעלבן אונט אריינגעקומען
אין יידישן שפיטאל (פריהער באקאנט אלס „הקדש״), זיינען
שוין דארטן געלעגן פארוואונדעטע און סתם איבערגעשראקענע.

כדאי צו באמערקן, אז אויסער די ערטער ווו דער טייפון
האט געבושעוועט, האט מען אין די אנדערע טיילן פון שטאט
כמעט קיין זאך ניט באמערקט, און די נאטור גופא איז דארטן
געווען אזוי רוהיק, אז אפילו א בלעטעלע אויף א בוים האט
זיך ניט א ריר געטאן...

## פורים אין מיינע קינדער יארן

„פורים ניע שווענטא, טראשטשא ניע כאראבא!״ —
(פורים איז ניט קיין יום־טוב און קדחת איז ניט קיין קראנק־
הייט), — זאגט א שפריכווארט אין פויליש־ווייסרוסיש. דער
מחבר פון דאזיקן אפאריזם האט מסתמא קיינמאל קיין קדחת
ניט געהאט. ווען ער וואלט איבערגעלעבט די אמת׳ע „מא־
יאווע״ קדחת ווי איך; ווען עס וואלט אים ווארפן אין היץ
און אין קעלט און אזוי טרייסלען ווי מיר, אזוי אז כ׳האב מיך
געמוזט גוט אנשטריינגען, כדי ניט ארויסגעווארפן ווערן פון
בעט, — דאן וואלט ער געהאט גאר אנאנדער מיינונג וועגן
אט דער חולאת...

דאסזעלבע וועגן פורים. ווען איך דערמאן מיך, ווי מיר
חדר־יינגלאך פלעגן פארברייינגען דעם דאזיקן טאג, קען איך
גאנץ דרייסט זאגן, אז פורים איז פאר אונדז געווען דער
פריילאכסטער און אינטערעסאנטסטער פון אלע אונדזערע
ימים־טובים. פאר היינטיקע קינדער (געמיינט דעם דור פון
דער צווישן־מלחמות־תקופה) איז שווער צו פילן און באגרייפן
די נאציאנאל־רעליגיעזע עמאציעס אין אלע אונדזערע ימים־
טובים בכלל און אין פורים מיט זיינע ספעציפישע אטראק־
ציעס בפרט, ווי מיר קינדער האבן דאס ארויסגעפילט מיט
דריי דורות צוריק. מען דארף געדיינקען, אז אונדזערע יונגע
יארן זיינען אויסגעפאלן אין די צייטן פון אלעקסאנדער דעם
צווייטן, ווען דער גייסטיקער און זאאלאגישער אנטיסעמיטיזם
האט נאך דאס יידישע לעבן אין רוסלאנד ניט שארף פארסמ׳ט
און ניט געווירקט אזוי קריטיש אויף די סענטימענטן פון די
קינדערשע נשמה׳לאך, אזוי ווי ס׳איז געשען אין די שפע־
טערדיקע יאר־צענדליקער, אין די צייטן פון אלעקסאנדער
דעם דריטן און ניקאלאי דעם צווייטן.

שוין מיט עטליכע טעג פאר פורים האבן מיר, חברה־
קונדסים, זיך געגרייט צו דער המן־עקזעקוציע. ווו עפעס
א קאסטן, א ברעט אדער אנ׳אלט שטיק מעבל איז אוועק־
געשלעפט געווארן צו די שולן און בתי־מדרשים. אונדזער
קאמפאניע, ד. ה. די חברה־יינגלאך, צו וועלכער איך האב
געהערט, האט געהאט איר סטראטעגישן פונקט אין בריקער
בית־המדרש (מיין פאטער האט דארטן געדאווענט). מיט א טאג
פריהער זיינען מיר שוין געווען גרייט... אין אונדזער אנגריף
האבן מיר זיך ניט באנוגנט מיט גראגערס אדער קינדערשע
ביקסלאך. גראגערס, אדער ווי מען האט זיי גערופן אין סלא־
נים „קאלעקאטקעס״, זיינען געווען גוט פאר קליינע קינדער.
מיר האבן אנגעגרייט און זיך באוואפנט מיט די אמת׳ע גראבע
בולעוועס, אוועקגעלייגט אין בית־המדרש דאס ביסל אנגע־
שלעפטע געהילץ, אויף וועלכע מיר האבן געדארפט „אים״
דערלאנגען. אבער אין גרויסן עקסטאז פלעגן מיר אויך
דערלאנגען איבער די טישן און ביינק, וועלכע פלעגן ארויס
קאליקע אן פיס און אן זייטן...

איך געדיינק, ווי דער געלער שמש פון בית־המדרש
פלעגט פרובן שטעלן א ווידערשטאנד די „שלעגער״, כדי צו
ראטעווען די אומשולדיקע קרבנות, ד. ה. די טישן מיט די
ביינק, און אויך כדי איינצושטילן די „קאנאנאדע״ און ער־
מעגליכן ווייטער צו לייענען די מגילה. אבער דאס פלעגט
זיך אים קוים איינגעבן, ביז דער גאנצער עולם פלעגט זיך
אריינמישן און קומען דעם שמש צו־הילף.

אמת, מיר פלעגן אפט מיט אונדזער „אכזריות״ און
נקמה־דורשט און המן׳ען איבערכאפן די מאס. דאך פלעגט
דער עולם דאס געדולדיק פארטראגן, וויבאלד מיר פלעגן
אים, המן׳ען, „באארבעטן״ אין די גרעניצן פון טראדיציע,
ד. ה. ווען מיר פלעגן „דערלאנגען״ בלויז ביים דערמאנען
המן׳ען מיט זיינע טיטולן, ווי „בן־המדתא״, „צורר היהודים״,
און אונדזער „איבער־קאמאנדיר״ פלעגט א געשריי־טאן:
„דערלאנגט!״ —

עס פלעגט אבער אויך פאסירן, אז מיר, די חברה־שטי־
פער פון בריקער גאס און געסלאך, מיט די גוט־באקאנטע
אין יענער צייט, די ברידער „מרדכי־בערעלאך״, מיט לייב־
וואלף מערמינסקי, דעם שרייבער פון די דאזיקע שורות און
פילע אנדערע, האבן געבראכן די דיסציפלין, און ניט רעכע־
נענדיק זיך מיט דער טראדיציע, באמבארדירט גאר להבדיל
א „מרדכי״. דאמאלסט האבן מיר באקומען פון גאנצן עולם
מתפללים די אמת׳ע פארציע...

אפגע׳פטר׳ט מיט דער המן־עקזעקוציע, האט זיך אנגע־
הייבן א פרשה מיט פורים־שפיל. כ׳האב שוין אין מיין לעבן
געזען די בעסטע טעאטערס, אפילו די וועלט־בארימטע מעט־
ראפאליטן־אפערע אין ניו־יארק, דאך האט זיך אין מיין זכרון
קיין בילד ניט איינגעקריצט אזוי, ווי די העלדן פון „אחשורוש־
שפיל״, אדער „מכירת־יוסף״, — די הויפט־פיעסן אין רע־
פערטואר פון סלאנימער פורים־שפילער.

פאר מיינע אויגן שטייט נאך דער הויפט־העלד מיטן
צונאמען „שלעפטשיק״, וואס איז געווען א גאנץ יאר א משרת
אין אכסניא, און איז פורים געווארן דער מלך אחשורוש אין
א זילבערנעם מונדיר און מיט א גילדענער קרוין אויפן קאפ.
ליידער געדיינק איך ניט די נעמען פון אלע אנדערע פורים־
שפילער, וועלכע פלעגן יאר־איין יאר־אויס אריינגיין אין
זייערע טראדיציאנעלע ראלן פון די מגילה־העלדן.

בקיצור, דער אויטאר פון אויבנדערמאנטן אפאריזם האט
זיך מסתמא אנגעטרונקען עד־דלא־ידע; אדער אפשר איז
אט דער גוי׳אישער שפריכווארט וואס איז אין אינהאלט א
יידישער, — טאקע די שאפונג פון אנ׳אמת׳ן גוי, וועלכער
ווייס ניט וואס איז אזוינס א יידישער יום־טוב און וואס איז
אזוינס — קדחת...

---

(דער המשך פון פערלשטיינ׳ס זכרונות קומט נאך די קארעספאנדענציעס פון די יארן 1859—1890)

לאה קובאוויצקי

# מיינע קינדער יארן אין סלאנים

## קאפיטל איינס

איך הויב אן שרייבן מיינע זכרונות צו צווי און אכציק יאר. איך בין געבוירן געווארן דעם 11־טן סיון תרכ״ח (1868) אין סלאנים. מיין טאטע שאול אורינאווסקי אליין איז געווען א מייטשעטער, (און ווייל מען האט זיין משפחה אין סלאנים ניט געקענט, האט מען אים נאך דער חתונה גערופן שאול ניסל׳ס, לויטן נאמען פון מיין מאמעס זיידן), אבער מיין מאמע רחל און אירע ביידע עלטערן שמעון און שרה־כאשע זיינען געווען סלאנימער. אויך מיין מאן אברהם־הירש קובאוויצקי און זיינע ביידע עלטערן גדליה און גוטע־דוואשע זיינען געווען סלאנימער. מיין מאנס טאטע־מאמע האבן זיך א שטיקל צייט נאך זייער חתונה אריבערגעצויגן קיין זשעטל, אבער מיין מאנס זיידע, לייב דער בעקער איז געבליבן וווינען אין סלאנים, און ביי אים טאקע איז מיין מאן איינגעשטאנען בעת איך האב זיך מיט אים בעקאנט. ער האט דעמאלט געזונגען ביי יאשע דעם סלאנימער חזן און האט געשמט ווי דער זשעטלער טענאר. מיין טאטע און מיין שווער זיינען יונגערהייט צוזאמען געגאנגען אין דער סלאנימער ישיבה.

איך גלויב, איך בין צו דער צייט אלט געווען א יאר זעקס. איך געדיינק דאס הויז ווו איך האב זיך געהאדעוועט; איך געדיינק א גרויס, אלט, איינשטאקיק הויז, וואס איז בעשטאנען פון א גרויסער, נידעריקער שטוב, מיט די פענסטער ביי דער ערד, דערצו צווי קאמערן, און א גרויסער פירהויז, ווו ס׳איז געווען א קליין שטיבל, ווי אויך א קליין שפייז־קרעמל אפגעצאמט אין א ווינקל. קיין פענסטער איז אין קרעמל ניט געווען, בלויז א לאדן. כדי צו עפענען דאס געשעפט האט מען געעפנט דעם לאדן, און דורך דער אפענער לאך האבן די קונים געמאכט זייערע איינקויפן. פאר די קונדן איז דאס געווען גאנץ באקוועם, ווייל אין דער קרעמל האבן קוים געקענט אריינגיין א פאר מענטשן.

דאס הויז האט געהערט צו מיין זיידן ניס׳ל און מיין עלטער־באבען חנה, זיי האבן עס באקומען בירושה. מיין מאמע האט דערציילט, אז דרייסיק יאר צייט האט מען דארט יעדע נאכט אפגעריכט חצות (שומרים לבוקר). אין דעם הויז האבן געוווינט מיינע צווי באבעס, מיין מאמעס מאמע און מיין מאמעס באבע.

מיין באבע שרה־כאשע איז געווען א הויכע ברונעטע פרוי. מיין עלטער באבע חנה איז געווען א נידעריקע מיט א פאר רויטע בעקעלעך.

---

באמערקונג פון אריה ל. קובאוויצקי:

די דאזיקע זכרונות האט מיין מאמע טיילווייז אליין געשריבן, טיילווייז מיר דיקטירט אדער דערציילט אין משך פון דעם פערגאנגענעם יאר תש״י.

אנגעהויבן צו שרייבן אירע מעמוארן האט מיין מאמע אין 1935, און ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה איז שוין א היפשער כתב־יד געווען פארטיק. דער מאנוסקריפט איז אבער פארשוואונדן בעת דער דייטשער אקופאציע פון בעלגיע, ווען מיין מאמע אליין איז געראטעוועט געווארן פון דעפארטאציע, האט אבער אנגעווירן ביים בלוטיגן שונא איין זון, צווי טעכטער, א שנור, דריי איידעמס און זעקס אייניקלעך, געפאלענע אין דער ווידערשטאנדס־באוועגונג, ארבייטס־לאגערן און פארניכטונגס־לאגערן.

נאך מיין מאמעס אנקומען קיין ישראל סוף 1948, האב איך איר ווידער געבעטן זי זאל אנשרייבן די געשיכטע פון איר לעבן. זי האט אבער נאר מסכים געווען צו באשרייבן אירע מיידלשע יארן, כדי די אייניקלעך זאלן וויסן ווער די עלטער־זיידעס און עלטער־באבעס זיינען געווען. די פינף קאפיטלען, וועלכע ווערן דא געדרוקט, דערציילן די דאזיקע תקופה.

---

באמערקונג פון רעדאקציע:

ליידער זיינען די זכרונות פון לאה קובאוויצקי נישט פארענדיגט און זיי דערגרייכן נאר ביז איר עלטער פון 13—14 יאר. לויט ווי איר זון דר. לעאן קובאוויצקי ז״ל האט מיר פארזיכערט, האט דער פארלוירענער מאנוסקריפט ארומגענומען אויך אירע מיידלשע יארן. א פאר יאר נאך איר חתונה, צו די ענדע 80־ער יארן, האט די יונגע פאמיליע קובאוויצקי פארלאזן סלאנים.

דער עפיזאד מיט איר זיידן שמעון באציט זיך צו דער קאנטאניסטן־תקופה פון די 30—40 יארן, און איז ווייזט אויס פארבונדן מיט געוויסע ראשי הקהל, געגן וועלכע ס׳האט געקעמפט הרב ר׳ בערוש אשכנזי ז״ל. (זעט אין ערשטן באנד פנקס־סלאנים, די מאנאגראפיע, קאפיטל יט).

דאס הויז איז געווען אין דער שול־גאס, וואס האט אזוי געהייסן, ווייל דארט זיינען געשטאנען די מערסטע בתי־תפילה. פון איין זייט שול־גאס זיינען געווען הייזער, פון דער אנדערער זייט שולן. אנגעהויבן האט זיך מיט דער גרויסער ישיבה, דערנאך זיינען געקומען דעם חסידישן רבינ׳ס קלויז (ס׳איז געווען אידער די סלאנימער חסידישע שטיבל האט זיך אריבערגעצויגן אויף סקראבעווער פאס — (רעדאקציע). די שניידערשע, שוסטערשע קלויזן, דער הילצערנער בית־המדרש, די קירזשנערשע קלויז. אין דער זייט פון די קלויזן האט אויך געוווינט דער אלטער חסידישער רב, ר׳ אברהם׳עלע. אריבערגעגאנגען א גאס האט זיך אנגעהויבן דער גרויסער פלאץ וואס פאר׳ן מארק. גלייך פון אנפאנג איז געשטאנען די גרויסע, געמויערטע שול, זייער א שיינע, מיט א הויכן געוועלב אינעווייניק, פיין געמאלט. די שול איז אריינגעקומען אין דריי גאסן. אין דער נידער האבן זיך געפונען צוויי שולן פאר פרויען און אויבן ארום, אינעווייניק, פון דריי זייטן, א גאלעריע, וואס האט געדינט אלס „עזרת־נשים״. די שול האט געהייסן די קאלטע שול, ווייל מען האט קיינמאל אין איר ניט געהייצט. דארטן האבן געדאווענט די גבירים פון שטאט און דער שטאט־חזן מיט א גרויסן כאר.

ביים אריינגאנג פון דער שול איז געווען א גרויסער קארידאר, וואס מען האט אים גערופן דער פאליש, און וואס האט געפירט צו א גרויסן צימער. אין די גאר אלטע צייטן, וואס איך געדיינק זיי ניט פון אייגענעם זכרון, פלעגן אין דעם צימער זיצן די „איזבארשטשיקעס״ און זייערע אנגעשטעלטע די „כאפערס״, וועלכע פלעגן כאפן קליינע יידישע קינדער און זיי אפגעגעבן פאר סאלדאטן. איך האב געהערט דערציילן, אז אין דעם פאליש איז אויך געווען אן ארט — די קונע האט עס געהייסן, — ווו מען פלעגט אריינזעצן א פארזינדיקטן קעגן קהל, אבער דאס אלץ איז ניט געווען פאר מיינע צייטן.

אנטקעגן דער גרויסער שול איז געשטאנען דער געמויערטער בית־המדרש, אויך זייער א גרויסער, מיט גבירים אלס מתפללים און א חברה ש״ס. אנטקעגן דער ליובאוויטשער שטיבל איז געשטאנען דאס הויז פון מיינע באבעס און הארט דערביי די באד, א הילצערנע, מיט צוויי צימערן — פאר פרויען און מענער באזונדער, מיט א פאדלאגע אין דעם מענערשן אפטייל און א פאר וואנעס אין דעם ווייבערשן. די מקוה איז געווען אין דעם מענערשן רשות.

צו יענער צייט איז געווען א מנהג, אז די מאמעס פון ביידע זייטן און די שוועסטערס פלעגן פאר דער חתונה פירן די כלה אין באד אריין. מ׳האט דערציילט, אז אמאל פלעגן אפילו כלי־זמרים זיי באגלייטן. געגאנגען אין מקוה זיינען פרויען ביינאכט.

איך געדיינק, איך בין נאך קיין זעקס יאר ניט אלט געווען ווי מיין מאמעס א שוועסטער האט חתונה געהאט. האט מען די כלה געפירט אין באד און צוריק מיט אנגעצונדענע קין. קין זיינען געווען לאנגע דינע פאסן פון א סארט האלץ, וואס מען פלעגט קאנען גרינג אנשפאלטן. מען פלעגט זיי פארקויפן אין בינד און דערמיט האט מען זיך געוויינליך באלויכטן מיט אכציק יאר צוריק; איך בין אויך מיטגעגאנגען מיט׳ן פאראד.

חופה׳ס פלעגן בדרך כלל געפראוועט ווערן אויפן פלאץ פאר דער גרויסער שול. מען פלעגט, ערשטנס, די כלה באדעקן אין דער שטוב, ווו דער מאלצייט האט געדארפט פארקומען. נאכן באדעקן פלעגט מען זי אריינגעמען אין א קאמער און איר אנטאן א ווייסן ציפיק, דאס הייסט, אזא מין הויב אויפגענייט פון ווייסער שיכטונג אדער באטיסט, באפוצט מיט קרויזן, פארבונדן מיט ווייסע בענדער און ארומגענייט מיט שפיצן. די בענדער זיינען געווען אויסגעשליפט פון פארנט, און זיי זיינען געלעגן אויף א סאמעטענעם מאנטל, פון אויבן פלעגט מען אנטאן א זיידענעם דעקטוך. אזוי איז די כלה געגאנגען צו דער חופה.

שפעטער האבן די גבירים אנגעהויבן שטעלן די חופה׳ס ביי זיך אויפ׳ן הויף, ווייל אויפ׳ן שול־הויף פלעגן די יונגע לאבוסעס אפטאן מעשים. זיי פלעגן, צום ביישפיל, צוזאמענשפיליען דעם חתנ׳ס ראק מיט דער כלה׳ס קלייד, פערווארפן ווינטערצייט חתן־כלה מיט סניעזשקעס, אזוי אז זיי האבן זיך קוים ארויסגעראטעוועט אין פאליש, און דאס גלייכן.

דער מארק איז געווען א ברייטער פלאץ ארומגערינגלט פון שיינע געמויערטע הייזער. פון ביידע זייטן אנפאנג מארק זיינען געשטאנען קליינע קראמען פון זאלץ און הערינג און נאך קלייניגקייטן. פון דער צווייטער זייט אנטקעגנאיבער — קראמען פון מילכיקס, מעל און אלע סארטן גרויפנס. אויפ׳ן ברוק זיינען געזעסן ארימע פרויען מיט כל׳ערליי גרינס און פרוכט. דאנערשטיק און פרייטיק פלעגן זיך אויסשטעלן אויפ׳ן מארק פישער מיט פיש. דער טומל דעמאלט איז געווען ניט צו בעשרייבן. די פישער האבן געשריען: „ווייבער, לעשטשן, העכט, פלאטקעס!״ די גרינס־ווייבער, (מ׳האט זיי גערופן שימעניצעס, און ווער עס פלעגט אריינפאלן אין זייער מויל איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן) האבן געגוואלדעוועט: „ווייבער א קאפיקע א פונט מערן, ווייבער, בארנעס, עפל, שווארצע יאגדעס!״ און אזוי ווייטער.

אויף דער זייט פון די הערינג קראמען פלעגט מען פערקויפן אלע סארטן געבעקס. צום ערשטן איז געשטאנען מיט א ביידל מירקע די בעקערקע. זי פלעגט פערקויפן געבייטעלטע און האלב־זיידענע ברויט. „מירקע״ פלעגן שרייען די קונים, „מיר א פונט געבייטעלטע מיט א קרייטשיק, מיר א מיטל שטיקל א וויכס״, און זי האט געגעבן וואס נאר מען האט געבעטן. לעבן איר איז געשטאנען א גרויס ביידל מיט אלע סארטן געבעקס — קוכן מיט א סך מאן, קוכן מיט ציבעלעס, בולקעס, בייגל, אייערבייגל, חלה. עס פלעגן זיצן אויף ביינקלעך ווייבער מיט קאשיקעס געבעקס פון אלע סארטן.

ניט ווייט פון מארק איז געשטאנען א געביידע פון צוויי רייען געמויערטע קראמען אן פענסטער, נאר מיט גרויסע טירן, צוזאמען א פאר הונדערט. איין זייט האט געהייסן דער ארימער, דער צווייטער — דער רייכער. אין אנפאנג פון ראד קראמען זיינען געווען אייניקע זאלץ קראמען, וואס האבן געהאנדלט מיט ארטיקלען פאר פויערים. די ערשטע צוויי האבן געהערט צו צוויי ווייבער. איינע האט געהייסן פעשע גייוועך אדער גאווא, די צווייטע — חנה־פייגל. אז א פויער פלעגט קומען פלעגן די צוויי ווייבער אים שלעפן יעדערע צו זיך, און ווער עס איז געווען שטארקער האט אים אריינ־

געריסן צו זיך אין קראם. פרעגט שוין גארניט וואס עס האט זיך נאכהער אפּגעטאָן. ביידע ווייבער פלעגן אנפאנגען זיך קריגן און שלאגן, און די געוואלדן זיינען געגאנגען ביזן הימל. אלא קרעמער פלעגן זיך צוזאמענלויפן און א סך פלעגן לאכן, ווייל מען האט געוווּסט, אז עס איז א טאג־טעגליכע געשיכטע. וויפיל מאל פלעגט אויך צוקומען דער קאלאדאזשניק (פּאליציסט) און מאכן א סוף, זאגענדיק מיט א געלעכטער: „נו, שוין גענוג״.

די גויאישע גאסן געדיינק איך ניט גוט, איך געדיינק אבער קלאר די קיידרשע גאס. איך בין געווען א מאל אין דער קיידרשער גאס וווּ עס האבן געוווינט די קדרים, ווי מען האט ביי אונדז גערופן די טאטארן. די גאס איז געווען פול מיט גערטנער, ווייל א סך קדרים פלעגן האנדלען מיט רעטעך, ציבעלעס, אוגערקעס און שאר ירקות. און ס׳איז דארטן געשטאנען א מעטשעט. די קדרים האבן פארמאגט א צאל געבילדעטע מענטשן. זיי האבן געהאט א פּאטשטמייסטער און מען פלעגט זיי זען אין די סודן. עס פלעגן אפט אריינקומען אין שטאט די ארומיקע פּריצים, וועלכע האבן געהאט זייערן א קלוב ביי א יידישע פרוי אסתר׳קע. א פּאר געשעפטן פון מארק האבן זיך באזונדערס אפּגעגעבן מיט דער פּריצישער קונדשאפט און האבן זיי באזארגט מיט גוטע וויינען און ליקערן, מיט לאקס און טרוקענע פרוכטן. ארום סלאנים האבן דעמאלט אויך געוווינט א צאל יידישע פּריצים, מיט רייכע פּאסעסיעס.

אבער די שטאט סלאנים אליין איז געווען כמעט א ריין יידישע. שניידערס, שוסטערס, טישלערס, קירזשנער, מויערער, ברוקירער, קוימענקערער, אלע זיינען געווען יידן. אן ארעמער גוי פלעגט אמאל זיין דער געהילף פון אזא בעל־מלאכה. איך האב נישט געקענט קיין גויאישן בעל־מלאכה.

אויך די פּאטשטערקע איז געווען א יידישע — מלכה־רחל ,די אלמנה פון שלום פּאטשטער. זי פלעגט צוטראגן די בריוו צוזאמען מיט איר זון בערל און, אזוי ווי קיין שכירות האבן זיי ניט געהאט, פלעגן זיי נעמען א קאפּיקע פאר א קארטל, און צוויי קאפּיקעס פאר א פארמאכטן בריוו. מיין טאטע פלעגט צאלן פון יאר, ווייל ער איז געווען א משולח און ס׳פלעגן אנקומען צו אים א סך בריוו.

זומער־צייט פלעגן אויף דער שיינער טייך שטשארע גיין פליטן פון פּינסק און אויף די פליטן ליימענע טעפּ, צודעקלעך, ליאקן (דאס הייסט טשייניקעס צו קאכן טיי). מ׳האט דעמאלט געקאכט אין ליימערנע געשיר, און טאמער פלעגן זיי זיך שפּאלטן, פלעגט מען זיי איינדראטעווען.

אין ווינטער פלעגט דער טייך איינפרירן און מען פלעגט פון אים ארויסהאקן גרויסע קלעצער אייז, מיט וועלכע מען פלעגט אנפּאקן די לידאווּנעס פון די יאטקעס, שענקען און ברויזן.

## קאפּיטל צוויי

מיין עלטער־באבע חנה איז שוין געווען צום צווייטן מאל אן אלמנה. מיין באבע שרה־כאשע איז געווען אן עגונה. מיין באבעס טאטע איז געווען מיין עלטער־באבעס ערשטער מאן, ר׳ משה חסיד. ער האט געוווינט אין א שטעטל נעבן סלאנים און איז געווען א מופלג בתורה. מען דערציילט, אז נאך זיין לוויה האט מען אויפ׳ן גוטן ארט פארגעסן א שטעקן און פון דעם שטעקן איז אויסגעוואקסן א בוים. „איר ווייסט ווער אייער זיידע איז געווען?״ האט אנומעלט א פרוי פון יענעם שטעטל געזאגט מיין מאמען. „דאס גאנצע שטעטל גייט דאך אויף זיין קבר בעטן״. מיט דעם ר׳ משה׳ן האט מיין עלטער־באבע געהאט צוויי זין און איין טאכטער. די טאכטער, ווי שוין דערמאנט, איז געווען מיין באבע שרה־כאשע. איין זון יצחק, (נאך וועמען מיין עלטערער זון איז א נאמען), איז געווען א למדן און א חסיד, און דער צווייטער זון איז נאך אלס בחור געפארן לערנען אין אונגארן. פארוואס אזוי ווייט? די עלטערן אליין פלעגן אוועקשיקן די קינדער, מען זאל זיי נישט כאפּן און אפּגעבן פאר סאלדאטן.

מיין עלטער־באבע חנה איז געבליבן יונג אן אלמנה און האט צום צווייטן מאל חתונה געהאט אין סלאנים. איר צווייטער מאן האט געהייסן ניסן. חוץ דעם, וואס ער האט געקענט גוט לערנען און איז געווען זעהר אן אפּגעהיטער, פרומער איד, האט ער אויך געהאט א גרויסע בילדונג. ער איז געווען א „שרייבער״, ווי מען האט צו יענער צייט גערופן די לערער, און דערצו א משולח פון רבי מאיר בעל הנס. דער זיידע ר׳ ניסל שרייבער האט געהאט דריי זין פון אן ערשטער חתונה. איינער פון די זין האט חתונה געהאט מיט מיין באבען, דאס הייסט שרה־כאשע. די טאכטער פון מיין עלטער־באבען חנה האט חתונה געהאט מיט שמעונ׳ען, א זון פון מיין עלטער־זיידן. (די אנדערע צוויי זין האט ער אוועקגעשיקט קיין בעסאראביע ווידעראמאל מען זאל זיי נישט כאפּן און אפּגעבן פאר סאלדאטן). שמעון און שרה־כאשע זיינען געווען מיין מאמעס עלטערן.

אויך שמעון איז געווען א געבילדעטער מענטש און א שרייבער אין דער קהילה. אין קהל־שטיבל זיינען געזעסן די „איזבארשטשיקעס״ און געפירט האבן זיי אלצדינג, ווארום די רעגירונג האט זיך נישט געמישט. האט מען געדארפט אויפמאנען פּאדאטקעס (שטייערן), האבן זיי געהאט יידישע פּאליציאנטן, די דעסאטניקעס.

ס׳איז געווען זייער שלעכט מיט מיליטער־דינסט. די איזבארשטשיקעס האבן געדארפט פירן די ביכער און פארשרייבן ווער ס׳איז געבוירן געווארן, ווער געשטארבן. ס׳איז אבער קיינמאל נישט געווען קיין ארדנונג, ווייל זיי האבן פארשריבן, וואס עס האט פאר זיי געלוינט און אויסגעמעקט, וואס זיי האבן געוואלט. אויב סלאנים מיט אלע שטעטלעך ארום האבן געדארפט געבן, לאמיר זאגן, צען סאלדאטן, האט מען דעם גביר׳ס זון נישט גענומען פאר קיין סאלדאט, ווארים ער האט גוט באצאלט די חברה „איזבארשטשיקעס״, אבער ביי אן ארימער אלמנה האט מען אוועקגענומען איר איינציקן זון.

מיין זיידע ר׳ שמעון, א ריכטיקער, פיינער, ארנטליכער מענטש, האט נישט געקענט פארטראגן די אומגערעכטיקייטן און האט זיי אָפּן גע׳מוסרט. אז די חברה האבן דערזען אז ער ווייסט צופיל פון זייערע פאלשקייטן און אז ער איז נישט מיט זיי, האבן זיי זיך דערשראקן, אז דער אמת וועט ארויס אין דער אפענקייט, האבן זיי באשלאסן פון אים פּטור צו ווערן. זיי האבן אים געשיקט מיט א קאמיסיאן, אין א דער־

בייאיקן שטעטל. אויפ'ן וועג האבן אים אפגעשטעלט פאלשע פאליציי, האבן בײ אים געפרעגט זיין פאס, האבן גלייך דעם פאס צעריסן און אים אוועקגעפירט צו דער מאכט מיט די ווערטער: „מיר האבן געכאפט איינעם אן א פאס, מען ווייסט ניט ווער ער איז, אבער ער טענה'ט, אז ער איז א סלאנימער". וואס האבן געטאן די „איזבארשטשיקעס"? זיי האבן אלע דערקלערט ,אז זיי ווייסן ניט ווער ער איז און קענען אים נישט. מער האט אונדזער משפחה דעם זיידן ר' שמעון נישט געזען, חוץ מיין באבע איין־איינציק מאל.

אז שרה־כאשע האט אנגעהויבן זוכן, האט זי געהערט, אז מ'האט איר מאן אפגעשיקט קיין ווילנע. קיין באן איז נישט געווען און מען פלעגט פארן מיט דער פאטשט. האט מען אבער דער באבען נישט געוואלט פארדינגען קיין פור. די חברה האבן זיך ארומגעזען, אז דאס שטיקל ארבייט וואס זיי האבן אפגעטאן, איז נישט געווען אזוי גלאטיק, האבן זיי גענומען שיטן מיט געלט, און ווו אונדזער פאמיליע האט זיך געווענדעט, זיינען זיי איר פארלאפן דעם וועג, ווארום א סך פון זיי וואלטן אוועק אויף קאטארגע, ווען עס ווייזט זיך ארויס דעם אמת וועגן דעם, וואס זיי האבן אפגעטאן.

סוף כל סוף האט זיך די באבע דערשלאגן קיין ווילנע און ס'איז איר געלונגען איינמאל איר מאן צו זען אין טורמע. „שרה־כאשע", האט איר שמעון געבעטן, „גיי זאג זיי, אז אויב איך האב, חלילה, איין רגע געקלערט וועגן מסר'ן זיי, בין איך גרייט זיך אוועקצולייגן אויפ'ן שול־הויף און יעדערער זאל מיך טרעטען". שרה־כאשע האט געשריבן פראשעניעס, האט זיך געווענדעט צום מיניסטער אליין, אבער אין קול ואין עונה. איר מאן איז פארשוווּנדן און ווו ער איז אהינגעקומען האט זי נישט געקאנט דערפארן. זי האט נאר געהערט זאגן, אז מען האט אים אפגעגעבן פאר א סאלדאט.

איך אליין האב זיך דערוווּסט וועגן אט דער מעשה נורא ווען איך בין שוין אלט געווען א יאר צוועלף. איך זיץ אזוי מיט מיין מאמען, קומט אריין א איד, ער רעדט מיט איר און איך הער ווי ער זאגט: „זיי האבן אלע געהאט א ביטערן סוף פאר אייער טאטען. שלום מילער'ס פרוי איז געשטאנען ביי איר אויווען, האט זי פלוצלינג אנגעפאנגען שרייען „שמעון", איז אנידערגעפאלן און איז געשטארבן, (דאס איז געווען די פרוי וואס האט מיין באבען נישט געוואלט פארדינגען די פאטשטפור). און מאטל דער שרייבער ליגט א געליימטער און איז געוואָרן שטום". אז דער איד איז אוועק האט מיר מיין מאמע דערציילט וועגן דעם אומגליק וואס האט געטראפן אונדזער משפחה.

אזוי איז מיין באבע געבליבן אן עגונה מיט דריי קינדער, צוויי טעכטער און איין זון. מיין מאמע איז דעמאלט אלט געווען אכט יאר און איז געווען די עלטסטע. איר ברודער איז געווארן א איד א משכיל און א סופר, מיין באבען וואלט נישט געפאסט, איר זון זאל זיך חס וחלילה נעמען צו אן אנדער פאך; האט זי דאך שטאלצירט דערמיט וואס אין איר משפחה איז נישט געווען קיין איין בעל־מלאכה.

איך וויל זיך איצט אומקערן צו מיינע באבעס. ווי איך האב שוין געשריבן אין אנפאנג, האט מיין באבע געהאט א שפייז־געוועלבל און א קליין שטיבל פאר א שכן אין דעם גרויסן אייגענעם הויז. דערפון האבן זיי זיך געמוזט אדורכלעבן. דער זיידע ניסן ווייזט אויס איז ביים לעבן נישט געווען קיין ארימער ייד, ווארום מיין מאמע האט מיר דערציילט, אז ווען מען האט זי חתונה געמאכט, האט מען איר געגעבן הונדערט פופציק רובל נדן און זייער א שיינעם אויסשטייער פון וועלכן איך געדיינק נאך די שיינע קליידער, אחוץ צוויי אטלאסענע מאנטלען, איינעם א לאנגן און איינעם א קורצן. דערצו איז זיין הויז געווען אפן פאר אלע ישיבה־בחורים, ווארום די ישיבה איז אויך געשטאנען אין דער שול־גאס און גאר נאנט. די דאזיקע טראדיציע פון הכנסת־אורחים האבן די באבעס ווייטער געפירט.

די ישיבה־בחורים האבן צו יענער צייט געלעבט אין זייער שלעכטע באדינגונגען; זיי האבן פשוט געליטן הונגער. איך געדיינק נאך אז אימיצער האט געוואלט געבן א נדבה א פוד ברויט, פלעגט ער עס אריינשיקן צו מיינע באבעס און זיי פלעגן עס צוטיילן צווישן די בחורים. אבער די עיקר'דיקע מיצווה זייערע איז געווען וואס זיי האבן זיך אונטערגענומען צו מאכן שבת פאר פופציק בחורים. די באבע פלעגט גיין אלע טאג דאוונען, פלעגט זי ארומגיין אין די שולן קלייבן נדבות, אוודאי גראשנס צי קאפּיקעס. איינער אן אלטער איד האט זיי געהאלפן אין דער ארבייט: ער פלעגט גיין קלייבן שטיקלעך פלייש ביי די קצבים, פיש ביי די פישערס, און מעל, גרינס, גרויפן אין די געשעפטן. מען פלעגט מאכן ניט אבי א שבת, נאר טאקע מיט לאקשן און מיט צימעס. היינט, אז די פישערס האבן פארשטייט זיך געגעבן קליינע פישלעך, פלעגט די עלטער־באבע זיצן און שאבן די קליינע פישלעך, וואס מען פלעגט דערנאך האקן און מאכן דערפון קניידלעך. זומער פלעגט מען שטעלן א טשאלנט פון נייע קארטאפל. אין דער שטעטעלע האלינקע נעבן סלאנים האבן געוווינט יידישע פויערים, וואס קארטאפל איז געווען זייער גאנצע חיונה, פעלגט מען פון דארטן אנהויב זומער ברייגנען זעק מיט נייע קארטאפל פאר די ישיבה בחורים אויף שבת.

איך געדיינק, הגם איך בין געווען א פיצל קינד, ווי שיין מען פלעגט צוגרייטן די טישן. ביים טיילן פלעגן אלע קומען העלפן. ווען מיר האבן שוין נישט געוווינט צוזאמען מיט די באבעס, פלעגן מיינע עלטערן קומען העלפן סערווירן. אזוי האט זיך דאָס געצויגן כל זמן מיינע באבעס האבן געלעבט.

געשטארבן זיינען מיינעביידע באבעס אין איין יאר און ס'איז ווערט וועגן דעם צו דערציילן אן עפּיזאד. איך האב שוין דערמאנט אז מיין באבע געהאט איין זון. געוווינט האט ער אין ביאליסטאק. א וואך פאר פסח קריגט די באבע א בריוו אז דער זון קומט צו איר אויף פסח. אזוי ווי ער איז געווען א חסיד פון סלאנימער רבי'ן, איז געווען זיין אויסרעכנונג, אז ער וועט טאן צוויי גוטע זאכן מיט איינמאל — זיין אויף פסח סיי ביי דער מאמען און סיי ביים רבי'ן. מען האט גלייך צוגעבאקט מצה, ווארום צו יענער צייט האט מען קיין פארטיקע מצה נישט געקאנט קריגן, און דער באבעס פרייד איז געווען אין לשער. אבער מער ווי איין אדער צוויי טעג האט זי זיך נישט געפרייט, ווארום זי איז פלוצלינג קראנק געווארן און ערב־פסח איז זי געשטארבן. נאך דער באבעס טויט, האט דער פעטער דערציילט, אז דאס האט אים זיין פרוי געשאלטן, אז ער זאל האבן א פארשטערטן פסח,

ווייל ער פארט אוועק פון דערהיים. אין דער משפחה האט מען וועגן דעם גערעדט, ווייל די באבע איז געווען א שטארקע, געזונטע פרוי.

## קאפיטל דריי

מיין טאטע איז געווען פון מייטשעט, נעבן סלאנים, דער זון פון א למדן, זיין איינציקער ברודער איז געווען דער שווער פון בארימטן סלאנימער, לידער און נאכהער קאלישער חזן נח זאלודקאווסקי.

מיין טאטע איז געבליבן יונג א יתום און איז געפארן קיין סלאנים לערנען אין דער ישיבה. ער האט געהאט אן ארט צו שלאפן ביי אן אלטער פרוי, וועלכע האט קיין קינדער נישט געהאט. זי פלעגט אים וואשן זיינע וועש, דערפאר האט ער איר געמוזט צוזאגן, אז ער וועט נאך איר זאגן קדיש, און ער האט געהאלטן ווארט. איך געדענק נאך, ווי ער פלעגט האלטן איר יארצייט. געגעסן האט ער נאטירלעך „טעג" ווי אלע ישיבה־בחורים.

ער איז געווען א גרויסער מתמיד, א גרויסער העברייער, געשריבן שיין רוסיש, און דאס אלץ אליין געלערנט, ווארום ער האט קיינמאל קיין לערער נישט אנגעזען, און הגם ער איז נישט געווען פון די אפטע אריינגייער צו מיין זיידן, האט ר' ניסן פון אים געוווּסט און אים אויסגעקליבן פאר מיין מאמעס חתן.

ווי מיין מאמע האט מיר דערציילט, איז זי ראשית נישט געווען אנטציקט פון דעם שידוך; זי האט טאקע געוואלט א חתן, וואס זאל קענען גוט לערנען, אבער, נישט פון א קליין שטעטל. זי איז געווען גאנץ שיין און זייער א קלוגע. און בחורים, וועלכע פלעגן צו זיי אריינגיין, פלעגן זיך וועגן אלץ ווענדן צו איר. איינער א בחור, וועלכער איז נישט געווען קיין ארימער און פלעגט נאר קומען שמועסן מיט די איבעריקע בחורים, האט געבעטן מיין מאמען, וועלכע איז דעמאלט אלט געווען זיבעצן יאר, זי זאל מיט אים חתונה האבן, אבער אין יענע צייטן האבן די עלטערן אויסגעקליבן. איך האב אים געקענט; ער איז שפעטער געווארן א גרויסער גביר, א גאנצער מאכער אין שטאט, געהאלטן די פלייש־קאראבקע און פלעגט גיין שבת מיט א צילינדער. דעם זיידן איז ער אבער ניט געווען געפעלן.

מיין מאמע האט חתונה געהאט צו אכצן יאר, מיין טאטע צו צוואנציק. זייער חופה איז געווען פארבונדן מיט א קוריאז; צוליב די בלאטעס האט מיין מאמע נעבעך צוויי טעג געפאסט און מען האט צוויי מאל געמוזט קאכן חתונה־מאלצייטן, קיין באנען זיינען נישט געווען. פון מייטשעט קיין סלאנים איז דער מרחק געווען פינף מייל, און ווען די וועגן זיינען געווען גוט איז מען אויך געפארן זעקס, זיבן שעה, האט מען זיך גערעכנט, אז די מחותנים וועלן קומען זיבן א זייגער אין אוונט. אבער געסט זיינען צוזאמענגעקומען, כלי־זמר האבן געשפילט, מיידלעך האבן געטאנצט, דער זייגער איז שוין ניין — צען — עלף: נישטא דער חתן, צוועלף: נישטא דער חתן. ערשט נאכדעם, ווי די געסט זיינען זיך צוגאנגען, איז איינס א זייגער ביינאכט געקומען איינער צו רייטן אויף א פערד און האט דערציילט, אז די מחותנים זיינען געבליבן שטעקן אין א בלאטע, האבן זיך קוים געראטעוועט מיט'ן לעבן און וועלן באלד קומען. נו, פארשטייט זיך, אז זיי זענען געווען גוט אויסגעהונגערט ווען זיי זענען אריין און מ'האט זיי געמוזט אוועקגעבן די חתונה־מאלצייט און מאכן אויף מארגן אלץ אויף דער פריש.

מיינע עלטערן האבן זיך באזעצט אין סלאנים און מיין טאטע האט געצויגן פרנסה דערפון, וואס ער האט געלערנט מיט פיר גרויסע בחורים, אבער דער זיידע, ניסל, האט אים באלד איבערגעגעבן זיין שטעלע אלס משולח פון רבי מאיר בעל הנס. כמעט אין יעדן הויז אין סלאנים איז געווען צוגעקלאפט צו דער וואנט א פושקע פון רבי מאיר בעל הנס און מען פלעגט די פושקעס אויסליידיקן צוויי מאל א יאר. זומערצייט פלעגט מען ארומפארן אין די שטעטלעך ארום סלאנים. מיין טאטע האט שוין געהאט א שטענדיקן פורמאן, מיט וועלכן ער איז ארויסגעפארן זונטיק און צוריקגעקומען פרייטיק.

איינמאל האט מען ביי מיין טאטן אונטערוועגס ארויסגעגנב'עט זיין פעקל זאכן מיט'ן טלית און תפילין.

אין סלאנים האט דעמאלט געלעבט א איד וועלכער פלעגט שטענדיק זיין אנגעטאן זויבער מיט א שווארצן לאנגן סורדוט, און מען האט אים גערופן פישל, דער רבי פון די גנבים. אז מיין מאמע האט געקראגן פון מיין טאטן א בריוו, אז מען האט אים בא'גנב'עט, איז זי געגאנגען צו דעם פישלען בעטן ער זאל איר העלפן. און פישל איז געווארן שטארק בייז: „ס'טייטש, צונעמען ביי רב שואל'ן זיינע זאכן, מיט דעם טלית און תפילין! איך וועל זיי שוין געבן! קומט אי"ה מארגן", זאגט איר פישל. זי קומט צוגיין אויף מארגן, זאגט איר פישל: „וואס זאל איך טאן מיט זיי? זיי ווילן האבן דריי רובל. גיט דריי רובל און לאזט היינטיקע נאכט פאר צוועלף אזייגער די טיר פון פארהויז אביסל אפן, וועלן זיי אריינווארפן דאָס פעקל". די מאמע האט אים געגעבן די דריי רובל און האט זיך געזעצט ווארטן. איך בין דעמאלט געווען א קניד פון אפשר אכט יאר און איך געדענק, ווי זי האט מיך געבעטן, איך זאל נישט גיין שלאפן און זיצן מיט איר. בקיצור, מיין מאמע האט שוין די נאכט נישט געשלאפן און די זאכן האט מען נישט אריינגעווארפן. אויף מארגן, איז די מאמע ווייטער געגאנגען. — „ס'טייטש? רב פישל!" — „נו, וואס זאל איך טאן מיט יונגאטשעס? זיי ווילן נאך צוויי רובל און וועלן שוין די נאכט דאס קעסטל געוויס אייך באזארגן אהיים". די מאמע האט געגעבן די צוויי רובל און די זאכן זיינען געבליבן פארפאלן.

אז דיביידע באבעס מיינע זיינען געשטארבן, האבן מיינע עלטערן איבערגענומען דאס הויז, אביסל איבערגעבויט, שענער געמאכט, אבער פון מאכן שבת פאר אזויפיל בחורים האט שוין נישט געקענט זיין קיין רייד. אבער איבערלאזן די בחורים אויף גאט'ס באראט האט מיין טאטע אויך נישט געוואלט, איז וואס האט ער געטאן? פרייטיק פלעגט ער דאווענען קבלת שבת פאר זיך, אנידערשטעלן זיך אינמיטן שולגאס, ארומנעמען ארום זיך אלע בחורים וועלכע האבן קיין שבת נישט געהאט, און אויסזינגען: „אידן, נעמט א בחור אויף שבת!" מיט אזא מתיקות, אז ער האט באצוווּנגען א סך הערצער. פלעגן איבערבלייבן א פאר בחורים א חוץ זיינע אייגענע אורחים, פלעגט ער זיי אריינפירן אין דער אידישער שענק און שפעטער פאר זיי באצאלן.

בכלל האט די סלאנימער ישיבה פארנומען א וויכטיקן ארט אין מיין טאטענס לעבן. די ישיבה איז געווען א גרויסע און ס׳האבן אין איר געלערנט נישט נאר סתם בחורים, נאר אויך מופלגים, עילויים און מוסמכים. פון אלע קליינע שטעט־לעך ארום סלאנים האבן זיך געצויגן אהין תלמידים און לערנער. ווען עלטערן האבן געוואלט, אז זייער קינד זאל קענען לערנען און אין שטעטל זיינען נישט געווען קיין גרוי־סע מלמדים, וואס האבן די עלטערן געטאן? א מייטשעטער מאמע, למשל, איז גלייך נאך פסח אויפגשטאנען פארטאג, גענומען דעם דרייצן אדער פערצן יאריקן אינגל און געגאנ־גען מיט אים צו פוס ביז סלאנים. פארן מיט א פור האט געקאסט דרייסיק קאפיקעס פאר א פארשוין און אן ארימע פרוי האט זיך נישט געקענט דערלויבן אויסגעבן זעכציק קאפיקעס, איז מען געגאנגען די פינף מייל פון מייטשעט ביז סלאנים צופוס. אמאל האט זיך געמאכט אז אונטערוועגס איז אנגעפארן א פויער, האט מען געקענט צופארן פאר צען גראשן. דעם אינגלס גארדעראבע, די פאר פארלאטעטע העמדער מיט די תפילין, האט מען געפאקט אין א זעקל, וועלכער איז נאכהער גוט צונויף געקומען אנצושטאפן מיט שטרוי, איז געווען אויף וואס צו שלאפן.

אנקומענדיק אין סלאנים, די ערשטע זאך וואס מען האט געטאן איז געווען אריינגיין אין יעדער שטוב און אויסבעטן א „טאג״ פאר׳ן אינגל. מען האט אמאל געקענט אפגיין א גאנצן טאג און נעבעך קיין „טאג״ נישט קריגן, ווי ווער עס האט געהאט מזל. ס׳זיינען געווען אזעלכע בחורים, פון די גרעסערע, וואס זייער מאמע האט זיי נישט געדארפט פירן פאר דער האנט, און וואס האבן אפילו געהאט „טאפעלטע טעג״, דאס הייסט, זיי האבן געהאט בעלי־בתים פון וועמען זיי פלעגן קריגן נישט קיין מאלציייטן, נאר עטליכע קאפיקעס, מיט וואס זיך אליין איינקויפן דאס עסן. און אויב זיי האבן דעם זעלבן טאג געהאט ערגעץ ווו א „טאג״ אן געלט נאר מיט מאלצייט, פלעגן זיי אים פארקויפן צו אן אנדער בחור. אזוי איז אנגעגאנגען א מסחר מיט „טעג״.

געענדיקט ארומגיין פארזארגן דעם אינגל מיט „טעג״, האט די מאמע געדארפט גיין דעם בחור באשטעלן אין דער ישיבה. דער משגיח ר׳ לייב האט ניט געקוקט צי די אידענע האט געלט צי ניט. ער האט געהייסן באצאלן, דריי, צי פינף רובל. איך געדענק ניט ריכטיק. אפשר איז ער געווען גע־רעכט? האט מען דאך געדארפט אויסהאלטן די ישיבה. אבער די פרויען, וועלכע זיינען געקומען מיט זייערע קינדער, האבן אים געהאלטן פאר א גזלן. בקיצור, די, וואס האט געהאט געלט, האט זיך געדונגען און דאך עפעס באצאלט. שווער איז געווען פאר דער ארימער פרוי.

מייטשעטער עלטערן פלעגן זיך ווענדן אין אזא פאל צו מיין פאטער, ער זאל זיך משתדל זיין ביים משגיח:

ר׳ שואל, איך האב שוין פאר מיין אינגל א פאר „טעג״ און איצט וויל אים דער משגיח ניט אננעמען אהן געלט. ווו זאל איך אים נעמען? איך מוז דאך דעם אינגל איבער־לאזן א פאר גילדן, צו שלאפן האב איך אים באזארגט אין דער שוסטערשער קלויז; איך האב מיטגעבראכט א זעקל, וועט ער עס אנשטאפן מיט שטרוי.

איז מיין טאטע געגאנגען צו ר׳ לייב משגיח און יענער האט ניט איבערגערעדט קיין ווארט און צוגענומען דעם אינגל אין דער ישיבה.

דאס ברויט וואס בעלי־בתים האבן געגעבן אלס נדבה, האט מען ווייטער געבראכט צו אונדז אין שטוב, און יעדן זונטיק פלעגט מיין מאמע שטיין און שניידן די גרויסע לאַ־בענס. אמאל פלעגן א פאר בעלי־בתים אריינשיקן עטליכע גילדן, האט מען געקענט יעדערן געבן א פאר קאפיקעס, ער זאל זיך קויפן עפעס צום ברויט. זומער האט א בחור געקאנט אפקומען מיט קויפן פאר א קאפיקע צוויי גרויסע אוגערקעס אדער א ברושקע, ניט געקוקט אויף דער גאנצער מי, פלעגן אבער א סך בחורים אפט ליידן הונגער.

געשלאפן איז מען אין דער ישיבה, אויף אלע בענק און טישן, און אזוי אויך אין אלע שולן. ניט אלע האבן געהאט א זעקל אויף צו מאכן א שעניק, איז מען געלעגן אויף דער הוילער באנק, און געלייגט צוקאפנס דעם בגד, וואס מען האט געהאט, און וואס האט געדינט זומער ווי א קישן, ווינטער ווי א קאלדרע. זיי האבן אפגעהיט דעם פסוק: פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה ועל הארץ תישן — זאלסט עסן ברויט מיט זאלץ און טרינקען וואסער מיט א מאס און שלאפן אויף דער ערד.

איך האב דא אביסל באשריבן וואס עס האט זיך אפגע־טאן ביי מיינע עלטערן אין הויז יעדן אנהויב „זמן״. איצט וויל איך דערציילן וועגן סוף „זמן״. סוף „זמן״ איז געווען די „הרת עולם״ צייט פון מיין טאטענ׳ס גוטע פריינד, די מלמדים מיט פריוואטע חדרים, וואס זיינען זיך געגנוג אויס־געשטאנען ביז זיי האבן פון דאסניי צוזאמענגעשטעלט און פארפולט זייערע חדרים, ווארים די תלמידים פלעגן זיך בייטן כמעט יעדן „זמן״. עטליכע פון זיי זיינען געווען גמרא־מלמדים, וועלכע פלעגן לערנען מיט פופצן, זעכצן יאריקע בחורים, ווי משה לפידות, משה יוסף, חיים הירשל, איטשע שמויס, איטשע גוי ((דער דאזיקער איטשע גוי איז געווען א גרויסער למדן און זייער א פרומער איד, אנידעריקער, א פרייליכער, וועלכער פלעגט זיך יעדן פורים אנטאן ווי א גוי, אריינשטעקן א האק אין פאסיק און גיין איבער די גבירישע הייזער זינגען ווי א שיכור און אזוי ארום צוזאמענקלייבן א סך געלט פאר ארימע לייט אויף פסח). אט די מלמדים פלעגן עס קומען צו מיין טאטן ענדע „זמן״:

„ר׳ שואל עס פעלן מיר נאך צוויי אינגלאך צו האבן פארפולט. גייט אריין צו יענעם, אייער ווארט וועט שוין זיין געווגג״.

און מיין טאטנס ווארט האט טאקע געהאלפן. „אז ר׳ שואל זאגט, אז דער מלמד איז א גוטער, גיב איך אים מיין זון צו לערנען״.

זיי האבן געגלויבט מיין טאטען און פלעגן אים ברייגנען זייערע קינדער צו פארהערן. איינער א איד פלעגט קומען פרייטיק אוונט, בפרט ווינטערצייט, ווען די נאכט איז לאנג און זעקס א זייגער פלעגט מען שוין האבן אפגעגעסן. געהייסן האט ער אברהם אהרון, געווען א שוסטער, אריינגעקומען א פערמאטערטער, ווארום ער האט געוויס דורכגעארבייט דאַ־נערשטיק די גאנצע נאכט, אבער געוואלט האבן דעם נחת, אז ר׳ שואל זאל זאגן, אז זיין קינד לערנט גוט. מיין טאטע

פארפלאנטערן זיך, זיין פאטער זאל ניט האבן קיין צער. נאכ'ן פארהערן פלעגט מיין טאטע זאגן:

„ר' אברהם אהרון, איר האט א גוטן אינגל, ער קען גאנץ גוט". און דער איד איז אוועק א צופרידענער. עס איז אים געווען אנגעלייגט דאס געלט, וואס דער רבי האט אים געקאסט.

שבת נאכמיטאג פלעגט אפט אריינקומען אברהם'ל דער געלער, א געזונטער שטארקער איד מיט זיינע צוויי בנים. אויך זיי פלעגט מיין טאטע אונטערזאגן, הגם ס'איז געגאנגען א ביסעלע שווער, אבער ער האט געוווסט מיט וואס עס וואלט געשמעקט פאר די קינדער, ווען ער גיט זיך ח"ו א קרים. פלעגט ער זאגן: „ס'איז גאנץ גוט ר' אברהם'ל" און צו די אינגלאך: „זעט, קינדערלעך, אז די אנדערע וואך זאל זיין נאך בעסער".

מיין טאטע איז געווען א גוטער בעל־תפילה. ער האט געקענט שחיטה, און ערב שבת, ערב יום־טוב פלעגט ער גיין אין שעכט הויז ארויסהעלפן די שוחטים, ניט פאר גע־צאלט וועגן, חלילה, נאר כדי זיי צו טאן א טובה. ער איז אויך געווען איינער פון די דריי מוהלים פון שטאט, אלע פרייוויליגע, ווארום אין יענער צייט פלעגט א מוהל ניט קריגן קיין באלוינונג. מוהל'שאפט איז געווען א גרויסער כבוד, א מיצווה. די צוויי אנדערע מוהלים זיינען געווען חיים הירשל דער מלמד, א איד מיט א גרויסער בארד מיט צוויי שפיצן, און אבא לאסקעס, א גביר, אין וועמעס שניט געשעפט איך בין אלס מיידל געווען א פארקויפערין. די מלמדים פלעגן זאגן צווישן זיך, אז אבא לאסקעס וואלט זיך גע'שמד'ט פאר א ברית... פאר יעדן ברית פלעגן די מוהלים ווארפן גורל ווער עס זאל קריגן חיתוך, ווער פריעה, ווער מציצה.

אזוי ווי מיין טאטע איז געווען א ספרא רבא אין העב־רעאיש און אין יידיש, און זייער באליבט ביים סלאנימער רב, ר' יוסף רייזין, ז"ל, פלעגט דער רב שיקן צו אים די משולחים, מגידים און לומדים, וועלכע האבן זיך גענויטיגט אין זיינעם א כתב, און ער פלעגט נאר צוגעבן זיין אונטער־שריפט. א חוץ דעם פלעגט מיין טאטע שרייבן יידישע בריוו, וואס האבן געקענט רירן א שטיין. א פאר וואכן נאך דעם ווי זיין בריוו איז אוועק פלעגט דער מאן, צו די פרוי קומען בענשן אים:

„ר' שואל, געזונט זאלט איר זיין, מיין זון האט זיך אפגערופן; מיין קרוב האט אריינגעשיקט אביסל געלט".

דערביי איז ער ניט געווען אויסגעטאן פון דער וועלט און האט פערשטאנען טועם צו זיין פון דעם זיסן יידישן שטייגער לעבן. אז מיין שוועסטערקינד נח, דער סלאנימער און לידער חזן, האט געקראגן דעם רויטן בילעט און איז פריי געווארן פון פריזיוו, האט מיין טאטע געקויפט א פלאש בראנפן, צוזאמענגערופן די פאר גוטע פריינט, געדונגען א פור ביי פסח דעם בעל־עגלה און מ'איז געפארן ארויסנעמען דעם יונגנמאנטשיק פון זיין באהעלטעניש און אים צוריק־ברייינגען קיין סלאנים. דעם גאנצן וועג האט מען זיך משמח געווען און געזונגען אזא מין ליד:

א גאט אויף דער וועלט האבן מיר,
בראשית ברא לערנט ער אונדז,
ווייל איז אונדז, זייער גוט,
יידיש לעבן איז זייער גוט.
האפ!

ער איז געווען אן עסקן אין עטליכע פאראיינען, ווי, צום ביישפיל, דער חברה שומרי שבת, און גבאי אין דער חברה־קדישא (מיר האבן געהאט א „שטאט" אין זייער שול). די שומרי שבת פלעגן גיין איבער די קראמען און ווארשטאטן ערב שבת און ערב יום־טוב, און א דאנק זיי האב איך זיך באקאנט מיט ר' יהודה שליפער, ווייל איינמאל האט די חברה געמאכט א סעודה'לע ביי אונדז אין דערהיים, און ר' יהודה האט ביי אונדז געקאכט דעם מאלצייט.

ר' יהודה שליפער אן אראמאן אין זיבן פאלעס, איז געווען דער משגיח אויף די עירובין, פון אט דער השגחה האט ער מישטיינס־געזאגט, געלעבט, דאס הייסט פון דעם עירוב געלט, וואס ער פלעגט גיין צוזאמענקלייבן מיט דער פושקע. ער האט געקענט אלע עירובין אויף אויסווייניק, און טאמער פלעגט זיך אן עירוב איבעררייסן, פלעגט ער אויס־רופן אין די שולן אז דעם שבת טאר מען נישט טראגן. אבער ניט נאר די עירובין, אין גאנץ ש"ס איז ער געווען קלאר, אזוי אז מען האט אים גערופן רבי יהודה אפילו אונטער די אויגן.

פון וואנען און צוליב וואס האט דער לומדישער איד זיך אויסגעלערנט קאכן, ווייס איך ניט, אבער עס איז א פאקט, אז ער האט געשמט פאר א גוואלטיקן קוכער. די כ' טבת סעודה פון דער סלאנימער חברה־קדישא (זי האט זיך איי־גענטליך געצויגן עטליכע טעג), פלעגן קאכן ער און הערצעל דער שענקער. און איר דארפט וויסן, אז עס איז געווען אויף דער סעודה ווי אויף דער שענסטער חתונה (מען פלעגט אחוץ דעם יעדן חבר אריינטראגן א פערטל גאנז אין שטוב). די חברהלייט האבן זיך אזוי אפגערוט פון זייער יאר שווע־רער ארבייט — אחוץ די מקברים האבן אלע געארבייט לשמה, און מיין טאטע האט זיך משמח געווען מיט'ן גאנצן קהל.

## קאפיטל פיר

מיין מאמע איז געגאנגען זייער שיין געקליידעט. שטענ־דיק נאך דער מאדע און אויסערגעוויינליך זויבער. זי איז געווען זייער פרום, אבער בעת איר אייגענע מאמע איז גע־גאנגען מיט אפגעגאלטע האר און האט אנגעטאן א הארבאנד אויפ'ן קאפ האט זי שוין געטראגן א פארוק, וואס איך פלעג אים פון צייט צו צייט ברייינגען דער פארוקמאכערין אויס־צופלעכטן.

איך האב שוין פריער באשריבן ווי מיין טאטע־מאמעס שטוב איז געווען אפן פאר אלעמען, דאס איז געווען מעגליך, ווייל מיין מאמע האט פאר אלעמען געפונען אן ארט. מיין טאטענ'ס קרובים פון אויסער־האלב שטאט (איך האב שוין דערמאנט, אז ער איז ניט געווען קיין סלאנימער), פלעגן באטראכטן אונדזער הויז ווי זייער געוויינליכע סטאנציע. זי האט אלעמען אויפגענומען בסבר פנים יפות. קיינמאל האט זי ניט געזאגט: ס'איז מיר צו שווער, וואס וועל איך געבן? פונוואנען וועל איך נעמען?

דער שמש פון הכנסת־אורחים פלעגט קומען צו איר און זאגן: „רב שואל'ס ווייב, היינט איז דא א בכבוד'ער אורח. זאל ער קומען צו אייך צו וועטשערע?" דער ענטפער איז שטענדיק געווען יא. זי פלעגט לכבוד יעדן אורח דעקן דעם טיש מיט א טישטוך און אנצינדן צוויי ליכט, און דער טאטע פלעגט ברענגען א ביסל בראנפן. ביים אוועקגיין האט זי דעם אורח באגלייט מיט א ליכט צו דער טיר, זאגענדיק, אז אזוי האט זיך אברהם אבינו נוהג געווען, און אים אריינגערוקט אין דער האנט א מטבע איינגעוויקלט אין א פאפירל.

פלעגן קומען צופיל געסט, פלעגט מען אראפנעמען א טיר פון א שאפע, אוועקלייגן אויף צוויי שטולן, אונטערבעטן א קאלדרע אדער עפעס אן אלטע זאך, אדער אראפנעמען א קישן פון צוקאפנס ,און שוין איז געווען א געלעגער.

איך געדיינק נאך עטליכע פון אונדזערע שטאמגעסט, איינער פון זיי האט געהייסן איטשע־יאנקל, מיין טאטנס א ווייטער קרוב. א מייטשעטער געבוירענער און א מייטשעטער אידעם, איז ער געקומען קיין סלאנים זיך לערנען ביים חזן זינגען. ער האט ביי אונדז געגעסן שבתים און ביי אונדז געשלאפן. מיין מאמע האט אים שוין געמאכט א געלעגער.

אן אפטער גאסט איז אויך געווען מיין טאטענ'ס אן אנדער קרוב, איטשעלע ביעלעגורנער, א רייכער איד, וועלכער האט געהאט א הויף אין ביעלעגורנע. איינע א פריצטע האט זיך אויף אים אנגעזעצט, קעגן אים פארפירט פראצעסן און צום סוף ביי אים אפגענומען זיין פאסעסיע. ווען ער פלעגט אריינפארן קיין סלאנים, פלעגט ער קומען צו אונדז. ער האט שוין געהאט א חזקה אויף א קאנאפע.

אויך איטשעלעס איידעם, רב בעריש, א רב אין אן ארומיקע שטעטל, פלעגט אויפגענומען ווערן מיט'ן שענסטן. איינמאל, אין ווינטער, האט זיך זיין שליטן איבערגעקערט אויפ'ן וועג צום שטעטל און ער האט זיך גוט צעקלאפט. מ'האט אים צוריקגעבראכט און ער איז עטלעכע טעג אפגעלעגן ביי אונדז. אברהם־הירשל איז שוין דעמאלט געווען מיין חתן און האט גרויס הנאה געהאט פון זיינע דברי תורה.

פאר ר' הירשן דעם מלמד פלעגט מיין מאמע קאכן מיטאגן. די פרוי פון ר' הירש האט געהאט אין מייטשעט א קראם, וואס האט געטראגן וואסער אויף קאשע, און אזוי ווי זי איז מיין טאטענ'ס א נאנטע קרובה איז ער אראפגעקומען קיין סלאנים. דער פרומער גביר, ר' ישראל זעלוועך, האט אים גענומען אלס רבי צו זיינע צוויי זין.

ווי אן אייגן קינד איז ביי אונדז געווען נח, א מייטשעטער בחור'ל, וועלכער האט געלערנט אין דער סלאנימער ישיבה און איז נאכדעם געווארן דער בארימטער חזן נח לידער אדער נח קלאגער. מיין טאטע האט געהאט א ברודער יאשע, וואס פון די דרייצן קינדער וואס ער האט געהאט, איז אים געבליבן איין טאכטער שירקע־רחל. אלס סגולה האט מען אים געראטן זי ארויסצוגעבן פון זיין רשות און מאכן זי פאר א כלה. מען האט איר דעריבער צו צען יאר פאר'קנס'ט מיט'ן דרייצן יאריקן נח. צוויי, דריי יאר שפעטער האט מען זיי חתונה געמאכט.

קורץ נאך די תנאים האט מען נח'ן געשיקט קיין סלאנים און ער איז געווען ביי אונדז ביז צו דער חתונה.

דער קליינגעוויקסיקער בחור'ל איז קוים אלט געווען פערצן־פופצן יאר, ווען ער האט אנגעהויבן דאווענען פרייטיק צונאכטס אין פארשידענע קלויזן און שולן. ווען ער האט געדארפט שטיין צום פריזיוו, האט מען אים פארבאהאלטן ביי זיינער א מומע אין א דארף. ער איז דארט אפגעווען אפשר א האלב יאר צייט און אן אנדערער האט פאר אים געצויגן א נומער. זיין מאמע שיינע־רחל, א שיינע פרוי, א חכמה, מיט גרויסע בלויע אויגן, פלעגט דעמאלט אפט קומען צו אונדז פון מייטשעט זיך דערוויסן וועגן דעם גאנג פון דעם פריזיוו. זי פלעגט די פינף מייל פון מייטשעט קיין סלאנים דורכשפאצירן צופוס און אונטערוועגס פלעגט זי אויסטאן די שיך, זיי צובינדן צוזאמען און זיי פארווארפן אויפ'ן אקסל.

וואלט מיין מאמע ארויסגעוויזן אומפריינדליכקייט צו פרעמדע, וואלט מען איר געוויס באדארפט מוחל זיין. ווארום ניט נאר האבן פארדארבענע מענטשן ביי איר אוועקגענומען איר טאטען אין אירע יונגע יארן, נאר זי האט זיך אויך שרעקליך אנגעליטן אלס מוטער. א סך קינדער אירע האבן קוים אנגעזען די ליכטיקע שיין און זיינען אוועק פון דער וועלט. איך בין געווען די עלטסטע, ווייל פאר מיר זיינען צוויי קינדער געשטארבן אין קימפעט. איך בין דעריבער געווען א ציטעריקע, און צוויי מאל ווען איך בין קראנק געווארן האט מען פאר מיר געצאלט קבורה־געלט. דאס איז געווען אזא סגולה כדי די חברה־קדישא זאל ח"ו ניט אויסקוקן אוף א פדיון.

זעקס קינדער האט מיין מאמע דאך באוויזן צו דערציהען, און אין יענע יארן פלעגט מען א מיידל געבן זויגן ביז 23 מאנאט, א אינגל עטוואס ווייניגער — טאמער וועט צופיל פון דער מאמע'ס מילך אים טעמפ מאכן דעם מח. מיין מאמע האט מיר דערציילט, אז אין די לעצטע חדשים איידער איך בין געווארן אנטווינט, פלעג איך איר אליין צוברענגען א בענקל, איר זאגן: „זעץ זיך מאמע" און גלייך מאכן די ברכה.

אז איך בין געווען א קליין מיידל האט מיין מאמע מיך אויסגעלערנט אזא לידל:

אז עס וווינען אינאיינעם
צען פאר שכנים,
קינדערלעך ווי אין מצריים,
און באקן אלע
אין איין אויוון חלה,
איינע ברעכט די הענט:
די חלה איז פארברענט;
די צווייטע שרייט: אוי ווי
די חלה איז רוי.

דאס לידל איז געווען צוגעפאסט צו דער לאגע ביי אונדז אינדערהיים. דאס הויז איז באשטאנען פון פיר שטובן. מיר האבן געוווינט אין דער שטוב, וואס פאר'ן גאס; אנטקעגנאיבער, אין דעם זעלבן פירהויז, האט די באלעבאסטע געוווינט אין איין קליינער שטוב, א שכן אין דער צווייטער, נאך א שכן האט געוווינט אין א שטיבל אויפ'ן הויף, און ביי יעדערן פון די שכנים איז געווען צו עטליכע קינדער. אין פירהויז, צווישן אונדזער דירה און די צוויי שטיבלעך, איז געשטאנען א

גרויסער באַק־אויוון וואָס אַלע ווייבער האָבן אין אים געבאַקן ערב־שבת און יום־טוב און פלעגן דעריבער ווערן שרעקליך אויסגעמאַטערט. וויפיל האָט מיין ליבע מאַמע זיך אָנגעהאָרעוועט די צוויי טעג דאָנערשטיק און פרייטיק! נאַטירליך האָט איר די אַרבייט לכבוד שבת אויך פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן, וואָרום אין יעדער יידישער שטוב פלעגט מען צוגרייטן שבת ווי אַ גרויסע שמחה. יעדע פרוי האָט געזען אָנגרייטן וואָס שענערע און בעסערע עסנס, און אָנגרייטן אַ סך. איינקויפן פלעגט מיין מאַמע דאָנערשטיק פאַרמיטאָג ביים קצב דאָס פלייש, אויפ׳ן מאַרק די פיש, די מערן אויף צימעס, רעטשקע מעל אויף אַ גוטמאַן (אַזאַ מין קוכן) און ווייסע מעל אויף חלה און אויף לאָקשן. די לאָקשן פלעגט זי שניידן דין ווי זאַפּראַן.

דעם אויוון פלעגט אייַן וואָך אייַנהייצן די באַלעבאָסטע, די צווייטע וואָך מיין מאַמע, און דעמאָלט פלעגט מיין טאַטע שוין אַריינלייגן די שייטער האָלץ דאָנערשטיק פאַרנאַכט. פרייטיק זעקס אַזייגער אינדערפרי האָט שוין דער אויוון געברענט און די פיר ווייבער האָבן זיך אַרום אים געפּאַרעט. יעדע פרוי האָט געקאַכט צו עטליכע טעפּלעך, וואָס זי פלעגט אַריינשטעלן און אַרויסנעמען מיט ווילקעס, דאָס הייסט אַזעלכע שטעקנס פון פאַרשיידענער גרויס, וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט אייזערנע שפּיצן. אַז דער אויוון איז שוין געווען גוט איינגעהייצט, האָט מען אויסגעקערט די קוילן מיט אַ בעזים, וואָס איז געמאַכט פון צווייגן, פון אַ נאַדלבוים, וואָס האָט געהייסן אַ פּאָמעלע און וואָס מען פלעגט איינגעצן אין וואַסער איידער מען האָט זיך דערמיט באַנוצט. ביים אַריינזעצן די חלה איז יעדע אידענע געשטאַנען מיט איר געבעקס און האָט קאַמאַנדעוועט: שכנ׳טע, זעצט מיינע חלות אין יענעם ווינקל, דאָ איז דער אויוון צו הייס אָדער צו קאַלט א. אַז. וו.

די חלות זיינען געווען פון אַלערליי מאָדעלן: אויף שבת, אַ גלאַטע חלה מיט אַ קליינעם פלעכטל; אויף ראש־השנה, אַ רונדע; אויף יום־כיפור, אַ לאַנגע מיט אַ לייטער פון אויבן; אויף סוכות, אַ לאַנגע געפלאָכטענע חלה. יעדע חלה האָט געהאַט איר באַטייט: אַ קיילעכדיקע חלה האָט געמיינט אַ רונדער יאָר; אַ לייטער, אַז די תפילות זאָלן אָנקומען צו גאָט; די סוכות׳דיקע געפלאָכטענע קיטקעס זיינען געווען אַ רמז אויף שמחה.

אויסגעבאַקן די חלות האָט מען געדאַרפט הייצן דעם אויוון אויף טשאָלנט, ווידער אַ שווערע אַרבייט. אָבער אַז עס איז געקומען דער שיינער פרייטיק אָוונט, איז גאַרניט געווען צו דערקענען אַז מיין מאַמע האָט די פּאָר טעג אַזוי פיל געאַרבייט. די קדושה פון שבת האָט גערוט אין אירע אויגן.

ס׳האָט אויך ניט געפעלט קיין אַרבייט אַחוץ דאָנערשטיק און פרייטיק. די ציג וואָס מיר האָבן געהאַט און שפּעטער די קו וואָס האָט פאַרנומען איר אָרט, האָבן אויך פאַרלאַנגט דאָס זייעריקע. די קו איז געשטאַנען אין אַ שטאַל אויפ׳ן הויף. ווינטער פלעגן מיר ברענגען ברייע. זומער פלעגט דער קהל׳שער פּאַסטוך אַרומגיין מיט דער טרובע צוזאַמענעמען די קי און זיי פירן צו דער קהל׳שער פּאַשע.

און וואָס זאָל איך זאָגן וועגן די אַנדערע מלאכות פון אַ אידישער ווירטין? נאָך חנוכה פלעגט מען קוילענען גענז און פּרעגלען שמאַלץ אויף פסח; נאָך פורים פלעגט מען קאָכן מעד, לאָזן שטיין אַ דריי וואָכן און דורכזייען; חודש אלול פלעגט מען איינשטעלן אוגערקעס אויף ווינטער און געווען באַלעבאָסטעס, וועלכע פלעגן פאַרקלאַפּן אַ פאַס און עס אַריינלייגן אין טייך אויף פסח; נאָך סוכות פלעגט מען איינשטעלן קרויט. מיין מאַמע האָט אויך געהאַט אין איר שפּייזאַלמער זאַק מיט געטריקנטע באַרנעס.

## קאַפּיטל פינף

צו זעקס יאָר האָב איך אָנגעפאַנגען צו לערנען. מיין ערשטע לערערקע איז געווען מושקע — די רביצין. מען האָט זי אַזוי גערופן, נישט ווייל איר מאַן איז געווען אַ רב, נאָר ווייל זי האָט געהאַט דאָס גליק צו קענען דאַווענען. האָט זי גענומען אַ סידור, פאַרשניצט אַ שטעקל, וואָס מ׳האָט עס גערופן אַ טייטל, און איז געגאַנגען קנעלן מיט אָנפאַנגער. פרויען, וועלכע זיינען געבליבן אַלמנות האָבן זיך גענומען צו איינער פון צוויי פרנסות: אָדער צו לערנען מיט קינדער, אָדער צו לערנען זיך אויף אידישע מאַמעס ווי צו ווערן אַקושערקעס (מ׳האָט זיי דעמאָלט גערופן באָבעס).

אויב יעדער איד, אַפילו דער ישובניק, האָט לכל הפחות געקענט עברי, האָבן אַ סך פרויען פון אָרימען שטאַנד נישט געוווּסט די צורה פון אַן אות. אַן אָרימאַן פלעגט זיין טעכטערל אַוועקגעבן פאַר אַ דינסט־מיידל, ווען זי איז קוים אַלט געווען צוועלף יאָר. שפּעטער, ווידער, פלעגט דער עול פון פרנסה אַוועקנעמען ביי אַן אָרימער פרוי אַלע אירע כוחות, און וואָס פלעגט זי נעבעך פאַרדינען? פאַר פאַרקנעטן אַ דייזשע ברויט ביי אַ בעקער — אַ צענערל (צען גראָשן, דאָס הייסט פינף קאָפּיקעס), און געמיינט האָט דאָס פינף שעה שווערע פּראַצע. פאַר שווענקען אַ באַלעבאָסטעס וועש אין טייך — אין ווינטערצייט פלעגט מען ביי גרויסע פראָסט שווענקען די וועש אין אַ פּאָלאָנקע, דאָס הייסט אין אַזאַ לאָך אויסגעהאַקט אין דעם פאַרפראָרענעם טייך — פלעגט מען פאַרדינען אַ פּאָר קאָפּיקעס. דעריבער זיינען אין ימים־נוראים געווען אין אַלע ווייבערשע שולן פירזאָגערינס, און „בעזגראַמאַטנע" ווייבער אַרום איר פלעגן איר נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט.

לאַנג בין איך ביי מושקע׳ן דער רביצין נישט געבליבן. מען האָט מיך נאָכדעם אָפּגעגעבן צו אַ מלמד, וועלכער האָט געהייסן מאַדיל. אין זיין חדר האָבן זיך געלערנט אַ סך קינדער, איינגלעך און מיידלעך. די איינגלעך פלעגט ער שרעקליך שלאָגן. און פאַרגעסט נישט, אַז דאָס זיינען געווען קליינע קינדער, אָנפאַנגער. אויך מיידלעך האָט ער נישט געשאָנעוועט. איינמאָל, איידער איך בין אַריין אין חדר, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ריידן מיט אַ חבר׳טע. מאַדיל האָט עס דערזען דורכ׳ן פענצטער, איז ער אַרויס און ער האָט מיך פאַר די צעפּ אַריינגעשלעפּט אין חדר.

אַז מלמדים מעגן שלאָגן קינדער, איז געווען אַן אָנגענומענע זאַך. מען דערציילט, אַז אין דער צייט ווען מען פלעגט חתונה מאַכן איינגלעך קורץ נאָך דער בר־מצוה, האָט דער רבי פונקט געהאַלטן אין שמייסן אַזאַ יונגן באַלעבעסל, ווען מען איז געקומען אָנזאָגן די בשורה, אַז דעם בחור׳ל׳ס פרוי האָט אים אין אַמזלדיקער שעה געבוירן אַ זון. דער רבי האָט זיך נישט גענומען צום האַרצן, האָט צוגעגעבן אַ גוטן שמיץ

און האט געזאגט: „מזל־טוב דיר מיט א אינגל".

ווען איך בין אלט געווארן א יאר זיבן אדער אכט, איז געקומען די צייט, איך זאל זיך לערנען שרייבן. מיין „שרייבער" האט געהייסן יאסל; ער האט געהאט ביי זיך אין שטוב א חדר, ווו עס פלעגן זיך צוזאמענקומען, אויף א צוויי שעה, ביי א צוואנציק קינדער, אינגלעך און מיידלעך (אין די געווײנליכע חדרים האט מען נישט געלערנט שרייבן). דעם ערשטן טאג האט מען געדארפט ברענגען צוויי בויגן פאפיר, צוזאמענגענייט אין א העפט (קיין פארטיקע העפטן זיינען דעמאלט ניט געווען). דאס האט געקאסט א קאפיקע. דערצו האט מען געבראוכט פאר א גראשן טינט און א גענזענע פעדער.

שטעלט זיך פאר וויפיל ארבעט אזא „שרייבער" האט געהאט. דאס פאפיר איז געווען אן ליניעס, און ער האט געמוזט פאר יעדן אפליניען זיין בויגן; די פעדערס האט ער אליין געמוזט פארשניצן. פאר די אנפאנגער פלעגט ער אנשרייבן דעם אלף־בית מיט א בליישטיפט און מיר פלעגן די אותיות איבערציען מיט טינט. ערשט דעמאלט פלעגט זיך אנפאנגען די ריכטיקע ארבעט. איינער האט געשריהען: „ר' יאשע, מיין פעדער שרייבט נישט". א צווייטער: „ר' יאשע, מיין פעדער שפריצט". נו, פלעגט ער ארומגיין און פלעגט פארריכטן די פעדערס.

אז מען האט שוין געקענט גוט שרייבן דעם אלף־בית, פלעגט דער לערער אויסשרייבן פאר יעדן איינציקן א שורה צוזאמענגעלייגטע ווערטער און מען האט א שטיקל צייט נאכגעשריבן. דער דריטער עטאפ איז געווען: שרייבן נאך „אנ'אנטפאר". דאס הייסט, דער „שרייבער" האט אנגעשריבן א גאנץ זייטעלע און די תלמידים האבן נאכגעשריבן. נאך שפעטער האט מען שוין געקענט לייענען און מען האט אנגעפאנגען צו מאכן דיקטאטן, אבער דאס איז שוין געווען אינ'ם צווייטן „זמן" פון לערנען.

יעדער „אנטפאר" האט זיך אנגעהויבן מיט דער אידישער דאטע, ווי צ. ב. דעם 12־טן שבט, אבער נישט איינפאך געשריבן, נאר מיט געצוקטע אותיות. נו, ווילט איר, אז קליינע קינדער זאלן קענען נאכמאכן אלע צוקן און קונצן? פלעגן זיך אנפאנגען געשרייען: „ר' יאשע, מאכט מיר דעם נון", א צווייטער האט געבעטן אויסקינצלען דעם שין, א דריטער דעם למד. מען האט זיך געפלייסט, און מען האט זיך אויסגעלערנט. אין שפעטערע יארן האב איך געלערנט שרייבן א היפשע צאל פון מיין מאנ'ס משוררים.

מיין מאמע האט זיך אבער נישט באנוגנט מיט קאפ־לימודים. זי האט געהאלטן, אז א מיידל דארף זיך אויך לערנען קאכן, נייען און אויך האנדלען, כדי צו וויסן ווי אומצוגיין מיט מענטשן. זי האט פיינט געהאט הינטערן־אויוון־זיצער־קעס. דעריבער, ווען איך בין געווארן צוועלף יאר, האט זי מיך ערשטנס אוועקגעגעבן אין דער לער צו א „ווייס נאטנייטערקע", דאס הייסט צו א פרוי, וואס פלעגט נייען העמדער, ציכן, ליילעכער וכדומה. געארבעט האט מען א גאנצן טאג, און אזוי ווי קיין ניי־מאשינען זיינען ניט געווען, פלעגט מען שטעפן מיט דער האנט, ד. ה. זייער קליינע שטיכן. איך האב זיך אויך אויסגעלערנט אויסהעפטן אדער שטריקן. קיין לוין האב איך נישט געקראגן; פארקערט, מיין מאמע האט צוגעצאלט.

צו דרייצן יאר בין איך געווארן א פארקויפערין אין אבא לאסקעס שניט קראם. געפירט האט דאס געשעפט אבא'ס פרוי, לאסקע, און זי פלעגט אויך פארן איינקויפן אין מאסקווע און אין ווארשע, אין לאדזש, טאמאשאוו און זגערש. ס'איז געווען אן אלטע פירמע; מיין מאמע האט נאך געקויפט ביי לאסקע'ס מאמען. ר' אבא אליין איז געזעסן ביים בוך. די אנגעשטעלטע זיינען געווען א פאר יונגע מיידלעך, א חוץ די גרויסע פארקויפערין, וועלכע איז שוין געווען א פריילין און מען האט איר גערעדט שידוכים.

געארבעט האבן מיר פון אכט אין דער פרי ביז עלף אין אוונט. אין די גרעסטע פרעסט פלעגט מען זיצן און ווארטן, טאמער קומט א קונה. ווארום דער קונה האט געוועלטיגט מיט א שווערער האנט און מען האט אים נאכגעגעבן אלע זיינע קאפריזן. אז א בעלעבאסטע איז אריין אין געשעפט וועגן עפעס אן ארטיקל און מען האט איר געשטעלט א פרייז, האט זי זיך ראשית אנגעהויבן צו דינגען, און געדונגען זיך אן א שיעור און א טאלק, און אז מען האט שוין געהאלטן ביים משווה ווערן, איז זי ערשט געגאנגען א קוק טאן און פארגלייכן די פרייזן אין אן אנדער געשעפט. דער סוחר האט אזויפיל אראפגעלאזט פון זיין ערשטן פארלאנג, אז ער האט שוין אליין נישט געוווסט צי ער פארדינט אדער ער ווערט אן ביים עסק. די קונה'טע ווידער איז קיינמאל ניט געווען זיכער, אז זי האט גוט איינגעהאנדלט, ווארום וויבאלד דער קרעמער האט איר די סחורה פארקויפט, איז מסתמא האט ער זי „אריינגעלייגט". אפט פלעגט א באלעבאסטע, אליין מיד־ווערן פון די דינגעניש, זיך בעטן ביי אבא לאסקע ער זאל איר זאגן „אויף נאמנות" וויפיל די סחורה קאסט, און זי וועט אים דערלייגן צען, פופצן פראצענט רווח, אבער אבא לאסקע איז געווען אן אפגעהיטענער איד און זיין נאמנות האט ער נישט געוואלט שטעלן אין קאן.

איז שוין דער קונדין עפעס געפעלן געווארן און איז זי שוין איינגעגענגען אויפ'ן פרייז, האט זי געהייסן, מען זאל דאס גאנצע שטיק ברענגען צו איר א היים, כדי דער מאן, די קינדער, די משפחה, די שכנות זאלן זאגן זייער מבינות. איינמאל האט מיין באבע איינגעקויפט א גרויסע ווינטער־פאטשיילע; די גאנצע גאס האט עס אנגעקוקט, יעדערער האט געזאגט זיין ווארט, און מיין באבע האט עס געלייגט ביי איר אויפ'ן וואג, ווארום, וואס שווערער די שטאף, אלץ בעסער די קוואליטעט.

האט מען א כלה־מיידל געמאכט אן אויסשטייער, איז דאס גאנצע געשעפט וואכענלאנג געלעגן ביי איר. פארקויפט האט מען נאטירלעך אויף בארג און יעדן פרייטיק פלעגן די מיידלעך גיין קאסירן „„וואכערס".

ביי אבא לאסקעס האב איך פארדינט דאס ערשטע יאר 50 קאפיקעס א וואך, וואס איך פלעג האלטן אויף זיך צו קויפן א קליידל. איך בין נאכדעם א שטיקל צייט נישט געווען געזונט און איך בין דעריבער, נאך צוויי יאר צייט, אריבער צו זעליג מאשע'ס, וועמענס געשעפט, אויך פון שניט סחורה, איז געווען אנגרא, דאס הייסט א סך רוהיקער. ביי מאשע'ן (אויך דא איז די פרוי געווען די סוחר'טע) בין איך שוין געווען די איינציקע פארקויפערין.

אין דער פרייער צייט האב איך אריינגעכאפט א פאר

זייטלעך פון א מעשה־ביכל, אדער א ראמאן. לייענען ביכער האב איך אנגעהויבן צו ניין יאר. נעבן אונדז האט געוווינט משה־בער דער איינבינדער. איך האב ביי אים דערשמעקט אזעלכע מעשה־ביכלעך ווי: „קהל חסידים“, „גור־אריה“, „מעשי חסידים“ און אנדערע און ער פלעגט זיי מיך לאזן אדורכלייענען ביז׳ן איינבינדן. אמאל פלעגט אנקומען אין שטאט א פאקענטרעגער, ווי מען האט ביי אונדז גערופן די וואנדערנדע מוכר־ספרים׳ניקעס, ווייל זיי פלעגן גיין מיט׳ן פאק אויף די פלייצעס, און זיך לאזן איבער די הייזער, האט מען אויסגעבעטן 2 קאפיקעס ביי דער מאמע׳ן און איינגע־קויפט א ביכל. פלעגט דער פאקענטרעגער בלייבן איבער שבת — פלעגט מען צאלן א קאפיקע, צוויי, נוץ־געלט און בארגן א פאר ביכלעך. ס׳איז אויך געווען א גרויסער ביכער־געשעפט אין שטאט, ווו מען פלעגט נעמען גרעסערע ביכער אויף פראקאט, שאמער׳ס אדער בלוישטיינ׳ס. וויפיל טרערן האט מען פארגאסן אויף די העלדן, וועלכע זיינען גע׳רודפ׳ט געווארן פון גורל, באזונדערס אויף יוספ׳ן, דעם קרבן פון דינענזאהנ׳ס בוך „דער שווארצער יונגערמאנטשיק“. דערביי האט מען נישט פארפעלט שבת צו לייענען דעם צאינה וראינה מיט׳ן פירוש נופת צופים.

אין יענע יארן איז שוין אין סלאנים געווען א ביבליא־טעק, אבער לייטישע אידן, פון פרומע אידישע טעכטער אפ־גערעדט, האבן זיי אויסגעווייכט. די ארייניגייער פון דער ביבליאטעק האט מען גערופן ביבליאטעקער (מיט׳ן טראפ אויפ׳ן אָ), און א ביבליאטעקער און אן אפיקורוס זיינען אין פאלקס־מויל געווען איינס און דאָס זעלבע, מען האט אפילו דעם אדער יענעם חושד געווען, אז שבת האט ער אין דער ביבליאטעק ארייגעכאפט א פאפיראסל.

איינער אזא ביבליאטעקער יאשקע טרפון, האט געהערט צו מיין טאטענס דור, געווען אן ארייגייער ביי יאשע דעם חזן. זיין ארבעט געדענק איך מער נישט, אבער די טעכטער זיינען געווען פאפיראסן־מאכערקעס, דאס הייסט זיי האבן אנגעשטאפט גילזן מיט טאבאק און געגאנגען פארקויפן די נישט באנדעראלירטע ציגארעטן איבער די האטעלן און געשעפטן. אט דער יאשקע טרפון איז, פארשטייט זיך, יעדן טאג געגאנגען דאוונען. פרייטיק צונאכט פלעגט ער איינ־לאדן צו זיך משוררים און געבעטן זיי זינגען זמירות. „גע־דיינקט אידן“ פלעגט ער זאגן, „איר וועט נאך קומען זאגן אויף מיין קבר: דא ליגט א צדיק“.

פון מיינע חבר׳טעס דערמאן איך מיך וויניק, א חוץ פון חנה־אסתר און פון לאה׳טע, די טעכטער פון ר׳ שמואל׳קע, וועלכער איז דעמאלט געווען דער סלאנימער רבי. ער איז געווען אן אייניקל פון ערשטן רבי׳ן ר׳ אברהם׳עלע, וועלכער איז אין אנהויב געווען א מלמד. מיין טאטע און ר׳ שמואל׳קע האבן יונגערהייט צוזאמען געלערנט אין בית־מדרש. איך געדיינק נאך דאס שיינע הויז, וואס מ׳האט אים אויסגעבויט, ארומגערינגלט מיט גערטנער.

ווען איך בין אלט געווארן 13 יאר, האט אויסגע־בראכן, א פאר טעג נאך שבועות, די גרויסע סלאנימער שריפה, און א גרויסער טייל פון דער שטאט איז אראָפ מיט׳ן פייער, דערונטער אויך דאס הויז פון מיינע באבעס. צום גליק איז מיין טאטענ׳ס בעל־עגלה שוין דעמאלט גע־שטאנען אין אונדזער גאס, גרייט אים צו פירן איבער אידישע שטעט און שטעטלעך, אין דער שליחות פון רבי מאיר בעל הנס. מיר האבן דעריבער באוויזן ארויסצו־ראטעווען א טייל פון אונדזער האב און גוטס, ווי אויך... א זאק מיט פוטער־קיכלעך. מיר זיינען געלעגן א מעת לעת אויף די פעלדער ביז מ׳האט אונדז אפגעגעבן א צימער אין א הויז נעבן דער קהל׳שער בוינע. א פאר חדשים שפעטער, האבן מיר זיך ארייגעצויגן צו העטעך דעם קוימען־קערער און געוווינט א יאר צייט ביי אים אין א צימער. ערשט נאכ־דעם זיינען מיר אריבער צו עט׳ען דער קצב׳טע, אין א גרוי־סער שטוב מיט צוויי צימערן, מיט ווענט געפארבטע מיט אייל־פארב, וואס מ׳האט געקאנט וואשן מיט זייף־וואסער. אין אט דער דירה האב איך פארבראכט מיינע מיידלשע יארן, חתונה געהאט, געלעבט א יאר צייט אויף קעסט, און גע־בראכט אויף דער וועלט מיין עלטסטן זון יצחק.

יחזקאל קאטיק

# זכרונות וועגן ערשטן סלאנימער חסידישן רבי, דעם בעל חסד־לאברהם זצ״ל

...ווען מיין טאטע, וועלכער איז געווען א הייסער קאברינער חסיד, האט זיך דערוווסט, אז זיין רבי ר׳ משה׳לע קאברינער איז נפטר געווארן, איז ער געווארן בלאס און שיעור נישט גע׳חלשט. ער איז באלד אוועקגעפארן קיין קאברין, ווו עס האט זיך דעמאלט צונויפגעקליבן דער גאנ־צער קאברינער כולל, און מען האט אויסגעוויילט פונם כולל — אן ערך ביי א זעקס טויזנט חסידים — זעקס מענטשן, וואס זאלן אויסקלייבן א רבי. פון די זעקס איז אויך געווען דער טאטע. פינף וואכן איז ער דארט אפגעזעסן, און מען האט אויסגעקליבן ר׳ אברהם סלאנימער, א געוועזענער מלמד און א גרויסער למדן. פון אכט קאנדידאטן איז ער געווארן רבי.

...צו אכט־ניין יאר בין איך שוין געווען א פארטיקער חסיד. אז די חסידים פון אומגעגנט, וואס זיינען געפארן צום רבין האבן אויפן וועג זיך אפגעשטעלט ביים טאטן, בין איך פון זיי נישט אפגעטראטן.

דער טאטע פלעגט שיקן צו מיין רבין אין חדר א צע־טעלע ער זאל מיך באפרייען אויף דער צייט, וואס די גרויסע אורחים זיינען ביי אונדז געווען.

אין א האלב־יאר ארום, נאך ר׳ אברהמעלעס „קרוינונג״, איז ער אליין געפארן צו זיינע חסידים נאך ארץ־ישראל־געלט, און ער איז אויך געקומען קיין קאמענעץ. ער איז ביי אונדז געווען שבת. איך בין שוין נישט אפגעטראטן פון אים, געשטאנען נעבן אים און געקוקט אים אין די אויגן אריין און געהארכט. איך בין געווארן א פארברענטער חסיד, האב געקענט אלע סלאנימער חסידישע ניגונים ביז צוויי הונדערט שטיק און געהאפקעט מיט די חסידים און געשעפט נחת פון זיי...

אויפן צווייטן יאר נאך זיין קרוינונג איז דער רבי ווידער געקומען קיין קאמענעץ און ווידער געווען מיין טאטנס גאסט. אט דעם באזוך געדיינק איך מיט אלע פיטשעווקעס. איך געדיינק נאך ווי איצט דעם פאראד, וואס די קאמענעצער חסידים האבן געמאכט זייער גרויסן גאסט.

דער סלאנימער רבי ר׳ אברהם, איז געקומען קיין קא־מענעץ דאנערשטיק פרי אין א בויד מיט דריי פערד. צוזאמען מיט אים זיינען געזעסן דריי משמשים, איינער אן עלטסטער און צוויי געהילפן. נאך זיין בויד זיינען נאכגעפארן פיר בעל־עגלה׳שע פורן מיט עטליכע און צוואנציק בריסקער חסידים, ווידער, ארום דריי מנינים אידן, זיינען ארויסגעגאנגען אנט־קעגן אין בריסקער גאס מקבל פנים זיין דעם רבין. און אז דער פורמאן פון רבינס בויד האט דערזעהן פון וויטן די חסידים גיין, האט ער אנגעהויבן צו פארן פאמעליך. די קאמענעצער חסידים ווידער, אז זיי האבן פון וויטן דער־זעהן דעם רבינס בויד, האבן זיי אנגעהויבן צו זינגען זייער חסידיש ניגונדל, וואס דער סלאנימער רבי האט באזונדערס ליב געהאט. איך בין דעמאלט אויך מיטגעגאנגען מיט די חסידים. דער טאטע האט מיר געוואלט אנטאן א נחת־רוח. און אט, ווי איצט, הער איך דאס זיסע ניגונדל און, ווי איצט זעה איך דעם מחנה חסידים, וואס גייט פון שטאט באגעגענען דעם רבין.

אך ווי פריילעך עס איז געווען!

אז די חסידים זיינען צוגעקומען צום רבינס בויד, האבן זיי די בויד ארומגערינגלט און מען האט אויסגעזונגען א פרייליכן שלום־עליכם, וואס אונדזער טייערער ר׳ ישראל האט פארפאסט, לויט מיין טאטנס בקשה.

די ערשטע האבן דערלאנגט דעם רבין שלום־עליכם מיין פאטער מיט ר׳ ארהעלען, וועלכע דער רבי האט אריינ־גענומען צו זיך אין בויד אריין.

אז די גאנצע צערעמאניע פון שלום־עליכם אפגעבן האט זיך געענדיקט, און געדויערט האט עס נישט ווייניק, האט דער פורמאן א שמיץ געטאן די פערדלאך. די חסידימלאך האבן גענומען פארכאפן ערטער אויף די פורלאך. מען האט גע־כאפט, ווו ווער עס האט געקאנט. פאר די בעסטע ערטער זיינען געהאלטן געווארן די הינטער־ברעטער פון דעם רבינס פורל. בכלל האט מען זיך אויסגעזעצט א חסיד אויף א חסיד, פונקט ווי א וואגן גענז, און עס איז געגעבן געווארן א קאמאנדע:

— געפארן זאל ווערן!...

— וויא! — האבן די בעלי־עגלות א קנאל געטאן מיט די בייטשן. מיך האט דער טאטע אריינגענומען אין בויד אריין צום רבין.

— דאס איז מיין זון!... — האט מיך דער טאטע פא־מעליך פארגעשטעלט. — דיין זון — האט דער רבי פון דער זייט א קוק געטאן אויף מיר — וועט זיין א ווארימער חסיד...

דער טאטע האט זיך געפרייט.

מען האט געטריבן די פערד, און די חסידים האבן גע־זונגען הויך אויפן קול. און א זייטיקער, א קריסט, למשל, וואלט זיכער געקאנט מיינען, אז דאס פארן די סאמע גליק־ליכסטע מענטשן אין דער וועלט, נישט מער, די מלבושים זיינען נישט זייער רייך...

אז מען איז געקומען אין שטעטל אריין, האט מען שוין האפערדיק אונטערגעבראמט אונטער דער נאז, און די התפעלות איז געווען גרויס, פונקט ווי מען וואלט איינגענו־מען א פעסטונג.

אזוי איז מען געקומען צו אונדזער שטוב. דער טאטע האט צוגעגרייט פארן רבין א גרויס צימער און געשיקט צו דוד־יצחקן לייהען דעם גרויסן פאטעל פארן רבין. חסידים

האבן דעם רבין ארויסגענומען פון בויד, אריינגעפירט אים אין זיין באשטימטן צימער, ווו מען האט אים איבערגעלאזן צוזאמען מיטן עלטסטן משמש. די איבעריקע צוויי שמשים האבן זיך צושטעלט ביי די טירן, ווי א שטריינגע וואך פון סאלדאטן. די חסידים האבן זיך צעשאטן אין די איבעריקע חדרים. באלד איז דער עלטסטער משמש ארויס פון רבינס חדר און אנגעזאגט, אז ער, זאל לעבן, האט זיך צוגעלייגט אויף דער קאנאפע, זאל זיין שטיל... זיינען אלע חסידים, ווי איין מענטש, געווארן אזוי שטיל, אז מען האט געקאנט הערן א פליג אויפן וואנט. מען האט מורא געהאט א ווארט אויס־צוריידן.

דערנאך האבן זיך די חסידים גענומען צו דער אר־בעט. מען האט צוגעגרייט א שבת פאר א פאר הונדערט מאן. אלע האבן געארבעט, און די פרעמדע חסידים, די אורחים, האבן זיך צעלייגט אויף די ביינק. די גרויסע סטא־דאלע אונדזערע האט מען יום־טובדיק צוגערוימט, אויסגע־שאטן מיט זאמד און ארום די ווענט האט מען הויך אויס־געלייגט מיט היי פאר די חסידים צו שלאפן. די פורן מיט די פערד מיט דעם רבינס בויד האט מען אוועקגעשיקט צו זעליג אנדארקעס אין סטאדאלע.

מיט א וואך פריהער האט דער טאטע מיט די חסידים געמאכט א חשבון, וואס מען דארף צוגרייטן אויף שבת פאר אזוי פיל אורחים. דער חשבון האט לאנג געדויערט. מען האט באדארפט צוגרייטן פיש און פלייש, וויין און בראנפן, פוטער, אייער, שמאלץ, צימערינג, פייגן, מאנדלען, חלות, בולקעס, ברויט און נאך און נאך. דאס איז אן ארבעט גארנישט קיין קליינע.

ר׳ ישראל ווידער, איז געשטאנען און נאכאנאנד גע־לערנט מיט זיינע תלמידים — זינגערס די ניגונים וואס ער האט צוגעגרייט. צווישן די זינגערס בין איך אויך געווען. ר׳ ישראל איז געווען פארשוויצט, האט געפאכעט מיט די הענט, געטופעט מיט די פיס, קאמאנדעוועט, געדרייט מיטן פינגער און געמאטערט אונדזערע זכרונדלאך, מיר זאלן פארנעמען די נייע ניגונים. קאלטס און ווארעמס האט ער, נעבעך, פון אונדז געהאט. דער עולם האט זיך נישט זייער אויסגעצייכנט מיט א גוט געהער, און ר׳ ישראל האט זיך ממש געבאדן אין שוויס.

ר׳ ישראל האט דא געהאט איין אויפגאבע: אויסלערנען אונדז זינגען. זינגען אליין און מיט אונדז צוזאמען פארן רבין האט ער נישט געוואלט, דאס איז געווען א פרעמדער רבי... ווי א גוטער חסיד, האט ער זיך נאר מתחייב געווען צו שאפן ניגונים פאר דעם פרעמדן רבין!... זינגען נאך אליין — דאס איז שוין געווען איבער זיינע כוחות, און ביי דער גאנצער שמחה האט ער זיך געפילט, ווי אן ארימער און שטאלצער איד, וואס וויל אוועקגיין און מוז דאך פאר־בלייבן.

דער טאטע האט קאמאנדעוועט מיט די עסן־גרייטער, ער האט די ארבעט צעטיילט אויפן אמעריקאנער שטייגער: די גרופע האט געמאכט פיש, יענע גרופע איז געווען פארטאן מיט געבראטנס, אנדערע האבן צוגעריכט דעם שנאפס, מאנכע האבן זיך גלאט געבאמבלט ווי אויף א גבירישע חתונה — און עס איז געווען ליהודים!

צו דער סעודה האט מען געקוילעט א בהמה, קעלבער, גענז און הינער.

פרייטיק האבן די חסידים געבעטן די מלמדים, זיי זאלן באפרייען די חסידישע אינגלאך פון חדר צוליב דעם רבין. איך אבער, ווי א פולקאווניקס א זון, בין באפרייט געווארן נאך דאנערשטיק. און אז די אינגלאך זיינען געקומען פון די חדרים, האט מען זיי אויך מכבד געווען מיט ארבעט. עס איז געווען גענוג וואס צו טאן.

חסידים האבן ליב אין אלץ אריינצוטראגן פרייליכקייט, און בשעת מען האט געמאכט די פיש, פלעגט, א שטייגער, א חסיד נעמען א העכט אין האנט און דערמיט א פאטש טאן דעם צווייטן חסיד סאמע אין פנים אריין. איז געווארן א געלעכטער. אייגנטליך האט מען מער געשטיפט ווי געארבעט. דעם האט מען אונטערגעגאסן א קענדל קאלט וואסער אונטערן קאלנער, א צווייטן האט מען געגעבן צו האלטן א גרויסן פאלומעשאק פיש. האלט ער מיט ביידע הענט דעם פאלומע־שאק און יעדער ציט אים דערוויל פאר דער בארד, פאר דער פאה, פארן אויער, פאר דער נאז... און ער האלט נעבעך דעם פאלומעשאק און קאן זיך קיין עצה געבן. לאכט ער אויך מיט אלעמען. וואס זאל ער טאן?

מיך האט דער טאטע אויך צוגענוצט. און שטיל, אויפן אויער, האט ער מיר איינמאל אנגעזאגט:

פאר א רבין דארף מען דרך־ארץ האבן, פונקט ווי פארן מלך...

דאנערשטיק האט דער טאטע געשיקט רופן דעם בעדער און אים אנגעזאגט, אז די באד זאל ער אויף מארגן צוגרייטן מיט א פאר שעה פריהער; אז עס וועט זיין צוגעגרייט, זאל ער גלייך שיקן אנזאגן, דער רבי דארף גיין אין באד אריין. די מיקווה זאל אויך זיין צוגעגרייט. זאל דער בעדער האלטן גרייט א קעסל הייס וואסער, וועלן קומען מארגן אין דער פריה די חסידים און אריבערגיסן דאס הייסע וואסער אין מיקווה אריין פארן רבינס וועגן. פאר דעם אלעם וועט דער בעדער קריגן א פיינע מטבע.

אויף מארגן זיינען אוועקגעגאנגען פיר חסידים אין באד און איבערגעגאסן דאס הייסע וואסער אין מיקווה אריין. ארום עלף א זייגער איז שוין געווען גרייט די באד. מען האט געבראכט די בויד און עס האט זיך אריינגעזעצט דער רבי מיטן משמש, דער טאטע מיט ר׳ אהרעלען, מיט נאך עטליכע פון די בכבודיקע חסידים — א מנין דארף זיין, און מען איז אוועקגעפארן אין באד אריין. דער טאטע האט מיך אויך גענומען: לויט זיין מיינונג, דארף איך זיך געפינען וואס נענטער צו חסידים און נאך מער צום רבין.

א מנין חסידים זיינען אריין מיטן רבין אין באד. דער עולם האט זיך מיט גרויס יראה אויסגעטאן און זיך אויס־געזעצט אין שוויץ־באד ארום רבין מיט די שעפעלאך ווא־סער. מען האט זיך, ווי איך געדיינק, גארנישט געוואשן. מען האט נאר געקוקט אויפן רבין, אויף זיין נאקעט לייב, געקוקט מיט פחד און נייגעריקייט צוזאמען, פונקט ווי קינדער קוקן אויף א גרויסער וואונדערליכער צאצקע.

דער רבי האט זיך פאמעליך געוואשן און געקרעכצט בעת מעשה מיט פארגלאצטע אויגן. אין דער טונקעלער לופט פון באד האט מאדנע געבלייכט דעם רבינס לייב. און מיר,

א קליין אינגעלע, האט זיך געדוכט, אז זיין נאקעטער קערפער וואקסט ווילעוויז אין דער ברייט און אין דער לייננ.

דערוויל האבן זיך אריינגעגנבעט נאך א צענדליק חסידים, עזות פנימער, וואס וואלטן זיך דורכגעריסן צום רבין אפילו דורך אייזן. זיי האבן זיך אויסגעזעצט נעבן טיר מיט שעפעלאך און אויך געקוקט אויפן רבין. בא זיי איז געווען א קרן כאטש פון ווייטן זען א שטיקל נאקעט לייב דעם רבינס...

אז דער רבי האט זיך ארומגעוואשן, איז ער געגאנגען אין מיקווה מיט מיין טאטן און ר׳ אהרעלען. איך האב זיך אויך נאכגעשלעפט נאך זיי. דער רבי האט זיך געשטעלט ביזן האלז אין וואסער, און די בארד זיינע האט זיך אנגעפילט מיט ליכטיקע בלישטשענדיקע טראפן. עס איז געווען משונה: דער רבי, א איד מיט א גרויסער בארד, שטייט אין א מיקווה וואסער.

פון מיקווה איז דער רבי ארויס מיט זיין געוויינליכן קרעכצן און איז אוועק אנטאן זיך. די חסידים נאך אים. דאס אלץ איז צוגעגאנגען זייער לאנגזאם. עס פארשטייט זיך, אז די חסידים האבן פון דער באד גופא קיין הנאה נישט געהאט. אלא מאל, געוויינלעך, האט מען זיך געוואשן און געפארעט. דאס מאל אבער איז מען נאר געווען אנגעפילט מיט הייליגן פחד פארן רבין. דעם רבינס פנים האט אויסגעדריקט א צופרידענקייט, וואס ער האט זיך מקדש ומטהר געווען צו עבודת הבורא, און די חסידים האט יעדע תנועה זיינע באגייסטערט.

דער עולם האט גיך ארויפגעכאפט אויף זיך דאס העמד מיט די הויזן און אלץ נישט אפגעריסן די אויגן פון רבין. לאנג האט געדויערט זיין אנטאן זיך. פאמעליך און רוהיק האט ער אלץ געטאן. א זייגער איינס איז מען, גאט צו דאנקען, ארויס פון באד, און אז מען איז געקומען א היים, האט מען אים באלד דערלאנגט אביסעלע זיסן בראנפן, אן אייערקיכל מיט א שטיקעלע פיש...

פרייטיק איז געקומען דער גאנצער בריסקער כולל פון סלאנימער חסידים, און די שטוב איז געווען פול געפאקט מיט אידן, קאפ אויף קאפ.

צו קבלת־שבת האט דער רבי געדאוונט פארן עמוד. אידער ער איז צוגעגאנגען צום עמוד, איז געווארן א שטילשווייגעניש, און די חסידים האבן מיט גרויס יראה געווארט. באלד האט דער רבי ארויסגעלאזט לכו נרננה מיט אזא הויך קול, אז אויף אלע חסידים איז געפאלן א גרויסע אימה. נאר תיכף האבן פון אלע ווינקלאך די דאוונער ווי איין מענטש אפגעענטפערט מיט געזאנג דעם רבין, און עס האט זיך געדוכט, אז די ווענט דאוונען אויך. כאטש איך בין א אינגל פון צען יאר און פארשטיי ווייניק, פונדעסטוועגן האט זיך מיר אויך איבערגעגעבן דער הייליקער פחד פון די חסידים. אז עס איז געקומען צו דעם ארט פון זוהר: כגונא דאינון, האט ער געגעבן אזא געשריי, פונקט ווי א מחנה חייל וואלט מיט אמאל אין שטעטל אריין, און אלע האבן זיך א צאפל געטאן. נאך איצט שטייט מיר זיין קול פאר די אויערן, און פונקט ווי איין מענטש האבן אלע ארויסגעשאסן פון די העלזער מיט מאוימדיקע קולות:

— כגונא דאינון...

— גוט שבת! גוט שבת! האט געגומען רוישן אין אלע ווינקעלאך, אז מען האט געענדיגט דאוונען.

באלד נאכדעם איז מען איבערגעגאנגען אין דער גרויסער עס־שטוב. דער רבי האט אנגעהויבן זאגן שלום־עליכם, אלע חסידים האבן צוגעברומט, און איבערן שטוב, וואס איז היינט געווען שטארק באלויכטן, האט זיך צעגאסן א זיסער געזאנג, א זיסער, ניט קיין שרייענדיקער, און א הארציקער, און עס האט זיך געפילט, אז די שבתדיקע מנוחה האט אלעמען פארכאפט און די נשמה טרייסלט אראפ פון זיך דעם אינדערוואכנדיקן יאך.

דערנאך האט דער רבי געמאכט קידוש. אויג און אויערן זיינען אויסגעשטעלט. יעדער חסיד פארזוכט פון רבינס כוס. נישט אלע חסידים אבער האבן געקאנט פארזוכן פונם ווין, און די דאזיקע שלים־מזל׳ס האבן געהאט נעבעך גרויס צער דערפון.

דעם טאטן האט ער שוין גערופן בעל־הבית און נישט משה, ווי אלע מאל, און דעם טאטנס אויגן האבן געלויכטן.

דער עולם איז מער געשטאנען אויף די ביינק ווי געזעסן. עס זיינען געווען מער ווי דריי הונדערט חסידים. אזוי פיל ערטער איז נישט געווען. ווידער האבן חסידים ליבער צו שטיין אויף דער באנק: מען קאן בעסער זען דעם רבין.

די ארדענונגביים עסן איז געווען אזא:

די חסידים, וואס זיינען געזעסן, האט מען דערלאנגט איין טעלער פאר צווייען, און די וואס זיינען געשטאנען, האט מען געגעבן איין טעלער פאר דרייען.

עס פארשטייט זיך, אז דער רבי אליין האט באקומען מאוימדיקע פארציעס פון יעדן מאכל, כדי ער זאל קאנען איבערלאזן דערפון שיריים פאר די חסידים.

אז ער האט אפגעגעסן, האט ער א רוק געטאן דעם טעלער פון זיך, האט מען שוין געוווסט, אז דאס זיינען שיריים. איז געווארן א שרעקליכע כאפעריי. די וואס זיינען געשטאנען ווייט, האבן געבעטן ביי די גליקליכע, מען זאל זיי כאטש געבן א ברעקל צו פארזוכן. נאר דער עולם איז געווען מוראדיק צעהיצט און פארשמייעט און עגאאיסטיש. די בעטער האבן ווייניק געפועלט. צווישן די געריכטן האט מען געזונגען. מיט ניגונים האט מען אייגענטליך קאנקורירט. יעדערער האט אויסגעזינגען א ניגון, און אויב דער דאזיקער ניגון איז געפעלן געווארן, איז ער אנגענומען געווארן אויף א געוויסער צייט, ביז ער איז דערעסן געווארן. געדויערט האט דאס עסן א פינף שעה.

נאכן עסן איז מען געגאנגען שלאפן אין סטאדאלע. דער רבי איז מיט גרויס פאראד אפגעפירט געווארן צו זיך אין חדר.

אויף מארגן האט מען זיך געשטעלט דאוונען צען א זייגער אין דערפריה, און צוועלף איז שוין געווען אפגעדאוונט. מען איז געגאנגען עסן, און עס האט זיך איבערגעחזרט דאס זעלבע, וואס נעכטן, נאך מיט מער פרישקייט. עס זיינען געווען פינף סארטן קוגלען: א לאקשענער, א טרוקענער, אן איינגעמאכטס־קוגל, א רייזן קוגל און נאך עפעס א קוגל.

דערנאך האט מען דעם רבין דערלאנגט א גרויס שטיק ענדיק. ווין און בראנפן איז געווען לרוב.

א זייגער פיר נאכן עסן האט מען געכאפט א טענצל,

רבים מבני מרום עם־הארץ, גם אחדים מבני בריתנו קדמו את פני השר בלחם ומלח, ובראשם הר׳ מארקל שערעשעווסקי וה׳ מיללער וה׳ סטראשון. השר שעה אל מנחתם וידבר אתם רגעים אחדים על אודות עניני העיר. ואחר־כך בבואו העירה ובהנפשו מעט מעמל הדרך הגיד לו ראש־העיר, כי ראשי עדת ישראל יבקשו אותו לבוא אל המשתה אשר עשו לו, והשר באהבתו לבריות בלי הבדל דת, ניאות להם. אל המשתה באו מלבד שלשה הנ״ל: ה׳ ריוואש (מורה ומפקח בבית־הספר לעברים), ה׳ פערליס וה׳ גינזבורג. אחרי הארוחה נסע בלווית שר־העיר לבקר את מכבי־האש, ומשם נסע לבקר את ביה״ס לעברים ומצא בו משטר וסדר נכון, ויהלל את מנהלי הבית על חריצותם ועמלם לדברים שבצדקה.

אין לתאר את ההוד וההדר אשר עשו אחב״י גרי העיר הזאת להאיש הדגול מרבבה הזה, ובכן יצא השר מאת פני העיר שמח וטוב לב.

מ. גראיעווער.

גל. 233, כב׳ מרחשון תרנ״א, 24 באוקטובר 1890.

סלאנים. — חשבון הכנסת הקערות בערב יום־כיפור שנה זאת בעירנו לטובת החברה הנוסדה באדעסא, לתמיכת אחינו עובדי אדמה ובעלי־מלאכה בסוריה ופלשתינא:

ביהמ״ד מרחוב גשר: 8,11 רו״כ (ע״י י.מ. קאפלאן, ש. צירינסקי והגב׳ שרה דייץ).

ביהמ״ד „חומה״: 3,31 רו״כ (ע״י ה׳ יעקב פיין).

מנין של ה׳ דובער לעווין: 3 רו״כ (על־ידי).

ביהמ״ד מאחרי גשר (זאמאסטיע): 2 רו״כ (ע״י י. י. סאַלמאַן).

ביהמ״ד מרחוב יורדזיקע: 1,64 רו״כ (ע״י ח״א לייבאוויץ).

מנין של ר׳ מרדכי קוניצע: 1,61 רו״כ ע״י י. י. סאלמאן).

מנין של בית־החולים: 1,68 רו״כ (ע״י י. פאלאנסקי).

ביהמ״ד של חברא־קדישא: 1.50 רו״כ (ע״י א. סאוויצקי).

ביהמ״ד „עץ״: 1.30 רו״כ.

ביהמ״ד מרחוב אבאלאניע: 1.21 רו״כ.

ביהמ״ד אצל החוף (ברעגער): 1.05 רו״כ (ע״י אברהם קאמענעמאסטקי).

בית־הכנסת הגדול: 1 רו״כ (?!).

ביהמ״ד של חסידים ליובאוויצער: 1 רו״כ (ע״י ר׳ נח).

ביהמ״ד דבעלי־עגלות: 1 רו״כ (ע״י חתנו של ר׳ לייב־בער ז״ל).

ביהמ״ד דז״ק: 68 קאפ.

ביהמ״ד מרחוב פאנעסווע: 63 קאפ.

ביהמ״ד של תופרי מגבעות (קירזנער): 60 קאפ.

ביהמ״ד מרחוב סקראבעווע: 45 קאפ.

ביהמ״ד של סנדלרים: 41 קאפ.

מנין של ר׳ יעקב חייט (ע״י בנו): 35 קאפ.

ביהמ״ד דחייטים: 26 קאפ.

מנין של הישיבה: 18 קאפ.

ביהמ״ד שומרים לבוקר: 17 קאפ.

ביהמ״ד מזאבינקע: 15 קאפ.

ס״ה: 33.30 רו״כ, מזה ינוכה 60 קאפ. שנתתי למאסף כסף הקערות עבור טרחתו. נשאר 32.70 רו״כ והסך הזה נשלח על־ידי לאדעסא בהמחאה לה׳ שמואל ברבש על שם ראש החברה הד״ר פינסקער נ״י.

משה לעווין.

## היום 1888

גל. 8, י. שבט תרמ״ח, 11 בינואר 1888.

מכתב מאת זלאטע שאכנערס בדבר נוכל שבא לעיר ורימה כמה אנשים.

גל. 14, י״ז שבט תרמ״ח, 18 בינואר 1888.

— הכל תלוי במזל ואפילו בית־הספר שבעיר! זכורני בעת אשר נפתח בעירנו בית־הספר להעברים מטעם הממשלה, הוא הפרוזדור אשר ממנו באים התלמידים לטרקלין הוא האינסטיטוט, — היו הכל רצים למורה הראשי וכתבי בקשות בידיהם שיספח את בניהם לבית ספרו, איש אל מחנהו ואיש אל דגלו, זה במחלקה הראשונה וזה — בשניה, וכל העם כולו, היו שבעי עונג ונחת כאשר תמה השנה, בראותם כי בניהם צעירי הצאן מלבד אשר עשו חיל בשפת רוסיה, בחשבון, ידיעות הארץ ועוד ועוד, הם יודעים את עמם וצור מחצבתם לכל הנחוץ לבני ברית; כי המורים הנכבדים ה׳ נ. האמבורג, ה׳ קאצינעלענסזאן, ובראשם הישיש ה׳ הלל ריוואַש אשר גמר חוק למודו בבית מדרש הרבנים, ואחרי כן בהאינסטיטוט, ינהלום על מבועי התורה והמדעים יתר הרבה מהמלמדים הנבערים מדעת. הן המלמדים האלה, לבד אחד אחוז מעשרה או מעשרים, אף כי אוחזים את תלמידיהם כגדיים כפותים בחדריהם משעה התשיעית בבוקר עד השעה העשירית בלילה, בכל זאת אם ישאל אדם מהתלמידים, למשל: מה הוא חג המכבים, חג האביב, — הבכורים — האסיף? אז יעמוד הנער כפסל ומצבה חיה בפה פתוח ובעינים לטושות יביט על פני שואלו, כאלו היתה לפניו הלכה חמורה, ולא ידע בין ימינו לשמאלו, תחת אשר תלמידי בית הספר הנ״ל יבארו לשואלם כל אלה במתק שפתים ובלשון למודים דבר דבור על אפניו.

א. ב־ן.

גל. 30, ה׳ אדר תרמ״ח, 5 בפברואר 1888.

סלאנים. אחת המדות היקרות השתולות בקרב לב האדם, ואשר בה יוכל להתפאר — היא החמלה. אולם בלב יושבי עירנו כמעט נדעכו זיקי המדה הזאת, וכמעט אין זכר לה, כי גדול מאד פרוד הלבבות בעדתנו ומעשרת הקבין של שנאת חנם אשר ירדו לעולם נטלה סלאנים תשעה... ובכן עינינו רואות עניים ואביונים לעשרות ולמאות גוועים ברעב, רועדים מקור וקרח ואין אחד מנכבדי עירנו אשר ישים אל לבו להיטב מצבם וגורלם המר, לתמכם ולסעדם בצר להם, וגם על ראש שמחתם לא יעלו אותם על זכרונם. והיה כי ימוך איש בעירנו כי בגדה בו הצלחתו לא יתמכו בו נדיבי עירנו. אך יאטמו את אזניהם משמוע צעקתו עד אשר יפול בנופלים באין מעמד. גם לא ישימו האבות אל לבם, כי ידעו בניהם את קורות בני עמם ואת המקרים אשר עברו על ראשנו מאז היותנו לגוי ועד היום הזה, ולא ידעו ולא יבינו כי הידיעה הזאת היא חבל הזהב המקרב את לבות בני הנעורים אל עמם ודתם לאהבה אותם ולכבדם בכל ימי צבאם על הארץ.

בן צבי.

גל. 42. כ״א אדר תרמ״ח, 21 בפברואר 1888.

סלאנים 14 פעברואר. לפני איזה שבועות פרש המות את רשתו בעירנו ויורד לגיא צלמות נשים יולדות באביב חלדן, למרות עמל הרופאים להגות מזורן ולהעלות להן ארוכה. המתחסדים ובעלי הזיה נמנו וגמרו לחפש בחורין ובסדקין עבירות של בין אדם למקום, בעת אשר עבירות שבין אדם לחברו נמצאות על כל שעל ושעל, זה יורד לחיי אחיו באופן נתעב מאד, השני לווה ולא ישלם ואומר אין פשע, השלישי יאכל קורצא, הרביעי בעד כבוד מדומה יחרחר ריב ויגרה מדון ועוד ועוד. אל קטנות כאלה לא ישימו המתחסדים לב, ועיניהם ולבם — רק אל העבירות שבין אדם למקום לבערן ולקעקע אחריהן. אבל הרב הגאון ה״ג מוהר״ר יוסף שלופפער לא כן עשה, הוא עם אל ועם קדושיו נאמן, ובשמעו כי תושבי עירנו שרויים בצער — עלה הבמתה להטיף לעמו דברים נחומים, ולא בוש להגיד קבל עם את חטאתם ופשעם... וביחוד גלה למוסר אזני השומעים, על אשר אבן ואבן איפה ואיפה בבתי מסחריהם ובשלהם כל הסער אשר בעיר, ולפי דברת רבים שבו הרבה מעוון, כי כתתו את אבני משקליהם הרמיות, ואיפות הרזון הזעומות שברו וירחיקון מעל גבולם.

— שלשה בכרס אחד! לפני ירחים שנים ילדה אשה עבריה שלשה ילדים, שנים בנים ובת אחת. האם ושלשת ילדיה הנם כהיום חיים וקיימים בריאים ושלמים. האחד הובא בבריתו של א״א ביום השמיני, ואת השני עוד לא מלו כי קטן הוא ודל.

— זה לא כבור היתה בחירה בבית המועצה בעירנו לרב מטעם הממשלה, וכנוהג שבעולם היו אנשים מיימינים ומש־מאילים. אלה בחרו ברב הורוויץ, מי שהיה רב אף כי לא בן עירנו הוא, ואלה חפצו להוציא ישן מפני חדש ולעטר בעטרת הרבנות את האיש אשר יתן על פיהם אשפר ואשישה. אך מספר הכדורים הלבנים לרב הישן רבו על הכדורים אשר עלו בגורל החדשים, ובכן נשאר הרב הורוויץ על כנו. — בקרב הימים תהיה הבחירה גם לזקן העיר (סטאראסטא) ומי יתן ויבחרו הבוחרים איש הגון אשר יהיה רוחו ולבו לעשות סדרים טובים בספרי הנולדים למען לא תצא ח״ו תקלה להקרואים לצבא בשנה הבע״ל, — כבשנה העברה.

— בימים האלה פשטה עירנו צורתה ולבשה צורה אחרת, לרגלי שנוי השמות הנתונים לרחובות. השמות החדשים יפליאו את האורחים הרואים את השם „ירושלים" על רחוב בית־התפלה לנוצרים, והשם אנדרעיעוו על רחוב בית הכנסת ובתי מדרשי היהודים. אמנם עולם הפוך ראינו!

— מראשית שנת האזרחים שתו בעירנו נוספות על שוטרי הפוליציי, ותחת אשר היה לפנים מספרם שנים עשר, הנה יעלה עתה מספרם לשלשים, מלבד שלשה שרי עשרות (אָקאָלאָדאָטשני), ובתוכם ימצאו גם שני יהודים אשר עבדו עבודת הצבא בימי הקיסר ניקאליי.

— אף כי ארנוניות רבות הטילו בשנה זו על בתי המרזח, בכל זאת החזיקו בהם בעליהם הראשונים ואיש איש מהם בקשו תחבולות לאסוף כסף די קנות את כתב תעודתו, אך מה פג לבם ומה נבהלה נפשם בבואם לקבל את תעודותיהם מבית מכס היי״ש, והפקיד הראשי אמר להם: ידוע תדעו אחי, כי עליכם לחתום שמיום הראשון לשנה זו לא יראה ולא ימצא בבית מרזח כל איש מאנשי חיל סאפערני. בידים רועדות הוכרחו לחתום על הגליון אשר הושיט להם ובעינים נגרות דמע הלכו לביתם לספר את אסונם לבני ביתם.

— יושבי המכתש בעירנו ידאגו מאד פן שטף מים רבים יגיעו אליהם, כאשר נקרה ויאתה זה שנתים ימים אשר אז הבתים נהרסו והתנורים נפלו בבתים אשר לא נהרסו. מהראוי לקדם פני הרעה, כי בשנה הזאת ירד שלג רב מן השמים יתר הרבה מאד מהשנים אשר עברו.

— הש״ץ ה׳ פריידמאן הפאנעוועזי הופיע בעירנו עם מקהלתו, וזה שלשה שבועות אשר יכבדנו מגרונו, בתקוותו לרשת את כסא הש״ץ המהולל ה׳ יוסף אלטשול.

אליעזר בעקענשטיין

גל. 49. כ״ט אדר תרמ״ח. 29 בפברואר 1888.

— אדמו״ר הרב הגאון מוהר״ר יוסף שלופפער נ״י הבטיח לבאי ביתו, כי אם חלילה יעמוד החורף על עמדתו יאלץ להתיר לאכול בחג האביב פול וקטניות, כאשר התיר בעירנו לפני איזה שנים הרב הגאון מוהר״ר יוסף רויזין נ״ע, כי לרגל החורף העז אין כל תקוה שיביאו האכרים העירה תפוחי אדמה אשר עליהם יתרפקו העניים, והיו להם הפול והקטניות שלומים לפרי אדמה כי אין. ומי יתן ויתיר לנו עוד דגים מלוחים, ואז לא יפשטו הדייגים את עורנו מעל בשרנו, וברכת העניים והאב־יונים על ראשו תחול.

— חסל סדר הלימודים בבתי הישיבות והת״ת בעירנו כהלכתו וחוקתו, כי ימי בין־הזמנים, ימי מנוחה שלמה ושלווה למורים ולחניכים כאחד, הגיעו, ואתם עברו וחלפו גם ימי המסה והנסיון לחניכים השותים בצמא את דברי מוריהם הנכב־דים בבתים האלה, ומכל הבתים יצאו התלמידים אחרי המסה שמחים וטובי לב. וביחוד הצטיינו מאד תלמידי הרב הנכבד מוהר״ר צבי־הירש ממיצ׳ד נ״י ומלאי תהלה וברכה יצאו ביום אתמול אחר המסה בעטרת הנצחון על כל שומעי לקח בבתים האלה, והמנסים אשר הביאום במסה היו שמחים בראו־תם כי מלאכת ה׳ לא נעשתה רמיה, והנטע אשר שתל הרב ה׳ צבי על תלמי לבות חניכיו שגשג ויעש פרי הלולים לשמחת כל אוהבי התורה ולומדיה, ועל־טוב יזכר הרב הגאון ה״ג מוהר״ר יוסף שלופפער נ״י, כי מעת אשר תקע אהלו ומשכן כבודו בתוכנו, התנערה הת״ת והישיבה מעפר שפלותה, לכבודנו ולכבוד התורה וכל מעריציה.

— פה מקום אתי לברך קבל עם את האנשים המצויינים בעירנו אשר כל ישעם וחפצם להגדיל תורה ולהאדירה, הלא המה: הרב הגביר מוהר״ר עקיבא יוסף בריל נ״י, הרב מוהר״ר אליעזר יוסף קלאַצקין נ״י, הרב הג׳ מוהר״ר יעקב ישעיהו ראזינבלום נ״י נין ונכד להרב הגאון הגדול מוהר״ר יוסף רויזן נ״ע, והרב מוהר״ר יעקב חתן הג׳ מוהר״ר אברהם גרינ־בערג נ״י, הבאים בכל שבוע ושבוע חליפות לנסות את החניכים בלמודם, ויציבו ציונים (באללען) בספר הזכרונות לכל נער למען דעת עד היכן יד למודו מגעת, והנערים בראותם כי מעשיהם בספר נכתבים, יתאמצו איש איש להשיג בשבוע הבע״ל אותות טובים, וקנאתם זאת תרבה חכמה.

—הש״ץ הנכבד ה׳ פריידמאן הפאנעוועזי, אחרי אשר לקח את לבות בני עירנו בנעימות זמירותיו נסע לביתו, ומנהלי עירנו הבטיחוהו כי יהיה מהקאנדידאטים הראשונים לעת מצוא חפץ.

אליעזר בעקענשטיין.

# המשך הזכרונות מהמאה התשע־עשרה

# המשך פון די זכרונות פון נײַנצנטן יאָרהונדערט

מענדל פּערלשטיין

## זעכציק יאָר אין סלאָנים

### צווייטער טייל

#### דער סאַניטאַר־היגיענישער מצב

אין איינעם פון די פֿאָריקע קאַפּיטלען פון מײַנע זכרונות האָב איך געשילדערט דעם נידעריקן סאַניטאַרן צושטאַנד פון די חדרים. דער מצב אין די וווינונגען איז געווען ניט פיל בעסער. וועגן אַבסאָלוטער ריינקייט האָט ניט געקענט זײַן קיין רייד. די איצטיקע פּאָדלאָגע־פּאַסטע איז נאָך ניט געווען. אַ איינפאַך געפאַרבטע פּאָדלאָגע איז געווען אַ זעלטענהייט, דאָס איז געווען נאָר אין די סאַמע רייכסטע פאַמיליעס. דורכשניטלעכע בעלי־בתים האָבן זיך דעם דאָזיקן לוקסוס ניט ערלויבט, און אפילו פון קיין באַרשט ניט געוווּסט. מיט אַ פּשוט׳ן בעזים פלעגט מען אַלע טאָג אויסקערן די שמוץ פון שטוב. בלויז אויף שבת פלעגט מען אויסוואַשן די פּאָדלאָגע און אויסשיטן מיט געלן זאַמד. אין פיל הייזער פלעגט מען לכבוד שבת מיט אַ רידל אויסשאָבן די בלאָטע וואָס איז אין משך פון דער וואָך אָנגעוואָקסן און האָט זיך גוט איינגעגעסן אויף דער פּאָדלאָגע.

אַלס באַווײַז ווי ווייט אָרעם און קליינלעך מ׳האָט דאַן געלעבט און ווי מיזערנע עס זײַנען געווען די הצטרכות׳ן און די אויסגאַבן, קען דינען דער פאָלגענדער פאַקט: ווי באַקאַנט זײַנען צווישן די רוסישע קליינגעלט געווען אויך קופּערנע גראָשנס (אַ האַלבע קאָפּיקע). אָט די קלענסטע מטבע איז אין יענער צייט געווען נאָך צו־גרויס פאַר געוויסע אויסגאַבן, און אויך אַלס נדבות פאַר אָרעמע לייט. צו דעם צוועק האָט דער „הקדש" (אַזוי האָט געהייסן אַמאָל דער יידישער שפּיטאָל) אַרויסגעלאָזן „פּרוטות", אַזעלכע פאַרמעטענע פירקאַנטיקע באָנעס אין ווערט פון אַ פערטל גראָשן, וועלכע זײַנען געגאַנגען אין פאַרקער צוגלייך מיט די מלוכה־מטבעות.

דער הקדש איז געווען אין אַן׳אַלטע הילצערנע הויז, אַ האַלבע חורבה, אויפ׳ן אָרט ווו נאָכהער איז געשטאַנען דער קצב׳ישער בית־המדרש ז״ק. דער אַנשטאַלט האָט טאָקע ניט געקענט אַנדערש אָנגערופן ווערן ווי אַ ה ק ד ש. דאָס הויז איז באַשטאַנען פון צוויי פליגל, איינער מיט די פענסטער אויפן בית־עולם און אַ פּאָר פענסטער צום גאַס. דער צווייטער פליגל איז געווען באַווינט פון שכנים. דעם באַלקן פון די פּאַלאַטעס, ווו ס׳זײַנען געלעגן די חולים, האָט אַ הויך־געוויקסיקער מענטש געקענט דערלאַנגען מיטן האַנט. אין די עטלעכע פּאַלאַטקעס זײַנען געשטאַנען אַלטע, הילצערנע אויף גרין־געפאַרבטע בעטלאַך, און צו יעדער בעטל — אַ ברעטל פאַר רעגיסטראַציע. די לופט איז דאָרטן געווען אַ שטיקנדע, און ס׳איז קיין וווּנדער נישט. אין יענע יאָר־צענדליקער, די 50־ער, 60־ער און אפילו 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט נאָך סלאָנים ניט געוווּסט פון ווענטילאַציעס, דעזינפעקציעס און דאָס גלייכן. אויך איז ניט געווען קיין אָפּטיילונג פאַר אָנשטעקנדע קראַנקע. די גאַנצע „היילונג" איז געלעגן אין די הענט פון פעלדשערס, ווייל דאָקטוירים זײַנען נאָך ניט געווען. ערשט אין די אָנהייב 70־ער יאָרן פלעגט שוין באַזוכן דעם הקדש דער דאָקטאָר באַרקלאָווסקי, וועלכער איז דאַן געווען „גאָראָדסקאָי גאָלאָוואַ" (בירגערמייסטער).

די פעלדשערס פלעגט מען רופן „רופאים". מיט היילן קראַנקע האָבן זיך אויך פאַרנומען פּריזירער, די אַזוי־גערופענע צירולניקעס. און מיט היילן ציינער האָבן זיך פאַרנומען אויך — די צירולניקעס און „רופאים". דער ערשטער צייג־דאָקטער אין סלאָנים איז געווען דער דענטיסט איסאַק יתום, וועלכער האָט אָנגעהייבן זײַן פּראַקטיק אין שטאָט אין

1886. ביז אים האָט הירשעלע דער רופא, און נאָכהער אויך זיין זון לייזערקע דער רופא, געריסן קראַנקע ציינער מיט אַ שליסל... מען מוז אָבער דאַביי זאָגן זייער שבח, אַז מער ווי 10 מינוט פלעגט ביי זיי דאָס ציהען דעם צאָן נישט דויערן. אויך נישט אַלע מאָל פלעגן זיי דאַביי צוברעכן דעם צאָן, הגם דאָס פלעגט טרעפן גאַנץ אָפט...

איך געדיינק זייער גוט הירשעלע דעם רופא. ער האָט „פּראַקטיצירט" אין סלאָנים במשך פון פיל צענדליקער יאָרן. אין מיינע קינדער־יאָרן, אין אָנהייב פון די 60־ער, איז ער שוין געווען אַ שם־דבר. איך געדיינק זיין קאָמישע פיגור. ער איז געווען קליינגעוואוקסיק מיט אַ קליינע, שפּיציקע בערדל, ברילן אויפ'ן עק נאָז. ער פלעגט ריידן מיט אַ גאַנץ דינעם פּאַלצעטל. זיינע הויפּט־מעדיצינישע מיטלען זיינען געווען: „געהאַקטע באַנקעלאַך", „שאַרע מאַשטש", „ליפּאַווי קוויאַט" א.ד.גל. ער פלעגט אויך שרייבן רעצעפּטן... נאָר אַזוי ווי רופאים האָבן ניט געהאַט קיין רעכט דאָס צו טאָן און דער דעמאָלסטיקער אַפּטייקער פּעקאַרסקי פלעגט זיי ניט וועלן מאַכן די רפואות, פלעגן זיי דאָס שטענדיק מאַכן אין אַפּטיק־געשעפט פון ה' וואַלאַך (וואָס איז געווען דאַן אויפ'ן מאַרק נעבן שול־הויף).

אָט דער וואַלאַך האָט געהאַט אַנ'אייגענע פאַרמאַקאָ־פּעיע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ בוך, אין וועלכן ער האָט געהאַט פאַרצייכנט פיל רעצעפּטן צו אַלע מיני קראַנקהייטן. פיל פלעגן זיך ווענדן צו אים נאָך מעדיצינישע הילף, און צו יעדער קראַנקהייט האָט ער געגעבן רעצעפּטן „פון די בעסטע דאָקטוירים און פּראָפעסאָרן"...

צו אויגן־קראַנקהייטן איז געווען אַנ'אַנדער ספּעציאַליסט: אַ ייד וואָס האָט געהייסן פינקעלשטיין און איז אין די 70־ער יאָרן געווען אַ באַקאַנטער מוהל אין שטאָט. ער האָט געהאַט אַזאַ „וואַסערל" צו די אויגן, וואָס האָט געזאָלט אויסהיילן אַלע אויגן־קראַנקהייטן. זיין הויז, וואָס איז אויך געווען אַנ'אכסניה, איז געשטאַנען, ביז דער גרויסער שריפה אין 1881, אויפ'ן אָרט ווו נאָכהער איז געווען דאָס הויז פון מערעמינסקי, ניט ווייט פון בריקער בית־המדרש.

אויך איך בין געווען אַ „פּאַציענט" פון אָט דעם אויגן־ספּעציאַליסט: ס'איז געווען אַ יום־טוב און איך האָב גע־דאַווענט, ווי געוויינלעך, אין בריקער בית־המדרש. פאַרשטייט זיך, האָב איך געגלויבט, אַז ווען מען זאָל אַ קוק־טאָן אויף די כוהנים בעת זיי דוכנ'ען, ווערן די אויגן קראַנק, און מען קען נאָך, חלילה, ווערן בלינד. און דווקא, ווי ניט־ווילנדיק, האָב איך געכאַפּט אַ קוק אויף די כהנים. און, — אונטער דעם פּסיכאָז פון מיין גלויבן האָב איך דערפילט אַ שטאַרקן ווייטאָק אין די אויגן. איך בין גלייך אַריינגעלאָפן צום „אויגן־ספּעציאַליסט" פינקעלשטיין, וועלכער האָט מיר געלייגט שמאַטקעס איינגעטונקט אין דעם וועסער'ל. ווען ער האָט זיי נאָכהער אַראָפּגענומען, האָב איך שוין קיין שום ווייטאָק ניט געפילט...

פון מיינע קראַנקהייטן אין די קינדער־יאָרן געדיינק איך נאָך צוויי עפּיזאָדן: אין עלטער פון 4—5 יאָר בין איך גע־וואָרן קראַנק אויף סקאַרלאַטין און הגם ר' אייזעלע חריף איז ניט געווען קיין בעל־מופת, דאָך האָט מען מיך אָוועק־געפירט צו אים. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין קעפּל, מיך געבענטשט און צוגעגעבן מיר דעם נאָמען „יוסף". האָב איך שוין געהייסן: מנחם־מענדל־יוסף...

און אַ צווייטער פאַל האָט פּאַסירט, ווען כ'בין געווען 8 יאָר אַלט: ביי מיר אויפן האַלדז איז אויסגעוואַקסן אַ גוז. ווי־זשע היילט מען אויס אַ גוז? — שיקט צו גאָט די רפואה פאַר דער מכה. יודעי־דבר האָבן געזאָגט, אַז אַ גוז איז גוט אויסצוהיילן מיט דער הילף פון... אַ האַרב... אויף בריקער גאַס האָט געלעבט אַ פאַמיליע מעלצער. דער אַלטיטשקער ה' מעלצער איז געווען אַ פרומער ייד, אַ למדן און האָט גע־לערנט יומם ולילה אין בריקער בית־המדרש. נאָר גאָט האָט אים באַשאָנקען מיט צוויי האַרבן פון פאַרנט און פון הינטן. נו, האָט זיך געמאַכט אַז פונקט ווען איך האָב געהאַט צו־טאָן מיטן גוז אויפ'ן האַלדז, איז דער אַלטער מעלצער געשטאָרבן. מען האָט מיך אַלזאָ צוגעפירט צום מת און מיט זיין טויטער האַנט האָט מען מיך אויסגעריבן דעם גוז. ביז איצט געדיינק איך נאָך די שרעק וואָס איך האָב דאַן געפילט.

דעם רעזולטאַט פון די אייגנאַרטיקע הייל־מיטלען אין ביידע פאַלן זע איך נאָך ביז היינט: ניט איך בין געשטאָרבן פון סקאַרלאַטינע, און דער גוז איז פאַרשוווּנדן געוואָרן...

## „אי יאַ צירולניק"

אַ מאָדנער ווערטל גייט אַרום אין סלאָנים: „אי! יאַ צירולניק". ס'איז אַנ'עכטער סלאָנימער לאָקאַליזם. ווען עמי־צער מישט זיך אַריין אין אַ ענין וואָס געהערט ניט צו אים און ער האָט דערנאָך אַ דורכפאַל וואָס ער איז געקראָכן, — זאָגט מען אים: „אי! יאַ צירולניק"...

פון וואַנען שטאַמט דאָס ווערטל? — געוויס וועט דאָס אינטערעסירן ניט נאָר פאָלקלאָריסטן, נאָר יעדן סלאָנימער. דאָס ווערטל איז פאַרבונדן מיט אַ מעשה שהיה, וואָס האָט פּאַסירט אומגעפער אין די אָנהייב 60־ער יאָרן, ווייל איך געדיינק אַז דאָס איז געשען אין מיינע קינדער־יאָרן. ס'איז נאָך געווען די אַזוי־גערופענע „דאָרעפאָרמענע" צייט, ד. ה. די צייט פאַר די רעפאָרמען, איידער די ליבעראַלע רעפאָרמען פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן זיינען איינגעפירט געוואָרן אין לעבן. די געריכטלעכע און אויספירנדע מאַכט אין די שטעט איז דעמאָלס געלעגן אין די הענט פון סאַטראַפּן, וועלכע האָבן געהייסן „גאָראָדניטשיס" (ד. ה. שטאָט־הערשער) (אין שפּע־טערדיקע יאָרן האָבן זיי געקראָגן אַנ'אַנדער נאָמען: איס־פּראַווניק). די גאָראָדניטשיס האָבן געהאַט דאָס רעכט צו באַנוצן „בעריאָזאָווע קאַשע", אַדער איינפאַך געזאָגט צו שמייסן מיט אַ פּאַרציע אויסגעווייקטע בעריאָזאָווע ריטער...

איינמאָל אַ דאָנערשטיק אין אָוונט האָט די „גאָראָדני־טשעסטוואָ" (די קאַנצעלאַריע פון גאָראָדניטשי) אויפגערופן אַלע פעלדשערס. מען האָט זיי אָפּגעלייענט אַ צעטל חטאים, איבערהויפּט וואָס זיי גיבן רעצעפּטן. און נאָכדעם האָט מען זיי מכבד געווען מיט די אמתע „מלקות", מיט די צוגעגרייטע „בעריאָזאָווע קאַשע", אַז אַ רויך איז געגאַנגען...

הירשעלע דער רופא איז גראָד דעמאָלסט ניט געווען אין

סלאָנים. זיין ווייב האָט ניט געוווּסט וואָס דאָרטן איז געשען מיט איר מאַן׳ס קאָנקורענטן. ווען הירשעלע איז שפּעט ביינאַכט צוריקגעקומען אַהיים, האָט זי אים איבערגעגעבן די נייס, אַז מען האָט אים איינגעלאַדן צום „גאָראָדניטשי״. דערהערנדיק אַז מ׳רופט אים צו נאַטשאַלסטוואָ (צו דער מאַכט), האָט ער שוין ניט געקענט שלאָפן און איז צומאָרגנס גאַנץ פרי אַוועקגעלאָפן אַהין הענדום־פּענדום. ווי מ׳האָט דערציילט, האָט ער גערעכנט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מעדאַלן, און האָט געאײַלט אַהין, מיינענדיק אַז ער וועט פאַרזאַמען דעם מעדאַל... ווען ער איז אַהין געקומען אַ פאַרסאַפּעטער און מ׳האָט אים געפרעגט, וואָס ער וויל, האָט ער געענטפערט: „אָ! יאַ צירולניק״...

וואָס ער האָט דאָרטן באַקומען, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, און ער האָט דאָס געדיינקט דעם גאַנצן לעבן. און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז זיינס אַ ווערטל איז אַריין אין סלאָנימער יידישן פאָלקלאָר, און אפילו איצט, אין 75 יאָר אַרום, אין די מיטן 30־ער יאָרן, הערט מען נאָך אין סלאָנים: „אָ! יאַ צירולניק״.

אגב, געדיינק איך אויך גוט דאָס הויז פון הירשעלע דעם רופא און זיין פאַמיליע. הירשעלע איז געווען אַ גוטער פאַרדינער, ביי אים האָט זיך „געהיילט״ גאַנץ שטאָט. ער האָט זיך געלאָזט בויען אַ מויער, אַ 2־שטאָקיק הויז נעבן קאָשציאָל, קעגנאיבער דעם ראַד־קראָמען. (אין הויז איז נאָכהער געווען די אַפּטייק פון ה׳ סטרעבייקאַ). אין די 80־ער יאָרן איז דאָס הויז אַריבער צו זיינעם אַ אײדים, אַ געוויסער סאָלאָווייטשיק, וועלכער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט רייזן איבער דער וועלט מיט אָפּטישע גלעזער. סאָלאָווייטשיק איז געווען אַ זעלטענער עקזעמפּלאַר און אַ מענטש מיט אייגנאַרטיקע נייגונגען: ער האָט אין אויבערשטן שטאָק, ווו ער האָט געווינט, איינגעאָרדנט אַ מאַסיוון אייזערנעם באַלקאָן, ווי אַ גאַרטל, אַרום זיין וווינונג, ווו ער פלעגט אָנצינדן לעמפּלאַך, אַרומשפּאַצירן אַרום און אַרום און זיך לאָזן ווילגיין מיט אַ לולקע אין מויל. דער עולם, וועלכער פלעגט דאָס קומען אָנקוקן, פלעגט קייכן פון געלעכטער... מיט דער צייט האָט געדראָט, אַז דער באַלקאָן זאָל איינפאַלן, און ער האָט געמוזט רעזיגנירן פון דעם פאַרגעניגן.

איך וויל נאָך באַמערקן, אַז ביז ניט לאַנג האָט נאָך די טראַדיציע (און די מעדיצינע) פון הירשעלע דעם רופא געוועלטיקט אין סלאָנים: אויך לייזערקע, הירשעלעס זון, האָט „פּראַקטיצירט״ אַ קיימא־לן פון 30 יאָר. הירשעלעס „דינאַסטיע״ פון פּיאַוקעס, באַנקעס, מאַשטשן און אַלע אַנדערע רפואות האָט אַלזאָ געדויערט איבער 60 יאָר. מיט לייזערקען האָט זיך געענדיקט די פאַמיליען־טראַדיציע פון הירשעלען. לייזערקעס זון יאַנקעלע האָט ניט געוואָלט גיין אין די דרכים פון זיין זיידן און פאָטער און האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

דערווייל איז ענטשטאַנען אַ נייער שטאַם: יאָסל דער רופא (יאָסל יודעלעוויטש) און זיין נאָכפאָלגער, וועלכע זיינען שוין געווען פיל מאָדערנערע „פּראַקטיקאַנטן״, זיינען געווען פּאַקטישע אַסיסטענטן פון דאָקטוירים און זיינען געווען טעטיק אין סלאָנים ביז דער לעצטער צייט.

## צאָן־טעכניק מיט שפּאַגאַט*

דאָס ווערטל „אָ! יאַ צירולניק״, וואָס איז אַריין אין סלאָנימער יידיש־לשון, הגם ס׳איז געזאָגט אין רוסיש, — האָט דאָס אָבער דעם אמת־יידישן טעם. דאָס זעלבע איז מיט אַ צווייטן לאָקאַלן פאָלקס־ווערטל, וועלכעס איז אויך אַ פּראָדוקט פון יידישן הומאָר, נאָר איז אויסגעדריקט אין ווייסרוסיש. דאָס איז דאָס ווערטל „אַ שילאָ וו סראַ...״ (דאָס צווייטע וואָרט פאַרענדיק איך ניט, און דער לייענער וועט זיך שוין אַליין אָנשטויסן...).

עס וועלן זיך נאָך געפינען סלאָנימער, וועלכע קענען דאָס ווערטל. ביז איצט, אין די דרייסיקער יאָרן, ביי מיינע באַזוכן אין סלאָנים, הער איך נאָך דאָס אָפט זאָגן און דערציילן מיט געלעכטער די מעשה וואָס שטעקט הינטער אים.

דאָס האָט פּאַסירט אין די 80־ער יאָרן. איך האָב שוין אין איינעם פון די פאָריקע קאַפּיטלען דערציילט, ווי אַזוי הירשעלע דער רופא פלעגט רייסן ציינער מיט אַ שליסל... אין די מאַרק־טעג ווען עס פלעגן זיך צונויפקומען הונדערטער פּויערים אויפ׳ן מאַרק, פלעגט הירשעלע האָבן פיל אַרבעט מיט רייסן ציינער ביי די פּויערים. דאָס זעלבע פלעגן טאָן אויך די פריזירער, וועלכע האָבן געהאַט זייערע סטראַגאַנעס אויפ׳ן מאַרק. און נישט נאָר מיט שליסלען פלעגן זיי רייסן; עס פלעגט זיך מאַכן אַ צופּוילטער צאָן, אַנ׳עקשן וואָס האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דעם שליסל. האָבן אונדזערע „דענטיסטן״ באַנוצט אַ שטריינגערן מיטל; זיי פלעגן אַרומבינדן דעם צאָן מיט אַ שפּאַגאַט (אַ שטאַרקן שטריקל) און ציהען אים אַזוי לאַנג, ביז וואַנען דער צאָן פלעגט זיך לאָזן מיטרייסן...

איך געדיינק נאָך די מערקווירדיקע צאָן־אָפּעראַציעס, וואָס איך האָב געזען, דרייענדיק זיך אַלס יינגל אויפ׳ן מאַרק...

האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז אַ יידישער שוסטער וועלכער האָט געהאַט זיין וואַרשטאַט אין איינעם פון די געסלאַך אַרום מאַרק, האָט זיך מתקנא געווען אין די פאַרדינסטן פון די פריזירער און פעלדשער און האָט זיך אויך גענומען צו די ציינער... מען דאַרף אָנערקענען, אַז דער שוסטער איז ניט געווען אָן אַ היבש ביסל הומאָר און אינסצעניזאַציע, דאָס זעט מען ווי אַזוי ער האָט, צוליב דערגרייכן דעם מאַקסימום עפעקט, דראַמאַטיזירט די „צאָן־אָפּעראַציע״. און אָט ווי ער פלעגט דאָס מאַכן: ער פלעגט אַוועקזעצן דעם „פּאַציענט״, און נאָכן באַטראַכטן דעם קראַנקן צאָן און פעסטשטעלן, אַז מען מוז אים אַרויסציהען, — פלעגט ער אַרומבינדן דעם צאָן מיטן שפּאַגאַט, און האַלטנדיק אים שטאַרק אָנגעצויגן און שטייענדיק הינטערן „פּאַציענט״, פלעגט ער אים דאַביי אַ שטאַרקן שטאָך טאָן מיט זיין שוסטערשן נאָל אין... הינטערשטן חלק...

---

* אַלע זכרונות פון פּערלשטיין וועלכע ערשיינען אין „פּנקס־סלאָנים״ זיינען געדרוקט געווען אין המשכים אין „סלאָנימער וואָרט״, אויסער דעם קאַפּיטל „צאָן־טעכניק מיט שפּאַגאַט״. די סיבה פון דעם איז געווען, וואָס די רעדאַקציע פון „סל. וו.״ (ואני בתוכם) האָט דאַן געפּסל׳ט דעם קאַפּיטל, כדי ניט אַרויסרופן שטאַרקע קעגנגעפילן ציווישן די פּויערים, וואָס צו זיי האָט געקענט דערגיין דער אינהאַלט אַלס באַווייז אַז מען מאַכט חוזק פון זיי.

איך האָב אָנגעשריבן דעם קאַפּיטל, לויט דעם ווי איך האָב אים זיינערצייט געלייענט ביי פּערלשטיינען. — רעד.

דער בעל־דבר פלעגט אַ שפּרונג־טאָן פּלוצלינג פון אָרט און מיטציהען דעם שפּאַגאַט מיטן צאָן אינאיינעם...

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן די „טעכניק" פון אַזעלכע צאָן־אָפּעראַציעס...

דער שוסטער האָט געהאַט ערפאָלג, און איבערהויפּט ביי פויערים, און אין די דערפער פלעגט מען דערציילן נסים ונפלאות, ווי אַזוי מען רייסט ציינער מיט דער הילף פון אַ נאָל־שטאָך אין הינטערשטן חלק...

די פעלדשערס האָבן, אמת, ניט געדולדעט דעם נייעם קאָנקורענט, נאָר ער האָט זיך געגעבן אַן עצה מיט'ן „אָקאָ־לאָדאָטשניק" (ראַיאָן־פּאָליציאַנט), און ער פלעגט דאָס פאַרט־זעצן ביי די פּאַסיקע געלעגנהייטן, ווי אַ צוגאָב־הכנסה צום פאַריכטן שיך...

דער עסק פון רייסן ציינער מיט שליסלעך אָדער מיט שפּאַגאַט איז נאָך אָנגעגאַנגען, אויך אין די ערשטע יאָרן ווען ס'זיינען שוין געווען אַ פּאָר דענטיסטן אין שטאָט. ניט אַזוי לייכט האָט די יידישע, ווי אויך די פויערישע באַפעלקערונג, זיך צוגעוווינט צו דער נייער דענטיסטישער פּראַקטיק אין שטאָט.

מאַכט זיך אַמאָל, אַז אַ פויער וועלכער האָט געליטן צאָן־ווייטאָק, איז געקומען אין שטאָט און זיך נאָכגעפרעגט נאָכ'ן צאָן־אָפּעראַטאָר. מען האָט אים גראָד אָנגעוויזן אויפ'ן אַדרעס פון צאָן־דאָקטער שערעשעווסקי, וועלכער האָט זיך ניט לאַנג צוריק עטאַבלירט אין סלאָנים און האָט געהאַט זיין קאַבינעט אויף פּאַנעסווע אין הויז, וווּ נאָכהער האָט געוווינט דער אַד־וואָקאַט צירינסקי (קעגנאיבער דעם סאָבאָר"). (ד"ר שערע־שעווסקי איז מיט יאָרן שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע).

ד"ר שערעשעווסקי האָט געוויסנהאַפט אויסגעפירט זיין אַרבעט, און זעענדיק אַז דער צאָן האָט טאַקע ניט קיין אַנדער תקנה, ווי אַרויסגעריסן צו ווערן, האָט ער אים געשלעפּט מיט אַ דענטיסטן־צווייגל, לויט אַלע כללים פון דער דעמאָלסטי־קער צאָן־טעכניק.

דער פויער האָט אָבער גע'טענה'ט, אַז דער דאָקטער נאַרט אים אָפּ און האָט געשריען:

„אַ שילאָ וו סראַ?.. — (דאָס הייסט: „און וווּ איז דער נאָל אין הינטער־חלק?").

לאַנג־לאַנג האָט סלאָנים געלאַכט פון דער מעשה, און ווען עמיצער פלעגט אַרויסווייזן אַ נאַאיוון גלויבן און אונ־וויסנהייט, פלעגט מען זאָגן אויף אים: „אַ שילאָ וו סראַ...".

## דער קולטורעלער מצב

ווען עס זיינען אין סלאָנים פאַרעפנטליכט געוואָרן אין די 70־ער יאָרן די 2 „גזרות" וועגן אַלגעמיינעם מיליטער־דינסט און וועגן דער גרינדונג פון אַ מלוכה'שע „שקאָלע" (שולע) פאַר יידן, ווו מען וועט לערנען רוסיש און אַן היט־לען, — איז די יידישע באַפעלקערונג אויפגעציטערט געוואָרן. ווי באַקאַנט, האָט ביז דאַן געדאַרפט יעדע שטאָט און שטעטל צושטעלן אַ געוויסע צאָל רעקרוטן פאַר מיליטער, און דאָס האָט געבראַכט צו דעם מיאוסן קאַפּיטל פון „כאַפּערס" וואָס איז ענטשטאַנען אין די צייטן פון ניקאָלאַי דעם ערשטן. עס זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן טויזנטער יידישע קינדער פון זייערע היימען און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין טיף־רוסלאַנד. עס איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז מערסטנטייל זיינען זיי גע־בראַכט געוואָרן צו אונטערגאַנג אָדער שמד, און נאָר ווייניקע וואָס האָבן איבערגעלעבט אַלס יידן די צענדליקער יאָרן פון „סלוזשבע" זיינען געבליבן אַלס די נאָכהער גערופענע „ניקאָ־לאַיעווער סאָלדאַטן". און איז געקומען די רעפאָרם־תקופה אין רוסלאַנד פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און צוזאַמען מיט אַנדערע רעפאָרמען האָט זי אויך איינגעפירט דעם אַלגעמיי־נעם מיליטער־דינסט צו 21 יאָר. שוין נישט מער כאַפּן קינ־דער און פאַרשיקן אויף צענדליקער יאָרן, נישט מער צווינ־גען צו שמד, — און דאָך האָבן די יידישע מאַסן דאַן אָנגע־נומען די רעפאָרם ווי אַ שווערע גזירה.

וואָס ס'איז שייך די צווייטע גזירה, האָט די רעגירונג באַשלאָסן גיין לויט די ווינטן פון דער יידישער השכלה און געעפנט אין אַ רייהע שטעט פון תחום־המושב ספּעציעלע אָנפאַנג־שולן פאַר יידן מיט אַן אַלגעמיינעם און אויך יידישן פּראָגראַם.

די אָרטאָדאָקסישע יידן (און זיי זענען דאָך געווען אין יענע צייטן די מערהייט) האָבן איינגעפונען, אַז די צווייטע גזירה, די „שקאָלע", איז נאָך אַן ערגערע ווי די ערשטע, ווייל דינען אין מיליטער וועלן דאָך גיין פולשטענדיק־דערוואַקסענע יידן און זיי וועלן צוריקקומען אַלס יידן, אָבער אין דער שקאָלע וועט מען אָפּ'סמ'ען יונגע יידישע נשמה'לאַך...

דעריבער ווען מען האָט געעפנט די 2־קלאַסיקע יידישע אָנפאַנגס־שולע אויף פּאַנעסווע (אויף דעם פּלאַץ איז נאָכהער געשטאַנען דער מויער פון ה' סידעלניצקי), — האָבן זיך געפונען גאָר ווייניק בעלנים צו שיקן אַהין זייערע קינדער, און דער ערשטער „סמאָטריטעל" (משגיח) פון דער „יעוו־רייסקאַיע אוטשילישטשע" זינגאָלד האָט באַנוצט צוואַנגס־מיטלען און איז געגאַנגען איבער די חדרים פאַרשרייבן יינגלאַך.

אין יענער צייט האָב איך געלערנט ביי אָרע דעם מלמד אויף בריקער גאַס חומש. פּלוצלינג האָט מען אונדז אָנגע־זאָגט, אַז דינגאָלד גייט. דאַן זיינען מיר, אַלע יינגלאַך פון חדר, געוואָרן האַזן... איך בין אַ צושראָקענער אַוועקגעלאָפן צו מיין זיידן אויף ריבאַצקער גאַס, וועלכער האָט מיר אַוועק־געפירט אַהיים.

מיט 2 יאָר שפּעטער בין איך שוין געווען אַ פּריוואַליקער שילער אין אָט דער שולע.

אין יענער צייט האָבן רוסיש אין סלאָנים געקענט זייער ווייניק מענטשן. אַזעלכע וואָס האָבן געשריבן רוסיש האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער פון איין האַנט. איך דער־מאָן מיך איינעם פון זיי, דעם פּראָפעסיאָנעלן „פּראָשעניע"־שרייבער (שרייבער פון ביטעס) צוטע לעווין, וועלכער איז געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען צוטע מוסר, פאַר ווע־מען די שטאָט האָט געציטערט, ווייל ער איז געווען אַ מוסר פון גרויסן פאַרנעם. אפילו ר' אייזעלע חריף זצ"ל, אַ מענטש אַ שטרייטנגער און אַן אויפגערעגטער, וועלכער פלעגט אָפט דעם שענסטן בעל־הבית, וואָס האָט פאַרגרייזט, מקיים זיין פּסק־דין אויפן אָרט, — אפילו ער פלעגט פאַר אים מורא האָבן.

צוטע מוסר האָט געוווינט אין אַ הילצערנעם הייזל אויף

דער גאַס, וואָס האָט געהייסן נאָכהער ביי די פּאָליאַקן אולאַנסקאַ, אויף אַ פּלאַץ, וואָס נאָכהער האָט מען נעבן אים אויפגעבויט די געביידע פון דער פּרויען־גימנאַזיע.

וועגן אים פלעגן אַרומגיין פאַרשיידענע קאָמישע מעשיות. צווישן אַנדערע פלעגט מען דערציילן ,אַז צו אים איז אַמאָל געקומען אַ יידענע אָנשרייבן אַנ'אָנקלאַגע אויף אירן אַ שכן. נאָכ'ן אויסהערן איר, האָט צוטע אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און געזאָגט, אַז פאַר 5 רובל וועט ער אָנשרייבן קאַטאָרגע־שטראָף.

— און וואָס וועט ער באַקומען פאַר 3 רובל? — האָט די פרוי געפרעגט.

— פאַר 3 רובל, — האָט ער געענטפערט, — וועט ער באַקומען סיביר.

— ר' צוטע, — האָט די יידענע גאַנץ נאַאיוו געענטפערט, — מיין שכן איז אַ ייד אַ מטופל מיט פיל קינדערלאַך, שרייבט מיר אָן פאַר אַ רובל און גיט אים נאָר טורמע...

ווי ווייט דער מוסר צוטע מיט זיין גאַנצער פאַמיליע איז געווען פאַרהאַסט אין שטאָט קען באַווייזן פאָלגנדער פאַקט: ווי באַקאַנט איז ביי יידן אין די פריהערדיקע דורות געווען אַ חוק ולא יעבור, אַז אַ יידישע טאָכטער, — מעג זי זיין אַ קאַליקע, אַ קרומע, אַ לאָמע, — מוז זי חתונה האָבן. צו דעם צוועק זיינען אין די שטעט געווען חברות פון „הכנסת כלה" מיט שליחים איבער די יידישע ישובים אויפ'ן לאַנד. פלעגן זיך געפינען אין יעדער שטאָט גאָטספאָרכטיקע ווייבער, וועלכע פלעגן זיך מתעסק זיין מיט דורכפירן אַזלעכע שידוכים. אָט פלעגן זיי חתונה מאַכן אַנ'אַלטע האַלב־אידיאָטישע מויד מיט אַ הינקעדיקן שוסטער, דערצו נאָך מיט איין אויג, דאָרטן — אַ האָרבאַטע מויד מיט בעלים'ס אויף די אויגן — מיט אַ בעטלער אַ זקן, א. א. וו.

און פונדעסטוועגן האָבן זיך ניט געפונען קיין בעלנים אויף די 2 שיינהייטן שוועסטער פון צוטע מוסר, וועלכע זיינען געבליבן אַלטע מוידן. איך געדיינק זיי, די ביידע שלאַנקע קראַסאַוויצעס (שיינהייטן), וועלכע האָבן געוווינט אין אַ הילצערנעם הויז אויפ'ן ווינקל פון איצטיקן נעווסק, ווו עס איז נאָכהער געשטאַנען דער מויער פון רייצע אַבראַמאָוויטש. אַגב, ער אַליין האָט אויך געהאַט אויסערלעך זייער אַ שיינעם אויסזען מיט אַ לאַנגער, געפלעגטער באָרד.

ווי ווייט סלאָנים איז געווען אָפּגעשטאַנען קולטורעל אין יענע צייטן, איז גענוג אָנצווייזן אויפ'ן פאַקט, אַז אין דער גאַנצער שטאָט האָט נאָר איין ייד, מוניע ריזשין, געלייענט אַ רוסישע צייטונג. און דעריבער איז ביי אים געווען, אַזוי צו זאָגן, דער צענטער, דער „פּאָליטישער סאַלאָן" פון די יעניקע, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט אַלוועלטלעכער פּאָליטיק, הויפּטזעכלעך אין דער צייט פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה. פון זיין הויז פלעגן אַלע פּאָליטישע נייסן איבערגעטראָגן ווערן אין די בתי־מדרשים.

צווישן די סלאָנימער „פּאָליטיקער" פון יענער צייט האָט זיך אויסגעצייכנט איינער מנחם מאָדעלעוויטש, אָדער ווי מען האָט אים גערופן מנחם גד. ער איז געווען אַנ'אָריגינעלער טיפּ, פאַר וועמען ס'האָט אויסער דער פּאָליטיק גאָרניט עקזיסטירט. ער איז געווען די באַוועגלעכע צייטונג אין שטאָט. אַנ'איינפאַכער ייד פון אַ גאַנץ יאָר, וועלכער האָט אפילו ניט געקענט לייענען רוסיש, דערצו נאָך אַ קבצן, — איז ער געווען אין הלכות וועלט־פּאָליטיק אַ גרויסער מומחה. אַווו ער איז געגאַנגען אָדער געשטאַנען, איז נעבן אים געווען אַנ'עולם מענטשן, וועלכע פלעגן שלינגען זיינע פּאָליטישע נייסן, הויפּטזעכלעך פון רוסיש־טערקישן קריג וואָס איז דאַן אָנגעגאַנגען. ער איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון פּאָניען און אַ סימפּאַטיקער פון טערקיי. איבערהויפּט האָט ער שטאָלצירט מיט'ן ענגלישן ייד לאָרד ביקאָנספילד, וועלכער, — ווי מנחם גד פלעגט דערציילן מיט התלהבות, — האָט אויפ'ן ווינער קאָנגרעס געקלאַפּט אין טיש און געסטראַשעט פּאָניען מיט זיינע „קאַלאַקאָטקעס" (די קריגס־שיפן), אויב פּאָניע וועט זיך ניט צוריקציהען. און דער ייד האָט טאַקע אויסגעפירט.

ווען אין בית־המדרש פלעגן יידן דיסקוטירן וועגן אַ פּאָליטישער אָדער סטראַטעגישער פראַגע און ניט געקענט קומען צו קיין אויסגלייך, — איז מען געגאַנגען צו מנחם גד, און ער איז געווען די העכסטע קאָמפּעטענץ. בקיצור, ער איז געווען איינער פון די גרעסטע פּאָליטיקער, וואָס סלאָנים האָט ווען ס'איז געהאַט.

ס'איז געווען נאָך אַנ'אָרט ווו יידן פלעגן דיסקוסירן: אין דער „יידישער פּאָטשט" ביי מלכה־רחל פּאָטשטערקע אין הויז. ווייל מען דאַרף געדיינקען אַז אין די 70־80ער יאָרן איז נאָך געווען אַנ'אַזוי גערופענע „יידישע פּאָטשט" אין סלאָנים. זינט די רוסישע אָפיציעלע פּאָסט איז געגרינדעט געוואָרן אין שטאָט, האָט זי זיך געפונען אויף עק־פּאַנעסוווער גאָס (ווו ס'איז נאָכהער געווען דער בית־יתומים). יידן זיינען אָבער אַהין ניט געגאַנגען. וואָס הייסט? ווער קען זיך דאָרטן אויסטענה'ן מיט די טשינאָווניקעס (באַאַמטע) אויף רוסיש? און שטיין דאָרטן אָן אַ היטל! כ'ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן, נאָר איך געדיינק, אַז ביי מלכה־רחל פּאָטשטערקע אין הויז (ווו ס'איז נאָכהער געשטאַנען דער האָטעל פון איר זון בערל לובאָווסקי) האָט עקזיסטירט אַ מין פּאָסט־ביוראָ, ווו מען האָט געמאַכט אַלע אָן־אויסנאַם אָפּעראַציעס, ווי געלטזענדונגען, פּעקלאַך, „זאַקאַזנע" בריוו (רעגיסטרירטע) א. א. וו. מען האָט ניט געדאַרפט ברעכן די צונג אין רוסיש, מען האָט גערעדט אַ געשמאַקן יידיש, מען האָט זיך געאַמפּערט, געשמועסט, מען האָט זיך געפילט ווי אין דער היים... די געווינלעכע בריוו פאַר יידן פלעגט בערל לובאָווסקי פאַנאַנדערטראָגן אין שטאָט, פון וואָס די פאַמיליע האָט געמאַכט אַ לעבן. אַזוי־אַרום האָט סלאָנים דאַן געהאַט אַ יידישן בריווטרעגער.

מאַלע־וואָס יידן האָבן דערגרייכט אין די צייטן פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן! די פּאָר צענדליק יאָר פון זיין הערשאַפט זיינען געווען די גליקלעכסטע צייטן פאַר די רוסישע יידן אין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער הינזיכט. ניט נאָר אַ יידישן בריווטרעגער האָט דאַן סלאָנים פאַרמאָגט, נאָר אפילו אַ יידישן נאָטאַריוס. דאָס איז געווען ה' מרדכי סטראַשון, וועלכער האָט געשטאַמט פון זייער אַ מיוחס'דיקער משפּחה. ליידער געדיינק איך אים שוין ניט און איך ווייס ניט קיין מערערע פּרטים וועגן אים. אין אַ געוויסע צייט איז געווען אין סלאָנים אפילו אַ העכערער יידישער אַקציז־באַאַמטער (וואָס פלעגט, אַגב, אָנמאַכן די קרעמער גרויסע צרות), וועמענס נאָמען איך געדיינק ניט. אין מיינע ערשטע קינדער־יאָרן זיינען געווען אַ פּאָר יידישע סטראַזשניקעס אין שטאָט. און אין די סטאַציאַ־

נירנדע פאַלקן אין שטאָט זיינען אפילו געווען אַ פּאָר יידישע מיליטער־דאָקטוירים און קאַפּעלמייסטערס... פאַרשטייט זיך, זיינען זיי ניט געווען פון סלאָנים, מערסטנטייל אַפּשטאַמיקע פון די באַלטישע געגנטן, ווו עס זיינען שוין געווען מערערע יידישע אַבסאָלווענטן פון הויכשולן.

מיט איינעם פון די מיליטערישע דאָקטוירים איז פאַר־בונדן די „מעשה־גנענדל״ וואָס האָט אויפגעשטורעמט סלאָנים אין זיין צייט. און די מעשה איז פאָלגנדע: בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד איז אין סלאָנים געשטאַנען אַ רוסישער גוואַרדיע־פּאָלק, ווו ס'האָט געדינט אַ יידישער דאָקטער. אין בוניע גרינבערגס באַקאַנטן רעסטאָראַן פון יענער צייט איז געווען אַ מיליטערישער קלוב, ווו ס'פלעגן אָפט קומען די אָפיצערן. (אגב, בוניע גרינבערג, וועלכע איז געווען אַ שכנ'טע פון מיינע על־טערן, האָט דערציילט, אַז אין די 60־ער יאָרן האָט געדינט אין סלאָנים אַלס יונקער דער גראַף לעוו טאָלסטאָי, וועלכער פלעגט אויך באַזוכן אין קלוב. נאָר די ידיעה דאַרף מען קאָנטראָלירן). דער יידישער מיליטער־דאָקטער פלעגט, אַלזאָ, אָפט קומען אין קלוב. אָבער די פרומע יידישע שטאָט האָט געוויכט פון אים. און ער האָט ניט געהאַט קיין קאָנטאַקט מיט די סלאָני־מער יידן. ער איז געווען זייער אַ פרייער, און צו תיקון־חצות פלעגט ער זיכער ניט אויפשטיין. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער גנענדל, וועלכע איז געגאַנגען אין איר פאָטערס דר־כים... איר געזעלשאַפט איז באַשטאַנען פון די גוואַרדיע־אָפיצערן... דעריבער, ווען גנענדל איז קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין 1864, האָט דער דעמאָלסטיקער רב ר' אייזעלע חריף אין אָנהייב ניט ערלויבט צו ברענגען איר צו קבורה כדת .ערשט נאָך גרויסע אָנשטריינגונגען האָט מען איר גע־געבן אַן אָרט ביים פּאַרקאַן, און אָפיצערן מיט מיליטערישער מוזיק האָבן איר געטראָגן אויפ'ן בית־עלמין. ווי מען פלעגט דערציילן, האָט מען בעת דער לוויה, ניט נאָר ניט געזען קיין יידן אין די גאַסן, ווו די פּראָצעסיע איז דורכגעגאַנגען מיט מוזיק, נאָר אפילו אין אַ פענסטער האָט קיינער ניט געקוקט.

אַ 25 יאָר נאָך איר טויט, אומגעפער אין די ענדע 80־ער יאָרן האָב איך נאָך געזען איר מצבה מיט דער קלאָרער אויפ־שריפט פון יאָר 1864, טיף פאַרזונקען אין דער ערד. די אויפשריפט איז, ווייזט־אויס, געווען אין רוסיש און אַ פּאָר ווערטער אין לשון־קודש. די מצבה האָט זיך געפונען אויפ'ן בית־עולם אויף רוזשנאַיער גאַס, ווי מען גייט אַריין דורכ'ן טויער, לינקס, עטלעכע הונדערט טריט אין טאָל, האַרט ביים פּאַרקאַן.

היינט צו־טאָג (די זכרונות זיינען געשריבן אין די 30־ער יאָרן . — רעד.) קען מען שוין באַטראַכטן גנענדלס מצבה פון „קבורת־חמור״, ווי אַ היסטאָרישן דיינקמאָל פון אַ טרויעריקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן סלאָנים.

אַז איך האַלט שוין ביי סלאָנימער געדיינק־ערטער, וויל איך אונטערשטרייכן, אַז סלאָנים, אַלס אַ זייער אַלטע שטאָט, האָט אויף אירע אַלטע בית־עלמנ'ס געהאַט איינציקע היסטאָ־רישע מצבות. ליידער, האָבן זיך ניט געפונען במשך פון די דורות קיין פאַרשטענדיקע יידן אין שטאָט, וועלכע זאָלן אָט די מצבות אָפּהיטן און אויספאָרשן. אָט פלעגט מען דערציילן, אַז אויפ'ן זאַמאָשטשער בית־עולם ליגט באַגראָבן רש״יס אַנ'אייניקל. אָבער עס איז שוין לאַנג קיין שפּור פון דער מצבה ניט פאַרבליבן, מען האָט עס קיינמאָל ניט אויסגעפאָרשט, און עס איז געבליבן אַ לעגענדע. אויך אויפ'ן אַלטן בית־עולם אויף יורדזיקע זיינען געווען מערקווירדיקע מצבות. צווישן אַנדערע איז געשטאַנען דאָרטן אַ גרויסער קבר־מייערל (אַ מין ברידער־קבר), וועלכער איז אין אָנהייב יאָרהונדערט נאָך געווען אין אַ גוט־קאָנסערווירטן מצב. ווי מען פלעגט דער־ציילן, האָט מען דאָרטן לעבעדיקערהייד באַגראָבן אַ חזן מיט זיינע משוררים, וועלכע זיינען קראַנק געוואָרן אויף דער „שוואַרצער פּינטל״. אָט די לעגענדע האָט איר גרונט. פון געשיכטע איז באַקאַנט, אַז אין אַ געוויסע תקופה אין 17־טן יאָרהונדערט איז אין אונדזער געגנט, און אויך אין סלאָנים געווען די „טשומאַ״ (שוואַרצע פּעסט), און אין דעם קבר זאָלן דאָס אַ חזן מיט משוררים, אַלס קרבנות פון דער חולאת, האָבן געבראַכט געוואָרן אין אַ מצב פון גסיסה. אויך אָט די מצבה איז ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן.

---

איך האָב אין אָנפאַנג קאַפּיטל געשריבן וועגן דער ער־עפנונג פון דער מלוכה־שולע פאַר יידן. למען האמת און צו־ליב היסטאָרישער פּינקטלעכקייט וויל איך אונטערשטרייכן, אַז איינצלנע יידישע תלמידים זיינען שוין געווען דאַן, — און אפילו נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער „יעוורייסקע״ — אין דער מלוכה'שער קרייז־שולע („אויעזדנאַיע אוטשילישטשע״). אמת, עס זיינען נאָר געווען ממש איינצלנע יידישע שילער. דאָס איז געווען אַ שולע מיט אַ פּיל ברייטערע פּראָגראַם, אומגעפער ענטשפּרעכנד 4 קלאַסן גימנאַזיע. קריסטן, וואָס האָבן געענדיקט די שולע, האָבן מיט אָט דער בילדונג באַקו־מען די בעסטע רעגירונגס־שטעלעס. קיין מיטל־שולן זיינען נאָך אין סלאָנים ניט געווען, און צווישן דער גאַנצער סלאָ־נימער יוגנט איז נאָך אין די 70־ער און 80־ער יאָרן ניט גע־ווען קיין איין שילער פון אַ מיטל־שולע, אַ חוץ איינעם בלאַ־שטיין, אַ זון פון נח דעם רימער. ווען אָט דער גימנאַזיע שילער פלעגט קומען פון גראָדנער גימנאַזיע אין זיין בלויען מונדיר מיט די זילבערנע קנעפּ און גימנאַזיסטישער היטל, אויף וואַ־קאַציעס, — פלעגן מיר, יינגלאַך, אים נאָכגיין, מקנא זיין און באַוואונדערן, באַטראַכטנדיק אים אַלס אַ יינגל פון אַ העכערע אונדערגרייכבאַרע קאַטעגאָריע...

און פאַרשטייט זיך, אַז ביז די אָנהייב 90־ער יאָרן איז אין סלאָנים ניט געווען קיין איין איינציקער אייגענער יידי־שער אינטעליגענט מיט העכערער בילדונג. נאָר אין יאָר 1892 האָט זיך אין סלאָנים באַזעצט דער דאָקטער מעדיצין באַמאַש, וועלכער איז געווען פון אַ ווייטער סלאָנימער אָפּשטאַמונג.

ערשט אין 1906 האָט זיך אין סלאָנים געעפנט די ערשטע מיטל־שול: דאָס איז געווען די פּריוואַטע רעאַל־שולע פאַר יינגלאַך, אונטער דער דירעקציע פון גרינדער ה' בעלאַיעוו. (זע אויך מיין קאַפּיטל זכרונות וועגן ד״ר בעלסקי).

## דער רוסישער פּאָלקאָווניק און דער אמעריקאַנער גובערנאַטאָר

די לאַגע אין סלאָנים האָט זיך געביטן ראַדיקאַל, פּונקט ווי אין גאַנצן תחום־המושב, מיט'ן אַרויפקומען אויפ'ן טראָן פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן. אַלע איינגעדרעמלטע שונאי־

ישראל אין שטאָט האָבן אויפגעהויבן די קאָפּ. די ידיעות וועגן די פּאָגראָמען אין אַדעס און יעליסאַוועטגראַד און אַנדערע שטעט אין דרום־רוסלאַנד האָבן צוגעגעבן פייער צו דער אַנטיסעמיטישער העצע. און מיט־אַמאָל די גרויסע שריפה פון 1881, וואָס איז געוועזן אין זעלבן יאָר, האָט נאָך פאַרגרעסערט דעם געפיל פון אומגליק און יאוש. נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען די גזירה פון מיניסטער איגנאַטיעוו׳ס „צייטווייליקע תקנות" פון מאַי 1882 וועגן פאַרבאָט פון יידן זיך צו באַזעצן אין דערפער און געוויסע שטעטלאַך, און וועגן גירוש פון דאָרפישע יידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די דערפער נאָך אַ געוויסן טערמין. אין סלאָנימער „אויעזד" האָט דאָס געטראָפן הונדערטער ישוב׳ניקעס. און צו דער גוואַלדיקער ענגשאַפט וואָס איז געווען אין שטאָט נאָך דער שריפה, זיינען צוגעקומען נאָך צענדליקער און צענדליקער משפחות פון אַרויסגעשיקטע, וועלכע זיינען אָנגעקומען מיט זייערע בעבעכעס אין שטאָט אַריין. אויף וויפל איך געדיינק, זיינען דאָס געווען די ערגסטע יאָרן פון דער רוסישער הערשאַפט (אַ חוץ דעם יאָר 1915 מיט די גוואַלדיקע בלבולים און גירושים אין די מלחמה־יאָרן).

אין שטאָט זיינען אָפט פאָרגעקומען געשלעגן פון כוליגאַנעס וועלכע פלעגן זיך טשעפּען מיט יידן, און די אונטערגעהעצטע פּויערים פלעגן ניט־זעלטן אָנפאַלן אויף יידישע קרעטשמערס און ישוב׳ניקעס און אויסקוילענען גאַנצע פאַמיליעס. ס׳איז געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז די פראַגע פון עמיגראַציע איז געוואָרן אַקטועל. ביז דאַן זיינען זייער ווייניק סלאָנימער געפאָרן קיין אַמעריקע. נאָר אין אָנהייב פון די 80־ער יאָרן, איבערהויפּט נאָך דער שריפה און נאָך די איגנאַטיעוו־גזירות, זיינען יונגע לייט אין פּריזיוו־עלטער אַוועקגעפאָרן. פון דאַן־אָן האָט זיך אָנגעהייבן אַ רעגלמעסיקע עמיגראַציע פון סלאָנים און אויעזד קיין אַמעריקע.

עס דערמאָנט זיך מיר אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַ כאַראַקטעריסטישע מעשה:

שונאי־ישראל האָבן ניט געפעלט אין שטאָט, ניט ביים איספּראַווניק און ניט אין דער פּאָליציי. נאָר ספּעציעל האָט געבושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם אין היגן מיליטער־גאַרניזאָן. אין יענער צייט האָט זיך אין סלאָנים געפונען דער 4־טער אולאַנער „כאַרקאָווסקי קאַוואַלערייסקי פּאָלק". דער פּאָלק־קאָמאַנדיר האָט געהייסן פּאָליצין, וועלכער איז געווען אַ פאַרברענטער שונא־ישראל. מען פלעגט אים רופן „דער קוביק", ווייל ער איז געווען כמעט אַזוי ברייט ווי הויך, און האָט געוואָגן אַ שיינע עטלעכע פּוד (אַ פּוד — אַ רוסישע וואָג־מאָס, אומגעפער ביי 16 קילאָגראַם), אַזוי אַז ער האָט געדאַרפט האָבן אַ ספּעציעל־שטאַרקן פערד צום רייטן. דערצו איז ער אין זיין באַנעמונג געווען ווייט ניט דזשענטעלמעניש. זיצנדיק אויפ׳ן פערד, פלעגט ער זיך אָפט ווענדן מיט אַזעלכע ציניש אויסדרוקן, אַז אַ פּראָסטער קאָזאַק האָט געקענט רויט ווערן. און וועגן זיין אָפּנעם יידנהאַס וואָס ער פלעגט אַרויסווייזן אויף יעדן טריט און שריט, איז דאָך אָפּגערעדט. פאַר די יידישע סאָלדאַטן אין פּאָלק איז געווען ממש אַ גיהנום.

אין יענער צייט איז מיינער אַ חבר, מענדל שוכאָטאָוויטש, אַ זון פון משה־אליה דעם פאַרבער, גערופן געוואָרן צום מיליטער און איז באַשטימט געוואָרן צו דינען אין דעם דאָזיקן פּאָלק אין סלאָנים גופא.

אָבער לאַנג האָט דער פּאָלק־קאָמאַנדיר פון אים ניט געהאַט קיין נוצן, ווייל אָפּדינענדיק אַ קורצע צייט אין דעם גיהנום פון פּאָליצינען האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ס׳איז ניט קיין עסק: ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די בגדי־מלכות, איינגעפּאַקט זיינע ציווילע קליידער און — היידאַ קיין אַמעריקע.

אין אַ צייט אַרום איז דער פּאָלקאָווניק פּאָליצין געקומען, אין מיליטערישן קלוב, וועלכער האָט זיך נאָך געפונען ביי בוניע גרינבערג׳ן און האָט דערציילט, אַז ער האָט ערהאַלטן אַ בריוו פון ניו־יאָרק, פון שוכאָטאָוויטשן מיט פאָלגנדן אינהאַלט:

„הער פּאָלקאָווניק! ענטשולדיקט מיר וואָס איך בין אַוועקגעפאָרן פון פּאָלק. מיינט ניט, אַז די סיבה איז געווען ווייל איך האָב ניט געוואָלט דינען. ניין, ניין. איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע, ווייל ביי אונדז זיינען פאַרשיידענע כאַראַקטערן, און כ׳קען דעריבער מיט אייך צוזאַמען ניט דינען. ווען איר וועט אַוועקגיין פון פּאָלק, שרייבט מיר אָן, און איך וועל תיכף צוריקקומען. איך לייג דאָ צו מיין אַדרעס"...

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן׳איינדרוק דער בריוו האָט געמאַכט צווישן די אָפיצערן.

און אַלס איראָניע פון גורל, אָט וואָס די געשיכטע האָט אָפּגעטאָן „אַ שטיקל" דעם מנוול׳דיקן פּאָלקאָווניק: אין די אָנהייב 30־ער יאָרן האָט מען געלייענט אין די צייטונגען, אַז אַ זון פון אַ סלאָנימער עמיגראַנט אין אַמעריקע איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס גובערנאַטאָר אין פלאָרידע.*

ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער זון פון מיין חבר מענדל שוכאָטאָוויטש, דער זון פון פאַרהאָסטן יידישן סאָלדאַט, וועמען דער צאַרסקער פּאָלקאָווניק האָט אפילו נישט געשאַנעוועט זיין סאָלדאַטסקן שינעל און האָט אים געברענט זיינע טריט אפילו אין מיליטער־דינסט.

---

* די ידיעה איז אויך געבראַכט געוואָרן אין „סלאָנימער וואָרט" נומער 45 (155), פון 2־טן דעצעמבער 1932, מיטן נאָמען פון גובערנאַטאָר, דייוו שאָלץ, אַ זון פון עמיגראַנט מענדל שוכאָטאָוויטש, אַן׳אייניקל פון משה־אליה דעם פאַרבער פון סלאָנים... — רעד.

---

(דער המשך פון פערלשטיינס זכרונות קומט אין אָנהייב פון די זכרונות פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.)

# פון וויגעלע ביז דער חופה אין סלאָנים

מיינע עלטערן. — איך לערן אין שולצאָוועס פּענסיאָן. — אַ גלח לערנט אונדז יידישקייט. — מיינע העברעאישע לערערס. — מיין ברודער אברהם־שלום. — זיינע לערערס. — אַ קסיאָנדז פלאַנצט אין אים איין דעם אינטערעס צו אַלטע געשיכטע. — זיין שטודיום מיטן פּראָפ׳ קלויזנער. — זכרונות פון „ברעגער" געסלאַך. — די פּעכאָטנע אַרטיסטן שפּילן אויפ׳ן פלאַץ. — מיין מאַמע מאַכט געשעפטן מיט די אַרטיסטן. — די פּורים־שפּילן אין די גאַסן. — מען רעדט מיר שידוכים און איך האָב חתונה אין וואַרשע.

איך בין געבאָרן אין 1870 אין סלאָנים ביי מיינע עלטערן זלמן און ליבע קאַמענעצקי. איך געדיינק גוט דיביידע שריפות, פון 1876 און פון 1881. אין דער ערשטער שריפה האָבן אָפּגעברענט אַ פאָר צענדליק הייזער אויף „ברעג". מיר האָבן שוין דאַן געוווינט אויף בערנאַרדינער גאַס. אין דער צווייטער שריפה פון 1881, ווען עס האָט אָפּגעברענט גאַנץ שטאָט, זיינען מיר שוין אויך געווען נשרפים. איך געדיינק, אַז מיין ברודער אברהם־שלום, וועלכער איז געווען מיט 4 יאָר יינגער פון מיר, איז אין גרויסן טומל בעת דער שריפה פאַרפאַלן געוואָרן. ערשט אין אָוונט האָבן מיר אים געפונען ליגנדיק אין אַ טיפע גרוב אין איינער פון די ברעגער געסלאַך.

מיין פאָטער איז געווען זייער פרום. ער האָט געדאַוונט אין מויערנעם בית־המדרש. מיין מוטער ליבע איז געווען אַ טאָכטער פון ר׳ אברהם־שלום שחור־טשערנאָסקין. זי איז געבאָרן אין סלאָנים, נאָר אירע עלטערן האָבן געשטאַמט פון קאָסעווער געגנט. מיין מוטער איז געווען אַן׳אשת־חיל, און האָט שטענדיק געהאַט אַ נייגונג צו געשעפטן, הגם זי האָט זיך אין דעם ניט געניטיקט, ווייל מיין פאָטער איז געווען גאַנץ פאַרמעגלעך. אַן׳אויסדרוק פון מאַטעריעלן מצב פון מיינע עלטערן איז געווען דאָס אָפּגעבן מיר אין עלטער פון 10 יאָר אין „שולצאָוועס פּענסיאָן". דאָס איז געווען אַ מין שולע פאַר מיידלאַך, וווּ ס׳האָבן געלערנט קינדער פון רייכע עלטערן, מיט אַ פּראָגראַם פון אַ 4־קלאַסיקע פּראָגימנאַזיע. דער נאָמען „שולצאָוועס פּענסיאָן" איז געקומען פון דער דירעקטריסע פרוי שולץ. די פרוי שולץ, אַ רוסישע זייער אינטעליגענטע פרוי, איז געווען פאַרהייראַטעט צו אַ רוסיפיצירטן דייטש ה׳ שולץ. די שולע איז אַלזאָ געווען אַ פּריוואַטע, נאָר מיט „פּראַוועס" (מלוכה־רעכט) אָנצוקומען אין מלוכה׳שע מיטל־שולן. אייגנטלעך, זיינען נאָך קיין מיטל־שולן דאַן אין סלאָנים ניט געווען. און שילערינס, וועלכע האָבן געענדיקט „שולצאָוועס פּענסיאָן" און געוואָלט פאָרטזעצן זייער גימנאַזיאַלע בילדונג, פלעגן פאָרן אין גראָדנע אָדער מינסק. די לימודים זיינען געווען אויסשליסלעך אין רוסיש, און דער צוזאַמענשטעל פון די שילערינס איז געווען אַ געמישטער: יידישע און קריסטלעכע. אַ חוץ די פרוי שולץ און איר מאַן, וועלכע זיינען געווען אויך לערער, האָבן געגעבן לעקציעס אין „פּענסיאָן" לערער פון דער „אויעזדנע" שולע פאַר יינגלאַך, וועלכע איז געווען אַ מלוכה׳שע. די שולע האָט זיך געפונען אין הויז נעבן קאָשציאָל אַנטקעגן דעם אַרעמען ראַד קראָמען. אויבן, איבערן פּענסיאָן, האָט געוווינט דער דאַן זייער פּאָפּולערער הירשעלע דער רופא (אין לאָקאַל פון פּענסיאָן איז נאָכהער געווען די אַפּטייק פון סטראָבייקע). די קריסטלעכע שילערינס זיינען געווען אַ מינדערהייט. ווייזט־אויס, אַז צווישן די יידישע שילערינס זיינען געווען אויך קינדער פון ניט זייער רייכע עלטערן, נאָר וועלכע האָבן געוואָלט געבן זייערע טעכטער אַ וועלטלעכע בילדונג. וויבאַלד דאָס איז געווען די איינציקע אַזוי־צו־זאָגן בילדונגס־אינסטיטוציע פאַר מיידלאַך אין סלאָנים, — דאַרף מען פאַרשטיין, אַז נאָר אַן׳אומבאַדייטנדע צאָל יידישע מיידלאַך פון מיין דור אין שטאָט האָט גענאָסן פון אַזאַ בילדונג. ווייל איך געדיינק, אַז אין יעדן קלאַס זיינען געווען דורכשניטלעך ביי 20 שילערינס, און צוזאַמען האָבן געקענט לערנען אין „פּענסיאָן" ביי 50 יידישע טעכטער. פון מיינע חבר׳טעס אין שולע געדנייק איך די טאָכטער פון דאַמאָלסדיקן גביר ה׳ זשאַמעקעווס (זיי האָבן געהאַט אַ מויער אויף סקראָבעווע גאַס אַנטקעגן דעם מאַרק־פּלאַץ), די טעכטער פון אַן׳אַריינגעפאָרענער פאַמיליע פון מינסק („מענדעלאָוועס טעכטער"). די קריסטלעכע מיידלאַך זיינען געקומען פון פאַמיליעס פון רוסישע העכערע טשינאָווניקעס (באַאַמטע) און אויך פון פּוילישע פּריצים פון אומגעגנט, און די אַטמאָספער אין שולע איז געווען אַזוי ווי אַ „אינסטיטוט בלאַגאָראָדניך דעוויץ" (אַנשטאַלט פאַר נאָבעלע מיידלאַך). און ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזאַ אינסטיטוט, האָט מען אונדז געלערנט, אַחוץ רוסיש, — אויך פראַנצויזיש און דייטש .די לערערין פון אָט די שפּראַכן איז געווען די דירעקטריסע אַליין, די פרוי שולץ. מען האָט אונדז אויך געלערנט מוזיק און מאַלעריי־קונסט. שולץ האָט אונדז געלערנט מאָלן. ער איז אויך געווען דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער שולע. מיר וווּנדערט ביז היינט, ווי אַזוי האָבן פרומע עלטערן געקענט שיקן זייערע טעכטער אין אַזאַ בילדונגס־אַנשטאַלט, וווּ אַ גלח האָט אונדז געלערנט, מ׳שטיינס־געזאָגט, יידישקייט... ווייל אין פּראָגראַם פון די לימודים איז אויך געווען: „זאַקאָן באָזשי" (ד. ה. רעליגיע). פאַר די פּראַוואָסלאַווע קינדער פלעגט קומען אַ גלח, און פאַר די קאַטוילישע — אַ קסיאָנדז. און כאָטש מיר, די יידישע מיידלאַך,

זיינען געווען די מערהייט, דאָך האָט מען אונדז ניט געגעבן אַ יידישן לערער צו אָט דעם לימוד. און כדי יוצא זיין די פליכט פון „זאַקאָן־באָזשי", האָט אונדז דער זעלבער גלח געלערנט אַ שעה אין וואָך „סטאַרי זאַוועט" (ד. ה. די ביבל)... די יידישע עלטערן האָבן דאָס געוווּסט און דאָך ניט רעאַגירט. צו די עקזאַמענס פלעגט קומען אַ „פּאָפּעטשיטעל" (אויפזעער) פון גראָדנע. אויך איז געווען אין שולע אַ „קלאַסנע דאַמע" (קלאַס־ערציהערין).

אמת, אין די אָוונטן האָב איך געלערנט העברעאיש ביי פּריוואַטע לערערס. און כמעט אַלע מיינע חבר'טעס פון דער שולע האָבן אויך געלערנט יידישע לימודים אין דער היים. אַזוי האָט זיך דאַן געפירט, אין די 80־ער יאָרן, אַז פּאַר די גביריש־בעלי־בתי'שע טעכטער האָט מען געהאַלטן פּריוואַטע יידישע לערער אין שטוב, בעת די זין האָבן געלערנט אין חדרים און ישיבה, און אַנדערע — אין דער אויעזדנאָיע אוטשילישטשע. איך געדיינק זייער גוט מיינע צוויי העברעאישע לערער, ביי וועמען איך האָב פאָרטגעזעצט צו לערנען אויך נאָכ'ן ענדיקן די שולע אין עלטער פון 15 יאָר. דאָס זיינען געווען אליעזר בעקענשטיין און יעקב וואָלאַנסקי („יאַנקל מלאך"). די העברעאישע לעקציעס האָב איך געהאַט יעדן טאָג אַ שעה (אַחוץ פרייטיק). און איך האָב אַזוי געלערנט ביז'ן עלטער פון 17—18 יאָר. מיר האָבן איבערגעלערנט דעם תנ"ך פיל מאָל און איך האָב געקענט גאַנצע ספרים אויף אויסנווייניק. אויך האָב איך געלייענט מאַפּו, סמאָלענסקין. איך געדיינקט, אַז יאַנקל מלאך האָט מיר געלערנט שרייבן בריוו לויט אַ העברעאישן בריוונשטעלער. אַ דאַנק אים איז מיין האַנטשריפט געווען אַ שיינע. מיין לעצטער העברעאישער לערער איז געווען אליעזר בעקענשטיין. אַז מען האָט מיר אָנגעהייבן ריידן שידוכים, האָט מען מיין העברעאיש־קענטניש אָנגעגעבן אין נדן. אַז איך דערצייל דאָס איצט אין עלטער פון 86 יאָר, לאַך איך...[1]) איך בין געווען, אַזוי־צו־זאָגן, אַ „פּערפעקטע" כלה: רייך, שיין, און געבילדעט: איך האָב געקענט גוט רוסיש (אין שולע האָבן מיר גערעדט אויסשליסלעך רוסיש), דייטש, פראַנצויזיש און העברעאיש... איז נישט קיין וווּנדער, וואָס שידוכים האָבן מיר גערעדט נאָר לאַנד־שדכנים, און מען האָט מיר פאַר'קנס'ט אין עלטער פון 19 יאָר אין וואַרשע, וווּהין איך בין אַרויסגעפאָרן אין 1890.

די ערציהונג פון מיין ברודער אברהם־שלום, — וועלכער איז נאָכהער אויסגעוואָקסן אַלס גרויסער יידישער געלערנטער, — איז געווען גאָר אַנ'אַנדערע. ער האָט געלערנט אין חדרים און אין ישיבה ,און האָט, — אויף וויפל איך געדיינק, — דורכגעמאַכט אַלע ישיבה־כיתות. ער איז געווען בקי אין תלמוד, און איז געווען ראוי אויף קריגן סמיכות. אויך ער האָט אין די אָוונטן גענומען לעקציעס ביי אליעזר בעקענשטיין און אַנדערע העברעאישע לערערס. ביז בר־מצוה אין 1887 (מיין ברודער איז געבאָרן אין 1874) האָט ער נאָך ניט געלערנט קיינע וועלטלעכע לימודים .ערשט שפּעטער, צו 14—15 יאָר האָט ער אָנגעהייבן לערנען אינטענסיוו אַלס עקסטערן די אַלגעמיינע לימודים אין רוסיש. ער האָט גענומען לעקציעס ביי די לערער פון „אויעזדנאַיע אוטשילישטשע", און אַזוי ווי ער האָט זיך געגרייט לויט אַ פולן גימנאַזיע־פּראָגראַם, האָט ער אויך געלערנט לאַטיין. איך געדיינק, אַז לאַטיין האָט ער געלערנט ביי אַ פּוילישן קסיאָנדז, וועלכער האָט אים געגעבן פיל חשק צו פאָרשן דאָס אַלטערטום. איך גלויב, אַז מיין ברודער האָט געהאַט פיל צו דאַנקען דעם קסיאָנדז, וואָס ער האָט אויסגעקליבן אַ וויסנשאַפטלעכע קאַריערע פון פאָרשן די אַלטע געשיכטע. אויך געדיינק איך, אַז ער האָט געהאַט אַ יידישן לערער, וואָס האָט אים געלערנט רוסיש, — און דאָס איז געווען דאַן אַ זעלטנהייט, — ער האָט געהייסן שקוראָוו. זיין פאָטער איז געווען אַ חסיד און געדאַוונט אין ליובאַוויטשער שטיבל. ביז איצט פאַרשטיי איך ניט, ווי אַזוי האָט דאָס אַ זון פון אַ פרומען ליובאַוויטשער חסיד געקענט אין די 60—70־ער יאָרן באַקומען אַזאַ אַלגעמיין־רוסישע ערציהונג. שקוראָוו האָט גֿעענדיגט די „אויעזדנאָיע" אין סלאָנים אין די אָנהייב אַכציקער, און האָט נאָכהער געגעבן פּריוואַטע לעקציעס. מיין ברודער האָט ביי אים געלערנט אַ פּאָר יאָר.[2]) זייענדיק שוין אין וואַרשע, האָב איך געהערט, אַז שקוראָוו איז נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אַריבערגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ווען איך בין עולה געווען אין א"י אין 1932, האָב איך אים געזוכט, און מען האָט מיר אינפאָרמירט, אַז ער איז געשטאָרבן אין ירושלים נאָך פיל יאָר פאַר'ן 1932.

נאָכדעם, ווי מיין ברודער האָט אין סלאָנים דורכגעמאַכט אַלס עקסטערן אַלע גימנאַזיע־לימודים, איז ער געקומען צו מיר אין וואַרשע אומגעפער אין 1894. ער האָט זיך זייער העפטיק גענומען גרייטן צו די אַביטוריענט־עקזאַמענס און האָט גלענצנד זיי אויסגעהאַלטן. ער איז שוין געווען פעסט ענטשלאָסן זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין לימודים פון יודאַאיסטיק, אָריענטאַלישע שפּראַכן און פילאָסאָפיע. די ווייטערדיקע עטאַפּן פון זיין לעבן ווי אויך זיינע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען, זיינען גוט־באַקאַנט פון זיין ביאָגראַפיע. ער האָט שטודירט אין היידעלבערג גלייכצייטיק מיט'ן פּראָפעסאָר קלויזנער און האָט פאָרטגעזעצט זיין שטודיום אין שווייץ. ער פלעגט אין די זומער־וואַקאַציעס באַזוכן סלאָנים און אויך מיר אין וואַרשע. איך בין מיט אים שטענדיק געשטאַנען אין קאָרעספּאָנדענץ־פאַרבינדונג. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין סלאָנים, און נאָך דער מלחמה האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע, ווו ער האָט געאַרבעט וויסנשאַפטלעך, אויך אין דער ביבליאָטעק ביי דער סינאַגאָגע אויף טלאָמאַצקע גאַס. די לעצטע 10 יאָר פון מיין לעבן אין וואַרשע האָבן מיר אַלזאָ געווינט אין איין שטאָט און מיר פלעגן זיך טרעפן זייער, זייער אָפט. ס'איז אפשר ווייניק באַקאַנט, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין גליקלעכן פאַמיליען־לעבן מיט זיין פרוי, וועלכע איז געווען אַנ'אייניקל פון באַרימטן לאָדזשער רב ר' אליהו־חיים מייזל, — נאָר וועגן דעם וויל איך ניט מאריך זיין.

פון מיינע קינדער־און יוגנט־יאָרן וואָס כ'האָב פאַרבראַכט אין סלאָנים, זיינען מיר געבליבן זייער פיל זכרונות. אַזוי ווי

---

1) די זכרונות זיינען פאַרצייכנט געוואָרן בעת אַ געשפּרעך מיט פרוי קראַסנאָפּיורקאָ אין אָקטאָבער 1956. — רעד.

2) שקוראָוו האָט געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס פון סלאָנים אין די 80־ער און 90־ער יאָרן אין די יידיש־רוסישע זשורנאַלן „וואָסכאָד" און אַנדערע. — רעד.

מיר האָבן געוווינט אויף בערנאַרדינער גאַס, האָב איך געקענט גוט „ברעג“ און אַלע זיינע גאַסן און געסעלאַך. איך געדיינק צענדליקער שכנים פון אונדזער גאַס. אָט זע איך נאָך פאַר זיך ר׳ איטשע דזוואַניקער (יצחק יאַקימאָווסקי)[3] מיט זיין ווייסער באָרד. ער האָט געהאַנדלט מיט ספרי־תורות און זיין ווייב מערע האָט געהאַט אַ קראָם אין „ראַד“ מיט קרעטאָן און טיכער. איך געדיינק זייערע קינדער נחום און חיה. חיה איז געווען אַ נידעריקע און אַ דאַרע און ווען נחום האָט חתונה געהאַט מיט אַ רבנ׳ישע טאָכטער פון סובאַלק וועלכע האָט אויך געהייסן חיה און איז דווקא געווען אַ הויכע און פולע — האָבן זיי באַקומען די צונעמענישן „חיה די גרויסע“ און „חיה די קליינע“...

מיין מאַמע, אַ חוץ וואָס זי איז געווען אַ סוחר׳טע, האָט זיך נאָך אויך פאַרנומען מיט שדכנות... אויך נחומ׳ען האָט זי גערעדט שידוכים. איך בין געווען אויף נחומ׳ס חתונה, און איך זע נאָך פאַר זיך חאַצקל׳ס קאַפּעליע מיט די כלי־זמרים. די קאַפּעליע איז געווען באַרימט אין גאַנצן געגנט און זיי פלעגן שפּילן אויף אַלע חתונות. חאַצקל אַליין האָט געשפּילט אויף אַ פידל, און ער האָט געהאַט אַ צען מענטשן מיט זיך, וואָס האָבן געשפּילט אויף פייף־און בלאָז־אינסטרו־מענטן, מיט אַ פּויק און אַ באַנדורע. נאָר די גרעסטע אַטראַק־ציע פון דער קאַפּעליע איז געווען דער בדחן. ליידער געדיינק איך ניט זיין נאָמען. ער איז געווען אַ מייסטער אַ בדחן. אַחוץ וואָס ער פלעגט צונויפשטעלן גראַמען לכבוד חתן־כלה און אַלע מחותנים און באַוויינען די כלה ביים „באַזעצן“ איר, — האָט ער נאָך געוויילט ביי דער סעודה מיט אַלערליי קונצן, ער פלעגט ציהען לענטעס, מאַכן כישוף־שטיק און דאָס גלייכן. ער איז געווען אַ סלאָנימער, און אין זיין פרייע צייט האָט ער געלערנט קינדער — שרייבן מיט אַ שיינער האַנטשריפט.

מיר האָבן געוווינט נאָנט פון מאַרקפּלאַץ און איך געדיינק גוט די יידישע „פּעכאָטנע“ (וואַנדערנדע) טרופּעס אַרטיסטן וואָס האָבן געשפּילט טעאַטער אויפ׳ן „פּלאַץ“. מען פלעגט אויפשטעלן אַ גרויסן „שאַלאַש“ (געצעלט) פון לייוונט, און די אַרטיסטן האָבן געשפּילט פּיעסן אויף חומש־טעמעס, ווי „מכי־רת־יוסף“, „משפט־שלמה“ און אַנדערע. דאָס איז נאָך געווען אין די יאָרן ווען איך בין געגאַנגען אין „פּענסיאָן“. איך געדיינק אויך אַ צירק וואָס האָט געשפּילט לאַנג און גאַנץ שטאָט איז געגאַנגען קוקן. אין די שפּעטערדיקע 80־ער יאָרן, ווען איך בין שוין געווען אַ פריילין, פלעגן יידישע טרופּעס געבן גאַסטראָלן „ביי אסתר׳קען“ (פרוי אסתר ראַבינאָוויטש, אַנ׳איייניקל פון בעל „אפיקי־יהודה“, אַנ׳אשת־חיל, וועלכע האָט די ערשטע געגרינדעט אַנ׳עפנטלעכן לאָקאַל. — רעד.). דאַן האָט מען שוין געשפּילט פּיעסן ווי „שולמית“ און „קאָל־דוניע“. צו די שפּילן פלעגט קומען אַ גרויסער עולם. זיי פלעגן שטיין אין שטאָט אַ פּאָר וואָכן. מיין מאַמע, די אשת־חיל, האָט אפילו געמאַכט מיט די אַרטיסטן געשעפטן... אַזוי ווי זיי זיינען געווען גרויסע קבצנים, נעבאַך, פלעגט זי „פינאַנסירן“ זייער טעאַטער: זי פלעגט זיי אויסלייהען געלט, — אָבער אַזוי ווי קיין גרויסן צוטרוי האָט זי צו זיי ניט געהאַט, פלעגט זי זיצן אין קאַסע ביים פאַרקויפן די בילעטן און אויפמאָנען אויפ׳ן אָרט איר חוב, וואָס קומט איר, מיט אַ שיינעם רווח... איך דאַרף אייך זאָגן, אַז מיין מאַמע האָט זיך אין דעם ניט גע־נייטיקט, נאָר אַזאַ טבע האָט זי שוין געהאַט, אַז זי האָט ניט געקענט דורכלאָזן אַ זייטיקן פאַרדינסט...

די לידער פון די אָפּערעטעס פלעגן גלייך פּאָפּולאַריזירט ווערן אין שטאָט, און קינד און קייט פלעגן זיי זינגען. איבער־הויפּט האָבן געהאַט ערפאָלג די לידער פון „קאָלדוניע“. איך געדיינק, אַז יידישע דינסטן, וועלכע זיינען דאַן געווען מערסטנ־טייל, פלעגן פיל זינגען יידישע פאָלקס־לידער און טעאַטער־לידער. אין „פּענסיאָן“ פון פרוי שולץ האָט געאַרבעט אַ יידישע דינסט, וואָס פלעגט וואַשן דילן, — פלעגט זי פיל זינגען. ביי אונדז אין שטוב האָט געדינט אַ טאָכטער פון אַ מלמד, מיטן נאָמען ריווע, — איז זי געווען אַ גרויסע זינגערקע, פון איר האָב איך זיך אויסגעלערנט פיל פאָלקס־לידער, וואָס איך געדיינקט נאָך ביז היינט.

היינט די פּורים־שפּילן... פּורים־שפּילער, איבערגעטאָ־נענע אין זייערע קאָסטיומען און מאַסקעס פלעגן אַרומגיין איבער די גאַסן און אויסזינגען גאַנצע קופּלעטן אין גראַמען פון „פּורים־שפּיל“. איבערהויפּט האָט געפּראַוועט פּורים־שטיק אַ מלמד ר׳ איטשע (איך געדיינק ניט זיין פאַמיליע), וועלכער פלעגט זיך איבערטאָן פאַר אַ גוי אין אַ פּויערשן קאַפּטאַן און אין לאַפּטשעס און פלעגט נאָכמאַכן זיין לשון און באַוועגונגען. אַנ׳עולם יינגלאַך פלעגט אים באַגלייטן אין די גאַסן, און ס׳איז געווען ששון ושמחה. ער פלעגט זיך אויך גוט אָנטרינקען לכבוד פּורים... מען האָט אים טאַקע אַ נאָמען געגעבן „איטשע־גוי“.

מיין פאָטער פלעגט אָנטייל־נעמען אין סעודות לכבוד סיום־הש״ס און ביי אַנדערע געלעגנהייטן, וואָס פלעגן פאָר־קומען ביים רב אָדער אין בית־המדרש. דאָרט פלעגט מען זאָגן תורה, און אויך נעמען גוט אין מויל אַריין.

פון דער משכילישער באַוועגונג געדיינק איך גוט משה מילאַקאָווסקען וועלכער האָט געהאַט אַ ביבליאָטעק. פאַר דער שריפה פון 1881 האָט זי זיך געפונען אין אַ הויז נעבן בער־נאַרדינער קלויסטער, און נאָך דער שריפה, — איז זי געווען אויפן מאַרק. דאָרטן זיינען געווען העברעאישע און רוסישע ביכער. אויך געדיינק איך אַ משכיל, אַ מין אפּיקורס, משה־אָרע דער זייגערמאַכער.[4]

ווי געזאָגט, האָב איך חתונה געהאַט אין 1890 און זיך באַזעצט אין וואַרשע. און כאָטש איך פלעג גאַנץ אָפט צופאָרן אין סלאָנים צו מיינע עלטערן, האָב איך שוין אָבער אין סלאָנימער לעבן מער ניט גענומען קיין אָנטייל, און מיינע סלאָנימער זכרונות ענדיקן זיך מיט דעם.

פאַרצייכנט און רעדאַגירט דורך ק. ל.

---

3) ער איז דער זיידע פון מוטער׳ס צד פון רעדאַקטאָר פון „פּנקס סלאָנים“, קלמן ליכטענשטיין.

4) זיין נאָמען איז געווען משה־אהרן קאַגאַן. זיין ווערקשטאַט איז געווען איבער׳ן „נאָוואָרעדקער בעקער“, ווינקל נעווסקי און ברעגער גאַס. — רעד.

# זכרונות ורשימות על ר' אייזילי חריף*

# זכרונות און נאטיצן וועגן ר' אייזילי חריף

הרב י. ל. הכהן מימון (פישמן)

## סתם ר' אייזילי — משמע ר' אייזילי מסלונים

...בשם העיר סלונים קשור שמו של ר' אייזילי עד היום הזה. סתם ר' אייזילי או ר' אייזילי חריף — כידוע שהכוונה היא לר' אייזילי מסלונים.

דמותו הקורנת של ר' אייזילי נחשפת לנגד עינינו לא רק מתוך ספריו ההלכתיים שנפוצו בכל רחבי העולם היהודי, אלא גם מן האמרות המרובות, בחינת „שיחות־חולין" שלו. ומאלה נראה, כי הקוו הבולט ביותר בדמות־דיוקנו של ר' אייזילי הוא ללא ספק: חריפותו ופקחותו. מוחו היה אש־שלהבת, אש אוכלה אש, שעבד במהירות עצומה, וכל אשר למד וספג בשנות חייו עמד תמיד לשירותו, לעשות בו כטוב בעיניו. הוא הגיע למדרגה גבוהה בהבנת התורה, ומכאן ביטולו את האחרים. כבר בימיו היו בין הרבנים כאלו, שלא שימשו די צרכם בלימוד התורה וקפצו לשמש ברבנות. כבר בימיו לא היה המושג „הרב" שם־נרדף לגדול בתורה, למורם מעם אשר הוא משכמו ומעלה גבוה. ר' אייזילי בעינו החדה ראה את ירידת־קרנה של הרבנות וכבוד הרבנים בתוך תוכה של המאה שעברה, כשהתורה עדיין היתה אויר־נשמתו ולחם־חוקו של העם בכללו.

הוא שהיה ענק שבענקים ראה לפניו הרבה ננסים. כל בר־בי־רב משמש ברבנות, וכל לבלר — מחבר בישראל. הוא הסתכל וראה בכאב־לב כי לא מאלה תיבנה היהדות ולא מחיבוריהם של הללו תאדר תורת ישראל, ולפיכך היה מבטלם בהבל־פיו. אבל גם בביטולם לא זרק בהם מרה, לא שפך קיתונות של בוז, — אלא בלגלוג חייכני שהיה לפעמים לגלוג של רותחין היה דן אותם. לא נאמרו הדברים כדי לקנתר, אלא מתוך לב־כואב ומבין, אבל שוט־לגלוגו לא ידע רחם. התורה — לימוד היא צריכה, וברוב עמל ועבודה היא נקנית, והללו הבאים ונוטלים לעצמם עטרה שאינה הולמתם — ראויים שילגלגו בהם, ולא כל הרוצה ליטול את השם — יטול.

הוא היה שונא את התארים, שהיו מרבים בהם לתאר כל אברך וצורב בשם חריף ובקי, ואת היותר גדולים שבהם — בשם גאונים וצדיקים וקדושים וטהורים...

ר' אייזילי ביקש לראות ברבנות — גדלות בתורה, ולפיכך בז בלבו לכל אותם גינוני רבנות שנהגו בהם כמה מרבני הדור, כדי להתגדל בהם לעיני ההמון.

הוא היה מצליף ללא־רחם באלה המתגאים במה שאין בהם.

קטנות המוחין וצמצום ההשגות, שבהם הוגדרו ותחמו את עצמם רבנים ידועים, הכאיבה את לבו. הוא ראה בדמותו של רב בישראל דמות לוחמת, אמיצה, הצועדת לפני העם ומאירה לפניו את הדרך, ולא דמות של זעיר־אנפין, או אישיות רופפת ונחלשת התלויה בדעת הקהל ובחסדי ראש הקהל.

הרבה סיבות מנו לירידתה של הרבנות, ירידה זו שכה הכאיבה לנפשו הרגישה של ר' אייזילי, ואחת הסיבות היה הביקוש אחרי רב מן החוץ דווקא, שיהיה בו מן הברק החיצוני.

לעגו של ר' אייזילי היה בו על־פי־רוב מן החידוד שבטוב־לב ומן ההומור הטוב שלא עזב אותו מעולם.

דמותו הקורנת של ר' אייזילי חריף נתחבבה ונתקדשה בעיניו של העם בזכות אמרות חריפות אלה. ר' אייזילי ידע כל ימיו לעמוד בתוך העם ועם העם, ולפיכך זכה למשנה־אהבה כתגמול מצד העם. רק לגאון מווילנא ולעוד אישים גדולים ספורים הוסיף העם בחושו הבריא תואר משלו. ואם הוסיפו את התואר „החריפות" לר' אייזילי, — בצדק ובאמונה עשו זאת. אפילו כינוי זה שנתכנה בו ר' אייזילי בכל מושבות ישראל בעודנו בחיים, — עשאו ר' אייזילי אף אותו ענין לאימרה מחודדת. (ר' בדיחתו על ראשי־תיבות של „חריף" ועל חותנו וחותנתו).

כמו־כן יש לציין את יחסו החיובי ליישוב ארץ־ישראל, ובאחת מבדיחותיו (על תפילת שמונה־עשרה) הוא הביע את דעתו על אודות החובה לעשות משהו מעשי וממשי לשם בנין א"י וחורבותיה.

---

*) במדור הזה הכנסנו גם רשימות הערכה על אישיותו של ר' אייזילי, שהיא אחת הדמויות הבולטות ביותר בתולדות קהלת סלונים.

ד"ר שמשון רוזנבוים

# ר' אייזילי מקרוב ומרחוק

אני זוכר את ר' אייזילי מימי־ילדותי. (כשהוא נפטר, הייתי בן שלש־עשרה). ראיתיו שלש או ארבע פעמים, תמיד בצוותא חדא עם הרב מפינסק, ר' אליעזר משה הורביץ. הוא היה מבקר לעתים בעיר־מולדתי מינסק. הוא היה קטן־קומה, אבל מבנה גופו היה חזק. הכרת פניו ענתה בו, שאיננו איש ככל האנשים, שהוא עולה עליהם, שהוא קדוש מכולם. עיניו השאירו עלי רושם גדול. מובן מאליו, שתדמית אישיותו הרוחנית בעיני מבוססת לא רק על הפגישות הארעיות הללו, אלא גם על יסוד ספריו, שקראתי אחר־כך ועל יסוד הבדיחות הרבות, שהיו מספרים בשמו ושהן אופיניות מאד. אפשר שלא כל הבדיחות הללו הן אמנם משלו, אבל רובן — בוודאי משלו. וגם לזה, לעצם הדבקת כמה בדיחות שאינן מפרי־שנינותו — לשמו, יש ערך מיוחד, כי הדמיון העממי יחסן דווקא אליו, ודבר זה מעיד איך תיארוהו והבינוהו וראוהו כקרוב לרוחם הן בני־דורו והן אלה שבאו אחריו.

כדי להעריך את ר' אייזילי חריף בתור גאון תלמודי, יש צורך בנקיטת שיטות ביקורתיות מדעיות. בדורות הקודמים התגאתה כל עיר ואם בישראל, שהאב"ד שלה הוא גדול־הדור, הוא הגאון הגדול ביותר. בימיו של ר' אייזילי היו הגאונים המפורסמים: ר' יוסף־דוד סולובייצ'יק, ר' יצחק אלחנן, ר' אליעזר משה הורוויץ. אך אפשר לקבוע בלי הפלגה, שגדול־הדור בשנות הששים והשבעים ועד יום־פטירתו היה ר' אייזילי, ובתור שכזה יצאו לו אז מוניטין בעולם היהודי. היו לו, אמנם, שני „מתחרים" לתואר זה: ר' יצחק אלחנן מנובוגרודק (ואח"כ קובנה) ור' יוסף־שאול נתנזון מלמברג.

בר' אייזילי צריך להבדיל תקופות שונות בימי נעוריו ובימי עמידתו. באותן השנים שכתב את ספרו „עמק יהושע" ושאלות־ותשובות אחרות, עמד משכמו ומעלה גבוה מכל יתר הרבנים בני דורו, ואפשר להשוותו לא לר' יצחק אלחנן ולא לר' יוסף־שאול נתנזון, אלא לר' עקיבא איגר ול„שאגת־אריה" וביחוד לזה האחרון. הוא לא היה מפולפל, אלא בעל שכל מחודד בלתי־מצוי. חבל שלא היה בעל השכלה כללית ולא היה יכול להשתמש בשיטות המחקר המדעי. לו היו לו שתי מדות אלה בידו, כי אז היה הוא למדע־התלמוד, מה שהיה קנט לפילוסופיה. לדאבוננו סרו רבנינו מהדרך, שכבש לפניהם הרמב"ם. לפיכך נשאר ר' אייזילי חריף, למרות חריפותו ולמרות התמדתו המרובה, רק „גאון גדול". אפס, בימים ההם הוא היה הכי־גדול בדורו, ואפשר — גם בדורות אחדים שקדמו לו. בספריו המאוחרים הוא כרך יחד דרוש ופלפול.

ר' אייזיל הצטיין ביחסו הסרקסטי אל עצמו ואל הרבנים בני דורו. בגלל התמדתו העצומה, הוא היה ממעט לפסוק שאלות ולדון בעניני ממונות. לימוד הגמרא, „והגית בו יומם ולילה", היה מעל לכל. כשהיה דין־תורה חשוב מאד, כשהיו מזימנים לשם זה רבנים גדולים אחרים, — לא היה מסרב גם הוא להשתתף בו, והוא הדבר בנוגע גם לעניני הקהל. רק כשהיה איזה ענין חשוב ובאי־כוח הקהל לא יכלו לבוא ביניהם לעמק־השווה היו מזמינים אותו לעוץ עצה, ומה שהיה אומר — היה קדוש לכולם.

מענין היה יחסו אל עצמו ואל הרבנים בני דורו. אפשר ללמוד על־כך מעשרות מבדיחותיו.* בבדיחותיו לא ידע רחם אפילו בנוגע לאנשים הכי־קרובים לו. (ר' בדיחתו על חתנו ר' יוסילי). בזמנו של ר' אייזילי היתה ממש מעין מגפה בנידון חיבורי ספרים בתורה. כל אברך ובר־בי־רב לא מצא לחשוב לדעת מה כתבו אחרים, אלא ראה חובה לעצמו להוסיף נופך משלו, כאילו היה העולם חרב, לו חסר הפשט'ל שלו... ר' אייזילי דן אותם ברותחין בהרבה בדיחות שנונות, ולא בכדי תופס נושא זה חלק חשוב באוצר בדיחותיו העוקצות.

בסיכום: ר' אייזילי היה בעל כשרון בלתי־מצוי. הוא העריך נכון, אולי במידה חריפה, יותר מדי, את דורו הוא ואת עצמו בתוכו. וכל כוחותיו היו קודש לאידיאל אחד: ללימוד התורה. הוא בוודאי זכה לכך, ששמו ישאר בדברי־ימינו.

---

* ר' הבדיחות בכרך זה על הנושאים: „על רבנות ורבנים", ו„על עצמו" — המערכת.

אליעזר שטיינמן

# ר' אייזילי הגיע לחיי שלווה ויצירה בסלונים

ר' אייזילי חריף היה המופלא שבגדולי־תורה האחרונים, מופלא לפי הליכותיו ולפי כל שיחו ושיגו. היה, כביכול, קפדן, רתחן, דן במידת הדין כל עניין. הוקיע מתוך ריתחה כל בור והדיוט הקופץ בראש, כל נגיד ופרנס המבקש להתנשא על הציבור, כל בעל־הבית שאינו שואל כעניין ומבקש שישיבו לו כהלכה. אך זו היתה רוגזה באתגליה, ששרשה נדיבות וטוב־לב באתכסיה. יש חומרה חיצונית הבאה לחפות על רגשנות יתירה ,וכעסנות המשמשת סייג לרחמנות שלא תתפרץ החוצה ונמצאת באה לידי חילול.

חכם חריף תופס על־דרך החריפות כל קלקול ותקלה, כל גילוי של איוולת אנושית ואפילו של תמימות ובורות. מי שהגיונו חד, — לשונו ממילא שנונה וחיתוך־דיבורו עז ותקיף. אין הוא מתכוון כלל לפגוע ונמצאים נפגעים. כזה היה ר' אייזילי שזכה לשם התואר חריף, ששום גדול־בתורה אחר

מרדכי גינזבורג

# מיינע קינדער- און יוגנט־יאָרן אין סלאָנים

## קאַפּיטלען זכרונות

מיינע ערשטע מלמדים. — ישראל דער געלער. — ר׳ איטשע שיימעס. — פיניע דער מלמד. — ר׳ אשר, מיין גמרא מלמד. — אין חדר פון ר׳ ישראל מירסקי. — איך ווער אַ בעל־תנ״ך. — מיין קאַריערע אַלס „בעל־קריאה״. — איך גרייט זיך צום ווילנער לערער־סעמינאַר. — די דריי זאַכן וואָס סלאָנימער יידן האָבן געהאַט אין זינען. —

איך האָב אין מיין לעבן אַ היבש ביסל געוואַנדערט, געלעבט לאַנגע צייט־אָפּשניטן אין פאַרשידענע שטעט, דאָך וועקט ניט אין מיין האַרץ קיין פלאַץ אין דער וועלט דעם ציטער, וואָס סלאָנים מיין געבוירן שטאָט ערוועקט, סלאָנים ווו כ׳האָב איינגעזאַפּט אין זיך יענעם בשמים׳דיקן ריח, וועלכער גייט מיר נאָך ביז היינטיקן טאָג... סלאָנים האָט אין אַלע צייטן פון מיין לעבן מיר געדינט, ווי אַ שטערן, וואָס האָט געקירעוועט מיינע שריט אין פאַרשיידענע ריכטונגען, און איך האָב זיך אַלע מאָל, אין גוטע ווי אויך אין שלעכטע שווערע מאָמענטן געווענדעט מיטן בליק צו סלאָנים, צו איר לעבנס־שטייגער, מנהגים, טראַדיציעס און אייגנאַרטיקייט.

פון מיינע קינדהייט־און יוגנט־זכרונות שטעל איך מיך דאָ אָפּ אויפן קאַפּיטל פון רעליגיעזער ערציהונג. איך שעם זיך גאָרניט מיט מיין „לאָקאַלפּאַטריאָטיזם״ און איך ווייס, אַז אַלע אָפּשטאַמיקע פון סלאָנים וועלן לייענען די שורות מיט אַ באַזונדער פּיעטעט און וועלן אגב זיך דערמאָנען אָן זייערע אייגענע חדר־און קינדער־יאָרן, וועלכע זיי האָבן פאַרבראַכט אין זייער אַלטער געבוירן־שטאָט.

איך האָב אָנגעהייבן לערנען אין חדרים ווען אין סלאָנים זיינען נאָך ניט געווען קיין „חדרים מתוקנים״, אָדער ווי מען האָט זיי נאָכהער גערופן „קלאַסן״. דאָס איז געווען אין אָנהייב פון די 90־ער יאָרן.

מיין ערשטער רבי, צו וועלכן מען האָט מיך פּשוט אַוועקגעטראָגן אויף די הענט אין עלטער פון 4 יאָר, האָט געהייסן ישראל דער געלער. זיין פאַמיליען נאָמען געדיינק איך ניט. ער איז געווען, אַלזאָ אַ דרדקי־מלמד. ביי אים פלעגן לערנען קינדער אַ 2—3 זמנים, ביז וואַנען זיי פלעגן זיך אויסלערנען זאָגן עברי, דאַוונען אין סידור, און ווייסן מער־וויניקער, ווו

בזמנו לא נתכנה בו. הוא היה חריף ושנון, סכין חדה, לפי ההסכמה הכללית. אבל מה יעשה אנין־הדעת, הרואה מסביבו נחל־איתן של בורות, — ויש בורים שהם גם מחוצפים ותוקעים את עצמם לכל ענין שאינם מוצאים בו את ידיהם ואת רגליהם — ולא יבנה סכר מסביבו, שלא יגיעוהו המים הזידונים עד צואר?

ר׳ אייזילי היה בבחינת טובע בתוך האיוולת הגועשת מסביבו, והוא נאחז מפעם לפעם ברפסודה קלה או כבדה לעבור נחל־יבוק שלה. הוא נאבק על יושר־הגיונו מפני הטמטום והעקמומיות, מפני ההדיוטיות המחזיקה טובה לעצמה ושנאה לכל שאינו שכמותה.

פשיטא שלא היה אהוב על הרבים, שאינם דנים אלא למראה עינים ולפי איזה דיבור שנון היוצא מן הפה, שעל הרוב יש בו הרבה מתפארת החידוד והשנינות. אין הבריות מחבבים את השנונים, אלא אם כן הללו פועלים בשנינותם להמשיך נחלי־אפרסמון של חנופה. ובמיוחד לא היה מקובל עליהם רב תקיף, שאינו תלוי בדעת הקהל ומעמיד על דעתו. ראשי־הקהל כל שכן שנכווים מגחלתו של רב כזה, והם מעוררים עליו מחלוקת ומקימים כנגדו גם פשוטי בני־אדם, המסוגלים אולי יותר מן הגבאים התקיפים להבין לרוחו של חכם שהוא כעסן מלבר אך טוב ורחמן מלגו.

ר׳ אייזילי חריף, כבעל „שאגת־אריה״ ששימש מן הסתם דוגמה לו, לא הגיע לחיי שלווה ויצירה אלא בעשרים שנותיו האחרונות, מאז שהשתקע בסלונים. כשם שדבריו היו קשים כגידים, כן היו גם חייו קשים. לכן היה נע ונד מקהילה לקהילה. תחילה היה מלמד, כי חושו הגיד לו להתרחק מן הרבנות. לאחר־כך נעשה ראש־ישיבה במינסק ומגיד לחברא־קדישא. לבסוף קיבל עליו את הרבנות בקלווריה, משם עבר לקוטנא, מקוטנא לטיקטין ומטיקטין לסלונים, — וזה שמו עד היום: ר׳ אייזילי חריף מסלונים.

ר׳ אייזילי חריף הפליא את הבריות בחכמתו, בחריפותו ובשנינותו וגם בשיחות־חולין שלו, — ואילו גדולתו בתורה עוררה השתוממות והערצה לאין שיעור. הוא לא היה מגזע לומדים ורבנים. אביו, יהודי פשוט, ביקש ללמד את בנו מלאכה, אך הילד העילוי עלה ונתעלה בכוח עצמו. עד שהגיע לרבנות, עשה ששים ותשעה סיומים על הש״ס. בשנה אחת למד על־פה את ארבעת חלקי ה„שולחן־ערוך״. חיבר „עמק־יהושע״ על בבלי וירושלמי, „נחל־יהושע״, „איבי הנחל״ ו„שפת־הנחל״ על הדרוש ועוד. היה גם דרשן גדול. אך לא לכל־החכמים — לחם־הפנים של כבוד. לא כל הזוכה לכתר התורה והחכמה זוכה גם לכתר הגדולה והנשיאות.

די וואָכעדיקע און שבתדיקע תפילות צו געפינען. פאַרוואָס האָט דאָס עברי אויסלערנען געדויערט אַזוי לאַנג, איז ניט שווער צו פאַרשטיין: ער האָט געהאַט אַ פופציק קינדער, וועלכע זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי כיתות, און וועלכע ער פלעגט רופן די „קליינע גוים״ און די „גרויסע גוים״.

דער טיש אין חדר, וואָס האָט זיך געפונען אין דער קירזשנערשער שול איז געווען אַ לאַנגער און פון ביידע זייטן טיש זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע בענק, אויף וועלכע עס זענען געזעסן די תינוקות של בית רבן... יעדער אינגל פלעגט דאַרפן נאָכזאָגן דעם רבי׳ן די עברי, און נאָכפּאָלגן זיין לאַנגע טייטל. איבערהויפּט האָט דער רבי נישט אָפּגעלאָזן די קלע־נערע קינדער ביים אַרויסזאָגן דעם חיריק, די צירה, דעם פּתח און קמץ. יעדער אינגל פלעגט זיצן אונטער דעם רבינס טייטל אַ צען מינוט, און ווען די גאַנצע רייע אינגלעך האָט זיך שוין געענדיקט, פלעגט דער רבי אַרויסזאָגן מיט אַ באַזונדער צופרידענהייט: גייט און רופט אַריין די „גרויסע גוים״...

אין דער צייט, וואָס די „גרויסע גוים״ פלעגן דאַרפן זיצן אין חדר און לערנען, פלעגן די „קלענערע גוים״ זיך שפּילן אויפ׳ן הויף, ווער מיט שטיינדלאַך, ווער מיט „פּאַליווּ־קעס״ (שטיקלאַך גלאָז, פאַרצעלאַי אָדער אַנדערע שפּילצייג, ווייל קיין אמתע קינדערשע שפּילצייג זענען נאָך דאַן אין סלאָנים ניט געווען אין דער מאָדע).

שפּילנדיק זיך אַזוי מיט שטיינדלאַך, פלעגט מען אַ מאָל טרעפן איינער דעם צווייטן אין נאָז, ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט מיר, ווען כ׳האָב פונקט געטראָפן מיט אַ שאַרפער שטיקל פאַרצעלאַי אין נאָז פון מיין חבר שולקאָוויטש, (אברהם׳קע דעם שניידערס זון) און טאַקע צוקאַליעטשעט אים אַזוי אַז יענער איז פאַרבליבן אויף זיין גאַנצן לעבן מיט אַ סימן אויפ׳ן נאָז...

אַן אַנדער מאָל פלעגט מען טרעפן אין די שויבן פון דער לובאַוויטשער שטיבל, וואָס איז געווען פונקט אַנטקעגן דעם קירזשנערשן בית־המדרש, ווו דער חדר איז געווען, און דער שמש פלעגט גלייך אַריינלויפן צו ישראל דעם געלן פרעגן, וועלכער תכשיט האָט דאָס צורעכט געמאַכט אַ שויב... אָבער מיר קונדסים פלעגן שוין וויסן נאָכ׳ן בראַזג פון גלאָז, אַז מען דאַרף דאַן אין חדר צוריק ניט אַריינלויפן, נאָר פאַר־באַהאַלטן זיך ערגעץ אַנדערש...

דאָס גאַנצע לערנען דורכ׳ן טאָג האָט ניט גענומען צו־זאַמען מער, ווי אַ האַלבע שעה, אָבער דערפאַר האָט מען געדאַרפט ליגן אין חדר און אַרום חדר דעם גאַנצן טאָג, און בלויז גיין אויף „וואַרמעס״ אויף אַ שעה צייט, און אַמאָל פלעגן די גוטע מאַמעס צוטראָגן דעם „וואַרמעס״ אין חדר אַריין, און פאַרשפּאָרן דעם אינגל צו גיין אַ היים, און אַזוי פלעגן זיי שוין זיין „פּטור״ פון אַכטונג געבן אויף די קינדער...

צו פינף און אַ האַלב יאָר האָב איך שוין געדאַרפט אָנ־הויבן לערנען חומש, מען האָט מיר אָפּגעגעבן אין חדר פון מלמד ר׳ איטשע שיימעס, אַ נידעריק אידל, מיט אַ שוואַרצער באָרד און אַ היבשן בויך. לאַנג האָב איך ביי אים ניט גע־לערנט, און מיין צווייטער חומש מלמד איז געווען פיניע דער מלמד, וועמנס חדר האָט זיך געפונען אין דער עזרת־נשים פון דער בעל־עגלה׳שער שול. פיניע דער מלמד איז דאַן געווען אַ „פירמע״. ער האָט געלערנט אַ פּרשה חומש ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיט אַ שטיקעלע רש״י, און דער עיקר — מיט „אויסריידאַכטס״. ווען מיר זענען צוגעקומען צו פּרשה „ויחי״ און געהאַלטן ביים פּסוק „ואני בבואי מפדן ארם״, — האָט זיך פיניע אַריינגעלאָזן אין אַזוי פיל „אויסריידאַכטס״, אַז דאָס לערנען אַליין האָט כמעט גאַרניט קיין צייט פאַרנומען, נאָר דער עיקר — די „אויסריידאַכטס״. איך קען זיך עד היום ניט דערמאָנען, וואָס אַזוינס ער האָט אַלץ געדאַרפט דאָרט אויסריידן, נאָר איין זאַך געדיינק איך, אַז דאָס האָט פאַרנומען איבער אַ האַלבע וואָך אויסצוחזר׳ן אויף אויסווייניק, און אי־בערהויפּט דעם באַזונדערן „ניגון״ וואָס ער האָט דאָס אין אונדז אַריינגעזונגען... עס איז געווען אַן אמתע „שירה״, אַן אויסגוס פון געדאַנקען און סענטימענטן...

ביי פיניען דעם מלמד האָב איך געלערנט גאַנצע פינף זמנים, דורכגעלערנט גאַנץ תורה, און אפילו אַריינגעפּאָרן אין נביאים ראשונים, און צוגעקומען צו גמרא. דאַן האָט מיין פאָטער געדאַרפט געפינען פאַר מיר אַ נייעם מלמד, אַ גמרא מלמד...

דער „פּאַטענטירטער״ מלמד פאַר התחלת גמרא איז געווען ר׳ אשר. (ליידער געדיינק איך ניט די פאַמיליע־נעמען פון מיינע ערשטע מלמדים). ער האָט געהאַט אַ חדר פון גע־ציילטע אינגלאַך פון 8 ביז 10—11 יאָר; ער האָט אַ האַלבן טאָג געלערנט גמרא, און דעם אַנדער האַלבן טאָג — די סדרה פון דער וואָך, און אויך תנ״ך, אָדער „ספאַרבע״, ווי מען האָט דאָס דאַן גערופן. (אַ וואָקאַלע פאַרדרייאונג פון „עשרים וארבע״). די ערשטע גמרא, וואָס איך האָב אָנגעפאַנגען צו לערנען, זייענדיק קוים אַלט אַכט יאָר, איז געווען „קדושין״. דער רבי האָט מיט אונדז איינגעקנעלט דעם „האשה נקנית בשלושה דרכים״, און מיר האָבן דאָס נאָכהער אויסגעזונגען מיט׳ן באַקאַנטן ניגון. נאָך פיר זמנים אָפּלערנען ביי ר׳ אשר׳ן, איז דער לעצטער געקומען צו מיין פאָטער און געמעלדעט: ר׳ לייזער, איהר וועט דאַרפן זוכן אַ נייעם מלמד פאַר אייער מאָטלען, ווייל איך האָב ניט פאַר אים קיין כיתה...

נאָך אַ לאַנגען ישוב־הדעת בין איך אָנגעקומען צו ר׳ ישראל מירסקין, וועלכער האָט גראָד ניט לאַנג צוריק געעפנט אַ נייעם חדר און האָט שוין געקראָגן אַ גוטן שם אין שטאָט.

עס איז געווען מיין מזל אַריינצופאַלן צו ר׳ ישראל מירסקין, ווו איך האָב געלערנט גאַנצע פינף זמנים, און ער האָט באמת באַוויזן איינצופלאַנצן אין מיר יענע יידיש־נאַ־ציאָנאַלע און רעליגיעזע קערנדלאַך, וועלכע האָבן מיר אין די שפּעטערע יאָרן געבראַכט גוטע פרוכט. דער תנ״ך איז געווען דער הויפּט לימוד ביי מירסקין, און אַלע אינגלאַך פון זיין חדר זיינען געווען גוטע בעלי תנ״ך. דער רבי פלעגט ליב האָבן צו גריבלען זיך זייער אָפּט אין „ביאור״ און אין אַנדערע מפרשים צו תנ״ך, און אַזוי האָט ער אונדז אויך געלערנט. מיר האָבן געקענט גאַנץ ישעיהו און משלי אויף אויסווייניק, און מיר האָבן געשווומען אין ירמיהו, יחזקאל, תרי־עשר, איוב, ווי אַ פיש אין וואַסער. די איינציקע ספרים וואָס מיר האָבן ניט געלערנט ביי ר׳ ישראל מירסקין זיינען געווען: דניאל, עזרא און נחמיה און דברי־הימים. אָבער אויסער זיי האָט זיך יעדער תלמיד פון ישראל מירסקי געקענט פאַרמעסטן מיט גרויסע תנ״ך קענער. מיר האָבן ניט סתם „געזאָגט״ דעם תנ״ך, נאָר

„אַרויסגעזונגען", מיט אַ מתיקותדיקן ניגון, און דער דאַזיקער תנ"ך קלינגט נאָך מיר עד היום אין מיינע אויערן...

פּאַראַלעל מיט לערנען ביי ר' ישראל מירסקין, איז מיין פאָטער איינגעפאַלן, אַז איך זאָל זיך ספּעציאַליזירן אין... קריאת התורה... ווי אַזוי איז ער געקומען צו דעם געדאַנק? עס האָט פּאַסירט, אַז איינמאָל שבת פאַרנאַכט איז ער געגאַנגען מיט מיר שפּאַצירן און אַזוי גייענדיק, זיינען מיר אַריין אין ברעגער שול דאַוונען מנחה, מעשה שטן, איז קיינער ניט געווען, וואָס זאָל קענען לייענען די פּרשה, און הגם איך בין נאָך געווען אינגאַנצן אַלט 11 יאָר האָט דער טאַטע באַשלאָסן, אַז עס וועט זיין זייער שיין, אויב אַזאַ אינגל, ווי איך, וועל קענען אויך לייענען די פּרשה אין דער תורה.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און ער האָט אַראָפּגעבראַכט דעם געראָטענעם זון פון פיניע דעם מלמד, חיים־וועלוול, וועלכער איז געווען אַ בעל־קורא, און געהאַט אויך די פּאַסיקע שטימע צום לייענען.

די ערשטע פּאָר חדשים האָט חיים־וועלוול איינגעשטודירט מיט מיר די טראָפּ, דעם פּשטא, מונח, זרקא, אַזוי ווי מען דאַרף. שפּעטער האָט ער מיך גענומען לערנען די טראָפּ פון דער „הפטרה", און דעם ניגון. נאָכהער האָט ער שוין אָפּגערעדט מיט זיין פאָטער, מיין געוועזענעם רבי, פיניע דער מלמד, וועלכער איז געווען דער בעל־קריאה אין בעל־עגלה'שן בית־המדרש, ווו עס האָבן אַגב געדאַוונט מיין זיידע און מיין באָבע, דוב־בער און שרה מאַנטין, אַז איך זאָל באַקומען „מפטיר" און צום ערשטן מאָל לייענען אין „נביא" די „הפטרה".

דער ערשטער „מפטיר" האָט „פאַרזיגלט" מיין נאָמען אין שטאָט אַלס... בעל־קריאה... ס'איז אָבער געווען אַיין גרויסער מכשול; היות איך בין נאָך ניט געווען קיין בר־מיצווה, האָבן די גבאים פון די שולן מיך ניט געוואָלט צולאָזן צום ספר לייענען. האָט מיין פאָטער מנדב געווען גאַנצע פּאָר די בתי־מדרשים, און עס איז געוואָרן כשר וישר... דער שמש פון ברעגער שול האָט געקראָגן פאַר מיר אַ קליין בענקעלע אַרויפצושטעלן זיך אויף אים, כדי צו קענען דאַרגרייכן דעם ספר, און איך בין געוואָרן דער בעל־קורא פון ברעגער שול יעדן שבת פרי ביים ערשטן מנין.

איבערקוקן די סדרה פאַר יעדן שבת פלעגט מיר אָנקומען גאַנץ שווער. אַ גאַנצע וואָך בין איך געווען פאַרנומען אין חדר מיט גמרא, חומש, תנ"ך, דיקדוק, העברעאיש, שרייבן איבערזעצונגען פון אידיש אויף העברעאיש, ביז עס פלעגט אונטערקומען דער פרייטיק אויף דער נאַכט, ווען עס איז שוין געווען דער לעצטער „טערמין" איבערצוקוקן די סדרה, אָבער דאָ האָט די מאַמע געהאַט אין זינען, אַז דאָס זיצן צו שפּעט פרייטיק צו נאַכט איז פאַרבונדן מיט אויסברענען אסך גאַזע... האָט מען ספּעקולירט ניט אָנצוגיסן צו פיל גאַזע אין לאָמפּ, כדי עס זאָל חלילה ניט ברענען צו לאַנג. אָפטמאָל, ווען איך האָב נאָך געהאַלטן ביי שישי, אָדער שביעי, פלעגט דער קנייט אין לאָמפּ שוין נעמען אויסגיין... איך פלעג בלייבן ניט האָבנדיק פאַרענדיקט די סדרה. איבערהויפּט האָב איך געהאַט גרויסע צרות, ווען עס פלעגט זיך מאַכן אַ שבת מיט צוויי סדרות, און דוקא שווערע. דערצו האָב איך נאָך געהאַט דורכצוקוקן די „הפטרה", וועלכע איך פלעג דאַרפן לייענען יעדן שבת אין „נביא", ווייל קיין בעל־מפטיר פלעגט אַליין די „הפטרה" נישט לייענען...

מיט דער צייט איז דאָס מיר אָבער שוין געגאַנגען לייכטער. נאָכדעם, ווי איך בין געוואָרן בר־מיצווה, האָב איך שוין ניט געהאַט קיין שוועריקייטן צו געפינען אַ שול, ווו צו לייענען, און אָפטמאָל פלעגט זיך מאַכן, אַז עס פלעגט שטאַרבן אַ גרויסער גביר אין שטאָט, (ווי דאָס איז געווען צ. ב. נאָכן טויט פון גביר קאַמענעצקי, דעם פאָטער פון דעם נאָכהער געלערנטן ד"ר אברהם־שלום קאַמענעצקי, אָדער ווען עס איז פּלוצלינג געשטאָרבן דער באַנקיר זאב־וואָלף פּערליס), האָט מען מיר פאַרבעטן צו זיי אין הויז, איך זאָל לייענען ביים מנין.

דער סך הכל פון מיין בעל־קריאה'שאַפט איז געווען, אַז נאָך פינף קיילעכדיקע יאָר פון לייענען אינדערוואָכן, שבת און יום־טוב, איז קריאת התורה פאַרבליבן אַלס איינע פון מיינע „קענטענישן" ,און עס קומט צו־נוץ פון צייט צו צייט, בשעת הדחק, ווען קיין בעסערע בעל־קריאה'ס זיינען נישט פאַראַן.

די מעלה פון לייענען איז ביי מיר באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט מיר געגעבן די מעגליכקייט צו ווערן זייער גוט באַקאַנט מיט אַלע סדרות פון חומש, איך פלעג אפילו אָפּטמאָל נעמען אַ „וועט" מיט אַלטע בעל־קריאה'ס וועגן די טראָפּ, וואָס שטייען אויף דעם אָדער יענעם פּסוק, אָדער וואָרט פון אַ פּסוק...

שמחת־תורה פלעגט מען זיך נוהג זיין ביי אונדז אויסצולייענען אַלע פרייליכע „שטיקלאַך" פון גאַנץ תורה... איך פלעג אַרומשווימען איבער דער ספר־תורה, ווי אַ געניטער קאַפּיטאַן, און האָב געוווסט, וואָס און ווען אייגצוטיילן...

מיין פאָטער האָט שטאַרק הנאה געהאַט פון מיין קריאת־התורה ,און ער האָט געהאַט די אַמביציע צו פאַרלאַנגען פון מיר צו קענען די חמש מגילות אויף אויסווייניק... ער האָט קיינמאָל גאַרנישט געגעבן אַ קינד עפּעס „פאַר אומזיסט"... ווען די מאַמע האָט דערמאָנט, אַז מען דאַרף דעם קינד קויפן אַ פּאָר קאַלאָשן אויפ'ן ווינטער, האָט דער טאַטע געגעבן אַ תנאי; „שיר השירים" אויף אויסווייניק... האָט מען געדאַרפט קויפן אַ פּאַלטאָ אויפ'ן ווינטער, האָט ער פאַרלאַנגט „ברכי נפשי" אויף אויסווייניק.

צו מיין בר־מיצווה פייערונג האָט דער טאַטע איינגעלאַדן אַלע מיינע רביים, מלמדים און פריינד, און איך האָב אָפּגעזאָגט גאַנצע קאַפּיטלען פון „משלי" אויף אויסווייניק, און דערצו דעם ערשטן פּרק פון „קדושין", כמעט, כמעט אויף אויסווייניק... דאָס איז געווען אָנשטאָט אַ בר־מיצווה דרשה...

איך קען אויך נישט פאַרגעסן דעם מערקווירדיקן פאַקט, וואָס ווען איך האָב געדאַרפט מיט עטליכע יאָר שפּעטער האַלטן אַן העברעאישן עקזאַמען ביים אַריינטרעטן אין ווילנער לערער אינסטיטוט, האָט דער לערער ה' מיכאיל וואָלפער, דער מחבר פון אַ רוסישער גראַמאַטיק און אַנדערע לערנביכער, אונדז גראָד דיקטירט אין העברעאיש די פּרשה „שופטים ושוטרים"... איך האָב זיך ניט באַנוגנט מיטן אָנשרייבן דעם טעקסט, נאָר אויך אָוועקגעשטעלט די טראָפּ אויף דער גאַנצער פּרשה...

ווען עס איז געקומען צום מונדלעכן עקזאַמען פון העב־

רעאיש, האָב איך באַמערקט, ווי ה׳ וואָלפער האָט זיך צוגערוקט צום צווייטן לערער ה׳ לאַזאַרעוו און אים אָנגעוויזן, אַז איך האָב אָנגעשריבן דעם דיקטאַט אפילו מיטן טראָפּ... זיי האָבן מיך שוין ווינציק וואָס געפרעגט, און מיר געגעבן אַ „פּיאַטיאָרקע” פאַר העברעאיש. (דער מעגליך בעסטער צייכן).

נאָר ווי לאַנג איז דער שיעור צו לערנען אין חדרים? מען דאַרף דאָך עפּעס אויך טראַכטן וועגן „תכלית”, וועגן אַ ישיבה־קאַריערע איז שוין ניט געווען קיין רייד. נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת, האָבן מיינע עלטערן באַשלאָסן שיקן מיר אין „יעוורייסקאַיע אוטשילישטשע”, בין איך אָנגעקומען אין ערשטן קלאַס פון פּריגאָטאָוויטעלנע, (צוגרייטונגס קלאַס) און מען קען שוין פאַרשטיין, ווי כ׳האָב אויסגעזען אַלס 13 יאָריקער בחור׳עץ צווישן 9—10 יאָריקע קינדער... איך האָב אָבער דאָרט שנעל פּראָגרעסירט און אין אַ יאָר האָב איך געדעקט צוויי קלאַסן. איך געדיינק זייער גוט דעם לערער בעליקאָוו, וועלכער איז געווען אַ קנאי, און האָט אין זיינע תלמידים זיך באַמיט „אַריינצוזעצן” רוסישע נשמות, און האָט זיי אַוועקגעשטעלט אויף אַ פעסטן יסוד פון דער רוסישער שפּראַך, אַריטמעטיק, געאָגראַפיע, געשיכטע א. א. וו...

דערווייל האָט מיין פאָטער אַלץ ניט אָפּגעלאָזן די העברעאישע לימודים, און הגם איך בין דעם ערשטן האַלבן טאָג (ביז דריי אַ זייגער) געווען פאַרנומען אין דער „אוטשילישטשע”, האָט ער דאָך אָנגעהאַלטן העברעאישע לערער אויף נאָכמיטאָג. איך דאַרף באַמערקן אַז פון מיין גמרא מלמד ר׳ אשר און אויך פון ר׳ ישראל מירסקין האָב איך אַרויסגעטראָגן אַ היבשע ביסל הבנה אין גמרא, און איך האָב אָפּגעלערנט קדושין, בבא מציעא, בבא קמא, ביצה און ברכות, און שוין גענומען אַליין דורכקריכן אַ בלאַט גמרא מיט אַ שטיקעלע תוספות, אָבער מיין פאָטערס ציל איז געווען אויך צו פאַרוואָרצלען אין מיר די העברעאישע שפּראַך.

מיינע פּריוואַטע העברעאישע לערער נאָכמיטאָג זיינען געווען ביטנעסקי און יעקב־מרדכי קאַפּלאַן. דער לעצטער איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער משכיל און בעל־תנ״ך, און ער האָט מיט מיר ווידעראַמאָל איבערגעלערנט די גרויסע נביאים. ביטענסקי האָט מיט מיר גענומען לייענען קורצע סיפּורים פון די העברעאישע צייטונגען, און העברעאישע קלאַסיקער, כדי איינצוגעווינען מיר צו לייענען די „הצפירה”, „השילוח”, „הזמן”...

צו 14 יאָר בין איך איבערגעגאַנגען אין 5־טן קלאַס פון דער „גאָראָדסקאַיע אוטשילישטשע” (שטאָטישע אַלגעמיינע רעגירונגס שולע), און במשך פון די קומענדיקע צוויי יאָר האָב איך זי פאַרענדיקט. זייענדיק שוין גאַנץ באַהאַוונט אין דער רוסישער שפּראַך, האָב איך שוין אָנגעהייבן געבן פּריוואַטע לעקציעס אין שטאָט, פון וואָס איך פלעג שוין אַליין פאַרדינען אייניקע רובל אַ וואָך...

איך בין נאָכהער אַוועקגעפאָרן אין ווילנע, כדי אָנצוקומען אין ווילנער לערער־אינסטיטוט. בעת מיין שטודיום אין אינסטיטוט פלעג איך אָפט באַזוכן די פּרושים, וועלכע פלעגן זיצן אין גאון׳ס בית־מדרש. נאָר מיינע שטודיום יאָרן אין ווילנע בילדן שוין אַ נייעם קאַפּיטל אין מיין לעבן. מיט מיין אָנקומען אין ווילנער לערער־אינסטיטוט פאַרענדיק איך מיינע זכרונות פון די יוגנט יאָרן אין סלאָנים.

ווען כ׳מאַך אַ סך־הכל פון מיינע סלאָנימער זכרונות, שטעל איך פעסט אַז סלאָנים האָט מיר מיטגעגעבן אַ היבשן „צידה לדרך” אין גייסטיקן זין, און בעיקר — אָ דורשט נאָך וויסן, לערנען, שטודירן, גריבלען זיך אין ספרים, וועלן אַלץ דערגיין... די סלאָנימער לופט האָב איך געשפּירט אומעטום, אויף אַלע מיינע לעבנס־וואַנדערונגען, אָנהייבנדיק מיט וואַרשע, לאָדז און אַנדערע שטעט און ענדיקנדיק מיט מאָנטרעאָל.

די סלאָנימער משכילים און אפילו די שפּעטערע רוסיפיצירטע אינטעליגענץ, די שיינע בעלי־בתים, די ציוניסטען פון אַלע שאַטירונגען, די אָנהייגער פון די שפּעטערע פּראָלעטאַרישע פאַרטייען, ווי בונד, ס. ס., ס. ר. — זיי אַלע האָבן געצויגן זייער גייסטיקע יניקה פון דעם אַלטן סלאָנימער חדר, פון די אַלטמאָדישע רביים און מלמדים, און נאָכהער פון די אַלע „אויפגעקלערטע” פּעדאַגאָגן, וואָס האָבן שוין היבשע יאָרן געלערנט אין די דאַן ניי־געשאַפענע „חדרים־מתוקנים”.

סלאָנימער יידן פון פריהערדיקע דורות און אויך פון מיין דור האָבן געהאַט אין זינען דריי זאַכן: דינען דעם רבונו של עולם, צאָלן שכר לימוד און אויך „זוכן” אַביסעלע פּרנסה... אַ דורכשניטלעכער ייד אין סלאָנים האָט אַוועקגעגעבן אפשר אַ פערטל פון זיין פאַרדינסט פאַר שכר־לימוד, אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן פיל אינגלאַך און מיידלאַך אָנגעשפּאַרט אין גימנאַזיעס און רעאַל־שולן אין נאָנטע און ווייטע שטעט, און מערערע פון זיי זיינען נאָכהער געפאָרן שטודירן אין די אוניווערסיטעטן.

די גאַנצע אומגעגנט אַרום סלאָנים האָט „געזויגן” בילדונג פון סלאָנים. קינדער פון אַרומיקע שטעטלאַך פלעגן אין די הונדערטער קומען קיין סלאָנים, ווער צו לערנען אין דער ישיבה און עסן „טעג”, און ווער אַריינצוגיין אין דער רעגירונגס־שול. ישיבה בחורים פלעגן זיצן גאַנצע נעכט אויף משמורים אין די בתי־מדרשים און לערנען. עס פלעגט גאָרניט וווּנדערן, ווען מען פלעגט אין אַ פּראָסטן מיטוואָך טרעפן ביים טיש פון אַן אָרימער יידישער הויז אייניקע ישיבה־בחורים, וועלכע פלעגן דאַן האָבן דאָרט זייער „טאָג”, און צומאָרגנס — אין אַן אַנדער הויז... בעל־בית׳טעס פלעגן ניט זשאַלעווען זייער טירחה כדי צו באַזאָרגן אַ ישיבה־בחור מיט אַ „טאָג” אָדער מיט אַ מאָלצייט.

סלאָנים האָט געאָטעמט מיט יידישקייט, מיט תורה און אַלטע יידישע טראַדיציעס. עס איז געווען אַ יידישע שטאָט מיט אַלע פּיטשעווקעס.

די „פּיעכאָטנע מגידים”, וואָס פלעגן אָפט קומען קיין סלאָנים, כדי מעורר צו זיין דעם עולם, האָבן ניט געדאַרפט אָנווענדן קיין גרויס מי, ווייל דער רוב מניין ורוב בניין איז נאָך אין מיינע יוגנט־יאָרן געווען שטאַרק רעליגיעז געשטימט. די יוגנט, דער מיטעלער און עלטערער דור, אַלע פלעגן זיך טרעפן אין בית־המדרש, ווו מען האָט יעדן טאָג ביי פאַרשידענע טישן געלערנט אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, שולחן־ערוך א. א. וו...

אָט אַזוי איז געווען „מיין” סלאָנים, סלאָנים פון מיינע קינדער־און יוגנט־יאָרן.

חייקל לונסקי

# א קליינע מתנה פאַר מיין געבורטס־שטאָט

## (אויסצוג פון א בריוו צו קלמן ליכטענשטיין פון 1933)

...איך באַטראַכט מיין ווערק*) ווי אַ קליינע מתנה פאַר מיין געבורטס־שטאָט, וואָס איך האָב אַזוי ליב.

„סלאָנים "איז געווען מיין „גן־עדן" און די 4 יאָר, וואָס איך האָב געלערנט אין דער סלאָנימער ישיבה זיינען ביי מיר געווען די בעסטע יאָרן פון מיין לעבן. איך געדיינק נאָך גוט די 2 מישמורים וואָס איך פלעג זיצן יעדע וואָך, דאָנערשטיק אין „געמויערטן" און פרייטיק צו נאַכט אין זאַמאָשטשער בית־מדרש. אַז איך דערמאָן מיך דעם זיסן געזאַנג פון דאַ־מאָלסדיקן „אמר אַביי" אין דער שטילער נאַכט איז ער מיר זיסער פון אַלע געזאַנגען אין דער וועלט. דאָס איז געווען עפּעס אַ געטלעכער געזאַנג. איך האָב אפילו דאַן געליטן דחקות און כמעט הונגער, ווייל יענע צייט איז געווען אַ גרויסער יקרות, דוכט מיר אַ זעקסער אַ פונט ברויט, דאָך האָט די גמרא מיר געשטילט אַלץ.

איך געדיינק אַז פרייטיק צו־נאַכט צום מישמר פלעגט מיר די מאַמע געבן אַ שטיקל שוואַרצן „גוטמאַן" און איך פלעג דאַרפן דורכגיין אין די פינסטערע נעכט זשאַבינקער גרעבליע וואָס פון איין זייט איז די טייך און פון דער אַנדערער זייט איז געווען דער גרויסער זומפּ מיט דער גרינער פּלויקע און די קוואַקנדע זשאַבעס, דערנאָך דער זאַמאָשטשער בריק און די „קאַזאַרמעס" וואָס „שדים פלעגן דאָרטן ביינאַכט רייטן אויף פערד". אָט די אַלע קינדערשע פּחדים פלעגט מיין גרויסער חשק צום לערנען דעם מישמר בייקומען, און איך פלעג האַלטן די גמרא אונטערן אָרים אַלס קמיע...

איך דערמאָן מיך אויך די דרשות פון גאון ר' יאָסעלע זצ"ל, וועלכער פלעגט שטיין נעבן ארון־קודש אָנגעטאָן אין זיין אַטלאַסענעם מלבּוש. אויף זיין פּנים פלעגט רוען די שכינה און פון זיין מויל פלעגן זיך שיטן פּערלדיקע רייד, וועלכע פלעגן דערקוויקן מיין נשמה.

אָט זע איך נאָך דעם מזרח פון געמויערטן בית־מדרש אַ בין מנחה למעריב, וואָס איז געווען באַזעצט מיט „אצילי סלאָנים" ווי וואָלף פּערליס, וועלכער פלעגט זיך שאָקלען איבער דער גמרא מיט זיינע גאָלדענע געדיכטע בּרעמען, ר' עקיבא־יוסף בריל מיט זיין ערנסטן פאַרטיפטן בליק, ר' אליעזר־יוסף קלאַטשקאָ מיט זיין פריילאַכן פּנים א. א... און ועל כולם מיינע טייערע רביים זצ"ל, דער ערנסטער שטרייַנגער ר' זרח, דער פריילאַכער, רירעוודיקער ר' אשר וואָס איז געווען „כולו אגדה" און דער אַלטינקער ר' הערשל וואָס איז געווען כולו „הלכה" און דער פּשטלדיקער ר' איטשע ז"ל. אַז איך דערמאָן מיך דאָס אַלץ, פריי איך זיך זייער וואָס איך קען מיין ליבע סלאָנים מיט עפּעס אָפּדינען. „וזאת נחמתי בעניי"...

*) דער מחבר מיינט דאַמיט זיין גרויסע זאַמלונג ,,דאָס יידישע סלאָנים אין ביאָגראַפיעס", וואָס ער האָט פערטיק־געמאַכט אין די יאָרן 1930—1931, ספּעציעל פאַר'ן דאַן שוין פּראָיעקטירטן ,,פּנקס־סלאָנים". — רעד.

ח. י. קאַצענעלסאָן

# וועגעציע אין סלאָנים

איר ווייסט וואָס איז אַזוינס סלאָנימער דאַמבע? — ניין, איר ווייסט ניט וואָס איז די סלאָנימער דאַמבע! אָט הערט אַ מעשה.

דאָס איז געווען מיט פיל יאָרן צוריק, דאַמאָלסט ווען אין סלאָנים איז נאָך ניט געווען קיין „נייעוואסק" מיט זיין ליאַרם און געפּילדער; ווען שפּאַצירן האָט מען געשפּאַצירט לאַנגזאם, רוהיק און געמיטלעך אין „פּוסטן־סאָד", וועלכער האָט זיך נאָך ערשט פאַנאַנדערגעוואָקסן; דאַמאָלסט ווען ס'איז נאָך געשטאַנען די אַלטע שורה ווייסע קראָמען אָנגעשפּאַרט אויף דיקע פירקאַנטיקע סלופּעס, ווען די שטאָט־שול, להבדיל, האָט נאָך געהאַט איר אַלטן, פאַרצייטיקן, אינערליכן פּרצוף מיט די גרויסע קופּערנע היינגלייכטער, און טיף, טיף אַראָפּ־געלאָזענע פּאָדלאָגע, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט: „ממעמקים קראתיך", דאַמאָלסט ווען „פוטבאָל" איז נאָך ניט ערפונדן געוואָרן און קיין „מעטשן" זיינען נאָך אויף דער וועלט ניט געווען; ווען סלאָנים האָט ניט פאַרמאָגט אַזוי פיל שולעס ווי היינט און אויך ניט אַזוי פיל בתי־מדרשים, און דאָך זיינען קינדער געווען אַסך סטאַטעטשנער און פלייסיקער און דער עולם אסך פרומער ווי היינט. מיט איין וואָרט: דאָס איז געווען שוין גאַנץ לאנג.*)

אין איין זומערדיקן פרימאָרגן האָב איך שפּאַצירט אויף דער דאַמבע, כ'בין געווען כמעט דער איין־איינציקער אויף דער גאַנצער ליינג פון ברעג, ביסקל דער לעצטער באַנק, אויף וועלכער ס'איז געזעסן אַ קליין־געוויקסיקער יידישער יונגערמאַן אין אַ מאָדנעם מלבוש: אין אַ גרינע הוט און אין

*) דער מחבר האָט געשריבן דעם אַרטיקל אין די אָנהייב דרייסיקער יאָרן. דער עפּיזאָד וועגן וועלכן ער שרייבט, באַציט זיך צו די 90־ער יאָרן, ווען דער מחבר איז געווען אַ לערער אין דער סלאָנימער ,,יעווריסקאַיע אוטשילישטשע". — רעד.

אַ געלן אַנצוג, מיט אַ לאַנגן קאָלירטן קראַוואַט און שפּיציקן קראַגן, וואָס האָט אַנגעשפּאַרט אויף אַ קליין שפּיציקן בערדל. עפּעס אַ מאָדנער יידל; קענטיק ניט קיין היגער.

כ'האָב מיך געזעצט לעבן דעם יונגנמאַן; פאַררויכערט און מכבד געווען מיט אַ פּאַפּיראָס מיין אומבאַקאַנטן שכן. ער האָט באַדאַנקט און אַ ווונק געטאָן אין דער לופטן:

— וואָס זאָגט איר אַ?

— וואָס מיינט איר? — פרעג איך.

— כ'מיין, אָט דאָס, אָט די דאַמבע אייערע. דאָס איז דאָך אַ שטיק ווענעציע!

— ווענעציע? האָב איך מיך פאַרוווּנדערט. — וואָס פאַלט אייך איין?

— יע, יע, כ'זאָג אייך: אַן'אמתע ווענעציע, זאָל ניט פעלן אַ האָר! איך ווייס, כ'בין אַליין געווען דאָרטן און מיט מיינע אויגן געזען... אַ שטאָט אַזאַ, אין איטאַליע... שטעלט אייך פאָר: ניטאָ קיין גאַסן נאָר אַלץ אָט אַזעלכע דאַמבעס, קאַנאַלן אַזעלכע; און שיפלאַך, שיינע, אויסגעמאָלטע, מיט ביידעלאַך — גאָנדאָלעס הייסן זיי דאָרטן — פאָרן זיך אַהין און צוריק... אַ פאַרגעניגן זאָג איך אייך!

יע, כ'האָב געהערט, אָבער ווי קומט איר אַהין?

— ווי קום איך? וואוהין קומט ניט אַ ייד? אַ ברודער האָב איך דאָרטן. דעם אמת זאָגנדיק זיינען מיר אַליין האַלינקער: דאָ ניט ווייט, אַ קליין שטעטעלע — האַלינקע... אַ ברודער האָב איך אין ווענעציע, אַ זייגערמאַכער איז ער, לעבט זיך גאַנץ נישקשה. נו, האָב איך זיך אויך אַ לאָז געטאָן אַהינצו, צום ברודער; הייסט'ס — אַליין בין איך אויך פון דעם זעלביקן פאַך; אַ גאָלדשמיד בין איך, און דערצו נאָך, קען מען זאָגן, אַ שטיקל חזן אויך... בין איך אָפּגעווען דאָרטן, ביים ברודער, הייסט'ס, אַ האַלב יאָר צייט, און האָב זיך ניט גענוג געקענט אַנקוקן אויף די קאַנאַלן מיט די שיפלאַך, די גאָנדאָלעס, וואָס לויפן זיך שטילינקערהייט אַהין און צוריק. דער ברודער זאָגט: שוין צייט נעמען זיך צו דער אַרבעט, זאָגט ער; און איך, וואָס אַן'אמת, קוק אַלץ אויף די קאַנאַלן מיט די גרויסע פּאַלאַצן, וואָס קוקן זיך אין וואַסער, אַזוי ווי אין אַ שפּיגל; און אַליין בין איך עפּעס ווי אין אַ חלום, ווי אַ פאַרכישופטער בין איך, מאַכט זיך אָבער דערווייל אַ מעשה, אַז אין דער היים, אין האַלינקע הייסט'ס, שטאַרבט אַוועק אַן'אַלטע מומע און לאָזט איבער אויף אונדזער חלק אַ ירושה: אַ שטוב מיט אַ גאָרטן און מיט אַ קרעמל אויף דערצו. אַ גאַנצע נחלה, קאָן מען זאָגן. האָב איך זיך מיישב געווען; ווענעציע איז טאַקע ווענעציע אָבער אַ נחלה! אַ שטוב מיט אַ קרעמל; דאָס וואַלגערט זיך אויך ניט... האָב איך מיך אַ לאָז געטאָן צוריק אַ היים, אין האַלינקע, הייסט'ס. פעלן אָבער די נויטיקע פּאַפּירן: בין איך געקומען צוליב דעם טאַקע קיין סלאָנים; און דערווייל גיי איך זיך אָט אַזוי אַלע טאָג אין דער פרי און פאַרנאַכט, אָט אַהערצו, און קלייב פאַרגעניגן. און דערמאָן מיך יענע ווענעציע... אָט קומט, אדרבא, אַהינצו אויפן גרויסן בריק און דערלאַנגט אַ קוק...

מיר זיינען אַוועק אויפן בריק, און כ'האָב דערלאַנגט אַ קוק, אַ מערקווירדיקע זאַך: אַזוי ווי צום ערשטן מאָל האָב איך געזען פאַר מיינע אויגן די פּאַנאָראַמע פון דער דאַמבע, און כ'האָב מיט אַמאָל דערפילט אַז דער יונגעמאַן איז דאָך גערעכט: אַ שטיק ווענעציע!...

אַ לאַנגער ברייטער וואַסער־שפּיגל אין אַ גרינער ראַם, צווישן צוויי הויכע מיט גראָז באַוואַקסענע ברעגן גלייך ווי אַ סטרונע. פון ביידע זייטן צוויי שורות בוימער, וואָס קוקן זיך אין וואַסער, ווי אין אַ שפּיגל, וועלכער איז דורכגעוועבט מיט זילבערנע און גאָלדענע פאַסן. ווייט, ווייט היינגט אַ קליין בריקל אַזוי ווי אין דער לופטן, און אַ קליין שיפעלע מיט אַ פּאַרוס, אַזוי ווי אַ ווייסער פויגל, טונקט זיך אין די מילדע שטראַלן פון דער פרימאָרגנדיקער זון, שטיל און רוהיק... וואַסער און ליכט, ליכט און וואַסער...

יע, דער האַלינקער יידל אין דעם פיל פאַרביקן מלבוש איז טאַקע גערעכט; ס'איז אַ פאַרגעניגן; אין אָוונט האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אויפן בריק. דער יונגערמאַן איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף דער פּאַרענצע און געקוקט ווי אַ פאַרגליווערטער.

די דאַמבע האָט געדרימלט.

פון ביידע זייטן — שוואַרצע שאָטנס פון בוימער, און צווישן זיי — בלישטשענדיקע פינטעלאַך, וואָס פינקלען און ציטערן אין וואַסער. מיט אַמאָל — אַ שאָרך; אַ פיש האָט זיך אַשפּיל געטאָן צו אַ שיפל האָט אַ שווים געטאָן, — ווער ווייס? שטיל און טונקל. פון הויכן בריק איז קוים, קוים וואָס מ'הערט אַ געלעכטער פון באַוועגליכע שאָטנס, וואָס שפּרייזן פון אונטן. אַלץ איז פאַרהילט אין אַ סודותדיקער רוהיקייט פון אַ זומערדיקע נאַכט אין אַ ציטערדיקן שיין פון פינקלדיקע שטערן אויפן שוואַרצן הימל.

— אָט וואַרט נאָך אַ ביסל, — זאָגט מיין שכן, — באַלד וועט אַרויס די לבנה, וועט איר אַקאָרשט זען ווי זי שווימט דאָרטן טיף אין וואַסער, צווישן די בלישטשנדיקע שטערנדלאַך, — אַ מחיה זאָג איך אייך. אָט וועט איר זען.

כ'האָב קיין צייט ניט געהאַט צו וואַרטן, אָבער דער יונגערמאַן האָט זיך ניט גערירט פון אָרט: ער האָט זיך מסתמא דערוואַרט אויף דער לבנה...

נאָך עטליכע מאָל האָבן מיר צוזאַמען געשפּאַצירט אויף דער דאַמבע. דעם לעצטן מאָל האָט ער זיך מיט מיר פריינדליך געזעגנט און געזאָגט מיט אַ שמייכל:

— אַ דאַנק פאַר קאָמפּאַניע. איך פאָר שוין אַ היים. אַ שאָד די דאַמבע; אָבער אַן'אייגענע נחלה איז דאָך עפּעס ניט קיין קלייניקייט. ווי האַלט איר?

כ'האָב גערן מסכים געווען, אַז אַן'אייגענע נחלה אין שטעטל האַלינקע איז ניט קיין קלייניקייט; און אין האַרצן בין איך אים געווען דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס ער, ניט קיין היגער מענטש, האָט מיר דערמאָנט דאָס, וואָס מיר, די היגע, אָפּטמאָל פאַרגעסן: אַז מיר פאַרמאָגן ביי זיך אַזאַ שיין ווינקעלע — אַ שטיק ווענעציע אין סלאָנים.

## המקורות הביבליוגרפיים לבדיקות ואמרות של ר׳ אייזילי

## די ביבליוגראַפישע קוועלן פון די וויצן און גלייכווערטלאך פון ר׳ אייזעלען.

1) וויצן פון ר׳ אייזעלע סלאָנימער, מאת בן־ציון אייזינשטאַט, ניו־יאָרק, 1904.

2) פון ר׳ אייזעלעס מויל, מ. רייצענזאָן (מ. זאַבלאָצקי), סלאָנים, 1931.

3) ספר הבדיחה והחידוד, מאת א. דרויאנוב, 3 כרכים,, תל־אביב תשט״ז.

4) מדור דור, מאת א. ליפסון, 3 כרכים, ת״א וניו־יורק

5) מחידודי ר׳ אייזילי, מאת חייקל לונסקי בספרו „גאונים וגדולים״, בפרק על ר׳ אייזילי, וילנא תרצ״א.

6) ר׳ אייזעלע וויצן, מאת חייקל לונסקי, בביוגרפיה של ר׳ אייזילי, בהמשכים „בסלאָנימער וואָרט״ 1933.

7) מבדיחות ר׳ אייזילי, מאת חייקל לונסקי, ב„ידע־עם״, ת״א, תשכ״ג.

8) דער יידישער אוצר, מאת אברהם ענגעלשער, בני־ברק תשכ״ו.

9) ספורי־חסידים, מאת הרב שלמה זווין, ת״א תשט״ו.

10) מאוצרנו הישן, מאת ב. יאושזון, ת״א, תשכ״ו.

11) צנצנת המן, מאת א. שטיינמן, כרכים א, ב, ת״א, תשכ״ט.

12) שרי־המאה, מאת הרב י. ל. מימון, (בפרק על ר׳ אייזילי), ת״א, תש״ב.

13) עלי־חלדי, מאת הרב יצחק ניסבוים, ורשה, תרפ״ט.

14) ר׳ אייזילי, מאת דר. שמשון רוזנבוים, „הד־ליטא״, גל. 2, 3, קובנה, תרפ״ד.

15) קערת־צימוקים, מאת דב סדן, ת״א, תש״י.

16) „גן־שעשועים״, שבועון לנוער, גל. 42, תר״ס.

17) זכרון בספר, מאת יהל״ל (בתוך הזכרונות על ר׳ אייזילי).

18) מפי־העם, מאת יקיר וורשבסקי, בעתון „היום״, וורשה 1925.

וכן בעתונים וכתבי־עת שונים ביידיש ובעברית החל משנות השמונים של המאה שעברה ועד היום הזה.

---

און אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן אין יידיש און העברעאיש אָנהייבנדיק פון די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און ביז היינט.

---

## המקורות הביבליוגרפיים לסיפורי־העם על ר׳ מרדכי׳לי:

## די ביבליאגראפישע קוועלן פון די פאלקס־מעשיות וועגן ר׳ מרדכי׳לען :

ר׳ מרדכי׳לי מסלונים, מונוגרפיה מאת עקיבא בן־עזרא, ת״א תשי״ח.

ידע־עם, ת״א, תשכ״ז.

יידישע נשמות, מאת א. ליטווין, (בפרק על ר׳ מרדכי׳לי).

פנקס־אשמענע, תל־אביב.

וכן כמה סיפורים שנרשמו במיוחד בשביל „פנקס־סלונים״.

און אויך אייניקע מעשיות וואָס זיינען פאַרצייכנט געוואָרן ספעציעל פאַר׳ן „פנקס־סלאָנים״.

# די פאָלקלאָריסטישע באַדייטונג און דער סלאָנימער הינטערגרונט פון ר׳ אײַזעלעס וויצן און גלײַכווערטלאַך *


**אַרײַנפיר**

פון

**קלמן ליכטענשטיין**


אין טבת תשל״ג וועט ווערן 100 יאָר נאָך דער פּטירה פון סלאָנימער וועלט־באַרימטן רב, ר׳ יהושע־אײַזיק שאַפּיראָ — און נאָך לעבט אין פאָלק מיט דער גאַנצער פרישקייט, אײַנגעהילט אין דער צויבער־פּראַכט פון גאונות און פּקחות, דער נאָמען פון ר׳ אײַזעלע סלאָנימער, אָדער ר׳ אײַזעלע חריף. הגם די וואָגיקע גײַסטיקע ירושה פון גאון איז פאַרבונדן מיט זײַן מאָנומענטאַלן פּרשנות־ווערק איבערן תלמוד ירושלמי און זײַנע אַנדערע חיבורים אין הלכה און דרוש, — בילדן זײַנע וויצן און גלײַכווערטלאַך אַ קאַפּיטל פאַר זיך. זײַן גרויסע פּאָפּולאַריטעט בכל תפוצות־ישראל האָט ר׳ אײַזעלע חריף צו פאַרדאַנקען אין אַ געווויסן טייל אויך זײַנע שיחות־חולין, זײַנע שלאָג־ווערטער, פון וועלכע עס שפּרודלט מיט שאַרפזיניקייט, שלאָגפערטיקייט און לעבעדיקן פאָלקסטימלעכן הומאָר. דאָס פאָלק האָט ליב אָט די גלײַכווערטלאַך פון אַ רב אַ פּיקח, וועמענס אינטעלעקט אַנטפּלעקט זיך ניט נאָר ביים תלמוד בבלי און ירושלמי, נאָר ער באַ׳טעמ׳ט מיט עכטן שאַרפזין און חכמה אויך זײַנע שיחות־חולין. דאָס פאָלק האָט ליב וויץ, דאָס פאָלק האָט גערן אַ „ווערטל״, אַ ריכטיק־„אַרײַנגעפּאָרענעם״ ענטפער, — און ר׳ אײַזעלעס חכמות ווערן דערציילט און איבערדערציילט אין פאָלק אין פאַרשיידענע וואַריאַנטן. די אַלע גלײַכווערטער, אַרויסגעזאָגטע תוך־כדי־שיחה מיט אַ 100—140 יאָר צוריק, האָבן אײַנגעהיט זייער אורשפּרינגלעכן חן און גאָרניט פאַרלאָרן דורך דער צייט פון זייער צאַפּלדיקייט. פאַרקערט, פיל פון זיי קענען זיך גוט אַרײַנפּאַסן און צוטרעפן מיט זייער בייסנדן וויץ אויך צו די שפּעטערדיקע דורות.

ר׳ אײַזעלעס "חכמות" פאַרנעמען אַ בכבוד׳יקן אָרט אין דער ליטעראַטור פון „אמרי אינשי״ און אין אוצר פון שאַרפזיניקע וויצן פון אונדזערע גאונים און גדולים, און ניט אומזיסט האָט מען זיי פאַרעפנטליכט פיל מאָל אין צייטונגען, זשורנאַלן, זאַמל־ביכער און באַזונדערע זאַמלונגען. פאָלקלאָרזאַמלער, ליבהאָבער פון יידישן וויץ האָבן זיי געגעבן אַ פּאַסיקע פאָרם, וואָס האַרמאָניזירט מיט זייער שאַרפן און געפּעפּערטן אינהאַלט. ר׳ אײַזעלעס שאַרפזין־ווערטלאַך זײַנען שוין פון לאַנג געוואָרן אַ מוסטער פאַר אָט דעם ליטעראַריש־פאָלקלאָריסטישן זשאַנער, וואָס באַשטייט אין אַן „אַרײַנזאָגאַכץ״, געבויט אויף מענטשן־קענטעניש און לעבנס־חכמה.

כאָטש זײַנע „חכמות״ און וויצן האָבן אַ אַל־יידישן, איבערהויפּט ליטוויש־פּויליש, כאַראַקטער, איז אָבער בולט זייער אָרטיקער, סלאָנימער הינטערגרונט. אָט די ספּעציעלע „שאַפונג״, וואָס איז אַ רעזולטאַט פון אַ פּסיכאָלאָגישן אַרײַנדרינגען אין דער סביבה, אין וועלכער ער האָט געלעבט און געווירקט — איז אין איר גרעסטן טייל אַ „סלאָנימער״, — ווייל זי באַציט זיך איבערהויפּט צו די לעצטע 20 יאָר פון זײַן לעבן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין סלאָנים, ווו ער פלעגט אַרויסזאָגן זײַנע קורצע שלאָג־מיינונגען איבער מענטשן און זייערע שוואַכקייטן. זײַנע לעצטע 20 יאָר (תרי״ג — תרל״ג) זײַנען געווען די פּראָדוקטיווסטע פון זײַן שעפערישער פּרשנות, און מער ווי די פריערדיקע עטאַפּן פון זײַן רבנישער קאַריערע, זײַנען זיי געווען אָנגעפּיקעוועט מיט איבערלעבענישן, באַגעגענישן און אײַנדרוקן. אין די יאָרן האָט ער דערגרייכט די העכסטע מדרגה פן זײַן גאונות און פון זײַן רום אין דער יידישער וועלט. אויפן גרונט פון אַ גענויען אַנאַליז פון זײַנע גלײַכווערטלאַך, קען מען פעסטשטעלן, אַז זיי באַציען זיך דער עיקר צו אָט דער צייט פון זײַן דערגיין צום שפּיץ פון חריפות און לעבנס־דערפאַרונג, אין זײַן עלטער פון 50 — 70 יאָר, נעמלעך צו זײַן סלאָנימער תקופה. אַ פאָרשונג אין דער כראָנאָלאָגיע פון די ערשטע פאַרעפנטליכונגען און פּאָפּולאַריזאַציע פון זײַנע ווערטלאַך און שיחות־חולין באַווייזט, אַז זיי שטאַמען מערסטנטייל פון סלאָנים, און פון דאָרטן זײַנען זיי מפורסם געוואָרן אין דער יידישער וועלט. אמת, איניקע „נומערן״ פון דער זאַמלונג באַציען זיך צו קאַלוואַריע, קוטנע און טיקטין, ווו ער איז געווען רב פאַר סלאָנים, און די ערטער ווערן בפירוש אין זיי אָנגעוויזן, — אָבער זיי בילדן אַ מינימאַלן טייל פון זײַן וויצן־אוצר. די אַרענע, אויך די אַנאָנימע, די ניט־אָנגעוויזענע פון אַלע אַנדערע ווערטלאַך פון ר׳ אײַזעלען, — און זיי זײַנען די מערהייט, — איז סלאָנים.

די פאַרבן־רייכע מענטשן־גאַלעריע פון פאַרשיידענע שיכטן און שטאַנדן, וואָס האָבן אים געדינט אַלס ציל פאַר זײַנע שאַרפע פײַלן; די אַלע מחברים און זיידענע יונגעלײַטלאַך, יוסטע בעלי־בתים און קאַרגע גבירים, הסכמות־פרעסער

---

*) המבוא הזה מהווה עיבוד ביידיש של הפרק כ״ה, המוקדש לבדיחות ואמרות של ר׳ אייזילי, של המונוגרפיה על תולדות הישוב בסלונים (ר׳ ״פנקס סלונים״, כרך א׳, עמ׳ סד—סה). לכן אני מסתפק כאן במבוא ביידיש בלבד ומפנה את הקורא למקור הנ״ל בעברית. אוסף הבדיחות בעברית יבוא, — אנו מקווים, — בכרך נוסף של ״פנקס סלונים״. ק.ל.

און סמיכות־יעגער, טעלער־לעקער און בעלי־גאוה; די טיפּ־פּאַנאָראַמע וואָס ער וויקלט פֿאַנאַנדער פֿאַר אונדזערע אויגן, — זיינען גענומען פֿון זיין סביבה, פֿון זיין סלאָנים, פֿון געמויערטן בית־המדרש ווו ער האָט געדאַוונט, פֿון קהל־שטיבל אין פּאָלוש פֿון דער גרויסער שול און אַפֿילו פֿון סלאָנימער בית־מרחץ.

און ווירקלעך, אין אָנהייב פֿון היינטיקן יאָרהונדערט האָבן נאָך פֿיל סלאָנימער זקני־הדור אָנגעוויזן אויף געוויסע בעלי־בתים פֿון ר׳ אייזעלעס דור, וואָס זיינען געווען די „העלדן" פֿון זיינע „חכמות". ר׳ אייזעלעס וויצן האָבן דעריבער אַ ספּעציעלע געשיכטלעכע באַדייטונג פֿאַר דאָס יידישע סלאָנים. פֿון פֿילע פֿון זיי לערנען מיר אַרויס וועגן מנהגים און טראַדיציעס פֿון דער שטאָט, און זיי דינען אַזוי־אַרום אַלס געשיכטלעך־קולטורעלער מאַטעריאַל וועגן דער קהלה.

אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ אַן אָריגינעלע געשטאַלט פֿון אַ גייסטיקן מנהיג. אין פֿאַרגלייך מיט רבנים, וועלכע איזאָלירן זיך ווירדיק פֿון זייער אומגעבונג אין זייער ראַנג פֿון מדריכים און פֿאָלקס־פּאַטערס, איז נאָך מער בולט און אַנזיכטיק ר׳ אייזעלעס זין פֿאַר זיין סביבה, פֿאַר זיין וועלטל. פֿון זיינע „ווערטער" און ענטפֿערס אָטעמט עס מיט גוטן מוט און לייכטע איראָניע. ער נעמט ניט אויף די זאַכן טראַגיש. עס שיינט, לויט אים, אַז דאָס בעסטע מוסר־זאָגן איז אַ „גוט־וואָרט", וואָס קען דערגייך ביזן זיבעטן ריפּ אַריין. צו מוז מען טאָקע צו די שלעכטע מידות, קמצנות, ענגהאַרציקייט, קליינקעפּלדיקייט האָבן אומבאַדינגט די לאַנגע תוכחה'שע דרשות פֿון בעלעמער־אַראָפּ, די טאָגע פֿון אַ פּריידיקער און אַ מגיד? — אַז ס'איז פֿאַראַן אַ פּשוטער מטאטא־השמד, אַ ווירקזאַמער בעזים, אונטערן האַנט, אָט טאָקע דאָ, אין בית־דין שטיבל: אַן אַריינגעזאָגטער „וואָרט", קורץ, בינדיק, כהרף־עין, וועלכער קען ווייטאָן און גליען מער ווי אַ טוץ מיט פּסוקים־אָנגעפּיקעוועטע מוסר־דרשות... און גראַדע האָט דער גורל געוואָלט, אַז אין ר׳ אייזעלעס צייטן איז אַלס סלאָנימער מגיד געווען ניט קיין אַנדערער, ווי דער באַרימטער פֿלאַם־פֿייערדיקער קעלמער מגיד, ר׳ משה־יצחק דרשן, דער שטרייטגער קטיגור, וועמענס מוסר־דרשות פֿלעגן אַנוואַרפֿן אַן אימה. (אין איינעם פֿון זיינע וויצן, ז׳ אָפּטיילונג „כלי־קודש", האָט זיך ר׳ אייזעלע טאָקע „אָפּגערעכנט" מיט אים...) פֿון דער סלאָנימער געשיכטע ווייסן מיר, אַז ר׳ אייזעלעס „אַ וואָרט" איז אָפֿט געווען ווירקזאַמער ווי דעם קעלמער מגיד'ס תוכחה.

ר׳ אייזעלעס שיחות־חולין זיינען געשטעמפּלט מיט פֿאָלקס־טימלעכקייט. טראָץ דעם וואָס זיי שטאַמען פֿון אַ יחיד, זיינען זיי געוואָרן אַ הויפּט־טייל פֿון רבנישן פֿאָלקלאָר. ער איז געקרוינט אַלס איינער פֿון די „טאַטעס" פֿון שאַרפֿן יידישן וויץ. דער באַקאַנטער קענער און מומחה פֿון דער יידישער וויצן־ליטעראַטור א. דרויאַנאָוו האָט אין דער הקדמה צו זיין באַרימטער וויצן־אַנטאָלאָגיע כאַראַקטעריזירט אין פֿאָלגנדע ווערטער ר׳ אייזעלעס הומאָר־און־סאַטירע־שאַפֿונג:

— „ר׳ אייזעלע איז, נאָך מיט איניקע גדולי־ישראל, איינער פֿון די „אבות" פֿון יידישן וויץ. אין אַזוינע „אבות" הייבט זיך אָן דער פֿאָלקס־וויץ און מען שרייבט זיי צו אַפֿילו וויצן, וואָס זיינען באַשאַפֿן דורך אַנדערע". —

ווי שוין אויבן געזאָגט, זיינען ר׳ אייזעלעס וויצן פֿאַרשפּרייטע אין איניקע זאַמלונגען. ס'איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די וויכטיקסטע זאַמלער און קענער פֿון ר׳ אייזעלעס וויץ זיינען געווען די צוויי סלאָנימער־געבאָרענע שרייבער און ביבליאָגראַפֿן חייקל לונסקי און משה זאַבלאָצקי (וועלכע האָבן אויך געשריבן זיין ביאָגראַפֿיע). די וויצן דערשיינען אויך אין אַלגעמיינע גלייכווערטלאַך־זאַמלונגען פֿון פֿאַרשיידענע מחברים, ווי דרויאַנאָוו, ליפּסאָן, ענגעלשער, יאָושזאָן, א. שטיינמאַן, ד. סדן (שטאָק) און אַנדערע. באַזונדערע אויסגאַבן זיינען געווען נאָר צוויי: פֿון בן־ציון אייזנשטאַט, וועמענס זאַמלונג איז דערשיינען אין ניו־יאָרק אין אָנהייב יאָרהונדערט און פֿון משה זאַבלאָצקי (אונטערן פּסעוודאָנים מ. רייצעסזאָן), וואָס האָט אַרויסגעגעבן זיין זאַמלונג אין סלאָנים אין 1931. מען מוז צוגעבן, אַז קיין שום זאַמלונג און אויסגאַבע איז ניט געווען קיין אויסשעפּנדע. עס זיינען באַקאַנט אומגעפֿער 200 „חכמות" פֿון ר׳ אייזעלען, אָבער די גרעסטע צאָל וואָס געפֿינט זיך אין אַ וועלכע ס'איז זאַמלונג איז 125 (אין זאַבלאָצקיס אויסגאַבע). ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט (אין דער מאָנאָגראַפֿיע וועגן דער געשיכטע פֿון ישוב, פּרק כה, עמוד ס"ה) האָב איך אָנגעוויזן, אַז זאַבלאָצקי'ס קריטעריום ביים אויסוואַל פֿון מאַטעריאַל איז געווען די אויטענטישקייט פֿון שעפֿער פֿון די וויצן, און מיט דעם דערקלערט זיך די גענויקייט פֿון זיין זאַמלונג. אין די אַנדערע זאַמלונגען חזר'ן זיך איבער מער־ווייניקער די זעלבע טעקסטן מיט פֿאַרשיידענע שינויים.

מיטן ווילן צו געבן אין „פּנקס־סלאָנים", אין מאָנומענט פֿון דער עדה, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט ר׳ אייזעלעס נאָמען, און צו די 100 יאָר פֿון זיין פּטירה, אַ ערשטע כמעט אויסשעפּנדע זאַמלונג פֿון זיינע וויצן, האָבן מיר מותר געווען אויף דער פֿולער אויטענטישקייט און צונויפֿגעזאַמלט אַלץ וואָס ס'איז דערשיינען אין זיין נאָמען. מעגלעך, אַז געוויסע איינצלנע „ווערטלאַך" זיינען נאָר אָנגעהאָנגען אין אים. אָבער דווקא אין זייער איינגעוואָרצלקייט אין פֿאָלק אין משך פֿון 100 — 130 יאָר און אין זייער בילדן אַן אינטעגראַלן עלעמענט פֿון פֿאָלקלאָר האָבן מיר געזען אַ באַרעכטיקונג צו דערגענצן די זאַמלונג און פֿאַרברייטערן דעם פֿאַרנעם.

די איצטיקע זאַמלונג איז ניט נאָר די פֿולסטע פֿון אַלע פֿריערדיקע. זי איז אויך צום ערשטן מאָל גרופּירט לויט הויפּט־טעמען, הגם געוויסע איינסן קענען געהערן צו איניקע גרופּעס. וואָס ס'איז שייך די שפּראַך, האָב איך איר, אין די טעקסטן וואָס שטאַמען פֿון זאַבלאָצקי'ס זאַמלונג, ווייניק געענדערט. פֿון די אַנדערע מקורות אין יידיש (לונסקי, ענגעלשער און אַנדערע) האָב איך איר סטיליזירט און צוגעפּאַסט צום סלאָנימער־ליטווישן דיאַלעקט. אויך קומען געוויסע תורה־און דרוש־־גלייכווערטלאַך, וואָס זיינען געווען נאָר אין עברית, צום ערשטן מאָל אין יידיש, אין מיין איבערזעצונג.

צוליב טעכנישע סיבות, איז די זאַמלונג צוטיילט אין צוויי סעריעס, וועלכע דערשיינען אין פֿאַרשיידענע ערטער פֿון באַנד. די סעריע־צוטיילונג האָט נישט קיין כראָנאָלאָגישע, אָדער וועלכע ס'איז אַנדערע באַדייטונג.

זאָל די דאָזיקע זאַמלונג פֿון אַלע וויצן, גלייכווערטלאַך און שיחות־חולין זיין אַ צוגאָב־מצבה לזכר פֿון גרויסן סלאָנימער גאון און אַ צושטייער צום סומירן די אוצרות פֿון סלאָנימער יידישן פֿאָלקלאָר, פֿון וועלכן ר׳ אייזעלעס וויצן זיינען אַן אומשיידבאַרער טייל.

# אלע וויצן, גלייכווערטלאך און שיחות־חולין
# פון ר׳ אייזעלע סלאָנימער
**(צו די 100 יאָר נאָך זיין פטירה)**

געזאַמלט, גרופירט און רעדאַגירט **דורך קלמן ליכטענשטיין**

## ערשטע סעריע

### רבנות און רבנים

בעת די פאָרשטייער פון דער שטאָט סלאָנים זיינען געקומען צו ר׳ אייזעלען, אים איבערגעבן דעם כתב־רבנות, האָבן זיי זיך געריִמט, אַז סלאָנים איז זייער אַן אַלטע שטאָט און ס׳איז בקבלה, אַז אין סלאָנים איז באַגראָבן אַ אייניקל פון רש״י.

— רשי״ס אייניקל ווען ער איז ביי אייך באַגראָבן — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט די ראשי־הקהילה — איז נאָך ניט קיין בייז; זעט נאָר אַז רש״י אַליין זאָל ביי אייך ניט באַגראָבן זיין, ווארום ווען רש״י זאָל זיין ביי אייך באַגראָבן, וואָלט איך צו אייך פאַר אַ רב געוויס ניט געפאָרן.

★

— מיר איז בעסער ווי משה רבנו׳ן — זאָגט אַמאָל ר׳ אייזעלע.

— פאַרוואָס, רבי? —

— גאָר פשוט: בעת קרח וסיעתו זיינען אַנגעפאַלן אויף משה רבנו און באַדראָט זיין שטעלע ביים פאָלק, איז טאַקע, „וישמע משה ויפול על פניו" מחמת ס׳איז ניט קיין קליינ־קייט פאַרלירן אַ שטעלע פון אַ נשיא ביי אידן... מיר אָבער, בנוגע מיין רבנות, וואָלטן אַזעלכע אַנפאַלן וויניק וואָס געקימערט, ווייל אַ שטעלע פון ניט האָבן חיונה קריגט מען אין דער וועלט גאַנץ גענוג...

★

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געפאָרן אויף אַ שליטן צו איינעם אויף אַ ברית. דער שליטן האָט זיך אויסגעקערט און דער רב איז אַרויסגעפאַלן און צעבלוטיקט דעם פנים.

עס זיינען אַנגעלאָפן מענטשן, האָבן אים אויפגעהויבן און אַלץ געאָי־קעט: אָי, אָי רבי... אייער פנים!

— יע, יע, אַ שיינעם פנים האָט ביי אייך דער רב — האָט ר׳ אייזעלע זיך רוהיק געוויצלט.

★

אײדער ר׳ יאָסעלע שלופער איז געוואָרן רב האָט ער געגעסן קעסט ביי זיין שווער, ר׳ אייזעלע.

האָט אים ר׳ אייזעלע אַמאָל געזאָגט:

— הער זיך איין, יאָשע, ווער פון אונדז ביידן איז סלאָ־נימער רב, איך צי דו? אַז שאלות פסקנ׳ען מיר ביידע ניט. דערויף איז דאָ דער מורה־הוראה ר׳ פייטל; ביי אַ דין־תורה זיצן מיר ביידע; פון די שכירות לעבן מיר ביידע, טאָ ווער איז פאַרט דער רב?

— נו זאָגט איר, שווער — שמייכלט ר׳ יאָסעלע — ווי וויס מען טאַקע?

—כ׳וועל דיר זאָגן — ענטפערט ר׳ אייזעלע — גיי אַרויס אין שטאָט וועסטו הערן וועמען מ׳באַרעדט...

★

איינמאָל, שמחת־תורה, האָט זיך ר׳ אייזעלע צוהוליעט און געוואָרן זייער פריילאך. מאַכט ער צום עולם: רבותי, רופט מיר ניט סלאָנימער רב, נאָר וואַרשעווער רב!

— פאַרוואָס עפעס? — איז דער עולם געוועזן טשעקאַווע.

— ווייל — ענטפערט ר׳ אייזעלע — ווער עס רופט מיך „סלאָנימער רב" זאָגט ער דאָך בפירוש אַ שקר גמור: ניט איך וויל סלאָנים, ניט סלאָנים וויל מיר. לאָפוקי וואַרשע, וואָס איך וויל זי יע, מערניט וואָס זי וויל מיך ניט... איז דאָך בלויז אַ שקר למחצה...

★

— כ׳פאַרשטיי ניט, רבי, — רופט זיך אַמאָל אָפּ צו ר׳ אייזעלען דער סלאָנימער קאַזיאָנער רב, וואָס איז געוועזן בשעתו — מיר זיינען דאָך ביידע רבנים אין איין שטאָט, טאָ וואָס איז די מעשה, וואָס אייך גיט מען אָפּ אַזוי פיל כבוד און מיר ניט?

— פאַרשטייט איר מיך — ענטפערט אים אָפּ ר׳ אייזע־לע — אין לעבן באַגעגענען מיר אַזעלכענע זאַכן. פסח, למשל, איז דער דין „על מצות ומרורים יאכלוהו": פונקט ווי מ׳דאַרף האָבן מצה, אַזוי דאַרף מען אויך האָבן מרור, און **אַן די ביידע** מינים קען קיין „סדר" ניט זיין, פונדעסטוועגן איז **פאַראַן אַ** שטיקעלע חילוק צווישן זיי ביידן. צו די מצות גרייט מען זיך מיט אַ צייט פריער. און נאָכדעם ווען זיי זיינען שוין פאַרטיק, וויקלט מען זיי איין אין זויבערע ליילאַכער און מ׳גיט פאַר זיי אָפּ אַ בכבודיקן אָרט. צו די מרור אָבער כאַפּט מען זיך ערשט ערב יום־טוב פאַרנאַכט. בחיפזון גיט מען עס אַ שאָב אָפּ און מ׳דערלאַנגט עס אַזוי צום „סדר" גלייך מיט די מצות... ווארים וואָס זאָל מען טאָן? מ׳שטיינס געזאָגט אַ שטיקל יחסן — מ׳מוז אים אויך האָבן צום שפּאַן...

★

ר׳ אייזעלע האָט אַמאָל מכבד געווען זיין אײדים ר׳ יאָ־סעלע שלופער צו זאָגן שבת־הגדול אין סלאָנימער שול אַ חלוק. ר׳ יאָסעלע האָט געזאָגט אַזאַ שאַרפן חלוק, אַז אַלע סלאָנימער לומדים זיינען אַרויס פון די כלים פון גרויס התפעלות. נאָכן חלוק רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע מיט אַ וויץ: איר ווייסט פאַרוואָס מ׳איז מכבד דעם רב שבת־הגדול צו זאָגן אַ חלוק? כדי מ׳זאָל זען, וואָס פאַר אַ „למדן" ער איז און מ׳זאָל אים מעגן פאַרקויפן ערב פסח דעם חמץ...

★

אַ רבֿ האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַר ר׳ אייזעלען, אַז ער שטייט אויס גרויסע רדיפות פון חסידים, וועלכע זיינען אים חושד אין השכלה.

— כ׳האָב פאַר אייך אַן׳עצה — זאָגט צונ׳אים ר׳ אייזעלע.

— דהיינו וואָס? — כאַפּט זיך אָן דער רבֿ.

— שרייבט זיי אַ בריף — זאָגט ר׳ אייזעלע — וועלן זיי זען, אַז זייער חשד איז לחלוטין, אַן אומזיסטער...

✶

איינמאָל האָט מען ר׳ אייזעלען, בעת ער איז געווען אין ווילנע, איינגעלאַדן אויף אַ ברית אין ווילנער פּאַרשטאָט אַנטאָקאָליע, וועלכע איז געווען בחזקת אַ קליין שטעטעלע פאַר־זיך. צוליב געוויסע דאָרטיקע סיבות האָט אַנטאָקאָליע דאַן געהאַט 2 רבנים. זיינען געקומען צום ברית אויך ביידע רבנים. רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע:

— אַזאַ אָרעם טויט קליינשטעטעלע און 2 רבנים, — וגם את המת יחצון...

## אין בית־דין־שטיבל

ר׳ אייזעלע האָט געהאַט ביי זיך אין בית־דין־שטיבל אַ דיין, וועלכער איז געווען אַ מומחה בהוראה, און אַ מומחה אין שולחן־ערוך.

זיצן זיי אַמאָל ביידע און זיינען זיך מתווכח אין אַ הלכה. ר׳ אייזעלע זאָגט אַזוי און דער דיין זאָגט אַזוי. לסוף מאַכט דער דיין: אפילו דער „באר היטב״, אין יענעם און יענעם סימן, האַלט אויך אַזוי ווי איך זאָג.

— פונדעסטוועגן, נאָך אַלעמען — ענטפערט ר׳ אייזעלע — איז דער „באר היטב״, געווען אין טיקטין ניט מער ווי אַ דיין, און איך בין געווען אין טיקטין רבֿ!...

✶

ר׳ אייזעלע איז איינמאָל געזעסן און געפירט אַ שמועס מיט דעם סלאָנימער דיין אודות חומרות און קולות אין הלכות שאלות. דער דיין איז געווען אַ מחמיר און ר׳ אייזעלע אַ מקיל.

— ס׳איז ניט קיין קונץ — האָט ר׳ אייזעלע געזאָגט — צו פּסקנ׳ען אַלע מאָל ווי עס שטייט אין דין; מ׳דאַרף אַנ׳אַנדערשמאָל אויך קענען מאַכן אַזוי, אַז עס זאָל שטיין אין דין ווי מ׳פּסק׳נט.

✶

צו ר׳ אייזעלען זיינען אַמאָל געקומען אַ מאַן און ווייב גט׳ן זיך און האָבן אים געבעטן ער זאָל צווישן זיי אויסלאָדן. די פרוי, וועלכע האָט געהייסן ראַשע, האָט בשום אופן אָבער ניט געקענט קומען צו אַ באַשלוס און אויף אַלץ וואָס דער רבֿ האָט געזאָגט האָט זי אונטערגעמורמלט און ס׳איז איר געווען ניט געפעלן.

— מיט אַלע שווערע רשי״ס — האָט ר׳ אייזעלע אַ זאָג געטאָן — בין איך כמעט תמיד פאַרטיק געוואָרן, נאָר מיט דער דאָזיקער שווערער ראַשע בין איך מסופק אויב איך וועל אַמאָל פאַרטיק ווערן...

— די דאָזיקע ווערטער האָבן געווירקט אויף דער פרוי און זי האָט ענדליך באַשלאָסן פאָלגן דעם רבֿ.

✶

צו ר׳ אייזעלען זיינען אַמאָל געקומען צוויי אידענעס מיט אַ דין־תורה וועגן אַ פּאַפּירענעם רובל. איינע האָט געטענה׳ט, אַז דער פּאַפּירענער רובל איז אירער און די צווייטע האָט ביי איר אַרויסגעכאַפּט, און די אַנדערע האָט געטענה׳ט, אַז זי האָט דעם רובל געפונען און די צווייטע האָט זיך בלויז צוגעטשעפּעט צו איר. ר׳ אייזעלע האָט פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז אוממגליך, אַז אימיצער זאָל אַרויסכאַפּן ביי אַ צווייטן אַ רובל און ניט וועלן אָפּגעבן, האָט ער געבעטן ביידע אידענעס זיי זאָלן אַ ווילע אַרויסגיין און וואַרטן, ביז ער וועט זיך מיישב זיין מיט׳ן דיין, וואָס זיי האָבן צו טאָן. בעת די אידענעס האָבן געגומען אַרויסגיין פון בית־דין־שטיבל, מאַכט ר׳ אייזעלע, כלומרשט שטילערהייד, צום דיין, אויב איינע פון זיי וועט זאָגן אַ סימן, אַז דער רובל איז אין איין עק אָנגעריסן — איז אַ סימן, אַז ער איז אירער. די אידענע, וועלכע דער רובל איז געווען ניט אירער, האָט גראָד אויפגעכאַפּט ר׳ אייזעלעס לעצטע ווערטער, און ווען ר׳ אייזעלע האָט זי אַריינגערופן צוריק און געפרעגט ביי איר: אפשר האָט איר אידענע אַ סימן אויף דעם רובל? האָט זי גלייך געענטפערט: יע, יע, רבינקע, כ׳האָב מיר דערמאָנט, אַז ער איז אין איין עק אַביסל אָנגעריסן.

— אויב אַזוי — האָט ר׳ אייזעלע געפּסק׳נט — איז דער רובל, אידענע, ניט אייערער; ער איז דורכאויס אַ גאַנצער.

## באהלה של תורה

דער באַרימטער העברייאישער שריפטשטעלער יהל״ל האָט אינגלוויז געלערנט ביי דעם גאון ר׳ וואָלף פון בירז׳, וועלכן מען האָט גערופן „דער בירז׳ער מלמד״. איינמאָל האָט זיך יהל״ל פאַרהערט ביי ר׳ אייזעלען אין סלאָנים. (ר׳ אייזעלע האָט אין זיין יוגנט אויך געלערנט ביי דעם בירז׳ער). אַז ר׳ אייזעלע האָט אים געפרעגט: ביי וועמען ער לערנט? האָט ער אים געענטפערט: ביים בירז׳ער מלמד.

— גוט, אויסגעצייכנט — האָט מסכים געווען ר׳ אייזעלע — אַ ודאי, ווער נאָר ס׳האָט ניט געלערנט ביי דעם בירז׳ער מלמד — קען ניט לערנען, והראיה — האָט ער צוגעשמייכלט — דער בירז׳ער מלמד האָט ניט געלערנט ביי דעם בירז׳ער — קען ער טאַקע ניט.

✶

צוויי ישיבה־בחורים, איינער אַ בקי און דער אַנדערער אַ חריף, זיינען געקומען צו ר׳ אייזעלען נאָך „סמיכה״, האָט ער דעם בקי געגעבן „סמיכה״ און דעם חריף ניט. אַז מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס, האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט: גאַר פשוט, סיני ועוקר הרים סיני עדיף, ווייל ווען דער חריף זאָל אפילו וועלן עוקר זיין דעם הר־סיני, וועט ער צוליב זיינע חריפות ניט וויסן ווו דער „הר״ איז.

✶

פאַרנדיק אַמאָל מיט אַ גביר אין אַסיען־צייט, האָט זיך דער וואָגן פלוצלינג אויסגעקערט און ר׳ אייזעלע מיטן גביר זיינען געבליבן ליגן אויף דער ערד. ליגנדיק אַזוי אין בלאָטע שרייט אויס ר׳ אייזעלע פריילאַך:

איצט איז מקויים געוואָרן: „תורה וגדולה במקום אחד״!...

✶

איינמאָל, גייענדיק אין מרחץ, אין באַגלייטונג פון אַ מאַגערן ישיבה־בחור, וועלכער האָט אים נאָכגעטראָגן זיין „פעקל״, האָט ר׳ אייזעלען אָפּגעשטעלט דער גביר ל., וועל־כער איז געווען אַ געזונטער און געפּאַקטער איד. אַפּשמו־עסנ׳דיק אַ ווײַלע פרעגט ר׳ אייזעלע ביי׳ם גביר:

— זאָגט נאָר, ר׳ הלל, פיל מאָל אין טאָג עסט איר, וואָס איר זעט, אָן עין־הרע, אַזוי גוט אויס?

— אַ סך רבי: 3—4 מאָל אין טאָג.

אָט אַ מזל פון אַ גביר! — האָט ר׳ אייזעלע אויסגע־שריען — איר זעט? אָט דער בחור עסט גאַנצע „טעג״ און דאָך — זעט נאָר ווי ער זעט אויס און וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט!...

✶

אַריינקומענדיק איינמאָל אין דער ישיבה און באַמערקנ־דיק צווישן די ישיבה־בחורים איינעם מיט אַ שוואַרצן מויל פון שוואַרצע יאַגדעס — האָט ר׳ אייזעלע אַ שאָקל געטאָן מיט קאָפּ און איראָניש אַ זאָג געטאָן:

— אָט אַזוי נעביך ווערן דאָס ישיבה־בחורים פאַר־שוואַרצט!...

✶

אַנ׳אַנדערשמאָל ווידער האָט ער באַמערקט, ווי צוויי ישיבה־בחורים׳לאָך האַלטן און ציען יעדערער צו זיך זייער בשותּפותדיקע גמרא.

— זאָגט נאָר, — האָט ר׳ אייזעלע אַ געשריי געטאָן — כּי מציען (ציון) תצא תורה!?...

## סמיכות

צו ר׳ אייזעלען איז אַמאָל געקומען איינער אַ יונגערמאַן נעמען „סמיכה״. ר׳ אייזעלע האָט פאַרפירט מיט אים אַ שמועס, אָנגעטאַפּט זיין דופק אין לערנען, ערשט — שוואַך, אַ פּוסטע כּלי.

זאָג מיר נאָר יונגערמאַן — מאַכט צונ׳אים ר׳ אייזעלע — וואָס איז דער טייטש, תּנו רבנן?

— רבי — וווּנדערט זיך דער יונגערמאַן — דאָס ווייס דאָך אַפילו אַ קינד. תּנו רבנן — די רבנן האָבן געלערנט...

— אָט דאָס מיין איך טאַקע — ענטפערט ר׳ אייזעלע — ס׳שטייט ניט „רבנן תּנו״ נאָר „תּנו רבנן״ — הייסט עס: פריהער דאַרף מען לערנען, נאָכדעם ערשט איז רבנן!...

✶

און נאָך אַ בחור איז געקומען מיט זיין פאָטער צו ר׳ אייזעלען נאָך „סמיכה״. ר׳ אייזעלע האָט די „סמיכה״ ניט געגעבן, נאָר געזאָגט האָט ער דעם פאָטער, אַז זיין זון איז אַ „מלאך אלקים״ און דער פאָטער איז אַוועק אַ היים מלא שמחה. אַז מ׳האָט ר׳ אייזעלען דערנאָך געפרעגט, ס׳טייטש, דער בחור איז דאָך גאָר אַ בור דאוריתא, פאַרוואָס זשע האָט ער אים גערופן „מלאך״? רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע: אָט דאָס מיין איך טאַקע, ווייל, „לא ניתנה תורה למלאכי השרת״...

✶

אַ סלאָנימער בעל־הבית האָט אַ מאָל געבראַכט זיין אינגל צו ר׳ אייזעלען, ער זאָל אים פאַרהערן די שווערע רש״י פון פרשה משפּטים.

אַז ר׳ אייזעלע האָט געענדיקט פאַרהערן, רופט ער זיך אָפּ צום פאָטער פון אינגל: איר ווייסט, אייער זון איז ווי אַ גאון! און אַ צושמאָלצענער פון נחת, איז דער פאָטער גע־גאַנגען אַהיים פול מיט שמחה.

די מענטשן, וועלכע זיינען געווען דערביי און האָבן גע־ווּסט, אַז דער פאַרהערטער אינגל איז נעביך אַ פאַרשטאָפּ־טער מוח, זיינען צוגעשטאַנען צו ר׳ אייזעלען, ער זאָל זיי דערקלערן, צו מיינט ער טאַקע מיט אַנ׳אמת, דאָס וואָס ער האָט ערשט געזאָגט צום פאָטער פונ׳ם אינגל.

ר׳ אייזעלע האָט אַ שמייכל געטאָן און האָט זיי אַזוי דערקלערט: ס׳איז ידוע, אַז אונדזערע בּאַרימטע גדולים האָבן זיך אין יעדער תקופה אָנגערופן מיט אַנ׳אַנדער נאָמען. צו־ערשט, למשל, האָבן זיי געהייסן תּנאים, שפּעטער — אַמוראים, סבוראים, גאונים, און נאָך שפּעטער — רבנים, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען פאַררעכנט רש״י. נמצא, אַז די גאונים, וועלכע האָבן געלעבט אין אַ פריערדיקער תקופה, האָבן ניט געקענט רש״ין... דעריבער איצט, רבותי, אַז דער אינגל קען אויך ניט רש״ין, זאָגט זשע אַליין איז ער דען ניט ווי אַ גאון?...

✶

אַ ווילנער מורה־הוראה איז געקומען צו ר׳ אייזעלען אין סלאָנים מיט זיין זון און אידעם און געבעטן צו פאַרהערן זיי און געבן „סמיכה״. האָט ר׳ אייזעלע געגעבן סמיכה דעם זון און דעם אידעם ענטזאָגט.

אַז מ׳האָט אים געפרעגט: ס׳טייטש, דער אידעם איז דאָך דערזועלבער למדן ווי דער זון?

האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט:

— קיין בעסערן זון האָט ער דאָך ניט געקענט נעמען, אָבער אַנ׳אידעם האָט ער דאָך געקענט נעמען אַ גרעסערן למדן...

✶

אַ יונגערמאַן האָט באַקומען פון אַ רב אַ כּתב, אין וועלכן ער רופט אים אָן: האַברך החו״ב (ראשי־תיבות פון: החריף ובקי). דער יונגערמאַן האָט זיך נאָכהער געוווּנדעט צו ר׳ אייזעלען, ער זאָל אים אויך אַרויסגעבן אַנ׳ענלעכן כּתב. ר׳ אייזעלע האָט אים גענומען אויפן פאַרהער און געפונען, אַז ער איז גאָר שוואַך אין לערנען, און ער האָט אים ענט־זאָגט. האָט דער יונגערמאַן געטענה׳ט:

— סטייטש, רבי, אָט יענער רב, האָט דאָך געשריבן וועגן מיר: האַברך החו״ב, און באַשטעטיקט אַז איך בין אַ חריף ובקי?!

האָט אים ר׳ אייזעלע געענטפערט, שמייכלענדיק: און איך האָב געמיינט, אַז די ראשי־תיבות פון החו״ב איז: החיה וכל בהמה...

## הסכמות

אַ מחבר וואָס זיין נאָמען איז געווען משה, האָט אַמאָל אַריינגעטראָגן צו ר׳ אייזעלען זיינעם אַ חיבור, וועלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „יד־משה״, ער זאָל געבן זיין הסכּמה אויף אים.

ר׳ אײַזעלע האָט אַ װײַלע אַרײַנגעקוקט אין דעם חיבור, נאָכ׳דעם האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איר װײסט, װאָס איך װעל אײַך זאָגן? ניט בעסער אַ נאָמען געבן אײַער ספר „פּני־משה״?

— פאַרװאָס? — װוּנדערט זיך דער מחבר.

— װײַל — האָט ר׳ אײַזעלע געענטפערט — װײַל אין „משה׳ס״ פּנים (פּני־משה) האָט קײנער ניט געקענט קוקן...

✶

אַ מחבר איז געקומען צו ר׳ אײַזעלען בעטן אַ הסכּמה אויף אַ חיבור.

ר׳ אײַזעלע האָט גענומען אַ בױגן פּאַפּיר, אָנגעשריבן אין דער הויך זײַן הסכּמה און לאָזנדיק אַ גרויסן בלויז האָט ער אונטערגעשריבן און גע׳חתמ׳ט זײַן נאָמען.

— רבי, צו װאָס האָט איר געלאָזן אַזאַ גרויסן בלויז איז דער מחבר געװען נײַגעריק צו װיסן.

— דערפאַר — האָט ר׳ אײַזעלע געענטפערט — װײַל ס׳שטײט „מדבר שקר תרחק״... („פון אַ ליגן זאָלסטו זיך דערװײַטערן״).

✶

אַ מחבר האָט געבראַכט ר׳ אײַזעלען אַ פּירוש אויף דער תורה, װעלכער איז געװען געשריבן אַרום די גליונות פון חומש.

— יע, זאָגט ר׳ אײַזעלע: דײַן פּירוש איז מיר געפעלן, ער איז קרוב לאמת...

✶

אײנער אַ מחבר איז צונ׳אים געקומען בעטן אַ הסכּמה אויף זײַנעם אַ ספר. ביז װאַנען־װאָס זײ האָבן זיך אַזוי גע־שמועסט איז געװאָרן כמעט פינסטער און דער מחבר האָט געבעטן ר׳ אײַזעלען, ער זאָל אים געבן דעם שמש אויף צו באַגלײטן.

— אויב עס גײט אין דעם — האָט ר׳ אײַזעלע גע־זאָגט — װײַל איר האָט מורא, װאָס עס שטײט געשריבן: „אַל יצא תלמיד־חכם בלילה מפּני המזיקים״ — קען איך אײַך ראָטן: איר זאָלט האַלטן אָפן אײַער ספר, װעלן די „מזיקים״ זען, אַז איר זײַנט קײן תלמיד־חכם...

✶

אַ מחבר פון אַ ספר אויף ש״ס איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אײַזעלען בעטן אַ הסכּמה. נעמט ר׳ אײַזעלע דעם ספר, קוקט אין אים אַרײַן און דערזעט אַז דער ספר איז פול מיט נאַרישקײטן, גיט ער אים גלײַך איבער צוריק דעם מחבר און זאָגט צונ׳אים:

— אַנטלויפט װאָס גיכער, װײַל די רביצין װעט אײַך נאָך חלילה קוילענען.

דער מחבר איז געװאָרן בלײַך װי די װאַנט און געפרעגט דעם גאון, װאָס ער מײנט מיט זײַנע װערטער.

— אַנומעלטן — דערצײלט אים ר׳ אײַזעלע — איז אַרויפגעפלויגן בײַ מיר אויפן טיש אַ האָן און האָט אויף דער אָפענער גמרא במחילה אָנגעמאַכט. אַז די רביצין האָט דאָס דערזען איז זי גלײַך אַװעקגעלאָפן מיטן האָן צום שוחט און אים דאָרטן געקוילעט. הײַנט אַז איר האָט דאָ אַזוי פיל אָנ־געמאַכט אויף דער גמרא — טאָ װאָס װעט שוין דערצו די רביצין זאָגן?...

✶

אַ מחבר איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אײַזעלען מיט זײַנעם אַ חיבור און געבעטן ער זאָל אים איבערקוקן און אַרויסזאָגן זײַן מײנונג איבער אים. דורכבלעטערנדיק דעם חיבור אײ־ניקע מאָל האָט ער אים דעם מחבר איבערגעגעבן זאָגנדיק דערבײַ: אײַער חיבור דאַרף האָבן אַ גוטע שמירה, זעט למען־השם, פאַרלירט אים ניט.

אַז דער מחבר האָט אים געפרעגט דעם טעם דערפון, האָט ער אים געענטפערט:

— װײַל טאָמער געפינט אים אַ גוי, קען ער נאָך חלילה זאָגן אַז ער האָט אים געמאַכט...

✶

ס׳איז אַמאָל צונ׳אים געקומען אײנער אַ רב בעטן אַן־הסכּמה אויף אַ ספר.

— קײן הסכּמה — האָט געענטפערט ר׳ אײַזעלע — קען איך אײַך ניט געבן, דערפאַר װעל איך אײַך געבן אַ ברכה: הלװאי זאָל אײַער ספר אַזוי ניט זײַן נאַקעט, װי ער װעט ניט זײַן הונגעריק.

אַז דער רב איז צונ׳אים צוגעשטאַנען, ער זאָל אים דער־קלערן דעם פּירוש פון דער ברכה — האָט ר׳ אײַזעלע גע־ענטפערט: הונגעריק װעט ער ניט זײַן, װײַל מען װעט אין זײַנע בלעטער אײַנװיקלען קעז און פוטער, אָבער נאַקעט װעט ער זײַן, װײַל קײנער װעט ניט װעלן אײַנבינדן...

✶

אײנער האָט אָנגעשריבן אַ פּירוש אויף „קוהלת״ און גע־בעטן בײַ ר׳ אײַזעלען אַ הסכּמה. דער גאון האָט מעיין געװען אינ׳ם פּירוש און האָט געזען, אַז ער איז פול מיט טיפּשות. רופט ער זיך אָן צום מחבר: כ׳מוז אײַך זאָגן דעם אמת, אַז איר זײַנט אַ געװאַלדיקער חכם, נאָך קליגער פון שלמה המלך.

װען די בײַװײַזנדע האָבן געפרעגט ר׳ אײַזעלען װאָס אַזױנס האָט ער געפונען אין דעם דאָזיקן פּירוש, האָט ער אָפּגעענטפערט:

— ס׳איז דאָך ידוע, אַז שלמה המלך איז געװען דער חכם מכל האדם. איצט אָבער, אַז דער מחבר קומט און מאַכט שלמה המלך צו־נאַר, איז ער דען ניט דערפאַר, פרעג איך אײַך, קליגער פון שלמה המלך?...

✶

אַ צװײטער מחבר האָט אים אַמאָל געבראַכט װײַזן אַ פּירוש אויף משלי.

— װײסט װאָס — מאַכט צונ׳אים ר׳ אײַזעלע, נאָכדעם װי ער האָט בעטראַכט אַביסל דעם כּתב־יד — איך װאָלט דיר ראָטן זאָלסט בעסער מאַכן אַ פּירוש אויף איוב, װײַל... איוב האָט געהאַט אַזױ־פיל צרות — אָט, זאָל ער האָבן נאָך אַ צרה... אָבער שלמה המלך — װאָס האָסטו צונ׳אים?...

✶

אַ מחבר איז אַמאָל אַרײַנגעקומען צו ר׳ אײַזעלען און אים געבעטן, ער זאָל אים געבן אַ הסכּמה אויף זײַן ספר, װעלכן ער האָט אים גלײַך דערלאַנגט.

ר׳ אײַזעלע האָט אָנ׳עפּן געטאָן די פאָדערבלאַט און דער־זען, דאָס דער ספר רופט זיך „רד״ק״ און האָט גלײַך געפרעגט דעם מחבר פאַרװאָס האָט ער אָנגערופן זײַן ספר מיט דעם נאָמען „רד״ק״, װאָס איז דער נאָמען פון אײנעם פון די גרעסטע אידישע מענער פון דער פאַרגאַנגענער צײַט?

— איר ווייסט דאָך רבי, — האָט דער מחבר געענטפערט — אַז ביי אידישע מחברים איז אַ מינהג צו מרמז זיין זייערע נעמען, ווי אויך די נעמען פון זייערע עלטערן אין זייערע ספרים, און היות מיין נאָמען איז דוד און מיין פאָטערס נאָמען איז אברהם־קלמן — האָב איך דעריבער אַ נאָמען געגעבן מיין ספר „רד״ק״, וואָס דאָס זיינען די ראשי־תיבות פון „רבי דוד קלמנ׳ס״.

אויב אַזוי האָט ר׳ אייזעלע אַ זאָג געטאָן — טאָ גיט אַ נאָמען אייער ספר „דוראַק״* — וועט דאָס מאַכן דוד רבי אברהם קלמנ׳ס, און דעם מורנו וועט האָבן אייער פאָטער, ניט איר...



אַ יונגערמאַן האָט געבראַכט צו ר׳ אייזעלען אַ חיבור מיטן נאָמען „יהגה חכמה״ און געבעטן ביי אים אַ הסכמה. ר׳ אייזעלע האָט אין ספר אַריינגעקוקט און משלח געווען דעם מחבר אָן אַ הסכמה.

— איר ווייסט פאַרוואָס איך האָב אים אָפּגעזאָגט? — האָט זיך ר׳ אייזעלע געווענדעט צו די מענטשן, וואָס זיינען געווען דערביי — וויל... צאָ יעגאָ טאָ ניע חכמה, אַ צאָ חכמה טאָ ניע יעגאָ...



זיין אײדעם, וועלכער איז געווען באַוווּסט מיטן נאָמען יאַשקע „דער דענעבורגער עילוי״, האָט זיך אַמאָל פאַר אים באַקלאָגט, אַז ער האָט פאַרטיק אַ ספר צום דרוק, נאָר ער ווייס ניט וואָס פאַר אַ נאָמען צו געבן אים.

— ווייסט וואָס — מאַכט צונ׳אים ר׳ אייזעלע — גיב אַ נאָמען דיין ספר „ישת חשך״... אַזאַ נאָמען האָט נאָך קיינער ניט אויסגענוצט און ס׳וועט זיין אַ נייס!



אַ מחבר אַנ׳עם־הארץ איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אייזעלען נאָך אַ הסכמה. אַדורכבלעטערנדיק דעם ספר, מאַכט דער גאון צום מחבר: יע, החזרת את העטרה ליושנה.

דער מחבר איז אַוועק מלא שמחה.

ווען די מקורבים האָבן געפרעגט ר׳ אייזעלען, וואָס דאָס באַטייט? האָט ער זיי געענטפערט:

וואָס וווּנדערט איר זיך? ער האָט די פּאַפּיר אומגעקערט ליושנה: פון שמאַטעס איז זי געמאַכט געוואָרן און אין שמאַטעס האָט ער זי צוריק פאַרוואַנדלט...



אַ מחבר האָט אַמאָל געבראַכט זיינעם אַ ספר צו ר׳ אייזעלען, ער זאָל זאָגן אויף אים זיין מיינונג. ר׳ אייזעלע האָט געבלעטערט דעם ספר און געקוקט אין אים, און אַלע ווײַלע זיך אויפגעשטעלט.

אַז דער מחבר האָט אים געפרעגט: פאַר וואָס, רבי, שטעלט איר זיך, אַלע ווײַלע אויף? האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט: ווי דען? ס׳איז דאָך אַ בפירוש׳ער פסוק: „ומפני שיבה תקום״ (פאַר אַ „גרייז״ זאָלסטו זיך שטעלן), און גרייזן אין דיין ספר פעלן ב״ה ניט...



אַ מחבר אַ מוסמך פון שטעטל „דאַלני״ איז געקומען מיט זיין חיבור צו ר׳ אייזעלען נאָך אַ הסכמה. ר׳ אייזעלע האָט אַביסל מעיין געווען אין ספר און געזאָגט צום מחבר: איר זיינט טאַקע אַ „סמוך״ אָבער אַ „אינו נראה״ (די גמרא אין מגילה זאָגט: „נראה ואינו סמוך זה היושב בהר, סמוך ואינו נראה זה היושב בעמק — דאַלני״).



אַ מחבר האָט געבראַכט צו ר׳ אייזעלען אַ חיבור „ענבי גפן״ און געבעטן ביי אים אַ הסכמה.

דער גאון האָט אַביסל מעיין געווען אין דעם חיבור, נאָכדעם זיך אָפּגערופן צום מחבר: גיט אים בעסער אַ נאָמען „יין קפריסין״.

— פאַרוואָס?

— ווײַל, ענטפערט ר׳ אייזעלע — מי רגליים יפין לו...



ר׳ אייזעלע האָט מעיין געווען אין אַ ספר פון אַ מחבר, וועלכער איז געקומען בעטן אַ הסכמה. נאָכהער רופט ער זיך אָפּ צום מחבר:

— סימן לעבירה הדרוקן, ווײַל ניט אַלץ וואָס מען טראַכט דאַרף מען ריידן, און ניט אַלץ וואָס מען רעדט דאַרף מען שרייבן, און ניט אַלץ וואָס מען שרייבט דאַרף מען דרוקן.

## חסידים און מתנגדים

קומענדיק אַמאָל פון ווילנע קיין סלאָנים האָט ר׳ אייזעלע דערהערט אַז דער סלאָנימער ראש־ישיבה ר׳ אברהם איז געוואָרן אַ חסידישער רבי און אַ גוטער ייד. אַנטרעפנדיק ר׳ אברהמען גיט אים ר׳ אייזעלע אַ פרעג:

ווי אַזוי קען עס זיין? דו ביסט דאָך געווען אַזאַ איד ווי מיר אַלע, ווי אַזוי זשע קומט עס, אַז דו זאָלסט ווערן מיט אַמאָל אַ קדוש?

ס׳איז מיר אַ ווונדער, — ענטפערט ר׳ אברהמלע, — אַז אַזאַ גאון ווי איר זאָלט עס פרעגן. אָט, למשל, תרומה, פריער איז עס געווען טבל אַזוי ווי אַלע איבעריקע תבואות און ווען מ׳האָט איר אויסגעקליבן און געמאַכט פאַר הייליק, — ווערט זי קודש, מיט מיר איז אויך דאָס זעלביקע.

דאָס איז אמת, האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט — אָבער, ס׳שטייט „חרש, שוטה וקטן שתרמו אין תרומתם תרומה״!



מען האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ אייזעלען:

— פאַרוואָס איז דאָס אַזוי: חסידישע „רבּיים״ פאָרן אַרויס אין קאַרעטעס, געשפּאַנט מיט טייערע פערד, און מתנגדישע רבנים גייען נעביך שטענדיק צופוס?

— ס׳איז גאַנץ פשוט — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט —

*) „דוראַק״ אין רוסיש איז אַ נאַר.

מיר האָבן אַ קבלה, אַז „שקר אין לו רגליים", דעריבער מוזן זיי פאָרן אין קאַרעטקעס; מיר אָבער, רבנים, וואָס האַלטן זיך אָן אמת קענען מיר גיין צופוס.

## אין קהל־שטיבל

אַ באַרימטער סלאָנימער „מסור" האָט אַמאָל געסטראַשעט די קהילה, אַז אויב מען וועט אים ניט געבן תיכף ומיד שי"ן קערבלאַך — וועט ער מסרן די שטאָט מיט דער גאַנצער „סקאַזקע"... די מעטריקאַלישע ביכער פון יענער צייט זיינען, כּידוע, געווען ניט אַזוי כּשר און קיין געלט ווידער איז ניט געווען צו ערפילן די גזירה פון דעם „מסור", האָבן קהילה׳ס לייט צונויפגערופן אַן אסיפה רבה, אויף וועלכער זיי האָבן אויך איינגעלאַדן דעם רב, ר׳ אייזעלען.

נאָך פיל ישוב־הדעת האָט דער רב געשיקט רופן דעם „מסור" ער זאָל תיכף ומיד קומען.

— וואָס אַזוינס פאַרלאַנגסטו? — פרעגט אים ר׳ אייזעלע.

— שי"ן קערבלאַך, רבי, פאַרלאַנג איך.

— דו שייגעץ! דו יונגאַטש איינער! האָט זיך ר׳ אייזעלע פאַנאַנדערגעשריען — נעמסט 50 רובל איז גוט, אַז ניט — קריגן מיר תיכף ומיד אַנ׳אַנדער „מסור", וואָס וועט לאָזן פאַר 25 רובל...



ביי אַ געוויסן סלאָנימער בעל־הבית פון אַמאָליקע תקי־פים, אויף וועלכן לייט האָבן געמורמלט אַז ער איז אַ ממזר, זיינען אַמאָל צונויפגעקומען די „פּני" פון שטאָט אויף אַנ־אסיפה. דערוויסנדיק זיך פון דעם, האָט ר׳ אייזעלע דערציילט פאָלגענדע מעשה׳לה: עס זיינען אַמאָל געקומען צו דעם רבונו של עולם 3 בעלי־דברים מיט אַ טענה: דער „עלינו", דער „שלוש־סעודות" און דער ממזר. דער „עלינו" קלאָגט זיך: אַ שיינע תפילה בין איך, אַ שאַפונג פון יהושע בן נון, און אַנ׳אָרט האָט מען מיר געגעבן אין דאַווענען אויף שונאי־ציון געזאָגט געוואָרן, עפּעס כאַפּט מען מיר אָפּ ווי אַ אָנגעוואָרפענע זאַך. פאַרוואָס קומט דאָס מיר? — נו, נו, ענטפערט דער רבונו של עולם: דערפאַר וועל איך פון דיר מאַכן אַ פּאַראַד ימים־נוראים צום מוסף... דער „שלוש־סעודות" טענה׳ט: אַ סעודת־מצווה בין איך צוגלייך מיט מיינע ערשטע צוויי חברים און מ׳פּטרט מיך אָפּ מיט אַ קאָפּ פון אַ הערינג. פאַר־וואָס קומט דאָס מיר? — נו, נו, ענטפערט דער רבונו של עולם: ביי „שבע־ברכות" וועסטו דעם שענסטן פּלאַץ פאַר־נעמען און דער חתן וועט זיין דרשה ביים „שלוש־סעודות" האַלטן. דער ממזר שרייט: מיינע עלטערן האָבן געזינדיקט, אָבער וואָס בין איך שולדיק? פאַרוואָס קומט דאָס מיר, אַז אַ „ממזר לא יבוא בקהל ה׳" — נו, נו, ענטפערט דער רבונו של עולם: אויב דו טאַרסט ניט קומען אין קהל, וועט דערפאַר „קהל" אויף אַנ׳אסיפה קומען צו דיר...

## כלי־קודש

ווי באַוווסט פלעגט דער „קעלמער מגיד" אין זיינע דרשות שטענדיק שיטן שוועבל און פּעך און מורא׳דיקע אַנ־פאַלן אויף די יעניקע, וועלכע זיינען ניט מקפיד במיצוות און טרייבן רכילות און לשון הרע. איינמאָל האָט ער געהאַלטן אַזאַ מין פּעך־שוועבלדיקע דרשה אין סלאָנימער בית־מדרש. ר׳ אייזעלען — וועלכער איז גראָד דאַמאָלס אויך געווען אין בית־מדרש — האָט עס גרייליך פאַרדראָסן; ווי שטעלט זיך דאָס איין אַ ייד מוציא לעז זיין אויף אַ גאַנצע עדה יידן, אַז זיי זיינען אַלע בבחינת לשון הרע׳ניקעס, רכילות־טרייבער וכו׳.

אַז דער קעלמער האָט געענדיקט זיין דרשה, מאַכט צונ׳אים אייזעלע: כ׳וועל אייך דערציילן אַ מעשה.

איי.עם אַ מלאך האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט זען דעם עולם התחתון און האָט צוליב דעם אַראָפּגענידערט פון הימל אויף דער ערד. שטייט ער איינמאָל אַזוי, אין אַ גרויסער שטאָט, און באַטראַכט די בנינים, די מערק, די קראָמען, די געשעפטן און זיין אויג ווערט גאָר ניט זאַט קוקנדיק. ס׳איז אים אַלץ מיטאַנאַנד געפעלן, נאָר פלוצים גייט צונ׳אים צו אַ פּאָליצ־יאַנט און גיט אים אַ פרעג אויף יוויניש:

— אַ פּאַספּאָרט מאַיעש?

ברידערלאַך, טייערינקע — הויב זיך אָן בעטן דער מלאך ביי די אַרומיקע אידן — דערקלערט מיר וואָס אַזוינס פאַר־לאַנגט פון מיר דער דאָזיקער ערל טמא?

— ער פאַרלאַנגט פון אייך — גיט מען אים צו פאַר־שטיין — אייער כתיבה.

— כתיבה? וואָס איז עס פאַר אַ מין קיטניות? — וווּנדערט זיך דער מלאך.

ס׳איז אַזאַ מין זאַך, — דערקלערט מען אים — וואָס היט אין לייטן פון גזלנים און רוצחים. דאָס באַקומען נאָר אַנ־שטענדיקע לייטישע מענטשן, און ווער ס׳באַזיצט ניט אַזאַ מין כתיבה איז ער בחזקת גנב און גזלן. מענטשן היטן זיך פאַר אים.

געפעלט עס דעם מלאך: אַ שיינער מענטשישער אויפטו!

— נו, און אַזאַ חשוב׳ע זאַך ווי מענטשן־שוץ — פרעגט ווייטער דער מלאך — איז איבערגעגעבן בלויז אין די הענט פון אַזאַ פּשוטן ערל?

— ניין — ענטפערט מען אים — פאַראַן נאָך אַ העכערער פון אים אַ ספּראַווניק.

— נו, און איבערן ספּראַווניק זעלבסט?

— איז פאַראַן אַ גובערנאַטאָר.

— און איבערן גובערנאַטאָר?

— אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר.

— און איבערן גענעראַל־גובערנאַטאָר?

— אַ מיניסטער.

— און איבערן מיניסטער?

— דער קיסר בעצמו ובכבודו.

— און ווער אַזוינס — פרעגט דער מלאך — איז באַנ׳אייך זוכה צו זיין אַ קיסר?

— אַ קיסר — דערקלערט מען אים — איז דער יעני־קער, ווער ס׳איז אַ גיבור און האָט באַוויזן אומצובריינגען אין מלחמות טויזנטער און מיליאָנען מענטשן... דער דאָזיקער מענטש איז עס זוכה צום כסא המלוכה.

— שוטים שבעולם! — שרייט אויס דער מלאך — אייער הייליקער ציל איז איינצוהיטן לייטן פון גזלנים און רוצחים,

לסוף נעמט איר און גיט איבער די שמירה גופא אין די הענט פון אַ רוצח שברוצחים!...

און דאָ, בנידון דידן — פאַרענדיקט ר' אייזעלע — איז אויך דאָס אייגענע. איר, קעלמער מגיד, מיט אייער דרשה, ווילט איינהיטן אידן פון רכילות און לשון־הרע, לסוף קומט איר אַליין אַראָפּ מיט אַ צעטל לשון־הרע אויף אַ גאַנצער אידישער עדה... פע, ניט שיין, אַ חרפה, בנאמנות!...

★

אין סלאָנים איז אַמאָל געווען אַ באַרימטער חזן ר' ישראל'קע, וועלכער איז אָפּגעווען נור אַ קורצע צייט ווייל מינסק האָט אים אויסגעכאַפּט. ויהי, און ס'איז געווען בעת די שטאָט האָט נאָך אים גענומען פאַר חזן ר' יאָשע אַלטשולער, וועלכער האָט געשמ'ט פאַר אַ גרויסן מנגן און איז ווירקלעך אַלעמען געפעלן געוואָרן, האָבן די פאַרשטייער פון שטאָט צונויפגערופן אַ גרויסע אַסיפה, אויף וועלכער ס'איז אויך געווען ר' אייזעלע אום־צו באַטראַכטן און באַוואָרענען, אַז מיט דעם דאָזיקן חזן זאָל חלילה ניט פּאַסירן דאָס זעלביקע, וואָס מיט ר' ישראל'קען.

ר' אייזעלע האָט אודות דעם געזאָגט פאָלגנדיקן משל:

אַן'אָרימאַן האָט אַמאָל ניט געהאַט קיין געלט אויף צו מאַכן פּסח, איז ער געפאַלן אויף אַן'המצאה: אַוועק צו חברה־קדישא און געמאָלדן, אַז ביי אים איז געשטאָרבן דאָס ווייב און ער באַדאַרף דאָס געלט אויף „אויסריכטן".

געוויינליך האָט מען אים געגעבן אַ געוויסע סומע. ער האָט איינגעקויפט מצות מיט קאַרטאָפל און אַלע איבעריקע זאַכן און איז אוועק פריילעך אַ היים. שפּעטער, אַז „חברה" איז געקומען נעמען דעם מת, האָט מען נאָר געפונען דאָס ווייב ווי זי זיצט און שיילט קאַרטאָפל. זיינען זיי נאַטירליך געוואָרן זייער אין כּעס און אָנגעפאַלן אויפן מאַן מיט פאַר־שיידענע זילזולים, דערפאַר וואָס ער האָט זיי אָפּגענאַרט. קיין נאַר איז אָבער דער דאָזיקער אָרימאַן ניט געווען, רופט ער זיך אָפּ צו זיי:

פאָלגט מיר, מיינע ליבע אידן, קאָכט זיך נישט, איך זאָג אייך צו על הן שלי, אַז סוף כל סוף וועט זי זיך פון אייערע הענט ניט אַרויסדרייען און זי וועט זיין „אייערע".

אין עטלעכע יאָר אַרום איז די דאָזיקע יידענע געשטאָרבן אויף אַן'אמת, און אַז דער מאַן איז געקומען צו חברה־קדישא מעלדן וועגן דעם, האָט מען אים מער ניט געגלויבט און מען האָט געשיקט אַ פּאָר מענטשן זען, צו איז זי ווירקליך גע־שטאָרבן. די מענטשן זיינען געקומען צוריק מיט דער ידיעה, אַז ס'איז אמת און מען קען דעם מאַן אירן אַרויסגעבן עטליכע רובל אויף הוצאות. די קלוגע חברה־קדישא האָט אָבער אָפּ־געשטימט, אַז מ'מוז שטעלן אַ וואַך נעבן דער טויטער, כּדי דער מאַן זאָל חס וחלילה נאָכאַמאָל ניט אָפּנאַרן זיי.

רופט זיך אָפּ דער אָרימאַן: שוטים! אַ וואַך האָט איר טאַקע געדאַרפט שטעלן, נאָר ווייסט איר ווען? דאַמאָלסט, דעם ערשטן מאָל, ווען איך בין צו'אייך געקומען, אָבער ניט איצטער, ווען זי איז באמת טויט, און איר האָט שוין ניט וואָס מורא צו האָבן.

דאָס איז דער משל — האָט געענדיקט ר' אייזעלע — און דער נמשל זיינט איר טאַקע אַליין רבותי, באַוואָרענען האָט איר זיך באַדאַרפט דאַמאָלסט, בעת איר האָט גענומען פאַר אַ חזן דעם באַרימטן ר' ישראל'קען, אָבער איצטער... איצטער — איז דאָס לחלוטין איבעריק. איר מעגט זיין זי־כער, אַז דער נייער חזן וועט אייך חס ושלום ניט אַוועק־וואַרפן, ווייל קיין שטאָט וועט אים ניט אויסכאַפּן...

★

מ'האָט געפרעגט ר' אייזעלען:

— פאַרוואָס הויבט אָן דער חזן שבת ביים עמוד פון „שוכן־עד" און ניט פון אָנהויב דאַווענען?

— פאַרשטייט איר מיר — האָט ר' אייזעלע געענט־פערט — דאָס רוב חזנים זיינען שוטים, און מיט אַ שוטה, זאָגט די וועלט, טאָר מען ניט אָנהויבן...

★

אַן'אַלטער שוחט איז אַמאָל געקומען צו ר' אייזעלען און געמאָלדן:

היות ער איז זייער אַלט און האָט מורא טאָמער איז ער שוין ניט אַזוי גוט מרגיש, ווייל ער דעריבער אַוועקוואַרפן די שחיטה און ווערן מלמד.

— וואָס?! — האָט ר' אייזעלע אַ טופּע געטאָן מיטן פוס — ווילט איר, הייסט עס, איבערגיין פון אַ איסור קל אויף אַ איסור חמור: ביי אַ בהמה איז דאָך בלויז אַ חשש, אַז איר וועט איר ניט דערקווילענען, און יונגע קינדערלאַך וועט איר געוויס דערקווילענען...

★

ר' אייזעלע איז אַמאָל געגאַנגען אין גאַס און געזען ווי חברה־קדישא־לייט גייען פון בית־עלמין קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס.

— אַ פלא'דיקע זאַך — רופט זיך אָפּ ר' אייזעלע — גייען פון דעם עולם האמת און האָבן קיין פיס ניט ווי דער שקר...

★

ויהי היום און ר' אייזעלעס משמש איז נעביך נכשל געוואָרן, צולקחנדיק פון טיש אַ פלעשל מיט אַביסל וויין. ר' אייזעלע האָט באַמערקט, אַז ביים משמש אין קעשענע סטאַרטשעט עפּעס אַ פלעשל — פרעגט ער אים: וואָס האָסטו אין פלעשל? ענטפערט דער משמש: גאַרנישט, וואַסער. זאָגט ר' אייזעלע: ווייז, לאָמיר פאַרזוכן. אַז ער האָט פאַרזוכט און זיך איבערצייגט, אַז ס'איז זיס, רופט ער זיך אָפּ: אמת טאַקע וואָס שלמה המלך האָט געזאָגט, אַז „מים גנובים ימתקו"...

★

ר' אייזעלע איז געווען געלאַדן צו אַ סעודה פון חברה־קדישא. ביי דער סעודה האָט ער באַמערקט, דאָס כּמעט אַלע חברה־לייט האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס און זיינען אַ היבש ביסל מבוסמ'דיק.

— איצט איז ביי מיר רעכט געוואָרן — האָט ר' אייזעלע געזאָגט — אַ וועלט קשיא: פאַרוואָס עפּעס דאָס רוב מאָל שטייט „עפרון" אין דער תורה אַ מלא (דאָס הייסט דער פולער וואָרט מיט אַ וא"ו) און נור איינמאָל געפינען מיר „עפרן" אַ חסר (אָן אַ וא"ו) — ווייל עפרון איז דאָך געווען אַ חברה־קדישא־מאַן און דאָס רוב חברה־קדישא זיינען „מלא"...

★

מ'האָט אַמאָל געפרעגט ר' אייזעלען: פאַרוואָס זאָגן די מגידים שלעכטע דרשות, אַלצאיינס לקח'נען זיי דאָך פרעמדע

ספרים, קענען זיי דאָך אויסקלייבן עפּעס רעכטס און ניט קיין נאַרעשקייטן?

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט — האָט געענטפערט ר׳ אייזעלע — אַ נאַרעשקייט געדיינקט זיך...

★

אַ מגיד וועלכער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן דרשן, האָט אַמאָל געבעטן ר׳ אייזעלען, ער זאָל קומען הערן זיין דרשה. ר׳ אייזעלע האָט אים צוליב געטאָן און געקומען. ווען דער מגיד איז אַראָפּ פון דער בימה, זאָגט צו׳נ׳אים ר׳ אייזעלע:

כ׳האָב מיר קיינמאָל גאָרניט פאָרגעשטעלט איר זאָלט זאָגן אַזאַ אידעלע דרשה.

די בעלי־בתים, וועלכע זיינען געשטאַנען דערביי, זיינען פאַרווּנדערט געוואָרן הערנדיק, דאָס דער גאון זאָל זיך אַזוי אויסדריקן, בעת זיי האָבן געוווּסט, אַז ר׳ אייזעלע איז תמיד מבטל מגידים, און איינער האָט תיכּף נאָכגעזאָגט דעם גאון׳ס ווערטער, אַז דער מגיד איז ווירקליך אַנ׳אידעלער זאָגער.

— געוויס — האָט אונטערגעכאַפּט ווידעראַמאָל ר׳ אייזעלע — זיין זאָגן איז זייער אידעל, אַזוי אידעל, אַז ס׳איז כּמעט ניטאָ וואָס אָנצונעמען...

★

קיין סלאָנים איז אַמאָל געקומען צוריק פון אַמעריקע אַ געוועזענער מלמד, וועלכער איז פריער געווען אַ פרומער איד און אין אַמעריקע איז ער, כּנהוג, נתפּקר געוואָרן, אָפּגעראַזירט זיך די באָרד און פּאות און געוואָרן אַ גאַנצער „אַריסטאָקראַט". ביים שלום־עליכם געבן זאָגט אים ר׳ אייזעלע, אַז אַזאַ מלמד זעט ער צום ערשטן מאָל. ער ווייס, זאָגט ער, פון אַ „מלמד שיצא בלי חתימת זקן ובא בחתימת זקן", אָבער אַזעלכער, וואָס „יצא בחתימת זקן ובא בלי חתימת זקן" — אַזאַ האָט ער זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט...

★

דער בעל־קריאה אין קאַלוואַריע איז געווען אַלט און שוואַך, און ס׳האָט זיך ניט געהערט זיין קריאה. איז מען געקומען זיך קלאָגן צו ר׳ אייזעלען, וועלכער איז דאָרטן געווען ראב"ד. האָט געזאָגט ר׳ אייזעלע, מען זאָל נעמען אַנ׳אַנדער בעל־קריאה, אַ יינגערן מיט אַ שטאַרקע שטימע, כּדי מען זאָל קענען הערן די קריאה. איז געקומען דעם בעל־קריאה׳ס צד צו ר׳ אייזעלען טענה׳ן, אַז דער בעל־קריאה האָט דאָך אַ חזקה: ער איז שוין מער ווי 40 יאָר בעל־קריאה. רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע:

— איר זייט דאָך לומדים, ווייסט איר געוויס, אַז צו חזקה מוז מען האָבן אַ „קול", און אויב ניט איז די חזקה קיין חזקה ניט...

★

מען האָט אַמאָל געפרעגט ר׳ אייזעלען:

— רבי, וויפיל שוטים זיינען פאַראַן ביי יידן? —

— איינער פון צען — ענטפערט ער.

— פון וואַנען איז דאָס געדרונגען? האָט מען ווידער געפרעגט.

— גאַנץ פּשוט, — שמייכלט ר׳ אייזעלע, — ווו ס׳קלייבן זיך צונויף 10 אידן, איז איינער פון זיי אַ חזן וואָס שטייט ביים עמוד...

★

דער באַרימטער מגיד ר׳ צבי דיינאָוו, דורכפאָרנדיק אַמאָל סלאָנים, האָט געהאַלטן אַ דרשה אין בית־מדרש, אויף וועלכער ס׳איז אויך געווען ביייוועזנד ר׳ אייזעלע.

דיינאָוו האָט באַדאַנקט ר׳ אייזעלען פאַר דעם כּבוד, וואָס ער איז געקומען אים הערן און געפרעגט זיין מיינונג איבער דער דרשה.

— אייער זאָגן — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט — איז אויסגעצייכנט, נאָר צו ניט זאָגן קומט עס ניט...

## פרנסים, גבירים, בעלי־בתים

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל אַריין צו אַ גביר, וועלכער איז געווען אַפילו אַ פרומער, נאָר זייער אַ קאַרגער. ווי נאָר דער גביר האָט דערזען פונדערווייטן ר׳ אייזעלען — האָט ער זיך באַהאַלטן הינטערן אויוון און אויפ׳ן טיש איז ביי אים געלעגן אָפן אַ מוסר־ספר אויפגעמישט „שער הענווה".

רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע: ער האָט בעסער געדאַרפט לערנען „שער הגאווה", וואָלט ער זיך ניט געמאַכט אַזוי נידעריק.

★

איינמאָל איז ר׳ אייזעלע געקומען צו אַ קאַרגן גביר נאָך מעות חיטים. דער גביר האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן. דערביי האָט ר׳ אייזעלע אים געטראָפן רייניקענדיק די קעשענעס פון חמץ. גיט ר׳ אייזעלע אַ מאַך מיטן האַנט און זאָגט:

— איר דאַרפט ניט רייניקן די קעשענע, ווייל איר זיינט דאָך אַ איד ניט מער ווי ביז דער קעשענע...

★

ער איז אַמאָל געקומען בעטן אַ נדבה אויף אַ דבר־ציבור.

— אַ שאָד אייער טרחה, רבי — האָט געזאָגט דער גביר — צי דען ווייסט איר ניט אַז איך בין אַ בן־נח?

— אמת, איך ווייס — האָט געענטפערט ר׳ אייזעלע — אַז איר זיינט אַ בן־נח. כ׳וווּנדער זיך אָבער: נח האָט דאָך געהאַט דריי זין, פאַרוואָס זשע האָט איר אויסגעקליבן דווקא צו זיין אַ „חם"?...

★

ר׳ אייזעלע פלעגט זאָגן:

— אַ גביר גיט גיכער אַ נדבה אַ קאַליקע ווי אַ למדן. פאַרוואָס? אַז ער זעט אַ קאַליקע, האָט ער מורא, טאָמער וועט ער אַליין אַמאָל צוברעכן אַ פוס, אָדער פאַרלירן אַ האַנט, אָבער אַ למדן — דאָס וועט ער שוין קיינמאָל ניט ווערן...

★

איינמאָל איז ר׳ אייזעלע צוזאַמענגעקומען מיט די סלאָנימער בעלי־בתים אין קהל־שטיבל צו איין אסיפה און די גבירים האָבן עפּעס דעם רב אַביסל אָנגעטראָטן. אין דעם איז אַריינגעקומען אַ פאַרוויינטע פרוי און געבעטן מען זאָל איר צולאָזן צום רב.

— קומט אַהער, אידענע, — האָט ר׳ אייזעלע איר צוגערופן — וואָס פאַרלאַנגט איר?

— רבינקע! — האָט די פרוי זיך פאַנאַנדערגעוויינט — ראַטעוועט מיך! מיר האָט זיך ביינאַכט געחלומט אַ שלעכטער חלום, אַז מיין איינציקער זון, וועלכער איז ווייט פון מיר, איז פאַר קיין יידן געדאַכט משוגע געוואָרן...

— אַ געזונט אין איך! — האָט ר׳ אייזעלע פּריילאַך אויסגעשריען — דאָס איז דאָך אַ טייערער חלום, איר באַדאַרפט טאַנצן און פריילאַך זיין; דאָס באַווייזט אויף עשירות... איר ווייסט דען ניט אַז אַלע גבירים זיינען משוגע?...

★

ר׳ אייזעלע איז אַריין צו אַ יוסטן בעל־הבית נאָך מעות חיטים. האָט דער בעל־הבית גאָרניט געגעבן. רופט זיך אָפּ צו־נ׳אים ר׳ אייזעלע: איר מוזט מסתמא האַלטן, אַז, „עץ הדעת תאנה היתה״, דעריבער גיט איר אַ פייג...

★

אין אַ מסיבה פון מקורבים איז אַמאָל ביי ר׳ אייזעלען פאָרגעקומען אַ שמועס וועגן איינעם אַ סלאָנימער גביר ה׳ ק. אויף וועמען ר׳ אייזעלע האָט זיך באַקלאָגט, אַז ער האָט פון אים קיינמאָל ניט די געעריקע הכנסה. תוך כּדי דיבור איז אָנגעקומען דער בעל־דבר אַליין און איינער פון די אַנוועזנדע האָט אים גלייך אויפן אָרט דאָס אויסגערעדט.

— ס׳שאָדט ניט, ס׳שאָדט ניט — באַרוהיקט אים ר׳ אייזעלע — פונדעסטוועגן ווען כ׳האָב נאָך עטלאַכע אַזעלכע בעלי־בתים ווי ה׳ ק. וואָלט איך מיט חיונה געווען באַזאָרגט.

— ס׳טייטש, רבי, איר האָט דאָך נאָר וואָס אַליין געזאָגט...

— יע, יע, — האַקט אים איבער ר׳ אייזעלע — ווען כ׳האָב עטלאַכע אַזעלכע בעלי־בתים ווי ה׳ ק. וואָלט טאַקע געווען ניט שלעכט. די צרה איז אָבער, וואָס כ׳האָב אַזעלכע בעלי־בתים ווי ער ניט עטלאַכע נאָר אַ סך...

★

צושיקנדיק אַמאָל זיינעם אַ חיבור צו אַ געוויסן רייכן בעל־בית, האָט ר׳ אייזעלע באַקומען חזרה ניט קיין באַלוינונג, ווי ס׳פירט זיך, נאָר אַ ביסל חידושי־תורה אויף זיין ספר.

— איצט איז ביי מיר רעכט געוואָרן די גמרא — שמייכלט ר׳ אייזעלע — פאַראַן אַ מאמר: „ואהבת את ד׳ בכל מאודך, מאי בכל מאודך? בכל ממונך, דבר אחר בכל מידה שאדם מודד מודדין לו בו״. איך האָב געמיינט, אַז די ליבע צום אויבערשטן ווערט אויסגעדריקט אין בכל ממונך; ניט צו זשאַלעווען קיין געלט אויף אַ דבר־מצוה; דער „דבר אחר״ זאָגט אָבער: בכל מידה ומידה וכו׳. דאָס הייסט: טו נאָך די מידה פון צווייטן. אויב יענער שיקט דיר חידושי־תורה — שיק אים אויך אָפּ דאָס זעלביקע און ניט חס ושלום קיין אַנדער זאַך... אָט אַזוי לערנט דער דבר־אחר.

## השכלה און משכילים

בעת אין ר׳ אייזעלעס צייטן האָט מען אָנגעהויבן צו טראָגן קורצע מלבושים מיט אַ אויבערשטער קעשענע, האָט ר׳ אייזעלע אַ קרעכץ געטאָן: ווי קליין נעביך דער אידעלע איז געוואָרן!...

אַז מען האָט אים געפרעגט דעם פּירוש פון זיינע רייד — האָט ער געענטפערט: פאַראַן ביי אונדז אַ שפּריכוואָרט: „אַ ייד ביז צו דער קעשענע״, אָבער אַז די קעשענע איז איצט גאַנץ אויבן — קען מען זיך שוין פאָרשטעלן, ווי גרויס דער גאַנצער ייד איז!...

★

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געקומען קיין ווילנע דרוקן זיינעם אַ ספר. אין דרוקעריי איז צו־נ׳אים צוגעגאַנגען איינער אַ „גלוח״ און געפרעגט באַנ׳אים:

— זאָגט נאָר רבי, לעבן, צו וואָס דרוקט איר עס אייער ספר, ס׳פעלען דען ביי אונדז אידן ספרים?

כ׳וועל דיר זאָגן — האָט ר׳ אייזעלע אים געענטפערט — מסתמא האָסטו זייענדיק אַ אינגל אַמאָל באַמערקט, אַז דער רבי פלעגט אויסרייסן אַ האָר פון באָרד, פלעגט ער עס אַריינלייגן אין אַ ספר. אין אַמאָליקע יאָרן וואָלטן טאַקע, באמת, די ספרים געקלעקט אויף דעם. איצט אָבער, אַז מען גאָלט אָפּ גאַנצע בערד — טאָ פיל, פרעג איך דיר, דאַרף מען אויף די האָר האָבן ספרים?...

★

צום ערשטן טאָג שבועות, תיכף נאָך „אקדמות״, איז צוגעגאַנגען דער „משכיל־העיר״ צו ר׳ אייזעלען און צו־נ׳אים אַזוי געזאָגט:

רבי! זאָגט אַליין, וואָס פאַר אַ טעם האָבן די אומגעלומפּערטע חרוזים פונ׳ם מחבר פון די „אקדמות״, וואָס ער האָט אָנגעשריבן: רשותא, נקשותא, טרשותא וכו׳. גלויבט מיר, ווען אונדזערע משכילים וואָלטן געמאַכט די „אקדמות״, וואָלטן זיי ניט דער ערך געווען בעסער, און פונדעסטוועגן, בין איך זיכער, אַז איר וואָלט זיי געוויס ניט געזאָגט.

כ׳וועל דיר דערקלערן מיין קינד — האָט אים ר׳ אייזעלע געענטפערט — אין יעדער זאַך איז פאַראַן אַ גוף מיט אַ נשמה. למשל: אַ טיש, די ברעטער איז דער גוף, די קונסט פון טיש איז די נשמה. דאָס גלייכן אַ ספר: די שפּראַך איז דער גוף, דער אינהאַלט — די נשמה. און אויב מיר שעצן און זאָגן דעם פּיוט פון אונדזערע פּייטנים, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל מיר ווייסן, אַז זיי האָבן אַלץ געמאַכט מיט נשמה. דעריבער מיין קינד, ווען אייערע משכילים וועלן מאַכן מיט דער נשמה — וועלן מיר דאַמאָלסט אויך זייערע זאָגן...

★

אין ר׳ אייזעלעס צייטן האָט געלעבט אין סלאָנים דער באַרימטער משכיל, שרייבער און מאַטעמאַטיקער ר׳ יחזקאל־יעקב לטבלא, דער מחבר פון לערן־בוך אין בוכהאַלטעריע „מערכת ספרי מסחר״.*)

כאָטש ער איז געווען טראַדיציאָנעל־געשטימט, האָט מען אויף אים געמורמלט אַז ער איז אַ שטיקל קל במצוות...

איינמאָל צווישן פּסח און שבועות האָט ער זיך געטראָפן אין אַ הויז צוזאַמען מיט ר׳ אייזעלען און ער האָט אָנגעהייבן זיך קלאָגן, וואָס דער היינטיקער דור לערנט ניט קיינע „חכמות־חיצוניות״, און אפילו אַזוינע וויכטיקע לימודים, ווי חשבון.

זאָגט אים ר׳ אייזעלע: ר׳ יחזקאל, איר זייט דאָך באַרימט ווי אַ בעל־חשבון, און דאָך וועל איך אייך פרעגן אַ פּשוט׳ן חשבון וואָס אַלע דאַרפן אים וויסן, און איר וועט ניט וויסן קיין ענטפער.

וואונדערט זיך דער משכיל און זאָגט: אדרבא: איך וויל הערן.

*) פּרטים וועגן אים זע אין „פנקס סלאָנים״, ערשטער באַנד, זייט ס״ט.

פרעגט אים ר׳ אייזעלע:

— זאָגט נאָר ר׳ יחזקאל וועלכער טאָג אין ספירה איז היינט? —

ר׳ אייזעלע איז געווען גערעכט: לטבלא האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן...

✶

בנוגע ר׳ אייזעלען דערציילט מען, אַז ער האָט זיך אַמאָל געטראָפן אין אַנ׳אָרט מיט ר׳ שמואל־יוסף פין, דעם רעדאַק־טאָר פון „הכּרמל". ר׳ אייזעלע האָט געוואָלט פינען אַ שטאָך געבן, רופט ער זיך צונ׳אים אָפּ:

— זאָגט נאָר, ר׳ שמואל־יוסף, פאַרוואָס עפּעס איז אייער משפחה־נאָמען „פין" און ניט „פיין"? מיר דוכט, אַז ביי אייך פעלט א יו״ד...

כ׳וועל אייך זאָגן, ענטפערט אָפּ פין — כ׳האָב פון רח־מנות־וועגן איין יו״ד פאַרליען אָד״ם הכּהן:*) אַ מענטש חַתמ׳עט זיך אונטער מיט דריי און צוואַנציק אותיות: „אברהם דוֹבער הכהן לעבענזאָן" און האָט נעביך קיין סימן יו״ד ניט אין זיך...

✶

דער באַרימטער מלומד און שריפטשטעלער ר׳ שמואל־יוסף פין, דער רעדאַקטאָר פון „הכּרמל" איז געווען אַ גרויסער עושר און אויך פאַרמאָגט אַ אייגענע ציגל־פאַבריק.

האָט אַמאָל אויף אים ר׳ אייזעלע געזאָגט:

מיר האָבן בקבלה, אַז אַ ציגל־מאַכער צייכנט זיך אויס מיט זיינע האַרטע ציגל און אַ שריפטשטעלער — מיט זיין ווייכן לשון (שפּראַך), באַ פינ׳ען אָבער איז להיפך: זיינע ציגל זיינען ווייך און זיין לשון — האַרט (שווער)...

✶

אַ ווילנער משכּיל, אַ מגולח, איז אַמאָל געקומען צו ר׳ אייזעלען און געזאָגט צונ׳אים:

— קוקט ניט, רבי, וואָס איך בין אַ „משכּיל", איך בין „אי פליישיק אי מילכיק"...

רופט זיך אָפּ צונ׳אים ר׳ אייזעלע: אויב מילכיק און פליישיק — זיינט איר דאָך גאָר אַ טרפה...

✶

זייענדיק אין ווילנע ביי שמואל־יוסף פינ׳ען אין שטוב, ווינטער־צייט, האָט מען ר׳ אייזעלען מכבד געווען מיט פרישע קאַרשן.

— פאַרזוכט, רבי, באַנ׳אייך איז דאָך דאָס געוויס אַ נייס, ערשט איצט פון דער ראַנזשעריי.

— באַנ׳אייך איז דאָס אַ נייס? האָט איראָניזירט ר׳ איי־זעלע — ביי אונדז האָבן מיר דאָס שוין געהאַט מיט אַ האַלב יאָר צוריק...

✶

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געפאָרן מיט די באַן קיין וואַרשע. געוויינליך איז ער געווען געקליידעט ווי אַ רב, אין פּשוט׳ע, לאַנגע בגדים. אַנטקעגן אים, אין וואַגאָן, זיינען געזעסן צוויי אידישע „דייטשן", פון וועלכע איינער פון זיי האָט אָנגעהויבן אָפּחוזק׳ן פון ר׳ אייזעלען. די איבעריקע פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען דערביי געזעסן, האָט עס זייער פאַרדראָסן און האָבן געבעטן דעם גאון, ער זאָל מקיים זיין דעם פּסוק „ענה כּסיל כּאיוולתו" און גוט אָפּסילוקן דעם דאָזיקן „דייטש". רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע: איר האָט זיך ניט וואָס צו קימערן און נעמען זיך צום האַרצן, ווייל ווער נאָר ס׳האָט אַמאָל געלערנט חומש מיט רש״י ווייס פון דעם אָנגענומענעם כּלל, אַז ווו נאָר ס׳זיינען פאַראַן 2 טייטשן (פּירושים) ווערט דער צווייטער שטענדיק אָנגערופן, „דבר אחר"...

✶

אַ משכּיל, אַ מגולח, איז געקומען צו ר׳ אייזעלען און פאַרפירט אַ שמועס. אין געשפּרעך שטעלט דער משכּיל אַ פראַגע:

— רבי, איר זייט דאָך עפּעס אַ חכם, וועל איך אייך עפּעס פרעגן. מ׳זאָגט, אַז ווען מ׳זעט אַ רב שטעלט מען זיך, און אַז מ׳זעט אַ הונט — זעצט מען זיך. ווי טוט מען, אַז מ׳זעט אַ רב מיט אַ הונט צוזאַמען?

רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע:

לאָמיר ביידע אַרויסגיין אין גאַס, וועלן מיר שוין זען...

✶

איינער אַ משכּיל האָט געפרעגט ר׳ אייזעלען: פאַרוואָס זיינען תּלמידי־חכמים און סתם פרומע אידן, וועלכע זיינען אַזוי מקפּיד אויף מיצוות, מערסטנטייל ניט שטאַרק מקפּיד אין הלכות דרך־ארץ, — און דווקא משכּילים, וועלכע ערלויבן זיך עובר זיין אויף געוויסע לאַוו׳ן, זיינען שטאַרק מדקדק אין הלכות דרך־ארץ, אין באַנעמען זיך מיט מענטשן? —

— איך וועל אייך געבן צו ערקלערן — ענטפערט אים ר׳ אייזעלע, — ווען די אידן האָבן מקבל־תּורה געווען, — ווי אַזוי האָבן זיי זיך געפירט? פרומע אידן האָבן זיך צו־געהיילט, אויפגעשטאַנען פאַרטאָג, געלאָפן צום הר־סיני און מקבל געווען די גאַנצע תּורה, סיי תּורה שבכתב און סיי תּורה שבעל־פּה. דאַקעגן די משכּילים האָבן זיך ניט געהיילט, זיי האָבן געשלאָפן שפּעט און אויפגעשטאַנען ווען ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג, און דאַן האָבן זיי זיך גענומען פּאַמעליך וואַשן און עסן פרישטיק. ערשט, דאַן, זיינען זיי אַוועקגעגאַנ־גען שפּאַצירן פּאַוואָלינקע צום הר־סיני און אַז זיי זיינען אָנגעקומען צום אָרט, האָט מען שוין געהאַלטן ביים סוף פון מתן־תּורה. במילא איז פאַר זיי געבליבן נאָר אַ קליינע מסיכתאַ׳לע, די מסיכתא דרך־ארץ...

✶

איינמאָל איז ר׳ אייזעלע געגאַנגען אין סלאָנים, אַליין ביינאַכט. האָט אים געטראָפן איינער פון די שטאָטישע משכּילים.

— מיר וווּנדערט, רבי, — זאָגט ער צונ׳אים, — וואָס איר גייט אַליין ביינאַכט. ס׳שטייט דאָך בפירוש: „תּלמיד־חכם אַל יצא יחידי בלילה מפני המזיקים" (אַ תּלמיד־חכם זאָל ניט גיין אַליין ביינאַכט, כּדי עס זאָלן אים ניט שאָדן די „מזיקים" ד. ה. די בייזע גייסטער).

— וועגן דעם, שמייכלט ר׳ אייזעלע — בין איך דווקא ניט פאַר׳דאגה׳ט, ווייל די „מזיקים" אין סלאָנים האַלטן מיר ניט פאַר אַ תּלמיד־חכם...*)

---

*) אַ באַרימטער העברייאישער משורר אין פאַריקן יאָרהונ־דערט, מחבר פון „שירי שפת קודש", וועלכער האָט געוווינט אין ווילנע.

*) די שאַרפזיניגקייט פון אָט דער חכמה באַשטייט אין דעם, וואָס ר׳ אייזעלע האַלט, אַז די „מזיקים" זיינען דאָס די משׂכּילים.

זיינענדיק אין ווילנע, האָט ר׳ אייזעלע געשיקט אַ צע־טעלע צו אַ באַקאַנטן משכיל, אַז ער זאָל צו אים קומען וועגן עפּעס אַן ענין. דער משכיל האָט אָפּגעענטפערט דורכ׳ן שליח:

— אויב דער רב דאַרף מיר האָבן, זאָל ער זיך מטריח זיין און קומען צו מיר.

האָט אים ר׳ אייזעלע געשיקט אַ צווייטן צעטעלע, אין וועלכן ס׳איז געווען געשריבן:

בשביל שאני זכר הפסדתי?

## „עמד״ און פשוטע יידן

איינמאָל איז ר׳ אייזעלע געווען אויף אַ ברית, וווּ מ׳האָט אים געוויינליך מכבד געווען מיט סנדק. אַז דער חזן האָט אָנגעהויבן זאָגן: „ויקרא שמו בישראל״ און באַדאַרפט אַרויס־זאָגן דעם נאָמען פון דאָס קינד, איז דער בעל־בית געבליבן שטיין ווי אַ לעקיש און האָט ניט געוווּסט וואָס צו זאָגן, ווייל ער האָט פאַרגעסן דעם נאָמען, וואָס די ווייב האָט אים אָנ־געזאָגט, און געוואָלט גיין צו דער קימפעטאָרן פרעגן. נאָר ר׳ אייזעלע האָט אים אָפּגעהאַלטן און תיכף אונטערגעכאַפּט: „ויקרא שמו בישראל״... אברהם בן... ווען דער בעל־ברית איז שפּעטער אַריינגעקומען אָפּגעבן דער ווייב מזל־טוב און האָט איר דערציילט וועגן דעם נאָמען, וואָס ר׳ אייזעלע האָט געגעבן — האָט זי געזאָגט, אַז אַזוי האָט זי טאַקע געהייסן אַ נאָמען געבן. דער בעל־ברית איז תיכף ומיד געקומען צוריק און דערציילט די דאָזיקע זאַך פאַרן גאַנצן עולם אַלס מופת פון דעם רב. נאָר ר׳ אייזעלע, דערוויסנדיק זיך האָט דער־קלערט דעם עולם מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן:

— קיין מופתים, רבותי, זיינען היינטיקע צייטן ניטאָ, נאָר די מעשה דערפון איז גאַנץ פשוט: זעענדיק, אַז דער טאַטע, דער בעל־ברית, שטייט ווי אַ „תרח״ — האָב איך געהייסן אַ נאָמען געבן זיין זון אברהם...

★

אַ פשוטער איד האָט אַמאָל געקריגן אַ דריסת־רגל צו ר׳ אייזעלען און פלעגט אים כסדר פאַרשיטן מיט קלאָץ־קשיות.

איינמאָל רופט ער זיך אָפּ: רבי, שלמה המלך האָט גע־זאָגט: „גם אויל מחריש חכם יחשב״, אַ נאַר אַז ס׳שווייגט, ווערט עס אים פאַררעכנט פאַר אַ חכמה, טאָ, אויב אַזוי קען דאָך יעדער נאַר זיין אַ חכם?

— פאַרשטייסטו מיר — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט — דערויף איז ער דאָך אַ נאַר...

★

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געפאָרן מיט אַ בעל־עגלה, וועל־כער האָט אים אַלע ווײַלע געהייסן אַראָפּקלעטערן פון וואָגן און גיין צופוס. דאָ איז אַ באַרג, איז שווער פאַרן פערד; דאָ אַ טאָל, איז פשוט אַ סכנה צו זיצן אין וואָגן א. א. וו... אַ צוגאָב צו דעם האָט נאָך דער בעל־עגלה געוואָלט אַרויסווייזן פאַר ר׳ אייזעלען זיין לומדות און אים ניט אָפּגעלאָזן מיט זיינע קשיות.

— אמת, רבי, — פרעגט דער בעל־עגלה — אַז ס׳וועלן אַמאָל קומען צוויי משיחים: משיח בן יוסף און משיח בן דוד? צו וואָס זשע פרעג איך אייך דאַרף מען האָבן צוויי? איינער איז דען ווייניק?

— כ׳וועל דיר זאָגן — ענטפערט אים ר׳ אייזעלע: איינער וועט אונדז אויסלייזן פון גלות און דער צווייטער פון די בעלי־עגלות...

★

אַרומפאָרנדיק מיט זיינע חיבורים איז ר׳ אייזעלע אַמאָל פאַרפאָרן אין אַ קרעטשמע און געבעטן דער באַלעבאָסטע זי זאָל אים געבן וואָס צום עסן. אָבער וואָס נאָר ער האָט גע־בעטן, האָט זי אַלץ דערקלערט אַז ס׳איז ניטאָ. ווען ר׳ אייזעלע האָט זיך געקליבן אָוועקפאָרן, מאַכט ער צו איר:

— איר ווייסט, באַנ׳אייך איז דאָך אַנ׳אמתער גן־עדן.

— וואָס הייסט? קוועטשט די אידענע מיט די פּלייצעס — איר האָט דאָך רבי באַ אונדז קיין שום זאַך ניט געקריגן?

— אָט דאָס מיין איך טאַקע: אין גן־עדן איז וואָס מען גרייט ניט אָן פריהער האָט מען נאָכדעם ניט, און באַנ׳אייך, באַלעבאָסטינקע, איז אויך דאָס זעלביקע...

★

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געזעסן אין מרחץ און זיך אַרומ־געוואַשן לכבוד שבת. איינער אַ פּשוטער איד, וועלכער האָט אים געזען פון הינטן און אים אָנגענומען פאַר זיינעם אַ באַ־קאַנטן, איז צוגעגאַנגען צו׳אים און אים אַ שמיץ געגעבן, מעשה שטיף, מיטן בעזימל איבערן פּלייצע.

אַז ר׳ אייזעלע האָט אַ קער געטאָן דעם קאָפּ און יענער האָט דערזען זיין מיאוס׳ן טעות, איז ער, נאַטירלעך, אויפגע־ציטערט געוואָרן און אָנגעהויבן זיך מתנצל זיין פאַרן רב:

— רבי, זייט מיר מוחל. כ׳האָב ניט דערקענט...

— ס׳שאַדט ניט, ס׳שאַדט ניט — האָט ר׳ אייזעלע גע־שמייכלט — פון הינטן בין איך ניט קיין רב...

★

ר׳ אייזעלע פלעגט זאָגן: פאַרוואָס רופט מען פּורמאַנעס בעלי־עגלות, ווייל פאַלט מען אַריין צו זיי אין די הענט — ליידט מען גלות: ווילסטו פאָרן — רירט ער זיך ניט פון אָרט; ווילסטו רוהען — נויט ער דיר מיט גוואַלד צו פאָרן...

★

צו ר׳אייזעלען איז אַמאָל איינער געקומען פרעגן אַן עצה, ווי ער זאָל אַ נאָמען געבן זיין ניי־געבוירענע טאָכטער. דען אַלע 6 טעכטער וואָס ער האָט געהאַט זיינען אויסגע־שטאָרבן און ער רעכנט אַז דער נאָמען איז אַ סך גורם צו דעם.

— גיב אַ נאָמען דיין טאָכטער „בת־שבע״ האָט אים ר׳ אייזעלע געענטפערט — און זי וועט מאַריך ימים זיין.

★

איינמאָל איז ער געווען געלאַדן צו אַ ברית און מען האָט אויסגעשטעלט אויפן טיש פאַרשידענע משקאות.

— פון וועלכע שנאַפּס האַלט איר, רבי, מערער? האָט אים געפרעגט דער בעל־הבית — פון בעסערע צי פון פּראָס־טערע?

— טאַקע פון בעסערע האָט געענטפערט ר׳ אייזעלע — ווייל איך האָב אַ כלל ,אַז „הדיוט״ קופּץ בראש: פּראָסטע שנאַפּס שפּרינגט אין קאָפּ און פאַרדרייט דעם מוח.

★

בנוגע ר׳ אייזעלען דערציילט מען אַז איינמאָל פאָרנדיק ערגעץ־ווו אין אַ שטעטל, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיטן בעל־עגלה אין אַ קרעטשמע דאַוונען שחרית. ר׳ אייזעלע האָט

געדאַוונט פון סידור און מאַריך בתפילה געווען, און דער בעל־עגלה האָט אָפּגעשליימזשעט אויף גיך אויסנווייניק. אַז ר' אײַזעלע האָט אים געפרעגט, ווי אַזוי איז ער דאָס אומ־שטאַנד צו דאַוונען גיכער פון אים, — האָט דער בעל־עגלה אָפּגעענטפערט:

— איר, רבי, האָט אַ וודאי געלערנט אין חדר „עברי" צוויי אָדער דריי חדשים, אָבער איך — איך האָב געלערנט גאַנצע צוועלף יאָר, דעריבער קען איך „זאָגן עברי" אַביסל גיכער פון אײַך.

★

אַ ישובניק, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שטיקל ידען, האָט אַמאָל געשטעלט ר' אײַזעלען אַ קלאָץ־קשיא: עס שטייט אין סידור „ברוך שאמר". ברוך איז דער טײַטש: ער איז אַנטלאָפן (ברח). שאמר — ווידער איז דער טײַטש: ער האָט אים געהיט (שמר), טאָ ווי אַזוי זשע, פרעגט זיך, איז ער אַנטלאָפן, אַז מען האָט אים געהיט?

— דער דאָזיקער חידוש — ענטפערט ר' אײַזעלע — שטייט טאַקע באַלד דערנאָך אין סידור: והיה העולם — די גאַנצע וועלט איז אויפגעוועקן און שטאַרק געחידושט זיך, ווי אַזוי האָט טאַקע געקענט אַזאַ מין זאַך פּאַסירן?

★

אין בית־המדרש, וווּ ר' אײַזעלע פלעגט מתפלל זײַן, האָט זיך אַמאָל געשטעלט דאַוונען פאַר'ן עמוד איינער אַן עם־הארץ, וועלכער איז געווען שטומפּיג אויף עברי. נאָכן דאַוונען רופט צו ר' אײַזעלע דעם בעל־תפילה און פרעגט אים:

— זאָגט נאָר, כ'בעט אײַך, איר האָט דאָס געדאַוונט מחמת חוב, ווײַל איר האָט געהאַט יאָרצײַט נאָך אימיצן צו מחמת נדבה, ווײַל איר האָט געוואָלט מהנה זײַן דעם עולם מיט אײַער דאַוונען?

— מחמת נדבה, רבי — האָט געענטפערט דער איד.

— אויב אַזוי — מאַכט ר' אײַזעלע — זײַנט איר פון די גרעסטע נדבנים פון שטאָט, ווײַל ביי אונדז אין סלאָנים איז אַ מנהג, אַז מען קען ניט גיט מען ניט...

★

ס'האָט זיך אַמאָל איינער געקלאָגט פאַר ר' אײַזעלען אויף זײַן שלעכטן מזל און האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער וואָלט וועלן פרעגן ביי גאָט אַ קשיא: פאַרוואָס קומט דאָס אים?

— גיי, גיי — האָט ר' אײַזעלע צו'נים געזאָגט — לאָז גאָט צורו און פרעג ביי אים קיין קשיות ניט, ווײַל ווי דו וועסט ביי אים אָנהויבן צו פרעגן, אַזוי וועט ער גלייך דיך שיקן רופן — זאָגן אַ תירוץ, און דאַן ביסטו ניט זיכער מיטן לעבן...

★

איינער האָט אַמאָל געפרעגט ר' אײַזעלען, פאַרוואָס רופט מען אַן עם־הארץ: גראָבער יונג?

— דערפאַר — האָט ר' אײַזעלע געענטפערט — ווײַל ער ווייס ניט קיין דין...

★

ר' אײַזעלע איז אַמאָל געקומען אין שול, אין אַ קאַלטן זומערטאָג, אָנגעטאָן אין אַ פוטער. האָט אים איינער אַ זאָג געטאָן:

— רבי, איר ווייסט דאָך, אַז די גמרא זאָגט: „חמרא בתקופת תמוז קרירא ליה" (אַן'אייזל איז אפילו אין די תמוז־טעג אויך קאַלט)...

— יע, יע — האָט ר' אײַזעלע געענטפערט — זייער ריכטיק: אַ מענטש אַז ער זעט, אַז אין תמוז איז קאַלט — נעמט ער און טוט אָן אַ פוטער און אים איז שוין וואַרים. אַן'אייזל אָבער שעמט זיך אָנצוטאָן דעם פוטער — פרירט ער טאַקע אפילו אין מיטן תמוז...

★

יום־כיפור צו שמונה־עשרה, בעת דער עולם האָט גע־זאָגט „על חטא", האָט איינער אַ ייד, וועלכער איז געשטאַנען הינטער ר' אײַזעלען, ניט ווילנדיק זיך אָנגעשפּאַרט אויף ר' אײַזעלעס פּלייצע און געקלאַפּט אין האַרצן על־חטא.

אַז ר' אײַזעלע איז „אויסגעגאַנגען" שמונה־עשרה רופט ער זיך אָפּ צום יידן ברוגזלאַך:

אַ העזה אַביסל... אַ מענטש זינדיקט און זאָגט אויף מיר!

★

ר' אײַזעלע האָט אַמאָל געהאַט אַ שטיקל סיכסוך מיט אַ אידן אַן'עם־הארץ, וועלכער האָט אים זייער גראָב אָנגעג־טראָפן.

— איר זײַנט — זאָגט צו'נים ר' אײַזעלע — אַ גראָבער יונג, ווי אַ לאָבן ברויט.

— רבי — חידושט זיך דער איד — וואָס פאַר אַ פאַר־גלייך איז דאָס?

— אָט דאָס מיין איך טאַקע — ענטפערט ר' אײַזעלע — איר זײַנט אַזאַ גראָבער יונג, אַז ס'איז צו'נאייך גיין גלייכן ניטאָ...

★

פאַרנדיק איינמאָל אַהיים פון אַ פרעמדער שטאָט, האָט זיך ר' אײַזעלע אָפּגעשטעלט אין אַ קרעטשמע, ווו מען האָט אים דערלאַנגט קאַווע.

ווען ער האָט נאָך געהאַלטן אין מיטן טרינקען, איז צו'נאים צוגעקומען דער קרעטשמער און אים געפרעגט ווי ס'שמעקט אים די קאַווע.

ר' אײַזעלע האָט געענטפערט:

— אײַער קאַווע האָט אַ מעלה און אַ חסרון. די מעלה איז, וואָס אין אײַער קאַווע איז נישטאָ קיין ציקאָריע, און דער חסרון — וואָס אין אײַער קאַווע איז נישטאָ קיין קאַווע...

---

(די צווייטע סעריע פון ר' אײַזעלעס וויצן און גלייכווערטלאַך געפינט זיך אין די זייטן 339 — 353).

---

# זכרונות מהתחלת המאה העשרים

# זכרונות פון אנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט

מענדל פערלשטיין

## זעכציק יאָר אין סלאָנים

### דריטער טייל

### הערשל קראָנענבערג און זיין איידים אלעקסאַנדער קאָוואַרסקי

הערשל קראָנענבערג איז געווען אַ שוואָגער פון אין זיין צייט (60־ער—80־ער יאָרן) באַוווסטן סלאָנימער גביר און האָלץ־עקספּאָרטער ר׳ הלל ליפּשטיין, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „הלל דער נגיד״.

קראָנענבערג איז געווען אַ ביאַליסטאָקער משכיל און אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ מקורב פון העברעאישן פּאָעט אברהם־בער גאָטלעבער. ער האָט אַליין אויך געשריבן מליצה׳דיקע שירים אין גייסט פון זיין צייט. ווי אַ משכיל, איז ער אויך געווען אַן׳אויטאָדידאַקט אין שפּראַכן און בילדונג. ער האָט חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין סלאָנים אין די 70־ער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט.

די זומערדיקע חדשים פלעגט הערשל פאַרברייגען אין די דייטשע פּאָרט־שטעט ווי מעמעל, טילזיט א. אנד., וווּ ער פלעגט פאַרקויפן זיין שוואָגערס האָלץ. ער האָט געוווינט מיט זיין פאַמיליע אין אַ הילצערנעם הויז, וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן פּלאַץ וווּ ס׳איז געווען די פּאָסט (בעת דער פּוילישער הערשאַפט).

אין יענער צייט, אין די 70—80־ער יאָרן האָט די השכלה שוין געווירקט ניט נאָר אין די גרויסע שטעט, נאָר האָט זיך אויך אַריינגעכאַפּט אין די קלענערע שטעט, וווּ מ׳פלעגט אויף אַ יידן, וואָס גייט אייראָפּעאיש געקליידעט און נאָך דערצו מיט אַ קורץ־געשוירן בערדל, קוקן מיט פאַראַכטונג און זאָגאַר פאַרפאָלגן. אַנדערש אָבער האָט מען געקוקט אויף קראָנענבערגן, וועלכער פלעגט קיין סלאָנים אַראָפּקומען קורץ געקליידעט און מיט אַ געשוירן בערדל. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז קראָנענבערג שטייט קולטורעל — העכער. דאַביי האָט זיך זיין הויז געפירט רעליגיעז, כאָטש ביי אים איז געווען אַ ביכער־שאַנק מיט די ווערק פון קאַנט, שפּינאָזאַ, מענדעלסאָן און אַנדערע פילאָסאָפן.

זיין קענטניש אין העברעאיש און אין דעם מליצישן סטיל פון די משכילים האָט ער אויסגענוצט צו שרייבן טעקסטן אין גראַמען און אין אַקראָסטיקאָן (לויט די ראשי־תיבות אָדער אותיות־צוזאַמענשטעל פון נעמען) פאַר מצבות פון סלאָנימער פאַרשטאָרבענע.

קראָנענבערג האָט געהאַט זייער אַן׳אינטערעסאַנטן אויסזען. הויך־געוואָקסן, שיין געבויט, מיט אַ רונד, בלאָנד בערדל, מיט לאַנגע האָר און טיפע דורכדרינגלעכע אויגן. אין אַלגעמיין האָט ער אויף יעדערן געמאַכט אַן׳איינדרוק פון אַן׳אינטעליגענטן, ליבענסווירדיקן מענטש. ער פלעגט אויך אָפּט זאָגן געלונגענע וויצן.

אָט, למשל, פלעגט ער זיך וויצלען איבער זיין איידים אַלעקסאַנדער קאָוואַרסקי. דער איידים, אַ געבאָרענער אין סווענציאַן, אַ העכסט־אַנשטענדיקער און געבילדעטער מענטש, איז אָבער לא עלינו, געווען אַ גרויסער שלים־מזל, און צו וואָס ער האָט זיך נאָר גענומען, איז אים אַוועק מיט די פּוטער אַראָפּ: האָט ער געבויט אין וואָלקאָוויסק די קאַזאַרמעס, זיינען זיי אינמיטן דער אַרבעט פאַרברענט געוואָרן, ניט זייענדיק פאַרזיכערט; האָט ער גענומען אַ ספּלאַוו פון קלעצער (פּליטן פון געהילץ טראַנספּאָרטירט אויפ׳ן וואַסער), האָט גראָד אויסגעפעלט וואַסער אין די טייכן און ער האָט גע׳פּטר׳ט געלט. לסוף האָט ער באַשלאָסן צו זוכן גליק אין אַמעריקע. אָבער אויך דאָרטן האָט אים דער שלים־מזל פאַרפאָלגט, ווייל גראָד איז דאָרטן אויסגעבראָכן אַ שווערער עקאָנאָמישער קריזיס, און ער איז געווען געצוווּנגען צו פאָרן צוריק אַהיים קיין סלאָנים.

אויף דעם חשבון פלעגט זאָגן קראָנענבערג אַ וויץ, אַז ער האָט זיך קיינמאָל ניט געריכט, אַז זיין איידים זאָל זיין פיהיק אומגליקלעך צו מאַכן הונדערטער טויזנטער אַמעריקאַנער, ווייל מיט אים איז קיין אַמעריקע מיטגעפאָרן דער שלים־מזל...

קראָנענבערג איז געשטאָרבן אין 1907, און אַלס „ספּע־

ציאַליסט" פון עפּיטאַפן (מצבות־אויפשריפטן) האָט ער, פאַר־
שטייט זיך, נישט פאַרגעסן צוניפשטעלן אויך אַ געהעריקן
טעקסט אין אַ פּאַטעטיש־מליצה׳דיקן סטיל פאַר זיין אייגענע
מצבה וואָס זיין זון בנימין האָט געלאָזן אויסקריצן אויף זיין
מאַרמאָרענעם דיינקמאָל, וועלכער איז געווען זייער בולט
צווישן די מצבות פון יענע יאָרן.

וואָס ס׳איז שייך קאָוואַרסקען, האָט ער נאָכ׳ן טויט פון
זיין שווער באַקומען דעם פּאָסטן פון קאַסיר אין דער ניי־
געגרינדעטער סלאָנימער קרעדיט־געזעלשאַפט: „אָפּשצעסטוואָ
וזאַאימנאַוואַ קרעדיטאַ" (געזעלשאַפט פון קעגנזייטיקן קרע־
דיט), וואָס סלאָנימער געשעפטס־לייט און עסקנים מיט ה׳
משה לעווין בראש האָבן געגרינדעט אין אָנהייב יאָרהונדערט.
דעם פּאָסטן האָט ער אָנגעהאַלטן ביז דער דייטשער אָקופּאַציע,
ווען די געזעלשאַפט האָט אָפּגעשטעלט איר טעטיקייט.

אַדאַנק זיין אָנשטענדיקייט און ערלעכקייט איז ער אויס־
געוויילט געוואָרן אין ערשטן יאָר פון דער פּוילישער הער־
שאַפט אַלס וויצע־בירגערמייסטער און ער האָט געווונען דעם
צוטרוי פון דער גאַנצער יידישער און קריסטלעכער באַפעל־
קערונג (נאָך אים האָט אַלס יידישער וויצע־בירגערמייסטער
אַמטירט משה זאַבלאַצקי). אויך האָט קאָוואַרסקי אָנגעפירט
מיטן ועד־הקהל אין די יאָרן 1919—1920, ווען ס׳איז אָנגע־
גאַנגען די הילף־און רעקאָנסטרוקציע־אַרבעט פון דזשאָינט.

לאַנג האָט קאָוואַרסקי ניט געגאָסן פון זיינע בכבוד׳יקע
געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס און אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער
אין סלאָנים געשטאָרבן.

## וולאַדימיר ראַמאַנאָוויטש יאַקאָבסאָן

אויסער אירע וועלט־באַרימטע רבנים, האָט דאָס יידישע
סלאָנים ניט געהאַט אַזאַ פּאָפּולערן עסקן און אַזאַ צווישן יידן־
באַרימטע פּערזענליכקייט ווי אַדוואָקאַט זאב יאַקאָבסאָן, וועל־
כער איז געווען מער באַקאַנט אונטער זיין רוסישן אָפיציעלן
נאָמען: וולאַדימיר ראַמאַנאָוויטש יאַקאָבסאָן.

יאַקאָבסאָן איז געווען דער ערשטער „פּריסיאַזשני פּאָווע־
רעני" (געשוואָרענער אַדוואָקאַט) אין סלאָנים. ביז זיין באַ־
זעצן זיך אין סלאָנים אין 1896—1897, זיינען אין שטאָט
געווען נאָר די אַזוי־גערופענע „טשאַסטנע פּאָווערענע" (פּרי־
וואַט־פּאַרטיידיקער). דאָס זיינען געווען מענטשן אָן אוניווער־
סיטעט־בילדונג, נאָר וועלכע האָבן געדאַרפט אָפּגעבן אַן׳עק־
זאַמען אין די געריכטן מיט באַשריינקטע יורידישע קענטנישן.
זיי האָבן געקענט אַרויסטרעטן אַלס אַדוואָקאַטן נאָר אין די
נידעריקערע געריכטס־אינסטאַנצן. ווען מען האָט געדאַרפט
עפּעס ערליידיקן אין די העכערע געריכטן, האָט מען געמוזט
זיך ווענדן צו אַן׳אַדוואָקאַט פון גובערניע־שטאָט.

יאַקאָבסאָן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אימפּאָנירנדן
אויסזען, הויכע מאַיעסטעטישע פיגור, שיינע געזיכטס־צוגן
און קלוגע אויגן. דערצו איז ער געווען אַ באַגאַבטער רעדנער
מיט אַ זעלטענער דיקציע און אַ מוזיקאַליש־ קלינגענדער
שטימע.

מיט זיין באַזעצן זיך אין סלאָנים האָט די געזעלשאַפט־
לעכע אַרבעט גלייך אָנגענומען, אונטער זיין השפּעה, אַ נייעם
שוווּנג. שוין אין דעם ערשטן יאָר איז זיין נאָמען געווען ענג
פאַרבונדן מיט די צוויי נייע וויכטיקע אַנשטאַלטן וואָס זיינען
דאַן ענטשטאַנען: מיט דער „פּרייוויליקער פייערלעשער־
קאָמאַנדע" וואָס איז געווען אַן׳אַלגעמיין־שטאָטישע אָרגאַני־
זאַציע און מיט דער יידישער געזעלשאַפט „שוקדי־מלאכה"
וואָס האָט געזאָרגט פאַר פּראָדוקטיוויזירונג פון פאַרוואָר־
לאָזטע יידישע יוגנט.

הגם די „פייערלעשער־דרוזשינע" האָט זיך אָנגעהייבן צו
אָרגאַניזירן נאָך פאַר זיין אָנקומען, איז ער געווען דער פּאַק־
טישער גרינדער. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער דאָזי־
קער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען פון זיין טעמפּעראַמענטפולן
כאַראַקטער. אַדאַנק זיין פּאָפּולאַריטעט איז די נייע אַזוי־
וויכטיקע פאַר דער שטאָט אינסטיטוציע שנעל אויסגעוואַקסן
און ער איז געווען עטלעכע יאָר איר ערשטער „נאַטשאַלניק
דרוזשיני" (שעף פון דער קאָמאַנדע).

און ווי געזאָגט, איז ער געווען איינער פון די גרינדער
פון די „שוקדי־מלאכה". אים האָבן פיל מיטגעהאָלפן משה
לעווין, אלחנן שטיינבערג און אַנדערע. די „שוקדי־מלאכה"
האָט זיך געשטעלט פאַר אַן׳אויפגאַבע צו בילדן און לערנען
אַ מלאכה די פיל צענדליקער יתומים און אַנדערע פאַרוואָר־
לאָזטע יידישע יינגלאַך און מיידלאַך אין שטאָט. די חברה
פלעגט מאַכן קאָנטראַקטן מיט בעלי־מלאכות אויף פאַרשיי־
דענע טערמינען, און צאָלן זיי געוויסע סומעס געלט פאַר׳ן
אויסהאַלטן די יינגלאַך און לערנען זיין אַ מלאכה. די חברה
האָט אויך געגרינדעט אַן׳אַוונט־שולע, און האָט די קינדער
באַקליידט און באַשוכט. די שולע האָט געציילט בערך 50—60
קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער אַפּאָטרופּסות
פון דער חברה. במשך פון דער גאַנצער צייט פון דער עקזיס־
טענץ פון דער חברה און ביז 1915, ווען יאַקאָבסאָן האָט פאַר־
לאָזן די שטאָט, איז ער געווען זייער טעטיק אין דער „שוקדי־
מלאכה". (דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אַז אַדמיניסטראַטיוו האָט
זייער פיל געהאָלפן דער חברה ה׳ אליהו זאַקלאַד, וועלכער
איז געווען אַ לערער אין דער אַוונט־שולע).

יאַקאָבסאָן האָט אויך פיל מיטגעווירקט, אַז סלאָנימער
אָפּשטאַמיקע וואָס ווינען אין אַנדערע שטעט זאָלן אַרויסהעלפן
די סלאָנימער יידישע אינסטיטוציעס. ער איז געשטאַנען אין
פאַרבינדונג מיט געבאָרענע פון סלאָנים — וואָס האָבן געלעבט
אין מאָסקווע, פּעטערבורג, כאַרקאָוו, קישינעוו און אַנדערע
שטעט אין רוסלאַנד. דער ביודזשעט פון „שוקדי־מלאכה" איז
אין אַ גרויסן טייל געווען געדעקט פון אַזעלכע באַשטייערונ־
גען. עס איז אויך געווען זיין אויסשליסלעכער פאַרדינסט,
וואָס זיין קרוב אליהו קאַפּעלמאַן, אַ געבאָרענער אין סלאָנים
וואָס האָט געוווינט אין מאָסקווע און איז דאָרטן געוואָרן רייך,
האָט געגעבן אין 1901 די גרויסע סומע פון 6 טויזנט רובל
צובויען אַ מאָדערנעם מושב־זקנים נעבן דער געביידע פון
יידישן שפּיטאָל. אין דער געביידע, ווו נאָך דער מלחמה האָט
זיך לאָקירט די תרבות־שולע, זיינען בשעתו געווען איינגע־
מויערט מאַרמאָרנע טאָוולען מיט אַ געהעריקער אויפשריפט
לכבוד דעם מנדב. בעת די מלחמה־ און אָקופּאַציע־יאָרן האָט
מען די טאָוולען אַראָפּגענומען.

יאַקאָבסאָן האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מעשים טו־
בים פאַר דער שטאָט אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1904—1905, אין
די געפערלעכע צייטן פון מאָביליזאַציעס און פּאָגראָם־שטי־

מונגען (ז' מיין קאַפּיטל זכרונות א. נ. „קאָזאַקן־ליבע״). ווי אַ סאָלדאַט אויפֿן פּאָסטן איז ער געשטאַנען אויף דער וואַך פֿון די שטאַטישע אינטערעסן.

ס'איז גוט באַקאַנט זיין אַלגעמיין־יידישע טעטיקייט אַלס דעפּוטאַט אין דער ערשטער רוסישער דומע און אַלס דומע־דעלעגאַט אויסצופאָרשן דעם ביאַליסטאָקער פּאָגראָם. נאָכ'ן אונטערשרייבן דעם וויבאָרגער מאַניפעסט, ווען ער איז פאַר־משפּ'ט געוואָרן צו 3 חדשים טורמע, האָט דאָס יידישע סלאָנים אים אַרויסגעוויזן די דאַנקבאַרקייט־געפילן, ווען פיל יידן האָבן באַגלייט אים, ווי אויך דעם צווייטן יידישן דעפּוטאַט דר. ש. ראָזענבוים, אין סלאָנימער טורמע.

יאַקאָבסאָן איז געווען זייער באַפריינדעט מיט ר' מרדכי־לען און האָט זיך שטענדיק באַראַטן מיט אים אין אַלע געזעל־שאַפטלעכע ענינים. אויך איז יאַקאָבסאָן געווען טעטיק ביי די ציוניסטן און איז געווען דער ראש־המדברים אין ציוניסטישן מנין. ער פלעגט זייער פיל דאָרטן אויפטרעטן מיט פּלאָמיקע רעדעס און אויך אינהאַלטסרייכע רעפעראַטן. ס'איז ווייניק באַקאַנט, אַז יאַקאָבסאָן האָט אויך גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין אויפבוי פון דער ציוניסטישער שול. יאָרן־לאַנג האָבן די סלאָנימער ציוניסטן געדאַוונט אין פאַרשיידענע ערטער. ענד־ליך האָבן זיי באַשלאָסן אויפצובויען אַן אייגענע שול. ס'האָט זיך געבילדעט אַ קאָמיטעט בראש פון וועלכן איז געשטאַנען יאַקאָבסאָן. צום קאָמיטעט האָבן אויך געהערט: דוד ראַבי־נאָוויטש (דירעקטאָר פון דער סלאָנימער אָפּטיילונג פון רו־סיש־פראַנצויזישן באַנק), כאַצקל גוראַלסקי, שלום גורוויטש, עמנואל שערעשעווסקי. דער לעצטער האָט באַקומען פון גראַף פּוסלאָווסקי דעם פּלאַץ, אַנטקעגן דער געביידע פון „מושב־זקנים״ (וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן מיט דער נדבה פון אליהו קאַפּעלמאַן). כדאַי צו דערמאָנען, אַז פּוסלאָווסקי האָט געשאָנקען די ציוניסטן ניט נאָר דעם פּלאַץ, נאָר האָט אויך געגעבן פריי געהילץ פאַר דער געביידע. ווען די שול איז שוין געשטאַנען האַלב־פאַרטיק, ד. ה. אויסגעבויט, אָבער אָן די אינעווייניקסטע איינריכטונגען, איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה. יאַקאָבסאָן האָט געהאַלטן זיין לעצטע רעדע אין דער ציוניסטישער שול, דעם לעצטן טאָג פסח 1915, ווען ער האָט מספּיד געווען הרצ'ן. ביי די דייטשן איז די שול געווען רעק־ווירירט אַלס וווין־אָרט פאַר רוסישע געפאַנגענע. ערשט נאָך דער מלחמה האָט מען די שול געבראַכט אין אָרדנונג.

ביים אָפּטרעטן פון דער רוסישער אַרמיי פון סלאָנים, האָט יאַקאָבסאָן געוואָלט פאַרבלייבן אין שטאָט, און ער האָט זיך לאַנג געקווענקלט. נאָר ריין־פּאָליטישע סיבות האָבן אים געצוואונגען צו פאַרלאָזן סלאָנים און זיך עוואַקויִרן קיין רוס־לאַנד. נעמליך, ער האָט מורא געהאַט, אַז די רוסישע מאַכט, וועלכע האָט מיט אים געהאַט צוליב זיין פאַרגאַנגענהייט אין דומע אַנ'אַלטן פּאָליטישן חשבון, זאָל אים נישט באַשולדיקן אין פאַראַט, צוליב זיין פאַרבלייבן אין אָקופּירטן געביט. און דאַן האָט מען נאָך געגלויבט, אַז די אָקופּאַציע איז אַ צייט־ווייליקע און די רוסן וועלן גאָר אינגיכן צוריקקומען... ער האָט זיך אַלזאָ עוואַקויִרט קעגן זיין ווילן.

יאַקאָבסאָן האָט פאַרלאָזן סלאָנים מיטן לעצטן רוסישן צוג, אין וועלכן די דייטשע אַעראָפּלאַנען האָבן געוואָרפן אַ באָמבע, וועלכע האָט נישט געטראָפן. איך געדיינק נאָך דעם טאָג, ווען מיר אַלע, זיינע נאָענטע גוטע פריינט, זיינען גע־שטאַנען מיט אים, אויפ'ן בריקל פון גראָדזענסקי'ס אַפּטייק און זיך געזעגנט מיט אים. דער מאָמענט איז מיר געווען זייער שמערצלעך, ווייל איך בין געווען מיט אים באַפריינדעט כמעט די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט געלעבט אין סלאָנים.

אין פּריוואַטן לעבן איז יאַקאָבסאָן ניט געווען גליקלעך. זיין פרוי, הגם אַ געבילדעטע, איז געווען זייער אַ נערוועזע, און זיי האָבן געהאַט אַ שלעכטן צוזאַמענלעבן. ער האָט גע־לאָזן 4 קינדער, וועמענס גורל איז מיר אומבאַקאַנט. יאַקאָב־סאָן האָט אָפּט געליטן פון גאַל־שטיינער מיט שטאַרקע אַטאַקן.

אין מאָסקווע, וווּ ער האָט זיך עטאַבלירט אין דער עוואַ־קואַציע, איז ער געווען באַשעפטיקט אַלס יוריסט־קאָנסול אין אַ האַנדלס־געזעלשאַפט, און האָט אויך דאָרט פאָרטגעזעצט זיין ציוניסטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ווי איך האָב געהערט, האָט ער, צוריק־קומענדיק פון אַ פאַרזאַמלונג ווו ער איז אויפגעטראָטן אַלס רעדנער, געפאַלן אויף די טרעפּ פון זיין וואָנונג פון אַ האַרץ־אַטאַק, אין עלטער פון 58 יאָר.

## הענריך גראָדזענסקי

הענריק גראָדזענסקי האָט געלעבט און געווירקט אין סלאָנים אַלס אַפּטייקער ביי 25 יאָר. (זיין אַפּטייק האָט אים איבערגעלעבט). ער איז אַריינגעפאָרן אין סלאָנים פון גראָדנע. ער האָט ווייניק אַנטיילגענומען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר ער איז געווען זייער פּאָפּולער אין זיין פּראָפעסיע, אַלס אויסגעצייכנטער פאַרמאַצעווט. ער איז געווען אַ מענטש פון שיינעם אויסזען, הויך געוואַקסן און שלאַנק. דער שמייכל פלעגט שטענדיק ליגן אויף זיין געזיכט. ווען ער פלעגט זיך אָנטאָן אין זיינע יום־טוב'דיקע קליידער, מיט'ן טלית'ל אונ־טער דער האַנט, אַ צילינדער־הוט אויפ'ן קאָפּ, און גיין יום־טוב אין שול אַריין (שבתים פלעגט ער ניט גיין), פלעגט דאַ־מאָלסט ניט איין פרוי מקנא זיין זיין ווייב, צו האָבן אַזאַ שיינעם און עלעגאַנטן מאַן...

גראָדזענסקי איז געווען אַ גוטער פּסיכאָלאָג. ער האָט פאַרשטאַנען ווי אומצוגיין מיט מענטשן, הויפּטזעכלעך מיט זיינע קליענטן, פון וועלכע פיל פלעגן קומען צו אים מיט זייערע רעצעפּטן און זיך באַראַטן אין זייערע קראַנקהייטן. איך דערמאָן מיך, אַז פיל מאָל, אַריינקומענדיק צו אים אין אַפּטייק, פלעג איך זען אַט וואָס פאַר אַ בילד: גראָדזענסקי איז געזעסן אויף דער האַרטער סאָפע פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס; אַנ'אַלטע יידענע איז נעבן אים געזעסן; זיין געזיכט האָט אויסגעדריקט די ערנסטקייט פון זייער באַראַטונג, נאַ־טירלעך וועגן אירע קראַנקהייטן. ער האָט געהאַט שטענדיק גענוג געדולד אַלץ אויסצוהערן. ער האָט ריכטיק פאַרשטאַנען, אַז די מעדיצינישע הילף אין סלאָנים הינקט שטאַרק צו, און אַז אָן באַקטעריאָלאָגישע אַנאַליזן קען אפילו דער בעסטער פּראָפעסאָר נישט שטעלן קיין ריכטיקן דיאַגנאָז. צו דעם צוועק האָט ער אויף עטלעכע חדשים פאַרלאָזן זיין געשעפט, איז אַוועקגעפאָרן אַנהייב יאָרהונדערט קיין פּעטערבורג און דאָרטן אין באַקטעריאָלאָגישן אינסטיטוט זיך אויסגעלערנט מעדיצי־נישע אַנאַליזן און דורך דעם אַסך מאָל אויסגעמיטן די פאַלשע

דיאַגנאָזע. זיין לאַבאָראַטאָריע ביים אַפּטייק איז געווען די איינציקע פון דעם מין אין סלאָנים (ערשט נאָך דער מלחמה זיינען ענטשטאַנען נאָך אַ פּאָר מעדיציניש לאַבאָראַטאָריעס אין שטאָט).

גראָדזענסקי האָט אויך געהאַט אַ נייגונג צו מסחר. ער האָט געפּרובט האַנדלען מיט האָלץ און נאָך דעם איינגעריכטעט אַ פאַבריק פון מעדיציניש טאַבלעטן, — נאָר צו די אַלע געשעפטן האָט ער ניט געהאַט קיין גליק און פאַרלאָרן געלט.

אַ באַזונדערע פיהיקייט האָט ער געהאַט זיך צוצופּאַסן צו אַלע געפערלעכע אומשטענדן, וואָס האָט באַקומען אַן אויסדרוק אין די אומרוהיקע מלחמה־צייטן און ווען די מאַכט האָט זיך אָפט געביטן אין 1919—1920, ביים אַריינגיין פון די סאָוועטן, נאָכהער די פּאָליאַקן, און דאַן ווידער די סאָוועטן און פּאָליאַקן. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויסנוצן די לאַגע. צו יענער צייט זיינען די אַפּטייקן געווען ליידיק, מעדיקאַמענטן — מיט גאָלד צו־גלייך. ער האָט געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט די העכערע דייטשע מיליטער־לייט און דאָקטוירים פון דייטשישן מיליטער־שפּיטאָל, איינעם — מיט אַ גוט־וואָרט, דעם צווייטן — מיט יידישע פיש... זיי פלעגן אַריבערברענגען די טייערסטע מעדיקאַמענטן, און זיין אַפּטייק איז געווען פול נאָך מער ווי פאַר דער מלחמה. אַזוי־אַרום האָט די ציוויל־באַפעלקערונג פון דער שטאָט ניט געפילט קיין איבעריק־גרויסן מאַנגל אין רפואות אין די אָקופּאַציע־יאָרן.

ווען די פּוילישע מאַכט האָט זיך פעסט עטאַבלירט, איז די וואָיעוווּדשאַפט געווען די ערשטע פּאָר יאָר אין בריסק. (ערשט נאָכהער איז סלאָנים אַריין אין נאָוואָגרודקער וואָיעוודסטוואָ). גראָדזענסקי איז וועגן שטייער־ענינים געפאָרן אין בריסק. אין יענער צייט האָט מען פון סלאָנים ניט באַקומען קיין בילעטן דירעקט קיין בריסק; מען פלעגט פאָרן ביז באַראַנאָוויטש, דאָרטן אויסשטייגן און קויפן אַ צווייטן בילעט קיין בריסק. שטייענדיק אין דער רייהע אין באַראַנאָוויטש צו קויפן אַ בילעט, איז גראָדזענסקי געפאַלן פון אַ האַרץ־אַטאַק. ער איז געקומען אין באַראַנאָוויטש צו זיין אייביקער רו.

## דאקטאר ביעלסקי

איינע פון די פּאָפּולערסטע סלאָנימער פערזענליכקייטן פון ענדע 19־טן און ערשטן פערטל פון 20־טן יאָרהונדערט, איינער פון די, וועלכע האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון שטאָט, איז געווען דאָקטאָר ביעלסקי. (ער האָט זיך עטאַבלירט אַלס דאָקטאָר־מעדיצין אין סלאָנים אין די מיטן 90־ער יאָרן און געשטאָרבן אין 1923).

ער איז געווען אַ מענטש מיט אַן עכטן געפיל פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. גענוג צו זאָגן, אַז צוזאַמען מיטן אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן איז ער געווען איינער פון די הויפּט־גרינדער פון דער פרייוויליקער פייערלעשער געזעלשאַפט, און במשך פון פיל־יאָרן האָט ער אויך געטראָגן דעם בכבוד'יקן טיטול „נאַטשאַלניק דרוזשיני". (שעף פון פייערלעשער־קאָרפּוס).

מיט ניט ווייניקער ענערגיע און איבערגעבנהייט האָט ער מיטגעהאָלפן ביי דער גרינדונג פון די סלאָנימער מיטל־שולן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (די רעאַל־שולע), וועלכע זיינען געווען אַלגעמיין־שטאָטישע: ניט נאָר מיט ראַט, נאָר אויך מיט געלט־מיטלען האָט ער אונטערשטיצט די שול־איינריכטונגען, ביז וואַנען די שולן זיינען געוואָרן מלוכה'שע. פיל מאָל ווען מיר איז אויסגעקומען צו פאָרן קיין אויסלאַנד, האָט דר. ביעלסקי מיר געגעבן גרעסערע סומעס געלט פון אייגענער קעשענע, כדי איינצוקויפן פאַרשיידענע מכשירים פאַר די פיזישע און כעמישע קאַבינעטן פון די מיטל־שולן.

וואָס שייך זיינע פּאָליטישע אַנשויאונגען, איז דר. ביעלסקי וואָס אַן'אמת, געווען אַן'אייגנאַרטיקער אַנטיסעמיט. כדאי צו דערמאָנען, אַז ער איז געווען איינער פון די גרינדער פון קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו אין סלאָנים (נאָך פאַר'ן יאָר 1914), וואָס זיין אויפגאַבע איז געווען צו באַקעמפן דעם יידישן האַנדל. ער איז געשטאַנען בראש פון דער פּוילישער אינטעליגענץ אין שטאָט און אומגעגנט, אָבער אין פּריוואַטן לעבן האָט ער שטענדיק פאַרקערט אין יידישער געזעלשאַפט.

פאַר די פייערלעשער, וועלכע זיינען דאָך געווען כמעט אַלע יידישע, האָט ער געזאָרגט ווי אַ פאָטער. זייערע פאַמיליעס האָט ער געהאָלפן מיט אומזיסטער מעדיצינישער הילף. ניט ווייניקער האָבן אים אויך ליב געהאַט די יידישע שילער פון דער רעאַל־שולע, פאַר וועלכע ער האָט געטאָן אַלדאָס מעגלעכסטע. די צאָל פון די יידישע שילער איז דאַן געווען ניט קליין. בעת די פּריוואַטע רעאַל־שולע האָט באַקומען „פּראַוועס" פון אַ „קאַזיאָנע" (ד. ה. רעגירונגס) שולע, האָט מען אָנגעהויבן צו באַגרענעצן די רעכט פון די יידישע שילער. און אָט האָט דער אייגנאַרטיקער אַנטיסעמיט דר. ביעלסקי דאַן „געקערט וועלטן", כדי ווי ווייט מעגלעך צו אָפּשוואַכן די גזירה. אַלס אַרצט האָט דר. ביעלסקי געהאַט אַ גרויסע יידישע פּראַקטיקע, און ער פלעגט אַריינדרינגען אין די אָרעמסטע יידישע נעסטן פון „ברעג", „באַליאָנע" און „באַרג", ווי אויך אין יידישע בעל־הבית'ישע הייזער.

אַ גאַנץ באַזונדער אינטערעסאַנטע בלעטל אין דר. ביעלסקי'ס לעבן און זיינע לייסטונגען פאַר דער שטאָט, איז די נאָך מלחמה־צייט, ספּעציעל דער יאָר 1920, ווען אים איז אויסגעקומען צו שפּילן אַ גאָר אָנגעזעענע ראָלע אין דער געשיכטע פון שטאָט.

אָנהייב 1919, פאַר דער ערשטער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע אין סלאָנים, זיינען פיל אָנגעזעענע פּאָליאַקן פון שטאָט אַוועק אין גלות קיין פּוילן. דר. ביעלסקי איז אויך מיטגעפאָרן און האָט אין גלות פיל געליטן. ער איז צוריקגעקומען אין סלאָנים נאָך דער פּוילישער באַזעצונג פון שטאָט. דאַן האָט סלאָנים געהערט אַדמיניסטראַטיוו צו בריסק. בראש פון אָט דעם אַדמיניסטראַטיוון צענטער איז דאַן געשטאַנען אַ סלאָנימער גוטבאַזיצער יעסמאַן, וועמענס מקורב און נאָענטער פריינט איז געווען דאָקטאָר ביעלסקי. דער לעצטער האָט דאַן פיל געווירקט אויף דער אַדמיניסטראַציע צום גונסטן פון דער חרוב־געוואָרענער שטאָט.

ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך אין זומער 1920 ווידער

דערנענטערט צו סלאָנים, האָט דאָקטאָר ביעלסקי ניט מער קיין חשק געהאַט צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. די יידישע פאָרשטייער פון אַלע שיכטן (ווי אויך די פאַרשטייער פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען) האָבן אים אויך געבעטן צו פאַרבלייבן, און ער איז פאַרבליבן.

אַ קורצע צייט נאָכדעם, ווי די באָלשעוויסטישע חייל איז אַריין אין שטאָט, האָט מען אָנגעהייבן פילן דעם טעם פון רויטן טעראָר. דער סלאָנימער „רעווקאָם" איז געווען פון די ברוטאַלסטע פון אונדזער געגנט. דאַן איז ערמאָרדעט געוואָרן אַ תושב פון סלאָנים, אַ געוועזענער רוסיש־צאַרישער אָפיצער פעקאַרסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט אַלס ערלעכער מענטש, מיט זיינע 2 זין. די גאַנצע געגנט איז דאַן אויפגעציטערט געוואָרן פון פאַרברעכן. אָן קיין שום מאָטיוון איז דאַן דערשאָסן געוואָרן דער רוהיקער און שטילער גוטבאַזיצער סליזין מיט זיין 80־יאָריקער שוועסטער, הגם אַלע פּויערים פון אומגעגנט האָבן זיך משתדל געווען פאַר אים ווי פאַר אַ מענטש, וואָס האָט זיי גוט באַהאַנדלט. ברוטאַל איז דאַן אויך אומגעבראַכט געוואָרן אַ 20־יאָריקע סלאָנימער יידישע מיידל (אַסנע איינשטיין, די טאָכטער פון ר' מענדל און טעלצע איינשטיין. — רעד.).

און אָט אין דער אַטמאָספערע איז די שטאָט אויפגעציטערט געוואָרן פון דער ידיעה, אַז דר. ביעלסקי איז אַרעסטירט געוואָרן.

מ'האָט אים באַשולדיקט אין פאָלגנדעס: אין יאָר 1919, אייניקע מאָנאַטן נאָכדעם ווי די פּוילישע מיליטער האָט פאַרטריבן די באָלשעוויקעס פון שטאָט, האָט די פּוילישע מאַכט אויפגעשריבן אויף אַ פאַרמעט אַ שיינעם „ברוך שפטרני", אַ מין אָנדיינקונגס־טעקסט וועגן דער באַפרייאונג פון שטאָט, און כדי צו פאַראייביקן דעם פאַקט לדורי דורות, האָט מען דעם דאָקומענט מיט גרויס פּאַראַד פאַרמויערט אויפ'ן פּלאַץ וואָס קעגנאיבער די קראָמען, נעבן דעם רוסישן סאָבאָר אויף פּאַנסעווע, וווּ מ'האָט אויפגעשטעלט אַ דענקמאָל. און אָט האָבן די באָלשעוויקעס אין 1920 באַשולדיקט דעם דר. ביעלסקי, אַז די פייערונג־צערעמאָניע איז פאָרגעקומען לויט זיין איניציאַטיוו און אַז ער האָט דער ערשטער אונטערגעשריבן דעם דאָקומענט.

מ'קען לייכט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ רושם עס האָט געמאַכט אין שטאָט די ידיעה וועגן דר. ביעלסקיס אַרעסט. פון די באָלשעוויסטישע „שופטים" האָט מען געקענט אַלץ ערוואַרטן...

ס'איז גלייך געגרינדעט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון אָנגעזעענע בירגער, וועלכער האָט אָנגענומען אַלע מיטלען צו רעטן דעם פּאָפּולערן עסקן און דאָקטאָר. ענדליך, נאָך 15 טעג אַרעסט (דער אַרעסט איז דאַן געווען אין גאָזשאַנסקי'ס הויז אויף סקראָבעווע), איז קוים געלונגען צו מילדערן דעם ערוואַרטעטן טויט־אורטייל, און אַזוי־אַרום אויסמיידן טויט־שטראָף. דר. ביעלסקי איז פאַר'משפט געוואָרן אַרויסגעשיקט צו ווערן אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע. דעם זעלבן טאָג האָט ער שוין צוזאַמען מיט אַ פּאַרטיע אַנדערע פאַרשיקטע געדאַרפט אַוועקפאָרן אין גלות. דער רעטונגס־קאָמיטעט האָט אָבער באַשלאָסן אים צו ראַטעווען אויך פון דער פאַרשיקונג. דאָס פאַרשיקן אין אַזאַ קאַלטע געגנט איז געווען פּשוט לעבנס־געפערליך פאַר'ן 70־יאָריקן ביעלסקי. ווי אַזוי אָבער טוט מען דאָס? — אַז אין געציילטע שעה'ן אַרום שיקט מען אים אַוועק...

האָבן זיך דאַן זיינע פריינט (אַלע יידן חשוב'ע סלאָנימער בירגער) באַשלאָסן מיט זיין הסכם אויף אַ ריזיקאַלישן שריט: ווען דר. ביעלסקי איז שוין געווען רייזע־פערטיק און איז שוין אין באַגלייטונג פון אַ סאָלדאַט געגאַנגען צו דער טיר, האָט ער זיך מיט אַמאָל „שלעכט" דערפילט... ער איז געפאַלן. די שנעל־אַראָפּגעבראַכטע דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט סימפּטאָמען פון אַ פּאַראַליז... ביי אַזעלכע אומשטענדן איז, זעלבסטפאַרשטענדלעך, ניט געווען וואָס צו ריידן וועגן לאָזן זיך אין וועג, און דער רעווקאָם האָט באַשלאָסן אויף דער אחריות פון דאָקטאָר פייגין (אַ ווילנער, וועלכער האָט זיך דאַן צייטווייליק געפונען אין סלאָנים) אים איבערלאָזן אין שטאָט. דער „פּאַראַליזירטער" איז עטלעכע וואָכן אָפּגעלעגן ביי זיך אין וואָנונג, און איך בין כמעט די גאַנצע צייט געווען ביי אים אַלס „פלעגער".*

אין די לעצטע פאָר טעג פאַרן אָפּטרעטן פון די סאָוועטן ענדע סעפּטעמבער 1920, האָט דר. ביעלסקי זיך פאַרשטעקט אין אַ באַהעלטעניש, צוליב דער מורא, אַז דער רעווקאָם זאָל זיך ניט דערמאָנען אָן אים און זאָל אים ניט מיטשלעפּן אין רוסלאַנד... און אַזוי אַרום איז דר. ביעלסקי געראַטעוועט געוואָרן פון טויט און פון „וויסילקע" (פאַרשיקונג).

ווי נאָר די פּאָליאַקן זיינען אַריין אין שטאָט איז דר. ביעלסקי אַרויס פון זיין באַהעלטעניש, וואָס איז געווען אויף „פּוטייסקע" גאַס (ביי די פּאָליאַקן קאָסציושקאַ־גאַס). ווען די ערשטע קאָמפּאַניע פּוילישע מיליטער מיטן גענעראַל סקערסקי אין דער שפּיץ איז געקומען אין צענטער שטאָט, איז דר. ביעלסקי אַרויס אין גאַס. איך האָב אים דאַן באַגלייט. ער האָט זיך מיט דעם גענעראַל סקערסקי הערצליך באַגריסט, און איך געדיינק קלאָר, ווי ער האָט אין געגנוואַרט פון דער סוויטע אָפיצערן און סאָלדאַטן מיט אַ הויכער שטימע אויסגעשריען: „וויטאַם וואַס ווּשיסטקיך (איך גריס אייך אַלעמען). אַלס בירגער פון שטאָט און אַלס פּוילישער פּאַטריאָט קען איך דער סלאָנימער יידישער באַפעלקערונג נאָר דאַנקען פאַר איר אויפפירונג בעת דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע לגבי דער פּוילישער באַפעלקערונג בכלל און לגבי מיר בפרט". —

אַ דאַנק דר. ביעלסקין האָבן זיך טאַקע גלייך איינגעשטעלט גוטע באַציהונגען אין שטאָט .ער האָט פיל געלייסטעט הן פאַרן כלל און הן פאַר יחידים, פאַר וועלכע ער האָט זיך געאָפּפערט מיט אמת'ער פריינטשאַפט און איבערגעבנהייט.

נאָך דער באַפרייאונג פון שטאָט האָט דר. ביעלסקי שוין לאַנג ניט געלעבט. די איבערלעבענישן האָבן אים צוזאַמענגעבראָכן. ער איז געשטאָרבן דעם 14־טן יאַנואַר 1923 אין עלטער פון 72 יאָר. אין זיין לויה האָבן אָנטיילגענומען פאַרשטייער פון אַלע שיכטן פון שטאָט, מיט פאַרטרעטער פון מאַגיסטראַט, יידישע קהלה און די גאַנצע פייערלעשער־„דרוזשינע" בראש.

---

* מ. פערלשטיין איז געווען אַ לאַנגיאָריקער פערזענלעכער פריינט פון דר. ביעלסקי. — רעד.

יוסף דרור (דרצ'ינסקי)

# פרקים מהעשור הראשון של המאה העשרים

## בסביבות בית הכנסת הגדול

בהתחלת המאה העשרים היה בית הכנסת הגדול מוקף גינת ירק ברוחב של 2 מטרים בערך, וגדר מסביב לה, העשויה לוחות עץ בעובי של 4—5 סנטימטרים ורווח בין האחד למישנהו באותו רוחב, כולם מהוקצעים ומחודדים בראשם. הגדר היתה צבועה בצבע שמן אפור־כהה, צבע הפלדה. מדרכה לא היתה מסביב, כי השטח היה תפוש ע"י הגינה.

מצד דרום, צד הכניסה הראשית לבית הכנסת ועד לבית המדרש הגדול דחומה — השתרעה רחבה רצופת אבנים. השטח הזה שבין שני בתי התפילה שימש לארועים ציבוריים שונים. טקס לשר רם מעלה היה נערך ע"י הקהילה במקום זה. גם מכבי האש, שרובם ככולם היו יהודים, היו ממלאים בו תפקיד חשוב. גם מרבית החופות היו נערכות במקום זה בליווי תזמורת של ה„כלי־זמר", כמו־כן כל לוויה היתה עוברת בין שני בתי תפילה אלה והעגלה או המיטה היתה נעצרת שם לשם אמירת „קדיש" ולהשמעת ההספדים. כאן היה גם המקום המרכזי לקידוש החודש.

לאורך הקיר הצפוני של בית המדרש דחומה הצופה לבית הכנסת הגדול לא היתה מדרכה, אלא במקום גינה — מידרון רצוף אבנים שלא איפשר הליכה עליו. ע"י הכניסה על קיר בית המדרש היה מחובר לוח פח ועליו באותיות מאירות עיניים אזהרה ביחס למי־רגליים בנוסח: אסור... על הקיר וכל העובר יענש על פי הזאקאָן! לשם שמירת הניקיון של השטח...

בגינת בית הכנסת מצד מערב, אל מול בתי המדרש; דעץ (הבנוי לבנים), חייטים, וחברה קדישא, שכן כבוד תייש הקהל, שרעה בעשבים הגבוהים.

מצד צפון של בית הכנסת היה רחוב גם הוא רצוף אבנים, אך כמעט שלא היתה בו תנועת כלי־רכב ומבין האבנים ביצבצו ועלו עשבים. וסיבה היתה לכך: בליטת בית ר' שמואל־אידל, בעל בית המסחר החשוב שנוהל במשך שנים רבות אח"כ ע"י בת המשפחה חיה־ריבה ובעלה ר' אברהם־יוסף אוירבוך ז"ל, השיפוע של הרחוב לצד בית הכנסת וכן הבאר, באר מיים חיים, שעמדה במרכז הרחוב, היוו ביחד הפרעה לתנועת עגלות בקיץ ומיגררות בחורף. הבאר השתייכה לר' אהרן ברסקין ונמצאה בדיוק מול ביתו הקטן, אשר ממול לבית הכנסת.

בסוף המאה ה־19 קיבלו האחים קוניצע זיכיון לנצל את מעינות המים הטובים שבהרי הסביבה ולהעבירם באופן גרביטציוני בצינורות העירה. במשך שנים הסתעפו קווי המים ברחבי העיר, אבל נמצאו רחובות שבעלי הבתים שלהם לא הזדרזו להצטרף לקווי המים ובמיוחד אלה שבסביבתם היו בארות מיים טובים. סיפרו, שבעלי הזיכיון חיבלו בבארות שונות וע"י כך אילצו את התושבים להצטרף לרשת הכללית. קרבן למעשה כזה היתה גם הבאר של ר' אהרן ברסקין. אחר־כך מכיון שהבאר היתה פרטית הכניסו בעלי הזיכיון לר' אהרן צינור מיים לביתו ונתנו לו זכות למכור מיים לאנשי הסביבה במחיר מינימלי ולתכלית זו התקינו צינור החוצה מדירתו לשם מכירת המיים. ר' אהרן היה יושב בחלון הקטן שבדירתו שנטתה ליפול, גמרא פתוחה לפניו ומעיין בה ונענה לכל הזמנה למיים. עם מילוי הדליים וקבלת התמורה היה חוזר למישנתו.

שני שכנים היו לו לר' אהרן. מצד ימין ביתו של ר' אברהם יזרניצקי (המכונה אברהם'ל דער געלער). ר' אברהם היה גברתן, גבה קומה, רחב כתפיים והליכת דב לו. זקנו היה צהוב, ושיבה התחילה זורקת בו, הליכתו כבדה ומקל מסוקס צהוב בידו. הוא היה ממונה מטעם הקהילה על מדור חולי־הרוח שב„הקדש" המקומי. כפי שסופר הוא שלט על החולים ביד חזקה והטיל את מוראו עליהם. מוצא פיו היה צו אשר בוצע על ידם מפחד המכות שהנחית בהם. יחד עם זה התפרסם כמומחה לישור נקעים וכן לחיבורי שברי יד ורגל והתאמתם במקומם ועיטופם בגבס לתקופה הנידרשת.

אכן ר' אברהם עלה במקצוע זה בנסיון הרב שהיה לו על חשובי הרופאים שבעיר, והם: הד"רים שירוצקי הרוסי, בלסקי הפולני, רוזנבליט ולוין היהודים, שבמיקרים לא מעטים היו בעצמם מפנים את הטיפול לאברהם „הצהוב".

השכן מצד שמאל היה מוכר בקהל לא כ"כ בזכות עצמו, אלא בזכות ארבעת בניו; זה היה ר' יעקב „דאמאניעס". ר' יעקב דאמאניעס היה בין מתפללי בית המדרש דחברה־קדישא הקרוב. פני תם פניו, חיוור ובעל זקנקן קצר. הבנים היו ידועים בציבור ולמשטרה כגנבים־אמנים. עיקר פעולתם היתה ברכבות. כל אחד מהם „פעל בקוו מיוחד" של רשת הרכבות. כשאמרו פעם לר' יעקב זה בעת תפילת שחרית בביהמ"ד, כי בעתונות נתפרסם, שבנו מוטלי ניתפס בשליחת יד לכיסי נוסעים, לא נתרגש כלל וכלל והשיב: מוטלי שלי הוא דוקא הגון וישר, דברים אלה הם דברי לעז בלבד...

---

אויף זיין קבר אויפ'ן זאַמאָשצער קאַטוילישן בית־עולם האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ דענקמאָל מיט זיין ביוסט, מיט דער אויפשריפט: „אַנדענקונג פון גוטבאַזיצער, קאַלעגן, מאַגיסטראַט, פייערלעשער און אַ ל ע איינוווינער פון שטאָט סלאָנים".

און ווירקליך האָט דער ערנווירדיקער דאָקטאָר און טוער פאַרדינט צו פאַרצייכנט ווערן ניט נאָר אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פון שטאָט, נאָר אויך, טראָץ זיין אַנטיסעמיטיזם, אין די אַנאַלן פון יידישן סלאָנים.

והולכי בטל מצאו להם כר נרחב למלאות גרונם יי״ש ופרפראות, וגם איסתרא בלגינא קיש קיש קריא...

אליעזר בעקענשטיין.

גל. 266, י״ד כסלו תרס״ד. 20 בנובמבר 1903.

סלאנים, 14 נאוומבר (מסופרנו הקבוע.)

בימים האלה הוציאה הח׳ „שוקדי מלאכה״ את חשבונה השנתי מראשית שנת 1902 עד היום. בחשבון הזה נכלל גם חשבון הח׳ „עזרה לעניים״ אשר מטרתה לתמוך את עניי העיר בעצים להסקה, וחשבון בית אוצר הספרים לבני עניים.

מספר החניכים לאומנות אשר החברה „שוקדי־מלאכה״ לקחה בשנה הקודמת תחת חסותה ללמדם ולחנכם מלאכה המחיה את בעליה ולמודי דת־אל ושפת רוסיא, חשבון וכתיבה תמה בעברית ורוסית היו עד יום 2 ביאנואר 1903: שלשים נער, ונתקבלו מחדש עוד 26, מהם מתחנכים לחיטים, סנדלרים, נגרים, חרשי־ברזל, כורכי־ספרים, מתקני־שעונים. במשך השנה גמרו את חוק למודם עשרה מהם ויצאו לרשות עצמם, ונשארו 46 נער. מהם 16 המתחנכים לחייטים, 9 לחרשי־עצים, 8 — לרצענים, 3 — לכורכי־ספרים, ויתרם — לגלבים, לחרשי־ברזל ולמתקני שעונים. התלבושת להמתחנכים עלתה לסכום 502 רובל, שכר למודם — 313 רובל, למורים עם כל מכשירי הלמודים — 265 רו״כ, ולהוצאות הדפסת החשבונות וכו׳ — 70 רו״כ. נשאר באוצר החברה שו״מ סך 505 רו״כ. סכום הנדבות מחברי שו״מ עולה לסך 694 רובל לשנה. גדולה מאד היא התועלת שהחברה הזאת מביאה לעירנו כי מן היום שהחלה לעבוד את עבודתה נתמעטו ברחובותינו נערים שובבים שהלכו בטלים, ועינינו לא תכהינה עוד מראות נערים המונים המונים ערומים ויחפים גם רעבים וצמאים משוטטים ברחובות קריה ועושים כל דבר מגונה לחרפת עמנו.

החברה „עזרה לעניים״ הוציאה בשנה העברה 713 רו״כ. הכנסתה היא מנדבות בני עירנו בסה״כ: 140 רו״כ.

חשבון של בית אוצר הספרים לעניי עירנו אשר מר נ. לאזינסקי ערב בעדו, ומר ס. גבורין מנהלו. בהפתח בית אוצר הספרים ברשיון־הממשלה היו בתוכו 635 ספרים, אשר נדבו אנשים שונים הדואגים לרוח בני העניים, והיום כבר נמצאו יותר מאלף ספרי עבר. התומים נמצאו כעת 208, מהם חניכי הת״ת 38 הלוקחים לבתיהם, 36 תלמידי בית הספר העירוני ובית הספר לעברים — 32, אנשים שונים 28, נשים 27, תלמידי החדרים — 15, בעלי־מלאכה — 12, מורי שפת עבר 10, חנונים 4, סוחרים 3, עוזרים בבתי־מרכולת 3, ס״ה 208 איש.

— תרומת הצבא לא עלתה יפה בעירנו גם בשנה הזאת, אף כי עלתה בידי המשתדלים למחוק מרשימת הקרואים את שמות האנשים שכבר הלכו לעולמם, ושנים עשר מבעלי הזכיות ממדרגה השניה מלאו את המספר הדרוש.

אליעזר בעקענשטיין.

גל. 23. כ״ג שבט תרס״ד. 27 בינואר 1904.

בעירנו מתגורר זה ירח ימים בעש״ט רוק לבוש בגדי אבר מכף רגלו ועד קדקדו, ורבים מבני עמנו דורשים לשכנו ויוצאים מבית מלונו שבעירצון . הוא מרפא חולים ומברך את העקרות בברכת שדים ורחם. על שלחנו עומדת קופת צדקה לארץ ישראל ודורשים בעצתו משליכים בה כפי שהוא דורש מהם. את שמו לא יגיד לכל איש, באמרו כי הנהו מושבע בשבועי שבועות שלא יגיד מאומה על כל אודותיו. הוא אומר לכל איש כי איננו למדן, ובכל זאת יושב הוא תמיד לפני הגמרא ומעיין בה. —

א. בעקענשטיין.

גל. 56. ד׳ ניסן תרס״ד. 7 במרץ 1904.

סלאנים. ביום השלישי משבוע שעבר גוע ויאסף אל עמיו הבנקיר הנודע ר׳ בנימין זאב פרליס בשנת החמשים ושתים לימי חייו. המנוח היה אחד העשירים בעירנו וראש ומנהיג לכל עניני הקהל. החסד והחנינה, המוסר והצדק היו מוטבעים בלבו ויצטיין בהם עד יום מותו. חכם מפורסם במילי דעלמא ויהודי לאומי המסור לעמו ולתחיתו. הוא היה קובע עתים לתורה בכל יום ויום אף כי עסקיו רבו עד מאד. הויות העולם התאחדו בו עם הויות דאביי ורבא. ידו היתה פתוחה לכל ויפזר כסף לכל דבר צדקה. עוד ביום השני שהה בהקנטור שלו עד השעה התשיעית בערב כמנהגו תמיד ולא חש בכל אבר; אך בקומו ממשכבו ויגש אל כלי הרחצה לרחץ את פניו אחזהו השבץ ויפל וימת לדאבון לב כל בני עירנו אשר התעצבו מאד על האבדה הגדולה שאבדה להם, כי ראש ומנהיג נאמן היה לכל מוסדות הצדקה שבעירנו — טפוס המצוין ביותר שלא נשאר אחריו כמוהו בקהלתנו. המנוח המש־כיל היה אהוב ורצוי לכל המפלגות, וכאשר נוסדה בעירנו אגודת ציונים מזרחית עמד בראשה ויהי אחד מעסקניה. המונים המונים נהרו אחרי מטתו ויחלקו לו את הכבוד האחרון.

א. גרייוער.

גל. 90, ג׳ אייר תרס״ד. 20 באפריל 1904.

מעיר סלאנים כותבים, כי בעיר ההיא ובערי המצער הסמוכות לה נראתה התגברות יציאת היהודים לאמריקא. כמעט בכל יום נראו בבית הנתיבות מחזות מעציבים, בהפרד היוצאים מעל בני משפחתם. רוב היוצאים הם בעלי־מלאכה.

גל. 132. ט׳ תמוז תרס״ד. 9 ביולי 1904.

בעיר סלאנים היו בימים האחרונים שרפות קטנות אחדות ובאחת מהן נשרפו חמשה עשר בתים, ומשפחות רבות יצאו נקי מנכסיהן.

מסלאנים מביעים תודה לאנשי החסד ומרת מלכה בערמאן בראשם, אשר נהלו את העניים בתפוחי־אדמה בימי היוקר. אחד מנכבדי העדה מר ב. איצקאוויטש הבטיח לתת שלש מאות רו״כ לבנין מרתף מיוחד לשמירת תפוחי האדמה.

זה שבועים ימים אין גשם ועל כן קמלו גרעיני הגנים, והאכרים מפחדים פן יבוא שדפון בתבואה.

גל. 7. ט״ז שבט התרס״ה. 9 בינואר 1905.

סלאנים. — בהשתדלות ראשי־עדתנו ובראשם מר יעקוב־זאהן הדואג תמיד לצרכי עדתנו נאסף כאלפים רו״כ ובשמונת ימי המבליזציה שהיתה בעירנו הושיטו מזון ביד רחבה לכל אנשי הצבא מחיל המלואים. גם מקום ללון נתן להם בכבוד בכל בתי־התפלה. ככה עבר הגיוס בעירנו בלי שום אסון. אכן בסביבות העיר, בעבור חיל המלואים לדרכו, סבלו אחינו היזק רב. בעיר האלינקא הקטנה עשו שמות, ביחוד סבל הרב

דמתא, כי הרסו את ביתו וגם הכוהו מכות נמרצות, והרב וב"ב נאלצו ללון כל הלילה בשדה־הקברות.

אליעזר בעקענשטיין.

גל. 136. ט' תמוז תרס"ה. 29 ביוני 1905.

בסלאנים שבתו עוזרי הקצבים ובעליהם נאלצו להוסיף להם על שכרם, ומפני התוספת הזאת העלו הקצבים את מחיר הבשר הכשר עד 25 ק' הליטרא. מפאת היוקר הזה התאספו ראשי הקהל ויחליטו ג"כ לקרוא שביתה ולבלתי אכול בשר כלל. התחבולה הזאת הועילה וכעבור חמשת ימים נאלצו הקצבים להוזיל את מחיר הבשר בחמש קאפ. הליטרא.

## הצופה, יומון שוצא בוורשה

גל. 65. ב' ניסן תרס"ג. 17 במרץ 1903.

מסלאנים כותב מר יעקב אפעלסין: ביום א', 2 מרץ, ערכה האגודה „שאו נס ציונה" נשף ספרותי. מקהלת מנגנים תחת הנהלת ה' רוטשטיין שרה שירי ציון. צעירות אחדות הקריאו שירים בעברית. בכלל, היה הנשף הזה ציוני במלוא מובן המלה. פרי הנשף הוקדש לאפית מצות לעניי עירנו. תודות לה' סידרנסקי אשר לא יחשך מעמל נפשו לטובת הדבר הזה. —

כפי הנשמע אומרים ליסד פה אגודה „דוברי עברית".

גל. 89. ג' אייר תרס"ג. 17 באפריל 1903.

טלגרמה מיוחדת ל„הצופה".

סלאנים. תמול בערב נפטר הרב האב"ד ר' יוסף שלופער. „מוקירי־ציון"; סלוצקי.

גל. 93. ח' אייר תרס"ג. 22 באפריל 1903.

סלאנים. אבדה גדולה אבדה לעירנו במות עליה רבה ומורה, בערב יום ג' העבר, הרב הגאון ר' יוסף שלופער זצ"ל. המנוח הובל לקברות ברוב כבוד ופאר למחר ביום ד' שעה 5 בצהרים.

כבוד גדול עשו לו במותו, ובני עדתנו אשר ידעו להוקיר ולכבד את רבם ומורם בחייו, הוקירוהו גם לאחר מותו. המונים המנים נהרו אחרי מטתו לחלוק לו את הכבוד והחסד האחרון, לערך עשרת אלפים איש. בחצר ביהמ"ד הספידוהו הרב הישיש האב"ד בעיר בוטען הסמוכה והרב ר' בנימין הכהן המ"מ דק"ק מינסק. במבחר הקברים חצבו לו את קברו אצל חותנו הגאון הנודע ר' אייזיק חריף ז"ל. על יד קברו נשא את משאו בשפת המדינה הד"ר הא"י שיראצקין מפה.

הרב המנוח ז"ל היה אחד משרידי הדור הישן. כעשרים שנה שמש בכתר הרבנות פה וכבן ששים וחמש שנה היה במותו. הוא הדפיס בחייו ספר בשם: „מרכבת יוסף". עוד נשארו ממנו הרבה כ"י. כרוב גדלו בהלכה, כן הצטיין באופן היותר נעלה באגדה, ובדרשותיו אשר דרש במקהלות עם לקח את לבות כל שומעיו. בהנהגתו ובתכונתו המוסרית ובמדותיו התרומיות היה חביב על כל המפלגות, וכל בני המפלגות, כחרדים כן החפשים כבדוהו תמיד ביראת ובחרדת הכבוד כהלכה.

נכבדי עירנו לא הסתפקו בהחסד האחרון הרוחני בלבד, ועוד ביום ההוא התאספו „טובי הקהל", בהשתתפות רבנים אחדים מהסביבה ויטכסו עצה איך להיטיב את מצב הרבנית נ"י ואת בניו ובנותיו של הרב המנוח ז"ל. כאלפים רו"כ מזומנים נתאסף ביום המר מנדבות פרטיות, הודות לעמל המאספים, לטובת משפחתו, ועוד יד בני עדתנו נטויה להיטיב את משפחתו גם לימים יוצרו עפ"י הכתב אשר נכתב מטובי ונכבדי העיר בתנאים ובאופנים טובים ומועילים לטובת משפחתו כראוי עפ"י יושר הדין.

גרשון קליבאנאוו.

חיים אורלן

## סלונים, ערש נעורינו

אכן אין זו אלא אחת מקהילות ישראל, שנסחפו במבול הרשע האיום שניתך על הארץ, אך עם זיכרה הנוקב של כל אחת מרבוא רבבות הנפשות היקרות אשר היו טרף לזוללי בשרנו וסובאי דמנו, הן נקבע בלב גם את זיכרה של כל אחת מערי הגולה, שדורי דורות יהודים עיצבו את פניהן ותהיינה אמהות בישראל.

ארבעים שנה חלפו מיום שעברתי לאחרונה ברחובות סלונים עיר־מולדתי ועדיין היא משתרעת לפני עיני רוחי ואף מופיעה אלי בחזון־לילה, ומדי אחלום על משכבי, הריני תופש את עצמי פתאום ברחובות סלונים.

מה אהבנוך סלונים, ערש נעורינו, העיר היהודית! רק אהבת המולדת תמיד אהבתך!

סלונים עיר יהודית היתה למן מעמקי שרשיה ועד היקף שיטחה, ואך סימן גלות היה זה, שהבורמיסטש, ראש העיר, לא יהודי היה וחבר שקצים מחוצפים היה מעז להשתולל בראש חוצות. בתי־הכנסת הצנועים שלנו וה„שול הויף" עם בית־הכנסת הגדול — המה הטביעו את חותמם על העיר וקבעו את אופיה, אף כי בתי־היראה הוזקרו גאים ברחובות הראשיים. כנטולי נשמה הידהד צלצול הפעמונים הכבדים לעומות קולו הנלהב של משה'לי, עת היה נחפז רץ ומכריז בכל הרחובות את בשורת בואה של המלכה: „שבת! שבת!"...

השבת היהודית היתה שבתה של העיר וחגי היהודים — חגיה. יום הצהרת בלפור, יום פתיחת האוניברסיטה — כל העיר המתה וחגגה. אגודות הצופים הפולניים הלא נראו כמעשה חיקוי דל גרידא לאותו „גדוד" יהודי מפואר „השומר־הצעיר" בזמנו, אשר רומם את קרנו של הנוער שלנו, שהיה צועד קוממיות על דגליו וסמליו, ביחוד בתהלוכות ל"ג בעומר, שהשכילו להפכו מיום חג תלמידים צנוע ליום של הפגנה לאומית גדולה. תהלוכות הלפידים הציוניות האירו את לילות העיר והדליקו אור בלבבות. סלונים עיר ציונית היתה.

# המשך הזכרונות מהתחלת המאה העשרים

# המשך פון די זכרונות פון אנהייב צוואנציקסטען יארהונדערט

מענדל פערלשטיין

## זעכציק יאר אין סלאנים

### פערטער טייל

### שלמה פאלאנקער

איך וויל אייך דאָ באַקענען מיט אַ טיפּ, וועלכער איז במשך פון 30—40 יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען באַקאַנט אין סלאָנים און אין דער גאַנצער געגנט אַרום. ער איז ניט געווען קיין גרויסער גאון אָדער גביר, נאָר אַ פּשוט׳ער בעל־עגלה, וואָס פלעגט פירן געהילץ פון וואַלד.

זינט ס׳האָט זיך געעפנט די פּאָליעסער באַן־ליניע ביאַליסטאָק—באַראַנאָוויטש אין די מיטן 80־ער יאָרן, האָט מען אין פּאָלאָנקער געגנט געהאַקט אַסך וועלדער. דער געגנט איז געווען זייער רייך אין וועלדער, און ניט ווייט פון פּאָלאָנקע איז געווען די באַן־סטאַנציע זשערעבילאָווקע, וואָס האָט זיך געפונען אויפ׳ן אָפּשניט סלאָנים — באַראַנאָוויטש. דאָס האָט געגעבן אַ שטויס צו דער העפטיקער וואַלד־עקספּלואַטאַציע אין יענעם געגנט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אייניקע צענדליק יאָר, און ס׳פלעגן דאָרט פאַרקערן אַסך וואַלד־סוחרים. שלמה, וואָס איז געווען אַ פּאָלאָנקער תושב, האָט געהאַט פיל צו־טאָן. אַלע האָבן שלמה׳ן געקענט און אויך ליב געהאַט, מחמת ער איז געווען זייער אַ באַריידעוודיקער און אַ פריילאַכער. מ׳האָט אים טאַקע גערופן דער „שמח בחלקו״. ער פלעגט זאָגן, אַז ווען ניט זיין „אשה־רעה״ שפרינצע־חיה וואָס פאַרפינסטערט אים דאָס לעבן, וואָלט ער געווען דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט.

שלמה איז ניט געווען ווי אַלע בעלי־עגלות. ער האָט זיך אונטערשיידט מיט זיין אייגנאַרטיקן כאַראַקטער און העכסטער אָרנטליכקייט. ווען צום ביישפּיל, אַ פּאַסאַזשיר פלעגט אים וועלן באַצאָלן פאַר דער שטרעקע זשערעבילאָווקע—פּאָלאָנקע (ער פלעגט אויך פירן פּאַסאַזשירן) מער ווי דער מקח איז געווען, פלעגט שלמה ניט וועלן נעמען. ער פלעגט זאָגן, אַז ביי אים איז ווי ביי דער באַן — פעסטע פרייזן, ניט מער און ניט ווייניקער. מיט אַלע וואַלד־סוחרים איז ער געווען „פּאַניע בראַט״, אַנ׳אייגענער מענטש. אַראָפּגייענדיק פון באַן אויף דער סטאַנציע זשערעבילאָווקע, פלעגן די סוחרים שוין דערוויסן זיך ביי שלמה׳ן וואָס עס הערט זיך אין זייערע וועלדער, ווי עס גייט די „טשאַסקע״ (דאָס אַראָפּלאָזן די ביימער), די „וואָזקע״ (דאָס פירן די האָלץ) א. א. וו. שלמה איז געווען ביי די סוחרים אויך אַ פּאָטשטאַליאָן און פלעגט באַזאָרגן זייער קאָרעספּאָנדענץ.

ווי געזאָגט, איז שלמה געווען באַקאַנט מיט די סוחרישע געשעפטן, אָבער ניט ווייניקער האָבן זיך די סוחרים אינטערעסירט מיט שלמה׳ס פאַמיליען־ענינים. זיי האָבן זיך שטענדיק נאָכגעפרעגט אויף זיין טאָכטער אין ווילנע און אויף זיינע זין אין אַמעריקע, וואָס פלעגן אים שיקן עטלעכע דאָלער אויף יום־טוב.

צו פאָרן מיט שלמה׳ן איז געווען אַ פאַרגעניגן, אַנ׳אינטערעסאַנטע צייט־פאַרוויילונג. פלעגט מען זיך טאָקע ניט היילן און פאָרן די קורצע שטרעקע לאַנגזאַם, פּאַוואָליע, כדי במשך פון דער רייזע צו אונטערהאַלטן זיך מיט שלמה׳ן. שווייגנדיק איז ער קיינמאָל ניט געווען; ער פלעגט שוין געפינען ווענן וואָס צו כאַפּן אַ שמועסל. אגב, איז ער אויך געווען אַ בעל־מנגן און האָט געקענט אַלע סקאַרבאָווע ניגונים און טראָפּ און פלעגט אונטערברומען זיי, פאָרנדיק, אַלע צום סעזאָן און צוגעפּאַסט צו אַ נאָענטן יום־טוב.

שלמה פלעגט אויך ליב האָבן צו דערציילן פון זיין „קאַשטאַנטשיק״, וועלכער אַרבעט ביי אים שוין פיל יאָר און קיינמאָל קיין שמיץ ניט באַקומען, ווייל ער, קאַשטאַנטשיק, האָט זייער אַ קלוגן פערדישן קאָפּ און פאַרשטייט אַלץ אויפ׳ן ווונק. — „איי, צו וואָס דער בייטש? — איז, ערשטנס, פּאַסט עס צום בעל־עגלה׳ישן שפּאַן, און צווייטנס, איז ער מיר נייטיק צו אַנדערע צוועקן, ווי אָפּצוטרייבן די פליגן פון קאַשטאַנטשיק און די קינדער וואָס היינגען זיך אָן הינטערן וואָגן, און אַמאָל — אויך קעגן מיין ארורה...״ —

ער האָט אָפּט ליב געהאַט צו איראָניזירן איבער שלמה המלך. ער האָט זיך געפילט מיט אים אַלס אַ גאַנצער מחותן,

אַ מין שני בשלישי, ווייל ער האָט געטראָגן זיין נאָמען...

— „הערט אַ מעשה, — פלעגט ער זאָגן, — אויסער מיר, שלמה פּאַלאַנקער, האָט עקזיסטירט נאָך אַ שלמה, אַ יידישער קייסער, וועלכן מ'האָט געקרוינט אַלס דעם גרעסטן חכם. פאַרוואָס — פאַרשטיי איך ניט. אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט געהאַט טויזנט ווייבער און קיין איין רעכטע ניט געפונען? — איי איז דאָס אַ חכמה! ער האָט דאָך אַלע מיט אַמאָל ניט גענומען... ווען ער האָט שוין געהאַט 10, אָדער לאָ'מיר זאָגן 100, און זיי האָבן ניט געטויגט, — טאָ צו וואָס איז ער ווייטער געקראָכן אין אומגליק?...“ —

נאָך אַ מעשה פלעגט ער דערציילן וועגן שלמה המלך: פאַרשטייענדיק די שפּראַכן פון אַלע חיות און פייגלען, האָט ער אַמאָל אונטערגעהערט, ווי דער „וואָראַבייטשיק“ זאָגט צו זיין „זי“: „ווען איך וויל קען איך כהרף־עין איבערוואַרפן דעם קייסער'ס פּאַלאַץ אויף יענער זייט ים“. — שלמה המלך האָט זיך זייער פאַרוווּנדערט און ער האָט געפרעגט דעם פויגל, וואָס מיינט ער דערמיט און ווי אַזוי קען ער דאָס מאַכן. דער פויגל האָט זיך אָבער צולאַכט מיט זיין פויגלשן געלעכטער און האָט געענטפערט: „דאָס ביסטו, דער וועלט־חכם? וואָס גייט עס דיר אַ שטייגער־אָן, ווען איך באַרים זיך פאַר מיין ווייב? —“

אָט אַזוי האָט שלמה דער בעל־עגלה חוזק געמאַכט פון שלמה המלך.

שפּרינצע־חיה, שלמה'ס פלונית'טע, איז געווען ניט נאָר אַ יידענע אַ קאָזאַק, נאָר אַ גאַנצער טשערקעס... איר צינגל איז געגאַנגען ווי אויף רעדלאַך, און פון איר מיילכל האָט שטענדיק געשפּריצט מיט פייער. דער צוועק פון איר לעבן איז באַשטאַנען צו היטן די אינטערעסן פון רבונו של עולם אין שטעטל, זיי זאָלן חלילה ניט פאַרלעצט ווערן; מ'זאָל זיין פרום און היטן זיינע געבאָטן, ווי ס'באַדאַרף צו זיין. מיט איין וואָרט, זי איז געווען גאָטס סטראַפּטשע, און האָט געהאַלטן אויג אויף אַלץ און אויף אַלעמען, — און אַך און וויי איז געווען צו יענעם, וועמען מ'האָט געכאַפּט ביים קלענסטן חטא: קיין צרות האָט אים שוין ניט געפעלט.

און אַזוי ווי שלמה פלעגט דורכשמוגלען אַ מנחה'לע, אַ מעריב'ל, צו אַ ברכה א. ד. גל., קען מען זיך לייכט פאַרשטעלן, וועלכע צרות ער האָט געהאַט פון זיין יידענע.

דעם אמת'ן גיהנום אָבער האָט ער געהאַט נאָך דעם פלייש־סקאַנדאַל, וואָס האָט אין יענער צייט געקלונגען אין דער גאַנצער געגנט אַרום פּאַלאַנקע און האָט געהאַט זיין פינאַל אין סלאָנים ביי ר' מרדכי'לען זצ"ל. נאָר לאָ'מיר דאָס איבערגעבן מיטן נוסח, ווי שלמה אַליין פלעגט דאָס דערציילן:

— „איר דאַרפט וויסן, אַז ביי אַלע צרות און געבראָטענע ליידן, וואָס איך טראָג אַריבער פון איר, פון מיין שפּרינצע־חיה, מוז איך זאָגן דעם אמת, אַז נאָך אַזאַ קעכין ווי זי, וועט איר אין דער גאַנצער גובערניע ניט געפינען. איר דאַרפט וויסן, אַז שפּרינצע־חיה האָט פיל יאָר געדינט ביים גביר פון שטעטל, ביי וועמען עס פלעגט עסן מיטאָג דער אוראַדניק און אַמל אויך דער פּריסטאַוו אַליין, וועלכער פלעגט זיך אָפּט וויצלען און זאָגן, אַז אַזאַ קעכין האָט געפּאַסט פאַר'ן גובערנאַטאָר. נאָר ניט דאָס בין איך אויסן. הערט אַ מעשה: ביי אונדז אין שטעטל, ווי אין אַלע קליינע שטעטעלאַך, לייגט דער קצב אַלע דאָנערשטיק אַוועק אַ שטיקל, און אַלע בעל־הבית'טעס נעמען פלייש אויף שבת. ביי מיר איז געווען איינגעפירט, אַז אַלע פרייטיק פלעגט שפּרינצע־חיה אויסבראָטן אויף וואַרעמס אַ שטיקעלע פלייש מיט קאַרטאָפל, און די איבעריקע פלייש איבערלאָזן צום טשאָלנט. אין איין שיינעם פרייטיק, נאָכדעם ווי מיין יידענע האָט פאַרוקט די געבראָטנס אין אויוון, גיט זי אַ כאַפּ די רויהע פלייש וואָס איז געבליבן פאַר'ן טשאָלנט, באַטראַכט עס פון אַלע זייטן און ווערט עפּעס אומרוהיק, אַלס אַלטע בעל־הבית'טע געפעלט איר עפּעס נישט די פלייש. ס'זעט אויס ווי טריפה. מיטאַמאָל, איז זי מיט די פלייש אין האַנט אַרויסגעלאָפן פון שטוב און איז פאַרשוווּנדן...

„דערווייל האָט זיך דער געשמאַקער ריח גענומען טראָגן צו מיר פון אויוועלע און שטאַרק גערייצט מיין אַפּעטיט. ניט קענענדיק זיך דערוואַרטן ביז מיינע וועט קומען, האָב איך אַרויסגענומען די ליאַכינקע מיט די געבראָטנס פון אויוועלע, אַריינגעוואָרפן אין טעלער, איבערלאָזנדיק איר חלק, און זיך גענומען צו דער אַרבעט, אַזש אַ רויך איז געגאַנגען... כ'האָב נאָך ניט באַוויזן זיך צוצולייגן נאָכן עסן אויפ'ן טאַפּטשאַן, ווי מיין שפּרינצע־חיה איז געקומען צולויפן און גלייך צום אויוון... ביז וואַנען זי האָט דערזען דעם חורבן, האָב איך שוין געמאַכט פליטה פון שטוב. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פלייש איז געווען „זאַדקאָווע“ (טריפער הינטער־חלק). דער קצב איז געוואָרן אַ האָז... מען איז געפאָרן צו ר' מרדכי'לען זצ"ל, וועלכער האָט טריף געמאַכט די געפעס פון גאַנץ שטעטל. אַמבעסטן האָבן דערפון גענאָסן די שטעטלשע גויים, וועלכע האָבן פאַר גראָשנס אָפּגעקויפט די בעסטע „פּאַסודע“ (געפעס). נאָר פון דאַמאָלסט־אָן האָט זיך ביי מיר אָנגעהייבן דער אמת'ער גיהנום. שפּרינצע־חיה האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם טרייפן וואַרעמס, וואָס איך האָב געגעסן יענעם פרייטיק“...

אַזוי פלעגט פאַרענדיקן שלמה דערציילן וועגן זיין „גיהנום“ אין שטוב...

---

אין יאָר 1915 איז שלמה קראַנק געוואָרן אויף אַ ראַק (קאַנצער) און איז געשטאָרבן אין סלאָנימער שפּיטאָל, ווו איך האָב אים אייניקע מאָל באַזוכט.

## נחום איש־גוזמא

איר קענט אפשר מיינען, אַז דאָ רעדט זיך וועגן באַוווּסטן תנא נחום־איש־גמזו, וועלכער האָט באַקומען אַזאַ צונאָמען, ווייל ער פלעגט אויף יעדע צרה זאָגן: גם זו לטובה. ניין, אונדזער נחום איז געווען אַ גאַנץ געוויינלעכער מענטש, אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר, וואָס האָט אַרענדירט נעבן סלאָנים אַ וואַסער־מיל און אַ סמאָליאַרניע, און האָט באַקומען דעם צונאָמען „בעל־גוזמא“, צוליב די אויסטערלישע גוזמא'דיקע מעשיות, וואָס ער פלעגט דערציילן. כ'וועל טאַקע מיך ניט פאַרנעמען מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון דער פּערזאָן, וואָס וואָלט געווען ניט זייער אינטערעסאַנט, נאָר בלויז איבערגעבן אייניקע פון זיינע באַרימט־געוואָרענע „מעשיות“, וועלכע ער פלעגט דערציילן נישט אַלס וויץ, נאָר בתמימות און אַמאָל

אפילו מיט באַגייסטערונג, אַלס געשעענע פאַקטן, וועלכע ער האָט אַליין דורכגעמאַכט אָדער בייגעווויינט.

איך רוף־אָן זיינע מעשיות „גוזמאות" און נישט „ליגנס", ווייל זיי האָבן אַלע שטענדיק געטראָגן אַן אומשולדיקן כאַראַקטער, זיי האָבן קיינעם ניט באַליידיקט און קיינעם׳ס אינטערעסן ניט אָנגערירט.

## דער זייגער

קומנדיק צופאָרן אין שטאָט אויף פסח, דערציילט ער איינמאָל אַזאַ מעשה: „ווינטער צייט פאָר איך אַזוי אין מיין שליטן איבער דער פאַרפראָרענער אָזערע. מיט אַמאָל גיט זיך דער שליטן אַ קער־איבער און וואַרפט מיר אַרויס אויפן שניי. ווען כ׳בין אַריין צוריק אין שליטן, האָב איך דערזען אַז מיין טאַשן־זייגער איז ניטאָ. דער שניי איז געווען טיף און ס׳איז ניט מעגליך געווען צו געפינען. פאַרפאַלן! ערשט ווען מיר האָבן געכאַפּט פיש אויף פסח, באַמערק איך, ווי איין פיש האָט עפּעס אַ צו־גרויסן בויך. — זלאַטע, — זאָג איך צו מיין וויב, — כ׳קען שווערן, אַז דאָ איז מיין זייגער. און כך הווה: מ׳האָט אויפגעשניטן דעם פיש און אַרויסגענומען דעם זייגער אָן אַ פּגימה. ער האָט זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט אין גאַנג"... דאַביי נעמט ער אַרויס דעם זייגער און ווייזט אַלעמען אויף וווּנדער...

## סאַלניטשקעס (זאַלץ־מעסטלאַך)

און אַ צווייטע מעשה מיט אַ פיש: „מ׳האָט איינמאָל ביי מיר אין אָזערע געכאַפּט אַזאַ גרויסן פיש, אַז מ׳האָט אים בשום אופן ניט געקענט אַרויסשלעפּן פון וואַסער. מ׳האָט געמוזט ברענגען אַ זעג, צוזעגן אים און אַרויסנעמען שטיקערווייז. פון דעם בלוט איז די גאַנצע וואַסער אין אָזערע געוואָרן רויט, און פון חוט־השדרה פון דעם פיש האָט מען געמאַכט סאַלניטשקעס"...

## די שפּרינגענדיקע טשוועקעס

איך האָב דעם נחום־איש־גוזמא ספּעציעל גוט געקענט, ווייל מיר האָבן געהאַט געשעפטלעכע באַציהונגען (איך האָב אויך אַרענדירט סמאָליאַרנעס און געהאַנדלט מיט טערפּענטין). ער פלעגט ביי מיר אָפט נעמען ליידיקע פעסער אויף אָנצופילן מיט טערפּענטין. איידער מען פילט אָן אַ פאַס, גיסט מען איר געווייינלעך אָן מיט הייסע וואַסער, מען פאַרשפּונדעוועט גוט די לאָך און מען שאָקלט שטאַרק די פאַס, כדי זי זאָל זיך גוט אויסוואַשן. קומט ער איינמאָל צו אונדז און דערציילט, אַז ס׳האָט געקענט טרעפן אַן אומגליק מיטן אַרבעטער, וואָס האָט געוואַשט די פאַס: און נעמליך, די וואַסער איז געווען אַזוי הייס, אַז די טשוועקעס האָבן אָנגעהייבן צו שפּרינגען פון די קלעפּקעס... איין טשוואָק האָט דעם אַרבעטער שיעור ניט געטראָפן ביים אויג. ווען ער טרעפט עטוואָס ווייטער, וואָלט ער אים די אויג אויסגעהאַקט...

## די שלאַנגען

אין אָנהייב יאָרהונדערט האָט איינער אַ סלאָנימער בערל באַרעצקי געהאַלטן אין אַרענדע ביים פּריץ מיקולסקי אין ראַכילאָווקע אַ סמאָליאַרנע. איינמאָל קומט ר׳ נחום אין סלאָנים און דערציילט אַזאַ מעשה:

„איך בין געקומען צו בערלען אין ראַכילאָווקער הויף וועגן עפּעס אַנ׳עניין. ערשט איך דערהער, אַז דאָרטן אין סמאָליאַרנע זיינען דאָ פיל שלאַנגען, און איידער די אַרבעטער וואַרפן די קאַרטשעס אין טערפּענטין־איווון אַריין, מוזן זיי מיט העק אָפּריינדיקן די קאַרטשעס פון די שלאַנגען. אַז איך האָב דאָס דערזען, האָב איך בערלען געראָטן קויפן הענטשקעס פאַר די אַרבעטער און וואַרפן די קאַרטשעס מיט די שלאַנגען אין איווון, און מ׳האָט מיר געפאָלגט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נאָכדעם ווי מ׳האָט פאַרמאַכט דעם איווון און אונטערגעהייצט, האָבן די שלאַנגען אין איווון אויפגעהויבן אַזאַ גערודער, אַז מ׳האָט ניט געקענט שלאָפן אין די הייזער, וועלכע זיינען געווען זייער ווייט פון די איווונס... און נאָכהער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ דאַנק די שלאַנגען האָט מען פון איווון באַקומען מיט 15 פוד מער טערפּענטין ווי געוויינלעך..."

## די געפּלאַצטע רייפן

אין זעלבן מאַיאָנטעק ראַכילאָווקע ביים פּריץ מיקולסקי, וועלכער איז געלעגן ניט ווייט פון סלאָנים, האָבן אָנהייב יאָרהונדערט געלעבט אייניקע יידישע משפחות, אַחוץ דעם בערל באַרעצקי, אַזוי אַז אויף ימים־נוראים פלעגן זיי דאָרטן איינאָרדנען אַ מנין. איינמאָל, פאַר ימים־נוראים דערציילט נחום אַזאַ מערקווירדיקן פאַל:

„הערט אַ מעשה: איך קום איצט פון ראַכילאָווקע. איר ווייסט דאָך, אַז דאָרטן איז דאָ אַ ספּיריטוס־ברויז. גראָד איז דאָרטן געווען אַ חזן אויף פּראָבע, וואָס האָט באַוויזן די דאָרטיקע יידן וואָס ער קען. און אַזוי ווי איך גיי איבער׳ן הויף, באַגעגנט מיר דער פּריץ און פרעגט מיר ווער זינגט דאָס. האָב איך אים ערקלערט ווער דער זינגער איז. איז דער פּריץ געוואָרן טשעקאַווע, און מיר זיינען ביידע אַריין אין ברויז, ווו דער חזן איז דאָרט געווען מיט זיינע „פּאַרהערער". לכבוד דעם פּריץ האָב איך געבעטן דעם חזן אַ זינג־טאָן אָבער אַזוינס און אַזוינס. יאָק שיען נאַלעזשי" (ווי ס׳דאַרף צו זיין)... שטעלט אייך פאָר, אַז דאָס האָט געבראַכט אַזאַ אומגליק, אַז איך איצט טרייסלען מיר נאָך די הענט פון שרעק: ווען דער חזן האָט מיט זיין שטאַרקן באַריטאָן אויף דעם אויבערשן „צע" אַ צי־געטאָן „המלך", האָבן פון די שטאַרקע לופט־באַוועגונגען אָנגעהייבן שפּרינגען אַלע געגנשטאַנדן אויף די טישן, און די רייפן פון אַ טשאַן (אַ גרויסע פאַס) מיט ספּירט זיינען צופּלאַצט געוואָרן, און מיר זיינען געבליבן שטיין ביז די קני אין ספּירט"... —

נחום האָט געוווינט אין הויף, ניט ווייט פון סלאָנים, ווו ער האָט אַרענדירט די סמאָליאַרנע און דעם וואַסער־מיל, און פלעגט יעדע וואָך קומען אין שטאָט, און שטענדיק מיט אַ נייע מעשה... ער איז פאַר מיר געווען און געבליבן אַ רעטעניש. אַ מענטש אַ סוחר, ווייט ניט קיין נאַר, און דאָך, ווען די גאַנצע שטאָט פלעגט גיין אויף רעדלאַך, ווען עס פלעגט ערשיינען אַ נייע אויסגאַבע פון זיינע אָריגינעלע „מעשיות", האָט ער אַליין קיינמאָל ניט באַגריפן, אַז מיט זיינע אומגעלומפּערטע גוזמאות איז ער געוואָרן אַן אָביעקט פון חוזק פון וועלכן מ'פלעגט זיך פרייליך מאַכן, — און ער פלעגט ווייטער דערציילן מיט איבערצייגונג און פּאַטאָס וועגן די אַלע משונה'דיקע פּאַסירונגען.

אפשר איז גערעכט יענער פּסיכיאַטאָר, וואָס האָט באַגרינדעט די טעאָריע, אַז ס'זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע, צוליב אַ באַשטימטער פּסיכאָלאָגישער איינגעבאָרענער געהירן־אייגנשאַפט, בויען פאַנטאַזיעס און הייבן נאָכהער אָן צו גלויבן, אַז זייערע פאַנטאַזיעס זיינען געשעענע פאַקטן און ריינער אמת. אפשר איז אונדזער נחום איש־גוזמא געווען איינער פון אַזעלכע?

## איצעלע רובינרויט

אויב איר מיינט, אַז כדי צו ווערן אַן אַדוואָקאַט מוז מען דווקא פריהער ענדיקן אַ מיטל־שול, נאָכהער אַ הויכשול, נאָכדער יאָרן־לאַנג פּראַקטיצירן אין געריכט אָדער ביי אַן אַדוואָקאַט, ביז מען איז זוכה געקרוינט צו ווערן מיט דעמדאָזיקן הויכן און וווילקלינגענדיקן טיטול, — האָט איר, במחילה, אַ טעות. אָט נעמט, למשל, איטשע רובינרויט, אַ מענטש וואָס איז געווען כמעט אַ אַנאַלפאַבעט, וואָס האָט קוים געקענט אָנשרייבן אַן אַדרעס, זעלטן ווען אָן פעלערן, און דאָך האָט ער געמאַכט אַ לעבן פון אַדוואָקאַטור, און איז געווען אַ יוצא ונכנס ביי די ריכטער און אַ גאַנצער קאָכלעפל אין געריכטס־זאַל.

נאָך אידער דער ריכטער איז געקומען, איז שוין רובינרויט געווען ביי דער אַרבעט, צוזעצט דעם עולם אויף די ערטער, די עדות אין זייער צימער, אַרומגעלאָפן הין און צוריק און געמאַכט „אַרדענונג". ביים אָנקומען פון ריכטער פלעגט רובינרויט, ווי דער דיריגענט ביים אָרקעסטער, אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט אין דער הויך, אַזוי ווי יענער מיטן שטעקעלע, און אַ געשריי־טאָן: ווסטאַוואַט! (אויפשטיין!). ווען דער ריכטער פלעגט זיך אַנידערזעצן, פלעגט ער, רובינרויט, אַ פאָכע טאָן מיט דער האַנט אַרונטער, אויסשרייענדיק: סאַדיטסיאַ! (זיך זעצן!). בעת די פאַרהאַנדלונגען אין געריכט, פלעגט ער אויך ניט בלייבן זיצן רוהיק. זיין אַרבעט איז געווען אַריינפירן די עדות, אַרויספירן זיי פון זאַל און בכלל אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין אָרדנונג. דאָרט שושקען זיך אַ פּאָר מענטשן, — רובינרויט לויפט־צו אויף די שפּיץ־פינגער און סטראַשעט זיי אויפ'ן וווּנק; איינער הויבט־אָן צו הוסטן, — רובינרויט איז שוין נעבן אים און שיקט אים אַרויס פון זאַל. דער עולם, בפרט די פּויערים, זעענדיק אַז ער פאַרנעמט אַזאַ חשוב'ן אָרט אין געריכט, פלעגט זיך ווענדן צו אים נאָך יורידישע הילף. ער פלעגט זיי אויסהערן און הייסן קומען שפּעטער נאָך דער „פּראַשעניע" (די ביטע צום געריכט). איינצווישן פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן צו אַ באַקאַנטן וואָס קען רוסיש, וועלכער פלעגט אים די ביטע אָנשרייבן אומזיסט... ביי ערנסטערע פּראָצעסן פלעגט ער מיטן קליענט אַוועקגיין צו זיין „שותף" אַן אַדוואָקאַט, אים איבערגעבן דעם פּראָצעס און נאָכדעם באַקומען זיין פּראָוויזיע.

וועגן זיין אַדוואָקאַטור פלעגן אַרומגיין פאַרשיידענע אַנעקדאָטן. אַזוי צום ביישפּיל, פלעגט מען דערציילן, אַז אין זיין צימער זיינען אַלע ווענט געווען פאַרשריבן מיט „זאַקאָנעס" (געזעצן). איינמאָל ווען ער איז אָפּגעפאָרן אויף אַ לייִנגערע צייט, האָט די בעל־הבית'טע אויסגעקלעפּט דעם צימער מיט נייע טאַפּעטן. מ'קען זיך פאָרשטעלן זיין פאַרצווייפלונג, ווען ער איז צוריקגעקומען און האָט דערזען דעם חורבן, וואָס מ'האָט אָנגעמאַכט אין זיין יוריספּרודענץ. צום גליק איז איין פּאַראַגראַף, נעמלעך דער נומער 129, פאַרבליבן גאַנץ, און פון דאַן־אָן פלעגט ער אין זיין פּראַקטיק זייער אָפט באַנוצן דעם דערמאָנטן פּאַראַגראַף, ס'רוב, פאַרשטייט זיך, ניט ווו מען דאַרף, — פון וואָס זיינע „קאָלעגן" האָבן זיך געהאַלטן ביי די זייטן...

טראָץ דעם איז ער ניט איינמאָל אַרויס פון געריכט־זאַל אַלס זיגער. אויב איר ווילט געפינען דעם שליסל צו דער רעטעניש, — דאַרפט איר וויסן, אַז ער האָט נושא־חן געווען ביי די ריכטער, באַזונדערס ביים ריכטער ביקאָווסקי. זיי האָבן אים ליב געהאַט צוליב זיין ערלעכקייט, און אפשר אויך צוליב דעם, וואָס זיין „אַדוואָקאַטור" האָט זיי געמאַכט שפּאַס און אַריינגעבראַכט אין אַ גוטן הומאָר.

---

אָבער אויסער אַדוואָקאַט, איז איטשע רובינרויט אויך באַרימט געווען אין שטאָט אַלס „פּאַזשאַרניק" (פייערלעשער), און ער האָט אין דער פייערלעשער־געזעלשאַפט געשפּילט ניט קיין קלענערע ראָלע, ווי אין דער „אַדוואָקאַטור". ס'איז כמעט אוממעגלעך געווען צו ריידן וועגן די פּאַזשאַרנע און ניט דערמאָנען דאָביי איטשע רובינרויט'ן. פאַר דער גאַנצער צייט, זינט די „פּאַזשאַרנע" עקזיסטירט (פון 1897) און ביז זיין טויט אין 1915, איז דען מעגלעך געווען אַ שריפה, אַ „טרעוואָגע" (אַ איבונגס־מאַנעווער פון די פייערלעשער), אַ פּאַראַד, אָדער אַ פאַרווײַלונג פון די פּאַזשאַרנע — אָן איטשע רובינרויט'ן? און ניט אַלס גאַסט, נאָר אַלס איינער פון די הויפּט־מחותנים, כאָטש קיינער האָט אים ניט איינגעלאַדן און קיינער האָט אים ניט נייטיק געהאַט. העכסטנס, האָט מען אים געדאַרפט האָבן אַלס דעקאָראַציע צו דער פאָרשטעלונג... זייענדיק אַן אַלטער בחור, אַ קבצן אין זיבן פּאָלעס, מאָגער און קליינגעוויקסיק, פלעגט ער ביי אַלעמען אַרויסרופן אַ גוטמוטיקן שמייכל, ווען ער פלעגט דורכגיין די גאַס אין פולן אוניפאָרם מיטן מעשענעם העלם אויפן קאָפּ, טראַכטנדיק אַז ער האַלט־אויף די גאַנצע פּאַזשאַרנע, אַז „צאַלע מיאַסטאָ נאַ מאָיעי גלאָוויע"... (אַ פּויליש שפּריכוואָרט, וואָס איז געווען גאַנגבאַר אין סלאָנימער יידיש אויך ביי די רוסן. רעד.). יאַקאָבסאָן פלעגט זיך וויצלען איבער אים, זאָגנדיק אַז ער דערמאָנט אים אָן דאָן־קישאָט. עס פעלט נאָר זיין דינער סאַנטשאָ ביי דער זייט.

די פּאָזשאַרנע איז געווען זיין אידעאַל, דער אינהאַלט פון זיין לעבן, כאָטש פּאַקטיש האָט ער דאָביי קיינמאָל גאָרניט אויפגעטאָן. זיין וויסן אין דער פייערלעשער־קונסט איז געווען אַזוי גרויס ווי אין דער אַדוואָקאַטור. אויך אויף דעמדאָזיקן געביט פלעגן קורסירן וועגן אים פאַרשיידענע אַנעקדאָטן. מען פלעגט, למשל, דערציילן, אַז ביי אַ שריפה כאַפּט ער זיך אַרויף אויף אַ פור וואָס פירט אַ פעסל וואַסער, און רייטנדיק אויף דער פעסל אין פולן פּאָזשאַרנעם אוניפאָרם, — טוט ער אַ געשריי צום אָנטרייבער: „גיכער, גיכער, אָן מיר וועט קיין אָרדענונג ניט זיין!" —

באַזונדערס טעטיק איז רובינרויט געווען ביי די וואַלן צו דער פּאָזשאַרנער פאַרוואַלטונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון 6 אָנגעזעענע קריסטן און 6 יידן פון די „פּני". צו זיין אַ מיט־גליד אין דער פאַרוואַלטונג האָט זיך דאַן גערעכנט פאַר אַ גרויסן כבוד. אמת, יאַקאָבסאָנ'ס אָרט איז, אַלס גרינדער, שטענדיק געווען פאַרזיכערט, אָבער עס זיינען געווען אַסך בעלנים אויף די אַנדערע ערטער, און דער קאַמף דאָביי פלעגט זיין אַ העפטיקער. אָט דעמאָלט איז געווען איטשע רובינרויט'ס הויפּט־סעזאָן... שוין מיט אַ צייט פריהער פלעגט ער אַרומ־גיין צווחוש'ט און פאַרטאַראַראַמעוועט, די היטל פאַריסן אין אַ זייט, און אין האַנט צעטעלאַך מיט נעמען פון פאַרשיידענע קאַנדידאַטן. קיין איינפלוס האָט ער ניט געהאַט, אָבער קאַליע מאַכן קען דאָך אויך אַ קאַץ, — האָט מען אים גע'חנפ'עט און געצערטלט פון אַלע זייטן: ר' איטשע, קומט אויף גלאָז טיי; ר' איטשע, היינט וועלן זיין ביי מיר געסט, קומט אַריין; א.א.וו. איטשע רובינרויט פילט דאַן זיין קראַפט, ער טריאומפירט, ער פילט זיך ווי אַ קאַץ אין סמעטענע...

מ'דאַרף אָבער זאָגן דעם אמת: מיט געלט האָט מען אים ניט געקענט אונטערקויפן. ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש מיט פיל אַמביציעס, פון וועלכע די הויפּט־אַמביציע איז געווען צו פיגורירן, צו פאַרנעמען אַן אָרט אין דער געזעלשאַפט, אויף וואָס עס זיינען אייגנטלעך „געכאַפּט אין דער מעשה" אַסך לאַ־יוצלח'ס...

איטשע רובינרויט פלעגט אַריינקומען אין פיל הייזער און מ'האָט אים אומעטום געדולדעט. דאָס האָט ער געטרונקען טיי, דאָ געגעסן אַ וואָרט־ברויט, און אָפט פלעגט מען אים אויס־נוצן צו שטובישע ענינים: צו שאָקלען די וויגעלע, אָדער שטופּן דעם וועגעלע פון אַ קליין קינד, צו שפּאַצירן מיט די קינדער, אָדער אָפּפירן זיי אין שולע א. א. וו. קינד און קייט האָבן געקענט איטשע רובינרויט. ער איז געווען אַן אָריגינעלער טיפּ, אַ קאָכלעפל אין שטאָט, — און האָט קיינמאָל קיינעם ניט אָנגעטאָן קיין שלעכטס.

אָט אַזוי האָט איטשע רובינרויט אויסגעלעבט זיינע יאָרן אין סלאָנים. פונקט צום אַריינגיין פון די דייטשן אין שטאָט, דעם ערשטן סעפּטעמבער 1915, איז איטשע רובינרויט אַוועק אין זיין אייביקער רו. און דעם מענטש, וועלכער האָט אַזוי געגאַרט צו „פיגורירן" און האָט געהאַט אַזאַ שוואַכקייט צו אוניפאָרמען, צו פּאַראַדן און צו אַביסעלע כבוד, — איז באַשערט געווען אַ לוויה, ווי לויט זיין ווונטש: די דייטשע סאָלדאַטן, וואָס זיינען אַקאָרשט אַריין אין שטאָט דורך רוזשנאַיער גאַס און האָבן זיך אָנגעשטויסן אָן זיין בידנע לוויה, וועלכע איז געווען באַגלייט קוים דורך אַ פּאָר חברה־קדישא־לייט, — האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווילע און אָפּגעגעבן אים דעם לעצטן כבוד מיט אַ מיליטערישן סאַלוט.

## סטאַנציע „מען קען"
## און דעם זעלווער'ס מציאות

ווען ס'האָט זיך געעפנט די אייזנבאַן־ליניע ביאַליסטאָק—באַראַנאָוויטש מיט סלאָנים אַלס איינע פון אירע הויפּט־סטאַנציעס, איז זי אינגיכן געוואָרן, ווי דער גאַנצער באַנען־נעץ אין תחום־המושב (טשערטאַ־אָסעדלאָסטי) אין רוסלאַנד, אַ מין „יידישע ליניע". און ניט קיין וווּנדער: זי האָט באַדינט אַ געדיכטן יידישן געביט פון גראָדנער און אַ טייל מינסקער גובערניעס, מיט די היבשע קרייז־שטעט ביאַליסטאָק, וואָלקאָוויסק, סלאָנים און באַראַנאָוויטש און פיל צענדליקער יידישע שטעטלאַך וואָס ליגן אין דער פּעריפעריע פון די קרייז־שטעט. יידן האָבן זיך געפילט אין די באַנען ווי ביי זיך אין דער היים. זיי פלעגן זיך מייסטנס קאָנצענטרירן אין איניקע וואַגאָנעס דריטן קלאַס. מען פלעגט שמועסן, דיסקוטירן אויף וואָס די וועלט שטייט און בקול רם, ווי אונדזערע יידעלאַך, זאָלן געזונט זיין, האָבן ליב. איז איינער אַן אָבל, אָדער האָט עמיצער יאָרצייט, איז שטענדיק געווען אַ מנין און גלייך אויפ'ן אָרט. מען פלעגט זיך ווייצלען, אַז על־פּי־הדחק קען מען דעם קאָנדוקטאָר אויך מצרף זיין צום מנין, — אַזוי ווייט זיינען די קאָנדוקטאָרן געווען אויפגעלעבט מיט אחינו בני ישראל...

די קאָנדוקטאָרן זיינען פּאַקטיש געווען די „בעלי־בתים" אין די וואַגאָנעס, און די יידן זיינען ביי זיי געווען די בעסטע „קונדן"... ווי קומט אַ וואַגאָן־קאָנדוקטאָר צו האָבן קונדן? — דער תירוץ איז, אַז אַ טייל יידישע פּאַסאַזשירן פלעגן פאָרן „מיט'ן קאָנדוקטאָר", ד. ה. מען פלעגט אים צאָלן פאַר די רייזעס, און נאַטירלעך פיל ביליקער, ווי ס'קאָסט אַ רייזע־בילעט. אַזוי האָבן זיך געפירט כמעט אַלע קאָנדוקטאָרן פון דער ליניע און במשך פון פיל יאָרן, און ווען ס'וואָלט זיך געפונען אַן אָרנטלעכער קאָנדוקטאָר, וואָלטן דאָך די אומ־אָרנטלעכע ניט געקענט לאַנג ממשיך זיין מיט זייער פּראַקטיק פון „פּאַרקויפן" רייזעס... די קאָנטראָלע האָט ווייניק וואָס געהאָלפן, ווייל די קאָנדוקטאָרן זיינען געווען אַזוי גוט אָרגאַניזירט, אַז זיי האָבן געוווּסט יעדע באַוועגונג פון די קאָנטראָלערן. היות ווי די צוגן פלעגן דעמאָלסט שטיין אויף די סטאַנציעס אַ לענגערע צייט, פלעגן די פּאַסאַזשירן וועלכע האָבן געוואָלט „פאָרן מיט'ן קאָנדוקטאָר", אָפּוואַרטן מיטן קויפן אַ בילעט ביז דער צוג פלעגט אָנקומען, און שוין פון קאָנדוקטאָר געוויר ווערן צו „מען קען", ד. ה. צו שטייט ניט פאַר אַ שטריינגער באַזוך פון אַ קאָנטראָלער אין דער נאָענטער רייזע. אויב מען האָט געקענט פאָרויסזען אַזאַ באַזוך, פלעגט מען שוין קויפן אַ בילעט. נאָר אויב „מען קען", — פלעגט מען שוין „פאָרן מיט'ן קאָנדוקטאָר"... אגב, פלעגן די קאָנדוקטאָרן, אויסרופנדיק דעם נאָמען פון דער סטאַנציע ווו מ'קומט־אָן, צוגעבן (אויב קיין קאָנטראָלער איז ניט געווען צו זען): „סלאָנים מען קען", „זעלווע מען קען", און מען האָט שוין געוווּסט וואָס מען האָט צו טאָן...

די געוואַגטקייט פון די אָרגאַניזירטע קאָנדוקטאָרן אין

אָפּנאַרן די קאָנטראָלערן איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מ׳פלעגט אפילו אָפּטשעפּען אַ וואַגאָן, אין וועלכן ס׳זיינען געפאָרן די קאָנטראָלערן. אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען איינמאָל צווישן זשערעבילאָוקע און באַראַנאָוויטש, ווו מ׳האָט אינמיטן וועג איבערגעלאָזן אַ הינטערשטן וואַגאָן, וואָס עס האָט געקענט ברענגען צו אַ קאַטאַסטראָפע... אַ זאַך וואָס עס לאָזט זיך ניט גלויבן. איך בין גראַד דאַן געווען אין באַראַנאָוויטש, ווו ס׳האָט דאַן געקאָכט ווי אין אַ קעסל מיט דעם דאָזיקן אויסטערלישן פאַל. וויפל די אייזנבאַן־מאַכט האָט ניט געקעמפט מיט די דאָזיקע קאָנדוקטאָרן, האָט ניט געהאָלפן. האָט מען ביליקער געמאַכט די בילעטן, האָבן די קאָנדוקטאָרן געלאָזן זייערע „פּרייזן" נאָך ביליקער. און ווען די קאָנטראָלערן פלעגן לאַנגע צינגער מורמלען, אַז אַסך פון זיי זיינען אַליין אויך „אַקציאָנערן" אין דער „מען קען"־געזעלשאַפט...

דעם אמת געזאָגט, זיינען געווען אויך גויים, וואָס פלעגן „פאָרן מיט׳ן קאָנדוקטאָר", אָבער יידן זיינען געווען מערער. און די קאָנדוקטאָרן זיינען געווען זיכער, אַז ביי אַ דורכפאַל, וועלן זיי די יידישע פּאַסאַזשירן ניט „פאַרשיטן".

איינמאָל איז אויף דער שטרעקע סלאָנים—וואָלקאָוויסק צוליב אַ פויער „פאַרשאָטן" געוואָרן אַ גאַנצער וואַגאָן פּאַ־סאַזשירן: ס׳האָט פּאַסירט, אַז אומגעריכט האָט זיך אין באַן באַוויזן דער „מלאך־המות" (אַזוי פלעגט מען רופן די קאָנט־ראָלערן). דער קאָנדוקטאָר האָט וועגן דעם געגעבן צו וויסן באַצייטנס, און דער עולם „טריפה" פּאַסאַזשירן האָט זיך אַלאַז געטאָן „עמיגרירן": פון די פּאָליצעס (געלעגערס איבער די ביינק), פון די ביינק, פון די קאָרידאָרן איז מען אַרונטער־געקראָכן אונטער די ביינק. די „כשר׳ע" פּאַסאַזשירן, ד. ה. די וואָס האָבן געהאַט בילעטן, האָבן זיך צוזעצט אויף די ביינק און מיט די פיס פאַרשטעלט די „טריפה"... ווען דער קאָנטראָלער איז אַריין אין וואַגאָן, איז שוין אַלץ געווען „אין אָרדנונג". מיט אַמאָל דערזעט ער עפּעס אַ פּאָר טשאַבאָטעס (פויערשע שטיוול) סטאַרטשען אַרויס פון אונטער אַ באַנק. נאָך אַ זעץ פון קאָנטראָלערס שטיוול איבער די טשאַבאָטעס, איז פון אונטער דער באַנק אַרויסגעקראָכן אַ גרויסער, אויס־געשמירטער צושויבערטער גוי.

— אימעיעש בילעט? (האָסטו אַ בילעט?) — פרעגט דער קאָנדוקטאָר.

— אַ יאַק־זשע! (ווי זשע אַנדערש!) — ענטפערט דער גוי און שלעפּט אַרויס פון בוזים אַ טיכל, אין וועלכן ס׳איז געווען איינגעוויקלט דער בילעט.

— אַז דו האָסט אַ בילעט, טאָ צו וואָס ביסטו געקראָכן אונטערן באַנק? —

— אַז אַלע האָבן געקראָכן, האָב איך אויך געקראָכן, — האָט דער פויער נאַאיוו געענטפערט.

---

מ׳האָט זיך צווישן יידן געפילט אין די וואַגאָנען היימיש, און מען האָט זיך אויך ערלויבט צו פּראַווען ליצנות און „אָפּטאָן שטיקלעך" אויף וואָס די וועלט שטייט... אָט האָב איך בייגעוווינט אַ פּאָר אַזעלכע ליצנות־שטיק:

אַרויספאָרנדיק איינמאָל פון סלאָנים קיין ביאַליסטאָק, האָב איך אויסגעזוכט דעם „יידישן וואַגאָן", וועלכער איז געווען זייער אַ לאַנגער. כ׳האָב מיך געזעצט אין איין עק וואַגאָן, אַרויסגענומען אַ צייטונג און כמעט ניט באַמערקט, ווי אין צווייטן עק וואַגאָן האָבן יידן געדאַוונט מיט אַ מנין. צווישן די פּאַסאַזשירן האָט זיך געפונען דער באַקאַנטער אַנ־געזעענער סוחר און אינדוסטריעלער באַראַדיצקי, אַנ׳אָרטאָ־דאָקסישער און אָנשטענדיקער ייד, וואָס האָט ליב געהאַט ביי אַ געלעגנהייט צו מאַכן אַ שפּאַס. ער איז געזעסן מיט ה׳ פּנחס גרייעווער פון סלאָנים. איך האָב זיי ביידן גוט געקענט, און באַראַדיצקי האָט גוט געוווּסט, אַז איך בין נישט פון די „גאָטס־פאָרכטיקע".

נאָכ׳ן דאַווענען גייט ער צו צו מיר און פרעגט, אויב כ׳וואָלט געהאַט חשק צו „פאַרקויפן" אַ וועלכע ס׳איז מצווה פון איצטיקן דאַווענען, למשל, אַ ברכו, אַ קדושה, אַ אמן וכדומה. ער וועט שוין געפינען אויף דעם אַ בעלן... איך האָב גערן איינגעשטימט „העלפן" אים אין שטיקל שפּאַס וואָס ער פּלאַ־נעוועט. אין דעם איז איינגעשטיגן אין וואַגאָן אין זעלווע, אַ געוויסער ייד, וועלכן באַראַדיצקי האָט געקענט אַלס זייער אַ פרומען און אַ בעלן אויף אַזעלכע „מציאות". דער ייד איז געווען אַ זעלווער נ. וו. באַראַדיצקי האָט זיך גלייך געווענ־דעט צו אים:

— אָט דער ייד, — זאָגט ער, אָנווייזנדיק אויף מיר, — וויל פאַרקויפן אַ „ברכו". וואָס באַצאָלט איר דערפאַר? —

— 30 קאָפּיקעס, — ענטפערט דער זעלווער.

— ס׳איז אפילו צו־ביליק, — זאָג איך, — נאָר איך נייטיק זיך אין אַ ביסל מזומן... —

דער „געשעפט" איז געמאַכט געוואָרן. כ׳האָב באַקומען 2 זילבערנע גילדן, וועלכע כ׳האָב איבערגעגעבן דעם ה׳ גרייעווער אויף צדקה, און דער זעלווער איז געבליבן צופרידן מיט דער „מציאה" וואָס ער האָט געהאַנדלט. זיין שמחה האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, ווייל באַלד נאָכדעם האָט אים עמיצער פאַרטרויט אַ סוד, אַז בשעת׳ן דאַווענען בין איך גאָר געזעסן אין צווייטן עק, אָן אַ היטל און געלייענט אַ צייטונג. דער זעלווער מציאות־כאַפּער איז געוואָרן צוקאָכט, געפּאָדערט צוריק זיין געלט, — אָבער פאַרפאַלן! ה׳ גרייעווער האָט ערקלערט, אַז דאָס געלט איז שוין געוואָרן דאָס אייגנטום פון יענעם אָרעמאַן, פאַר וועלכן ער האָט דאָס גענומען...

אַנ׳ענלעכע טראַנזאַקציע האָט דערזעלבער ה׳ באַראַדיצקי געמאַכט מיט אַנ׳אַנדער יידן אויפ׳ן וועג פון ווילנע קיין סלאָ־נים. ער איז געפאָרן צוזאַמען מיט זיין שותף ה׳ סידעלניצקי און מיט מיין דאַמאָלסטיקן שותף ה׳ ישראל כאַמאַק. באַראָ־דיצקי האָט דאַן באַקומען פון מלוכה־באַנק אַ סומע געלט אין נייע קנאַקעדיקע אַסיגנאַציעס. ווען ער האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל 3־רובל׳דיקע, האָט דאָס באַמערקט אַ שכן אין וואַגאָן, וועמען דער אויסזען פון די נייע אַסיגנאַציעס איז שטאַרק געפעלן געוואָרן.

זעענדיק דעם שכנ׳ס נאַאיווע התפעלות, האָט באַראַדיצקי איינגעפונען אַז אַ שפּאַס מיט אַזאַ מין „קלייענט" וועט פאַלן אויף אַ גוטן באָדן. ער האָט אים אָנפאַרטרויט בסודי סודות, אַז ער מיט זיינע 2 מיטפאָרנדע „האַנדלען" מיט די אַסיגנאַ־ציעס, און אַז דאָס האָבן זיי נאָר וואָס באַקומען פון אויסלאַנד אין באַטרעף פון אַ גרעסערע סומע. בקיצור, פאַר 75 פּראָ־צענט (ד. ה. 75 קאָפּיקעס פאַר אַ רובל) קען ער דאָס קויפן...

מ׳האָט אים געגעבן אַ דרייערל אין האַנט. ער האָט דאָס גוט באַטראַכט און גענומען אונטערהאַנדלען. כדי צו איבערצייגן אים אין דער „גוטער אויסאַרבעטונג" פון דער סחורה, איז ישראל כּאַמאַק מיט אים אַראָפּ אויף דער נאָענטסטער סטאַנציע, געקויפט עפּעס ביים בופעט און באַקומען אַ רעשטע. הכלל, דער „געשעפט" איז געמאַכט געוואָרן אויף 1500 רובל. דער בעל־דבר האָט אָבער אַזוי פיל געלט ניט געהאַט ביי זיך, איז ער אַראָפּ אין לידע, און אויף מאָרגן האָט ער געדאַרפט קומען אין באַראַנאָוויטש מיט דער „אַפּותיקא" און זיך ווענדן צו אַ געוויסן בעל־אַכסניא... צו דער באַשטימטער צייט איז ער טאַקע געקומען אין דער אָפּגערעדטער אכסניא, אָבער אַנשטאָט די קנאַקעדיקע פּעקלאַך האָט ער דאָרטן געפונען אַ בריוו צוגעשיקט פון אונדזערע לצים, אין וועלכן זיי האָבן אים גוט אויסגעשייגעצט פאַר זיין חשק צו מאַכן אַזעלכע „געשעפטן"...

---

אייגנטלעך, האָט שלום־עליכם אין זיינע אומשטערבליכע ערציילונגען געשילדערט אַט די יידישע אַטמאָספערע אין די באַנען פון פאַר׳מלחמה׳דיקן רוסלאַנד (צווישן אַנדערע, די באַרימטע ערציילונג: „זעקס און זעכציק"). און אַזעלכע אויטענטישע פּאַסירונגען, ווי די וועלכע איך האָב אויבן געבראַכט, וואָלטן זיכער געקענט דינען אַלס טעמעס פאַר מייסטערהאַפטע נאָוועלן פון אַזאַ גאוניאַלן פען ווי שלום־עליכם׳ס.

**דר. חיים שאשקעס**

# דריי יאָר אלס „רעאַליסט" אין סלאָנים

## פון ביאַליסטאָק אין סלאָנים

פון די פיל הונדערטער שטעט און שטעטלעך מיט אַן אייגנאַרטיקן, פולבלוטיקן יידישן לעבנס־שטייגער, וועלכע איך האָב באַזוכט אין מיינע וואַנדערונגען — האָט זיך מיר טיף אין האַרצן איינגעקריצט די שטאָט סלאָנים.

אין יענער שטאָט, אויף דער גרענעץ פון פּאָלעסיע, וועלכע האָט דאַן אין אָנהייב יאָרהונדערט, געציילט אַרום 15 טויזנט איינוווינער, פון וועלכע אַכציק פּראָצענט זענען געווען יידן, האָב איך פאַרבראַכט דריי יונגע יאָרן אַלס שילער פון דאָרטיקער רעאַל־שולע.

אויך מיין געבורטס־שטאָט ביאַליסטאָק האָט פאַרמאָגט אַ רעאַל־שולע, וווּ עס האָט זיך געלערנט אַ הייפל יידישע קינדער, קוים צען פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל גויאישע שילער, אָבער איך בין שוין געווען אַ פופצן יעריקער בחורל, געקליבן זיך אָנקומען גלייך אין פינפטן קלאַס, און די פּראָצענט־נאָרמע פאַר יידישע שילער פלעגט שוין אויסגעפילט ווערן נאָך אין ערשטן קלאַס דורך יידישע „וווּנדערקינדער", וואָס פלעגן דורכבערעכן די אַנטי־יידישע וואַנט מיט קיילעכדיקע „פינפן" ביים איינטריטס־עקזאַמען. עס איז געווען דעריבער העכסט אומוואַרשיינלעך, אַז איך זאָל דורכגיין דורך די קאָמפּליצירטע עקזאַמענס פון אַ העכערן קלאַס מיט אַלע אויסצייכענונגען, וועלכע זענען נויטיק, כדי דורכקלעטערן דורך די יידישע באַגרענצונגען. עס איז געווען קלאָר, אַז ערגעץ ווו צווישן די פופצן עקזאַמענס וועט מיך אַן אַנטיסעמיטישער לערער כאַפּן ביי אַ פעלער און דאַן איז מיין גאַנצע האָרעוואַניע פאַרלאָרן. איך האָב דעריבער אויסגעקליבן די סלאָנימער רעאַל־גימנאַזיע, וועלכע איז געווען נאָך אַ נייע און נישט געשטעלט אַזעלכע פאָדערונגען צו יידן ביי די איינטריטס־עקזאַמענס.

---

דער פּאַליעסער צוג ביאַליסטאָק—באַראַנאָוויטש האָט אין יענעם פרימאָרגן פון מיין ערשטער זעלבסטשטענדיקער רייזע אויסגעזען ווי שטענדיק: אין וואַגאָן פון דריטן קלאַס האָבן יידישע האָלץ־סוחרים, קרעמער און קאָמיסיאָנערן שנעל געדאַוונט בציבור, וויקלענדיק תפילין אויף די פאַרקאַטשעטע אַרבל און טאַנצנדיק „קדוש" צו די ווערטער פון אימפּראָוויזירטן בעל־תפילה, דעם וואָלקאָווויסקער וואַלד־סוחר, וואָס האָט גראָד געהאַט יאָרצייט אין יענעם טאָג.

דאָס האָט גאָרנישט געהאַט קיין אויסזען פון אַ צוג, וואָס לויפט איבער די שטחים פון דער רוסישער אימפּעריע, נאָר פון אַ בית־מדרש אויף רעדער, אָפּגעטיילט דורך אַ הונדערט־יעריקער דיקער וואַנט פון דער אַרומיקער וועלט. עס גייט דורך דער קאָנדוקטאָר און קאָנטראָלירט די בילעטן אין מיטן „שמונה־עשרה". עס כאַפּן זיך דורך דורכן וואַגאָן פויערים אין „סערמיקעס", וועלכע באַמערקן די דאַווענדיקע יידן און טראָגן זיך שנעל אָפּ צו אַן אַנדער פּלאַץ, ווו „זייעריקע" זיצן, עסן קנאָבלדיקן חזיר און פאַרטרינקען מיט אַ „מאָנאָפּאָלקע"... צוויי וועלטן, צוויי אייביקע קאָנטראַסטן — יידן און גויים.

נאָכן דאַווענען פאַרבייסן די יידן. די פרומערע פון זיי, נישט האָבנדיק די מעגליכקייט צו וואַשן זיך צום „שאו ידיכם", האַלטן דעם ברויט אין טיכלעך, ווי דער דין איז, נאָכהער דיסקוטירט מען פּאָליטיק. די אינטעליגענטערע לייענען די רוסישע צייטונג „נאָוואָסטי"; די משכילים: סאָקאָלאָווס „הצפירה", עפּעס אַ פּשוטער ייד לייענט דעם „היינט" וואָס האָט דאַן נאָר וואָס אָנגעהויבן ערשיינען אין וואַרשע...

אויף די וואָקזאַלן טומלט זיך: אין וואָלקאָוויסק, אין זעלווע קומט אַרויס די יוגנט אַנקוקן דעם צוג, כאַפּן אַ קוק אויף די דורכפאָרנדיקע פּאַסאַזשירן, אַן אַטעם טאָן מיט די פרעמדע, וויטע ווינטן, וואָס בלאָזן פון לאָקאָמאָטיוו.

און אָט דערנענטערט מען זיך צו סלאָנים, איך דערזע שוין פון פענסטער דעם הילצערנעם טורעם פון די פייער־

לעשער, די ווייסע שפּיצן פון די קלויסטערס, די קליינע פּראַווינציעלע מייערלאַך און הילצערנע הייזלאַך ביי די ברעגעס פון טייך שטשאַרע...

מיין האַרץ קלאַפּט נערוועז, מיינע אויגן קוקן פרעגנדיק. וואָס באַהאַלטסטו פאַר מיר, דו פרעמדע שטאָט, דו פרעמדער לעבנס־וועג, אויף וועלכן איך קליב זיך אַרויפשפּרינגען?

אין די אויערן קלינגען די ברכות פון טאַטן, אויפן געזיכט, דוכט זיך, זענען נאָך נישט אויסגעטריקנט די טרערן פון דער מאַמען, וואָס האָט איר בן־יחיד אָפּגעלאָזט אויף די אומזיכערע טראַקטן פון לעבן פאַר זיך.

אַ שיינענדיקע פרילינגס־זון מונטערט און וואַרעמט דעם יונגן פויגל, אויף וועמענס פּלייצעס עס האָבן זיך אָנגעהויבן פונאַנדערלאָזן די נישט זיכערע פליגלען...

## ביי ר׳ הערש פּיעקאַרסקען אין הויז

די ערשטע חדשים פון מיין זיין אין סלאָנים אַלס שילער פון דער רעאַל־גימנאַזיע האָב איך געוווינט ביי מיין קרוב ר׳ הערש פּיעקאַרסקי.

ער האָט פאַרמאָגט אַ קליינע קראָם מיט שניט־סחורה אויפן מאַרק, געווען שטענדיק פאַרהאָוועט אין געיעג נאָך פּרנסה, געדאַרפט געבן ברויט און אויסהאַלטן מיט קליידונג און שכר־לימוד אַ ווייב מיט אַכט קינדערלעך און מיט אַ בלינדער שוויגער דערצו. דער גאַנצער „אינדערוואָכן" איז געווען אַ ביטערער קאַמף מיט אויפזאַמלען די פּאָר רובל, כדי צו קענען צאָלן אַ וועקסל און בלייבן אַ אָרנטלעכער „סוחר" מ׳שטיינס געזאָגט.

זונטיק אין דער פרי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן די „מלחמה" מיטן רוסישן „גאָראָדאָוואָי" וועלכער האָט דווקא געוואָלט וויסן, צי ר׳ הערשל און מיט אים אַלע אַנדערע „הערשלס" אין די קראָמען אַרום האַלטן טאַקע פאַרשפּאַרט די קלייטן און האַנדלען נישט פון „הינטן", מחלל זייענדיק דעם „הייליקן" זונטיק. און די „הערשלס" האָבן דאָך געמוזט האַנדלען פון „הינטן", ווייל דווקא זונטיק האָבן די „זשלאָבעס", יום־טובדיק אויסגעפּוצט, פאַרפולט דעם מאַרק און גערן געקויפט ציץ אויף אַ קליידל, אַ פונט טשוועקעס אָדער אַביסל בשמים־סחורה. פון זונטיקדיקן מאַרק האָט מען אָפטמאָל געצויגן די חיונה אויף אַ גאַנצער וואָך. פלעגט דער „פּאָליצייסקי" טשאַטעווען אין הייף, כאַפּן אַז הערשל האַנדלט — אָ, דאַן האָט דאָס געקאָסט אַ האַלבן רובל, כדי צו צערייסן דעם „פּראָטקאָל".

נאָך אַזאַ פינסטערן זונטיק, ווען דער „גאָראָדאָוואָי" האָט צוגענומען דעם „פּאָלטיניק" (50 קאָפּיקעס), פלעגט שוין ר׳ הערש קומען אַ פאַרחושכטער צום „וואָרמעס". אויך זיין ווייב ביילע, אַן אומעטיקע יידענע, צעקוועטשטע צווישן קראָם און אירע אַכט קליינע קינדערלעך, האָט זיך באַוויזן אין דער האַלב־פינצטערער שטוב מיטן בלאָנדן שייטל פאַררוקט אַן אַ זייט, קראַצנדיק די געלע קאָסמעס פון אירע אייגענע האָר.

די צוועלף־יאָריקע עלטסטע טאָכטערל מרים, די באַלעבאָסטע און בריהלע, ווי מען האָט זי גערופן, פלעגט אַרויסנעמען פון אויוון דאָס „וואָרמעס", וואָס איז באַשטאַנען פון פלייש געדעמפּט מיט קאַרטאָפל און די פאַמיליע האָט זיך געזעצט עסן אַרום לאַנגן טיש. ר׳ הערש האָט געשניטן דעם ראַזעווען לאַבן ברויט און דערביי געשאָלטן דעם פּאָליצייסקי, דעם יידישן „גלות" און איינוועג געטיילט פּעטש און „בוכטשעס" די דריי קליינע חדר־יינגלעך זיינע, באַגלייטנדיק דאָס מיט עפּיטעטן, ווי „פּרא־אדם", „פּויערישע קאָפּ" און „קופּערנער שטערן"...

מאָרגן און איבערמאָרגן זיינען ווידער געווען אַזעלכע אומעטיקע, פּאַריאַגטע טעג, מען האָט געלעבט אויף איין פוס, אויף דערוויל, שטייענדיק פלעגט מען עסן דעם „אָנבייסן", דאָס ביסל ציקאָריע מיטן באַרימטן סלאָנימער קוכן, אָן אַוואַלע מצה באַשאָטן מיט מאָן און באַלייגט מיט פאַרברענטע ציבעלעס.

ר׳ הערש און אַלע זיינע שכנים האָבן געהאָרעוועט, כדי צו האָבן מיט וואָס צו „מאַכן שבת". דער הייליקער טאָג פון שבת איז געווען דער ציל פון קאַטאָרזשנעם לעבן פון דער גאַנצער וואָך, אַזוי האָבן גערעדט און געזאָגט די טאַטעס, די זיידעס ביז דער זכרון האָט געקאָנט גרייכן. אין די מער פּאַרמעגלעכע הייזער, אין דער שטוב, צום ביישפּיל, אין וועלכער איך בין דערצויגן געוואָרן, איז דער קאָנטראַסט צווישן שבת און „אינדערוואָכן" נישט געווען אַזוי בולט. ביי הערשלען האָט מען געגעסן „אָנבייסן" און „וואָרמעס" צוויי מאָל אַ טאָג, נישט מער און דאָס אויך אויף איין פוס. ביי אונדז אָבער האָט מען שוין געוווּסט פון פרישטיק, מיטאָג און אָוונטברויט; די קינדערשע קעפּלעך און אויך די „פּאָדלאָגעס" האָט מען געוואַשן אייניקע מאָל אַ וואָך און נישט דווקא פרייטיק בין־השמשות, ווען דער טומל איז געווען גרויס און אַלע האָבן זיך געאיילט ווי פון אַ שריפה.

דעריבער טאָקע בין איך געווען איבעראַשט מיט דער שבת־מעטאַמאָרפאָזע אין מיין נייער היים ביים סלאָנימער פאַרוואָגלטן קרעמערל.

דאָס צוואָגן די קעפּלעך פון די קינדער, דאָס פּוצן פון די שיכלעך, די שנעלע פאַרוואַנדלונג פון דער שמוציקער איינטאָניקער דירה אין ציכטיקן אויפנאַמס־צימער פאַרן הייליקן שבת, איז געווען אַ מייסטער שטיק פון רעזשיסערישער קונסט.

דער כאַאָטישער אימפּעט פון ר׳ הערשלען, פון זיין ווייב ביילע און פון אַלע אַכט קינדערלעך האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנגזאַמען ריטם פון תפילות, זמירות, שפּייזן און רוען, לויט אַ שטרענגן סדר פון פאַרשריפטן און מנהגים, וועלכע האָבן געווירקט, ווי אַ זייגער־מעכאַניזם...

איך פלעג אָנקוקן ר׳ הערשן פרייטיק צו־נאַכטס, ווען ער האָט שאַרף מיט אַ ניגון סקאַנדירט די קאָמפּלימענטן פון „אשת חיל מי ימצא" צו זיין לעבנסבאַגלייטערין, און האָב אים נישט דערקאָנט: אַ שמייכל פון נישט־ערדישער צופרידנקייט האָט אַראָפּגעגנידערט פון זיינע אויסגעוואַשענע בלויע אויגן אויף די דיקע געלע וואָנצעס און די לאָקנס פון זיין באָרד, עפּעס אַ סוד איז געווען באַהאַלטן אין יענעם שבת־מלכותדיקן שמייכל, אַזוי ווי ער וואָלט פילאָזאָפיש־בנעימותדיק געשפּאָט פון דער וועלט, פון „גאָראָדאָוואָי", פון די „זשלאָבעס" אויפן מאַרק...

ווער זענען זיי דען, וואָס ווייסן זיי דען פון ייד ר׳ הערשל, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון שול באַוואַכט מיט צוויי מלאכים, מיט וועלכע ער האַלט זיך איצט אין אויסטענהען? וואָס מיר וועקסלען, ווען מיר גלות אָט דאָ אין אַנוועזנהייט פון כשופדיקן פלואיד, וואָס שטראָמט פון די שבת־ליכט, וועלכע באַלייכטן אַ „קעניגלעכע סעודה" אין דער שימערי־רענדער ווייסקייט פון טישטוך און די קאַלכענע ווענט?

יאָרן שפּעטער, אין קריג און אין פרידן, אויף די טור־מעלדיקע מאַרקן פון מיין לעבנס־וועלט פלעג איך אַמאָל מיט פאַרמאַכטע אויגן ווידער אַמאָל זען ר׳ הערשן, זיין וויב ביילע, זיינע קינדערלעך אין דעם ליכט פון שבת און זיך אָפּגעבן דאָן אַ דין־וחשבון, אַז אָט יענע יום־טובדיקייט האָט זיי געגעבן דעם כח פון אויסדויער, די גבורה פון אויסהאַלטן, ענערגיע פון ציען ווייטער דעם „חוט־השני"...

## אין א רעוואָלוציאָנערן קרייזל

ווען מיינע לימודים אין רעאַל־שולע האָבן אָנגעהויבן ווערן אַלץ אינטענסיווער און געפּאָדערט אַסך צייט און קאָנ־צענטראַציע, האָב איך זיך אַרויסגעצויגן פון מיין וווינונג און געדונגען אַ צימער פאַר זיך ביים דאַמסקן שניידער רפאל אויף בריקער גאַס, דאָס איז געווען אַ איינפאַכער ייד, וועלכער האָט זיך אפילו אויף יידיש נישט געקאָנט אונטערשרייבן. ווען איך האָב אים שפּעטער אויסגעלערנט שרייבן זיין נאָמען נישט נאָר אויף יידיש נאָר אויך אויף רוסיש, איז ער מיר געווען זייער דאַנקבאַר און דערלויבט, אַז אין מיין צימער זאָלן זיך צוויי מאָל אין וואָך צונויפקומען די ישיבה־בחורים, וועלכע מיר, אַ גרופּע שילער, האָבן געהיים געלערנט וועלטלעכע לימודים.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס דאָן ווען צו מיר, ווען איך פלעג נאָך גיין אין בית־מדרש דאַווענען, האָט זיך דערנענ־טערט אַ בלאַסער, דאַרער ישיבה־בחור און געבעטן, איך זאָל אים געבן אַן „אוראָק" אַן געלט. ער שטרעבט צו ביל־דונג, ער לערנט שטילערהייט העברעאישע און יידישע ליטע־ראַטור, אָבער רוסיש קאָן ער נישט, אַריטמעטיק קאָן ער נישט, ווען איך זאָל נאָר וועלן?...

פאַרשטייט זיך, האָב איך געוואָלט, איז ער געקומען צו מיר אַ פּאָר מאָל און בליץ־שנעל תופס געווען די „חכמה" פון „רוסקאַיאַ ריעטש" ערשטן טייל, ווו עס רעדט זיך וועגן אַ גרויען באָק, וואָס האָט געהערט צו אַ באָבען און וועלף האָבן אים צעריסן... וועגן אַ יתומהלע, וואָס ווערט פאַרפרוירן אין אַ פראָסטיק־שטערנדיקער נאַכט... און נאָך אַזעלכע טיפּ־זיניקע „חידושים", וועלכע זענען אין דעם שאַרפן קאָפּ פון ישיבה־למדן איינגעשלונגען געוואָרן בליץ־שנעל.

איך געדענק, ווען איך האָב מיין עילוי געלערנט „דראָב" (ברוך־צאָלן), האָט ער לאַכנדיק אַ זאָג געטאָן: וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט אייער גאַנצע אַריפמעטיק אין פאַרגלייך מיט דער מאַטעמאַטיק פון סדר כלים אין משניות אָדער די געאָ־מעטרישע פיגורן פון מסכת סוכה און אירע מפרשים?

שפּעטער האָבן זיך נאָך איניקע ישיבה־בחורים געוועג־דעט, מען זאָל זיי לערנען. פאַר מיר אַליין איז דאָס געווען צופיל, האָב איך דעם ענין פאַרגעבראַכט פאַר מיינע נאָענטע חברים מיירים זאַקין, משה עפּשטיין און מיכל הורוויטש. מיר האָבן באַשלאָסן עפענען „קורסן" פאַר די בחורים פון דער ישיבה. עס האָט זיך אפילו אַנטוויקלט דאָן אַ שאַרפע דיס־קוסיע צווישן מיר און זאַקינען. ער איז דעמאָלט געווען אַ יונגער בונדיסט, געטריי דער פּירערשאַפט פון זיינע עלטערע ברידער, וועלכע האָבן שוין אפילו פאַרזוכט דעם טעם פון דער צאַרישער תפיסה, זאַקין האָט דוקא געוואָלט, מיר זאָלן די קורסן פאַרוואַנדלען אין אַ רעוואָלוציאָנערן קרייזל, ווו מיר זאָלן אויסבילדן זיי און אַנדערע ישיבה־שילער פאַר טרייע מאַרקסיסטן. איך האָב דאָן געהאַלטן, אַז פריער דאַרף מען זיי אויסלערנען לייענען און שרייבן אין רוסיש, אַביסל מאַ־טעמאַטיק און דאָן וועט מען ווייטער זען. געבליבן זענען מיר ביי אַ קאָמפּראָמיס: טאַקע לייענען און שרייבן רוסיש, אָבער אויך אַ פּאָר קאַפּיטלען פון דער געשיכטע פון דער מענטש־לעכער קולטור, פאַרפאַסט דורך די פּאָפּולערע געלערנטע דעפּער און טיילאָר, וועט די ישיבה־בחורים צונוץ קומען.

דינסטיק און שבת האָט זיך מיין צימער פאַרוואַנדלט אין אַ געהיימע שולע, ווו דורשטיקע יונגע ישיבה־לייט האָבן גע־טרונקען פון די פאַרבאָטענע פאַר זיי קוואַלן פון וועלטלעכער וויסנשאַפט.

מיין באַלעבאָס, דער דאַמסקער שניידער רפאל, האָט זיך ביי מיר געבעטן נאָר איין זאַך: איר ווילט לערנען מיט אָרימע בחורים, אדרבא! אָבער גאָרנישט קעגן קיסר; גאָרנישט וועגן רעוואָלוציע און „ציציליזם". איר פאַרשטייט: ביי מיר נייען מאַנטלען און קליידלעך די ווייבער פון איספּראַווניק, פון בראַנפּן־אינספּעקטאָר... מען קען נאָך חלילה דערשמעקן. איך וועט מען אַריינזעצן אין חד־גדיא" און איך וועל בלייבן אָן „פרנסה". איז כאָטש מיר האָבן דאָס רפאלן צוגעזאָגט, אָבער אינגאַנצן האָט מען דאָס וואָרט נישט געהאַלטן.

דער קאַכעדיקער זאַקין פלעגט פון צייט צו צייט ברענגען אַ דינינקן בויגן פּאַפּיר, געדרוקט מיט קליינע אותיותלעך און אָנגעפּיקעוועט מיט נייעס און אַרטיקלען קעגן „קיסר און פאָטערלאַנד". דאָס בלעטל האָט געטראָגן דעם „געפערלעכן" נאָמען „איסקראַ" און געשמוגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד פון דער שווייץ. גערעדט האָט מען דאָרט „על השם ועל משיחו"...

דאָס לערנען איז אָנגעגאַנגען גאַנץ געשמאַק און דער קלוגער מאמר חז״ל: „הרבה למדתי מרבותי, יותר מהם מחברי ויותר מכולם מתלמידי" (פיל האָב איך געלערנט פון מיינע רביים, מער פון דעם פון מיינע חברים, מען פון אַלעמען פון מיינע תלמידים), איז אין דעם פאַל מקוים געוואָרן: איך האָב זיך דערווייל אויסגעלערנט זאַכן איבער דער געשיכטע פון קולטור און פון סאָציאָלאָגיע אַסך מער, ווי ווען איך וואָלט דאָס געדאַרפט טאָן אַליין, נישט האָבנדיק מיינע בלאַס־דורשטיקע טייערע ישיבה־בחורים.

כדי צו פאַרשטעלן וואָס מיר טוען אין פאַל פון אַ פּאָ־ליציי־איבערפאַל אויף מיין צימער, זענען אויפן טיש בעת די לעקציעס געלעגן אויסגעלייגט קאָרטן, ווי אין אַ טערטל־מערטל און אין אַ שיסל אין מיטן זענען געווען אָנגעוואָרפן זילבערנע און קופּערנע מטבעות.

את חטאי אני מזכיר: ווען די ישיבה־בחורים פלעגן אַוועקגיין, פלעגן טאַקע דאָן די גימנאַזיסטן און איך בתוכם מאַכן אַ קערטל אויך. מײַרימקע זאַקין איז געווען אַ פּייערדיקער קאָרטן־שפּילער, נישט ווייניקער ווי אַ פאַרברענטער רעוואָלוציאָנער.

און געקומען איז אַמאָל אַ אָוונט, ווען ביי מיר אין צימער זענען געווען אַ פּאָר צענדליק רעאַל־שילער און ישיבה־בחורים, האָט זיך די טיר פון רפאלס וואַרשטאַט פּלוצלינג אויפגעפּראַלט און עס האָט זיך באַוויזן דער סלאָנימער פּאָליציי־נאַדזיראַטעל, אַ גראָבער אָנגעפּרעסענער גוי מיט אַ רוצחישן בליק איבער זיינע שוואַרצע וואָנצעס. זיין גרויער שינעל מיטן באָמבעלדיקן שווערד האָבן אָנגעוואָרפן אַן אימה; הינטער אים זענען געשטאַנען צוויי פּשוטע פּאָליצייסקעס און צווישן זיי האָט אַרויסגעבליקט דאָס געל־בלאַסע געזיכט אין דעם ראַם פון אַ שוואַרצער באָרד, דער דאַמסקער שניידער רפאל...

„אַריינגעפּאַלן! אַן ענדע מיט דער שולע און מיט אונדזער פרייהייט!” דאָס איז געווען דער ערשטער בליץ־געדאַנק, וואָס איז געקומען אין קאָפּ.

— וואָס טוט איר דאָ קראַסאַווטשיקי (שיינהייטן)? האָבן מיר דערהערט די שפּאָטישע שטימע פון „נאַדזיראַטעל” — אוי ווי, ווען זע איך דאָ? — זעצט ווייטער פאָר דער רשע — געלערנטע סטודענטן מיט רבנים!...

דאָס האָט ער באַמערקט אַ פּאָר ישיבה־בחורים אין קאַשקעטלעך מיט יונג־שפּראָצענדע בערדלעך, אַ שאַרפער קאָנטראַסט צו די שילער אָן היטלען מיט די מעשענע קנעפּ.

איך, אַלס דער באַלעבאָס פון צימער, פיל שוין, אַז דאָ וועט מען מוזן אויסזופּן אַ גאַליקן בעכער און דעריבער נעם איך זיך אָן מיט מוט, לייג אַוועק מיינע קעגן־טענות. איך שמייכל כלומרשט, ווייז אויף די צעשאָטענע קאָרטן אויפן טיש און זאָג:

„וואַשע בלאַגאָראָדיע, דאָס שפּילן מיר אַ „דעוויאַטיוואַל” (טערטל־מערטל). מאָרגן איז יום־טוב, נישטאָ קיין שולע, וויל מען זיך אַביסל פאַרוויילן”...

דער נאַדזיראַטעל אָבער קוקט פאַרדעכטיק אויף די קאָרטן, אויף אונדז און לאָזט נישט אָפּ:

„נו, נו, איר וועט דאָך מיר נישט איינריידן, אַז די רבנים זענען דאָ געקומען קאָרטן־שפּילן... עפּעס איז דאָ נישט גלאַטיק, מען האָט מיר שוין לאַנג מיטגעטיילט, אַז ביי אייך אין צימער קומען פאָר פאַרדעכטיקע פאַרזאַמלונגען. אייער נאָמען, ביטע!”

בלית־ברירה לאָזט מען זיך פאַרשרייבן די נעמען, כאָטש מיר ווייסן, אַז דאָס איז אפשר דער אָנהויב פון סוף...

דער נאַדזיראַטעל ציילט אויך איבער דאָס געלט אין שיסל, פּונקט צוויי און זיבעציק קאָפּיקעס און לייגט זיי אַריין גרינגשעצנדיק אין קעשענע פון זיין שינעל. נאָכהער ווענדעט ער זיך צו איינעם פון מיינע חברים:

„טשערניאַווסקי! וועסט זאָגן דיין טאַטן, ער זאָל מאָרגן קומען צו מיר אין קאַנצעלאַריע, מאָרגן גאַנץ פרי, נאָך איידער איך גיב אָפּ אייערע נעמען צום דירעקטאָר פון רעאַל־שולע.”

עס איז אונדז אַלעמען גלייך געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן. מיר האָבן געוווּסט, אַז טשערניאַווסקיס טאַטע איז אַ גביר און אַ קרוב לנאַטשאַלסטוואָ. ער וועט דאָך נישט דערלאָזן, אַז זיין זונדל זאָל אַריינפּאַלן אין אַ פּאָליצייִשן עסק. וועט זיך דאָס מסתמא אויסלאָזן צו אַ פּאָר רובל... און כך־הוה: דער צעטל מיט אונדזערע נעמען איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען ווייטער, ווי צו טשערניאַווסקיס טאַטן. דאָס האָט איהם געקאָסט אַ צענערל מיט אונדזערע 72 קאָפּיקעס און מיט שרעק האָט זיך געענדיקט דער פּאָליציי אינצידענט.

יאָ! מער האָט מען שוין ביי מיר נישט געפירט די „ישיבה־קורסן”. זיי זענען געוואָרן אַלץ מער און מער רעוואָלוציאָנעריש און דיריגירט פון אַנדערע עלעמענטן.

רפאל דער שניידער האָט אַלץ נישט געקענט פאַרשטיין, ווער האָט דאָס אים געמסרט. ער איז געווען אַ שטיקל עקספּערט אויף מוסרים: ער האָט געשטאַמט פון שטעטל ביטען, נעבן סלאָנים, וווּ עס איז אויך אויסגעוואָקסן דער גרעסטער מסור פון אַלע צייטן, דער פּראָוואָקאַטאָר יונה אַזעף. רפאל האָט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן די קינדער־יאָרן פון יונהן, וועלכער האָט נאָך אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט זיך אַריינגעכאַפּט מיט אַ חברה לאָבוסעס אין אָרטיקן בית־מדרש און פאַרשוועכט אַ ספר־תורה. דאָס איז געווען — דערציילט רפאל — אין אַ פרייטיק צו־נאַכט. עפּעס אַ מגפה פון הפקרות איז יענעם יאָר באַפאַלן דאָס שטעטל. יינגלאַך פון פּופּצן־זעכצן יאָר האָבן געראַיכערט שבת פּאַפּיראָסן, געגעסן יום־כפור בפרהסיה און זיך אויסגעלאַכט פון די קללות פון די רבנים און סתם פרומע יידן. פּורים צו דער מגילה האָט מען אַריינגעוואָרפן אַ שטיין אין בית־מדרש און געטראָפן דעם אַלטן שמש אין קאָפּ. מען האָט געכאַפּט דעם חוצפּדיקן שטיין־וואַרפער און דאָס איז געווען יונהלה אַזעף. זיין טאַטע, פישל דער שניידער, האָט זיין זונדל אַריינגעפירט אין בית־מדרש און דאָרט אים געקאַטעוועט בפני כל עם ועדה.

דעם אַנדערן פרייטיק־צו־נאַכטס, ווען קיינער איז אין בית־מדרש נישט געווען, איז יונהלה אַזעף מיט זיין באַנדע זשוליקעס אַריין אין שול, געעפנט דעם ארון־קודש, אַרויסגענומען אַ ספר־תורה און זי געשלאָגן מיט אַ לעדערנעם פּאַס... דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ „נקמה” פאַר די עפנטלעכע קלעפּ, וואָס ער האָט געקראָגן אין בית־מדרש.

אין יונה אַזעפס לעבנס־געשיכטע איז דאָס געווען דער ערשטער, אַזוי צו זאָגן, עפנטלעכער אַרויסטריט. שפּעטער מיט צען יאָר איז ער שוין געווען טעטיק אין דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. נאָך שפּעטער אַלס שעף פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע איז ער אַריבער צו דער פּאָליציי, און יאָרן לאַנג געשפּילט אַ טאָפּלטע ראָלע, אָרגאַניזירט דעם רעוואָלוציאָנערן טעראָר אין רוסלאַנד און איבערגעגעבן שפּעטער די אָנפירער אין די הענט פון די צאַרישע שפּיאָנען. קיינער פאַר אים און ביז איצט האָט נישט איבערגעשטיגן דעם געניאַלן פּראָוואָקאַטאָר, וועמענס נאָמען איז געוואָרן אַ שם־דבר נאָך לאַנג, איידער מיר האָבן געוווּסט פון קוויזלינגס.

מיין באַלעבאָס, דער שניידער רפאל, פלעגט מיך נישט אָפּלאָזן, ביז איך האָב אים דערציילט אַלע איינצעלהייטן, ווי אַזוי בורצעוו האָט אַנטדעקט אַזעפס פּראָוואָקאַציעס; גראָד אין יענעם יאָר האָבן די צייטונגען פון דער גאַנצער וועלט געקלונגען מיט דער געשיכטע.

---

## אין הויז פון דעפּוטאַט יאַקאָבסאָן

צוויי גאַסן פון מיר, אויף סלאָנימער „נעווסקי" פּראָס־פּעקט, האָט געוווינט דער געשווירענער אַדוואָקאַט און וועלט־באַרימטער דומע דעפּוטאַט וולאַדימיר יאַקאָבסאָן, איך האָב אים שוין געטראָפן נאָכדעם, ווי די ערשטע דומע (רוסישער פּאַרלאַמענט) איז פאַנאַנדערגעלאָזן געוואָרן און אירע דעפּו־טאַטן, די שיינקייט און שטאָלץ פון דער רוסישער אינטעלי־גענץ, זענען פאַרמשפּט געוואָרן צו תּפיסה.

פאַר מיר, פאַר אַ יינגל, וואָס איז געקומען פון ביאַליס־טאָק, ווו יאַקאָבסאָנס נאָמען איז געווען גלאָריפיצירט צוליב זיין קומען מיט צוויי אַנדערע רוסישע דעפּוטאַטן און אָפּ־שטעלן דעם בלוטיקן פּאָגראָם, איז דער פאַקט אַליין, וואָס יאַקאָבסאָן וווינט אין סלאָנים, גענוג געווען, אַז די שטאָט זאָל באַקומען אין מיינע אויגן אַ באַזונדער חן.

ווי גרויס איז דעריבער געווען מיין שמחה, ווען יאַקאָב־סאָנס טאָכטער עמאַ, אַ גימנאַזיסטין, האָט איינגעלאַדן מיך און אַ גרופּע חברים צו אַ געבורטס־יום־טוב אין זייער שיינע וווינונג ביי יעלעצקין אין הויף.

איך פלעג אַמאָל זען אין גאַס די אימפּאָזאַנטע פיגור מיטן לייבן־קאָפּ, מיט די גרוי־ווייסע פּריצישע וואָנצעס פון באַ־רימטן אַדוואָקאַט, אָבער ווען ער האָט פאַר אונדז געעפנט די טיר און מיט אַ טיף־רוסישן באַס אַ ברום־געטאָן גוטמוטיק־פריינטלעך: „דאָבראָ פּאָזשאַלאָוואַט טאָוואַרישטשי!" (איר זייט אָנגעלייגטע געסט חברים!) — האָבן מיר גלייך דער־פילט אין אים אַ גוטן ברודער.

ער האָט אונדז אויף אַ מינוט נישט אָפּגעלאָזן, געטאַנצט מיט די גימנאַזיסטקעס, דעבאַטירט מיט די רעאַליסטן, באַ־דינט מיט צובייסענס און „וואָדקאַ" אויף אַ טאָן מיט אַזוי פיל גוטמוטיקער עלעגאַנץ, אַז מיר האָבן שוין שפּעטער געוואָגט אויך שטעלן פּאָליטישע פראַגן:

אין וועלכער תּפיסה ריכט איר זיך, וולאַדימיר ראַמאַ־נאָוויטש, אָפּזיצן אייער שטראָף פאַר אונטערשרייבן „דעם וויבאָרגער אויפרוף"?

„אָ, איך וועל דאָס מאַכן טאַקע דאָ אין דער סלאָנימער תּפיסה, צוזאַמען מיט מיר וועט זיצן נאָך אַ געהויבענער חבר, שמשון ראָזענבוים, אויך אַ דעפּוטאַט און אויך פון דער קאָ־דעטישער פראַקציע.

„קינדער! שרייט ער אויס — איך וואַרט שוין קוים אויף די טורמע־חדשים, ווען איך וועל קענען זיך ענדלעך דורכ־שמועסן פריי מיט אַ חבר, לייענען און שרייבן וואָס איך וויל. אַ תּפיסה אין רוסלאַנד איז דער איינציקער פּלאַץ, וווּ אַ מענטש האָט נישט קיין מורא, מען זאָל אים פּלוצלינג אַרעסטירן"...

נאָכהער וויזט אונדז יאַקאָבסאָן זיין אינטערעס־קאַרטע אין קייזערלעכן פּאַלאַץ בעת דער דערעפענונג פון דער „דומע".

נאָכהער צוויי בריוו פון אַ היסטאָרישער באַדייטונג. איין בריוו איז פון אַנטיסעמיטישן לייטענאַנט פון גוואַרדיע־פּאָלק, וועלכער רופט אַרויס יאַקאָבסאָנען אויף אַ דועל פאַר באַנוצן אין דער פּאַרלאַמענט־רעדע וועגן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם די פראַזע: „די רוסישע אַרמיי, וואָס איז מיט חרפּות אַנטלאָפן פאַרן יאַפּאַנעזער אויף די פעלדער פון מאַנדזשוריע, האָט איר נצחון געפונען אויף די גאַסן פון ביאַליסטאָק".

אויף דעם דועל־אַרויסרוף, וועלכער האָט דאַן אויפגע־שטורעמט רוסלאַנד, האָבן צווישן אַנדערע געענטפערט מיט אַ בריוו אַ גרופּע פון זיבן פּראָגרעסיווע רוסישע אָפיצערן, וועלכע האָבן פאַרגעלייגט יאַקאָבסאָנען, אַז זיי וועלן זיך שלאָגן פאַר אים מיטן פרעכן לייטענאַנט...

און שפּעטער האָט מען דעקלאַמירט נאַדסאָנען, ווי די מאָדע איז דאַן געווען, און דאָ האָבן מיר אומגעריכט דערזען אַ יאַקאָבסאָן, וועלכן מיר האָבן פריער נישט געקענט.

ער האָט אַרויסגענומען פון זיין ביכער־שראַנק אַ דיקן יובּיליי־בוך פון י. ל. פּרץ און האָט פאַרגעלייענט מייסטער־האַפט „די פרומע קאַץ"... יידיש איז דעמאָלט געווען נישט אין דער מאָדע אויף אַ אָוונט פון דער רוסישער שטודירנ־דער יוגנט, און דאָ קומט דער ברייט־פּלייציקער געשווירע־נער אַדוואָקאַט און דעפּוטאַט און ברעכט דעם מנהג: נאָך נעקראַסאָוון, נאַדסאָנען, נאָכן פּאַטעטישן קרעכץ „אויפן גורל פון רוסישן מענטש", לייענט דער מכלומרשט אַסימילירטער רוסישער ראַדיקאַל דווקא פּרץ'ן. דאָס איז געווען אַ פיינער ביישפּיל פאַר אונדז, ווען שפּעטער מיט יאָרן האָט די זעלבע שטודירנדע יוגנט געגרינדעט אין סלאָנים דעם פאַריין אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ.

יאָרן זענען אַריבער. עס איז געקומען די ערשטע וועלט־מלחמה, און ווינטער 1916 טרעף איך יאַקאָבסאָנען אין מאָס־קווע אַלס פאַרוואַלטער פון אַ געזעלשאַפט, וואָס ראַטעוועט יידיש עוואַקואירט פאַרמעגן.

שפּעטער מיט צוויי יאָר פאַלט אויס אויף מיין גורל צו האַלטן דעם הספּד אויף יאַקאָבסאָנען אין דער גרויסער כאָר־שול אין כאַרקאָוו. איך געדענק: עס איז געווען אַ פראָסטיקער טבת; דעם העטמאַן סקאָראָפּאַדסקיס קאָזאַקן האָבן מיט ווייסע געפלאָכטענע נאַגייקעס גראַסירט איבער די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט, בין איך דאַן געשטאַנען אויף דער גרויסער מאַרמאָרנער בינע פון כאַרקאָווער שול און וואַרעם דערמאָנט יענעם יידיש־רוסישן פירער, וואָס האָט געלערנט די פעלקער פון גרויסן רוסלאַנד נישט מורא צו האָבן פאַר נאַגייקעס און שווערדן.

## סלאָנים — מיט 30 יאָר שפּעטער

סלאָנים פון אָנהייב יאָרהונדערט, ווען איך בין דאָרט דאָס ערשטע מאָל אָנגעקומען אַלס דערשראָקן עלנט יינגל, און סלאָנים 30 יאָר שפּעטער, ווען מען האָט מיך שוין דאָרט אויפגענומען אַלס דירעקטאָר פון דער צענטראַלער יידישער באַנק, האָט זיך אייגנטלעך ווייניק געביטן. דוכט זיך, אַ גאַנצער דור איז דורך מיט אַ וועלט מלחמה און רעוואָלוציעס אין מיטן; מיינע חברים, די יינגלאַך פון אַמאָל, זענען שוין אַלע יוסטע בעלי־בתּים איבער די פערציקער מיט ווייבער און קינדער, יענער דור, וואָס איך האָב געטראָפן אין זוניק וואַרעמען טאָג פון מיין ערשטן וויזיט, איז דאָך שוין כמעט אינגאַנצן אויסגעשטאָרבן, אָבער, ווי דאַן, אַזוי ווי איצט שטייט אין מיטן מאַרק די לאַנגע קאַזאַרמע־ענלעכע געביידע פון די געמויערטע קלייטן, פון וועלכע הונדערטער גרעסערע און

קלענערע קרעמערלעך ציען זייער פרנסה, אַנשטאָט דעם אַלטן גרויסן גאון ר׳ מרדכי׳לע אָשמענער איז איצטער שטאָט־רב הרב יהודה־לייב פיין, אויך אַ געוועזענער אָשמענער רב. אַנשטאָט דעם שטורמיש־פאַרביקן אַדוואָקאַט וולאַדימיר יאַ־קאָבסאָן טרעט אַרויס אין געריכט אַדוואָקאַט ד״ר ש. ווייס, און אַנשטאָט דעם אַמאָל פּאָפּולערן דאָקטאָר לעווינען היילט איצט די יידישע קראַנקע מיינער אַ געוועזענער חבר ד״ר משה עפשטיין.

פאַרנאַכט זיצן איצט, ווי מיט אַ דור צוריק אויף די גאַניקעס, דער אַפּטייקער איזע גראַדזענסקי, דער גרויסער וואַלד־סוחר וואָלפע גורוויטש און דער שעף פון די פריי־וויליקע פייערלעשער באַריאַ פּיאַסעצקי און דעבאַטירן איבער וועלט־ענינים — כאַפּנדיק פון צייט צו צייט אַ בליק אויף דער שול־יוגנט, אויף זייערע אייגענע און אַנדערע קינדער, וואָס שפּאַצירן צווישן די אַקאַציע ביימער פון גערטל אויף פּאַנאַסעווער גאַס. די באַמערקונגען, וואָס פאַלן אויפן אַדרעס פון דער יוגנט, זענען אייגנטלעך די זעלבע, וואָס זייערע טאַטעס אויף די זעלביקע גאַניקעס האָבן געמאַכט וועגן אונדז מיט פערציק יאָר צוריק: „דו ווייסט, דיין זונדל איזע שלעפּט זיך צופיל אַרום מיט סאַלקע לאַזינסקען״. און: „דיין טעכטערל פעניע איז געוואָרן אַ גאַנצע פירערין ביי די סאָציאַליסטן״.

מיט 40 יאָר שפּעטער האָט שוין די זעלבע פעני, איצט אַ בכבודע יידישע דאַמע, געציטערט, אַז איר טעכטערל זאָל זיך צופיל נישט אַריינלאָזן מיט די קאָמוניסטן...

און אַזוי איז אַ דור אַוועק, אַ דור איז געקומען און דאָס יידישע לעבן אין סלאָנים איז זיך געפלאָסן מיט זיין נאָרמאַלן שטייגער, ווי אין די הונדערטער שטעטלעך און שטעט פון דער אַלטער היים.

מער נישט, אַנשטאָט די אייניקע גאַסן־לאַמטערנעס, וואָס האָבן מיט זייערע נאַפט־לעמפּלעך באַלויכטן די הילצערנע טראַטואַרן, שטייען איצט עלעקטרישע לאָמפּן ביים זייט פון ברוקירטע גאַסן, און אַנשטאָט יענע טאַטעס פון דער ישיבה פון רוזשינאַיער גאַס, פון דער גימנאַזיע אויף סקראָבאָווער גאַס און פון די טאַרטאַקן־אַרבעטער נעבן באַן, האָבן זיך ביים שטענדער, ביים אַפּטייק און ביי דער עלעקטרישער זעג אַוועקגעשטעלט זייערע קינדער אָדער זייערע נאָענטע... גע־בליבן די זעלבע זיינען די ביימער אין גאָרטן און אין וואַלד, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל אויפן זעלבן פלאַץ געטראָפן. כאָטש נישט אין גאַנצן די זעלבע: זיי זיינען דאַר און בויגזאַם און פריש געווען, און איצט זענען זיי דיק, שווער מיט צווייגן צו דער ערד אַראָפּגעלאָזן, אָבער דאָך:

„דער וואַלד איז שוין געווען, ווען מיר זיינען נאָך נישט געווען; דער וואַלד וועט נאָך זיין, ווען מיר וועלן שוין נישט זיין״...

אַזוי, געדענק איך, האָב איך מיט בענקשאַפט און קנאה אונטערגעזונגען צום גרינעם וואַלד, ווען איך האָב אים דאָרט דערזען צום לעצטן מאָל, באַזוכנדיק סלאָנים.

אָבער איך ווייס, אוי־ווי, ווי ביטער איך ווייס, אַז דער וואַלד שטייט נאָך אַלץ דאָרט, ווו איך האָב אים געלאָזן, אָבער מיינע יידן, די זיידעס, די טאַטעס צוזאַמען מיט קינדער האָט דאָס פייער אַוועקגענומען, אַלעמען ביז איינעם, די רייכע פון פּאַנעסעווער גאַס און פון נעווסקי און די אָרימע פון רוזשי־נאַיער, פון בריקער און פון די איינגעפאַלענע הייזלעך נעבן דעם טייך שטשאַרע...

פרעגט מיך ישראל מערעמינסקי בעת דער לעצטער צו־פעליקער באַגעגעניש אין אַ פאַריזער קאַפע:

„וואָס הייסט? דו מיינסט, אַז גאָרנישט איז געבליבן אין מיין היימאַטס־שטאָט, אַז אונטערגעגאַנגען איז דאָס יידישע לעבן דאָרט, אַז נישט קיין יידישער האַמער קלאַפּט, נישט קיין יידישער פעדער שרייבט און נישט קיין יידישער ניגון זינגט ביי די זאַמדיקע ברעגעס פון היימישן אַגינסקי קאַנאַל?״

ענטפער איך: ניין! גויים זינגען דאָרטן, בויען דאָרטן און מערן זיך. דיין טאַטנס הויז נעבן בריק און דובינבוימס טאַרטאַק און אפילו די אַלטע גרויסע שול, ווו חזן יאָשע סלאָ־נימער האָט זיך מיט האַרציק־אימפּראָוויזירטע ניגונים מיטן אויבערשטן אויסגעטענהט, זענען שוין מער נישט יידיש!

אָבער אומגעלומפּערט ווי עס זעט אויס, זיינען מיר ביידע אַמאָליקע שילער אין דער סלאָנימער רעאַל־שולע, לעבן גע־בליבן. לאָמיר זיך פאַרציען מיט זיסלעכן אַראָמאַט פון זכרונות און צוריקגיין צו יענעם פרילינג טאָג, ווען איך בין אָנגעקו־מען אין דיין שטאָט זיך אָנטרינקען פון וועלטלעכער קולטור און חכמה.

## מיינע חברים פון דער רעאַל־שולע

מיין לערנען אין דער רוסישער רעאַל־שולע אין סלאָנים, איז גראָד אויסגעפאַלן אין יענע יאָרן נאָך דער דורכגעפאַ־לענער רעוואָלוציע פון „פינפטן״ יאָר, ווען אַ שטימונג פון יאוש און אַפּאַטיע האָט אַרומגעכאַפּט די פּראָגרעסיווע טיילן פון דער רוסישער געזעלשאַפט. די אַקטיווע רעוואָלוציאָנערן זענען אָדער געזעסן אין תפיסה, אָדער אַנטלאָפן קיין אויס־לאַנד.

די אונטערוואַקסנדיקע יוגנט, צו וועלכער איך האָב גע־הערט, האָט טיף אין האַרצן פאַרבאָרגן אירע פּאָליטישע אי־דעאַלן, מורא האָבנדיק פאַר דער כוואַליע פּראָוואָקאַציעס, מיט וועלכער די געהיים־פּאָליציי האָט ווי אין אַ שפּינוועבס אַרומ־גענומען די שטודירנדיקע יוגנט און די אַרבעטער.

מען האָט חושד געווען אפילו די נאָענטסטע חברים, טאָמער האָבן זיי באַציאונגען מיט דער פּאָליציי: פאַרן מינדסטן „חטא״ האָט מען געזעצט אין טורמע, אַרויסוואַרפנדיק פריער פון דער שולע מיט אַ „וואָלפישן בילעט״, פאַרמאַכנדיק אַזוי אַרום דעם וועג אַנצוקומען ווען עס איז אין אַן אַנדער שולע.

עס איז קיין וווּנדער נישט דעריבער, וואָס בעת די ערשטע חדשים פון מיין זיין אין דער נייער סביבה צווישן דרייסיק חברים, רוסן, פּאָליאַקן און יידן, האָב איך זיך פאַר־זיכטיק פאַרהאַלטן אין רעדן און גענוי געשטודירט די כאַ־ראַקטערן פון די בלאָנדע און שוואַרצע יינגלעך, מיט וועלכע דער גורל האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין איין גרויסן קלאַס־צימער.

פּאַמעלעך אָבער איז דער נעפּל פאַרשוווּנדן און איך האָב מיך אָנגעהויבן גוט צו אָריענטירן „ווער איז ווער״ אין דער בונטער חברישער געזעלשאַפט.

מיט אַן אינטעלעקטועלן קאָפּ העכער פון גאַנצן קלאַס

האָט אַרויסגעשיינט גראָד דער ייִנגסטער פון אונדז און דווקא דער קורץ־געוויקסיקער מײרים זאַקין. פון זיינע עלטערע ברידער האָט ער איבערגענומען די אַגרעסיוויטעט פון אַ רעוואָלוציאָנערן אַגיטאַטאָר און נישט קוקנדיק אויף דעם אומגינסטיקן פּאָליטישן קלימאַט האָט ער אָרגאַניזירט אַ קרייזל פון „זעלבסטבילדונג", וועלכער האָט געזאָלט דערגענצן די טרוקנקייט פון קאַזיאָנעם לערנען.

זאַקין האָט אויסדערוויילט אַרום צען שילער, וועלכע מען האָט אַריינגעצויגן אין יענעם קרייזל. מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען זונטיק פאַרנאַכט ביי אַ קריסטליכן חבר יאַדיס, וועמעס טאַטע איז גראָד געווען אַן אונטער־אָפיצער פון דער זשאַנדאַרמעריע. דאָס איז געווען אַ וואָגיקער שריט, אָבער מיר האָבן געוווּסט, אַז דער זשאַנדאַרם פאַרגעטערט זיין זון און האָט צו אים פולן צוטרוי. מיר האָבן דעריבער איינגערעדט דעם האַלב־געבילדעטן גוי מיט די לאַנגע געלע וואָנצעס, אַז דאָס פאַרזאַמלען מיר זיך, כדי צו לייענען צוזאַמען די רוסישע פּאָעטן און זיך בעסער פאָרבערייטן פאַר די לעקציעס אין שולע...

ווען דער זשאַנדאַרם אָדער זיין ווייב פלעגן אונדז אַריינברענגען טיי מיט צובייסעכץ אין מיטן אַ הייסער דיסקוסיע, איז זיי אין קאָפּ אפילו נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס דעבאַטירט מען נישט פּושקינען און גאָגאָלן נאָר די ווערק פון די גרויסע פרייהייטס־קעמפער פּיסאַרעוו און קראָפּאָטקין. שפעטער מיט אַ יאָר האָט שוין זאַקין אויך אַריינגעשמוגלט דעם „קאַפּיטאַל" פון מאַרקסן...

ווי לעבעדיק שווימען אַרויס פאַר מיר די געזיכטער פון יענע ייִנגלאַך אין אויבער־שטיבל אויפן סאַמע עק פון סקראָבאָווער גאַס, וווּ עס הייבן זיך אָן די קאַזאַרמעס פון יאַראָסלאַווער און שויסקן פּאָלקן און וווּ עס הייבט זיך אָן דער שאָסיי וואָס פירט אין טיפן סודותדיקן וואַלד פון אַלבערטין.

אָט איז דער לאַנגער דאַרער מאָטשע לייזעראָוויטש. זיין טאַטע, אַן אָרימער קראַנקער שוסטער, וועלכער פאַרדינט קוים אויף ברויט מיט קאַשע, אָבער אין זיין פאַרחושכט שטיבל אויף סטודענטסקע גאַס וואַקסט אַ טאַלאַנטפולער ייִנגל; ער שפּילט אויף אַ באַלאַלייקע אַזוי, אַז די גאַנצע גאַס שכנים לויפן זיך צונויף אין די אָוונטן אַרום דעם איינגעפאַלענעם הילצערנעם גאַניק, כדי צו הערן, ווי ער שפּילט און זינגט דערביי מיט זיין האַלב־צייטיקער טענאָרשטימע.

מאָטשע קומט אָן אין דער רעאַל־שולע, נאָכהער לויפט ער אַרום איבער „אוראַקן" ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער איז נאָך נישט אַלט קיין זעכצן יאָר, אָבער שוין ליגט אויף זיינע פּלייצעס דער פּרנסה־יאָך פון אויסהאַלטן זיך אַליין און דעם קראַנקן טאַטן, דעם שוסטער.

נעבן אים יאַשקע פינקעלשטיין וועמענס טאַטע האַנדלט אויפן מאַרק מיט צעלניק־סחורה. יאַשקע האָט זיך אין דער גויאישער שולע אַריבערגעפּעקלט דירעקט פון דער ישיבה און אַריינגעבראַכט אין קלאַס דעם ניגון פון גמרא, בעת ער פלעגט „לייזן" די געאָמעטרישע טעאָרעמעס... אויך יאַשקע האָט געלעבט פון רוסישע אוראָקן, כאָטש ער אַליין האָט גערעדט רוסיש מיטן ליטווישן „סין" און „אַוועקגעקוילעט" מיט דעם אַ גאַנצן דור פון זיינע שילער, די ישיבה־בחורים, פאַר וועלכע ער איז געווען דער עקספּערט אין רוסיש רעדן...

גאָר פון אַן אַנדער וועלט איז געווען דער בלאָנדער, שטאָלצער פּאָליאַק לעאָנאַרד מיכאַלסקי, וועמענס פאָטער איז געווען אַ גרויסער, רייכער גוט־באַזיצער. ווען ער איז געווען אין שולע, האָט ער זיך גערעכנט צו דער פּראָגרעסיווער גרופּע און זיך געהאַלטן נאָנט מיט זיינע ייִדישע חברים. יאָרן שפּעטער איז לעאָנאַרד מיכאַלסקי געווען אין ערשטן לעגיאָן פון פּילסודסקין, ווען יענער האָט אַרויסגעמאַרשירט פון קראָקע קעגן רוסלאַנד...

אין זעלבסטשטענדיקן פּוילן איז שוין מיכאַלסקי געווען דער קאָמאַנדיר פון אַן אולאַנער פּולק אין שטעטל נאָוואָמינסק, נעבן וואַרשע. איך האָב זיך דאַן מיט אים געטראָפן אין אַ קריטישן מאָמענט פאַר ייִדן. אַסך געדיינקען מסתמא, אַז איינינקע יאָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ ייִדישער קצב דערשטאָכן אין נאָוואָמינסק אויף טויט אַ סערזשאַנט פון די אולאַנער. מען האָט זיך גערירכט דאַן אויף אַ פּאָגראָם אין שטעטל. אַלץ איז געווען אָפּהענגיק פון דער רעדע, וואָס דער פּולקאָווניק מיכאַלסקי וועט האַלטן בעת דער לוויה פון זיין סערזשאַנט.

גראָד מיט אַן אָוונט פאַר דער לוויה האָב איך מיכאַלסקין געטראָפן אין קאַפע „איראָפּעיסקע" אין וואַרשע, אַרומגערינגלט מיט הויכע אָפיצירן.

איך בין געזעסן ביים צווייטן טיש מיט מיינע שטענדיקע מיטזיצער אין יענער באַרימטער וואַרשעווער קאַפע: די זשורנאַליסטן נתן שוואַלבע און וואָלקאָוויטש און דעם באַנקיר מיכאל שערעשעווסקי. איך דערצייל מיינע באַגלייטער, וואָס עס פאַרבינדט מיך מיטן פּוילישן אולאַנער קאָמאַנדיר און זיי הייבן אָן פּשוט מיך שטופּן, כדי איך זאָל איבעררײדן מיט מיין אַמאָליקן שול־חבר וועגן זיין מאָרגנדיקער רעדע אין נאָוואָמינסק, וועלכע קען דאָרט פאַרהיטן פון אַ פּאָגראָם.

כאָטש עס איז געווען זייער נישט פּאַסיק און אומאָנגענעם אַרויסרופן דעם פּולקאָווניק פון דער גרופּע הויכע אָפיצירן, מיט וועלכע ער איז געווען אַרומגערינגלט, פיל איך, אַז איך מוז דאָס טון.

מיכאַלסקי באַציט זיך צו מיר העפלעך און קאַלט. איך ווענד זיך צו אים אויף „דו", ווי צו אַ נאָענטן אַלטן חבר. ער ענטפערט מיר אויף „איר" כאָטש קיינער האָט זיך צו אונדזער געשפּרעך נישט צוגעהערט... איך פיל אָבער, אַז עס איז נישט קיין צייט אויף דיפּלאָמאַטישע דריידלעך און גיי צו גלייך צו דער אָנגעשטרענגטער לאַגע אין נאָוואָמינסק, מיט וועלכער עס זענען פול געווען דאַן די צייטונגען. איך פרעג אים, צי ווייסט ער, אַז אַלע ייִדן האַלטן, אַז נאָר דער פּולקאָווניק פון די אולאַנער קען אָפּהאַלטן מאָרגן פון בלוט־פאַרגיסונג?

ענטפערט ער, אַז אים האָט פון שטענדיק אָן געגרייצט אָט די ייִדישע אחדות, וועלכע האָט דרייפוסן באַפרייט פון דער פאַרדינטער תליה און וויל איצט באַפרייען די נאָוואָמינסקער ייִדן פון פאַרדינטער שטראָף...

אויף אַזאַ תשובה פון אַן אַמאָליקן חבר, מיט וועלכן איך בין דריי יאָר געזעסן אויף איין שול־באַנק און געהערט אפילו צו אַ נישט־לעגאַלן קרייזל, האָב איך זיך גאָרנישט געריכט.

איך רייד שוין אויך דאַן קאַלט און טיטוליר אים אפילו

„פֿאַן פֿולקאָווניק"... איך זאָג אים: אויב איר, פֿאַן פֿולקאָווניק, מיינט, אַז ווען אַ יידישער קצב אין אַמאָליקן סלאָנים וואָלט דערהרגעט אַ סערזשאַנט, וואָלט מען דאַן געדאַרפֿט דעריבער קוילענען שאַשקעסן, זאַקינען, גורוויטשן און שטיינבערגן, דאַן פֿאַרשטייט זיך, האָבן מיר מער נישט וואָס צו ריידן... אייער געשטאָרבענע מוטער, וועלכע איז געווען אַזוי גוט צו אונדז אַלעמען, וואָלט אייך אַזאַ עצה ניט געגעבן"...

איך באַמערק פֿלוצלינג, אַז דער אַנגעצויגענער „פֿאַן" ווערט מיט אַמאָל אַן אַנדערער: דער זכרון פֿון זיין געליבטער מוטער און די נעמען פֿון די אַמאָליקע חברים ענדערן די שטימונג.

ער ווענדט זיך אפילו צו מיר ווידער אויף „דו":

„ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך וויל זיך נוקם זיין אַן אומשולדיקע יידן פֿאַרן טויט פֿון מיין סערזשאַנט? איך קען דיר פֿאַרזיכערן, אַז איך בין נאָך אַלץ געבליבן טריי די געבאָטן פֿון מיין מוטער. אגב, פֿאַרוואָס קומסטו אַמאָל נישט אַראָפּ צו גאַסט צו מיר אין פֿולק?"

דאָס איז האָט געפּלאַצט. אויף מאָרגן האָט מיכאַלסקי געהאַלטן אַ הייסע רעדע אויף דער לוויה פֿון סערזשאַנט, אין וועלכער ער האָט געוואָרנט, אַז נאָר שולדיקע דאַרפֿן טראָגן זייער שטראָף און קיין טראָפּן אומשולדיק בלוט טאָר נישט פֿאַרשווענקען דעם זכרון פֿון דערמאָרדעטן זעלנער.

איך וויל, פֿאַרשטייט זיך, נישט צושרייבן צו זיך דעם פֿאַרדינסט פֿון דער רעדע, נאָר עס איז מיר דאָך אָנגענעם געווען פֿעסטצושטעלן דעם פֿאַקט, אַז „אַלטע ליבע ווערט נישט פֿאַרזשאַווערט".

## מיט לענינען אין פּלאָמבירטן וואַגאָן

מערקווירדיק איז אויך געווען די צוקונפֿט פֿון אונדזער יונגן חבר־רעוואָלוציאָנער מיירים זאַקין. ער האָט שפּעטער שטודירט מעדיצין און געענדיקט אויף דאָקטאָר אין ציריך... אין שווייצאַריע איז ער זייער נאָענט געשטאַנען צו די קרייזן פֿון לענין־מאַרטאָוו און בעת דער רוסישער רעוואָלוציע איז ער געקומען קיין פּעטערבורג אין „פּלאָמבירטן" וואַגאָן צוזאַמען מיט לענינען און אַ פּאָר צענדליק אַנדערע „אינטערנאַציאָנאַליסטן", וועמען די דייטשן פֿון ווילהעלמען האָבן דעמאָלט דערלויבט דורכפֿאָרן דורך זייער טעריטאָריע...

זאַקין האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ פֿירנדע ראָלע אין פּעטערבורגער „סאָוועט". אָבער ווען מאַרטאָוו איז שוין נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע זיך צעגאַנגען מיט לענינען, איז אויך זאַקין אַוועק מיט אים. איך האָב אים געטראָפֿן שפּעטער אין לענינגראַד אַלס אַ דיוויזיע־דאָקטאָר, שטאַרק אַנטוישט און אַ היפּש ביסל ציניש אין באַצוג צו יענע אידעאַלן, וועלכע ער האָט מיט אַזאַ היץ אָנגעצונדן אין אונדז נאָך אויף דער שול־באַנק...

צו אונדזער גרופּע האָט אויך געהערט משה'קע עפּשטיין, דער פּאָפּולערער אין שפּעטערדיקע יאָרן דאָקטאָר פֿון די סלאָנימער פֿאָלקס־מאַסן. זיין פֿאָטער איז געווען אַ רייכער ישובניק, נעבן דער סטאַנציע אָזערניצע. איז דאָרט געקומען אַמאָל אויף יאַגד אַ גרופּע לערער פֿון דער רעאַל־שולע, זיך באַקאַנט מיטן שוואַרץ־אויגיקן משה'קען און איינגערעדט זיין טאַטן, ער זאָל אים אָפּגעבן שטודירן.

דער פֿאָטער האָט נאָכגעגעבן און אין סלאָנים איז צוגעקומען נאָך אַן אָריגינעלער טיפּ פֿון אַ פּראָווינצער שילער. משה'קע פֿלעגט יעדן טאָג גיין דאַווענען אין בית־מדרש, לערנען נאָכן דאַווענען אַ פּרק משניות און גלייך לויפֿן אין שולע.

ער האָט אַממייסטן ליב געהאַט כעמיע און נאָך זייענדיק אין שולע, אָנגעשריבן אַ חיבור וועגן מענער און פֿרויען עלעמענטן אין כעמישן אַנאַליז. ער איז געווען שטאַרק אַנטוישט, ווען ער האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז די זעלבע „אַנטדעקונג" האָבן שוין מיט הונדערט יאָר צוריק געמאַכט אַנדערע און גרעסערע געלערנטע, אָבער מיט זיין ערשטער געדרוקטער בראָשור פֿון זעכצן זייטן האָט ער שטענדיק מער שטאָלצירט ווי מיט זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע אויף דער זעלבער טעמע.

איינמאָל זענען מיר אַלע שילער צוזאַמען מיט משה'קען געגאַנגען אויף אַ לאָטעריע־פֿאַרוויילונג און ער האָט דאָרט געוווּנען אַ קאַסטן מיט טשוועקעס, וועלכע ער האָט געמוזט נעבעך שפּעטער אַליין שלעפּן אויף די פּלייצעס. האָט אים די שטאָט אַ נאָמען געגעבן: משה טשוואָק. און אַזוי איז שוין דער נאָמען געבליבן נאָך אים אפילו דאַן, ווען ער איז געוואָרן אַ פּאָפּולערער דאָקטאָר.

איבערהויפּט זענען אונדזערע שטעטלאַך געווען אומברחמנותדיק מיט צונעמענישן, פֿון וועלכע די בכבודיקסטע מענטשן האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּטשעפּען דאָס גאַנצע לעבן: וואָס, צום ביישפּיל, איז געווען שולדיק דער חשובער באַלעבאָס און אייגנטימער פֿון אַ גרויסן הויף ר' מרדכי ש., אַז מען זאָל אים רופֿן „מאַניע חזיר"? וואָס איז? אויך ער האָט געוווּנען אויף אַ לאָטעריע אַ חזירל, איז ער שוין געבליבן „מאַניע חזיר" אויפֿן גאַנצן לעבן. וויפֿל שידוכים זיינען אָפּגעגאַנגען אין דער דאָזיקער פֿאַמיליע, ווען מחותנים פֿון דער פֿרעמד פֿלעגן זיך דערוויסן, אַז אין דער פֿאַלאַצדיקער שטוב מיט די ווייסע קאָלאָנען וווינט נישט דער גביר ר' מרדכי, נאָר פּשוט מאַניע חזיר...

אָדער אַזאַ פֿיינער אינטעליגענט, ווי חיים קוק, וועלכער האָט געשריבן לידער וועגן לבנה און ליבע און זיך געריבן אַרום די גימנאַזיסטן און גימנאַזיסטקעס. ער האָט איינמאָל אויף אַ שמחהלה מיט גוטע ברידער זיך געוועט, אַז ער וועט אויפֿעסן צען בייגל מיט דריי הערינג. דעם געוועט האָט ער גליקלעכערהייט געוווּנען, אָבער צוזאַמען מיט זיין „טשעמפּיאָנישקייט" האָט ער אויך געוווּנען דעם ערן טיטל „פּרעסער". חיים פּרעסער האָבן אים גערופֿן „קינד און קייט" אין סלאָנים.

אַן עק געמאַכט צו זיין צאַרטער פּאָעטישער קאַריערע, אַ מענטש מיטן נאָמען חיים פּרעסער קען נישט דעקלאַמירן וועגן לבנה און ליבע, כאָטש זיינע לידער זענען באמת געווען גאָרנישט אַזוי שלעכט.

נאָך אַ חבר האָבן מיר געהאַט, דווקא אַ גביריש קינד פֿון שענסטן יחוס, וועגן וועלכן מען האָט דערציילט פֿאָלגנדע געשיכטע:

ווען זיין מאַמע האָט אָנגעהויבן גיין מיט אים „צו קינד" איז געווען פּונקט פֿינף חדשים נאָכן חופּה־שטעלן...

ווען דער יונגער טאַטע, אַ בלאַסער און אַ דערשראָקענער,

איז געלאָפן צום סלאָנימער רב ר׳ יאָסעלע שליופער פרעגן די שאלה: היילִיקער רבי, צו איז געפערלעך פאַר דער מוטער, ווען זי גייט צום קינד אין גאַנצן פינף חדשים נאָך דער חתונה?

האָט דער רב זכרונו לברכה געגעבן אַ דיפּלאָמאַטישע תשובה:

— אויב דאָס איז דאָס ערשטע קינד איז דאָס נישט געפערלעך, אָבער מיט ווייטערדיקע דאַרף מען שוין זיין פאָרזיכטיקער...

מיין חבר איז פאַרשטייט זיך, געבוירן געוואָרן אַ געזונטער לעבעדיקער בחורעץ. מער נישט, צו זיין יחוסדיקן פאַמיליע־נאָמען האָט אים דאָס פאָלק צוגעגעבן אַ צונעמעניש, דאָס „פינפערל״.

## פון סלאָנימער גימנאַזיע — אין סטאַלינס אַפּאַרטעמענטן

צו אונדזער גרופּע האָט אויך געהערט די גימנאַזיסטין ליזע רעפּעלסקאַ. זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ טוך־פאַבריקאַנט אין גאָראָדאָק, נעבן ביאַליסטאָק און געקומען לערנען זיך אין סלאָנימער רעגירונגס גימנאַזיע, וויל מען האָט דאָ לייכטער אָנגענומען יידן.

ליזע איז געווען אַן עקזאַלטירטע פון דער נאַטור און אויף אונדזערע שילער־אָוונטן פלעגט זי דעקלאַמירן מיט האַרץ און געפיל נעקראַסאָווס און קאָלצאָווס פּאָעזיע וועגן ליידנדן רוסישן מוזשיק.

שפּעטער האָט זי שטודירט מעדיצין אין כאַרקאָווער אוניווערסיטעט צוזאַמען מיט מיינע שוועסטערס. מיין פאָטערס פאַמיליע האָט שוין דאַן געוווינט אין כאַרקאָוו און ליזע פלעגט אונדז דאָרט באַזוכן. עס איז געווען אין סאַמע ברען פון דער מלחמה אין יאָר 1916, ווען די דונערן פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע האָבן זיך שוין געלאָזן קלאָר הערן, איבערהויפּט אין די אוניווערסיטעט־שטעט. עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַן אונטערערדישער ראָט פון אַלע כאַרקאָווער הויך־שולן, ווו מען האָט באַטראַכט די פראַגע פון שטרייקן און פּראָטעסטן קעגן דעם צאַרישן רעזשים. די זיצונגען פון ראָט זיינען פאָרגעקומען אין דער סטודענטן־אַמבולאַטאָריע אויף סלעסאַרנעם געסל, ווו די מיטגלידער האָבן בעת די זיצונגען געשפּילט די ראָלע פון פּאַציענטן, וואָס וואַרטן אויף דאָקטוירים און דערוויל האָט מען צווישן זיך הייס דעבאַטירט די טאַקטישע פראַגן. איך בין דאַן געווען איינער פון די דריי פאַרשטייער פון האַנדלס־אינסטיטוט. ליזע רעפּעלסקאַ האָט רעפּרעזענטירט דעם מעדיצינישן פרויען־אינסטיטוט. זי האָט שוין דאַן געהערט צו דער באָלשעוויסטישער פראַקציע. אירע עקזאַלטירטע רעדעס פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרייק, פאַר אַ דירעקטן קאַמף מיט דער צאַרישער פּאָליציי, האָבן נישט געהאַט קיין באַזונדערן איינפלוס אויף די ראָט־מיטגלידער, וועלכע זענען באַשטאַנען מערסטנטיילס פון „מענשעוויקעס״ און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן.

ליזען אָבער פלעגט הייס אונטערשטיצן דער פאַרשטייער פון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, אַרטיאָם, אַ גרוזינישער סטודענט, שוין כמעט אַן אינזשיניער. זיינע קורצע שניידנדיקע רעדעס האָבן יאָ געמאַכט אַן איינדרוק און צו מען האָט געוואָלט צו נישט, האָבן זיך אַלע צו זיי צוגעהערט מיט גרויס אַכטונג.

צוויי יאָר שפּעטער, נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, האָט דער חבר אַרטיאָם אַריינגעשטורעמט אין כאַרקאָוו אַן דער שפּיץ פון דער רויטער אַרמיי, וואָס האָט באַזיגט דעניקינען.

ער איז געוואָרן דער „פּרעדסאָוונאַרקאָם״ אָדער פרעמיער מיניסטער פון אוקראַינע. מיט אים צוזאַמען אין ערשטן טאַנק איז אַריינגעפאָרן ליזע, שוין איצט זיין פרוי...

איך האָב זיי אין אַ פאָר חדשים אַרום באַזוכט אין זייער אַפּאַרטאַמענט אין לוקסוס־האָטעל „מעטראָפּאָל״. דער האָטעל איז געווען באַוואַכט פון מאַטראָסן און רויט־אַרמייער אין פולער באַוואָפנונג מיט די כאַראַקטעריסטישע דאַן לעדערנע פאַסן, אין וועלכע עס האָבן געשטעקט רעוואָלווערן.

אָבער איך בין געווען באַוואָפנט מיטן „פּאַראָל״, מיטן סימן, וועלכן דער הויפּט פון דער רעגירונג אַרטיאָם האָט מיר געגעבן, כדי איך זאָל צו אים קאָנען צוקומען.

דער דיקליכער גוטמוטיקער אַרטיאָם האָט דאַן געדולדיק אויסגעהערט ליזעס און מיינע דערציילונגען וועגן די סלאָנימער שול־יאָרן, וועגן די שול־חברים... וועגן מיר האָט זי געזאָגט, אַז אייגנטלעך בין איך דאָך אַ „נאַציאָנאַל־שאָוויניסט״, וועלכן מען וואָלט געדאַרפט אַרעסטירן, אָבער פאַרט אַן אַלטער חבר... אַרטיאָם האָט דאַן דערציילט וועגן זיין טרייען שול־חבר דזשוגאַשווילי־סטאַלין, מיט וועלכן זיי האָבן נאָר־וואָס צוזאַמען אַזוי גלענצנד געקעמפט ביי צאַריצין. איך מוז מודה זיין, אַז דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב דערהערט סטאַלינס נאָמען. עס איז געווען די צייט, ווען טראָצקיס מיליטערישע פירערשאַפט האָט פאַרטונקלט אַנדערע נעמען. נאָכהער האָט מיר ליזע איבערגעגעבן וועגן איר מאַנס, אַרטיאָמס, אַ דערפינדונג פון אַ וואַגאָן, וואָס ווערט געטריבן מיט אַ פּראָפּעלער, ווי אַן אַעראָפּלאַן.

מיט אַ יאָר שפּעטער נאָך דער באַגעגעניש איז אַרטיאָם אומגעקומען צווישן כאַרקאָוו און ביעלאָגאָראָד, בעת ער האָט געמאַכט זיין ערשטע רייזע אין ניי־דערפונדענעם וואַגאָן.

ליזע איז דאַן געבליבן אַליין מיט אַ עופהלע פון דריי חדשים אויף די הענט. דאָס איז שוין געווען אין 1920. באַקומט זי דאַן אַ טעלעגראַמע פון מאָסקווע, אונטערגעשריבן פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי יאָסיף סטאַלין, זי זאָל קומען און פאַרנעמען אַ דאָקטאָר־שטעלע אין שפּיטאָל אין קרעמל.

נאָכהער האָט סטאַלין אַדאָפּטירט דאָס קליינע זונעלע פון זיין אומגעקומענעם פריינט אַרטיאָם. אויף אַזאַ אופן איז דער זון פון דער אַמאָליקער סלאָנימער גימנאַזיסטין געוואָרן סטאַלינס אַדאָפּטירטער זון...

מיט זעכצן יאָר שפּעטער — אין 1936 — האָב איך באַזוכט מאָסקווע.

די טעלעפאָניסטין פון מיין האָטעל, נאָוואַ־מאָסקאָווסקאַיאַ גאָסטיניצאַ, האָט מיך צוויי מאָל איבערגעפרעגט, ווען איך האָב געבעטן, מען זאָל מיין צימער־טעלעפאָן פאַראייניקן מיטן קרעמל, און איר מעגט גאַנץ זיכער זיין, אַז די אויערן, וואָס

האָבן אונטערגעהערט מיין געשפּרעך (סיי אין האָטעל, סיי אין קרעמל) האָבן זיך נישט ווייניק איבערראַשט, ווען זיי האָבן דערהערט, אַז דער גאַסט פון פּרעמיער „בורזשואַזער" וועלט רעדט אויף „דו" מיט דער דאָקטאָרין, וואָס וווינט אין סטאַ־לינס פּריוואַטע אַפּאַרטאַמענטן.

דעם זעלבן אָוונט איז די אַמאָליקע סלאָנימער גימנאַ־זיסטין ליזע געקומען באַזוכן איר אַלטן חבר, גענומען אים אין שוואַרצן לימוזין, וואָס טראַגט די קרעמל־נומערן, אויף אַ שפּאַציר דורך מאָסקווע. זי האָט אים אויך דערציילט מיט אַ פאַרשטענדלעכן שטאָלץ, אַז מיט אַ חודש צוריק האָבןביידע קינדער — סטאַלינס אייגענער זון און איר קינד, דער אַדאָפּטירטער דורך אים — געענדיקט די מיטל־שולע און סטאַלין אַליין האָט דאָן געהאַלטן אַ רעדע אויפן שלוס־אַקט דורך דער ראַדיאָ...

מיט מיינע גייסטיקע אויגן זע איך אונדזער „קרייזל" אויפן בוידעם שטיבל פון זשאַנדאַרם יאַדיס, אַזוי ווי מיר האָבן אויסגעזעון דאָרטן אין אָנהייב יאָרהונדערט.

געשווירענע קעפּלאַך, פאַרשפּילעטע שול־מונדירן, ברוינע קליידלאַך, מיט הערצער ווי פּילבאַרע מעמבראַנעס, זיינען מיר גרייט געווען אַלע צוזאַמען אַרויסשטורמען אין לעבן, קעמפן פאַר גוטס און דערשטיקן דאָס שלעכטע... דאָס לעבן האָט אונדז צעשיידט; וואָס פאַר איינעם איז גוטס געוואָרן, איז פאַרן צווייטן דאָס ערגסטע געווען. ניינציק פּראָצענט פון אונדזער דעמאָלסטיקער גרופּע זיינען אומגעקומען אין גרויסן פייער, וואָס האָט פאַרברענט אונדזער אַלטן דעמבן־וואַלד. אויך פון די גויים זיינען געבליבן נאָר איינצלנע; ווי צעפליקטע וואָלקנ־דלאַך נאָך אַ שטורעם וואַנדערן זיי אויפן האָריזאָנט. און דאָך וואָס פאַר אַ וווּנדערבאַר פאַרבן־שפּיל איז געבליבן אויפן הימל, ווען די זון איז פאַרגאַנגען.

---

דר. שמואל חננוביץ

# רסיסי־זכרונות מבית־אבא ז״ל

זכר לנשמת אבי ז״ל
ר׳ יעקב חננוביץ
שעסק בסלונים בצרכי ציבור באמונה.

המלמד הראשון שלי היה ר׳ איטשע טוניס ז״ל. החדר שכן בעזרת הנשים של „בית המדרש דגשר" („בריקער בית מדרש"). את הא״ב למדנו מתוך הסידור ורק ידענו א״ב התחלנו לקרוא בסידור את התפילות. לשם שמירה על המשמעת היה משתמש ברצועה ומרביץ מזמן לזמן בילד „שחטא".

אחד ממלמדי, ר׳ ישראל־יעקב סלמן זכור לי בעיקר מלימוד התנ״ך. את כל לבו השקיע בהסברת הנביאים, ותוכ־חותיהם על מעשיהם הרעים של העם היו יוצאות מפיו בכאב ובחרדה. בהתלהבות ובהתרגשות היה מבאר את דרישות הצדק שלהם. ה„פתוס" שבהם נאמרו הדברים, השאיר ללא ספק רושם חזק בנפשותיהם הרכות של תלמידיו, כשאני לעצמי הריני ניזון עוד היום מההתלהבות הזאת.

הימים הנוראים היו מטילים אימה ופחד על יהודי סלו־נים, עיר שרוב רובה יראים ושלמים בימים ההם. מראש חודש אלול עד לאחר יום־כיפור היה מורגש שינוי האוירה בעיר, צפייה ליום הדין. אחרי כל־נדרי היו מפסיקים בבתי המדרש את התפילה והקהל היה נוהר בקיטל ובערדליים לבית הכנסת הגדול לשמוע את דרשת ר׳ מרדכי׳לה. בית הכנסת היה מלא, הקהל הצטופף ב„פולוש", לא היתה כל אפשרות לשמוע מלה שיצאה מפיו, אולם, חרדת־קודש שררה בקהל, שעמד בליל יום הדין והתייחד עם צדיק וקדוש.

בתפילת ערבית של מוצאי יום־כיפור בבית המדרש דחו־מה היה ר׳ מרדכי׳לה מאריך במיוחד בתפילת שמונה־עשרה. כל הקהל, גם „הנאורים" חיכו בסבלנות עד שסיים את תפילתו ורק אז היו ניגשים אליו לקבל ברכתו לשנה החדשה.

בערב יום־כיפור היו מעמידים שולחן גדול מאחורי הבימה ועליו „קערות" לנדבות. אחרי תפילת מנחה אומר כל אחד ווידוי. אחר־כך ניגש כל אחד לשולחן, מסדר חשבונותיו עם גבאי בית המדרש על נדבותיו בשנה שעברה ומחלק צדקה ל„קערות". בפינה אחרת של בית המדרש כורעים זקנים והשמש מלקה בהם ארבעים חסר אחת. הווידויים וההתיפחויות מרטיטים כל לב. ובמשך היום־הקדוש — הבכיות וההתרג־שויות של האדוקים הקיצוניים מטילות אימה, ביחוד עלינו הילדים.

מנהג היה בתפוצות ישראל להדליק בערב יום־כיפור נר־נשמה גדול, שהיה דולק עד מוצאי יום־כיפור. המספר הגדול של הנרות הללו היו גורמים לחום קשה בבתי התפילה. לא מעטות היו גם הסכנות, כשנר היה מתהפך וכדומה, אולם, קשה לבטל מנהג.

והנה באה מלחמת העולם ב־1914. העניות היתה גדולה ואנשי „ועד העזרה" הצליחו להשפיע על גבאי בתי הכנסת, שבמקום נר יתן כל אחד תרומה לנצרכים. מאז בוטל המנהג בסלונים.

„בית המדרש דחומה" היה מבצר היהדות החרדית שבעיר. דור הזקנים כולם אדוקים, יראים ושלמים ונזהרים במצוות קלות כבחמורות. משגדל הדור הצעיר נתווספו למת־פללים, בעיקר בשבתות ובימים טובים, הבנים והחתנים של „הדור ההולך", מהם שכבר לא הלכו בכל דרכי אבותיהם והיו ביניהם רבים בלי חתימת זקן. אחד הקנאים בא בדרישה שאין להכניס „פושעים" אלה לבית המדרש ואסור לקרוא להם לעלות לתורה. לא חסרו המריבות בנושא זה. זכורני שבאחת ההתפרצויות של אחד הקנאים הקשיב ר׳ אליהו קלצקין ז״ל (חותנו של ראש הישיבה ר׳ שבתי יגל זצ״ל), לדברי המת־ווכחים וכשנרגעו קצת הרוחות פנה לקנאי ואמר: „בית־מדרש

זקוק לשולחן־ערוך שלם. אולם, מי מבינינו מסוגל לקיים את תרי״ג המצוות כולן? ובכן; מה שמחסיר האחד משלים חברו. צעירים אלה יש ביניהם הרבה בעלי־צדקה וגומלי חסדים והם משלימים הרבה מצוות שאתה וחבריך אינם מקיימים אותן כהלכה". —

בשנת 1911 עמדו לבחור בסלונים „רב מטעם". אחד המועמדים למשרה זו היה הרב ר' זלמן סורוצקין, שכיהן כרב בעיירה קטנה ע"י לידה, שהיה לו „אטסטט" (תעודה) של גימנסיה שלמד בה כאקסטרן.

מועמדותו של הרב הזה ירדה מן הפרק, לאחר שהרב ר' מרדכי'לה זצ"ל פסק: „מעלין בקודש ולא מורידין" והוא לא יסכים שרב בישראל, ירד לדרגת „רב מטעם".

מועמד שני, ה' קרופיצקי הובא ע"י יעקובסון, שהשתדל להכניס קצת השכלה אירופית לעיר. המועמד היה חניך אסכולה אירופאית, איש משכיל, חזותו אומרת כבוד, שערותיו ארוכות, מגבעתו גדולה ושכמיה על כתפיו.

באחת השבתות ההן חגג יעקובסון את הבר־מצווה של בנו והמועמד נאם אחר קריאת התורה לכבוד המאורע, כנהוג בארצות אירופה המערבית. מעטים היו אז המשכילים בעיר ולמרות השתדלויותיו והשפעתו של יעקובסון נכשל המועמד הזה.

המועמד השלישי היה יליד העיר, בעל יוחסין, בנו של הרב ר' יוסלי שלופר ונכדו של ר' אייזילי חריף. בעלי־הבתים של העיר טענו לזכות־אבות של המועמד הזה והוא נבחר.

בשנות הכיבוש הגרמני 1916—1918 התארגנה קבוצה של סוחרים שהקימו בית־חרושת לגפרורים. בבית־חרושת זה מצאו עבודה צעירות וצעירים מטובי המשפחות שבעיר ופירנסו את משפחותיהם שנדלדלו.

בית־חרושת זה שכל עובדיו היו יהודים, היה משמיע בערב שבת צפירה שנשמעה בכל העיר, אות לכניסת השבת.

בתקופת הכיבוש הגרמני פעל בעיר כידוע, „הועד לעזרה" לנזקקים. רבים מאד היו מחוסרי פרנסה וגדולה היתה הדלות. יום יום היו באים אנשים לבקש ולהתחנן לקבל עזרה.

יום אחד הזמין ה„קומנדנט" הגרמני כמה מחברי הועד וביניהם גם את אבי ז"ל ודרש מהם להגיש לו מיד רשימה של עניים, שנופלים למעמסה על הציבור, כדי שהשלטונות יעבירו אותם למקומות אחרים. חברי הועד סרבו לתת רשימה כזאת, והחזיקו אותם חצי יום במעצר ב„קומנדנטורה". ואכן הרשימה לא ניתנה. הדבר נודע בעיר, ועוד לא הספיק אבי לחזור הביתה וכבר באו אנשים, שבימים רגילים היו מתחננים כל הזמן לסיוע, מבוהלים, צועקים ורוטנים, מי ביקש מהועד לרשום אותם בין מקבלי העזרה... למרבה הצער יצא הגירוש לפועל והרבה משפחות הוגלו, לפי ראות עיניהם של הגרמנים.

---

כשכבשו הפולנים את סלונים מידי הבולשביקים היתה המצוקה בעיר קשה מאד. מספר הזקוקים לעזרה היה גדול. שרר מחסור במצרכי מזון חיוניים. בעיירה ז'טל הסמוכה לסלונים כיהן אז ברבנות הרב סורוצ'קין ז"ל והוא פעל רבות למען קהילתו, לשם־כך היה בא לפעמים קרובות לסלונים, להשתדל אצל השלטונות הפולניים לקבל מצרכי מזון עבור קהילתו. אותה שעה לא היה רב בסלונים. ר' מרדכי'לה זצ"ל נפטר בשנת 1916 ובתקופת הכיבוש הגרמני ולאחר־מכן בשנות מלחמת הפולנים והבולשביקים לא היתה השעה כשרה לטפל בבעיה זו. ראה „עמך" בסלונים את הרב מז'טל שהוא שתדלן מצליח ועוזר לאנשי קהילתו גם ב„גשמיות", התארגנה קבוצה שדרשה לבחור בו לרב בסלונים. לעומתה קמו בעלי־הבתים המכובדים ותלמידי החכמים שבעיר והתנגדו למועמדותו, והציעו לבחור בראש־הישיבה ר' שבתי יגל זצ"ל, גאון בתורה ומעורב עם הבריות, דואג לצרכי הכלל וראוי לכל הדעות לשבת על כס הרבנות בסלונים. המחלוקת היתה גדולה. באחת השבתות הופיע בבית־המדרש־דחומה בשעת התפילה האדמו"ר ר' יששכר לייב זצ"ל עם קהל חסידים — דבר נדיר מאד, שהרבי של החסידים יבוא לבית המדרש של המתנגדים — עלה על הבמה ודרש בכל תוקף שלא להשאיר יותר את העיר בלי „מנהיג רוחני". הוא העלה בפני הציבור את גדולתו בתורה ומידותיו התרומיות של הרב ר' שבתי יגל זצ"ל ודרש שבימים הקרובים ימסר לו כתב הרבנות.

הרב ר' שבתי יגל זצ"ל שהתפלל בבית המדרש, הודיע באופן ברור ומפורש ובצורה שאינה משתמעת לשתי פנים, כי לאור המחלוקת בעיר הוא מסרב לקבל את כתב הרבנות. תלמידי־חכמים מרבים שלום בעולם ואסור להלהיב עוד יותר את יצר המריבות. לאחר כמה זמן כשסדרי החיים חזרו לתיקונם, שמו אנשי סלונים עינם בהרב פיין זצ"ל, ששימש אז רבה של אושמינה ובחרו בו לרב בסלונים והמחלוקת שככה.

לאחר שהפולנים חיזקו את שלטונם בעיר נבחר „ועד הקהילה", שבו השתתפו רוב המפלגות שברחוב היהודי — מ„אגודת־ישראל" עד ל„בונד". הועד התנהל בצורה דמוקרטית וישיבותיו היו פתוחות. נזדמנתי פעם לשמוע מו"מ בועד הקהילה. יו"ר הועד היה באותו זמן ר' זלמן איווינסקי ז"ל סוחר ועסקן ידוע בסלונים. בין חברי הועד היה גם ר' שמעון־אהרן אורלינסקי, יהודי פיקח וממולח, שעשה רבות לטובת בעלי המלאכה בעיר והתמסר כולו לעזרה לעניים. באחד הויכוחים הוא ביקש את רשות הדיבור וגידף בביטויים „בלתי פרלמנטריים" את אחד העסקנים. הפסיק אותו יושב־הראש וגער בו על המלים שהשתמש בהן ודרש שיחזור בו: „נעמט די ווערטער צוריק". עמד שמעון־אהרן בפנים תמהים, הרהר כמה רגעים. נראה שלא ירד לסוף דעתו של היו"ר ואמר: מילא, לאחר שאמרתי, אני יכול לחזור בי.

בשעור ראשון זה שקיבלתי בפרלמנטריזם נזכרתי אח"כ הרבה פעמים. שיטה זו להפליט דברים ואח"כ לחזור מפליטת הפה, היתה ועודנה מקובלת מאד בהרבה פרלמנטים.

---

האדמו"ר מסלונים ר' יששכר־לייב זצ"ל עסק במשך כל תקופת המלחמה ולאחריה, בענינים ציבוריים. בעבודה זו נפגש אתו לעתים קרובות אבי ז"ל. לפני צאתי את סלונים, לקנות השכלה בחו"ל הוא ביקש את אבי שאכנס להיפרד ממנו. הוא נפרד ממני בלבביות רבה וציווה עלי להיכנס אליו בכל פעם שאבוא הביתה. מלאתי את ציוויו ובודאי היה הדבר לפלא בעיני יושבי ה„שטיבל", שסטודנט מברלין מתקבל ע"י הרבי.

הרבה דברי חכמה ודעת זכיתי לשמוע מפיו בשיחות הקצרות אתו. זכורני, שסיפר לי פעם על בעיה שהוא מתלבט בה. ר' משה'לה חסיד (ר' משה פוקסמן), רוצה זה כמה שנים

לשמש כמוהל והוא הולך אחרי הרבי כמעט לכל ברית, כדי ללמוד. ובאמת, אין כמוהו ראוי לכך! — „אעפ״כ — אמר הרבי — אני מהסס. מתוך נסיוני, אני יודע שלא מספיק להיות צדיק וחסיד, מוהל צריך גם להיות בעל־תפישה מהירה וכושר שליטה במצב. ובדידי הוה עובדא — מספר הרבי. בנסיעותי נזדמנתי פעם לעיר שהיו בה הרבה חסידי סלונים. באו החסי־דים לקבל פני בתחנת הרכבת. והנה התברר שאחד החסידים היה „בעל־ברית" באותו היום והוא ראה זכות גדולה לעצמו, שהרבי ימול את הרך הנולד. הסכמתי לדחות את נסיעתי וללכת בליוויית החסידים לברית. היה דוחק רב של חסידים. השמחה בבית „בעל־הברית" היתה גדולה מאד. הסנדק היה הסבא של התינוק, והנה רק התחלתי לימול, אני רואה שהסנדק התעלף, כנראה מרוב התרגשות. הוצאתי מידו ביד שמאל את התינוק וביד ימין עשיתי הכול מה שנשאר לי עוד לעשות. לאחר שחבשתי את התינוק אמרתי לחסיד שעמד על ידי לטפל בסנדק שהתעלף. עדיין לא יצאתי מכלל היסוסים, אם ר' משה'לה חסיד יהיה מסוגל לשלוט בעצמו במקרה כזה ומשום־כך אני דוחה לפי שעה את העניין. אולם, בעיני חסידי סלונים זה מעשה לא מובן". —

בכך הפטיר האדמו"ר ר' יששכר־לייב את סיפורו.

**יוסף ערישעוויטש (בוענאס־איירעס)**

# פאַרשוווּנדן דער וואַסער־טרעגער...

סלאָנימער, וועלכע זיינען געבאָרן געוואָרן שפּעטער פון יאָר 1896, האָבן אָנגענומען פאַר זייער נאַטירלעך, אַז וואַסער פליסט אין שטוב פון קראַן...

ווי אַזוי אָבער האָט מען זיך באַזאָרגט אין שטאָט מיט וואַסער צום טרינקען, קאָכן און וואַשן איידער ס'איז איינגע־פירט געוואָרן די מאָדערנע וואַסער־לייטונג? —

אַזוי ווי מיינע קינדער־יאָרן זיינען אויסגעפאַלן אין די ענדע אַכציקער און אָנהייב נײַנציקער יאָרן, געדיינק איך זייער קלאָר די אַלע אומשטענדן פון וואַסער־צושטעלונג פון יענער צייט, וועלכע זיינען געוויס געווען דיזעלבע אין משך פון יאָר־הונדערטער, ביז וואַנען ס'איז געקומען די ציוויליזאַציע מיט דער טעכנישער וואַסער־איינריכטונג. דאָס זעלבע בילד פון די ברונעמער, וואַסער־טרעגער און וואַסער־פעסלאַך וואָס איך געדיינק פון 80 יאָר צוריק, איז געוויס געווען נאָך אין מלך סאָבעסקי'ס צייטן...

צוליב דעם צושפּרייטן שטח פון די פּעריפעריעס פון שטאָט, איז ניש געווען לייכט צו באַפרידיקן די באַדערפע־נעשן אין וואַסער נאָר פון דער שטשאַרע און פון אַגינסקי־קאַנאַל (לייגג־אויס דער דאַמבע). צוליב דעם האָבן פאַרשיי־דענע געגנטן זיך באַזאָרגט מיט ברונעמער. אַזעלכע האָבן זיך געפונען, — ווי איך געדיינק: — אויף דער ערשטער יורדזיקע (נעבן דער יורדזיקער שול), אויף דער צווייטער יורדזיקע (נעבן דעם הויז פון אברהם'ל דער באַנדער,*) קעגנאַיבער דער גרויסער שול (אַנטקעגן דעם בית־המדרש חברה־שטיבל), אין בעל־עגלה'שער געסל; נעבן דער אַלטער ישיבה קעגן אַלטן בית־עולם (האַרט ביי דעם גאַלן בעקערס שטוב); דער פּאַטשטאָווער ברונעם אין מאַנדזשע מילערס געסל, און פיל אַנדערע.

דאָס צושטעלן וואַסער אין די הייזער איז פאָרגעקומען אויף פאַרשיידענע אופנים: דהיינו, טייך־וואַסער איז גענוצט געוואָרן נאָר צום טרינקען און קאָכן. דאַקעגן ברונעם־וואַסער איז באַנוצט געוואָרן צו וואַשן וועש, רייניקן די הייזער, באַ־וואַסערן גערטנער וכדומה. פאַרשטענדלעך, האָט זיך געשאַפן אַ קליינער כמו וואַסער־טרעסט, וואָס איז געלעגן אין יידישע הענט. טייך־וואַסער האָט מען געפירט מיט פערד און וואָגן אין גרויסע הילצערנע פעסער, וועלכע האָבן געהאַט אין אויי־בערשטן טייל אַן־עפענונג אויף אָנצופילן, און אין אונטערשטן טייל, — אַן־עפענונג, פאַרשטאָפּט מיט אַ שפּונט, אויף אָנצו־פילן די עמערס פון די פאַרברויכער. אַ צובער וואַסער האָט געקאָסט אַ קאָפּיקע. מיטן פירן טייך־וואַסער האָבן זיך פאַר־נומען יהודה דער וואַסער־פירער, נח אייד — אַ גבר מיט אַ געדיכטער שוואַרצער באָרד, הירש דער געלער פון רוזשנאַיער גאַס. יעדער וואַסער־פירער האָט געהאַט געהילפן צו דער אייגנאַרטיקער מלאכה.

דאַקעגן צושטעלן וואַסער פון די ברונעמער איז געווען די אַרבעט פון די וואַסער־טרעגער, וועלכע פלעגן טראָגן אויף די אַקסלען אַ קאָראָמעסל מיט צוויי עמערס, אין עמער פון יעדן זייט. די וואַסער־טרעגער האָבן געהאַט חזקה אויף דער אַרבעט, יעדער איינער אין זיין געגנט.

אויף דער ערשטער יורדזיקע האָט געהאַט די חזקה יודל, אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט; אויף דער צווייטער יורדזיקע — איטשע־לייב; אין בעל־עגלה'שער געסל — משה דער וואַסער־טרעגער (וועמענס זון אַנצל דער סטאָליער איז געווען דער ערשטער סלאָנימער וואָס איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר צוליב זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט.**) יעדן דאָנערשטיק פלעגן די וואַסער־טרעגער אַרבעטן ביז חצות, כדי צושטעלן וואַסער אויף שבת.

ווינטער איז געווען סכנות־נפשות צוצוטרעטן צום ברו־נעם, צוליב דאָס פאַרגאָסענע וואַסער, וועלכע פלעגט פאַר־פרוירן ווערן און שאַפן אַ דיקע גליטשיקע אייז־שיכט. און

---

*) ליידער ווייס איך נישט די פאַמיליע־נעמען פון אַלע פער־זאָנען וועלכע כ'דערמאָן דאָ. איך געדיינק זיי נאָר מיט זייערע פאַרנעמען און זייער מלאכה, ווי וואַסער־טרעגער, באַנדער, סטאָ־ליער א. אז. וו.

**) ל' פרטים וועגן אים אין מיינע זכרונות פון די יאָרן 1904—1906, וועלכע קומען אין דיזן באַנד פון „פנקס־סלאָנים".

זומער זיינען אַרום די ברונעמער געווען שטענדיק גרויסע קאַלוזשעס.

יעדער חנוכה פלעגן זיך די וואַסער־פירער און וואַסער־טרעגער אַרויסלאָזן איבערן שטאָט מיט אַ חשוב'ן בעל־הבית זאַמלען חנוכה־געלט...

אַלע סלאָנימער געדיינקען גוט די טאָפּאָגראַפישע לאַגע פון דער שטאָט, וועלכע איז געלעגן אין אַ טאָל לײַנג־אויס דער שטשאַרע, אַרומגערינגלט פון צפון און מערב מיט אַ קייט פון גאַנץ־הויכע בערגלאַך, וועלכע האָבן געשאַפן, צוזאַמען מיט דער פערספּעקטיווע אויפ'ן טייך, אַ מאַלערישע לאַנדשאַפט־פּאַנאָראַמע. (ניט אומזיסט ווערט סלאָנים געקרוינט אין גע־וויסע ענציקלאָפּעדיעס מיטן טיטול: „די שווייץ פון ווייס־רוסלאַנד").

אין אָט די בערגלאַך האָבן זיך געפונען נאַטירלעכע וואַ־סער־קוואַלן, וועמנס וואַסערן זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען אין די אונטערערדישע דורכגאַנגען. די קוואַלן וואָלטן אפשר נאָך פיל דורות געדרימלט אין די בערג, ווען אין סלאָנים וואָלט זיך ניט געפינען אַ ייד מיטן נאָמען ר' נטע דער ברו־קירער, אַ ייד אַ גרויסער קבצן, נאָר אַ שטיקל פילאָסאָף וואָס שטעלט שטענדיק קשיות און פרווט אַליין צו געפינען אויף זיי אַ תירוץ...

אין אַ שיינעם העלן טאָג האָט ר' נטע, פילאָזאָפירנדיק, זיך דערטראַכט אַז מען וואָלט געדאַרפט אויסנוצן די וואַסער־קוואַלן פון די בערג פאַר דער שטאָט. מיט דער דאָזיקער „אידעיע־פיקס" האָט ר' נטע זיך אַרומגעטראָגן אַ היפּשע צייט, ביז ער האָט זיין פּלאַן פּאַרטרויט פאַר הערשל קוניצען. דער לעצטער האָט דעם פּלאַן אָנגענומען ערנסט, און נאָך אַ יישוב־הדעת מיט זיין ברודער חיים, האָט ער באַשלאָסן אַראָפּ־צובריינגען אַן אינזשעניער פון רוסלאַנד, אויף אַ באַראַטונג; דער אינזשעניער האָט זיך אַרויסגעלאָזט צו די „פּאַנאַסויקער בערג" (אַזוי האָט מען גערופן אין סלאָנים אין יענער צייט די בערגלאַך וואָס ליגן נאָענט צו פּאַנעסוויער גאַס), און נאָך אַ לענגערן שטודיום איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז די הויכ־קייט־דיפערענץ צווישן די קוואַלן און דער אין דער נידער־ליגנדער שטאָט, ווי אויך די שטאַרקייט פון די קוואַלן זיינען ביכולת צוצושטעלן וואַסער פאַר דער שטאָט, אָן קיין שום מעכאַנישער הילף.

דער פּלאַן איז צוגעשטעלט געוואָרן אין דער „גאָראָדס־קאַיאַ אופּראַווא" (שטאָט־פאַרוואַלטונג), וועלכע האָט אים אָפּ־ראָבירט. מען איז גלייך צוגעטראָטן צו דער פּראַקטישער אַר־בעט פון גראָבן גריבער און לייגן רערן פאַר אַ מאָדערנער וואַסער־לייטונג, וואָס האָט זיך געצויגן פון די פּאַנאַסויקער בערג ביז'ן „פּאָסטן סאַד", ווו ס'איז טאַקע געווען די ערשטע „וואָדאָקאַטשקע" (אַ פּאַרטיילונגס־סטאַציע פון די וואַסער, מיט אַ וואַסער־רעזערוואַר דאָבי). די צווייטע „וואָדאָקאַטשקע" האָט זיך געפונען אויפ'ן מאַרק־פּלאַץ, נעבן דאַמאַלסדיקן „נאַ־ראָדני דאָם" (געביידע פון שטאָט־טעאַטער). דעם „פּאָדריאַד" (אונטערנעמונג) אויף איינצופירן וואַסער־לייטונג אין די היי־זער האָט באַקומען דער איניציאַטאָר פון פּראָיעקט, ר' נטע ברוקירער, וועלכער האָט דערנאָך איבערגעגעבן די חזקה צו זיין איידעם זלמן גערצאָווסקי.

ביסלאַכוויז איז איינגעפירט געוואָרן וואַסער־לייטונג אין אַלע סלאָנימער הייזער. די סאַניטאַרע מאַכט פון דער שטאָט האָט נאָכהער פאַרבאָטן צו באַנוצן די וואַסער פון טייך צום טרינקען, ווייל אַ מעדיצינישע עקספּערטיזע האָט באַוויזן, אַז די טייך־וואַסער פאַראורזאַכט בויך־טיפוס.

און מיטן איינפירן די וואַסער־לייטונג איז ביסלאַכוויז פאַרשוואונדן פון שטאָט־האַריזאָנט די גוט־באַקאַנטע געשטאַלט פון היימישן וואַסער־טרעגער...

אין יענע יאָרן איז סלאָנים געווען די איינציקע שטאָט פון גאַנצן געגנט, וועלכע האָט געהאַט אַ מאָדערנע וואַסער־לייטונג. באַראַנאָוויטש און וואָלקאָוויסק האָבן דאָס באַקומען פיל שפּעטער.

אין די לעצטע יאָרן האָט דער סלאָנימער „דאַנקבאַרער" שטאָט־ראַט צוגענומען די קאָנצעסיע פון די ברידער הערשל און חיים קוניצע.

## הפרוגימנזיה לבנות של הגב' יודקובסקי

בהתחלת המאה השתקעה בסלונים פדגוגית מנוסה הגב' פניה יקובלבנה יודקובסקי וקבלה רשיון לפתיחת מוסד חינוכי לבנות, הריהי הפרוגימנזיה שנשאה את שמה ושפתרה במשך 15 שנה את בעיית־החינוך הכללי של מאות נערות יהודיות בעיר, שלא מצאו את מקומן בגימנזיה הממלכתית. המוסד היה בן 7 כיתות, שבעצם הקבילו בתכניתן לשבע כיתות בית־ספר תיכון מלא, אך הואיל והוא היה נעדר זכויות ממשלתיות, קראו לו פרוגימנזיה. כל הלימודים הכלליים היו בשפה הרוסית. כמובן, שהתכנית כללה גם את לימוד הדת. המורה לדת היה בעלה של המייסדת ה' יודקובסקי. צוות המורים והמורות היה כולו יהודי, וכן כל התלמידות. המוסד לא הקנה שום ערכים לאומיים־יהודיים. המורים רובם היו מחוץ לסלונים והיו מת־חלפים לעתים קרובות. גם המורים מביה"ס היהודי הממלכתי, ביליקוב ושוורצובסקי נתנו שעורים במוסד. הלימודים ארכו מ־8 בבוקר עד 2 אחה"צ. בבחינות סוף שנת־הלימודים לא השתתף אף־פעם בא־כוח או מפקח של שלטון־החינוך מגליל־ווילנה, ועובדה זו, מנעה מהמוסד את הזכויות הממשלתיות. על־אף עובדה זו, מילא המוסד שליחות חינוכית בעיר, בהק־נותו השכלה כללית לדור שלם של נערות יהודיות. אני למדתי במוסד וסיימתי בו את חוק־לימודיו. אחר־כך שימשתי בו כמורה עד סגירתו בשנת 1915. לפני כניסת הגרמנים, עזבה גב' יודקובסקי עם בני־ביתה את סלונים ועברה לרוסיה עם האבקואציה. הגב' יודקובסקי, שהיתה ילידת גרודנה, לא חזרה יותר לסלונים. המוסד השאיר שם טוב. רוב הבנות של השכבות הבינוניות למדו בו. שכר־הלימוד היה בו ממוצע (בערך 3 רובל לחודש). ראוי המוסד לציון בתולדות העיר.

ר ח ל ר ק ו ב י צ ק י ־ ז ק ל ד

# זכרונות מהשנים הסוערות 1903-1906

# זכרונות פון די שטורמישע יארן 1903-1906

יואל יודעלעוויטש

## די ערשטע יארן פון דער ארבעטער־באוועגונג אין סלאנים

1

איינער פון די ערשטע פראלעטארישע אגיטאטארן אין סלאנים איז געווען א מינסקער בחור יעקב, וועמנס פאמיליע־נאמען לײדער געדיינק איך ניט. ער איז אין 1899 געקומען פון מינסק אין סלאנים דינען אין היגן פאלק, וואס האט גארניזאנירט אין שטאט. במשך פון דער צייט פון זיין מיליטער־דינסט אין סלאנים האט ער באוויזן צו ארגאניזירן קרייזלאך צו 8—10 מאן יעדערער, ווו ער האט געגעבן פאפולערע שמועסן וועגן וויסנשאפט און סאציאליזם. ער האט די ארבעט געפירט שטרייננג קאנספיראטיוו, און פאר דער גאנצער צייט איז ער קיינמאל ניט דורכגעפאלן. חבר יעקב איז ביי די ארבעטער געווען זייער פאפולער. זיינער א ווארט (כאטש ניט אלע האבן אים פארשטאנען) איז געווען הייליק און ער האט דעריבער געהאט א גרויסע ווירקונג אויף זיינע צוהערער.

זייענדיק נאמינירט פון דער סאציאליסטיש־רעוואלוציאנערער באוועגונג אין מינסק, האט ער זיין אגיטאציע געגעבן א ס.ר.׳ישע באפארבונג, און דאס האט זיך אים לייכט איינגעגעבן, ווייל קיין קעגן־מיינונגען האט ער נאך דאן אין סלאנים ניט געפונען.

אמת, דער דאן שוין באקאנטער אין סלאנים לערער און ארבעטער־טוער זלמן קוניצע, וועלכער איז לויט זיינע אנשויאונגען געווען א סאציאל־דעמאקראט, האט געפרובט זיך אנטקעגנשטעלן דער ווירקונג פון ח׳ יעקב. דאס איז אים אבער ווייניק געלונגען, ווייל צוליב פארשיידענע סיבות האט קוניצע ניט גענאסן פון צו־גרויסן צוטרוי מצד די ארבעטער...

איינער פון די וויכטיקסטע אויפטועון פון ח׳ יעקב איז, אן־ספק, געווען זיין באקעמפן דעם אנאלפאבעטיזם. ס׳זיינען צווישן די ארבעטער געווען א סך, וועלכע האבן זיך ניט געקענט אונטערשרייבן אין רוסיש (אנאלפאבעטן אין יידישן אלף־בית זיינען ניט געווען), און אונטער זיין השפעה האבן אסך אפגעשפארט פון זייערע שווער־פארהארעוועטע גראשנס און געלערנט זיך שרייבן.

פון די קרייזן האבן זיך מיט דער צייט אויסגעצייכנט עטלעכע פייהיקערע ארבעטער, וועמען דער ח׳ יעקב פלעגט איבערגעבן די פרעסע און אויך אויפרופן דורך זיי די קרייזן.

ח׳ יעקב האט געדינט אין סלאנים 2 יאר. נאכ׳ן ענדיקן זיין דינסט־צייט האט ער פארלאזט סלאנים און זיך צוריקגעקערט קיין מינסק. די מינסקער ס.ר. האט משמעות ניט געוואלט פארלירן אזא פאזיציע ווי סלאנים און האט ארויסגעשיקט אלס פראפעסיאנעלן אגיטאטאר דעם ח׳ נתן (אויך זיין פאמיליע־נאמען איז מיר ניט געבליבן אין זכרון), וועלכער האט פארגעזעצט די ארבעט.

אין די קרייזלאך האט זיך שוין דאן, אין 1901, אנגעהייבן צו פילן א סאציאל־דעמאקראטישע שטימונג, וואס איז אריינגעבראכט געווארן דורך די ס.ד. געהיימע פרעסע, וועלכע מיר פלעגן באקומען פון ווילנע. מ׳פלעגט שוין גאנץ אפט פירן דיסקוסיעס איבער דער טעמע: צי איז די רעוואלוציע, וואס דארף און וועט קומען, אפהייניגיק פון די עקאנאמישע באדינגונגען און די רייפקייט פון די מאסן, אדער גאר פון יחידים וואס וועלן שטירצן דורך פארשיידענע טעראר־מיטלען די הערשנדיקע מאכט? —

אינצווישן איז סלאנים אויפגעטרייסלט געווארן פון א טעראר־אקט וואס האט באגאנגען א יידישער סטאלער־ארבעטער, אונטערן איינפלוס פון דער ס.ר.׳ישער פראפאגאנדע: אין איינעם פון די היגע מעבל־ווארשטאטן איז אויסגעבראכן א שטרייק, און זייענדיק צוהיצט פון דער דיסקוסיע פון איין זייט און פון דער עקשנות פון ווארשטאט־אייגנטימער פון דער צווייטער זייט, האט ער פארגאסן דעם פנים פון בעל־הבית מיט אלים (שוועפל־זויער). גלייך נאכדעם איז דער סטאלער־ארבעטער אנטלאפן קיין אמעריקע. דאס איז געווען דער ערשטער פאקט פון עקאנאמישן טעראר אין סלאנים, און איז געטאדלט געווארן אין דער ס.ד. פרעסע, וואס איז ארויס געהיים אין ווילנע.

דאס איז אבער דאן געווען דער איינציקער פאל. אין אלגעמיין האבן אונדזערע צוזאמענטרעפן אין יענע יארן געטראגן מער א כאראקטער פון זעלבסט־בילדונג. מיר פלעגן זיך צונויפקלייבן אין שבתים, הערן פאפולער־וויסנשאפטלעכע רעפעראטן, פארלייענען ליטעראַרישע שאפונגען אין יידיש א.ד.גל. צווישן אנדערע האט ביי אונדז דאן געהאט א באזונדערן ערפאלג פרץ׳עס „די פרומע קאץ״, ווו ס׳איז געווען

פאַרשטעקט אַ קאָפּולע אָנצוהערעניש אויף דער מאַכט...

חבר נתן איז געבליבן אין סלאָנים אַ האַלב יאָר און נאָך אים האָט די פּאַרטיי פון מינסק (געמיינט די ס. ר.) אַריינגעשיקט אין סלאָנים אַן אַרבעטער־טוערין. כדאַי צו באַמערקן, אַז כאָטש די פּאַרטיי ס. ר. איז געווען אַן אַלגעמיין־רוסישע, זיינען אַלע אירע טוער אין אונדזערע גובערניעס געווען יידישע. די נייע דעלעגאַטין (וועמנס נאָמען איך געדיינק אויך ניט), וועלכע איז ניט געווען קיין יונגע, האָט פאַרמאָגט אַזאַ ברען און איבערגעבנקייט, ווי זעלטן יונגע. זי האָט גוט אָרגאַניזירט די אַרבעט, די קרייזלאַך האָבן פונקציאָנירט נאָרמאַל. אויפ׳ן געביט פון באַוווסטזיניק מאַכן די אַרבעטער האָט זי אַסך אויפגעטאָן. איר טעטיקייט האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. די פּאָליציי האָט איר „דערשמעקט" און זי האָט רעכטצייטיק פאַרלאָזט די שטאָט.

סיי בנוגע דעם ח׳ נתן און סיי בנוגע דער דעלעגאַטין, איז זלמן קוניצע געווען פיינטלעך געשטימט און האָט זיי פיל געשטערט אין זייער ס.ר.׳ישער טעטיקייט.

מיטן אָוועקפאָרן פון דער עסעראָווקע האָט זיך געענדיקט די קרייזלאַך־אַרבעט.

נאָר אָט האָט זיך באַוויזן אַ נייער טוער ביי די סלאָנימער יידישע אַרבעטער.

## 2

זיין נאָמען איז געווען מ. ה. געלמאַן. ער איז געווען אַ מאַן אין די ענדע צוואַנציקער, וואָס האָט שוין געהאַט הינטער זיך אַ קאַפּיטל סאָציאַליסטישע אַרבעט אַזש אין לאָנדאָן. ביז איצט איז מיר ניט קלאָר, וועלכער צענטער האָט אים געשיקט אין סלאָנים. צו ס. ר. אָדער ס. ד., כאָטש ער אַליין פלעגט אָפט אויסדריקן אַנאַרכיסטישע נייגונגען. זייענדיק אַ מענטש מיט ערפאַרונג, האָט ער אויפגעלעבט די באַוועגונג און איר געגעבן אַן אַנדער פּנים. ער קען פאַררעכנט ווערן פאַר איינעם פון די טיכטיקסטע פּיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין סלאָנים. ער האָט ניט געוואָלט צופּאַסן זיך צו די אָרטיקע באַדינגונגען, און זינט זיין אָנקומען אין סלאָנים אָנהייב 1902, האָט ער געפירט די אַרבעט אויף אַ ברייטן אופן; ס׳איז ניט געווען קיין איין צוזאַמענטרעף (און מערסטנטייל געהיים) פון אַרבעטער, וווּ ער איז ניט אַרויסגעטראָטן. אים האָט געצויגן צו אָפענע אַגיטאַציע, דורך וועלכע מ׳וואָלט געקענט צוציהען אַסך זייטיקע מענטשן. און ווירקליך, פאַר זיין צייט איז די באַוועגונג ברייט פאַנאַנדערגעוואָקסן געוואָרן. ס׳איז געווען אַ מין אָרגאַניזאַציע, אָן קיין שום פּאַרטייאישן שטעמפּל, וואָס האָט געציילט אַן׳ערך 100 מיטגלידער, און אַחוץ דעם אויך אַ היבש־ביסל אין דער אומגעגנט.

אים איז ביי־הילפיק געווען אַ סלאָנימער מיידל, אַ נייטאָרין, די חבר׳טע מירל, וועלכע האָט באַזיצט אין אַ גרויסער מאָס אינטעליגענץ (זי האָט נאָכהער עמיגרירט אין אַמעריקע).* מ. ה. געלמאַן האָט זיך אויסגעצייכנט אַלס אָרגאַניזאַטאָר. ער האָט דער ערשטער געשאַפן אַן אינסטאַנץ, וועלכע איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אַרבעט, אויפ׳ן דאָמאָלסטיקן לשון האָט דאָס געהייסן „צענטראַלע סכאָדקע", וועלכע איז באַשטאַנען פון 5 חברים, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט. אַחוץ דעם זיינען נאָך געווען פאַך־סכאָדקעס, וואָס זיינען באַשטאַנען פון 4 מיטגלידער פון יעדן פאַך (באַשטימט דורך דער צענטראַלער סכאָדקע) און איינעם אַ קאָאָפּטירטן מיטגליד פון דער צענטראַלער סכאָדקע. די פאַך־סכאָדקעס פלעגן אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון זייער פאַך, צוטיילן צווישן זייערע מיטגלידער ליטעראַטור א. א. וו. מער קאָמפּליצירטע ענינים פלעגן באַהאַנדלט ווערן אויף אַ קאָנפערענץ פון די פאַך־סכאָדקעס צוזאַמען מיט דער צענטראַלער סכאָדקע.

מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער אַרבעט, האָט זיך געלאָזט פילן אַ מאַנגל אין אַ שטענדיקער דירה, וווּ ס׳זאָל קענען ליגן די געשמוגלטע ליטעראַטור, אַ העקטאָגראַף צו דרוקן פּראָקלאַמאַציעס, אַ ביבליאָטעק א. אנד., און מ׳האָט טאַקע צו דעם צוועק געדונגען אַ וואָנונג אויף שול־הויף, וועלכע איז געווען דער ערשטער קאָנספּיראַטיווער לאָקאַל אין סלאָנים. די זיצונגען פון די סכאָדקעס פלעגן פאָרקומען אויף יורדזיקע אין אַ זייטיקן, פאַרשטעלטן הויף.

דעם ערשטן מאָל האָט מען באַנוצט דעם העקטאָגראַף צום שטרייק פון די אַרבעטער ביים מַצות־פּאָדראַד, וועלכער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן צוליב׳ן מינימאַלן לוין און כמעט אַ גאַנצע נאַכט־אַרבעט. מען האָט העקטאָגראַפירט אויפרופן און מ׳האָט גערופן אַלע פּאָדראַד־אַרבעטער צו פאַרשטרייקן. מיטלען צום שטרייק זיינען געווען פאַרשיידענע: ברעכן שויבן, גיסן וואַסער אין די אויוונס א. אז. וו. דער שטרייק האָט זיך טיילווייז איינגעגעבן און ס׳איז געלונגען אין אַ געוויסער מאָס אָפּצושאַפן די שפּעטיקע נאַכט־אַרבעט.

מ. ה. געלמאַן האָט אויך באַוויזן אָנצוקניפּן באַציהונגען מיט דער אַזוי־גערופענער אינטעליגענץ, וועלכע איז ביז דאַן געשטאַנען פון דערווייטן. ס׳האָט זיך שוין געשפּירט אַ מיטהילף און סאָלידאַריטעט פון אייניקע פון זיי. אַזוי האָט דער דאַן זייער פּאָפּולערער אין שטאָט דר. ראָזענבליט אַרויסגעוויזן בולט׳ע סימפּאַטיע צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. ביי אים אין וואָנונג פלעגט מען זיך גאַנץ אָפט צונויפקומען און זיך באַראַטן וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט. אייניקע לערער און סטודענטן (וועלכע פלעגן קומען אויף זומער־וואַקאַציעס אין סלאָנים) זיינען צוגעצויגן געוואָרן אַלס לעקטאָרן צו די קרייזן, וועלכע האָבן זיך ווידער געבילדעט. אַן איבערגעגעבענער טוער איז געווען אַ געוויסער געהילף־פּראָוויזאָר, וואָס האָט געאַרבעט אין גראָדזענסקי׳ס אַפּטייק.

געלמאַן האָט זיך ניט באַמיט אָנצוואַרפן זיינע אַנאַרכיסטישע אָנשויאונגען דער באַוועגונג, און פלעגט זיך שטענדיק

---

* דער מחבר פון די זכרונות האָט אויפגעגעבן נאָר דעם פאַרנאָמען: מירל. באַנוצנדיק זיך מיט אָט די זכרונות אַלס מקור פון ידיעות, ביים שרייבן דעם קאַפּיטל 41 פון דער מאָנאָגראַפיע „תולדות הישוב היהודי בסלונים" (ז׳ ערשטן באַנד פּנקס־סלאָנים, ז׳ קי״ז), האָב איך אויסגעדריקט די מיינונג, אַז סלאָנימער אין אַמעריקע וועלן אפשר קענען אידענטיפיצירן די חבר׳טע מירל. און ווירקלעך, שוין נאָכ׳ן ערשיינען פון „פּנקס־סלאָנים", אין 1962, האָבן מיר באַקומען די ידיעה, אַז זי הייסט מרים ראַסקין, אַ באַקאַנטע שריפטשטעלערין און אַרבעטער־טוערין אויך אין אַמעריקע, מיטאַרבעטערין פון „פאָרווערטס", פאַרעפנטלעכט אייניקע ראָמאַנען, ווי אויך ליטעראַרישע שאַפונגען וועגן סלאָנים. — רעד.

אונטערוואַרפן דער מערהייט, און דעריבער האָט ער זיך אויך ניט קעגנגעשטעלט דער פאַרבינדונג, וואָס דער ביאַליסטאָקער „בונד" האָט אַנגעקניפּט מיט סלאָנים.

נאָך לאַנגע באַמיהונגען איז חול־המועד סוכות (אין אָקטאָבער 1902) פאָרגעקומען אין סלאָנים אַ גרינדונגס־קאָנפערענץ פון „בונד", צו וועלכער ס'איז געקומען אַ דעלעגאַטין פון קאָמיטעט פון ביאַליסטאָקער „בונד", די דאַן שוין גוטבאַקאַנטע בונדיסטין מאַשע זאַלקינד. אין דער קאָנפערענץ האָבן אויך אָנטייל גענומען שליחים פון זשעטל, רוזשנאַי, דערעטשין און זעלווע. די חבר'טע מאַשע איז געווען אַ געניטע אָרגאַניזאַטאָרין און זי האָט שוין אַפילו געהאַט הינטער זיך אַ פּאָר יאָר „סיביר". ס'איז דאַן געגרינדעט געוואָרן דער „בונד" אין סלאָנים, ווי אויך לאָקאַלע בונד־קאָמיטעטן אין די שטעטלאַך. דער סלאָנימער קאָמיטעט איז געוואָרן אויך דער קרייז־קאָמיטעט פון „בונד" פאַר'ן סלאָנימער „אויעזד" (קרייז).

די קאָנפערענץ איז אויסגעפאַלן פּונקט צו די 5 יאָר פון דער גרינדונג פון „בונד" (אין 1897), און זי האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ יובל־פייערונג, אין וועלכער ס'זיינען געווען רעדעס, אַרבעטער־לידער, דעקלאַמאַציעס א. אנד. דאָס איז געווען די ערשטע אַרבעטער־פייערונג אין סלאָנים, און צוליב זיכערהייט־טעמים איז זי פאָרגעקומען אַראָפּ סקראָבעווע ביי אַ קריסט אין הויז.

ביז אָקטאָבער 1902 האָט די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין סלאָנים געטראָגן אַן'אַלגעמיינעם, כמעט אומפּאַרטייאישן כאַראַקטער, הגם מיט אַ ס.ר.'ישער צופאַרבונג. נאָר מיט דער ענטשטייאונג פון „בונד"־קאָמיטעט, האָט די באַוועגונג באַקומען אַ יידיש־פּאַרטייאישן שטעמפּל. און ניט לאַנג נאָך דער בילדונג פון דער היגער בונד־אָפּטיילונג, זיינען שוין אויך ענטשטאַנען סלאָנימער גרופּן פון די אַנדערע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען, ווי „פּועלי־ציון" און נאָכהער ס. ס. מיט דעם האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער פּאָליטישער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען אויף אויפ'ן אָפּשניט פון סלאָנים, אַ קאַמף וואָס האָט דערגרייכט זיין העכסטן פּונקט אין די יאָרן 1904 — 1906.

**יוסף ערישעוויטש (בוענאס איירעס)**

# מיינע סלאַנימער זכרונות אלס חבר פון ס.ס. אין די יאָרן 1904–1906

## קאַפּיטל 1

### דער בראשית פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין סלאָנים

איך בין געווען פון די ערשטע חברים פון דער סלאָנימער אָפּטיילונג פון דער ס. ס. (ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער) פּאַרטיי, וועלכע איז אַנטשטאַנען נאָך דער צושפּאַלטונג פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי אָנהייב 1904. איך האָב אָבער אויך פריהער, נאָך אַלס ניט קיין רייפער יינגל, שוין נאָכגעפאָלגט די אַרבעטער־באַוועגונג אין סלאָנים.

איך וויל דאָ אין אייניקע קאַפּיטלען אַרויפברענגען זכרונות פון די שטורמישע יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין סלאָנים בכלל און צווישן די רייהען פון מיינע סלאָנימער חברים פון ס. ס. בפרט.

נאָר פריהער — אייניקע ווערטער וועגן די אַרבעט־פאַרהעלטנישן אין סלאָנים צו־ענדע פון פאַריקן און אָנהייב היינטיקן יאָרהונדערט.

דער אַרבעטס־טאָג אין די וואַרשטאַטן און פאַבריקן פלעגט זיך אָנהייבן 6 אַזייגער פרי און זיך ענדיקן 10—11 ביינאַכט, מיט אַ קליינעם איבעררייס צו־מיטאָג. מעסטנטייל פון די אַרבעטער זיינען נאָך דאַן געווען אומבאַוואוסטזיניק, און פון אַ קאַמף פאַר בעסערע באַדינגונגען איז נאָך ניט געווען וואָס צו ריידן.

דער ערשטער שטויס צו אַזאַ קאַמף איז געקומען פון די מעבל־וואַרשטאַטן אין שטאָט. אין סוף פון די ניינציקער יאָרן האָט אין סלאָנים זיך צעוואַקסן אַ גאַנץ־ברייטע מעבל־אינדוסטריע. סלאָנימער מעבל האָט געשמ'ט אין די מערב'דיקע געגנטן פון רוסלאַנד. די סטאָליאַרעס וועלכע זיינען געווען די בעלי־בתים פון די מעבל־וואַרשטאַטן האָבן אַראָפּגעבראַכט ספּעציאַליסטן פון ווילנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע. אָט די ספּעצן זיינען דאָס געווען די ערשטע שוואַלבן, וועלכע האָבן געבראַכט אין סלאָנים די רעוואָלוציאָנערע אידעיען פון פאַרשיידענע שאַטירונגען. די התחלה האָבן זיי געמאַכט אין... בעלי־מלאכה'שע מנינים בעת'ן דאַווענען (מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אַ גרויסער טייל פון די יידישע אַרבעטער און לערן־יינגלאַך אין די וואַרשטאַטן זיינען דאַן נאָך געווען פרום און האָבן געהיט די טראַדיציעס). ביי אומשולדיקע שמועסן האָבן זיי זיך באַמיט אויפוועקן ביי זייערע חברים דעם אַרבעטער־באַוואוסטזיין.

אַלס רעזולטאַט פון זייער אויפקלערונג, וועלכע האָט מיט דער צייט אַרומגענומען אויך וואַרשטאַטן פון אַנדערע פאַכן, איז צום סוף פון יאָרהונדערט אויסגעבראָכן דער ערשטער אָרגאַניזירטער שטרייק. ער האָט זיך אָנגעהייבן ביי די שניידער און האָט פאַרכאַפּט אויך פאַרשיידענע פאַכן. דער שטרייק

איז געווען פאַר אַ 12 שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג און פאַר אָפּ־שאַפן די אַרבעט שבת־צונאַכט נאָך הבדלה. (ווייל מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז ביי די פאַרשיידענע בעלי־מלאכות האָט מען אויך געאַרבעט שבת־צו־נאַכט).

דער שטרייק איז, פאַרשטייט זיך, דערגאַנגען צו דער פּאָליציי, וועלכע איז געווען גרייט גלייך צו דערשטיקן די „קראַמאָלע" (דעם „בונט"). נאָר גראָדע דער דאַמאָלסטיקער פּאָליציי־שעף פון שטאָט האָט זיך אַרומגעזען, אַז דער אָביעקט פון שטרייק איז געווען אַ לעגאַלער, ווייל צו יענער צייט איז שוין געווען גילטיק אין רוסלאַנד אַ געזעץ פון אַ 12־שעה־דיקן אַרבעטס־טאָג. נאָר ביי די ווילקירלעכע דאַמאָלסטיקע באַדינ־גונגען איז דאָס געווען מעגלעך אַזאַ עובר־זיין אויפ'ן געזעץ מיטן דולדן מצד דער מאַכט פון אַ 16־שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג.

נאָר ווייזט־אויס אַז געוויסע קרייזן אין סלאָנים זיינען ניט געבליבן צופרידן מיט דער שטעלונג פון פּאָליציי־שעף, און ס'איז אַוועק אַן אָנקלאַגע אין פּעטערבורג. דער שעף פון דער געהיים־פּאָליציי זובאַטאָוו האָט דעלעגירט זיינעם אַ ספּע־ציעלן שליח קיין סלאָנים אויסצופאָרשן דעם ענין. און כאָטש דער געזעץ איז דאָך געווען לטובת די אַרבעטער, האָט אָבער זובאַטאָוו'ס אַגענט נישט געקענט מוחל זיין די עצם־„חוצפה" פון די אַרבעטער צו שטרייקן. אַלס רעזולטאַט פון דער אויס־פאָרשונג, איז דער זשאַנדאַרמעריע־שעף פון סלאָנים באַזיי־טיקט געוואָרן פון זיין אַמט, און די אָנפירער פון שטרייק זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין תפיסה. זיי זיינען נאָכהער פאַר־אורטיילט געוואָרן צו דריי־יאָר „וויסילקע" (פאַרשיקונג) אין סיביר. איך געדיינק די פאַרנעמען פון אייניקע פון די פאַר־שיקטע. זיי זיינען: אַנצל אַ סטאָליער־אַרבעטער (משה דעם וואַסער־טרעגערס אַ זון), לייבקע אַ ברוקירער, אַ ווילנער בחור, ברוך אַ שניצער, אַ צווייטער ברוך אַ טאָקער, יעקל אַ שוסטער. ליידער געדיינק איך ניט זייערע פאַמיליע־נעמען (און אגב, האָט מען דאַמאָלסט ביים אָנרופן אַ מענטשן, געניצט מער זיין פאַרנאָמען און פאַך, ווי זיין פאַמיליע־נאָמען).

נישט־קוקנדיק אויף די רעפּרעסיעס, איז אָנגעגאַנגען אָנהייב־יאָרהונדערט אַן'אַלץ העפטיקערע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער. דאָס אַלץ איז נאָך געווען פאַר דער אַנטשטיי־אונג פון די סלאָנימער אָפּטיילונגען פון „בונד", „פּועלי־ציון און ס. ס.

אָבער דער איינפלוס פון „בונד" האָט זיך שוין געמערקט אין שטאָט נאָך אַ פּאָר יאָר פאַר דעם. צווישן זייערע אַקטיווע פירער פון בראשית פון זייער טעטיקייט זיינען געווען, ווי איך דערמאָן זיך: די ברידער נח און שלמה לוריע, די זין פון סוחר הערשל לוריע (שלמה'קע לוריע איז אומגעקומען אין 1912 געהרג'עט געוואָרן אין דייטשלאַנד בעת אַ נישט־געלונגענעם פלי־פּרווו מיט אַן'אַעראָפּלאַן); מיירים זאַקהיים (זון פון שניט־קרעמער), ראָזע וואָלאַך (טאָכטער פון אַפּטייק־סקלאַד־אייגנ־טימער), אברהם'ל מיטן צונאָמען קאַלבאַס (זיין פאַמיליע־נאָ־מען געדיינק איך ניט), איטשע סוועטיצקי (פּאַטאַשער), זיין ברודער אייזל סוועטיצקי (גערופן „פּולטעכניק")), בערל זאַק־ראַיסקי (פאָטער פון פאָטאָגראַף חיים זאַקראַיסקי), אסתר יוד־קאָווסקי (באַגאַנגען זעלבסטמאָרד נאָך דער נישט־געלונגענער רעוואָלוציע פון 1905), און פילע אַנדערע. אין די שפּעטער־דיקע יאָרן זיינען צוגעקומען ייגנערע בונדישע טוער, ווי וועלוול וואָליצקי, שייקע קוניצע (פון בעקעריי), חיים זאַקראַ־סקי. אין די לעצטע פאַר־מלחמה־יאָרן האָט דער „בונד שטאַרק געווירקט אין סלאָנים און אין די אַרומיקע שטעטלאַך.

די הויפּט־טוער פון סלאָנימער ס. ס. זיינען געווען: מאָטל זאַקהיים (ברודער פון מיירים זאַקהיים), יחזקאל דוניעץ (פון עובדיה דעם בעקער'ס פאַמיליע), וועלכער איז נאָכהער אין די צוואַנציקער יאָרן געווען דער רעדאַקטאָר פון מינסקער יידיש־קאָמוניסטישער צייטונג „אָקטיאַבער" און שפּעטער ליק־ווידירט געוואָרן אַלס טראָצקיסט; יהודה אָסאָקאָווסקי (פון דער פאַמיליע מיטן צונאָמען „קורח'ס"), אפרים גאָבורין און אַנ־דערע וועמען כ'געדיינק נאָר מיטן פאַרנאָמען ( ווי הערשל דער בעקער, יודל דער דרוקער).

אויך די ס. ר. (סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן) וועלכע זיינען געווען אָנגעשלאָסן צו דער מינסקער אָפּטיילונג פון דער אַל־געמיינער ס. ר. פּאַרטיי, האָט געהאַט אייניקע יידישע טוער אין סלאָנים, ווי: יאַשקע וואָלאַך (ברודער פון ראָזאַ וואָלאַך), מאיר איזניידין, זלמן קוניצע (וועלכער איז פריהער געווען אַ ס. ד.).

די אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן געהאַט אָריגינעלע איינ־פאַלן כדי משפיע זיין אויפ'ן בירגערלעכן עולם. גאַנץ אָפט פלעגן זיי אין שבתים אָדער ימים־טובים זיך אַריינרייסן אין שול און אין בתי־מדרשים און פון דער בימה אַראָפּרידן צום עולם. אָפט פלעגן די בתי־מדרשים, נישט־קוקנדיק אויף דער קעגנערשאַפט פון די גבאים, פאַרוואַנדלט ווערן אין טריבונעס פאַר פּאָליטישע דיסקוסיעס, ווו די פאַרשיידענע פּאַרטיי־פירער פלעגן פירן שטאַרקע וויכוחים איבער זייערע פּאָליטישע פּראָ־גראַמען.

## קאַפּיטל 2

### די צווישן־פּאַרטייאישע דיסקוסיעס אין וואַלד און אויף דער דאַמבע

ס'איז שוין אַ כלל, אַז יעדערער איז פאַר זיך גערעכט. אַזוי האָבן אויך געדיינקט די פּאַרטיי־טוער וועגן זייערע פּאַר־טייען און פּראָגראַמען. כדי איבערצייגן זייערע פּאָליטישע קעגנער, פלעגן די פּאַרטייען דורכפירן פון צייט צו צייט צווישן־פּאַרטייאישע דיסקוסיעס. ווי געזאָגט, פלעגן זיי דאָס אַפילו מאַכן אין בתי־מדרשים, — נאָר די הויפּט־פּלעצער זיינען געווען: אין „שאָסיינעם"־וואַלד (אויפ'ן וועג צו אַלבער־טינע), ווו די באַגעגענישן זיינען געווען ניט־לעגאַלע, און שפּעטער אין 1905, ווען די צוזאַמענטרעפן זיינען שוין געווען מער־ווייניקער לעגאַלע — אויף דער דאַמבע און זשאַבינקע, אין די דאָן אַזוי־גערופענע „אַרבעטער־בירזשעס".

איך געדיינק זייער גוט אַ צווישן־פּאַרטייאישע דיסקוסיע, וועלכע איז פאָרגעקומען אין הערבסט 1904. דער „בונד" האָט אַרויסגערופן די ס. ס. צו דיסקוטירן וועגן דעם, וועמנס וועגן זיינען בעסערע צוזשמעטערן דעם צאַריזם. די דיסקוסיע איז פאָרגעקומען דעם ערשטן און לעצטן טאָג סוכות אין שאָסיי־

נעם וואַלד. די טעג זיינען געווען פּראַקטיקע, גאַרניט ווי אין הערבסט. די זון האָט געוואַרמט. די פּאַרטיי־לייט זיינען געווען אויפגעלייגט: מען וועט קענען דורכפירן מיט ערפאָלג די פּאַרזאַמלונג אין וואַלד. פאַרשטייט זיך, איז די אונטערנעמונג געווען ריזיקאַליש. די פּאַרטייען האָבן אָנפאַרטרויט די קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזירונג צו פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָנען: פון בונד זיינען באַשטימט געוואָרן דער סטאָלער־אַרבעטער אַבּרהם׳ל „קאָלבאָס" און איצל פיין; פון ס. ס. — הערשל פּאַלאַנסקי און יאַנקל בערמאַן. די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן אויסגעשטעלט פּאַרלאַך פון דער דאַמבּע אַזש ביז׳ן אָרט פון דער פּאַרזאַמלונג. זיי האָבן געהאַט די אויפגאַבּע צו פּאַטרולירן, אַז עס זאָל ניט קומען צו קיין דורכפאַל. דער „פּאַראָל" צווישן די „פּאַטרולן" און די אָנטיילנעמער אין דער פּאַרזאַמלונג איז געווען: „ווו גייט איר? — מיר גייען צו דער פריהייט"... אַזוי אַרום זיינען צוגעלאָזן געוואָרן נאָר די וועלכע האָבן געענטפערט אויפן „פּאַראָל".

די פּאַרזאַמלטע האָבן זיך שוין געפונען אין וואַלד, אויפן באַשטימטן אָרט. דער עולם האָט געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די רעדנער. עס קומען־אָן די פירער, צוזאַמען מיט זיי אַ יונגער בחור אין אַ סטודענט־אוניפאָרם. דאָס איז דער חבר סאָלמאַן (אַ זון פון מלמד ר׳ ישראל־יעקב סאָלמאַן), וועלכער איז אַ מיטגליד פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. דער „בונד" און „ס. ס." האָבן איינגעשטימט, אַז סאָלמאַן זאָל אָנפירן די פּאַרזאַמלונג. אַ חבר׳טע פון „בונד" רופט־אויס: חברים, דער באָדן איז טרוקן, לאָ׳מיר זיך זעצן. און ווירקלעך, אַלע זעצן זיך אויס אויף דער „פּאָליאַנקע" (פרייער פּלאַץ אין וואַלד), גרייט צו הערן די רעדנער. עס פאַרשרייבן זיך צום וואָרט: פון „בונד": צאַלקע (בצלאל ווייסברעם, דער זון פון שפּעטערדיקן מאָסקווער רב ר׳ אלי־ירוחם ווייסברעם), נח און שלמה לוריע; פון ס. ס. — משה׳קע גאַבורין, יודל סאַוויצקי און אפרים סוועטיצקי.

דער ערשטער רעדט משה׳קע גאַבורין פון ס.ס. ער גריפט שטאַרק אָן דעם „בונד" וואָס רעכנט זיך ניט מיט די עקאָנאָמישע נויטן פון יידישע אַרבעטער־מאַסן, און ער טאַדלט אים מיט׳ן עפּיטעט: לאַקייען פון די רוסישע ס. ד. דער פּאַרזיצער רופט דעם רעדנער צו אָרדנונג, ער זאָלריידן אָן פּראַזן און נישט זיין אָנגרייפעריש. די בונדיסטן פאַרשרייען דעם ס.ס. רעדנער אַלס קליינבירגער, און זייער פּאַרטרעטער צאַלקע ווייסברעם שלאָגט־אָפּ אין אַ לאַנגע רעדע זיינע טענות. דער צווייטער רעדנער פון ס. ס. איז יודל סאַוויצקי, וועלכער ווייזט־אָן מיט סטאַטיסטישע ציפערן, אַז די יידישע אַרבעטער ווערן אַרויסגעשטויסן פון די גרויסע אינדוסטריעס, און די רוסישע אָרגאַניזירטע אַרבעטער מאַכן זיך נישט־וויסנדיק. — „דאָס, — זאָגט דער רעדנער, — טרייבט די יידישע מאַסן צו עמיגראַציע, אָדער צו ווערן לומפּן־פּראָלעטאַריער. און דעריבער איז אונדזער פּראָגראַם צו קאָנצענטרירן די דעקלאַסירטע יידישע מאַסן אין אַ באַזונדער טעריטאָריע, ווו מיר וועלן קענען פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם". —

ס׳באַקומט אַ וואָרט נח לוריע, דער „שטערן" פון בונד אין סלאָנים, וועלכער ענטפערט די קעגנער מיט אַ טעאָרעטישער פּאָלעמיק. דאָס לעצטע וואָרט האָט דער „קאָפּ־מענטש" פון ס. ס. אפרים סוועטיצקי.

ביים צוגיין זיך, זינגען אַלע דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד: „אין גוואַלדצענעם ים פון מענטשלעכע טרערן"... נאָר מיט דעם קליינעם אונטערשייד, וואָס די בונדיסטן זינגען דעם פּערז: „איר ווילט פון הייליקע קברים מאַכן אַ לאַנד", — בעת די ס. ס. זאָגן: „איר ווילט פון פּאָגראָמען מאַכן אַ לאַנד"...

אין שטאָט קומט־מען אַריין פּאַרלעכווייז, כדי עס זאָל ניט ווערן פּאַרדעכטיק. יידן גייען שוין צוריק פון די שולן און מען באַגעגנט זיך מיט אַ „גוט־יום־טוב"...

## קאַפּיטל 3

### די זעלבסטשוץ־גרופּן פון די פּאַרטייען און די פּאָגראָם־שטימונגען אין שטאָט

זינט דעם קישענעווער פּאָגראָם אין 1903 האָט געהערשט אַן׳אונאויפהערלעכע פּאָגראָם־שטימונג צווישן די יידן אין רוסלאַנד, און אַזוי איז אויך געווען אין סלאָנים. אין די יידישע שטעט און שטעטלאַך זיינען אַנטשטאַנען זעלבסטשוץ־גרופּן, די אַזוי־גערופענע „סאַמאָאָבאָראָנע", וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרן דורך די אַרבעטער־פּאַרטייען. לײדער געדיינק איך ניט גוט אַלע פּרטים, וואָס זיינען נוגע די סלאָנימער זעלבסטשוץ. אויך איז מיר אומבאַקאַנט דאָס, וואָס די יידישע בירגערלעכע קרייזן פון שטאָט האָבן געטאָן מיט זייערע השתדלות׳ן און אינטערווענצן ביי דער לאָקאַלער מאַכט, כדי אויסצומיידן אַ פּאָגראָם אין סלאָנים (וואָס ס׳האָט געהאַלטן זייער נאָנט דערביי). אמת, אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן איז דערביי געווען זייער טעטיק, און איך געדיינק גוט זיין ווירקונג אין אָט דער הינזיכט אין די ראַמען פון די „פּאַזשאַרנע" (פייערלעשער), וועמענס „נאַטשאַלניק" ער איז דאַן געווען. (איך שרייב וועגן דעם ווייטער אין דעם קאַפּיטל). יעדנפאַלס, מיין איך אַז אַ גרויסן טייל פון אויסמיידן דאַן אַ פּאָגראָם, האָט די שטאָט געהאַט צו פּאַרדאַנקען יאַקאָבסאָנען.

די זעלבסטשוץ־גרופּן פון „בונד" און פון „ס. ס." זיינען געגרינדעט געוואָרן בעת געהיימע פּאַרזאַמלונגען אין וואַלד. ניט־נאָר פּאַרטיי־מענטשן נאָר אויך סתם־יידן, אומפּאַרטייאישע, וואָס האָבן קיינמאָל אין זייער לעבן נישט אָנטיילגענומען אין געהיימע פּאַרזאַמלונגען, זיינען געקומען אויפ׳ן רוף פון דער זעלבסטשוץ, כדי זיין גרייט אַנטקעגנצושטיין כוליגאַנעס וואָס קענען אָנקומען צו יעדן מאָמענט. אויף אַזאַ אופן האָט מען באַצייטנס צוגעגרייט די באַפעלקערונג צו זיין גרייט צום ווידערשטאַנד. די שטאָט איז צוטיילט געוואָרן אין דריי הויפּט־ראַיאָנען מיט אַן׳אָנפירערשאַפט פון פאַראַנטוואָרטלעכע פּערזאָנען. די זעלבסטשוץ איז צוטיילט געוואָרן אין „צענטלאַך". יעדער „צענטל" האָט געהאַט זיין באַשטימטן קוואַרטיר. אין פאַל פון אומרוהען האָט יעדער צענטל געדאַרפט קומען אויף זיין אָנגעצייכנטן פּונקט. ס׳איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שטאָט־קאָמיטעט וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן אויפהיטן די אָרדנונג אין די טעג פון גרויסע מערק אָדער אין דער „פּריזיוו"־צייט, ווען גאַנצע האָרמאַדעס פון פּויערים און „פּריזיוואָניקעס" קומען זיך צונויף אין שטאָט און קענען פאַראורזאַכן טומלענעשן

דורכ׳ן ראַבירן קראָמען. די מאַרק־יידענעס, וועלכע זיינען שטענדיק געווען די ערשטע ביי אַזעלכע איבערפאַלן, האָט דער קאָמיטעט אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן נישט מאַכן קיין גרויסן טומל, און אויב זיי וועלן האָבן שאָדנס וועט מען זיי פאַרגיטיקן, כדי אויסמיידן דורך דעם אינצידענטן, וועלכע קענען דערפירן צו אַ פּאָגראָם.

אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן, אַלס שעף פון דער „וואָלנער פּאָזשאַרנע” האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג צו די פייערלעשער, אַז אין מאָמענטן פון אומרוהען זאָלן אייניקע פון זיי פּאַטרולירן אין די גאַסן אין זייערע אוניפאָרמען, און אויב ס׳וועט זיין נייטיק, זאָלן זיי געבן געהעריקע סיגנאַלן. איך פאַרשטיי איצט, אַז אַזאַ פאַראָרדנונג צו דער פייערלעשער־דרוזשינע, וועלכע איז דאָך געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער מאַכט און אין וועלכער ס׳זיינען אויך געווען גויים, האָט געקענט קומען נאָר מיט דער הסכמה פון די מאַכט־אָרגאַנען.

די ס. ס. האָט דאַן אַראָפּגעבראַכט אַ געווער־אינסטרוקטאָר, אַ געוויסן פרענקעל. ער האָט אונדז געלערנט ווי אַזוי צו באַנוצן הייס געווער. די מעטאַל־טאָקערס, וואָס זיינען געווען צווישן אונדז, האָבן צוגעגרייט שטעקלאַך מיט געווינטן: נאָכ׳ן פאַנאַנדערשרויפן זיי האָט מען געפונען אינעווייניק אַ... קינזשאַל. אויך האָבן מיר באַקומען די אַזוי־גערופענע „האָמער נאַהייקעס”, וועלכע מען האָט געקענט לייכט האַלטן אין קעשענע; זיי זיינען געווען אַזוי קונציק געמאַכט, אַז ביים געבן מיט זיי אַ קלאַפּ, פלעגן זיי זיך אויסציהען איבער אַ מעטער די לענג.

דורך פאַרשיידענע מיטלען פלעגט די זעלבסטשוץ באַקומען הייסע געווער. צווישן אַנדערע געדיינק איך, אַז איינער פון אונדזער חברה האָט זיך באַקאַנט מיט אַ יונגן קריסט וואָס האָט געאַרבעט אין דער סלאָנימער פּאָסט, און ביסלאַכווייז האָט ער ביי אים אָפּגעקויפט רעוואָלווערן וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען... אויף פאַרמעגלעכע שטאָטישע יידן האָט די זעלבסטשוץ אַרויפגעלייגט אַ באַשטייערונג, אַלס פאָנד צו איינקויפן געווער. מיר אַליין איז אויך אויסגעקומען צו מאַכן אַזוינע „באַזוכן”. איך געדיינק, ווי איך בין געשיקט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ חבר הערשל סלוצקי צו באַזוכן אַ געוויסן וואַלד־סוחר מיטן נאָמען אָזשעכאָווסקי אויף פּאַנעסוווער גאַס. מיר האָבן געוווסט אַז ער האָט אַ רעוואָלווער מיט 50 קוילן. אויף אים איז באַשטימט געוואָרן אַ באַשטייערונג פון 100 רובל, ווי אויך דער רעוואָלווער מיט די קוילן. ער האָט אונדז אָנגעקוקט, פון וואַנען מיר ווייסן די איינצלהייטן וועגן רעוואָלווער... די געלט און דעם רעוואָלווער האָבן מיר באַקומען אָן גרויסע רייד.

אויף וויפל די זעלבסטשוץ ווי אויך אַנדערע שטאָט־קרייזן זיינען געווען געגרייט צו אַנטקעגנשטיין אַ פּאָגראָם, באַווייזט דער פאַקט, אַז דער דאַן שוין פּראַקטיצירנדער מעדיקער דר. לעווין, פון די בירגערלעכע קרייזן, האָט אָרגאַניזירט לעקציעס ווי צו געבן ערשטע הילף די פאַרוווּנדעטע. אויף איינער פון די לעקציעס, האָט אַ מיידל גע׳חלש׳ט. דר. לעווין האָט אויסגענוצט דעם פאַל, צו געבן אַ פּראַקטישע לעקציע פון ערשטער הילף...

די פּאָליציי האָט, ווייזט־אויס, געוווּסט וועגן די געווער־זאַמלונגען און פלעגט מאַכן פון צייט צו צייט „אָבלאַוועס”, צו זוכן געווער, אָבער מען האָט קיינמאָל גאָרניט געפונען.

איינמאָל אין אַ מאַרק־טאָג, האָט אַ מחנה־פּויערים אָנגעהייבן ראַבעווען אויפ׳ן מאַרק, שרייענדיק: „בי!! זשידאָוו”. (שלאָג יידן!). גראָד האָט דאַן פּאַטרולירט אויפן מאַרק איינער פון די „צענטלאַך” פון דער זעלבסטשוץ, אַ געוויסער חיים־שלמה אַ גאַרבער־אַרבעטער. אָנשטאָט צו געבן אַן אַלאַרם צו רופן צו־הילף די זעלבסטשוץ און די פייערלעשער, האָט ער אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער און האָט אויסגעשאָסן אין דער לופטן. די מחנה פּויערים האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן, און ס׳איז געוואָרן אַ שטאַרקער טומל. דער זשאַנדאַר באַלבאַט (דאַן אַ באַקאַנטע פּערזאָן אין שטאָט) האָט פונדערווייטנס געזען ווער עס האָט געשאָסן. ער האָט באַפוילן אים גלייך אַרעסטירן, אָבער דעם רעוואָלווער האָט מען שוין ביי אים ניט געפונען; גלייך נאָכן שיסן האָט ער אים איבערגעגעבן אַ מיידל. בינו־לבינו, זיינען די פּויערים אַנטלאָפן, און דער אינצידענט האָט זיך געענדיגט מיט דעם.

דער שיסער חיים־שלמה איז ניט געווען קיין סלאָנימער, און די פּאָליציי האָט געהאַלטן ביים אָפּשיקן אים מיטן עטאַפּ אין זיין שטאָט, און דאָס וואָלט אים געוויס דערפירט צו אַ פּראָצעס או צו אַ שטרייננגער שטראָף. ווייזט אָבער אויס, אַז אונדזערע שטאָט־עסקנים האָבן דאַן געהאַט געוויסע „וועגן” צו דער מאַכט, און זיי האָבן אויסגעפּועל׳ט ביים איספּראַווניק, אַז מען זאָל דעם בחור באַפרייען.

אָט אַזוי האָט דאָס יידישע סלאָנים געהאַט אין יענע פּאָגראָם־יאָרן דעם גליק אָפּצוקומען מערערע מאָל בלויז מיט שרעק.

# קאַפּיטל 4

## א נאכט פון שרעק ביים איבערפירן געווער

ביים אַרויפברייינגען דעם ענין פון זאַמלען געווער פאַר דער זעלבסטשוץ, דערמאָנט זיך מיר אַן עפּיזאָד וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט אין שייכות מיט דעם. אין דאָרף כאָזעוויטש, סלאָנימער אויעזד, צו וועלכן מ׳פאָרט מיטן פּאַנעסווער טראַקט, האָבן געוווינט די ס. ס. חברים, די ברידער פייוול און גרונעם גובאַר (די ברידער פון ביילקע גובאַר, וועלכע איז לעצטנס געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס). די ברידער גובאַר איז געלונגען דורך פאַרשיידענע מיטלען אָנצוזאַמלען אַ קאָסטן פול מיט געווער, און אונדזער שטאָט־קאָמיטעט איז געשטאַנען פאַר דער אויפגאַבע אַריבערצופירן דעם קאָסטן קיין סלאָנים. אָט די ריזיקאַלישע אויפגאַבע איז אָנפערטרויט געוואָרן מיר און אַ צווייטן חבר פון מיין „צענטל” — מאיר דער סטאָליער. (זיין פאַמיליע־נאָמען ווי אויך די פאַמיליע־נעמען פון די אַנדערע פערזאָנען, וועלכע ווערן דערמאָנט אין דעם קאַפּיטל, געדיינק איך ניט).

אויפ׳ן באַרג ביי די מאָגילקעס (אין געגנט פון קריסטלעכן בית־עולם) האָט דאַן געוווינט אַ „איזוואָשטשיק”, באַקאַנט אונטערן נאָמען: חיים־יאָסל דער קאַליקער. היות ווי מיר האָבן געדאַרפט ברייינגען דעם קאָסטן צו אַ געוויסן אָרט, וואָס איז געווען ביי די מאָגילקעס (דאָס איז געווען אין דער

װוינונג פֿון יאָסל דעם קוימענקערער, ניט װײַט פֿון דער „סמאָליאַרנע“), — האָבן מיר געדונגען די דראָזשקע בײַ חיים־יאָסל דעם קאַליקן און אים צוגעזאָגט צוריקברענגען אַרום צען אַזייגער אינאָװנט.

דאָס איז געװען חול־המועד־פּסח (אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז דאָס געװען אין 1905). ס'האָט זיך שוין געפֿילט פֿרילינג אין שטאָט און מיר זײַנען געװען אָנגעטאָן אין לײַכטע בגדים. מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן דורך פּאָנעסוװער גאַס. אויפֿ'ן װעג, אין װאַלדיקן שטח, איז נאָך גראָד געװען זייער קאַלט. די קעלט האָט אונדז דורכגענומען, און דערפֿרוירענע זײַנען מיר אָנגעקומען אין דאָרף כאַזעװיטש, װוּ אונדזערע חברים פֿייװל און גרונעם גובאַר האָבן אונדז דערװאַרעמט מיט אַ גוטן שנאַפּס און צובײַסעכץ, אונדז געגעבן װאַרעמע קליידער און געהאָלפֿן אָנלאָדן דעם קאַסטן אויף דער דראָזשקע. זיי האָבן אונדז געראָטן אַרײַנצופֿאָרן אין שטאָט ניט דורך פּאָנעסוװער גאַס, נאָר מיטן ביאַליסטאָקער שאָסיי, װעלכער דערפֿירט צו רוזשנאַיער גאַס. מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן, אויסרעכענענדיק די צײַט, אַז מיר זאָלן אָנקומען בײַנאַכט, אַרום 10 אַ זייגער, קיין סלאָנים.

צוקומענדיק האַרט צו דער שטאָט, נעבן דעם קריסטלעכן בית־עולם, האָבן מיר זיך באַטראַכט, אַז צוליב זיכערהייט־װעגן, לוינט נישט אַרײַנצופֿאָרן אין שטאָט דורך רוזשניער גאַס; די נאַכט איז געװען אַ ליכטיקע, און דערצו זײַנען מיר בײדע געװען פֿאַרדעכטיקט בײַ דער פּאָליציי. נאָך אַ ישוב הדעת האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו פֿאַרנעמען מיט די פֿעלדער, נעבן די מאָגילקעס און פֿון דאָרט אָנקומען צו יאָסל דעם קוימענקערער, װוּ מיר האָבן געדאַרפֿט איבערלאָזן דעם קאַסטן.

זײַענדיק שוין ניט־װײַט פֿון זײַן הויז, זײַנען מיר אַרײַנגעפֿאָרן אין אַ ליימיקער גרוב פֿול מיט װאַסער. דער פֿערד האָט זיך אָנגעהייבן טרינקען... מײַן חבר, מאיר דער סטאָליער האָט צוגעהאַלטן דעם פֿערד פֿאַר דער גריװע ,און איך האָב אויפֿשנעל געעפֿנט דעם קאַסטן געװער, אַרויסגענומען אַ קינדזשאַל און איבערגעשניטן דעם געשפּאַן. איך בין געלאָפֿן אָנזאָגן דעם קוימענקערער װעגן אונדזער צופֿאַל, און מיר האָבן קוים אַרויסגעשלעפּט דעם פֿערד פֿון דער ליימיקער גרוב.

דערװײַל איז שוין געװאָרן נאָך האַלבער נאַכט, און ס'איז שוין געװען צו־שפּעט צו גיין צום איזװאָשטשיק. אַרײַנקומענדיק אין הויז פֿון מײַנע עלטערן, אָנ'אויסגעשמירטער אין ליים און בלאָטע, האָב איך באַקומען יענעם „ברוך־הבא“ פֿון טאַטע־מאַמע...

גלײַך אינדערפֿרי בין איך געלאָפֿן אויפֿ'ן באַרג צו חיים־יאָסל דעם קאַליקן, װעלכער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ שכן, שמחה דער בעל־עגלה, און מיט דער הילף פֿון 2 פֿערד האָבן מיר אַרויסגעשלעפּט די דראָזשקע פֿון דער ליימיקער גרוב.

אין אַ קורצער צײַט אַרום איז שוין דאָס געװער געװען אין די הענט פֿון דער ס. ס.־זעלבסטשוץ. און אַזוי װי חיים־יאָסל דער קאַליקער האָט געהאַט שאָדן מיט זײַן דראָזשקע, האָט ער, דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון פּאַרטיי־חבר חנה דער סטאָליער, באַקומען אַנטשיידיקונג פֿון דער אָרגאַניזאַציע גאַנצע 25 קאַרבונים...

# קאַפּיטל 5

## װי אַזוי דער „בונד“ און „ס. ס.“ אין סלאָנים זײַנען געװאָרן װאַלד־סוחרים

דער „בונד“ און „ס. ס.“ האָבן געדאַרפֿט האָבן פֿינאַנציעלע מיטלען ניט נאָר אויף אײַנקויפֿן געװער פֿאַר דער זעלבסטשוץ און אָנפֿירן זייער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט אין שטאָט, נאָר אויך כּדי צו שטיצן די צענטראַל־קאָמיטעטן פֿון די פּאַרטייען אין זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט. אַזוי האָט די סלאָנימער ס. ס. געדאַרפֿט מיטהעלפֿן אין פֿינאַנסירן דעם אָרגאַן פֿון דער פּאַרטיי „אונדזער װעג“ װאָס איז ערשינען אין װילנע.

די בײַשטײַערונגען, װאָס די פּאַרטייען פֿלעגן אויפֿמאָנען פֿון פֿאַרמעגלעכע קרײַזן, זײַנען ניט געװען גענוגנד, און מען האָט געמוזט זוכן צוגאָב־קװעלן, װי צו שאַפֿן געלט. אַזוי־אַרום איז מען געקומען אויפֿ'ן געדאַנק פֿון האַנדלען מיט... װאַלד, און דער „בונד“ און „ס. ס.“ אין סלאָנים זײַנען געװאָרן ניט־מער און ניט־װײניקער, װי װאַלד־סוחרים... איך װייס ניט, צי דאָס איז געװען אויך אין אַנדערע געגנטן פֿון ליטע און בעלאָרוסיע, — נאָר אין סלאָנים האָט דאָס אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר, און אַפֿילו אין 1907 האָט דאָס נאָך אָנגעהאַלטן.

דער פּרינציפּ פֿון דער „טראַנזאַקציע“ איז באַשטאַנען אין פֿאָלגנדעם: װי באַקאַנט, פֿלעגט די צאַרישע רעגירונג פֿאַרקויפֿן אויף עפֿנטלעכע „טאָרגעס“ (פּרײַז־קאָנקורסן) געװיסע פּאַרצעלאַציעס פֿון רעגירונגס־װעלדער (אַזוי־גערופֿענע „דעליאַנקעס“). אין די „טאָרגעס“ האָט געקענט אָנטיילנעמען יעדער איינער (ניט נאָר אַ װאַלד־סוחר), און װער עס האָט פֿאַרגעלייגט דעם העכסטן פּרײַז, דער האָט באַקומען די „דעליאַנקע“ צום עקספּלואַטירן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט־קליענטן זײַנען געװען פּאַן־מענטשן, די ייִדישע װאַלד־סוחרים. און אָט איז אײַנגעפֿאַלן די פּאַרטייען, צו שיקן זייערע פֿאַרשטעלטע מענטשן צו די „טאָרגעס“ און אײַנהאַנדלען „דעליאַנקעס“, און נאָכהער צו פֿאַרקויפֿן זיי מיט ריוח צו װאַלד־סוחרים... פֿאַרשטייט זיך, אַז אָן דער שטילער צוזאַמענאַרבעט און הסכּמה מצד די װאַלד־סוחרים, װאָלטן די פּאַרטייען נישט געקענט אויספֿירן אַזוינע לינקע געשעפֿטן... װײַל ערשטנס, װאָלטן די סוחרים געקענט בײַ די טאָרגעס אָנבעטן אַנ'אַלץ העכערן פּרײַז, און צװייטנס, װאָלטן די סוחרים געקענט זיך אָפּהאַלטן בײַם װידער־אָפּקויפֿן די „דעליאַנקעס“ פֿון די פּאַרטייען, און דער „בונד“ און „ס. ס.“ װאָלטן געבליבן שטעקן מיט זייערע אײַנגעקויפֿטע „דעליאַנקעס“...

נאָר פּאַקטיש האָט זיך געפֿירט, אַז אויב אַ „שטילער“ פּאַרטיי־פֿאַרטרעטער האָט זיך צוגעשטעלט צו די טאָרגעס, האָבן די סוחרים נישט געװאָגט אָנצוגעבן זייערע אָפּערטעס. און אויך פֿלעגן זיי שטענדיק אָפּקויפֿן פֿון די פּאַרטייען און געבן זיי צו פֿאַרדינען...*)

*) דאָס װערט אויך באַשטעטיקט דורך ה' מ. פּערלשטיין (ז' זײַנע זכרונות אין דעם באַנד). ער גיט נאָר צו, אַז די װאַלד־סוחרים פֿלעגן זיך אַליין פֿרײַװיליק באַשטײַערן לטובֿת דעם זעלבסטשוץ פֿון די פּאַרטייען, בײַם דורכפֿירן טראַנזאַקציעס אויף די טאָרגעס. ז' אויך די זכרונות פֿון חיים ראַבינאָװיטש אין פּנקס־סלאָנים, באַנד I. — רעד.

אויך מיר איז אויסגעקומען אַ פּאָר מאָל אָנטיילצונעמען, אין נאָמען פון ס. ס., אין אָט די געשעפטן.

איינמאָל, שטייענדיק ביי דער אַרבעט, האָב איך באַקומען אַ מעלדונג פון דער פּאַרטיי, אַז איך און ישראל דער דרוקער (אַלטער דעם שלאָסערס אַ זון) זאָלן גלייך קומען אויף ענדע פּאָגעסוועער גאַס. דאָרט האָט אויף אונדז געוואַרט אַ פור, וועלכע האָט אונדז אָפּגעפירט קיין דערעטשין. ס'איז געווען זייער אַ הייסער טאָג און פאַרמאַטערטע פון דער אַרבעט און פון פאָרן, זיינען מיר פאַרנאַכט אָנגעקומען קיין דערעטשין. אין בעקענשטיינס אכסניא אין שטעטל האָבן מיר זיך געטראָפן מיט ניסל אַלפּערט (דער זון פון מאיר דעם שוואַרצן פון סקראַבעוער גאַס) און מיט אַ ביטענער וואַלד־פּאַכמאַן, אַ געוויסן פישל ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט דאָס געדאַרפט זיין אונדזער בעל־יועץ פון דער וואַלד־בראַנזשע. זיי זיינען ביידע אָנגעקומען מיטן באַן. דער פירער פון „בונד" אין דערעטשין איז דאַן געווען חיים ראַבינאָוויטש.**) ביי אים אין שטוב איז פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון די „בונד" און ס. ס.־טוער פון סלאָנים און פּראָווינץ. מצד דעם סלאָנימער „בונד" זיינען געווען: איצל פיין און אברהם'ל „קאַלבאַס". די פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן צוגיין בשותפות צו די טאַרגעס וואָס דאַרפן פאָרקומען אין דערעטשין. אָבער דער „בונד" האָט געפאָדערט פאַר זיך, אַלס עלטערע פּאַרטיי, 60% פון די רווחים. מיר האָבן ניט איינגעשטימט, אָבער נאָכהער איז געקומען צו אַנ'אויסגלייך. האָבן זיך אָבער אַריינגעמישט דערעטשינער בעלי־מלאכות און פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן נישט „האַנדלען" די דעליאַנקע פון קאַזשיקער וואַלד, באשר זיי וועלן דאָס אַליין „האַנדלען" כדי אויפצובויען זייער אַנ'אָפּגעברענטן בית־מדרש... איז מען דאָך יידן. און וואָס טוט מען ניט פאַר יידישע בעלי־מלאכות, אפילו ווען זיי זיינען פרום?... האָבן דער „בונד און „ס. ס." איינגעשטימט און מיט דעם מיטגעהאָלפן אויפבויען אַ בית־מדרש אין דערעטשין...

אונדזער „ספּעץ" פישל ראַבינאָוויטש האָט אונדז צוגעגרייט די ליסטעס פון די דעליאַנקעס וואָס די פּאַרטייען ווילן האַנדלען, און מיר האָבן באַצייטנס צווישן געגעבן אַלע אַנגעפאַרענע סוחרים, אַז אין אָט די דעליאַנקעס זאָלן זיי מיט אונדז ניט קאָנקורירן. צו די טאַרגעס האָבן מיר דעלעגירט אונדזערן אַ חבר פון זעלווע, אַ געוויסן לערער איינשטיין. זיין „מעלה" איז געווען, וואָס ער האָט געהאַט אַ „ליטישן", סוחר'שן אויסזען... מיר האָבן אים געגעבן עטלעכע הונדערט רובל, וואָס ער דאַרף איינלייגן אַלס קויצע ביים צוטרעטן צו די טאַרגעס. טראָץ זיין אויסזען האָט ער אויסגעזען פאַרדעכטיקט אין די אויגן פון טאַרגעס־קאַנצעלאַריסט, אָבער ווען איינשטיין האָט אים באַוויזן זיין פּאָרטפעל מיט די געלט, איז ער שוין געוואָרן כשר...

די טאַרגעס זיינען זיך פאַרלאָפן געגנוי לויט אונדזער פּלאַן. קיינער פון די סוחרים האָט נישט אָנגעגעבן קיין געגנאָפּערטע, און די אָנגעגעבענע דעליאַנקעס זיינען געבליבן ביי איינשטיינען. אויף מאָרגן האָבן מיר איינגעאָרדנט אין געהיים פאַר די סוחרים „אַנ'איבערטאַרג", ביי וועלכן די סוחרים האָבן קאָנקורירט צווישן זיך און מיר האָבן פאַרקויפט לויטן העכסטן אָנגעבאָטענעם פּרייז. די פּאַרטייען האָבן דאַן פאַרדינט צו 900 רובל יעדע. אונדזער טייל האָט די סלאָנימער ס. ס. דאַן איבערגעשיקט פאַר אונדזער זשורנאַל „אונדזער וועג" אין ווילנע.

איך וויל באַמערקן, אַז נישט קוקנדיק אויף די אָפּט־אַזוי פאָרגעקומענע טראַנזאַקציעס, האָט די מאַכט זיך קיינמאָל ניט דערוווסט פון דעם. די יידישע וואַלד־סוחרים זיינען געווען סאָלידאַריש מיט די פּאַרטייען, ווייל זיי האָבן געוווסט אַז דער גרעסטער טייל פון די געלט גייט אויף זעלבסט־שוץ־צוועקן.

אין זעלבן זומער איז מיר אויסגעקומען מיטצומאַכן אַ צווייטע „וואַלד־טראַנזאַקציע", דאָסמאָל אין קאָסעווע. אייגנטלעך בין איך אַהין געשיקט געוואָרן מיט נאָך איניקע חברים אין אַ דאָפּלטע מיסיע: ערשטנס, כדי דורכפירן דעם „געשעפט" מיט די דעליאַנקעס אויף די קאָסעווער טאַרגעס. און צווייטנס אַרויסצוהעלפן דער דאָרטיקער זעלבסטשוץ. נעמליך: אין דערזעלבער וואָך האָט אין קאָסעווע געדאַרפט פאָרקומען אַ גרויסער יריד, און מען האָט זיך געריכט אויף אומרוהען. קאָסעווע האָט אַרויסגערופן הילף פון די פּאַרטייען פון דער גאַנצער געגנט. אָנקומענדיק קיין קאָסעווע האָבן מיר שוין דאָרטן געטראָפן חברים פון פּרוזשענע, בערעזע, רוזשנאַי (איבערהויפּט די גאַרבער) און קאָסעווע אַליין, אַלע באַוואָפנטע. מען האָט זיך צונויפגעזאַמלט אין אַ פּאָר ערטער און מען האָט געוואַרט... דער יריד איז אָבער אַדורך רוהיק.

וואָס ס'איז שייך די דעליאַנקעס, האָבן די ס. ס. דאָסמאָל „געהאַנדלט" אַליין, אָן דעם „בונד" און האָבן דאַביי פאַרדינט אַ באַדייטנדע סומע געלט...

## קאַפּיטל 6

### קוריאָזן אונטערוועגס און ביישפּילן פון יידישע מוט או גבורה

אויף מיינע אויבנאָנגעוויזענע רייזעס קיין דערעטשין און קאָסעווע אין שייכות מיט די וואַלד־דעליאַנקעס, איז מיר אויסגעקומען בייצווויין איניקע קוריאָזן, כאַראַקטעריסטישע פאַר'ן דאַמאָלסטיקן לעבן אין דער סלאָנימער יידישער פּראָווינץ, און צוליב דעם ברייינג איך זיי דאָ, הגם זיי האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות צו דער הויפּט־טעמע פון מיינע איצטיקע זכרונות, די שטורמישע יאָרן 1904—1906.

ערשטער קוריאָז: פון דערעטשין זיינען מיר געפאָרן צוריק דורך זעלווע און פון דאָרטן מיטן באַן קיין סלאָנים. אָנקומענדיק אין זעלווע, דערזעען מיר אַנ'אָנגעלויף פון הונדערטער מענטשן נעבן אַ הויז, ניט ווייט פון וואָקזאַל. ווערן מיר זייער טשעקאַווע און גייען זיך נאָכפרעגן וואָס קומט דאָרטן פאָר. ערשט עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אין זעלווע איז ניט געווען קיין בריוונטרעגער... אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אַ פאַרלעגענער דאָרף. איז גאַנץ זעלווע געקומען צום וואָקזאַל, וואַרטן אַז מען זאָל אויסרופן, פאַר וועמען זיינען אָנגעקומען בריוו...

**) חיים ראַבינאָוויטש איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אַריינגעפאָרן אין סלאָנים, ווו ער איז געווען אַ בכבוד'יקער סוחר, בעל־הבית און געזעלשאַפטלעכער עסקן. ווי באַקאַנט, האָט ער זיך געראַטעוועט און לעבט איצט אין ישראל. ז' זיינע זכרונות אין פנקס־סלאָנים, 1־טן און 2־טן באַנד. — רעד.

צווייטער קוריאַז: אויפֿן וועג פֿון סלאָנים אין קאַסעווע זיינען מיר פֿאַרפֿאָרן אין העלפֿט־וועג אין אַ יידישע קרעטשמע. די קרעטשמע איז געווען פֿול מיט פּויערים וועלכע זיינען גע־ווען אויפֿן וועג צום קאַסעווער יריד. די פּויערים האָבן נאָך, פֿאַר'ן יריד, שוין באַוויזן זיך גוט אָנצו'שכּור'ן... אין קרעטשמע איז געוואָרן פֿריילאַך, און די שיכּורים האָבן זיך גענומען צום קרעטשמער מיט זיין פֿרוי: די מוזשיקעס מיט שכּור'ע אויגן און אָנגעשטעלטע פֿויסטן האָבן זיך געוואָרפֿן אויף זיי. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר האָבן דאָ אַ מין „פֿאַרשפּיל" פֿון דעם וואָס עס ערוואַרט אונדז אין קאַסעווע, און וואָס קאַסעווע ער־וואַרט פֿון אונדז... נאָר מיט־אַמאָל זיינען מיר געוואָרן איבער־ראַשט פֿון אַ מערקווירדיקער סצענע: די פּשוטע יידישע פֿרוי, די פֿרוי פֿון קרעטשמער, האָט מיטאַמאָל אַזוי ווי געקראָגן כּוח, און מיט אַן'אימפּעט און כּעס האָט זי זיך געוואָרפֿן אויף די שיכּורים מיט די היילע פֿויסטן און מיט אַ שטעקן... בקיצור, איידער מיר האָבן נאָך באַוויזן צו קומען איר צו־הילף, האָט זי איינע אַליין באַוויזן אָפּשלאָגן די שיכּורים און אַרויסטרייבן זיי פֿון קרעטשמע...

מיר, די זעלבסטשוץ־מענטשן, האָבן זיך אַביסל פֿאַר־שעמט: דאָס, צו וואָס מיר, די יונגע, געאיבטע קעמפֿער דאַרפֿן האָבן „כּלים", האָט די פּשוטע יידענע מיט איר גבורה באַוויזן מיט אירע היילע הענט...

און אַ דריטער קוריאַז:

נאָכ'ן אָפּפּאַרטיקן זיך מיט אונדזערע „געשעפֿטן" אויף די וואַלד־טאַרגעס און אויפֿ'ן קאַסעווער יריד (ז' פֿאַריקן קאַ־פּיטל), זיינען מיר געוואָרן איינגעלאַדן דורך די קאַסעווער חברים צו אַ קליינשטעטלדיקער חתונה. די חתונה ווי די חתונה, נאָר דער בדחן איז מיר געבליבן אין זכּרון. און ניט אַזוי דער בדחן, ווי אַ ליד וואָס ער האָט דאָרטן געזונגען. דאָס ליד, — וואָס ביז איצט ווייס איך ניט, ווער ס'איז דער מחבר, און אפֿשר האָט דאָס דער בדחן אַליין צונויפֿגעשטעלט? — איז געווען אַן'אָפּענע, ניט קיין צווידייטיקע סאַטירע אויף רוסלאַנד און אויף איר וויסטע מפּלה וואָס זי האָט געליטן אין איר מלחמה קעגן די יאַפּאַנער. איך האָב דאַן באַוווּנדערט, — און באַוווּנ־דער נאָך איצט, — דעם מוט וואָס דער בדחן, אַ פּשוטער יידי־שער פֿאָלקס־מענטש, האָט זיך אָנגענומען, צו לאָזן הערן אָן פּחד און עפֿנטלעך אַזאַ אָפּשפּאָטערישע קריטיק פֿון דער הער־שנדער מאַכט. איך מיין, אַז די מוט און העזה פֿון בדחן האָבן אונדז דאַן נאָך מערער ערמוטיגט אין אונדזער קעמפֿערישן און רעוואָלוציאָנערן ברען...

דער בדחן האָט געזונגען דאָס ליד מיט'ן מאָטיוו פֿון אַבֿרהם רייזענס אַן'אַרבעטס־ליד. נאָך יעדער סטראָפֿע האָט די מוזיק צוגעשפּילט. איך געדיינק אומגעפֿער די ערשטע סטראָפֿע:

דער האָן מיט זיין צווייענדיקן שנאָבל,*)
פֿון אַלע חיות דער בעסטער קרייער.
ער מישט פֿון טאָבל צו טאָבל **)
און רוימט אַריין אַ סוד אין אויער.
דער האָן האָט פֿאַרלאָרן זיין קורצן זכּרון,
און אַריין צום צווייטן שכן,
לעבעדיק און פֿריש,
אַלץ אויפֿן טיש:
— „עס איז אַלץ מיינע,
און נישט קיינעם'ס". —
אַ, וואָס טוט יאַפּאָניע? —
אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ איבער'ן עק,
און פֿון דאַנען גיי אַוועק!
גלייך אין קאַטוך אַריין! —
זיינע פֿליגעלאַך אין צווייען געבונדן,
און דער קאָפּ אין היילע וווּנדן...
— קיין דוראַק זאָלסטו ווייטער ניט זיין! —

און אַט אַזוי האָבן מיר אויף אונדזער קאַסעווער רייזע געהאַט אומגעריכט ביישפּילן פֿון יידישער גבורה און מוט, און דווקא פֿון פֿאָלקס־מענטשן: פֿון קרעטשמערס פֿרוי און פֿון קאַסעווער בדחן...

## קאַפּיטל 7

### אַ פֿאַריין פֿון דינסטמיידלאַך אין סלאָנים

טראָץ דער צוזאַמענאַרבעט פֿון „בונד", „ס. ס.", פּוע"צ און אַנדערע לינקע גרופּן פֿון יענע יאָרן אויף פֿאַרשיי־דענע געביטן, ווי שטרייקן, ערשטער מאַי־מאַניפֿעסטאַציעס א.א.וו., — און אפֿילו, להבדיל, ביי אַזאַ מין ענין, ווי די הכנסה־צוטיילונג פֿון די „דעליאַנקעס", — דאָך איז אָנגעגאַנגען אַ העפֿטיקער געראַנגל, איבערהויפּט צווישן בונד און ס. ס., ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּראָפּאַגאַנדע צווישן די אַרבעטער גופֿא. יעדע פּאַרטיי האָט זיך באַמיט צו האָבן וואָס מער אַר־בעטער אין אירע רייהען. אַן'אויסגעפּרוווטער מיטל דאַצו זיי־נען געווען די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען. אַזוי ווי דער „בונד" איז געקומען דער ערשטער אויף דער סלאָנימער אַרבעטער־גאַס, און האָט מקדים־געווען דעם „ס. ס." מיט אַ פּאָר יאָר, — האָט ער באַוויזן צו אָרגאַניזירן איינציקע שטאַרקע פּראָפֿעסיאָ־נעלע פֿאַריינען, ווי די שניידער, — גאַרבער, — סטאָליער־אַרבעטער, און דורך זיי האָט ער אויסגעאיבט זיין שטאַרקן איינפֿלוס. דעריבער, ווען ס'איז אַנטשטאַנען אין סלאָנים אָנ־הייב 1904 די ס. ס.־גרופּע, איז איר ערשטע אויפֿגאַבע געווען צו פֿאַרנעמען „פּאָזיציעס" צווישן די אַרבעטער, איבערהויפּט אין אַזעלכע פֿאַכן, ווו דער בונד איז נאָך ניט אַריינגעדרונגען. אַזוי האָט דאַן ס. ס. אָרגאַניזירט פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען פֿון בוי־אַרבעטער, פֿון „פּריקאַזשטשיקעס" (האַנדלס־אָנגעשטעלטע) און אפֿילו פֿון... דינסט־מיידלאַך. איך געדיינק זייער גוט די אומשטענדן פֿון אָרגאַניזירן די דינסט־מיידלאַך אין אַ פֿאַריין.

די הויז־באַדינערינס אין יענע יאָרן זיינען געווען מעסטנ־טייל יידישע מיידלאַך, וועמען די נויט האָט געצוווּנגען זיך צו פֿאַרנעמען מיט אַט דער אַרבעט. זייער אַרבעטס־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן פֿון באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט. זיי האָבן ניט גע־

*) געמיינט דעם רוסישן הערב, וואָס איז געווען אַ צוויי־קעפּיקער אָדלער. — רעד.

**) אומפֿאַרשטענדלעך. קען זיין אַז דאָס מיינט „טאַבל־טאָג" (דער געבורטס־טאָג פֿון צאַר), און די כּוונה זאָל זיין: ער פֿייערט די געבורטס־טעג פֿון די צאַרן. — רעד.

האָט קיין פרייע שעה פאַר זיך. וועגן אַרויסגיין שפּאַצירן אויף דאַמבע אָדער נעווסק, אָדער באַזוכן אַ פּאַרטייאישע פאָרלעזונג, — איז גאָר קיין רייד ניט געווען. אונדזערע חבר'טעס פון ס. ס. פון אַנדערע פאַכן האָבן פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן אומבאַדינגט זיך פאַרנעמען מיט אָט דעם פאַרלאָזענעם פאַך. די חבר'טעס האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט די דינסט־מיידלאַך, און ס'איז ענטשטאַנען אַ נייער פאַריין אין שטאָט. מען האָט צונויפגערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די דינסט־מיידלאַך, אויף וועלכער עס זיינען אַרויסגעטראָטן די חבר'טעס פריידל לובלינסקי, חייקע מאַרקיליעוויטש און חנה בושעל. די ערשטע פאָדערונג וואָס ס'איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן צו די בעל־הבית'טעס איז געווען, אַז זיי זאָלן פריי לאָזן די דינסטן 9 אַזייגער אין אָוונט, כדי זיי זאָלן האָבן די מעגליכקייט אַרויסגיין שפּאַצירן און אָנטיילנעמען אין אונדזערע פאַרזאַמלונגען. אָבער נישט אַזוי לייכט איז דאָס אָנגעקומען. אין פיל הייזער האָט מען ניט געוואָלט הערן פון דעם. עס דערמאָנען זיך מיר אַ פּאָר עפּיזאָדן מיט אינצידענטן ביי בעל־הבית'טעס.

דער דינסט־מיידלאַך־פאַריין האָט געשיקט שליחים פון דער פּאַרטיי צו פאַרשיידענע הייזער, ווו זיי האָבן געשטעלט די פאָדערונג. אַזוי ווי די פרוי פון ציינדאָקטער יתום האָט זיך פאַר'עקשנ'ט, האָט מען צו איר אַראָפּגעשיקט אונדזערן אַ חבר, מאָטל דער קוימענקערער, ער זאָל אַראָפּנעמען די דינסט פון דער אַרבעט... כדי מען זאָל אים ניט דערקענען, האָט מען אים פאַרגרימירט און אָנגעטאָן אַ פּאָר שוואַרצע ברילן. די פרוי יתום האָט אים אָבער גלייך דערקענט, און זי האָט צו אים גע'טענה'ט: „וואָס גייט אייך אָן מיין דינסטמיידל?” —

די פרוי יתום האָט געמוזט נאָכגעבן, ווייל מאָטל האָט איר געסטראַשעט, אַז די אָרגאַניזאַציע וועט זיך מיט איר אָפּרעכענען, אויב זי וועט ניט לאָזן פריי די דינסט 9 אָוונט.

אָט דער עפּיזאָד האָט דווקא געהאַט אַ ראָמאַנטישע אַנטוויקלונג: אַז מאָטל דער קוימענקערער האָט דערזען דעם „אָביעקט” פון זיין אינטערווענץ, האָט ער זיך אין איר פאַרליבט. דער סוף איז געווען אַז מאָטל האָט עמיגרירט אין אַמעריקאַ, האָט אַריבערגענומען דאָס מיידל צו זיך און מיט איר חתונה געהאַט.

אַ צווייטער עפּיזאָד איז געווען אין אַ הויז נעבן רוטקאָווסקי'ס מאַנופאַקטור־געשעפט. דאָרטן איז געווען שווער דורכצופירן אונדזער פאָדערונג, ווייל פונקט אַנטקעגן זיינען געשטאַנען די איזוואָשטשיקעס, און שטענדיק האָבן זיך דאָרטן געדרייט פּאָליציאַנטן. די רוזשנאָיער אָרגאַניזאַציע פון ס. ס. האָט געשיקט אויסצופירן די שליחות אירן אַ חבר, דוד שעדול, ווייל ער איז געווען זייער אַ געוואַגטער מיט אַ סך דעציזיעווילן. ער איז אַריין אין הויז און האָט פאַרלאַנגט פריילאָזן די דינסט 9 אין אָוונט. דער בעל־הבית, וויסנדיק אַז קעגנאיבער געפינט זיך פּאָליציי, האָט געמאַכט אַ טומל כדי צו ציהען איר אויפמערקזאַמקייט.

דערזעענדיק אַז ס'האָלט שמאָל, איז דוד שעדול אַרויסגעלאָפן פון הויז, צוברעכנדיק דאַביי אַ שוי־פענצטער און געוואָרן נאָכגעיאָגט פון דער פּאָליציי. ער איז אַריינגעלאָפן אין „פּוסטן סאָד”, ווו ס'האָבן זיך געפונען אייניקע פון אונדזערע חברים, כדי צו קענען „דעקן” אים, אויב ס'וועט זיין נייטיק. דוד האָט אַ כאַפּ געטאָן די היטל ביים חבר אָרטשעטענצער און אים געגעבן זיין היטל, כדי נישט דערקענט צו ווערן פון דער פּאָליציי. און דאָס איז טאַקע געלונגען. (אַגב, מיט יאָרן שפּעטער איז דוד שעדול אַריבער צו די אַנאַרכיסטן).

אַזוי איז אָנגעגאַנגען דער קאַמף מיט די בעל־הבית'טעס ביז וואַנען זיי האָבן איינגעזען, אַז קעגן שטראָם קען מען נישט שווימען און זיי האָבן נאָכגעגעבן אונדזערע פאָדערונגען. די דינסטמיידלאַך האָבן שוין געהאַט צייט צו שפּאַצירן, טרעפן זיך מיט חברים און חבר'טעס און טאַקע באַזוכן אונדזערע פאַרזאַמלונגען.

די צוזאַמענטרעפן פון די דינסטמיידלאַך פלעגן פאָרקומען רעגולער. דאָרטן פלעגן אַרויסטרעטן מערסטנטייל די אויבנאָנגערופענע חבר'טעס. מענער פלעגן זיך אין זייערע צוזאַמענקומען ניט באַטייליקן. די ס. ס. פלעגט שאַפן די געהעריקע ערטער, ווו זיך צונויפקומען.

אויף איינער אַזאַ פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאָרגעקומען אויפן יורדזיקער בית־עולם, און אויף וועלכער ס'האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט די חבר'טע חייקע מאַרקילעוויטש האָט אונדזערער אַ חבר, יאָשקע דער געלער, זיך באַהאַלטן: ער האָט געוואָלט הערן וואָס פרויען ריידן צו פרויען...

אַגב, כ'האָב דאָ־אויבן דערמאָנט דעם ראָמאַן פון מאָטקע דעם קוימענקערער, וואָס איז צושטאַנדגעקומען אין די רייהען פון דער פּאַרטיי און אין שייכות מיט איר טעטיקייט. דאָס איז ניט געווען די איינציקע ליבע ביי די ס. ס.־חברים און חבר'טעס: די אויבנדערמאָנטע חבר'טע און רעפערענטין ביים דינסט־מיידלאַך פאַריין חייקע מאַרקילעוויטש איז שפּעטער געוואָרן די לעבנסבאַגלייטערין פון מחבר פון אָט די זכרונות...

## קאַפּיטל 8

## די געשעענישן פון יאָר 1905 און זייער אָפּשפּיגלונג אין סלאַנים

די געשעענישן אין 1905 זיינען געוואָרן אַלץ געדיכטער און געוואַגטער. די מעכטיקע צאַרישע אימפּעריע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. ס'איז אויסגעבראָכן דער גענעראַל־שטרייק פון די אייזנבאַנען, און די רעגירונג איז געצוווּנגען געווען צו פירן די באַנען אונטערן קאָנטראָל פון מיליטער. מיר פלעגן זען יעדן טאָג דורכפאָרן דורך סלאָנים אַ צוג באַוואַכט פון מיליטער־לייט. די ציווילע באַפעלקערונג האָט מורא געהאַט צו באַנוצן די באַנען. אויך אַנדערע רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן, ווי דער אויפשטאַנד פון די מאַטראָסן אויף דער קרייצער־שיף „פּאָטיאָמקין”, האָבן געהאַט זייער אָפּקלאַנג אין סלאָנים. אַלס אויסדרוק פון גרייטפולער רעוואָלוציאָנערער שפּאַנונג, איז דאַן געשאַפן געוואָרן אין שטאָט דער ראָט פון אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

אין איינעם פון יענע טעג האָט מיין פּאַרטיי, די ס. ס., באַקומען צוגעשיקט פון דער פּאַרטיי־צענטראַלע אַ טעקסט פון אַ פּראָקלאַמאַציע, וועלכן מיר האָבן געדאַרפט אָפּדרוקן אויפ'ן אָרט אין רוסיש און פאַרשפּרייטן אין שטאָט און אומגעגנט. מיר האָבן באַשלאָסן אָפּדרוקן אים אין גורוויטש'עס

דרוקערײַ אויף פּאַנעסוועער גאַס. מיר האָבן געהאַט אײגענע חברים דרוקער, וועלכע מיר האָבן צונויפגערופן 5 אין צאָל, און 10 אַזייגער בײַנאַכט זײַנען מיר אַוועק צו גורוויטשן. (ער איז געווען דער פֿאָטער פון שפּעטער גוט־באַקאַנטן אין שטאָט אינדוסטריעלער וואָלף גורוויטש). דער ה׳ גורוויטש האָט מורא געהאַט צו לאָזן אונדז באַנוצן זײַן דרוקערײַ פֿאַר אונדזער צוועק. אָבער עס האָט אים גאָרניט געהאָלפן ,און ער האָט פֿאַרשטאַנען אַז זײַן געגנשטעלן־זיך איז צוועקלאָז. אונדזערע דרוקער האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט אויסצוזעצן דעם אויפרוף. פּאַנעסוועער גאַס איז געווען גוט אָפּגעהיט פון אונדזערע פּאַרטיי־חברים, כדי אָנצוזאָגן אין פֿאַל ווען ס׳וועט זיך פּאָליצײַ.

אין די פֿאַרטאָג־שעה׳ן, ווען מיר האָבן שוין פֿאַרענדיקט אָפּדרוקן די פּראָקלאַמאַציע, — איז אַרײַנגעקומען אין דער דרוקערײַ אַ גרופּע פון „בונד״, אויך מיטן זעלבן ציל: אָפּצודרוקן אַ פּראָקלאַמאַציע מיטן זעלבן טעקסט. עס האָט זיך נעמלעך באַלד אַרויסגעוויזן, אַז דער „בונד״ און „ס. ס.״ האָבן באַקומען פון זייערע ענטשפּרעכנדע צענטראַל־קאָמיטעטן דעם זעלבן טעקסט צו פֿאַרשפּרייטן אין שטאָט... ס׳האָט זיך באַלד אַרויסגעזען דער אַבסורד פון אַזאַ האַנדלונג. אָבער די אָרטיקע פּאַרטיי־גרופּן זײַנען געבליבן געטרײַ די אינסטרוקציעס וואָס זיי האָבן באַקומען.

אין דער בונדישער גרופּע האָט זיך געפֿונען דער דרוקער־אַרבעטער יצחק געלמאַן, מײַנער אַ קוזין (ער איז מיט אײניקע יאָר צוריק געשטאָרבן אין לאָנדאָן). מיר האָבן די בונדיסטן געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז כל־זמן זיי וועלן זיך געפֿינען אין דער דרוקערײַ, קענען מיר ניט אָנהייבן פֿאַרשפּרייטן אונדזער אויפרוף, וועלכער איז גרייט צום פֿאַרטיילן. נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען זײַנען מיר געקומען צו א הסכם, אַז היות דער טעקסט איז דאָך דערזעלבער, און דער דרוק־זאַץ איז נאָך ניט פֿאַנאַנדערגעוואָרפן, — בכן זאָלן זיי זיך שטעלן גלײַך צום דרוקן דעם פֿאַרטיקן זאַץ מיט דער קלײנער דיפֿערענץ, וואָס אָנשטאָט דעם קעפּל פון אויפרוף „ס. ס. קאָמיטעט פון סלאָנים״ זאָלן זיי שטעלן: „בונד־קאָמיטעט אין סלאָנים״. וכך הווה. אײנער פון אונדזערע חברים איז געבליבן אויף דער וואַך אויף פּאַנעסוועע אָפּצוּוואַרטן ביז די בונדיסטן וועלן פֿאַרטיק ווערן מיט׳ן אויפרוף. אין שטאָט האָט מען דאַן גערעדט, אַז די ס. ס. האָט אַן אײגענע דרוקערײַ.*) דער קלאַנג איז, ווייזט־אויס, געווען באַגרינדעט אויף דעם, וואָס צווישן די פּאַרטיי־חברים זײַנען געווען אַ סך זין פון רײַכע עלטערן, און קײן געלט האָט אונדז ניט געפֿעלט.

נאָכ׳ן מאַניפֿעסט פון אָקטאָבער 1905, אין וועלכן דער צאַר ניקאָלאַי האָט ערקלערט פֿרײַהייט און צוגעזאָגט די קאָנסטיטוציע, זײַנען שוין די פּאַרטייען און פֿאַרזאַמלונגען געוואָרן לעגאַל (אויף אַ קורצע צײַט). אונדזער פּאַרטיי האָט געעפֿנט אַן׳אײגענעם קלוב ביי יאַנקל גאַבורינען אין הויז. דאָרטן זײַנען פֿאָרגעקומען פֿאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס. דער קלוב איז געווען באַזוכט אויך פון אַנדערע פּאַרטיי־חברים און פון אומפּאַרטייאישע. די פּאָליצײַ האָט נאָר קאָנטראָלירט, אַז די באַזוכער זאָלן זײַן בלויז סלאָנימער. ווען זי האָט אַנטדעקט אַ ניט־סלאָנימער אין קלוב, פֿלעגט זי אים אַרויסשיקן פון שטאָט מיטן עטאַפּ.

אין יענער צײַט, שוין נאָכ׳ן ערקלערן דעם מאַניפֿעסט, זײַנען אין אַ פּאָר שטעטלאַך אַרום סלאָנים געווען פּראָוואָקאַטיווע אָנפֿאַלן אויף אַרבעטער און „פּאַרטיינע״ מענטשן. ס׳איז אפילו געווען אַ פֿאַל פון אַ דערשיסונג, (נאָר איך דערמאָן מיך ניט ווי׳). אַלס פּראָטעסט האָבן די פּאַרטייען אין סלאָנים גערופֿן צו אַ מאַסן־פֿאַרזאַמלונג אין דער גרויסער שול. ס׳איז טאַקע צו וווּנדערן זיך, ווי אַזוי איז דאָס געווען מעגלעך אַזאַ „רעוואָלוציאָנערע״ פֿאַרזאַמלונג אָפּצוהאַלטן דווקא אין דער גרויסער שול. נאָר מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז די לינקע פּאַרטייען האָבן דאַן געהאַט אַ שטאַרקע מאַכט אויף דער ייִדישער גאַס, און די גבאים האָבן געוויס ניט געקענט זיך אַנטקעגנשטעלן.

צום וואָרט אין שול זײַנען געקומען פֿאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען .דער מיטינג איז פֿאָרגעקומען 10 אַזייגער אינדערפֿרי. נאָכן אָקטיאָבער־מאַניפֿעסט איז דאַן געווען אַזאַ שטימונג, אַז אַלץ איז שוין ערלויבט, און מען קען אַלץ ריידן און טאָן פֿראַנק און פֿרײַ... אַזוי שטאַרק איז געווען אָט די איבערצײַגונג, אַז אַ לערער פון „יעווריײסקאַיע אוטשילישטשע״ (די ייִדיש־רוסישע רעגירונגס־שולע) מיטן נאָמען, דוכט־מיר, ווײַנשטאָק (? — רעד.) האָט געהאַלטן אַ פֿלאַמעדיקע רעדע און האָט אויסגעשריען: „דער צאַר האָט אונדז געגעבן פֿרײַהייט... ווייסט איר וואָס פֿאַר אַ פֿרײַהייט? — קאָזאַצקע נאַגייקעס און פּאָליצײַאישע קוילן. דאָס איז דער באַגריף פון דער צאַרישער פֿרײַהייט...״ —

נאָך אַזאַ שטורמישע פֿאַרזאַמלונג, האָט דער צעהיצטער המון זיך געגרייט מיט פֿענער און טראַנספּאָראַנטן צו גיין אין אַ מאַניפֿעסטאַציע איבערן שטאָט.

אָבער, ווייזט־אויס, אַז די פּאָליצײַ איז געווען גרייט אויף יעדן פֿאַל, און טראָץ די „פֿרײַע ווינטן״ האָט די אָרטיקע מאַכט אויסגעטײַטשט דעם מאַניפֿעסט אויף איר אופֿן, און האָט געפּלאַנט צו רעאַגירן מיט אַנ׳אַטאַקע קעגן דער מאַניפֿעסטאַציע. ווער ווייס מיט וואָס ס׳האָט זיך געקענט פֿאַרענדיקן יענער טאָג אין סלאָנים.

נאָר פּלוצלינג, אָט טאַקע אין דער לעצטער מינוט פֿאַר׳ן אַרויסגיין פון עולם, איז אַרײַנגעלאָפֿן אין דער גרויסער שול אַ ייִדישער סאָלדאַט פון שויסקי פּאָלק און האָט, קוים אָטעמענדיק געוואָרנט, אַז מען זאָל ניט מאַניפֿעסטירן, ווײַל די פּאָליצײַ האָט אַרויסגערופֿן אײניקע גרופּן מיליטער פון פּאָלק, צו הילף, און זיי געפֿינען זיך גרייט אין הויפֿן צו שטערן די מאַניפֿעסטאַציע. די פֿאַראָרדנונג צו די מיליטער איז געקומען פון נאַטשאַלניק פון גאַרניזאָן.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג פון די פּאַרטיי־פֿאָרשטייער, האָט

*) ווירקלאָך, אַביסל שפּעטער האָט זיך די פּאַרטיי אײנגעשאַפֿט אַנ׳אײגענע דרוק־מאַשינע אין סלאָנים, וואָס מען האָט גערופֿן דאַן „באָסטאָנקע״. דעם 22־טן יוני 1906 האָט די פּאָליצײַ געמאַכט „אַנ׳אָביסקע״ אין אַ געוויסע באַהעלטעניש אין סלאָנים און האָט אַנטדעקט די „באָסטאָנקע״ ווי אויך דעם געווער־אוצר פון ס. ס. אין שטאָט: צענדליקער רעוואָלווערן, און אפילו 2 באָמבעס... וועגן דעם ז׳ דעם ס. ס. אָרגאַן „דער נײַער וועג״ פון ווילנע, נומ. 13, פון 12־טן יולי 1906. ווייזט־אויס, אַז דער מחבר פון די זכרונות האָט וועגן דעם פֿאַרגעסן. ז׳ אויך, „פּנקס־סלאָנים״, ערשטער באַנד, ז׳ קל״ט. — רעד.

מען באַשלאָסן אָפּצורופן די מאַניפעסטאַציע.

אַדאַנק יענעם אַנאָנימען יידישן סאָלדאַט איז העכסטוואַרשיינלעך דאַן אויסגעמיטן געוואָרן אין סלאָנים אַ בלוט־באָד.

# קאַפּיטל 9

## מיין אַרעסט אין 1906

איידער איך גיי אַריבער צו די זכרונות פון 1906, וויל איך נאָך דערציילן אַ מערקווירדיקע געשיכטע ווי אַזוי די ס. ס. האָט דורכגעפירט אַ מיטינג פסח 1905 אויפ׳ן סאַמע מיטן נעווסקי... נאָך אַ „סכאָדקע“ (אַ צוזאַמענקונפט) אין וואַלד, האָט אונדזער פּאַרטיי באַשלאָסן אויסנוצן די געלעגנהייט וואָס אַ גרויסער עולם שפּאַצירט יום־טוב אין צענטער פון שטאָט. נאָר אַזוי ווי דאַן, אין פרילינג 1905, זיינען נאָך געווען יעדער אַרט מענטשן־קאָנצענטראַציעס, סיי עפנטלאַכע, סיי פאַרמאַכטע, שטריינג פאַרבאָטן, און די פּאָליציי האָט זיי מיט אכזריות דערשטיקט, האָבן מיר באַשלאָסן דאָס אויסצופירן אויף אַן אָריגינעלן אופן: דאָס איז געווען אין ערשטן טאָג פסח. בעת דער ניעווסקי איז געווען פול מיט אַ יום־טוב׳דיק שפּאַצירנדיקן עולם, צווישן וועלכן ס׳האָבן זיך אויך געפונען אונדזערע חברים, האָט איינער פון זיי, אַ געוויסער יאַנקעלע סאַוויצקי, וועלכער האָט אגב געהאַט אַרטיסטישע פעיקייטן, פלוצלינג אַ פאַל־געטאָן אויף דער ערד, מאַכנדיק זיך גע׳חלש׳ט. דער עולם איז זיך צונויפגעלאָפן העלפן דעם מכלומרשטן גע׳חלש׳טן. בעת אַרום אים איז שוין געשטאַנען אַ געדיכט־צונויפגעדריקטער געזעמל פון מענטשן, האָט דער „באַיעוואָי אָטריאַד“ (קאַמף־גרופּע) פון דער פּאַרטיי אַרומגערינגלט דעם עולם. ס׳איז גלייך פאַרמירט געוואָרן אַ מין טריבונע, פון וועלכער אַ ביאַליסטאָקער חבר מאיר וויגאַדסקי (ער געפינט זיך איצט אין אַרגענטינע) האָט געהאַלטן אין רוסיש אַ רעדע, קעגן צאַריזם און דער אַבסאָלוטער הערשאַפט... דער אָריגינעלער מיטינג האָט זיך געענדיקט מיט וויוואַט־אויסרופן און אַ רעוואָלווער־שאָס, נאָך איידער די פּאָליציי האָט באַוויזן צו אינטערווענירן. און דאָס איז פאַרגעקומען פונקט קעגן גרויסן הויף אויף נעווסקי, וווּ ס׳איז דאַן געווען די פּאָליציי־קוואַרטיר (אין הויז וווּ ס׳איז געווען ביי די פּאָליאַקן די יידיש־פּויליש גימנאַזיע)...

נאָך די כלומרשטע „פרייע“ טעג פון 1905, האָט די רעאַקציע ביסלאַכווייז געקומען צו זיך. די פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַלס פּראָטעסט פאַראָרדנט אַ גענעראַל־שטרייק אויפ׳ן 9־טן יאַנואַר 1906. די ס. ס. אין סלאָנים האָבן געלאָזט פאַרשפּרייטן פלוגבלעטלאַך, דערקלערנדיק די באַדייטונג פונעם שטרייק. אין שטאָט האָט מען קאָמענטירט, אַז ס׳דאַרפן אָנקומען מיליטער־פאַרשטאַרקונגען און אַז ס׳וועט מעגלעך דערקלערט ווערן קריגס־צושטאַנד. די אַטמאָספער איז געווען אַ שווערע. אין טאָג פון גענעראַל־שטרייק זיינען אַרבעטער־פּיקעטן אַרויס אין די גאַסן און צום ראַד־קראָמען, פאַרלאַנגענדיק פון די קרעמער צו פאַרמאַכן די געשעפטן. איך מיט אַ צווייטן חבר, לאָזער, דער דרוקער (שלמה דעם וואַסערטרעגערס אַ זון), זיינען אויך באַ׳אויפטראַגט געוואָרן אויסצופירן דעם באַשלוס, אַז די געשעפטן זאָלן זיך אַנשליסן צום שטרייק. די קרעמער האָבן פאַרמאַכט די טירן. נאָר פונקט ווי מיר זיינען צוגעגאַנגען צו שיצגאָלס געשעפט אויף נעווסקי און פאַרלאַנגט פון אים צו שליסן דעם געשעפט, איז אָנגעגאַנגען אַ פּאָליציאַנט און געוואָרנט שיצגאָלן מיט אַ געלט־שטראָף פון 500 רובל, אויב ער וועט שליסן. איך מיט לאָזערן זיינען געוואָרן אַרעסטירט. לאָזערן האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן.

מען האָט דאַן אויך אַרעסטירט אַ חבר נח מישקין (אַ זון פון פריידע פון אַראָפּ פּאַנעסווע. ער איז געווען אַ שוואָגער פון קלמן מיליקאָווסקי, „קלמן טשעמעראַיער“). אויף צו־מאָרגן האָט מען אַרעסטירט די ס. ס. חברים לייבקע גאַבורין און חנה דעם סטאָליער. לייבקע גאַבורין האָט דאַן באַקומען שטאַרקע קלעפּ פון פּאָליציי, ווייל בעת׳ן קאַמף צווישן אַרבעטער און פּאָליציי אין טאָג פון גענעראַל־שטרייק האָט ער צושלאָגן אַ פּאָליציאַנט. גראָד זיינען דאַן אויך אַרעסטירט געוואָרן אַ היבשביסל פּויערים פון אַרומיקע דערפער, באַשולדיקטע אין אַגראַראומרוהען. האַבנדיק אין טורמע מיט אונדז אַזוי פיל פּויערים, האָבן מיר, די יידישע אַרעסטירטע, געפירט צווישן זיי אַן אויפקלערונגס־אַרבעט.

מיר זיינען געווען אַרעסטירט 3 מאָנאַטן. אינצווישן זיינען פאַרלאָפן אין שטאָט אַסך געשעענישן. די וויכטיקסטע פון זיי איז געווען דער מאָרד פון שעף פון דער רייטער פּאָליציי. די פאַרשאַרפונג פון טעראָר קעגן דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך אין 1906 געלאָזט אין סלאָנים שטאַרק שפּירן. איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רשעות אַט דער אַלעקסייקע, וועלכער פלעגט פייניקן און פאַרפאָלגן די אַרבעטער־טוער. רייטנדיק אויפ׳ן פערד, פלעגט ער פאַכן מיט דער נאַהייקע און אָנפאַרן אויף יעדן געזעמל פון אַרבעטער אין די גאַסן. און אַט האָבן צוויי רעוואָלוציאָנערע טוער: דער אויבנדערמאָנטער לאָזער דער דרוקער (וועלכער איז אַנטלאָפן פון פּאָליציי בעת מיין אַרעסט) און אַ פּינסקער אַרבעטער באַשלאָסן, אויף אייגענער איניציאַטיוו, אָפּצורוימען דעם אַלעקסייקע פון וועג. זיי האָבן אים אָפּגעוואַרט נעבן זיין וווינונג, און בעת ער איז אַרויס אין גאַס, זיינען זיי אים נאָכגעגאַנגען ביז ראָג סקראַבעוווער און רוזשנאַיער גאַס, און האָבן אים דאָרט דערשאָסן. אין דעם טאָג איז געווען אַ יריד אויפ׳ן מאַרק, און אין טומל פון גרויסן המון האָבן די 2 חברה באַוויזן (דורך דער שומרים־לבוקר־געסעלע וואָס גייט אַריין רעכטס אין דער רוזשנאַיער גאַס) צו אַנטלויפן, און זיי זיינען גלייך אַוועק אין אַמעריקע.

אויף דער אָנווייזונג פון דער אלמנה פון גע׳הרג׳עטן האָט די פּאָליציי דאַן פאַרהאַלטן צוויי אומשולדיקע בחורים: יודל קורח׳ס, אַסאַקאָווסקי, און אַ זון פון שמעון־אַרע דעם רימער (איך געדיינק ניט זיין פאַמיליע), וועלכער זיינען גע׳משפּט געוואָרן אין ווילנע דורך אַ מיליטערישן געריכט אונטערן פאַרזיץ פון גענעראַל מין. זיי זיינען פאַר׳משפּט געוואָרן צום טויט דורך הענגען. זייער פּאַרטיידיקער, דער פּאָליאַק וורובלעווסקי האָט דערלאַנגט אַנ׳אַפּעלאַציע, און ר׳ מרדכי׳לע האָט אינטערווענירט און גאַראַנטירט אַז זיי זיינען אומשולדיק. נאָך

דעם האָט מען זיי פאַרביטן דעם טויט־אורטייל אויף 20 יאָר קאַטאָרגע. אין 1917, נאָכ'ן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע, האָבן זיי זיך אומגעקערט קיין סלאָנים נאָך 11 יאָר קאַטאָרגע.

פון מיינע דריי מאָנאַטן זיצן אין טורמע דערמאָן איך מיך צוויי עפּיזאָדן, אין וועלכע איך בין געווען אַביסל פאַרמישט.

ערשטער עפּיזאָד: מיטן עטאַפּ האָט מען געבראַכט פון אָדעס אַן־אַרעסטירטן, וועלכער איז שוין מיטן זעלבן עטאַפּ־וועג אַדורכגעפאָרן אַסך שטעט פון רוסלאַנד. ער האָט נישט אויסגעזאָגט ניט זיין נאָמען און נישט זיין וווינאָרט, און זיין פערזאָן איז געווען אַ רעטעניש. פאַרוואָס האָט מען אים געשיקט דווקא אין סלאָנימער טורמע, איז מיר ניט געווען קלאָר. ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין פאַבריצירן באָמבעס און אין רעדאַגירן אַ צייטשריפט אין רוסיש: „דער רעוואָלוציאָנערער שטורעם־בלאַק". ער האָט געוווּסט אַז ס'דראָט אים טויט־שטראָף. דערפאַר האָט ער ניט אַנגעגעבן זיין נאָמען און וווינאָרט, כדי אָפּצוציהען דעם אורטייל אויף אים. ער האָט געהערט צו דער פּאַרטיי ס. ר.

ווייסנדיק אַז יאַשקע וואָלאַך (דער זון פון אַפּטייק־סקלאַד־אייגנטימער) איז פון דערזעלבער פּאַרטיי, האָב איך געבעטן דעם אַרעסטירטן, ער זאָל מיר אָנגעבן זיין פּאַרטייאישן געהיימן פסעוודאָנים, כדי איך זאָל אָנזאָגן יאַשקען.

וכך הווה: איך האָב געפונען אַ מיטל אין טורמע זיך צו פאַרבינדן מיט יאַשקען און אויף מאָרגן גאַנץ פרי איז ער געקומען. אים האָט זיך איינגעגעבן דורכצושמועסן זיך מיט'ן אַרעסטירטן דורך'ן פענצטער, און ער האָט אים געראָטן אָנצוגעבן אַלס זיין וווין־אָרט זשעטל, כדי מען זאָל אים אַוועקשיקן מיטן עטאַפּ אַהין. דער אַרעסטירטער האָט אַזוי געהאַנדלט.

בעת מען האָט אים נאָכהער געפירט קיין זשעטל מיטן עטאַפּ, און דורכגעפאָרן אויפ'ן וועג דורך געדיכטע וועלדער, זיינען אַ גרופּע פאַרטיי־מענטשן פון ס. ר. וועלכע האָבן אָפּגעוואַרט דעם עטאַפּ, באַפאַלן די סטראַזשניקעס, זיי געבונדן און אָפּגעשלאָגן דעם אַרעסטירטן.

צווייטער עפּיזאָד: אין טאָג וואָס מען האָט אונדז געדאַרפט באַפרייען, האָט דער אויבנדערמאָנטער נח מישקין זיך צווערטלט מיט אַן'אונטעראָפיצער פון דער סטראַזשע (די היטונג־פּאָליציי פון טורמע). דער לעצטער האָט אָנגעגעבן קעגן מישקינען אַן'אָנקלאָגע פאַר באַליידיקונג בעת'ן דינסט. היות ווי נח מישקין איז געווען אַן'אויסגעדינטער סאָלדאַט, איז אים אויסגעקומען זיך צו שטעלן פאַר אַ מיליטערישן געריכט. און מען האָט אים טאַקע גלייך איבערגעפירט אין אַ מיליטערישער תפיסה.

מיך האָט מען דעם זעלבן טאָג באַפרייט. איך בין גלייך אַוועק צו מישקין'ס שוואָגער, קלמן מיליקאָווסקי, און דערציילט די געשיכטע. איך האָב געוווּסט, אַז ווינשטיין דער פאָטאָגראַף איז באַפריינדעט מיט'ן קאַפּיטאַן, וועלכער האָט פאַרנומען אַן'אַמט אין מיליטערישן געריכט. ס'האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, אַז מען זאָל אויס'פועל'ן, אַז מען זאָל דעם ענין אַרויסנעמען פון מיליטער־געריכט און איבערשיקן צו אַ ציווילן אויספאָרשונגס־ריכטער. און דאָס איז טאַקע געלונגען. דערווייל האָט זיך געפונען אַ פּאָליציאַנט, שונדריק, וועלכער האָט ביים ריכטער געזאָגט אַ גינסטיקע עדות פאַר מישקינען, און מען האָט אים באַפרייט. אַרויסגייענדיק פון דער תפיסה, איז ער אין באַגלייטונג פון זיין גוטן עדות אַריין צו בוניע סאָקאָלקער אין שענק און געמאַכט אַ גוטע כוסה מיט אים...

נח מישקין האָט נאָכהער עמיגרירט קיין אַמעריקאַ.

## קאַפּיטל 10

## די וואַלן צו דער ערשטער און צווייטער דומעס

אין אָנהייב 1906 האָט מען אָנגעהייבן זיך גרייטן צו די וואַלן פון דער ערשטער דומע, וועלכע איז צוגעזאָגט געוואָרן אין מאַניפעסט פון אָקטאָבער 1905. וואַל־רעכט האָבן געהאַט מענער אין עלטער פון 25 יאָר אָן. די וואַלן זיינען ניט געווען קיין דירעקטע. מען האָט פריהער געוויילט „וויבאָרשטשיקעס" (עלעקטאָרן) און זיי האָבן נאָכהער געדאַרפט אויסקלייבן פון זיך די דעפּוטאַטן צו דער דומע. די עלעקטאָרן האָבן געדאַרפט האָבן אַן'אייגנטום־צייגניש. דאָס האָט געהייסן אַ „וואַל־צענז".

די לינקע פּאַרטייען האָבן באַשלאָסן צו באָיקאָטירן די וואַלן. די סלאָנימער ס. ס. האָט באַקומען פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי אינסטרוקציעס צו שטערן ווי־ווייט מעגלעך דער וואַל־אַגיטאַציע. די פאַרייניקטע יידישע בירגערלעכע וואַל־ליסטע האָט געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע אין שטאָט. בראש פון דער ליסטע פון גראָדנער גובערניע איז געשטאַנען אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן.

אייגנטלעך האָבן די לינקע יידישע פּאַרטייען אין סלאָנים גאָרניט געהאַט קעגן יאַקאָבסאָנען פּערזענלעך. גראָד פאַרקערט, מיר האָבן ריכטיק אָפּגעשאַצט זיין מוט און זיין געזעלשאַפטלעכן חוש פאַר שטאָט־אַרבעט, ווי ביי די „פּאָזשאַרנע", ביים מיטהעלפן דער זעלבסטשוץ א. אַז. וו. אויך האָט ער זיך אינטערעסירט מיט דער באַוועגונג פון די פּאַרטייען וועלכע האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן צאַרישן רעזשים. ער פלעגט אַפילו פון צייט צו צייט באַזוכן, אַלס זייטיקער צושויער, אונדזערע פאַרזאַמלונגען. אַזוי געדענק איך אַ פאַרזאַמלונג פון ס. ס. וועלכע איז פאַרגעקומען אַ פרייטיק־צו־נאַכט אין ברעגער שול. ס'איז געווען אומלעגאַל, איידער מיר האָבן געעפנט אונדזער אייגענעם לעגאַלן קלוב ענדע 1905. ס'איז דאַן אויפגעטראַטן מיט אַ פּאָליטישן רעפעראַט אַ גאַסט: דער חבר אהרן סינגאַלאָווסקי (באַקאַנט דאַן אונטערן נאָמען אהרן טשענסטאָכאָווער), וועלכער איז מיט יאָרן שפּעטער געווען דער פירער פון וועלט־פאַרבאַנד פון דער „אָרט"־אָרגאַניזאַציע. אהרן טשענסטאָכאָווער איז געווען באַקאַנט אַלס באַגאַבטער רעדנער. ער פלעגט האַלטן געשפּאַנט זיין אוידיטאָריע. זיינע לעקציעס זיינען געווען געפלאָכטן מיט פּאָעזיע און רעטאָריק.

יאַקאָבסאָן איז ווייזט־אויס, געווען פאַראינטערעסירט אין סינגאַלאָווסקי'ס רעפעראַט. ער איז געקומען צו דער פאַרזאַמלונג, האָט פאַרנומען אַ פּלאַץ אין מזרח־וואַנט און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט די רעדע. בעת סינגאַלאָווסקי האָט גערעדט, האָט דער עולם געוויכערט (מ'איז

דאָך עפּעס רעוואָלוציאָנערן...) און די אַש פון די פּאַפּיראָסן איבערגעלאָזן אויף די שטענדערס פון בית־המדרש.

יאַקאָבסאָן האָט דאָס ניט געקענט פאַרשווייגן, און בעת דער הפסקה האָט ער געמאַכט אַ באַמערקונג צו די רויכערער, אַז לא־די וואָס זיי פאַרשוועכן דעם מקום־קדוש און שבת, — לאָזן זיי נאָך איבער שפורן פון זייערע עבירות פאַר די פרומע יידן וועלכע וועלן צומאָרגנס קומען אין שול דאַוונען...

אַרום 12 אַזייגער ביינאַכט איז די ברעגער שול אַרומגערינגלט געוואָרן פון רייטער־פּאָליציי, וועלכע זיינען אין יענעם יאָר אַראָפּגעקומען אין סלאָנים. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביי די טירן און אויסגעהערט די רעדע ביז׳ן סוף. מיר האָבן געמיינט, אַז די אַלע אָנוועזנדע וועלן ווערן אַרעסטירט. מיר זיינען אָבער געוואָרן אַלע ערשטוינט, ווען זיי האָבן ניט דורכגעפירט קיין אַרעסטן. די ערשטע צו פאַרלאָזן די ברעגער שול זיינען געווען דער רעפערענט אהרן סינגאַלאָווסקי און אדוו. יאַקאָבסאָן.

נישט געקוקט אויף די קעגנזייטיקע סימפּאַטיעס, האָבן מיר אָבער באַקעמפט יאַקאָבסאָנען צוליב זיין ציוניסטישער טעטיקייט און צוליב׳ן אָנטיילנעמען אין דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער דומע.

נאָכן באַקומען די אינסטרוקציעס פון צ. ק. צו שטערן די וואַל־אַגיטאַציע, האָט אונדזער חבר הירשל סלוצקי, וואָס איז געווען אַ שטיקל מומחה אין כעמישע פּרעפּאַראַטן, צוגעגרייט עטלעכע שטינק־פלעשעלאַך. און אָט, בעת אַ גרויסן וואַל־מיטינג אין דער גרויסער שול, האָט ער געלאָזן אין גאַנג זיין שטינק־קאָנפעקציע... אין שול איז געוואָרן אַ געשטאַנק, און אַ טייל פון עולם איז זיך צולאָפן מיט קולות: עס שטינקט!" —

דער וואַל־מיטינג איז געווען באַוואַכט פון פּאָליציי, כדי צו היטן די אָרדנונג, — ווייל דער מיטינג איז דאָך געווען לעגאַל מיטן צוועק: צוצוגרייטן די וואַלן. מ׳האָט דעם פאַראַנטוואָרטלעכן חבר נישט געכאַפּט. די רעדנער און אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע, אין באַגלייטונג פון פּאָליציי, האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין מויערנעם בית־המדרש און דאָרטן פאַרגעזעצט דעם מיטינג, וועלכער איז שוין געווען צוליב דעם אַ געשטערטער.

פון גראָדנער גובערניע זיינען דאַן אויסגעוויילט געוואָרן אויף דער יידישער ליסטע אדוו. יאַקאָבסאָן, און אָסטראָגאָרסקי (פון גראָדנע).

ווי באַקאַנט איז די דומע נאָך איניקע מאָנאַטן פונאַנדערגעלאָזן געוואָרן. יאַקאָבסאָן, אַלס איינער פון די דעפּוטאַטן וועלכע האָבן נאָכהער אַרויסגעלאָזן דעם באַרימטן „ווי־באָרגער אויפרוף", איז פאַרמשפּ׳ט געוואָרן אויף 3 מאָנאַטן טורמע, וואָס ער איז אָפּגעזעסן אין סלאָנים.

די וואַלן צו דער צווייטער דומע זיינען שוין פאָרגעקומען ביי געענדערטע אומשטענדן. די לינקע פּאַרטייען האָבן צו דער צווייטער דומע באַשלאָסן אָנטיילנעמען אין די וואַלן מאָטיווירנדיק מיט דעם, וואָס אַ פּאַרלאַמענטאַרישע טריבונע איז זייער אַ פּאַסיקער פּלאַץ צו ריידן צו די ברייטע מאַסן.

דער „בונד" האָט אַרויסגעשטעלט אין סלאָנים אַלס קאַנדידאַט דעם ה׳ לענסקי (אַלטע דער אַקושערקעס אַ זון). די ס. ס. האָבן אַרויסגעשטעלט דעם דאָקטער פּינעס. היות ביידע קאַנדידאַטן זיינען געווען נישט קיין „כשר׳ע" עלעמענטן פאַרן צאַרישן רעזשים, האָבן אַנדערע פּערזאָנען געפירט פאַר זיי די וואַל־פּראָפּאַגאַנדע. פאַר פּינעסן האָט געפירט די פּראָפּאַגאַנדע דער שרייבער דאַווידאָוויטש, און פאַר לענסקין — דער גראָדנער אַדוואָקאַט גאָזשאַנסקי.

פון סלאָנים איז ד״ר פּינעס אויסגעקליבן געוואָרן אַלס „וויבאָרשטשיק". אָבער אין גראָדנע, בעת עס האָבן זיך פאַרזאַמלט די „וויילער", אין זייער גרעסטער מערהייט פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, האָט דער פּראַוואָסלאַווער אַרכייערי בעת אַ קלויסטער־תפילה, זיי אָנגערעדט ניט צו שטימען פאַר לינקע קאַנדידאַטן. און דר. פּינעס איז דורכגעפאַלן.

## קאַפּיטל 11

### דער ס. ס.־חבר מאיסיי (משה) באיארסקי

נאָך דעם ווי ס׳איז דערשטיקט געוואָרן די רעוואָלוציע פון 1905, און פון די „קאָנסטיטוציע"־פרייהייטן האָט זיך אויך אַרויסגעלאָזן אַ רויך, זיינען אָנגעקומען די שווערע רעאַקציע־יאָרן. אָבער דאָך זיינען נאָך די לינקע פּאַרטייען אָנגעגאַנגען מיט זייער פּאַרטייאישער און קולטורעלער טעטיקייט.

ס׳איז כדאי צו באַטאָנען, אַז אַ גרויסער טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין שטאָט איז דאַן אָנגעגאַנגען אין די גאַרבערייען, וועלכע האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט. דאָרטן זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן שטרייקן, ערשטעמאַי פייערונגען אפילו אין יענע יאָרן. איך דערמאָן מיך פאָלגנדן עפּיזאָד: דאָס איז געווען אין 1908. דער פּאָליציי־איספּראַווניק איז אַריין אין טאָג פון ערשטן מאַי אין ציגערס גאַרבערײַ קאָנטראָלירן, צו מען שטרייקט דאָרטן. איידער ער איז נאָך אַריין, האָט ער אויפ׳ן שוועל געפרעגט, צו עס זיינען דאָ נישטאָ קיין קרינקער אַרבייטער. ער איז פריהער געווען איספּראַווניק אין קרינקי, איז אים נאָך גוט געלעגן אין זכּרון דער קאַמפּס־גייסט פון די קרינקער גאַרבערײַ־אַרבעטער.

איידער איך פאַרענדיק מיינע זכרונות, וויל איך נאָך דערמאָנען אַ טיכטיקן און איבערגעגעבענעם סלאָנימער חבר פון ס. ס., מיט וועמען איך בין געווען ספּעציעל באַפריינדעט און פון וועמען איך האָב זיינער צייט פיל געלערנט. דאָס איז מאָיסיי (משה) באָיאַרסקי, אַ זון פון דער דאַן גוט באַקאַנטער פאַמיליע באָיאַרסקי אין סלאָנים.

זיין פאָטער, אינזשעניער באָיאַרסקי (האָט געוווינט אויף סקראָבעווער גאַס אין גאָזשאַנסקי׳ס מויער) איז געווען אַ געאָמעטער־„זעמלעמער" (שטחים־מעסטער). ער איז געווען אַ רעגירונגס־באַאַמטער און זיין אויפגאַבע איז געווען אויסצומעסטן ערד־שטחים און צוטיילן זיי אין פּאַרצעלן, כדי דערנאָך צו פאַרטיילן צווישן די פּויערים. ער האָט געטראָגן דעם טיטל פון „פּאָטשאָטני גראַזשדאַנין" (ערן־בירגער) און אַלס אַזעלכער האָט ער גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס. זיינע קינדער האָבן געלערנט אין די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן אויסער דער טרויעריק־באַרימטער פּראָצענט־נאָרמע וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרן לגבי יידן. ער פלעגט גיין אָנ־

געטאַן אין אַ ספּעציעלן מונדיר, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ גענעראַל־אוניפאָרם.

נישט געקוקט אויף זיין פּריווילעגירטן סאָציאַלן צושטאַנד, האָט זיך די פאַמיליע באַיאַרסקי געהאַלטן מער־ווייניקער טראַדיציאָנעל־יידישלעך. ער פלעגט ימים־טובים קומען מתפלל זיין אין דער גרויסער שול. זיין פרוי פלעגט העלפן אָרעמע און קראַנקע. זי פלעגט אָפּקאָכן אַ גוטע יויך מיט אַ שטיקל עוף פאַר אַן אָרעמע קימפּעטאָרן.

די פאַמיליע באַיאַרסקי האָט געהאַט אַסך קינדער. איינער פון זייערע זין, מאַיסיי, איז דאָס געווען מיין פּאַרטיי־חבר פון ס. ס. ווי אַסך פון דער יידישער שטודירנדער יוגנט, איז ער אויך צוגעשטאַנען צו די רייהען פון די קעמפער קעגן פאַרפוילטן צאַרישן רעשים, און ער האָט געפונען זיין פּאַסנדן אָרט דווקא צווישן די ס. ס.

די פּאַרטיי האָט אים באַ'אויפטראַגט צוליב זיין אויסגעצייכנטער קענטעניש פון רוסיש צו פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן מיליטער. ביי זיינע באַגעגענישן מיט מיליטער־לייט פלעגט ער גיין אָנגעטאָן אין מיליטערישע קליידער; ער האָט פיגורירט אונטערן פּסעוודאָנים „אַנדריי". און אָט איז ער מגולגל־געוואָרן בעת אַזאַ שליחות אין שעדלעץ, און דאָרטן אַרעסטירט געוואָרן בעת אַ פּראָפּאַגאַנדע־פאַרזאַמלונג. מען האָט אים גאַנץ שנעל געמאַכט אַ משפּט און פאַר'משפּט אים צו אַ יאָר תפיסה (ווייזט־אויס, אַז אָט די פאַרהעלטניסמעסיק־קליינע שטראָף איז געקומען בזכות פון זיין פאָטער).

נאָר אויך 1 יאָר תפיסה איז פאַר דער פאַמיליע באַיאַרסקי געווען צופיל. שעדלעץ האָט דאַן געהערט צום וואַרשעווער „אָקרוג" (גענעראַל־גובערנאַטאָר), בראש פון וועלכן סאַ'יז געשטאַנען דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר גענעראַל סקאַלאָן. דער לעצטער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ יוגנט־חבר פון אינזשעניער באַיאַרסקי, מיט וועמען ער האָט געלערנט צוזאַמען אין אוניווערסיטעט. אינזש. באַיאַרסקי איז געפאָרן אין וואַרשע, ווו ער איז אויפגענומען געוואָרן פון זיין יוגנט־חבר. גענעראַל סקאַלאָן האָט פאַרקלענערט די שטראָף אויף 3 מאָנאַטן און האָט איינגעשטימט, אַז מען זאָל אים אַריבערפירן אין סלאָנימער תפיסה.

אין סלאָנימער טורמע האָט ער גענאָסן פון ספּעציעלע פּריווילעגיעס, ער האָט באַקומען אַ בעט צו שלאָפן פונדערהיים. זיין צעלע איז געווען באַצירט מיט היימישע פּאַטאָס. איך און אויך אַנדערע פּאַרטיי־חברים האָבן אים פיל מאָל באַזוכט אין טורמע. כדאַי צו באַמערקן, אַז זיין פאָטער, וועלכער האָט געמוזט היטן אויף זיין ראַנג און זיין לאַיאַלן און בכבוד'יקן מעמד, האָט אים במשך פון די דריי מאָנאַטן קיין איין מאָל דאָרטן ניט באַזוכט.

מאַיסיי באַיאַרסקי פלעגט זייער אָפט קומען צו מיר אין שטוב. ער האָט מיר געגעבן לעקציעס און מיר פלעגן שמועסן וועגן פּאַרטיי־ענינים.

באַאַרבעט דורך ק. ל.

**חיים ריזיקאַוו (מינסק)**

# אויפן שולהויף און אַרום אין 1904—1906

מיר זיינען געבליבן אייניקע זכרונות פון די שטורמישע יאָרן 1904—1906. אמת, איך בין דאַן געווען אַ יינגל פון אַ יאָר 9—10. אָבער די פאָר עפּיזאָדן וואָס איך געדיינק זיינען מיר געבליבן פעסט איינגעקריצט אין זכרון. אַזוי ווי מיר האָבן געוווינט אויפ'ן שול־הויף, (אין הויז פון שמואל שערעשעווסקי, וואָס איז געשטאַנען בשכנות פון „חברה־שטיבל", דעם בית־המדרש פון חברא־קדישא), האָב איך מיטגעלעבט אַלע געשעענישן, אַזוי ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין אָט דעם צענטראַלן פונקט פון יידישן סלאָנים.

אַ שטאַרקן רושם האָט אויף מיר געמאַכט דאָס באַזעצן בתי־מדרשים מיט סאָלדאַטן און קאָזאַקן בעת דער מאָבּיליזאַציע צו דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה. היות ווי ס'זיינען אָנגעקומען פיל מיליטער־אָפּטיילונגען וועלכע פלעגן, אויפ'ן וועג צום מלחמה־פראָנט אויפ'ן וויטן מזרח, סטאַציאָנירן אַ געוויסע צייט אין שטאָט, — האָט די מיליטערישע לאָקאַלע מאַכט באַזעצט אַלע לאָקאַלן און צווישן זיי אויך אַ צענדליק בתי־מדרשים. אויך האָט מען לאָקירט סאָלדאַטן אין פּריוואַטע וווינונגען. (די קאַזאַרמעס אויף עק סקראָבעווע גאַס זיינען נאָך דאַן ניט געווען אויפגעבויט).

אין אַ יאָר אַרום איז געוואָרן „פריילאַד" אויפ'ן שול־הויף צוליב די אָפטע מיטינגען וועלכע די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען פלעגן איינאָרדנען אַמאָל אין דער גרויסער שול און אַמאָל אין די קלענערע בתי־מדרשים. אַלס נייגעריקער יינגל בין איך געווען אַ „בעלן" צו זיין אין שול בעת'ן מיטינג, און הערן די רעדעס, הגם איך האָב ווייניק וואָס פאַרשטאַנען... די גבאים פון שול און בתי־מדרשים פלעגן זיך אָפט אַנטקעגנשטעלן די רעוואָלוציאָנערע רעדנער און זיי ניט לאָזן ריידן, ווייל עס האָט געדראָט, אַז די פּאָליציי זאָל פאַר'חתמ'ענען די שול. איינמאָל איז געקומען צווישן די גבאים און די רעוואָלוציאָנערן צו אַ גרויסער מהומה, ביי וועלכער עס זיינען געפלויגן פעטש... איך בין דאַן געווען אין שול, און כ'געדיינק אַז דער דאַן־פּלאַנירטער מיטינג איז שוין ניט פאָרגעקומען.

מיין נייגעריקייט פלעגט מיר אויך ברענגען אויפ'ן פּלאַץ, בעת עס פלעגן דאָרט פאָרקומען צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי. אַ רעדנער פלעגט זיך אָוועקשטעלן אויף אַ וואָגן און לאָזן הערן פאַר די פאַרזאַמלטע פויערים און יידן רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. נאָר מיט אַמאָל פלעגן אָנשפּרינגען קאָזאַקן אויף פערד מיט נאַהייקעס, און אַלע פלעגן זיך צעלויפן וגם אני בתוכם... מיין מקום־מקלט אין אַזעלכע פאַלן פלעגט זיין אויפ'ן אַלטן (יורדזיקער) בית־עולם, וועלכער האָט זיך געגרענעצט מיט אונדזער הויז.

איך האָב אויך איבערגעלעבט די פּאָגראָם־שטימונג וואָס האָט געהערשט אין שטאָט זומער 1906. איינמאָל אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט זאָגט מיר די מאַמע, אַז מען ריכט זיך אויף מאָרגן אויף אַ פּאָגראָם. אַזוי ווי דאָס איז געווען אין אַ געוויסע צייט נאָכ׳ן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם, איז די שרעק אין שטאָט געווען אַ ממשות׳דיקע. בכן, — זאָגט מיר די מאַמע, — וועלן מיר זיך מאָרגן אויף אַ גאַנצן טאָג באַהאַלטן אין פאַרשיידענע ערטער און באַהעלטענעשן אויפ׳ן הויף (דער הויף ווו מיר האָבן געוווינט איז געווען אַ גרויסער און עס זיינען דאָרט געווען פיל דירות). די מאַמע האָט מיר טאַקע גלייך אָנגעוויזן מיין באַהעלטענעש; אויפ׳ן בוידעם. אגב, די פּאָגראָם־שטימונג האָבן מיר שוין גאַנץ גוט געפילט אויך ביי די שכנים. אין זעלבן הויף האָט געוווינט דער בעקער ר׳ יצחק סאָקאָלאָווסקי און זיין פרוי העשע־מירל. זיי האָבן געהאַט 2 זין רעוואָלוציאָנערן. איך האָב געזען ווי די 2 בחורים האָבן זיך אויך „געגרייט" צום פּאָגראָם; זיי האָבן מיר באַוויזן אַ קליינעם רעוואָלווער און פלעשעלאַך מיט שוועפל־זויער...

אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָבן מיר, די מאַמע, מיין שוועסטער און איך זיך פאַרבאַהאַלטן אין אונדזערע באַהאַלטענעשן...

לאַנג בין איך אָבער דאָרט ניט אויסגעלעגן; איך האָב דערהערט מיט אַמאָל מוזיק פון דער ריכטונג פון פּלאַץ. אַזוי ווי מיין מאַמע און שוועסטער זיינען געווען באַהאַלטן באַזונדער, האָט מיין נייגעריקייט גובר געווען די שרעק פאַר׳ן פּאָגראָם, און איך בין אַוועקגעלאָפן זען וואָס עס טוט זיך. דער פּלאַץ איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. דאָס איז געגאַנגען אַ פּראָצעסיע פון טויזנטער מענטשן, מיט „הייליקע" בילדער.*)

*) ז׳ די זכרונות פון מ. פּערלשטיין אין קאַפּיטל: „די פּאָגראָם־פּאַניק בעת א רעליגיעזע פּראַצעסיע". — רעד.

בראש איז געגאַנגען אַ מיליטערישער אָרקעסטער. אָבער די פּראָצעסיע איז אויך געווען באַגלייט פון אונדזער „פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע" מיטן ציין־דאָקטער יתום בראש. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין דער פולער אוניפאָרם, מיט מעשענע קאַסקעס און די פּאָזשאַרנע העקעלאַך. מיר איז אָבער געוואָרן אויפגעפאַלנד דער פאַקט, וואָס כ׳האָב ניט געזען קיין פּאָליציילייט. אויך האָב איך געזען ביי די זייטן פון המון באַקאַנטע פּנים׳ער פון יידישע בחורים פון די אַרבעטער־קרייזן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, דאַן ניט פאַרשטאַנען אין וואָס ס׳האַנדלט זיך; נאָר איך האָב נאָכהער געהערט, אַז די יידישע „סאַמאָ־אָבאָראָנע" איז געשטאַנען אויף דער וואַך... די פּראָצעסיע איז געגאַנגען צום קלויסטער אויף פּאַנעסווע. איך בין מיטגעגאַנגען... די המונים זיינען אַריין אין קלויסטער, און די „פּאָזשאַרנע" האָבן זיך אויסגעשטעלט אין 2 רייהען אויפ׳ן גאַס. נאָך דער תפילה, האָט זיך די פּראָצעסיע ווידער פאָרמירט, און די פּאָזשאַרנע האָבן זיי באַגלייט ביז מחוץ לעיר.

אין שטאָט האָט מען דאַן דערציילט, אַז צו דער פּראָצעסיע האָט געזאָלט אָנקומען מיט דער באַן פון באַראַנאָוויטש אַ גרופּע כוליגאַנעס און פּאָגראָמשטשיקעס געשיקט דורך דער „שוואַרצער מאה" צו מאַכן אַ פּאָגראָם אין שטאָט. מען האָט אפילו דערציילט, אַז די כוליגאַנעס זיינען געוואָרן אינפאָרמירט וועגן דעם, אַז די יידן גרייטן זיך שטעלן אַ ווידערשטאַנד, און זיי האָבן זיך דערשראָקן און ניט אַראָפּגעגאַנגען פון באַן, בעת ער איז אָנגעקומען קיין סלאָנים. נאָר ניט דאַן און אויך ניט שפּעטער איז מיר ניט געווען קלאָר, וויפל אמת עס איז געווען אין אָט די קלאַנגען.

יעדנפאַלס, דער טאָג איז אַריבער בשלום, די פּראָצעסיע איז אַוועק, און די יידן זיינען אָפּגעקומען מיטן פּאָגראָם־שרעק.

## משה ליכטענשטיין

# די „סטאליפינקעס" שטאמען פון סלאנים

אַלע די, וועמען ס׳איז אויסגעפאַלן צו זיין אין די פערציקער יאָרן אין ראַטן־רוסלאַנד, האָבן געוויס באַמערקט, אַז אין פילע פּאַסאַזשיר־צוגן איז געווען איינגעגלידערט גלייך נאָכ׳ן לאָקאָמאָטיוו, אָדער ביים עק, אַ גרינער פּאַסאַזשיר־וואַגאָן מיט געקראַטעוועטע פענצטער. אין ראַטן־פאַרבאַנד זיינען די וואַגאָנען געווען זייער פּאָפּולער; זיי האָבן געדינט צום אַריבערפירן אַרעסטירטע און האָבן געטראָגן דעם נאָמען „סטאָליפּינקי". פאַרשטייט זיך, אַז צום אַריבערטראַנספּאָרטירן גרויסע מחנות פאַרשיקטע פון איין טייל רוסלאַנד אין צווייטן, אָדער אין סיביר, האָט די ראַטן־מאַכט זיך באַנוצט ניט מיט פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, נאָר מיט פאַרמאַכטע וואַגאָנען, וואָס האָבן געדינט געוויינלעך צו טראַנספּאָרטירן סחורות אָדער פערד. אָבער צום פירן מיטן עטאַפּ קליינע גרופּעס אַרעסטירטע פון איין שטאָט אין אַ צווייטע, האָט מען זיך באַנוצט מיט די „סטאָליפּינקעס". איך ווייס ניט, צו זיי עקזיסטירן נאָך איצט, אין די זעכציקער יאָרן, 15 יאָר נאָך סטאַלינען, — אָבער מיט 25 יאָר צוריק, אין אָנהייב פון די פערציקער יאָרן, ווען מיר איז אויסגעקומען צו רייזן אין צענטראַל־רוסלאַנד און אויך אין קאַזאַקסטאַן און אוזבעקיסטאַן, — האָב איך זיי זייער אָפט געזען.

זייער ווייניק סלאָנימער אָפּשטאַמיקעס, אפילו פון אַלטן דור, ווייסן אַז אָט די אַרעסטאַנטן־וואַגאָנען זיינען איינגעפירט געוואָרן נאָך אין צאַרישן רוסלאַנד צוליב אַ צופאַל, וואָס האָט פּאַסירט אין... סלאָנִים, אין די ברויזנדע יאָרן 1904 — 1905.

אַזוי ווי אומעטום זיינען דאַן פיל פון דער סלאָנימער יוגנט אַריינגעצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערע קרייזן, און אַזוי ווי אומעטום, זיינען אויף זייערע פאַרזאַמלונגען פאָרגעקומען אָפט איבערפאַלן פון דער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע, וועלכע פלעגן זיך ענדיקן מיט אַרעסטן.

ביי אַזאַ איבערפאַל זיינען אין ווינטער 1904/05 „אַריינגעפאַלן" איניקע סלאָנימער בחורים, צווישן וועלכע עס זיינען אויך געווען חנה־פייגל ווערניקאָווסקע׳ס יינגסטער זון (אַ ברו־

דער פון חשוב׳ן סלאָנימער גבאי און בעל־הבית ר׳ שמעון ווערניקאָווסקי) און אַ זון פון ה׳ פּיניע גראַיעוווער. די נעמען פון די אַנדערע דאָן אַרעסטירטע געדיינק איך ניט. (ס׳איז מעגלעך, אַז אַנדערע סלאָנימער פון אַלטן דור וועלן אפשר געדיינקען).

נאָכ׳ן אָפּהאַלטן די אַרעסטירטע אַ לייַנגערע צייט אין סלאָנימער תפיסה, האָט מען זיי אַלס פּאָליטישע אַרעסטירטע, געדאַרפט אַריבערפירן קיין גראָדנע. אין טראַנספּאָרט האָט זיך אויך געפונען איין קרימינעל־באַשולדיקטער, דער דאָן באַוווסטער אין סלאָנים „זיידקע דער גנב". (זיין טאַטע איז געווען אַ בעל־עגלה און געהאַט אַ צונאָמעניש: יאָשע שטונק").

די נאָנטע קרובים און פּאַרטיי־חברים פון די אַרעסטירטע זיינען געווען געגוי אינפאָרמירט, ווען דער טראַנספּאָרט וועט אָפּגיין קיין גראָדנע.

צו דער באַשטימטער צייט, אין אַ ווינטערדיקן שבת־צו־נאַכט, (דער באַן קיין גראָדנע איבער ביאַליסטאָק פלעגט אָפּגיין האַלב־אַכט אָוונט) האָט מען אויפן סלאָנימער וואָקזאַל דערלאַנגט די אַרעסטירטע „פּערעדאַטשעס", ד. ה. פּעקלאַך מיט שפּייז און וועש, וואָס די קרובים האָבן איבערגעשיקט פאַר זיי.

פאַר די אַרעסטירטע מיט זייערע באַגלייטער איז נאָך אין באַראַנאָוויטש אין דעם צוג געווען רעזערווירט אַן׳אָפּטיילונג אין אַ פּאַסאַזשיר־וואַגאָן דריטן קלאַס. נאָכ׳ן אַריינפירן די אַרעסטירטע אין וואַגאָן האָבן ביי די טירן פון דער אָפּטיילונג פאַרנומען פּלעצער צו איין „קאָנוואָינעם" (זשאַנדאַרם ביי יעדער טיר. אויך זיינען געווען אַ פּאָר רעזערוו־„קאָנוואָינע".

די וואָס זיינען געפאָרן אָפט אויף דער ליניע סלאָנים—וואָלקאָוויסק געדיינקען געוויס, אַז אומגעפער 8 קילאָמעטער פון סלאָנים, אין דער ריכטונג צו אַזורניצע, איז געווען אַ מין „פּאָלוסטאַנאָק" (אַ כמו־סטאַנציע) גרינקי, ווו די באַן־ליניע גייט באַרג־אַרויף, צוליב וואָס דער באַן פלעגט דאָרט פאַרלאַנגזאַמען זיין גאַנג.

דער באַן האָט געריכט. די ניט־דיזשורירנדע, רעזערוו־קאָנוואָינע האָבן זיך געלייגט אויף די אויבערשטע בענק און גיך איינגעשלאָפן. דער עלטסטער דיזשורירנדער קאָנוואָי האָט געגומען שרייבן אַ ראַפּאָרט. די אַרעסטירטע האָבן זיך גענומען צו די נאַר־וואָס באַקומענע פּעקלאַך... אויפגעשניטן אָדער אויפגעבראָכן דעם ברויט און חלות, האָבן די אַרעסטירטע אַרויסגענומען פון דאָרט בליך־שנעל רעוואָלווערן, און איידער די קאָנוואָינע האָבן געקענט זיך אָריענטירן וואָס ס׳קומט פאָר, האָבן זיי געעפנט אַ שיסעריי. די קאָנוואָינע זיינען געוואָרן פאַרוווּנדעט, מיט דער זעלבער בליך־שנעלקייט האָבן די אַרעסטירטע אויסגעבראָכן די שויבן און אַרויסגעשפּרונגען דורך די פענצטער, אויסנוצנדיק די פאַרלאַנגזאַמערונג פון צוג. די רעזערוו־קאָנוואָינע האָבן נאָכגעשאָסן און, גליקלעכערווייז, קיינעם ניט געטראָפן. אויפן זעלבן פלאַץ האָבן געוואַרט פערד, געשפּאַנט אין שליטנס, וועלכע האָבן זיך זייער שנעל אָפּגעטראָגן פון אָרט. די קאָנדוקטאָרן פון צוג האָבן זיך ניט געכאַפּט גלייך וואָס עס קומט פאָר, און עס האָט גענומען גאַנץ לאַנג ביז וואַנען דער באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט. און ביז וואַנען מ׳האָט זיך דערוווּסט אין סלאָנים און די אויספאָרשונגס־מאַכט איז געקומען אויפן אָרט, איז אַריבער מער ווי אַ שעה. ס׳איז קיין ווונדער ניט, וואָס מ׳האָט שוין קיינעם אויפ׳ן פלאַץ ניט געטראָפן.

פאַרשטייט זיך, זיינען אין סלאָנים און נאָנטער אומגעבונג פאַרגעקומען גרויסע „אַבלאַוועס" (פּאָליציי־אונטערזוכונגען); די אַרעסטירטע זיינען געווען פאַרשטעקט אין גוט־צוגעגרייטע „לעכער" און מען האָט זיי ניט געפונען. אויך זיינען געווען לאַנגע „באַזוכן" פון פּאָליציי ביי די קרובים פון די אַנטלאָפענע. עס האָט געדויערט איניקע וואָכן, איידער עס איז געלונגען די אַנטלאָפענע אַריבערצוואַרצן די רוסיש־דייטשע גרענעץ. פון דאָרטן זיינען זיי נאָכהער אַלע אַנגעקומען קיין אַמעריקע.

אין זכות פון די „פּאָליטישע" איז עס דאָן אויך געלונגען „זיידקען" צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע.

צו יענער צייט איז סטאָליפּין, געוועזענער גובערנאַטאָר אין גראָדנע, געוואָרן אינערן־מיניסטער אין פעטערבורג. נאָך דער אויבנבאַשריבענער פּאַסירונג האָט ער איינגעפירט, צום איבערפירן אַרעסטירטע, געקראַטעוועטע פּאַסאַזשיר־וואַגאָנען, צוליב וואָס מען האָט זיי אין פאָלק גערופן „סטאָליפּינקי". ביז דער רעוואָלוציע פלעגט מען אַזעלכע וואַגאָנען זען אין רוסלאַנד זעלטן. דאַקעגן אין ראַטן־רוסלאַנד זיינען זיי געוואָרן אַן׳אָפּטע ערשיינונג.

---

וועגן דער פּאַסירונג ביים „פּאָלוסטאַנאָק" גרינקי, האָב איך געהערט זיינער צייט פון די קרובים פון די אַנטלאָפענע, צווישן אַנדערע אויך פון ר׳ שמעון ווערניקאָווסקי ז״ל. לויט ווי איך האָב געהערט, זיינען די אַנטלאָפענע, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין אַמעריקע און דאָרטן אויסגעלעבט זייערע יאָרן, שוין געשטאָרבן. מן־הסתם, ווייסן זייערע קינדער וועגן דער פּאַסירונג פון זייערע פּאָטערס.

---

כדי דערגענצן דאָס בילד פון די אַרבעטער־פּאַרטייען אין די יאָרן 1903—1906, דערמאָנען מיר אונדזערע לעזער די זכרונות פון חיים ראַבינאָוויטש (אין פּנקס־סלאָנים, ערשטן באַנד, זייטן 7—10), ווו ס׳ווערט געשילדערט די טעטיקייט פון „בונד" אין סלאָנים און אומגעגנט.

פרידע שאפירא-בערמאן

# פון ר׳ מאַרקל שערעשעווסקי ביז ראָזע רייץ

## פאַמיליען־כּראָניק

מאַרקוס און חוה רייץ. — ר׳ מאַרקל שערעשעווסקי. — הרב ר׳ אלי־ירוחם ווייסבּרעם. — די רעוואָלוציאָנערע קינדער פון די פאַמיליעס רייץ און ווייסבּרעם. — ראָזע רייץ האָט געזאָלט חתונה האָבן מיט פלעכאַנאָוון. — דער ס. ר. בצלאל ווייסבּרעם פאַרשטעלט זיך פאַר אַ משולח. — די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון חוה רייץ אין סלאָנים.

איך שטאַם פון דער קליינער און באַרימטער ליטווישער שטעטל סאַלאַנט (וועמנס נאָמען איז פאַרבונדן מיט איינעם פון די גרינדער פון דער מוסר־באַוועגונג, ר׳ ישראל סאַלאַנטער). ביז׳ן עלטער פון 10 יאָר האָב איך געלעבט אין מיין געבורטס־שטעטל, מיט וועלכער עס זיינען פאַרבונדן מיינע בעסטע זכרונות פון די קינדער־יאָרן. און דאַן — בין איך מגולגל געוואָרן אַזש ביז — מאָסקווע... ווי קומט אַ ליטוויש־יידישע מיידעלע אין מאָסקווע, און דווקא נאָכ׳ן באַרימטן גירוש־מאָסקווע פון 1890? — די סיבה פון דעם איז געווען, וואָס מיינער אַ פעטער, דער ברודער פון מיין מוטער, מיטן נאָמען מאַרקוס רייץ, האָט זיך נאָך מיט אַ 15 יאָר פאַר דעם זיך באַזעצט אין מאָסקווע, האָט דאָרט אויפגעבויט אַ גרויסע ציגל־פאַבריק, איז נתעשר געוואָרן און האָט געהאַט אַ פעסט־באַגרינדעטע „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" (רעכט — צו וווינען מחוץ פון דעם תחום־המושב פאַר יידן), וואָס אפילו דער גרויספירשט סערגיי, דער מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר וואָס האָט געבראַכט צום גירוש־מאָסקווע, האָט נישט געקענט מבטל־מאַכן. און אַזוי ווי מיין זיידע, דער בכבוד׳יקער סאַלאַנטער תושב ר׳ אהרן רייץ, האָט פאַרבראַכט איניקע יאָר ביי זיין זון מאַרקוס אין מאָסקווע, און איך בין ביי אים געווען זייער באַליבט, — האָבן מיינע עלטערן מסכים געווען אַז איך זאָל פאַרברענגען אַ געוויסע צייט אין הויז פון מיין פעטער. אמת, די „געוויסע צייט" האָט זיך איניקע מאָל פאַרלענגערט, און איך האָב פאַרבראַכט, מיט קליינע הפסקות, גאַנצע 6 יאָר אין מאָסקווע, ווו איך בין געווען אַ גימנאַזיע־שילערין. ערשט ווען מיין זיידע האָט זיך באַשלאָסן אין טיפן עלטער צו פאָרן אין ארץ־ישראל, כּדי אויסמיידן „גלגול־מחילות", — האָב איך זיך צוריקגעקערט אין סאַלאַנט.

און אָט אין הויז פון מיין פעטער האָבן זיך אָנגעהויבן מיינע פאַרבינדונגען מיט סלאָנים; מיין מומע, חוה רייץ, איז געווען די טאָכטער פון דעם סלאָנימער חשוב׳ן בעל־בית, למדן און משכּיל, ר׳ מאַרקל שערעשעווסקי. במשך פון מיינע „מאָסקווער" יאָרן האָב איך זיך אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן סלאָנים און סלאָנימער, אַז איך האָב שוין גוט געקענט די שטאָט נאָך פיל פריהער, איידער איך בין געוואָרן אַ סלאָנימער איינוווינערין.

ר׳ מאַרקל שערעשעווסקי פלעגט אָפט באַזוכן זיין טאָכטער און איך האָב שוין דאַן געשעצט אָט די פּאַטריאַרכאַלע און גלייכצייטיק פאָרטגעשריטענע געשטאַלט. איך האָב שוין אין מאָסקווע באַוואונדערט, ווי אַזוי דער סלאָנימער ייד פון אַלטן דור רעדט אַזאַ קאָרעקטן רוסיש. ער פלעגט קומענדיק אין מאָסקווע דערציילן ווי אַזוי ער נעמט אויף הויכגעשעלטע געסט, און צווישן זיי דעם גראָדנער גובערנאַטאָר, אין נאָמען פון סלאָנימער קהל.*) ער איז געשטאַנען בראש פון די סלאָנימער אינסטיטוציעס, און איז געווען פון די אַזוי־גערופענע „צוועלפטלאַך". מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך באַזעצט אין סלאָנים, האָב איך געזען זיין געשעפט, וואָס איז געווען אַן אַפּטייק־מאַגאַזין, און האָט זיך געפונען ניט ווייט פון „פּלאַץ", דאָרט ווו ס׳איז נאָכהער געווען יעלאַן׳ס קינאָ. ר׳ מאַרקל איז ניט געווען קיין אַפּטייקער, נאָר ער איז געווען „אויסגעבונדן" אין די רפואות, גראָזן און קרייטעכצער פון יענער צייט. לויט ווי ער פלעגט דערציילן, האָט זיין געשעפט עקזיסטירט אַ 30—40 יאָר, נאָך אין די 60—70 יאָרן. ווו און ווי האָט ער זיך אויסגעלערנט אָט די תורה, איז מיר ניט אויסגעקומען צו הערן פון אים און פון דער משפּחה. ר׳ מאַרקל איז אָבער אויך געווען אַ גרויסער למדן, הגם זיין זון אלי־ירוחם, האָט אים איבערגעשטיגן אין לומדות. אלי־ירוחם איז געווען אַן׳עילוי, האָט געלערנט אין ישיבות „פאַר זיך" און האָט באַקומען סמיכות פון די גרעסטע רבנים פון זיין צייט. נאָר קיין רב האָט ער ניט געוואָלט זיין. און אַזוי ווי ער האָט באַקומען אַ גרויסן נדן, האָט ער נאָך זיין חתונה זיך פאַרנומען מיט מסחר אויפ׳ן גרויסן פאַרנעם. ער האָט געפירט אַ גרויס־האַנדל מיט ליפערונגען פון מאַנופאַקטור־סחורות און אויך פון אַנדערע בראַנזשעס, פון מאָסקווער פאַבריקן — אין פעל שטעט פון גראָדנער גובערניע. זיין זיץ־אָרט איז געווען אין סלאָנים, אָבער ער פלעגט פאַרברענגען אין מאָסקווע צוליב זיינע געשעפטן, במשך פון פיל חדשים אין יאָר. אויך אים האָב איך שוין געקענט גוט פון מיינע „מאָסקוועער" יאָרן. עס פלעגט טרעפן, אַז ביי מיין אָנקל און מומע רייץ פלעגן פאַרברענגען כּמעט די גאַנצע משפּחה פון ר׳ מאַרקלען מיט די קינדער און איניקלאַך. וויילנדיק אין מאָסקווע, פלעגט ר׳ אלי־ירוחם פיל צייט פאַרברענגען אין אַ בית־המדרש ביים „לערנען". ניט קיין וואונדער, וואָס ער איז געווען זייער אָנגענומען און געשעצט דורך די מאָסקווער יידישע מנהיגים. מען האָט אים פיל מאָל פאָרגעלייגט, ער זאָל זיך באַזעצן אין מאָסקווע, נאָר ער האָט ניט געקענט אויפגעבן זיינע געשעפטן. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, — איך גלויב, אַז דאָס איז געווען

*) ז׳ אויך די קאָרעספּאָנדענציע אין „הצפירה", נומער 155 פון 1890.

אין 1906 אָדער 1907, — האָט ער אָנגענומען דעם פאָרשלאַג און געוואָרן מאָסקווער אָרטאָדאָקסישער רב (מאָסקווער ראַ־בינער איז יענע יאָרן געווען הרב מזא״ה). און פון דאַן־אָן איז ר׳ אלי־ירוחם וויסבערעם געוואָרן אַ פּאָפּולערע יידישע געשטאַלט ניט נאָר אין מאָסקווע, נאָר אויך ביים גאַנצן רו־סישן יידנטום. (צוליב פּריזיוו־טעמים האָט ער ניט געטראָגן דעם פאַמיליען־נאָמען פון זיין פאָטער). ר׳ אלי־ירוחם האָט אויך געהאַט אַלגעמיינע בילדונג און געקענט אייניקע שפּראַכן. ער האָט געשמ׳ט מיט זיין גוטן קאָפּ און שיינע מידות. לומדישע און אויך משכילישע קרייזן פון סלאָנים האָבן זייער באַדויערט זיין פאַרלאָזן די שטאָט, ווו ער איז געווען אַ טיכטיקער עסקן. נאָר זייענדיק שוין מאָסקווער רב, פלעגט ער אָפט באַזוכן זיין געבורט־שטאָט, צו וועלכער ער איז געווען זייער צוגעבונדן. ר׳ אלי־ירוחם איז געשטאָרבן אין מאָסקווע אין 1911. מען האָט אים מספּיד געווען אין פיל שטעט פון תחום־המושב. איך געדיינק, אַז אין סלאָנים האָט אים, צווישן אַנדערע, מס־פּיד געווען דער שטאָט־מגיד ר׳ סאָרנע.

נאָר נישט נאָר ר׳ אלי־ירוחם איז געווען זייער באַליבט און געשעצט; אויך זיין פרוי מיטע וויסבערעם איז געווען אַ שם־דבר אין סלאָנים, און נאָכהער אין מאָסקווע. זי האָט געשטאַמט פון אַ מיוחס׳דיקע און רייכע משפּחה פון מאָהילעוו (אויב איך האָב ניט קיין טעות). ר׳ מאַרקל שערעשעווסקי האָט פאַר זיינע קינדער אויסגעפירט „לאַנד־שידוכים״. האַלטנדיק זיך אַליין, — און מיט רעכט, — אַלס גרויסער יחסן, האָט ער געזוכט מחותנים פון יחוס און עושר. אַזוי האָט ער אויסגע־געבן זיין טאָכטער חוה אין סאַלאַנט (נאָכהער מאָסקווע), און אַזוי אויך זיין זון האָט געטאָן אַ „גרויסן״ שידוך: ניט נאָר איז דער מחותן געווען אַ למדן און אַנ׳עושר און פון גרויסן יחוס, נאָר אויך זיין טאָכטער מיטע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט פיל מעלות: זי איז געווען זייער געבילדעט, הן אין יידי־שע לימודים און הן אין וועלטלעכע; זי האָט געקענט פליסיק 4 איירָאָפּעאישע שפּראַכן. אָנקומענדיק אין סלאָנים, האָט זי גלייך פאַרנומען דעם אויבן־אָן צווישן די סלאָנימער פאָרט־געשריטענע פרויען. זי האָט זיך פיל פאַרנומען מיט געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט, פיל געטאָן פאַר׳ן מושב־זקנים, פאַר׳ן יידישן שפּיטאָל, און פאַר אָרעמע קימפּעטאָרנס. ווען ס׳איז אַנטשטאַנען אין סלאָנים אָנהייב יאָרהונדערט די ציוניסטישע באַוועגונג, איז זי געווען אַ טיכטיקער מיטגליד פון די „בנות־ציון״. מיטע וויסבערעם פלעגט אָפט פאָרן אין פּעטערבורג צו אירע אַ שוועסטער, וועלכע איז געווען דאָרט פאַרהייראַט צו אַ יידישן באַנקיר. זי פלעגט דאָרט פאַרקערן אין די יידי־שע אינטעליגענטע קרייזן, און איז געווען, צווישן אַנדערע, אויך אַנ׳אַריינגייערין אין הויז פון באַראָן גינזבורג. איר שוועסטער איז געווען באַפריינדעט מיט שמעון פרוג, און דורך איר האָט זי אויך גוט געקענט דעם גרויסן יידיש־רוסישן פּאָעט. זי פלעגט פיל דערציילן וועגן אירע פּעטערבורגער באַקאַנטשאַפטן.

ענדע 19־טן יאָרהונדערט איז געקומען צו אַ גרויסע ענדערונג ביי ר׳ מאַרקל שערעשעווסקי, ווי אויך ביי זיין טאָכטער חוה אין מאָסקווע. ר׳ מאַרקל איז געווען אַלט און קראַנק, און דערצו אַנ׳אַלמן. דעם געשעפט האָט ער ניט אויפ־געגעבן, און זיין „אַפּטעטשני סקלאַד״ האָט נאָך אָנגעהאַלטן זיין פּרעסטיזש און פּדיון, ווי אין די פאָריקע יאָרן. זיינע באַזוכן אין מאָסקווע זיינען, צוליב זיין געזונט־צושטאַנד, גע־וואָרן זעלטענער. גראַד צו יענער צייט האָבן אויך זיינע קינ־דער אין מאָסקווע איבערגעלעבט אַ פאַמיליען־דראַמע. די פאַמיליע רייץ האָבן געהאַט 2 קינדער, די טאָכטער ראָזע און דעם זון לעאָן. זיי האָבן דאַן ביידע שטודירט אין אויסלאַנד און שוין געווען פאַרמישט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די עלטערן האָבן זיך דערפילט עלנט און פאַרלאָזן. מאַרקוס רייץ איז דאַצו געווען מיד פון זיין ציגל־פאַבריק, און האָט געהאַט בדעה צו ליקווידירן זיינע געשעפטן. און אָט אַזוי איז רייף געוואָרן דער באַשלוס פון חוה רייץ מיט איר מאַן — צו פאַרלאָזן מאָסקווע און זיך צוריקקערן אין איר געבורט־שטאָט סלאָנים. דאָס האָט פּאַסירט אומגעפער אָנהייב יאָרהונדערט. מאַרקוס רייץ — הגם ניט־נייטנדיק זיך, — האָט איבערגענומען דעם געשעפט פון זיין שווער. ר׳ מאַרקל שע־רעשעווסקי האָט לאַנג נאָך דעם שוין ניט געלעבט. ווען איך בין אָנגעקומען אין סלאָנים אין 1903, איז שוין געווען נאָך זיין טויט.

ווי איך האָב שוין אויבן דערציילט, האָב איך זיך צוריק־געקערט אין מיין שטעטל סאַלאַנט נאָכ׳ן פאַרברענגען 6 יאָר אין מאָסקווע. דורך מיין אָנקל און מומע רייץ, וועלכע זיינען שוין געוואָרן סלאָנימער תושבים, האָב איך זיך באַקאַנט מיט מיין צוקונפטיקן מאַן שמואל שאַפּירא, מיט וועמען איך האָב חתונה געהאַט אין 1903. (אַגב, מיין ברודער הרב יעקב בער־מאַן איז שוין דאַן געווען באַקאַנט אַלס איינער פון די אויס־געצייכנטע יונגע רבנים אין רוסלאַנד. נאָכהער איז ער געווען בערדיטשעווער רב און אין די מלחמה־יאָרן אַ הויפּט־מילי־טערישער רב אויף אַ גרויסן פראָנט־טייל, און נאָך דער מלחמה האָט ער גענומען דעם גוט־באַקאַנטן אָנטייל אין ארץ־ישראל אין דער „מזרחי״־באַוועגונג און אין דער רעליגיעזער ערצי־הונג אין ישוב).

באַזעצנדיק זיך אין סלאָנים, האָב איך געפונען די פאַ־מיליעס רייץ און וויסבערעם אין העכסטן שטאַפּל פון זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. וועגן ר׳ אלי־ירוחם און זיין פרוי מיטע האָב איך שוין דערציילט. וואָס ס׳איז שייך חוה רייץ, וועלכע איז נאָך דאַן געווען אין איר בעסטן עלטער פון די מיט׳ן פערציקער יאָרן, איז זי געוואָרן איינע פון די פּאָ־פּולערסטע פּערזאָנען פון פאַר־מלחמה׳דיקן סלאָנים. זי איז געווען טעטיק אויף פיל געביטן, הן פילאַנטראָפּישן, הן קול־טורעלן. און נאָכמער זיינען געווען אירע באַהאַלטענע אומ־באַקאַנטע מעשים טובים. זי האָט דיסקרעט אויסגעהאַלטן נויטבאַדערפטיקע פאַמיליעס, און ערשט אין יאָרן אַרום האָט מען זיך דערוווּסט פון אירע „מתן־בסתר״־שטיצעס. זי איז געווען שטאַרק פרום, אָבער ניט פאַנאַטיש. קולטורעל האָט זי זיך אויסגעלעבט אין קרייז פון די „בנות־ציון״, אין פרויען־קרייזן וואָס האָבן געגעבן קורסן פאַר אָרעמע מיידלאַך, און האָט אַפילו „געשפּילט טעאַטער״ אין היסטאָריש־נאַציאָנאַלע פּיעסן, וואָס די ציוניסטישע פרויען־אָרגאַניזאַציע פלעגט אויספירן. חוה רייץ און איר שוועגערין מיטע וויסבערעם זיינען געווען ממש אין שפּיץ פון דער אינטעליגענטער פרויען־געזעלשאַפט אין שטאָט.

———

אין די רעוואָלוציע־יאָרן 1904—1906 האָבן אָבער ביידע פאַמיליעס, — ווי פיל אַנדערע בעל־הבית׳ישע פאַמיליעס, — איבערגעלעבט גרויסע צרות פון זייערע קינדער.

מיין קוזינע ראָזע, די טאָכטער פון מאַרקוס און חוה רייך, איז געווען אַ העכסט־אינטערעסאַנטע אָבער זייער קאָמפּליצירטע פּערזאָן. זי איז געבאָרן אין מאָסקווע אין די אָנהייב 80־ער יאָרן. נאָכ׳ן ענדיקן גימנאַזיע, איז זי געפאָרן אין שווייץ לערנען מעדיצין. אָנקומענדיק אין זשענעווע אָנהייב יאָרהונדערט, איז זי אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רעוואָלוציאָנערע־עמיגראַנטישע קרייזן. דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל ווערן באַפריינדעט מיטן באַרימטן רוסישן רעוואָלוציאָנער פּלעכאַנאָוו. די באַקאַנטשאַפט האָט באַשטימט דעם גורל פון איר לעבן. זייערע באַציהונגען זיינען געווען אַזוינע, אַז פּלעכאַנאָוו האָט געוואָלט מיט איר חתונה האָבן, נאָר צוליב דער קעגנערשאַפט פון אירע עלטערן, וועלכע זיינען, טראָץ זייער מאָסקווער פאַרגאַנגענהייט, געבליבן זייער פרום און טיף־איינגעאַנקערט אין יידישער טראַדיציע, — האָט ראָזע זיך אונטערגעגעבן. זי האָט ניט געוואָלט מצער זיין אירע עלטערן. נאָר איר באַשלוס איז ניט געקומען גלייך. ער איז געווען באַגלייט מיט אַ טראַגישן געראַנגל צווישן אירע געפילן און איר געוויסן אין באַצוג צו אירע עלטערן. זינט אירע עלטערן האָבן זיך באַזעצט אין סלאָנים, פלעגן זייערע קינדער קומען אויף די זומער־וואַקאַציעס צו זיי, און פאַרברייגגען איניקע מאָנאַטן אין סלאָנים. אַזוי־אַרום האָב איך זיך זייער אויפגעלעבט מיט מיין קוזינע ראָזע, און זי האָט מיר דערציילט די געשיכטע פון איר ראָמאַן מיט פּלעכאַנאָוון. זייערע געפילן זיינען געווען באַפעסטיקט אויך מיט דער האַרמאָניע פון זייערע רעוואָלוציאָנערע און פּאַרטייאישע אַנשויאונגען. זי איז געווען באַהערשט פון דער שטאַרקער פּערזענלעכקייט פון פּלעכאַנאָוון. זייענדיק אין סלאָנים פלעגט זי באַקומען בריוו פון פּלעכאַנאָוון, און איך בין געווען פאַרטרויט אין דער קאָרעספּאָנדענץ. איך האָב געלעזן פיל בריוו פון פּלעכאַנאָוון צו איר. וואָס שטאַרקער ס׳איז געוואָרן זייער פריינטשאַפט, אַלץ שווערער איז איר אָנגעקומען דער אינערלעכער געראַנגל. איבערהויפּט געדיינק איך דעם זומער 1905, ווען זי איז געקומען צוזאַמען מיט איר ברודער לעאָן פון דער שווייץ. יענער זומער איז געווען דער דעצידירנדער פאַר איר: אונטערן דרוק פון די עלטערן האָט זי אָנגענומען דעם ענדגילטיקן באַשלוס, — אין דעם הייראַטס־פאָרשלאַג האָט זי פּלעכאַנאָוון ענטזאָגט. אָבער זייער פריינטשאַפט האָט אָנגעהאַלטן ווייטער. נאָר איר באַשלוס איז געווען אַזוי ווי אַ קרבן: זי האָט זיך אַליין אַזוי ווי פאַרפּליכטעט, נישט צו שענדן אירע געפילן און נישט חתונה האָבן. וכך הווה. ראָזאַ האָט געענדיקט מעדיצין אין זשענעווע און האָט זיך ספּעציאַליזירט אין קינדער־קראַנקהייטן. נאָך אַ סטאַזש פון אַ פּאָר יאָר אין אויסלאַנד, האָט זי זיך צוריקגעקערט אין רוסלאַנד, — אָבער ניט אין סלאָנים, כאָטש אירע עלטערן האָבן זיך געבעטן ביי איר צו בלייבן אין סלאָנים אַלס קינדער־אַרצטין. זאָל דאָס זיין געווען אַ מין אויסדרוק פון פּראָטעסט קעגן אירע עלטערן, וועלכע זי האָט געזען ווי פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר איר צובראָכענעם לעבן? — מעגלעך. זי האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאַט.

אין אירע שטודיום־יאָרן ווען זי פלעגט קומען אויף זומער קיין סלאָנים, האָט ראָזע ניט אָפּגעלאָזן פון איר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, און בפרט נאָך אין די יאָרן 1904—1906. זי האָט זיך שנעל פאַרבונדן מיט דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט אין שטאָט, און איבערהויפּט מיט יאָסקע און לייבל וואָלאַך (די זין פון ה׳ וואָלאַך, אינהאַבער פון „אַפּטייק־מאַגאַזין, וועלכער איז זיינער־צייט געווען אַ „קאָנקורענט" פון מאַרקל שערעשעווסקי), מיט׳ן סטודענט־מעדיצין מיכאל לעווין (דער זון פון סלאָנימער עסקן און משכיל משה לעווין), מיט די קינדער פון נחום לאַזינסקי און אַנדערע. דער קרייז האָט, מיט קליינע אויסנאַמען, געהערט צו די ס. ר. און איז געווען ראַדיקאַלער און לינקער געשטימט ווי דער „בונד". ראָזע און איר ברודער לעאָן זיינען געווען אָבסערווירט דורך דער פּאָליציי. לעאָן איז איינמאָל „דורכגעפאַלן" און מען האָט אים אַרעסטירט. אַ דאַנק באַמיהונגען און אַנדערע „מיטלען" פון די עלטערן, — צו וועלכע די לאָקאַלע מאַכט איז דווקא ניט געבליבן גלייכגילטיק, — האָט מען דעם ענין „פאַרריבן", און לעאָן האָט זיך שנעל צוריקגעקערט אין אויסלאַנד.

ענלעכע „צרות" זיינען אויך געווען ביי דעם צווייטן צווייג פון דער משפחה, ביי די ווייסברעם׳ס. זייער זון בצלאל איז געווען „געכאַפּט אין דער מעשה". אַ פאַרברענטער רעוואָלוציאָנער, האָט מען אים ערגעץ־ווו געכאַפּט ביי אַן׳אַטענטאַט אָדער צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי, — און אים איז געלונגען צו אַנטלויפן פון אַרעסט. אָבער בצלאל ווייסברעם האָט ניט געוואָלט אויפגעבן דעם קאַמף, און אָנשטאָט צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, איז ער געבליבן אין רוסלאַנד אין „אונטערגרונד" (אָדער מיט אַ פאַלשן פּאַספּאָרט, — דאָס געדיינק איך ניט גענוי). סלאָנימער פּאָליציי האָט אים גוט געקענט, — ער איז דאָך געווען אַן׳אָרטיקער. איז ער טאָקע פאַרשוווּנדן פון סלאָנימער האָריזאָנט, און קיינער האָט ניט געוווּסט ווו ער געפינט זיך. איינמאָל איז צו ר׳ אלי־ירוחם ווייסברעם, דעם הדרת־פּנים׳דיקן למדן און סוחר, אַראָפּגעקומען אַ משולח פון אַ ישיבה וועגן עפּעס אַ ישיבה־ענין. איז דאָך ר׳ אלי־ירוחם אַ גבאי און אַ בוחן (אַן׳עקזאַמינאַטאָר) אין דער סלאָנימער ישיבה, —און באַזוכן פון ישיבה־לייט ביי אים אין הויז זיינען נישט געווען זעלטן. דער משולח האָט געהאַט אַ גאַנץ לאַנגע באָרד און אויך — אַ לאַנגע קאַפּאָטע... ער האָט זיך מתייחד געווען מיט ר׳ אלי־ירוחם׳ען. דער משולח האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ניט קיין אַנדערער, — ווי דער זון בצלאל... ער איז געווען אַזוי מייסטערהאַפט פאַרשטעלט, און אויך די שטימע געענדערט, — אַז די עלטערן האָבן אים לכתחילה ניט דערקענט! — פאַרשטייט זיך, איז ער לאַנג אין סלאָנים ניט געבליבן. אין אַ לאַנגע צייט אַרום האָב איך געהערט וועגן אָט דער געשיכטע מיט בצלאלן, פון מיין און זיין מומע חוה רייך.

אין אַ קורצע צייט נאָכדעם זיינען די ווייסברעם׳ס אַריבערגעפאָרן אין מאָסקווע, ווו ער האָט ענדליך מסכים געווען אָנצונעמען די רבנות. ס׳איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז זיין הסכמה צו דעם, וואָס האָט געלאָזט אויף זיך וואַרטן, איז געווען אין פאַרבינדונג מיט דער „אונטערגרונט" פון זיין זון. אפשר איז דאָס געווען לטובת דעם זון, אַז די עלטערן זאָלן זיך געפינען אין מאָסקווע? — איך האָב פון די רייצעס מער גאָרניט געהערט וועגן די סיבות און אומשטענדן פון דער מיט־אַמאָל

פאַרשנעלערטער דעציזיע פון ר׳ אלי־ירוחם. ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, האָט ר׳ אלי־ירוחם נאָך דער איבערלעבענעש שוין לאַנג ניט מאריך־ימים געווען; ער איז געשטאָרבן אין 1911 אין מאָסקווע. וואָס ס׳איז געוואָרן מיט׳ן זון בצלאל און די אַנדערע קינדער פון די וויסבערעם׳ס — איז מיר אומבאַקאַנט.

וואָס ס׳איז שייך די משפחה רייץ, האָבן זיי נאָך פאַרגעזעצט אין סלאָנים זייער אינטענסיוון געזעלשאַפטלעכן לעבן. ראָזאַ פלעגט פון צייט צו צייט באַזוכן אירע עלטערן. איר ברודער לעאָן איז, דוכט מיר, נאָך געווען אַלץ אין אויסלאַנד.

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז מאַרקוס רייץ געווען אַ „פאַרקאָכטער דייטש" און איז געווען ממש אַנטציקט פון די רוסישע מפּלות... ווייזט־אויס, אַז ער האָט זיך אַזויאַרום סאָלידאַריזירט מיט זיינע קינדער, וועלכע האָבן אַזוי העפטיק געקעמפט קעגן צאַר... איך געדיינקט ווי ער פלעגט פאַר גוטע פריינט זאָגן, אַז דאָס אָפּטרעטן פון די רוסן פון ליטע און ווייסרוסלאַנד איז ממש „אַ גליק" פאַר די יידן... נאָר אַזוי ווי ס׳וואָלט געווען אַן׳איראָניע פון גורל, איז אים ניט געווען באַשערט מקבל־פּנים זיין די דייטשן, פון וועלכע ער האָט אַזוי געהאַלטן; מאַרקוס רייץ איז געשטאָרבן פּונקט אין טאָג, ווען די דייטשן זיינען אַריין אין סלאָנים, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1915... חוה רייץ, די זייער געשעצטע און האַרציקע פרוי, וועלכע האָט געהאַט אַזוי פיל ידידים אין שטאָט, — איז געבליבן איינע אַליין. זי איז געבליבן אין סלאָנים, ביי די דייטשן, ביז ענדע 1917. דאַן האָט זיך געעפנט די פראָנט־ליניע אויף דער ליניע באַראַנאָוויטש—מינסק, און ס׳האָט זיך פאַרבונדן אַ קאָנטאַקט מיט רוסלאַנד, ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען ווייטערע שטחים אין ווייסרוסלאַנד און אוקריינע. חוה האָט באַקומען ידיעות פון איר טאָכטער ראָזען, און זי איז גלייך אַוועקגעפאָרן צו איר. ערשט נאָך איר אַוועקפאָרן האָט מען זיך דערוווסט, וועגן פאַרנעם פון אירע מעשים טובים און מתן־בסתר, וואָס זי האָט אָנגעהאַלטן ניט נאָר ביז דער מלחמה נאָר אויך אין די 3 מלחמה־יאָרן וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין שטאָט.

וואָס ס׳איז שייך ראָזען, האָט זי זיך איבערגעגעבן מיט׳ן גאַנצן ברען פון איר ברויזנדער נשמה דער מעדיצינישער פּראַקטיק און וויסנשאַפט. זי האָט געמאַכט גרויסע פאָרשריט אין איר פּראָפעסיע, האָט אָנגעהייבן פאַרעפנטלעכן וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען אין דער פאַך־פּרעסע. אין די צוואַנציקער יאָרן איז זי געוואָרן נאָמינירט אַלס פּראָפעסאָר פאַר קינדער־קראַנקהייטן אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. זי איז געשטאַנען בראש פון אַ גרויסן קינדער־שפּיטאָל אין מאָסקווער פאָרשטאָט סאָקאָלניקי. זי האָט נאָכהער אָנגעשריבן אייניקע וויכטיקע מעדיצינישע ווערק, וועלכע זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין אייראָפּעאישע שפּראַכן. אויף אַזוי־ווייט איז געשטיגן איר וויסנשאַפטלעכער פּרעסטיזש אין דער וועלט, אַז די סאָוויעטישע רעגירונג פלעגט איר גאַנץ אָפט שיקן אויף אינטערנאַציאָנאַלע וויסנשאַפטלעכע קאָנגרעסן. דאָס אַלץ האָב איך געוווסט פון די בריוו וואָס זי פלעגט מיר שיקן אין סלאָנים, — און זינט מיין עליה, — אויך אין ארץ־ישראל. איינמאָל, — איך גלויב, אַז דאָס איז געווען אין 1929 אָדער 1930,— האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון מאָסקווע, אין וועלכער ראָזע האָט מיר מודיע געווען, אַז זי פאָרט דורך אין אַ געוויסן טאָג און שעה דורך סלאָנים, — אויפ׳ן וועג אין מערב־אייראָפּע, צו אַ קאָנגרעס. איך האָב איר אָפּגעוואַרט אין דער באַשטימטער צייט אויפ׳ן סלאָנימער וואָקזאַל, צום אָנקומען פון „בלויען" עקספּרעס־צוג מאָסקווע — פּאַריז (איבער באַראַנאָוויטש, וואַרשע, בערלין). דער צוג פלעגט שטיין אין סלאָנים נאָר 3—4 מינוט. מיר האָבן נאָר באַוויזן אויסצורײדן אייניקע זאַצן. געוויס איז זי שוין געוואָרן פאַרעלטערט, נאָר כ׳האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז די וויסנשאַפט שטעלט איר אינגאַנצן צופרידן. קיין פאַמיליען־לעבן האָט זי ניט אויפגעבויט. אירע בריוו פלעגן אָנקומען רעגולער אַזש ביז 1943. זי פלעגט זיך פיל אינטערעסירן מיטן לעבן אין ארץ־ישראל און פלעגט זיך נאָכפרעגן אויף אַמאָליקע סלאָנימער באַקאַנטע. איר מוטער איז געווען מיט איר, און זי איז געשטאָרבן אין די אָנהייב 30־ער יאָרן. מיר איז פולשטענדיק אומבאַקאַנט דער ווייטערדיקער גורל פון ראָזע רייץ.

---

מיינע „סלאָנימער" יאָרן (1903—1932) זיינען געפלאָסן נאָרמאַל און — פּראָווינציעל... נאָכ׳ן אַרויספאָרן פון מיין מומע חוה רייץ איז מיר טאַקע געוואָרן אומעטיק, אָבער איך האָב מיך ערוואָרבן נייע פריינט. צווישן זיי איז געווען איינער אַן׳אַלטער באַקאַנטער, וועמען כ׳האָב נאָך געקענט פון ליטע, דאָס איז דער ציין־דאָקטער גאָלדבערג. אייגנטלעך האָב איך דאָס אַראָפּגעבראַכט די פאַמיליע גאָלדבערג קיין סלאָנים. אין שטאָט האָט פּראַקטיצירט אַ ציין־דאָקטער דר. שערעשעווסקי, (ער איז געווען אַ קרוב פון מאַרקל שערעשעווסקי). איך האָב געהערט, אַז ער האָט זיך נאָך באַזעצט אין סלאָנים פאַר דר. יתום. צוליב געוויסע סיבות איז דר. שערעשעווסקי אַריבערגעפאָרן אין ווילנאַ, כאָטש ער האָט געהאַט אין סלאָנים זייער אַ גרויסע פּראַקטיק. (דר. שערעשעווסקי׳ס קאַבינעט איז געווען אויף פאַנעסווע אין הויז פון אדוו. צירינסקי).

דר. גאָלדבערג האָט געשטאַמט פון דער שטעטל זשאַגער אין ליטע, און איך האָב אים נאָך געקענט פון דאָרט. זיין פרוי האָט געשטאַמט פון בריסק און איז געווען אַ דאָרטיקע „רעוואָלוציאָנערין". די גאָלדבערגס האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע, און זיין פּראַקטיק איז געווען אַ קנאַפּע. נאָכ׳ן אַרויספאָרן פון דר. שערעשעווסקי, זיינען די גאָלדבערגס, אויף מיין עצה, אַריינגעפאָרן אין סלאָנים. סלאָנימער געדיינקען געוויס דעם אָנשטענדיקן און איידעלן דר. גאָלדבערג.

איך גלויב, אַז איך האָב ניט וואָס צוצוגעבן צו מיינע סלאָנימער זכרונות. איך האָב געפירט אַ רוהיקן און גליקלעכן פאַמיליע־לעבן. אויך האָב איך צוגעלייגט פון צייט צו צייט אַ האַנט צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, הגם אין אַ צניעות׳דיקן פאַרנעם. דער טויט פון מיין עלטערן זון אין זיין בליהענדן יונגן עלטער האָט מיר, וואָס אַן׳אמת, זייער צובראָכן. נאָר איך געפין אַ טרייסט אין מיין יינגערן זון און אייניקלאַך און אין מיין נייעם לעבן אין ארץ־ישראל, וווהין איך בין עולה־געווען אין 1932.

פאַרצייכנט און באַאַרבעט דורך ק. ל.

מענדל פערלשטיין

# זעכציק יאר אין סלאנים

## פינפטער טייל

### „קאזאקן־ליבע"

ווער פון אונדז געדיינקט ניט, וואס פאר א שרעק עס פלעגט אנפאלן אויף יידן אין די צארישע צייטן, ווען מ'פלעגט נאר דערהערן דעם ווארט „קאזאק"! וויפל אונשולדיק יידיש בלוט האבן די קאזאקן־אפטיילונגען פארגאסן!

און דאך האט פאסירט, אז אין סלאנים האבן קאזאקן פארטיידיקט דאס יידישע לעבן און פארמעגן... אט די זעלטענע פאסירונג האט פארדינט, אז עס זאל פארצייכנט ווערן.

דאס האט פאסירט אין דער צייט פון יאפאנישן קריג אין 1904. מען האט דאן אין סלאנים מאביליזירט בערך 8000 „זאפאסניקעס" (רעזערוויסטן). פון גאנצן סלאנימער „אויעזד". עס האט זיך געמאכט אזוי, אז מען האט דאן מאביליזירט אין סלאנים אויך פון ווייטערע מקומות, אלע די אזוי־גערופענע סלאנימער „נכתבים", וועלכע זיינען געווען מעטריקולירט אין סלאנים. פארשטייט זיך, אז די גרעסטע צאל פון די זאפאסניקעס זיינען געווען פויערים פון די דערפער.

ווי נאר די דאזיקע מחנה־זאפאסניקעס האבן זיך באוויזן אין שטאט, האט מען שוין אנגעהויבן פילן מיט וואס דאס שמעקט, ווייל די דיסציפלין צווישן דער פאליציי איז דאן געווען זייער א שוואכע, און ס'וואלט געווען זייער שלעכט ווען מ'זאל זיך פארלאזן נאר אויף דער הילף פון די זשאנדארמען און פאליציאנטן קעגן אזא מחנה פון צוהוליעטע רעזערוויסטן...

צום גליק האט מען זיך דאן דערוווסט אין די קרייזן פון די שטאט־עסקנים (און איך בין דאן געווען איינער פון זיי), אז דער מיליטערישער שטאב פון די מערב־געגנטן („סעווערא־זאפאדני קראי") מאכט מסחר מיט זיינע קאזאקן, און „פארדינגט" זיי אין שטעט, וועלכע נייטיקן זיך אין שוץ...

דערפילנדיק די שלעכטע לאגע, זיינען די ה"ה אדוואקאט יאקאבסאן און נחום לאזינסקי, וועלכע זיינען געשטאנען בראש פון די היגע עסקנים, דעלעגירט געווארן אין שטאב (איך געדיינק ניט, ווו ס'איז דאן געווען דער זיץ־ארט פון שטאב, מעגליך, אז ס'איז געווען בריסק אדער ווילנע).

פארשטייט זיך, אז אזוינע „טראנזאקציעס" זיינען געמאכט געווארן אומלעגאל, און דאס האט אויסגעפירט א הויכער אפיצער, וועלכער האט באקומען „אין יד אריין". אונדזערע „דעלעגאטן" זיינען געקומען צוריק מיט... א קאמאנדע פון 50 קאזאקן און 2 אפיצערן, ווען די יידישע עסקנים האבן זיך פארפליכטעט צו צאלן די קאזאקן יעדן איינעם 50 קאפיקעס א טאג און די אפיצערן צו 3 רובל א טאג, און צו דעם, פארשטייט זיך, פראוויאנט און שנאפס ביד רחבה.

ס'איז געווען א זעלטענע ערשיינונג צו זען, ווי די יידן האבן מקבל־פנים געווען די קאזאקן. מיט וואס פאר א שמחה מען האט אנגעזאגט איינער דעם צווייטן, אז די קאזאקן קומען... צו קלינגט דאס ניט פאראדאקסאל? און די קאזאקן האבן גראד אויסגעפירט זייער אויפגאבע העכסט־צופרידנשטעלנד. רייטנדיק אויף זייערע קליינע פערדלאך און מיט די נאהייקעס אין די הענט, האבן זיי גלייך באהערשט די לאגע און געהיט די ארדנונג אין שטאט.

און ס'איז געווען וואס און פאר וועמען צו היטן! דער ערשטער צוזאמענשטויס פון די קאזאקן מיט די זאפאסניקעס איז פארגעקומען אין איניקע טעג ארום: אויפ'ן פלאץ האבן זיך געפונען פיל הענדלער־בודקעס, אלע יידישע, מיט פארשיידענע סחורות (אזוי ווי ס'איז אויך געווען אין די שפעטערדיקע יארן און אין די יארן צווישן ביידע וועלט־מלחמות). א גרויסע גרופע פון זאפאסניקעס, וועלכע האבן געטרונקען אין די נאנטע טראקטירן, זיינען ארויס אויפ'ן פלאץ אביסל הוליען און אנגעהייבן ראבירן די בודקעס... אנ'אפטיילונג פון דער „גאראדסקאיא אופראווא" (שטאט־פארוואלטונג) האט זיך דאן געפונען אין הויז אויפ'ן ראג פלאץ, ווו ס'האט זיך נאכהער געפונען די „פעטערבורגסקאיא גאסטיניצא" (האטעל פעטערבורג). ווי נאר די זאפאסניקעס האבן זיך צובושעוועט, האט מען אנגעזאגט פון דער אופראווע די קאזאקן־אפיצערן, און ס'האט לאנג ניט געדויערט ווי איניקע צענדליק קאזאקן זיינען געקומען צולויפן אויף זייערע פערד, און מיט זייערע נאהאייקעס האבן זיי געקלאפט איבער די פאפאכעס פון די כוליגאנעס. אין פארלויף פון איניקע מינוטן איז דער פלאץ געווארן ריין. איך געדיינק אויך, ווי איניקע מאל האבן די רעזערוויסטן געמאכט א טומל אין ראד קראמען. זיינען געקומען די קאזאקן, אריינגעפארן אויף די פערדלאך אין די קראמען און מיט די נאהייקעס איינגעשטעלט די ארדנונג.

אבער איינמאל איז געקומען צו אנ'ערנסטן צוזאמענשטויס. א גרויסע גרופע פון זאפאסניקעס פון איבער הונדערט מאן האבן זיך צובושעוועט אויפ'ן פלאץ און ווידער אנגעהייבן ראבירן די בודקעס און אויך שרייען: „בי!! זשידאוו"... דאביי האבן זיי געשטעלט א העפטיקן ווידערשטאנד די קאזאקן, וועלכע זיינען גלייך אנגעקומען. אין א געוויסן מאמענט זיינען די קאזאקן געווען געצוווּנגען אפצוטרעטן, און ס'האט געדראט, אז די כוליגאנעס, צו וועמען עס האבן געקענט צושטיין נאך הונדערטער זאפאסניקעס וואס האבן זיך דאן געפונען אין סלאנים, זאלן באהערשן די שטאט... לויט א פאראויסבאשטימטן הסכם צווישן די עסקנים און די פייערלעשער (בראש פון וועלכע איז דאן געשטאנען דערזעלבער ה' יאקאבסאן), האט מען פון פייערלעשער־„קאלאנטשא" וואס אין „פוסטן סאד" געגעבן א סיגנאל, און פון גאסן און געסלאך

האָבן זיך געלאָזט „עמך" צו־הילף די קאָזאַקן... צענדליקער בעלי־עגלות, „איזוואָשטשיקעס", קצבים, טרעגער האָבן זיך געלאָזט, באַוואָפנטע מיט העק, אײַזנס א. ד. גל., צום פּלאַץ. צו זיי זײַנען אויך צוגעטרעטן די ערשטע קערנדלאַך פון דער בונדישער „סאַמאָ־אָבאָראָנע" (זעלבסט־פאַרטיידיקונג), וואָס האָט זיך שוין דאַן אָרגאַניזירט. ווען די קאָזאַקן האָבן דערזען די צוגעקומענע „הילף", האָבן זיי זיך אָנגענומען מוט און זיך געלאָזט מיט אַ פרישן טעמפּאָ אויף די כוליגאַנעס... מיט פאַראייניקטע כוחות פון די קאָזאַקן און די יידישע פיזישע כוחות האָט מען אָפּגעשטויסן די זאַפּאַסניקעס, פון וועלכע אַ טייל זײַנען אָפּגעפירט געוואָרן אין טורמע. ס'זײַנען געווען פאַרווונדעטע פון ביידע זײַטן, און יאַקאָבסאָן איז געלאָפן צום קאָזאַקן־אָפיצער אָפּצושטעלן דעם „אָנגריף", נאָר ס'איז שוין ניט געווען וואָס אָפּצושטעלן: די כוליגאַנעס זײַנען זיך צולאָפן. מען האָט דאַן דערציילט אין שטאָט, אַז מען האָט פאַרברויכט צענדליקער אַרשין מערליע, כדי צו באַנדאַזשירן די פאַרווונדעטע...

אַ צווייטער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אין דער גרויסער שול; ס'איז געווען אַ שבת־מברכים. אַ באַנדע רעזערוויסטן איז דערגאַנגען צום שול־הויף, און דערשמעקנדיק, אַז אין שול האָבן זיך פאַרזאַמלט פיל יידן, האָבן זיי זיך אַרײַנגעריסן אינעווייניק, פאַרהאַקט די טיר און אָנגעהייבן צו שלאָגן גרויס און קליין. ווען די קאָזאַקן זײַנען אָנגעקומען, האָבן זיי געפונען די טיר פאַרשפּאַרט פון אינעווייניק. דער קאָזאַקן־אָפיצער האָט געגעבן אַ באַפעל אויפרײַסן די טיר. נאָך אַ קורצן געשלעג צווישן די באַנדיטן מיט די קאָזאַקן — אין פּאָלוש פון דער שול, זײַנען די זאַפּאַסניקעס צוטריבן געוואָרן, און די מתפללים זײַנען אָפּגעקומען מיט טרוקענע קלעפּ.

די יידיש־קאָזאַקישע פאַרשטענדיקונג אין סלאָנים איז געווען אַן אויסטערלישע ערשיינונג, און די יידן אַליין האָבן זיך געוויצלט אויף דעם. די ליצני־הדור אין סלאָנים האָבן דאָס דאַן אָנגערופן: „קאָזאַקן־ליבע"... די קאָזאַקן, ווי אויך די אָפיצערן האָבן אונטערגעהאַלטן פרײַנטלעכע באַציהונגען מיט יידן. אויך מײַן פאָטער ע"ה איז געוואָרן באַפרײַנדעט מיט אַ קאָזאַק, און איך דערמאָן מיך, ווי יעדן פרימאָרגן פלעגט מײַן פאָטער צוגרייטן דעם סאַמאָוואַר מיט פאַרבײַסנס און אַ גלעזעלע „לחיים" פאַר זײַן קאָזאַק וואַסילי אָווטשענקאָ...

דער פּיקאַנטסטער עפּיזאָד פון דער „קאָזאַקן־ליבע" איז געווען דער געזעגנונגס־באַנקעט פאַר די קאָזאַקן. נאָך דעם ווי אַלע זאַפּאַסניקעס האָבן פאַרלאָזן די שטאָט און די אויפגאַבע פון די קאָזאַקן איז געוואָרן פאַרענדיקט און זיי האָבן זיך שוין געקליבן אין וועג אַרײַן, האָבן די עסקנים באַשלאָסן אײַנצואָרדנען פאַר זיי אַן אָפּשיידס־באַנקעט. צו דעם צוועק האָבן זיי צוגעצויגן איניקע געזעלשאַפטלעכע דאַמען פון שטאָט און אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פון אָוונט. דער באַנקעט איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין „נאַראָדני דאָם". דער זאַל איז געוואָרן דעקאָרירט און באַלויכטן, די טישן שיין סערווירט און פאַרזען מיט כל מיני מאכלים. יידישע בעלי־הבית'טעס האָבן צוגעגרייט יידישע מאכלים, ווי געהאַקטע לעבערלאַך, רעטאַך מיט ציבעלע און שמאַלץ, פּעטשאַ מיט טשאָלנט, העלזעלאַך און קניידעלאַך. ווער רעדט שנאַפּס? אַלע טישן מיט פלעשער מאָנאָפּאָלקעס, און דווקא ניט פון די „סאָראָקאָווקעס" (40 גראַד, וואָס ס'איז געווען אַ לייכטער אַלקאָהאָל־געטראַנק), נאָר דווקא הויך־גראַדיקע. הכלל, מען האָט געגעסן, געטרונקען, מען האָט געהאַלטן אַפּאָר רעדעס; די קאָזאַקן האָבן געזונגען „קאָמאַרינסקאַיאַ" (אַ מין קאָזאַקן־ליד) און געטאַנצט אויף דער סצענע „נאַ פּריסיאַטקי"... (אַ מין טאַנץ, וואָס די קאָזאַקן טאַנצן, אײַנבויגנדיק די קני). קורץ, ס'איז געווען ששון ושמחה. די „קאָזאַקן־ליבע" האָט געבליט...

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבן די עסקנים און די דאַמען באַגלייט די קאָזאַקן מיט בלומען, ביז'ן „בחור" אויף פּאַנעסווע גאַס, רופנדיק: „זאָלן לעבן די קאָזאַקן"...

## דער רעוואָלוציאָנערער פיבער אין שטאָט

סלאָנים האָט ניט אויסגעמיטן די שווערע איבערלעבענישן פון די יאָרן 1905—1906. ווען אין גאַנץ רוסלאַנד האָט זיך צופלאַקערט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, ווען די צוגן זײַנען 2 מאָל וועכנטלעך אָפּגעשטעלט געוואָרן, און בלוט האָט זיך געגאָסן אין קאַמף מיט דער צאַרישער רעגירונג, — דעמאָלט איז די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אין סלאָנים געלעגן אין די הענט פון בחורים'לאַך אין עלטער פון 20—25 יאָר. די פּאָליציי האָט מיט זיי פיל אַרבעט געהאַט. דאָס האָבן זיי אָנגעפירט מיט אַלע שטרייקן, מיט די קאַמפן פאַר'ן אײַנפירן אַ 8־שעה'דיקן אַרבעטס־טאָג, און אויך מיט די עקספּראָפּריאַציע־און טעראָר־אַקטן וואָס זיי האָבן אויסגעפירט אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע.

עס שווימען מיר אויף אין זכרון פיל עפּיזאָדן פון יענע טעג. איך געדיינק גוט דעם שטרייק אין דער שוועבל־פאַבריק פון דובינבוים־שטיינבערג, ווען די שטרייקנדע האָבן פאַרבאָטן די אינהאַבער צו קומען אין זייער פאַבריק... גראָדזענסקי דער אַפּטייקער האָט געהאַט פיל אויסצושטיין, ווען ער האָט זיך ענטזאַגט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון זײַנע אָנגעשטעלטע וועגן לוין און אַרבעטס־שעה'ן. זיי פלעגן אָפט צווינגען רוהיקע בירגער צו באַהאַלטן אַנטלאָפענע אָדער פאַרדעכטיקטע רעוואָלוציאָנערן. אַזוי האָט זיך באַהאַלטן דער מערדער פון פּאָליציאַנט, אַלעקסייקע, וואָס איז ערמאָרדעט געוואָרן אויף רוזשינאַיער גאַס, ביי ה' ישראל אָסטרינסקי, וועלכער איז געווען געצוווּנגען דאָס צו טאָן. ערשט אין איניקע טעג אַרום איז געלונגען אים אַרויסנעמען פון דאָרט און דורכשמוגלען אים איבערן גרענעץ. (ווי די לעזער דערמאָנען זיך פון אַנדערע זכרונות, האָט דאַן די פּאָליציי אַרעסטירט 2 אומשולדיקע בחורים, און מען האָט זיי פאַראורטיילט צום טויט. נאָר נאָך דער אינטערווענץ פון ר' מרדכי'לען זײַנען זיי פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר).

אויך מיט מיר האָט ענלעכעס פּאַסירט. אין איין קאַלטן ווינטער־אָוונט האָט מען אָנגעקלונגען ביי מיר אין טיר. איך האָב דאַן געוווינט אויף פּוטייסקע גאַס אין הויז פון ה' שולקאָוויטש. ווען כ'האָב געעפנט די טיר, זײַנען אַרײַנגעקומען 2 פּערזאָן, און נאָכ'ן אָפּגעבן אַ באַפעל, אַז איך זאָל איינעם אויסבאַהאַלטן איניקע טעג, — איז דער צווייטער גלייך פאַר־

שווונדן. ווער עס איז מיין אומבאַרופענער גאַסט, האָב איך ניט געוווסט. ערשט לאחר־המעשה, נאָכדעם ווי דער אורח האָט מיר שוין פאַרלאָזן, האָט מען מיר דערציילט, אַז ער האָט זייענדיק אַ סאָלדאַט און שטייענדיק מיט דער גאַנצער ראָטע אין באַראַנאָוויטש, ניט מער און ניט ווייניקער ווי דערשאָסן זיין אָפּיצער און געמאַכט ויברח קיין סלאָנים...

אַ צווייטן מאָל האָב איך שוין געהאַט אַן׳ערגערן אָפּשניט. לויט אַן׳ערלויבניש, וואָס איך האָב באַקומען פון דער גראָדנער גובערניאַלער מאַכט, נאָך פאַר די רעוואָלוציע־יאָרן, האָב איך ביי מיר געהאַט אַ רעוואָלווער, וועלכן כ׳האָב געהאַט נייטיק אין מיינע אָפטע רייזעס אין די אַרומיקע וועלדער, ווו כ׳פלעג פאָרן אין מיינע געשעפטן צו די סמאָליאַרניעס וואָס כ׳האָב עקספּלאָאַטירט, צו באַקומען טערפּענטין. ווייזט־אויס, אַז די חברה רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך דערוויסט, אַז איך האָב אַ רעוואָלווער. אין איינעם אַ טאָג זיינען צו מיר אַריין 6 בחורים׳לאַך. צוויי פון זיי געדיינק איך: איינער איז געווען אַן׳אַרבעטער ביים שניידער שמואל וואָליצקי, און דער צווייטער האָט געהייסן פיינגאָלד, און האָט געוווינט מיט זיינע עלטערן אויף בריקער גאַס. זיי האָבן מיר אויפגעפּאָדערט צו אָפּגעבן זיי מיין רעוואָלווער. ווען איך און מיין פרוי האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז מיר האָבן ניט קיין רעוואָלווער, האָבן זיי מיין ווייב פאַרשפּאַרט אין אַ צווייטן צימער, און מיר אויפגעפּאָדערט צו עפענען דעם שרייב־טיש. נאַטירלעך, האָב איך ניט געהאַט קיין ברירה און כ׳האָב זיי אָפּגעגעבן דעם רעאָלווער.

גראָד איז אין זעלבן טאָג געקומען קיין סלאָנים אַ רעוואָלוציאָנער פון צענטער, וועלכער האָט, לויט אַ ליסטע פון סלאָנימער „בורזשויען”, אינדוסטריעלער און סוחרים, פאַרלאַנגט פון זיי סומעס געלט אויף רעוואָלוציאָנערע צוועקן. איך געדיינק, אַז ביי שטיינבערג׳ן אין וווינונג איז פאָרגעקומען צוליב דעם אַן׳אסיפה. ווייזט־אויס, אַז די „בורזשויען” האָבן זיך געדונגען, און מען איז דורכגעקומען. נאָר אויף מאָרגן נאָך דער עקספּראָפּריאַציע האָט זיך די פּאָליציי דערוווסט וועגן דעם, און זי האָט געמאַכט „אָביסקעס” (אונטערכונוגען) אין הייזער פון פאַרדעכטיקטע רעוואָלוציאָנערן, און צווישן אַנדערע, אויך אין הויז פון אויבנדערמאָנטן ה׳ פיינגאָלד, און זוכנדיק אַזוי ביי אים אין די באַהעלטענעשן, האָט זי געפונען מיין רעוואָלווער...

וועגן דעם האָב איך זיך דערוווסט פון דעם גוט־באַקאַנטן אין סלאָנים ה׳ פּרוסאַק, וועלכער האָט מיר אָנגעזאָגט די „גוטע בשורה”, און האָט מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז — די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע באַשולדיקט מיר אין מסירה... ד. ה. אַז די פּאָליציי האָט דאָס, מכלומר׳שטן, געמאַכט די „אָביסקע” ביי פיינגאָלדן לויט מיין אָנווייזונג... איבעריק צו זאָגן, וואָס אַזאַ חשד האָט דאַן באַדייט, דאָס האָט געמיינט — אַ זאַק איבערן קאָפּ...

אַ אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען אָט דער פּרוסאַק. ער איז געווען אַ מין „קאָכלעפל” אין שטאָט, אַ דורכגעטריבענער מענטש, טעטיק ביי די פייערלעשער, ביי די בעלי־מלאכות (ער האָט געהאַט אַן׳איינבינדער־ווערקשטאַט), — און דערצו איז ער געווען אַן׳איבערגעגעבענער בונדיסט, און איז געווען שטאַרק „פאַרמישט” אין דער רעוואָלוציע. הכלל, איך האָב געדאַרפט מיך באַציהען זייער ערנסט צום סוד, וואָס ער האָט מיר אַריינגערוימט. נאָר אַזוי ווי פּרוסאַק, מיט וועמען איך בין געווען באַפריינדעט, האָט געוווסט אַז איך בין גאָט די נשמה שולדיק, האָט אינטערוועניִרט במשך פון אַ גאַנצן טאָג ווו מען דאַרף כדי מיך ריינצוואַשן, — נאָר עס איז אים ניט געלונגען. דער חשד איז געבליבן חשד, — און אויף מיר איז געהאָנגען די געפאַר פון — „סאַנקציעס” מצד די רעוואָלוציאָנערן. זעענדיק די ממשות׳דיקע געפאַר פאַר מיר מצד זיינע חברים, האָט מיר פּרוסאַק געראָטן, איך זאָל, איידער וואָס ווען, גלייך עוקר זיין אויף אייניקע טעג קיין מינסק, און מיט זיין הילף בין איך טאַקע גלייך אָפּגעפאָרן אַהין. ערשט אין 9 טעג אַרום, אַז פּרוסאַק האָט ענדליך מצליח געווען צו איבערצייגן די חברים אין מיין אומשולדיקייט, האָב איך פון אים באַקומען די ידיעה, אַז איך קען שוין צוריקקומען.

אַ געוואַגטער אַקט איז פאָרגעקומען אין סלאָנים, וואָס האָט אויפגערודערט גאַנץ מערב־רוסלאַנד. צוויי היגע רעוואָלוציאָנערן, קינדער פון אָרטאָדאָקסישע משפּחות (פון די פאַמיליעס גראַיעווער און ווערניקאָווסקי) זיינען אַריינגעזעצט געוואָרן אין טורמע. און אין אַ געוויסן טאָג האָט מען זיי געדאַרפט אַריבערשיקן מיט אַ קאָנוואָי קיין גראָדנע. אויפ׳ן וואַקזאַל האָבן זיי חברה געבראַכט צידה לדרך גרויסע לאָבנס ברויט יעדן איינעם, אין וועלכע ס׳זיינען געווען באַהאַלטן רעוואָלווערן. ווען דער צוג איז אַריבערגעפאָרן דעם „פּערעיעזד” (קרייצונג פון באַן־ליניע מיט אַ וועג) אויף עק פּאָנעסווע גאַס און האָט פאַרלאַנגזאַמט זיין שנעלקייט, האָבן זיי געשאָסן אויפ׳ן קאָנוואָי, אַרויסגעשפּרונגען פון באַן און שפּורלאָז פאַרשוווּנדן. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ אַלאַרם ס׳איז געוואָרן אין שטאָט.* די גאַנצע פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע זיינען געשטעלט געוואָרן אויף די פיס, אָבער אומזיסט, — די אַנטלאָפענע זיינען אַזוי ווי אין וואַסער אַריין. אַ לייִנגערע צייט האָבן זיי „געסובלאָקאַטאָרט” ביי פאַרשיידענע בעלי־בתים, וועלכע זיינען אַזוי־אַרום געווען אויסגעשטעלט אויף אַ גרויסע געפאַר, ביז זיי איז ענדליך געלונגען צו אַנטלויפן קיין אַמעריקע.

## די פּאַגראַם־פּאַניק
## בעת א רעליגיעזע פּראָצעסיע

אין פאָריקן קאַפּיטל האָב איך אונטערשטראָכן, אַז אין די יאָרן 1905—1906 האָט אויך סלאָנים מיטגעלעבט אַלע ווייהען און נאָכווייהען פון יענע יאָרן: דעם רעוואָלוציאָנערן פיבער, די שטרייקן, די אַרעסטן, די טעראָר־און קעגן־טעראָראַקטן און אַלע אַנדערע באַגלייט־ערשיינונגען וואָס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די געשעענישן.

דאָסזעלבע קען מען זאָגן אויך וועגן פּאָגראָם־שטימונגען און אָפּטמאָל שרעק און פּאַניק פאַר אַ פּאָגראָם, וואָס קען אויסברעכן אַ ליאַדן טאָג. אַזעלכע שרעקנס־מאָמענטן האָט

---

* וועגן דעם — ז׳ אויך אין דעם באַנד די נאָטיץ פון משה ליכטענשטיין: „די סטאָליפּינקעס שטאַמען פון סלאָנים”.

אויך געהאַט סלאָנים און ניט איינמאָל, הגם צו קיין פּאָגראָם איז קיינמאָל ניט געקומען.

אין קאַפּיטל „קאַזאַקן־ליבע“ האָב איך דערציילט, ווי אַזוי סלאָנים האָט אין ווינטער 1904 אויסגעמיטן אויב ניט ממש אַ פּאָגראָם, איז לכל־הפּחות אַ כמו־פּאָגראָם'ל, מצד די כוליגאַנישע זאַפּאַסניקעס.

פיל שרעק האָט סלאָנים געהאַט אויסצושטיין פון די אַלבערטינער אַרבעטער אין די דאָרטיקע פאַבריקן, וואָס זיינען, טראָץ זייער סאָציאַלן מעמד און אָנגעהעריקייט צום רעוואָלוציאָנערן עלעמענט, געווען שונאי ישראל, און פלעגן זיך לייכט לאָזן אונטערהעצן דורך די אַנטיסעמיטישע פּאַק־טאָרן אין דער מאַכט און אויסער דער מאַכט, וואָס האָבן ניט געפעלט אין סלאָנים און קרייז.

אַ פּאָגראָם־פּאַניק האָט באַהערשט סלאָנים אין אויגוסט 1906. די געפאַר איז נאָך געווען בולט'ער, ווייל דאָס איז פאָרגעקומען קוים 2—3 חדשים נאָכ'ן ביאַליסטאָקער פּאָגראָם. און פאָרגעקומען איז אָט וואָס:

די שוואַרצע באַנדע האָט דאַן פאַרשפּרייט אין שטאָט און אין אומגעגנט אַנ'אַנטיסעמיטישע בראָשור וועגן אַ עלילת־דם, ווו ס'איז געווען געשריבן, אַז אין 17־טן יאָרהונדערט האָבן סלוצקער יידן ערמאָרדעט צו ריטועלע צוועקן אַ קריסט־לעכן יינגל מיטן נאָמען גאַבריעל (גבריאל), און אַזוי ווי זיינע רעשטלאַך ביינער האָבן געוויזן וווּנדער, ווי היילן געפערלעך־קראַנקע, מאַכן זעהענדיק בלינדע א.א.וו. — זיינען זיי דע־ריבער פאַרהייליקט געוואָרן לדורי־דורות. געלעגן זיינען אָט די הייליקע ביינער אַ פּאָר הונדערט יאָר אין סלוצק אין אַ קאַטוילישער קירכע, נאָר אַזוי ווי די רוסישע גלחים האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער „קדוש“ איז געווען אַ פּראַוואָסלאַוו־נער, האָבן זיי באַשלאָסן איבערפירן די ביינער אין אַ „קרעסטני־כאָד“ (אין אַ רעליגיעזע פּראָצעסיע) פון סלוצק קיין סופּראַסל ביי ביאַליסטאָק אין אַ פּראַוואָסלאַווענעם מאָנאַסטיר. און אָט די פּראָצעסיע האָט געדאַרפט דורכגיין דורך סלאָנים.

קען מען זיך שוין פאָרשטעלן מיט וואָס אַזאַ פּראָצעסיע, פון פאַנאַטישע אונטערגעהעצטע המונים, און נאָך דער פאַר־שפּרייטונג פון אַזאַ כוליגאַנישער בראָשור, — האָט געשמעקט...

פאַרשטייט זיך, האָבן אונדזערע עסקנים, ווי אויך די זעלבסט־שוץ־גרופּן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען, נישט גע־שלאָפן. אויך אויף מיר איז אויסגעפאַלן אַ שטיקל־אויפגאַבע, כדי צו אויסמיידן דאָס ערגסטע: איך האָב זיך גוט געקענט מיט'ן דאַמאָלדיקן פּאָליצמייסטער איוואַנאָוו (ער האָט גע־הייסן: „פּאָליצייסקי נאַדזיראַטעל“). דעם פרייטיק וואָס פאַר'ן קומען פון דער פּראָצעסיע האָט ער מיר אויפגעזוכט און מיר געוואָרנט, אַז די נעכסטע נאַכט דאַרף אָנקומען קיין סלאָנים די פּראָצעסיע, ווו זי וועט פאַרבלייבן אַ גאַנצן מעת־לעת, און אַזוי ווי עס וועלן דאָך קומען טויזנטער אַנטיילנעמער, וועלכע וועלן צוליב שבת ניט האָבן ווו צו קויפן פּראָדוקטן צום עסן, וואָס עס וועט זיכער אַרויסרופן אונגעוווּנטשענע סקאַנדאַלן וועלכע קענען זיך אַנטוויקלען צו אַ פּאָגראָם, — בכן דאַרף די יידישע באַפעלקערונג צוגרייטן פאַר זיי אויף מאָרגן שפּייז, און ס'זאָלן זיין אָפן עטלעכע שפּייז־קראָמען.

זעלבסטפאַרשטענדלעך האָט מען אַלץ ערלעדיקט. די בעקער האָבן ספּעציעל געבאַקט, און ר' מרדכי'לע זצ"ל האָט ערלויבט, אַז שבת זאָלן זיין אָפן עטלעכע קראָמען. נאָר דאָך האָט די יידישע באַפעלקערונג געלעבט אין שרעק, הגם מען איז געווען גרייט צו אַלץ...

גליקלעכערווייז האָט סלאָנים אָפּגעקומען מיט די שרעק: די פּראָצעסיע איז געווען פיל קלענער ווי מען האָט געמיינט, און אַ דאַנק די פאָרהיטונגס־מיטלען איז זי דורך בשלום.

**דר. א. מוקדוני**

# א באגעגעניש מיט סופרים־רעוואלוציאנערן

אין זומער 1905, צום סוף פון שטודיום־יאָר אין אוני־ווערסיטעט, האָט זיך די יידיש־סטודענטישע קאָלאָניע אין בערן, די הויפּטשטאָט פון שווייץ, ווו איך האָב דאַן שטודירט, שנעל אויסגעליידיקט. אין איין שיינעם פרימאָרגן, איז ממש קיין סטודענט און קיין סטודענטין נישט געבליבן אין בערן. כמעט אַלע זיינען אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד. יעדער סטודענט און יעדע סטודענטין זיינען עפּעס ווי פון אַ געהיימער האַנט מאָביליזירט געוואָרן פאַר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט...

ס'איז געווען דער אַנטשיידנדיקער פאַרמעסט פון גע־ראַנגל מיט'ן אַלטן צעפוילטן צאַריזם. דער צאַריזם האָט גע־ליטן אַ שענדלעכע מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, מיט אַ מלוכה, וואָס איז געווען קוים אַ צענטל גרויס פון רוסלאַנד, און די באַפעלקערונג — קוים אַ דריטל פון דער רוסישער באַפעלקערונג. אַלע זיינען געווען זיכער, אַז ס'איז דער סוף פון צאַריזם. ס'איז געווען אַזוי זיכער, אַז כמעט די גאַנצע סטודענטישע קאָלאָניע איז אויסגעליידיגט געוואָרן פון „רו־סישע“ סטודענטן. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין רוסלאַנד צוצוטראָגן זייער צושטייער צו דער באַפרייאונג פון רוסלאַנד...

אויך איך האָב זיך אַ לאָז געטאָן מיט'ן שטראָם קיין רוסלאַנד.

אמת, קיין טעטיקער רעוואָלוציאָנער בין איך ניט געווען. אָבער כ'האָב געהאַט סימפּאַטיעס און אויך פאַרבינדונגען מיט דער פּאַרטיי פון ס. ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן), וועלכע איז געווען איינע פון די דאַן הערשנדע לינקע פּאַרטייען אויף דער יידישער גאַס אין רוסלאַנד און פּוילן.

אויף דער רוסישער גרענעץ בין איך פאַרהאַלטן געוואָרן אויף אַ פּאָר שעה. די רוסישע אָכראַנקע (פּאָליטישע געהיים־פּאָליציי) האָט הפּנים באַמערקט דעם האַסטיקן צוריקקער פון די רוסישע סטודענטן פון אויסלאַנד אַהיים. קיין פאַרדעכטיקס האָט מען ביי מיר נישט געפונען, און מען האָט מיך נאָך אַ

לאַנגער און נודנער חקירה־ודרישה געלאָזן פאָרן.

ממש אויף מאָרגן נאָך מיין קומען האָב איך שוין געהאַלטן אַ רעדע אין וואַלד ביי מיין געבורטס־שטעטל לאַכאָוויטש, און באַלד האָט מען מיך גענומען אַרויספאָדערן אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלאַך.

מיין צווייטער אויפטריט, ווידער אין אַ וואַלד, איז געווען אין אַ דיסקוסיע מיטן „בונד". לויט דער מיינונג פון אַלעמען, אַפילו פון די בונדיסטן גופא, בין איך אַרויס דער זיגער. און די נאָכפאָרגע אויף מיר אין די ס. ס.־פאַרטיי־קרייזן איז געוואָרן נאָך גרעסער.

ס'איז מיר, אַלזאָ, דאָן אויסגעקומען צו באַזוכן פיל יידישע ישובים אין מערב־ווייסרוסלאַנד און פּאָלעסיע. איך האָב דאָן באַזוכט צענדליקער שטעט און שטעטלעך אין פּרוזשענער, קאָברינער, סלאָנימער, בריסקער און פּינסקער קרייזן.

פון מיין קורצער טעטיקייט אַלס פּאַרטיי־דעלעגאַט און אַגיטאַטאָר זיינען מיר געבליבן אין זכרון איניקע גאָר טשעקאַווע עפּיזאָדן.

איך דערמאָן מיך, צווישן אַנדערע, אַ פּאַסירונג אין סלאָנים, וואָס גיט אַ קלאָר בילד פון דער רעוואָלוציאָנערער ברויזיקייט אין די צייטן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע.

אין איינער פון מיינע רייזעס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין סלאָנים. פון סלאָנים האָב איך געדאַרפט פאָרן מיט דער באַן 2—3 שעה און דערנאָך מיט אַ פור — 2 שעה.

אויף דער סלאָנימער באַן־סטאַציע האָט מיך באַגעגנט אַ הויכער, שוואַרצער בחור, מיט אַ גוואַלדיק־געדיכטער, שוואַרצער טשופּרינע. ער האָט אויסגעזען ממש ווי אַ וואַלד־גזלן.

ער האָט זיך ווי אומבאַמערקט אַ ריב געטאָן אין מיר און האָט מיר אַריינגעשושקעט דעם נאָמען פון דער אכסניא, וווהין איך דאַרף פאָרפאָרן.

אין אַכסניא האָט מען מיך הפנים דערוואַרט און דער בעל־הבית און די בעל־הבית'טע האָבן דערשראָקענע און צעטומלטע מיך אַריינגעפירט אין אַ צימער און באַלד נעלם געוואָרן. שפּעטער איז אַריינגעקומען שטיל, ווי אין זאָקן, אַ יונגער אינטעליגענטער מענטש, האָט מיך באַגריסט און זיך פאָרגעשטעלט ווי דער פירער פון דער סלאָנימער גרופּע ס. ס. ער איז געווען מורא'דיק קאָנספּיראַטיוו, האָט גערעדט שטיל, מיט האַלבע ווערטער און האָט זיך כסדר אַרומגעקוקט.

פרעג איך אים: וואָס איז דער מער? —

— ביי אונדז איז די זשאַנדאַרמעריע ממש צערייצט, זי שלאָגט, זי אַרעסטירט, זי האָט אומעטום שפּיאָנען. הכלל, מען מוז זיין פאָרזיכטיק. —

פרעג איך אים: וואָס איז די סיבה? —

— מיר האָבן דאָ אַ היבש־ביסל רעוואָלוציאָנערן, און מען האָט דאָ אַוועקגעלייגט אַ פּאָליציאַנט... איך ראָט אייך זיין פאָרזיכטיק. אגב, „אונדזערע" גיבן אַכטונג אויף אייך, און מיר האָבן יאַטן איינע און איינע. איר האָט דאָך געזען דעם, וואָס האָט אייך באַגעגנט אויפ'ן וואָקזאַל. אַזעלכע חברים האָבן מיר אַ היבש ביסל. אָבער פאָרזיכטיקייט שאַדט נישט.

פאַרנאַכט, ווען איך בין שוין געזעסן אין וואָגאָן, האָב איך באַמערקט אויף אַן אַנדער באַנק צוויי גרויסע געזונטע שוואַרצע בחורים מיט גוואַלדיקע שוואַרצע טשופּרינעס. זיי האָבן אויסגעזען ווי אַ צווילינג. איינעם פון זיי האָב איך דערקענט. ער איז געווען דער, וואָס האָט מיך באַגעגנט אויפ'ן וואָקזאַל אין סלאָנים. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די צוויי גיבורים באַגלייטן מיך. זיי זיינען מיינע שומרים. איך האָב זיך דערפילט זיכערער און היימישער.

אין עטלעכע סטאַנציעס אַרום שטייג איך אויס פון באַן. איך גיי אַרויס פון וואָקזאַל. לויפט מיר אַנטקעגן אַ בעל־עגלה, נעמט מיין פּעקל און זאָגט מיר: איר זענט מיין פּאַסאַזשיר.

פאָרן מיר. באַמערק איך, אַז מיר פאָרן זייער לאַנגזאַם. קלער איך מיר: מילא, לאַנגזאַם איז לאַנגזאַם. אָבער ווי מיר זיינען אַרויס אין פעלד, זיינען אַרויסגעשפּרונגען ווי פון אונטער דער ערד, מיינע צוויי באַגלייטער, זיך אַרויפגעכאַפּט אויפ'ן וואָגן און זיך געזעצט פון מיינע ביידע זייטן.

פאָרן מיר. איך זוך צו פאַרבינדן אַ שמועס מיט מיינע צוויי וועכטער.

דאָס איז געווען זייער לייכט. אַלע זיינען געווען גוואַלדיק באַרעדעוודיק אין יענער צייט. יעדער האָט פיל איבערגעלעבט. יעדער איז געווען עפּעס אויפגעלייגט און האָט גערן געשמועסט.

פרעג איך ביי מיינע צוויי באַגלייטער, די צוויי גיבורים מימיני ומשמאלי: וואָס איז אייער באַשעפטיקונג?

ענטפערן ביידע מיט אַמאָל:

— מיר זיינען סופרים. מיר שרייבן ספרי־תורה'ס און תפילין.

— סופרים?! — האָב איך זיך פאַרוואונדערט.

— יע, — שמייכלען די בחורים.

און איינער נעמט אַרויס פון קאַזוכע אַ רעוואָלווער און שפּילט זיך מיט אים:

— וואָס זאָגט איר אויפן „שפּייערל"? — (אַ שפּייער האָט געהייסן אַ רעוואָלווער אויף דעם יידיש־רעוואָלוציאָנערן לשון).

קיין גרויסער מבין אויף „שפּייערס" בין איך נישט געווען, אָבער דער „שפּייער" איז געווען אַ נייער. און איך האָב געזען, אַז דער בחור, דער סופר, איז פאַרליבט אין זיין „שפּייער"; אַזוי פאַרליבט, אַז ער רופט אים ווי אַ געליבט קינד: „שפּייערל"...

מיך האָט אָבער אינטערעסירט נישט דער „שפּייער". מיך האָבן אינטערעסירט די צוויי מאָדנע סופרים, וואָס שרייבן ספרי־תורות און תפילין. הויב איך אָן ווייטער אַ שמועס מיט זיי וועגן זייער אַרבעט:

— זיינען יידן צופרידן מיט אייערע ספרי־תורות און תפילין?

— מיר שרייבן ספרי־תורות און תפילין פאַר אַמעריקע. פאַר די אונדזעריקע האָבן מיר פרומע סופרים. —

— וויפל סופרים אַזעלכע ווי איר זיינען דאָ אין סלאָנים?

— עס זיינען דאָ ביי אַ 50—60 סופרים אַזעלכע ווי מיר.

— זיינען זיי אַלע רעוואָלוציאָנערן?

— אַהאַ, ענטפערן ביידע צוזאַמען. — מיר האָבן יאַטן, וואָס האָבן שוין אַוועקגעלייגט נישט איין פּאָליציאַנט אין גאַנצן אומגעגנט. מיר האָבן „געפערלעכע" יונגען, זיי זיינען די בעסטע שיסער...

איך קוק אויף די בחורים און איך מיין, אַז זיי שפּאַסן, אָבער איך קוק אויף זיי און אויפן רעוואָלווער, מיט וועלכן איינער פון זיי שפּילט זיך, און כ'זע באַשײנפּערלעך, אַז איט־לעכס וואָרט איז אמת ויציב.

מיר פאָרן שטיל. פון ווייטן וואַקסט אויס מיטאַמאָל אַ שטעטל. מיינע צוויי סלאָנימער באַגלייטער שפּרינגען אַראָפּ פון דער פור און ווערן נעלם.

דער בעל־עגלה פאַרפירט מיך אין אַ פּריוואַט־הויז: איך געפין זיך אין הויז פון דעם ציין־דאָקטאָר פון שטעטל. ער איז אַ פּאַרטיי־טוער פון ס. ס. פון דער שטעטלשער גרופּע, און איך בין זיין גאַסט.

ווען איך האָב געוואָרט ביים ציין־דאָקטאָר, אַז מ'זאָל מיך מיטנעמען אויף דער פאַרזאַמלונג, זיינען די צוויי רע־וואָלוציאָנערע סופרים אַריינגעפאַלן אַן אַן אָטעם צום ציין־דאָקטאָר און מיר געזאָגט: קומט שנעל. —

ס'האָט זיך, נעמלעך, אַרויסגעוויזן, אַז די פּאָליציי איז געפאַלן אויפן שפּור פון דער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט געדאַרפט פאָרקומען, און פאַרשטייט זיך, איז די פאַרזאַמלונג שוין נישט פאָרגעקומען.

אַלע האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן קיין איבע־ריקע קשיות נישט פרעגן. איך האָב געכאַפּט מיין קליין פּעקל, און ווי אַ רוח זיך געלאָזן מיט מיינע צוויי באַגלייטער.

ווייט־ווייט הינטערן שטעטל האָט געוואָרט אויף אונדז אַ פור. זי האָט אונדז געבראַכט אויף אַן־אַנדער באַן־סטאַנציע. די באַן איז אָנגעקומען. מיינע באַגלייטער האָבן מיר אין היילעניש אַריינגעלייגט אַ באַן־בילעט אין קעשענע... איך בין אַריינגעשטיגן.

אין מיין קעשענע האָב איך געפונען אַ בילעט קיין בריסק...

**יוסף דרור**

# פכים קטנים מהשנים 1904-1906

אלפי אנשי־צבא עברו את סלונים מפולין בדרכם למזרח הרחוק במלחמה עם יפן.

בעיר סודרה תחנת חניה לתקופה מסוימת לכל משלוח של גדודים וכך חנו בעיר אלפי חיילים, ביניהם היו הרבה יהודים.

בגלל ריבוי החיילים, הם שוכנו גם בבתי התושבים.

ברחובות העיר הוצבו חביות מיים על־יד הבתים למען ספק לחיילים מי שתיה, כיוון שבהרבה בתים עוד לא הותקנה בימים ההם רשת המיים העירונית. הצבא תפס כל בתי־המדרש, פרט לבית־הכנסת הגדול. בית־המדרש דחומה הגדול גם כן היה בין התפוסים, אולם ניתנה למתפלליו זכות להתפלל בעזרת הנשים.

היו הרבה מיקרי פגיעה מצד החיילים לשם שוד, בלילות נמנעו בכלל מלכת, כי רבו מיקרי ההתעללויות, מכות ושוד.

זוכרני שלאבי היה „יארצייט", והאם יתכן כי לא יתפלל לפני העמוד? אלא ההליכה באותם הימים לבית־המדרש היתה כרוכה בסכנה וגם היה ספק אם ימצא שם מניין, כי השכנים שבסביבה פחדו לצאת מבתיהם. לא היתה ברירה, אלא לצרף חיילים יהודים לתפילה ואכן נמצאו כאלה, ובאו וניתווספו עוד חיילים מבתי השכנים, קהל גדול. עוד אזכור את מראה החיילים, ביניהם בעלי זקנים, שניראו כלוחמים קדומים שבאו מאיזו ארץ־נידחת. ה„פפחות" שעל ראשיהם, כובעים עשויים מעורות כבשים, ששימשו להם מגן מקור החורף במקום ובמיוחד בדרך הארוכה לסיביריה הישוו להם צורה אגדית ביותר...

במלחמה ביפן ראו היהודים נקמה בממשלת הצאַר הצורר. נמצאו מחשבי קיצין לצרות ישראל ומפרשי כל מיני נוטריקין, והרי מלחמה ופורעניות מתאימים לכך...

זכורני פסוק אחד שפורש לצורך עניני־דיומא: „כי יום נקם בלבי ושנת גאולי באה": הנוטריקין של 4 המילים הראשונות הן: „כל ישראל יראו וישמחו ממפלת ניקוליי — קיסר מוסקבה בבואו להלחם במלכות יפן ואז שנת גאולי באה".

---

בימי מהפכת 1905 קם בבתי היהודים משטר של כוננות מתמדת, חששות של ביקורי המשטרה בחיפושיהם אחר ספרות אי־לגלית — מהפכנית, נשק כלשהו או חומר נפץ. במשפחות, שבניהם ובנותיהם הבוגרים השתייכו לאיזו מפלגה שמאלית היתה דריכות מיוחדת, כי המשטרה נתנה עינה עליהם במיוחד.

בין תקנות שעת חירום היה איסור התקהלות כלשהו והליכה ברחובות לא יותר משני אנשים יחד. בכלל ההליכה בערבים היתה בחזקת סכנה של היתקלות בשוטרים הפרשים שנהגו באכזריות רבה, והיו מרביצים מכות נאמנות במגלבים שבהם היו מצוידים ושבקצותיהם נמצאו גולות עופרת. שוט־רים אלה לא חסו על זקן ונער עד אשה והכו ללא רחם, אף בלי סיבה מיוחדת... זה נבע הן משנאת יהודים והן מתוך ידיעה כי רוב המהפכנים יהודים הם.

באחד הימים עלה ברצונו של אבא לבקר את הסבא (אביו) החולה. לאחר ארוחת־הערב יצאו הורי ואני אתם ללכת לבית סבא. המשכנו את דרכנו עד לסימטת ר' מאיר שרשבסקי, (ושם היה אחר־כך בית־המרקחת של „מגן־דוד האדום").

כשהגענו לשם שמענו מכיוון כיכר־העיר שעטת סוסים, פחדנו מן הצפוי לנו, והתחבאנו במסדרון־הכניסה של אחד הבתים. לאזנינו הגיעו צעקות איומות. השוטרים תפסו שתי צעירות והתחילו להרביץ בהן במגלבים. הראשונה צעקה בקול איום: „גוואַלד, גנעסע מען שלאָגט". כפי שנתברר אחר־כך, היו אלה שתי בנותיה של פשה־רייזה, יהודיה „סוחרת" בבגדים ישנים, שהיו חברות באיזו תנועה מהפכנית מסוימת ובאותו ערב הלכו לאסיפה... לאחר שהצעירה המוכה נפלה לארץ והתעלפה המשיכו השוטרים לדרכם. הצעירה הוכנסה לאחד הבתים השכנים ואנחנו המשכנו לאורך הסימטה, ובדרך עקלקלה דרך חצרות וגני־ירק הגענו לבית סבא...

לוויתו של אלקסייקה, השוטר שנרצח על־ידי בחורי ישראל מהפכנים, על רדיפותיו את חברי מפלגות השמאל בשנים 1904—1905, עוררה פחדים מרובים בעיר. היה חשש מפני פוגרום שעלול לפרוץ בסיוע השלטונות, כנקמה למעשה הרצח. ביום ההלוויה היו כל החנויות ובתי המסחר, סגורים על מסגר ובעיר פסקה כל תנועה. תריסי החלונות בבתים היו מוגפים ובבתים רבים הכינו מכשירי התגוננות. היו שהכינו מוטות ברזל, גרזנים וכדומיהם, בביתנו היה אקדוח אצל אבא ובבתים רבים הכינו גם מחבואים.

בבית־המדרש דחומה עמד ר׳ יצחק קוניצה, בעל בית־מסחר לכלי זכוכית וסיפר על „מכשיר" מעולה שהכין כדי לקדם את פני הפורעים. ר׳ יצחק החליק על גבי זקנו הארוך, וגילה את סוד המצאתו ליהודים מהימנים שבפניהם הוא יוכל לגלות את פרטי ה„מכשיר". מובן מאליו שרבו השאלות, ור׳ איטשע מרחיב בהסבריו על דרכי השימוש במכשירו המופלא, שבאפשרותו להתגבר על כל שונאי ישראל...

זכורני שאותו יום היה חפשי מלימודים והילדים נשארו בבתים. השוטרים הפרשים שהשלטון העביר לסלונים לשמירת הסדר באותם הימים, שימשו בעיני הילדים כסמל הגבורה... והילדים היו מתקינים מקרשי־עץ סוסים, רובים וחרבות. כל אותו אחר־הצהריים התרוצצתי על גבי „סוסי" לאורך החצר, הגעתי לשער והצצתי שמאלה לרחוב ריזשנאי ששם היתה צריכה לעבור ההלוויה.

בשעות אחר הצהריים ראיתי את ההלוויה שהתנהלה לאורך הרחוב המוביל לבית־הקברות הנוצרי ומלווה שוטרים רגלים ורוכבים.

---

האקדוח שהיה ברשות אבא הוצא ממקום מחבואו, צוחצח, שומן והוכשר לפעולה בשעת סכנה. לשם בדיקת כושרו הוכנסו בו כדורים כדי לבחון את פעולתו. עד לבדיקה שצריכה להעשות בהחבא, אם בתוך המרתף ואם במחסן, הונח האקדוח על גבי הארון שבבית.

הורי היו עסוקים בענינים שונים, ולא שמו לב שאני, נער בן שבע, מתוך סקרנות טיפסתי על כסא וממנו הגעתי לארון. תפסתי את האקדוח ובו במקום הכרזתי: „אני יורה", ותוך כדי־כך לחצתי על ההדק והאקדוח פלט כדור בקול רעש גדול. הכדור חלף סמוך לראשה של דודתי בתיה. המהומה שקמה בבית בל תתואר. את מנתי קיבלתי. האקדוח הוצא מן הבית, והחדר אוורר חיש מהר מריח אבק השריפה, מחשש, שקול היריה אולי הגיע לרחוב ושוטרים עלולים לבוא לבי־רורים ולחיפושים. המיקרה עבר בלי סיבוכים.

---

כבר סופר על־ידי אחרים, איך פעילי מפלגות השמאל הטילו „מסים" על תעשיינים וסוחרים בעיר, כדי לממן את המהפכה, קניית נשק וכדומה. את גביית המסים הם היו מבצ־עים ברובם ע״י חדירה לבתים וסחיטת כספים באיומים בנשק. על־פי־רוב היו האמידים מתפשרים עם „גובי־המסים" הבל־תי־צפויים והיו תורמים בעל־כרחם. (ר׳ זכרונות מ. פרלשטיין, וי. ערישביץ בכרך זה).

השלטונות נהגו אז לתת רשיונות להחזיק באקדוחים לסוחרים ותעשיינים, שלרגלי עבודתם היו נוסעים ליערות ולמקומות נידחים.

בעיר סופר אז על מקרה יוצא־דופן שלא יאומן כי יסופר, שאירע עם ר׳ יששכר־לייב, בנו של האדמו״ר דאז ר׳ שמואל.*)

כידוע, עסק ר׳ יששכר־לייב וויינברג בהתחלת המאה בעסקים. בין היתר היה שותף, יחד עם ר׳ ישראל גלין, למפ־על לבורסקאות שנמצא בפרבר זמושצה.

פעם נכנסו לדירתו מספר אנשים רעולי־פנים. אחד מהם כיוון אקדוח מולו ודרש כסף לצרכים מהפכניים. ר׳ יששכר־לייב העמיד פני נבהל ונפחד. הוא הבטיח מיד לספק את דרי־שתם אך ביקש, שיסלקו את האקדוח... הם נעתרו לו. ואז הכ־ניס הרב־התעשיין את ידו לחזיה שמתחת לקפוטה, כאילו עמד להוציא משם כסף. אלא במקום כסף הוציא אקדוח מבריק וכיוונו כלפי האורחים, באימו עליהם: „הסתלקו מיד, פן אירה"...

הם הסתלקו מיד.

---

*) בגלל הבלתי־מהימנות של הסיפור היססנו לפרסמו. אך הרב פרץ יגל, שנהירין לו היטב מאורעות סלונים מהשנים ההן, סבור, שהדבר קרוב לאמת. ומתוך שהכיר היטב את ר׳ יששכר־לייב ועוז רוחו, הוא ייחס סבירות עובדתית לסיפור, ולכן פרסמנוהו. – המערכת.

**שיינע וואלאך־מאגילאנסקי**

# א שטוב מיט רעוואלוציאנערן, און עין־הרע

**דער אַפּטייק־געשעפט פון מיין פאָטער. — די דרוקעריי. — מיין עלטסטער ברודער מאַרקוס. — מיין ברודער לעאָן דער מעסיקער סאָציאַל־דעמאָקראַט. — מיין ברודער יאַשקע דער ברויזנדער ס. ר. — מיין שוועסטער ראָזע די בונדיסטקע. — די רעאַקציע־יאָרן. — דער זעלבסטמאָרד פון אסתר יודקאָווסקי. — יאַשקע אַלס שעף פון רעווקאָם אין סלאָנים. — דער ביטערער סוף פון לעאָנען און יאַשקען.**

וויזט־אויס, אַז אונדזער משפחה איז געווען באַשערט צו זיין פאַרמישט מיט רעוואָלוציעס און רעוואָלוציאָנערן, הגם עס האָבן ניט געפעלט אין אונדזער מגילת־היוחסין אויך רבנים... אָט נעמט דעם באַקאַנטן רוזשנאַיער רב ר׳ שבתי וואָלאַך זצ״ל, — איז ער געווען גאָר אַ נאָנטער קרוב מיט מיין פאָטער ע״ה, דוכט זיך אַ קוזין. געוויס באַדויער איך איצט, וואָס איך האָב זיינער צייט ניט פאַרצייכנט אונדזער פאַמיליען־כראָניק, כאָטש דער פאָטער פלעגט פיל דערציילן וועגן זיינע זיידעס

און אַנדערע פֿאַמיליע־אָפּשטאַמיקע, צווישן וועלכע עס זיינען געווען רבנים, לומדים און אַנדערע „שיינע יידן" פון פריהערדיקע דורות. „בונטאָווששיקעס" זיינען אין זיין משפחה, ווי אויך אין דער משפחה פון מיין מוטער, ניט געווען... און מיין פאָטער איז ס"ה געווען אַ ייד, וואָס איז „געגאַנגען אין שפּאַן", געהיט געזעצן, מוצא־חן געווען ביי גאָט און ביי לייטן, און טאַקע געווען אַ שמעלקע מיט דער „נאַטשאַלסטוואָ", און איבערהויפּט מיט די פּאָליציי, וואָס האָבן געהיט אָרדנונג אין צענטער שטאָט, אויפ'ן „פּלאַץ" און אויפ'ן מאַרק נעבן שולהויף. מיין פאָטערס געשעפט איז געווען אַזאַ, אַז ער האָט געמוזט „לעבן גוט" מיט'ן „נאַדזיראַטעל" און „גאָראָדאָוואָי", ווייל פון די קרייטעכצער, און בשׂמים און די פּאָר מינים „מאַשטשן" (זאַלבן) וואָס ער פלעגט מאַכן, — האָט ער נאָך קיין פּרנסה ניט געקענט ציהען. און דעריבער האָט ער געמוזט מאַכן אַ „יד אחת" מיט די רופאים, מיט הירשעלע דעם רופא בראש, — און ער פלעגט אויך אויספּערטיקן רעצעפּטן, וואָס די רופאים פלעגן פאַרשרייבן, — כאָטש פאַר אַ אַפּטייק־קראָם איז דאָס געווען פאַרבאָטן...

ווי ס'זאָל ניט זיין, — פון „קראַמאָלע" (בונט קעגן דער מאַכט) איז מיין פאָטער געווען זייער, זייער ווייט. און מיט אַמאָל, — אַ פולע שטוב מיט רעוואָלוציע־מאַכער!

אמת, אין דערזעלבער צייט, וואָס די נייע ווינטן האָבן אַזוי שטאַרק אַריינגעבלאָזן אין הויז פון מיינע עלטערן, — האָט שוין אַ גאַנצער שטורם „געבושעוועט" ביי אַ נאָענטן קרוב, אַ וואָלאַך, אין אַנ'אַנדער שטאָט. איך מיין אונדזער קוזין מאיר'קע פון ביאַליסטאָק, אַ פּלימעניק פון ר' שבתי וואָלאַך, וועמנס עלטערן זיינען געווען פאַרברענטע סלאָנימער חסידים, און פלעגן נאָך פאָרן אויף ימים־נוראים צום בעל „חסד־לאברהם", צום ערשטן סלאָנימער רבי. דערזעלבער מאיר'קע וואָלאַך, וואָס אין 20 יאָר אַרום איז ער מעשה האָקוס־פּאָקוס, געוואָרן מאַקסים ליטווינאָוו, קאָמיסאַר פאַר אויסערן־ענינים פון ראַטן־פאַרבאַנד...

נאָר אין יענע יאָרן, אין אָנהייב יאָרהונדערט, האָבן נאָך מיינע ברידער און שוועסטער ניט חושד געווען, אַז זייער ביאַליסטאָקער קוזין וועט זיי איבערשטייגן אין פאַרמעסט, אין פאַרנעם און אין דערגרייכונגען.

און איצט, נאָך דער קליינער הקדמה וועגן אונדזער משפחה־יחוס פון רעכטס און לינקס, גיי איך איבער צו דער שילדערונג פון יעדן איינעם פון מיינע „היימישע" רעוואָלוציאָנערן.

זעקס קינדער זיינען מיר געווען ביי אונדזערע עלטערן, דריי זין און דריי טעכטער. דער עלטסטער זון מרדכי (מאַרקוס) איז געגאַנגען אין פאָטערס דרכים, — איז ער טאַקע געווען אַנ'אויסנאָם ביי אונדז אין שטוב. ער האָט געהאַלטן פון „תכלית", ד. ה. פון געשעפטן... נאָך זיין חתונה האָט ער געגרינדעט אין סלאָנים אַ מין לאַבאָראַטאָריע, ווו ער פלעגט קאָנפעקציאָנירן, פּאַקטיש פּאַקן פּראָשקעס אין דינע גילזן־פּאַפּיר; פּראָשקעס צו קאָפּ־ווייטאָק און צו אַנדערע מיחושים; אַ מין פּראָפּעסיע וואָס איז נאָענט צום פאָטער'ס עסקים, — און וואָס ער האָט זיך טאַקע אויסגעלערנט ביים פאָטער. אויסערדעם האָט ער זיך פאַרנומען מיט דעם דרוקעריי־געשעפט וואָס ס'איז געווען אין אונדזער משפחה. איך וועל ניט מאריך זיין וועגן דער דרוקעריי, און ווי אַזוי קומט זי צו אונדז. איך געדיינק איר שוין פון מיינע קינדער־יאָרן, ד. ה. פון די 90־ער יאָרן. אין סלאָנים זיינען דאַן געווען 2 דרוקערייען, גורוויטשעס און אונדזערע. אונדזער דרוקעריי האָט זיך געפונען אין שכנות פון אונדזער אַפּטייק־געשעפט, אין עקסטרעמען הויז אויפ'ן מאַרק, נאָענט צו דער גרויסער שול, (ווו ס'איז אין יאָרן אַרום געווען דער לעדער־געשעפט פון ה' בראַוערמאַן). שפּעטער האָט זיך די דרוקעריי אַריבערגעקליבן אויף בערנאַרדינער גאַס, נעבן הויז פון ליבע קאַמענעצקי (אין זעלבן הויז האָט זיך געפונען די „געזעלשאַפט פון קעגנזייטיקן קרעדיט", בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען ה' משה לעווין). די דרוקעריי פלעגט זיך פאַרנעמען מיט קליינע אָרטיקע דרוק־זאַכן אין רוסיש (און זעלטענער אויך אין יידיש און עברית), ווי מודעות, פּראָגראַמען, וויזיט־קאַרטן א. ד. גל. דער איינציקער פאַרוואַלטער פון דרוקעריי איז געווען מאַרקוס. נאָר סלאָנים איז פאַר אים געווען צו קליין; ער האָט געשטרעבט צו ברייטערע האָריזאָנטן. מאַרקוס איז אַרויסגעפאָרן אין וואַרשע 1—2 יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. און ווירקלעך האָט ער דאָרטן רעאַליזירט אַ גרויסע אונטערנעמונג: שוין נישט קיין קליינע קאָנפעקציע, נאָר אַ ממשות'דיקע פאַבריק פון מעדיקאַמענטן אין פאָרם פון טאַבלעטקעס, וואָס האָט געליפערט פאַר גאַנץ פּוילן. מאַרקוס איז געשטאָרבן אין וואַרשע אין 1931. די דרוקעריי האָט נאָך וועגעטירט אַ פּאָר יאָר, און אויסגעהאַלטן די מלחמה־יאָרן.*) נאָר אַזוי ווי ס'איז ניט געווען ווער עס זאָל זיך מיט איר פאַרנעמען, האָבן מיר (די איבערגעבליבענע פאַמיליע) איר ליקווידירט.

די שוועסטער רבקה האָט חתונה געהאַט און געלעבט אין סלאָנים.

דער צווייטער ברודער לייבל, אָדער ווי מיר האָבן אים גערופן לעאָן, האָט געזוכט נייע, ניט־אויסגעטראָטענע וועגן. אייגנטלעך האָט ער געוואָלט דערגרייכן דאָס, וואָס דער פאָטער האָט ניט דערגרייכט: ער האָט געצילט צו קענען אויספירן לעגאַל מעדיצינישע רעצעפּטן, — און נישט פאַרשטעלטערהייט און אומלעגאַל. ער האָט געוואָלט זיך אויסבילדן אַלס פּראָוויזאָר. צו דעם צוועק איז ער אַוועקגעפאָרן פון דערהיים. אין אַנ'אוניווערסיטעט האָט ער ניט געקענט אָנקומען. און געוואָרן סך־הכל געהילפס־פּראָוויזאָר אין אָדעס. נאָר ער האָט, ווי גאָרקי, געהאַט זיינע „אייגענע אוניווערסיטעטן"; ער האָט זיך געוואַלגערט איבער שטעט אין דרום־רוסלאַנד. דאָס האָט געדויערט אייניקע יאָר. מער געוואַנדערט, ווי געאַרבעט. די לופט איז שוין געווען דאַן אָנגעזאַפּט מיט שפּאַנונג, און לעאָן ווערט אַ — „נאַראָדניק"; ער „גייט אין פאָלק", ער פאַרשפּרייט בילדונג און — סאָציאַליזם. ער קומט צוריק אין אונדזערע מקומות און ווערט אַ לערער אין קאַרטוז־בערעזאַ. ער שטייט ניט צו צום „בונד", ווייל ער צילט ניט אין יידישן שטעטל, נאָר אין גוי'אישן דאָרף. ער איז אַ מיטגליד פון דער אַלגעמיינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. און ווען עס דערגייען די ערשטע פונקען פון שיקזאַל־יאָר 1904, קלייבט

---

*) אין 1916 האָבן זיך אין דער דרוקעריי אָפּגעדרוקט: דער הספד פון ר' זיידל ווייצל אויף זיין פאָטער ר' מרדכי'לי זצ"ל, און אַ רעפעראַט אין עברית פון הלל־איסר יאַנאָווסקי, צום יובל פון ביאַליק. — רעד.

ער זיך אַריבער צוריק אין סלאָנים, ווּ אין שטוב האָט זיך שוין אינצווישן צופלאַקערט אַ גאַנצער פייער: דער יינגסטער ברודער יאַשקע און די שוועסטער ראָזע זיינען געוואָרן שיעור ניט די ראָשי־המדברים פון דער שטורמישער יוגנט אין שטאָט. און אָט האָבן מיר שוין ביים היימישן טיש פּאַרטראָטן אַלע שאַטירונגען פון דער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטישער אויסשטאַלטונג פון יענע יאָרן: לעאָן — דער מעסיקער נאַראָדניק און סאָציאַליסט, וואָס „גייט אין פאָלק"; יאַשקע — דער בריוזנדער, עקסטרעמער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער, וועמנס האָריזאָנטן ציהען זיך אויך העט־העט, אויף יענעם זייט פון די יידישע מאַסן, און — ראָזע, די בונדיסטקע, וואָס האָט מייחד געווען איר יונגן פלאַקער צו דער היימישער גאַס, צום יידישן אַרבעטער און אינטעליגענט.

וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן ביי אונדז אין שטוב אין יענע פּאָר יאָר! איך, די מוזשינקע, אָבער שוין אַ רייפע מיידל — האָב אַלץ געזען און אַלץ געהערט. ווען איך וואָלט געווען עלטער וואָלט איך, מן־הסתם, אויך אַריינגעצויגן געוואָרן, — אָדער זיי וואָלטן מיר שוין אַריינגעצויגן. אַ סברא, אַז איך בין נאָך דאַן געווען צו יונג אין זייערע אויגן. אַלע באַקאַנטע פּנים'ער פון דער דאַמאָלסטיקער שטורמישער יוגנט האָבן זיך פיקסירט אין מיין זכרון. סכאָקעס, קאָנספּיראַטיווע באַגעגענעשן, געהיימע פאַרזאַמלונגען אין וואַלד, אָפטע „גאַסטראָלן" פון לעאָנ'ען און יאַשקען מחוץ פון סלאָנים, און ביים טיש, — דיסקוסיעס, אומענדלעכע דיסקוסיעס, וואָס שטערן דעם שלום־בית. אמת, ניט קיין מחלוקת, אָבער שטענדיק געאַמפּערט זיך, שטענדיק געוואָלט איבערצייגן איינער דעם צווייטן... נאָר איינער קוקט מיט ביטול אויף'ן גאַנצן פיבערדיקן טומל: מאַרקוס. ער איז רעאַל, ניכטער, זאַכלעך. ער האַלט זיי פאַר בטלנים און שווייגט. יעדנפאַלס, רעספּעקטירט ער זייער יוגנטלאַכן ברען, הגם ער איז ניט פיל עלטער פון זיי.

ווען איך זאָל דערמאָנען נעמען פון די „מיטלויפנדע", פון די „מיטשפּילער", — וואָלט איך געדאַרפט אויסרעכענען פיל צענדליקער. דער „פייער" האָט אַרומגענומען בעל־הבית'ישע הייזער, אַזוי גוט ווי די בעלי־מלאכות־קרייזן. עס שעמערירן פאַר מיינע אויגן די לוריעס, די זאַקין'ס, די רייצעס, די שקלאָווין'ס, די ווייסברעמ'ס, די לאַזינסקי'ס, די יודקאָווסקי'ס, די שערעשעווסקי'ס, די לעווין'ס... און נישט נאָר סלאָנימער, נאָר אויך די שטודירנדע יוגנט פון די אַרומיקע שטעטלאַך, וואָס לערנען זיך אין רעאַל־שולע, צו אין דער פרויען־גימנאַזיע, אָדער אין די העכערע קלאַסן פון יודקאָווסקי'ס פּראָגימנאַזיע. אָט זע איך דעם זשעטלער בחור בעניאַמאָווסקי, אַ „רעאַליסט" פון 7־טן קלאַס, וואָס טרעט, אגב, ניט אָפּ פון ראָזען, — און, ווייזט־אויס, סאָלידאַריזירט זיך מיט איר ניט נאָר בנוגע דעם פּראָגראַם פון „בונד"... אַרום ראָזען ברויזט אַ געזעמל פון בחורים און מיידלאַך, רק מען שושקעט זיך, רק מען „רעדט־זיך אָפּ". אסתר יודקאָווסקי, עלקע שערעשעווסקי, דבורה'ל יאַקימאָווסקי, שעיה ווייסנבערג, נח ברוידאָ, און פיל־פיל אַנדערע.

און דאַן האָט זיך אָנגעהייבן אַ פּרשה „אָביסקעס". די פּאָליציי האָט גוט געוווסט, וואָס עס טוט זיך אין שטוב. פון צייט צו צייט, — און אויך אין מיטן נאַכט, — פלעגן זיי אַראָפּקומען, זוכן, נישטערן. „מיינע" רעוואָלוציאָנערן זיינען געווען אויפגעלייגט, און אפשר האָט דאָס מאַרקוס אויפגעפּאַסט, אַז אין שטוב זאָל ניט זיין קיין „טריפה" זאַכן... מען פלעגט גאָרניט געפינען.

אָט אַזוי האָט דאָס זיך געצויגן ביז 1906, ביז וואַנען דער רעוואָלוציאָנערער פייער איז געוואָרן פאַרלאָשן דורך די פּאָגראָמען און דורך דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער כוואַליע. נאָר צום סאַמע סוף האָבן זיך מיינע ביידע ברידער אויסגעגליטשט. מען האָט זיי געכאַפּט ביי דער אַרבעט, און ניט אין שטאָט, נאָר אין דערפער, ווּ זיי האָבן ממשיך געווען מיט'ן „באַארבעטן" די פויערים. מעגלעך, אַז עס איז אויך געווען אַ מסירה דאַביי. מען האָט זיי אַרעסטירט, יעדן איינעם באַזונדער. לעאָנען האָט מען אַריבערגעפירט אין גראָדנע, און ער איז אָפּגעקומען נאָר מיט 3 יאָר. דאַגעגן יאַשקע איז פאַר'משפּ'ט געוואָרן אויף 5 יאָר פאַרשיקונג. ער איז צוריקגעקומען ערשט אין 1912. לעאָנען איז באַשערט געווען אַ צוגאָב־פאַרדרייעניש: נאָכן באַפרייען זיך, האָט ער זיך אַריבערגעפעקלט אַזש אין פּעטערבורג, ווּ ער האָט געוויס ממשיך געווען זיינע געהיימע קאָנטאַקטן. מען האָט אים געשאַפן אַ „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" און ער האָט דאָרט געאַרבעט אין אַ בוכהאַנדלונג. אין איין שיינעם טאָג האָט מען אים געפּאַקט מיט אַ רעוואָלווער. דאָס איז געווען אין 1910. דאָסמאָל האָט מען אים פאַרשיקט אין סיביר, ווּ ער איז געווען ביז דער רעוואָלוציע אין 1917.

וואָס ס'איז שייך ראָזען, — האָט זי איבערגעלעבט אַ דאָפּלטע טראַגעדיע. נאָך ווייניק, וואָס ביידע ברידער זיינען געווען אונטער קראַטן, האָט באַהערשט אַ טיפע דעפּרעסיע איר גאַנצע „קאָמפּאַניע". אַפּאָר זיינען אַרעסטירט געוואָרן (עלקע שערעשעווסקי, שעיה ווייסנבערג), איניקע האָבן עמיגרירט, אַנדערע זיינען אַוועקגעפאָרן שטודירן, — און איינע, אַ איידעלע און צאַרטע נשמה, ראָזעס בעסטע חבר'טע, אסתר יודקאָווסקי, איז פון אַנטוישונג אין די אידעאַלן, פון פאַרצווייפלונג, ניט געפונען קיין אַנדער אויסוועג, ווי — זעלבסטמאָרד.

איצט שוין 47 יאָר נאָך דער טראַגישער געשיכטע**) געדיינק איך נאָך זייער קלאָר די אומשטענדן און פּרטים. איר שאָס האָט מיר דאַמאָלסט אויפגעטרייסלט ביז די טיפענישן פון מיין נשמה. און געשען איז דאָס אַזוי: אסתר פלעגט זיך אַלע טאָג טרעפן מיט ראָזען. זיי זיינען געבליבן דיזעלבע פאַרטרויטע און אינטימע חבר'טעס אויך אין די רעאַקציע־יאָרן. יענעם טאָג איז אסתר געקומען צו אונדז, האָט פאַרבראַכט מיט ראָזען אַ געוויסע צייט, און נישט אַרויסגעוויזן קיינע סימנים פון נערוואָזיטעט. ראָזע האָט זיך נאָכהער, לאחר המעשה, דערמאָנט געוויסע צווייטייטיקע רייד פון איר, וועלכע האָבן אָבער ניט געצויגן קיינע ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט. פון אונדז איז זי אַוועק צו זיך, אויף ברייטער גאַס. אין שטוב ביי פעשע יודקאָווסקין, איר מוטער, איז דאַן קיינער ניט געווען. אירע ברידער זיינען געווען, ווער אין גאַס און ווער אין חדר. זי איז אַריין אין איר טואַלעט־צימער, זיך אַוועקגעשטעלט קעגן שפּיגל, און דעם רעוואָלווער, וועלכער

**) די פרוי וואָלאַך־מאָגילאַנסקי האָט דערציילט אירע זכרונות אין 1953. — רעד.

איז געווען באַשטימט פאַר׳ן קאַמף מיטן צאַריזם, — האָט זי זיך אָנגעשטעלט אויף׳ן שלייף...

ראָזע האָט אין זעלבן אָוונט געפונען ביי זיך אין צימער פאַרשטעקט אין אַ ווינקל צווישן ביכער אַ צעטעלע, וואָס אסתר האָט באַהאַלטן בעת איר פרימאָרגעדיקן באַזוך ביי אונדז. אין צעטעלע איז געווען אָנגעשריבן מיט אסתר׳ס האַנט, אין יידיש:

„אַ פויגל וואָס קען ניט פליהען הויך, מוז פאַלן נידריק. פליהען הויך קען איך ניט, און קריכן וויל איך ניט". דאָס איז געווען אַ גענוגנדע ערקלערונג צו איר פאַרצווייפלטן אַקט. מען האָט זיך נאָכהער דערמאָנט, אַז דער לעצטער פערז פון דעם דאַן געשאַפענעם פעסימיסטישן ליד פון אברהם רייזין: „הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן" — הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „זעסט אַ פויגל קען ניט פליהען — טויט איר אויפ׳ן אָרט". —

מען האָט דאַן קאָמענטירט באַשיינפערלעך דעם איינפלוס פון די "בייזע ווינטן" און פון רייזינס ליד אויף דער איינדרוקספולער נשמה פון אסתר׳ן.

פאַר ראָזען איז דאָס געווען אַן׳אונגעהויערע צוטרייסלונג. מען האָט אין שטוב מורא געהאַט פאַר ראָזען, מען האָט געהיט אירע טריט... צום גליק איז נאָך געווען — בעניאַמאָווסקי. יע ,דער זשעטלער בונדיסט, דער רעאַליסט, וועלכער האָט דערווייל געענדיגט די „רעאַלנע", און געטרוימט צו „פאַרטרינקען" די אַלגעמיינע אַנטוישונג און דעפרעסיע — אין הויכער בילדונג. ער האָט געוואָלט שטודירן אינזשעניער און זיך צוגעשטעלט צום פעטערבורגער פאָליטעכניקום. נאָר ווייזט־אויס אַז זיין בונדישע פאַרגאַנגענהייט האָט אים שוין לכתחילה גע׳פסל׳ט, ווייל נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ביי די איינטריטס־עקזאַמענס האָט ער באַקומען 24 פונקטן אויפ׳ן מעגליכסטן מאַקסימום פון 25, — וואָס ס׳האָט אים געגעבן רעכט אַריינצוגיין אין דער יידישער פראָצענט־נאָרמע, — האָט מען אים דאָך ניט צוגעלאָזן. ווי פיל אַנדערע יידישע סטודענטן, איז ער אַוועקגעפאָרן אין אויסלאַנד, און אָנגעקומען אין בריסעלער אוניווערסיטעט, אין דער הויכשולע פאַר גרובן־אינזשעניער. איבעריק צו זאָגן, אַז זיין פאַרבינדונג מיט ראָזען האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט, — און אין דער קריטישער צייט, נאָכ׳ן זעלבסטמאָרד פון אסתר׳ן, — איז זי געפאָרן צו אים, אין בריסל אין 1907. זיי האָבן חתונה געהאַט. ראָזע איז געקומען צו זיך, און זי האָט, דאָרט, אגב, שטודירט שפראַכן. נאָכ׳ן ענדיקן זיין שטודיום, האָט בעניאַמאָווסקי באַקומען אַ אינזשענירן־פאָסטן אין פראַנקרייך, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט אין 1912. דאָרטן איז זי אויך געבאָרן געוואָרן זייער איינציקע טאָכטער.

---

ווו זיינען זיי אַלע? וואָס איז געוואָרן מיט לעאָנען, מיט יאָשקען, מיט ראָזען, מיט זייערע פאַמיליעס?

איך האָב נאָכגעפאָלגט זייערע גורלות, — אומגליקלעכע אומברחמנות׳דיקע גורלות, — סיי פון רוזשנאַי, ווו כ׳האָב חתונה געהאַט אין 1911 און דאָרט געלעבט ביז 1933, און סיי פון ארץ־ישראל, ווו כ׳בין עולה געווען אין 1933 מיט מיין פאַמיליע.

צוריקקומנדיק פון פאַרשיקונג אין 1912, האָט יאָשקע חתונה געהאַט אין מינסק, און געלעבט אין יענע מקומות. פון צייט צו צייט פלעגט ער קומען אין סלאָנים. ער האָט מיר אויך באַזוכט אין רוזשנאַי. ס׳איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז אין 1917 האָט דער ראַדיקאַלער און קעמפפערישער יאָשקע ניט געהאַט קיין שווערן אינערלעכן געראַנגל צוצושטיין צו דער הערשנדער פאַרטיי. ער איז ביי די סאָוועטן געווען זייער אָנגעליגט, און איז שוין פון אָנהייב־אָן געווען באַשטימט צו הויכע אַדמיניסטראַטיווע פונקציעס. און כאָטש סלאָנים האָט דאָך גוט געדיינקט איר יאָשקען פון 1904—1906, איז די שטאָט געווען זייער איבעראַשט, ווען בראש פון „רעווקאָם" וואָס איז געוואָרן באַשטימט נאָך דער ערשטער באָלשעוויסטישע באַזעצונג פון שטאָט אין יאַנואַר 1919, איז אַראָפגעקומען — אַ היימישער, אַן׳אייגענער מענטש, יאָשקע וואָלאַך! ער איז איצט צוריקגעקומען אין זיין געבורט־שטאָט אַלס דער העכסטער פאַרטרעטער פון דער הערשנדער מאַכט. וואָס פאַר אַ רעוואַנש פאַר דעם רעוואָלוציאָנער פון פינפטן יאָר, פאַרן געוועזענעם פאַרשיקטן אין סיביר! ווען דער סלאָנימער איספראַווניק פון פינפטן יאָר וואָלט דאָס געזען! נאָר עס האָבן נאָך וועגעטירט אין שטאָט און אומגעגנט געוועזענע צאַרישע פאָליציאַנטן, אויך דער נאַדזיראַטעל איוואַנאָוו האָט נאָך געלעבט אין אַ נאָנטן דאָרף, — און זיי האָבן געזען...

יאָשקע האָט זיך באַצויגן לאָיאַל און פריינטלעך צו זיינע סלאָנימער יידן, כאָטש ס׳איז אפשר אַמאָל געשטאַנען אין סתירה צו די פונקציעס פון זיין הויכן אַמט. נאָר סיי־ווי־סיי האָט זיין „הערשאַפט" נישט געדויערט, ס״ה 6 וואָכן, און, ווי באַקאַנט, האָבן די סאָוועטן, אונטערן דרוק פון פוילישן מיליטער, פאַרלאָזן סלאָנים ענדע פעברואַר 1919. אין די 6 וואָכן האָב איך יאָשקען מיט זיין פרוי געזען מערערע מאָל. און מער — שוין ניט...

יאָשקע האָט זיך עוואַקואירט מיט דער סאָוועטישער מאַכט, און זייט דאַן — פאַרשוואונדן ווי אין וואַסער אַריין. מען האָט אין סלאָנים דערציילט, אַז בעת דער פוילישער אָפענסיווע אין ווייסרוסלאַנד אין 1919, איז ער געבליבן שטעקן אין באָברויסק און נישט באַוויזן צו אַנטלויפן. די פאָליאַקן זאָלן אים האָבן דערקענט און דערשאָסן. נאָר דער קלאַנג איז קיינמאָל ניט באַשטעטיקט געוואָרן. אָנהייב 1920, ווען די פאָליאַקן זיינען נאָך געווען אין מינסק, בין איך אַהין געפאָרן צו יאָשקעס שוויגער. זי האָט שוין געטרויערט אויף איר טאָכטער, הגם קיין גענויערע פרטים האָט זי אויך ניט געהאַט. איצט, אַפאָר און דרייסיק יאָר נאָך דעם בין איך שוין זיכער, אַז זיי לעבן ניט. אין קעגנפאַל וואָלטן מיר דאָך געהאַט במשך פון אַזוי פיל יאָרן, — עפעס אַ סימן פון זייער עקזיסטענץ.

וואָס ס׳איז שייך לעאָנ׳ען — איז זיין גורל באַשטימט געוואָרן אויף אַן׳ענלעכן כאָטש פשוט׳ערן אופן. נאָכ׳ן צוריקקומען פון סיביר אין 1917, האָט ער זיך געטראָפן מיט יאָשקען אין מינסק, און אויך ער האָט דאָרט געפונען זיין לעבנסבאַשערטע. זיינע ווייטערע עטאַפן זיינען געווען סטאַנדאַרטמעסיק, ווי עס איז געווען פאַר פיל ניי־געוואָרענע קאָמוניסטן: אַ הויכער פאָסטן ביי דער מאַכט, אַ פעסטער סאָציאַלער מעמד, אייניקע „גוטע", רוהיקע יאָרן, און דאַן, מיט די ערשטע סטאַלינישע „טשיסטקעס" (ריינינקונגען), — אַ באַשולדיקונג אין — טראָצקיזם! ביז דאַן — פלעגן מיר באַקומען פון

לעאַז'ען בריוו, הגם ניט רעגלמעסיק. די לעצטע ידיעה פון זיי, אַ פאַרשטעלטע, איז געווען, אַז זיי באַמיהען זיך (ער מיט זיין פרוי און איינציק קינד) צו אַנטלויפן קיין ריגע. נאָר ווייזט־אויס, אַז ס'איז זיי ניט געלונגען. דאָס איז געווען די לעצטע ידיעה פון זיי!

און ראָזע, מיין טייערע שוועסטער? — דער גורל האָט איר פאַרגיטיקט פאַר אירע שווערע איבערלעבענישן אין דער יוגנט. זי האָט געפונען גליק אין איר פאַמיליען־לעבן, אין איר געטרייען מאַן, אין איר טאָכטער. זי האָט געלעבט אַן'אינטענסיוון אייראָפּעאיש־קולטורעלן לעבן אין האַרץ פון פראַנקרייך. מיר האָבן זיך געזען פיל מאָל. סיי אין די צוואַנציקער יאָרן. און סיי אין די דרייסיקער, זינט מיין עליה. נאָכ'ן פאַרלוסט פון אונדזערע ברידער זיינען מיר ביידע געוואָרן נאָך נענטער און נאָך אינטימער. איר בת־יחידה האָט חתונה געהאַט נאָך פאַר'ן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיט אַ באַרימטן פראַנצויזישן יוריסט, — וועלכער איז געווען פּראָפעסאָר פון יוריספּרודענץ אין בראַזיל נאָך פאַר 1940. די עלטערן זיינען געבליבן אין פאַריז. און אַט איז אַנגעשפּרונגען די דייטשע אָקופּאַציע. אין 1942 איז ראָזע אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, בעת די מאַסן־גירושים פון פראַנצויזישע יידן קיין אוישוויץ. מיט דעם האָט זיך אַזוי ווי געשלאָסן דער ציקל פון פאַטום וואָס האָט נאָכגעיאָגט דעם רעוואָלוציאָנערן דריילינג פון אונדזער משפחה.

נאָך דער מלחמה איז דער עלנט־געבליבענער בעניאַמאָווסקי געפאָרן צו זיין טאָכטער אין בראַזיליען.

פאַרצייכנט און באַאַרבעט דורך ק. ל.

# דריי פאַרטיי־חברים פון 1903־1906 דערמאַנען זיך...

## א בונדיסט

אויך ביי אונדז אין שטוב איז געווען פריילאַך... צו מיין ברודער שמואל שקלאָווין, וועלכער איז געווען אַ פאַרקאַכטער בונדיסט, פלעגן קומען פיל חברים פון דער פאַרטיי. און איך, כאָטש יינגער מיט אַ פאָר יאָר, בין איך אויך אריינגעצויגן געוואָרן. מיין ברודער'ס נאָנטסטער חבר איז געווען לענסקי, דער זון פון אַלטע די אָקושערקע. ער איז געווען אַן'אויסגעצייכנטער רעדנער און טעאָרעטיקער. ער איז נאָכהער געווען דער קאַנדידאַט פון "בונד" אין סלאָנים צו די וואַלן פון דער צווייטער דומע. אַ צווייטער חבר פון „בונד" איז געווען אַ געוויסער דוואָרעצקי (זיין מוטער האָט געהאַט אַ קראָם אין אַרעמן ראַד קראַמען, און א וועשערייַ נעבן די באָד פון ר' שעיה עפשטיין. מען האָט איר גערופן מיט'ן צונאָמען „קאַראַ־קולע"). א שם־דבר אין סלאָנים אין פינפטן יאָר איז געווען א בונדיסט, באַקאַנט אונטערן נאָמען: "יאָסל פעטערבורגער". אויך האָב איך גוט געקענט די הויפּט־פּערזאָן פון סלאָנימער "בונד", די חבר'טע מרים ראַסקין. קיין שום זאַך פלעגט ניט אויסגעפירט ווערן אין דער פאַרטיי אָן איר וויסן. איך האָב איר נאָכהער באַגעגנט פיל מאָל אין ניו־יאָרק ווו זי איז א באַקאַנטע פּערזאָן אין די פאָרווערטס־קרייזן. אין אַמעריקע האָב איך געטראָפן מערערע מאָל אויך איינעם פון די גרינדער פון די סלאָנימער „פועלי ציון" אין 1903, (נאָכהער ס.ס.) יודל סאָוויצקי, וועלכער איז געווען א באַקאַנטער אַדוואָקאַט אין טשיקאַגאָ. מיין ברודער'ס קרייז איז אין די רעאַקציע־יאָרן זיך צעפאַלן. זיין פריינטשאַפט מיט לענסקין האָט נאָך אַנגעהאַלטן. ווי פיל פון די אינטעליגענטע בונדיסטן, זיינען זיי געפאָרן שטודירן. זיי האָבן שטודירט צוזאַמען אין אין פּאָליטעכניקום אין קאַרלסרוהע אין דייטשלאַנד. ווייניק פון זיי זיינען געבליבן ביי זייערע יוגנט־אידעאַלן.

שלום שקלאָווין

## חבר "פועלי־ציון" (ו"צעירי ציון")

הייתי אחד החברים הראשונים של אגודת „פועלי־ציון" בסלונים, עיר־מולדתי, מיד כשנוסדה בשנת 1903. זה היה אחרי שנות־נדודים וגלגולים שעברתי מאז שעזבתי את העיר בגיל 15. הייתי חניך ישיבת־סלונים, בה שמעתי תורה מכיתה לכיתה, החל מר' שמריל המלמד, ועבור דרך מלמדי הכיתות ר' זרח, ר' אשר, ר' איטשה והר"מ ר' יהודה. משסיימתי את כל הכיתות, נדדתי לאכסניות של תורה בביאליסטוק ובבריסק. בינתים „התפקרתי" והצצתי בספרים חיצוניים... השתלמתי בעברית וכשחזרתי לסלונים להתייצב לצבא, — זה היה בשנת 1903, — נקלעתי לאותו חוג של משכילים, אקסטרנים וכו' שהקים סניף פועלי־ציון בעיר. אחרי ששוחררתי מהצבא עסקתי בעיר בהוראה עברית.

סניף פוע"צ כלל בראשיתו מספר חברים מועט. ביניהם היו צעירים מאגודת־הנוער „מוקירי ציון", שהצטרפו לפוע"צ. זכורני, שהסניף לא יכול לעמוד בפני הפעולות והתעמולה של ה"בונד" והס.ס. שבשנים ההן. מספר חברים עזבו את המפלגה והצטרפו לס.ס. בראש העוזבים היה יהודה סביצקי. כשנידלדל הסניף, שוב גדלה אגודת־ הנוער „מוקירי ציון", שקראו לה אח"כ "צעירי־ציון", שבה הייתי חבר עד שעברתי להשתקע בקוברין.

אפרים פולונסקי

## און א חבר פון ס.ס.

ווי פיל אַנדערע יינגלאַך פון מיין דור, האָב איך אין דער יוגנט דורכגעמאַכט דעם אויסגעטראָטענעם וועג דורך מלמדים, העברעאישע און רוסישע לערער, און פאַרענדיקט מיט "יעווערייסקאַיע אוטשיליטשע". לויט אַט דעם וועג האָט מען אין סלאָנים, ביי אַמאָליקע באַגריפן, געקענט פאַררעכנט ווערן פאַר א „שטיקל מענטש", וואָס איז אַרויס פון די עלטערנ'ס רשות און געוואָרן שוין גענוג זעלבסטשטענדיק, כדי קענען זיך אנשליסן אין א רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי... מיין גורל האָט מיר געפירט פריהער אין די פוע"צ און נאָכהער אין ס.ס.

זייענדיק פון דער נאַטור קריטיש און אַגרעסיוו, איז מיר אָפט אויסגעקומען צו קריטיקירן ביי די סכאָדקעס די שטעלונג פון די ס.ס. צום פּאָליטישן קאַמף קעגן צאַריזם. און אַט

# זכרונות על האב״ד הצדיק ר׳ מרדכי״לי זצ״ל

# זכרונות וועגן שטאָט־רב דעם צדיק ר׳ מרדכי״לע זצ״ל

מ. ליטווין

## דער סלאָנימער „גוטער ייד״

צווישן אַלע רבנים און „גוטע יידן״ פון ענדע 19־טן און אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט אין פוילן, ליטאָ און ווייסרוסלאַנד, איז ר׳ מרדכילע, דער „סלאָנימער גוטער ייד״, אָן שום ספק, דער מערקווירדיקסטער. דער שיקזאַל האָט געשאַפן אין אים אַ מוסטער פון אַ „גוטן יידן״ אין זיין נאַאיווסטער און שענסטער געשטאַלט.

ער איז נתגלה געוואָרן נאָך אין די 70־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. דעמאָלסט האָט ער געהייסן דער „ביטענער״, נאָכן נאָמען פון שטעטל ביטען ביי סלאָנים, ווו ער איז דאַן געווען רב.

מ׳דערציילט, אַז ער איז דאַן אַרומגעגאַנגען אין פּראָסטע לייוונטענע בגדים, האָט געפאַסט תעניתים, געגעבן אַסך צדקה. ער האָט זיך געהאַלטן זייער פּראָסט, אַ מין למד־וואָו־ניק, ניט געחבר׳ט זיך מיט רבנים און לומדים. דער קלאַנג וועגן דעם אונגעוויינלעכן רב האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אַלץ ווייטער. קלאָגעדיקע הערצער און פאַרביטערטע נשמות, באַזונדערס וויבערשע, זיינען תמיד, ברוך השם, געווען אין יידישן תחום־המושב. פון אַלע זייטן האָט מען זיך גענומען ציהען צו אים, און ביטען איז געוואָרן אַ מין „מעקאַ״ אָדער „ירושלים״. ביטען האָט דאַן שטאַרק קאָנקורירט מיט ליובאַוויטש און אפילו מיט גער.

אַז „אַ גוטער ייד״ ווערט „נתגלה״, איז אַ טובה פאַר אַ שטעטל. עס קומען אורחים. יידן האָבן דערוויל פּרנסה. איז אָבער אויך פאַראַן קנאה אויף דער וועלט. האָט זיך מתקנא געווען קאַרעליטש אָן ביטען. אינגיכן האָט מען צום „ביטענער גוטן יידן״ אָנגעהייבן צו פאָרן קיין קאַרעליטש, און פון „ביטענער״ איז געוואָרן „דער קאַרעליטשער״. פון „קאַרעליטשער״ איז ער עטלעכע יאָר שפּעטער געוואָרן דער „אָשמענער״, און צולעצט דער „סלאָנימער״. בשעת מיין וויזיט אין סלאָנים, ווו כ׳בין טאַקע געקומען זען, הערן און אויספאָרשן וועגן ר׳ מרדכי״לען, איז געגאַנגען אַ שטאַרקער קלאַנג אַז ווילנע, וויל אים צונעמען פון סלאָנים, פאַר אַ שטאָט־מגיד... מ׳האָט געזאָגט, אַז זיינער אַ רייכער אָנהייגער פון ווילנע וויל זיך לאָזן קאָסטן טויזנטער, אַבי אַראָפּברייגגען אים קיין ווילנע. אָט אַזוי האָט געהאַלטן גאָר נאָנט, אַז ווילנע, די שטאָט פון ניכטערן פּלפּול, די וויגעלע פון השכלה, פון יעדער גייסטיקער און סאָציאַלער באַוועגונג ביי יידן, זאָל ווערן די רעזידענץ פון „אַ גוטן ייד״, און דער רום פון ווילנער גאון זאָל פאַרדונקלט ווערן דורכ׳ן רום פון „אַ ווילנער גוטן ייד״...

דער סלאָנימער גוטער ייד גיט ניט קיין קמיעות, קיין סגולות. ער „היילט״ מערסטנטייל מיט אַ ברכה און מיט פסוקים. ער נעמט ניט קיין געלט. ער האָט ניט קיין גבאים, נאָר אַ משרת האָט ער, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו אים בירושה פון פאַרשטאָרבענעם שטאָט־רב, ר׳ יאָסעלע שליופּער. ר׳ מרדכי״לע נעמט אויך ניט קיין שכירות פון שטאָט פאַר זיך. ער גיט אַוועק די שכירות אויף צדקה־זאַכן. זיין ווייב איז ביי אים די צווייטע. ער האָט מיט איר חתונה געהאַט שוין אויף דער עלטער. זי איז אַ נגידה, האָט מויערן אין סלאָנים. בשעת מ׳האָט אים דעם שידוך גערעדט, האָט ער אויסגענומען אַ תנאי, אַז זי, די צווייטע ווייב, זאָל שטיצן

---

בין איך איינמאָל געשטרויכלט געוואָרן, און מיט דער הילף פון נאָך דריי חברים, צווישן זיי ישראל דער דרוקער, האָב איך אויף א העקטאָגראַף אָפּגעקלאַפּט א פּראָקלאמאציע, פול מיט קריטיק קעגן דער טאקטיק פון דער פּארטיי און עס אויפגעקלעפּט אין ערטער, ווו די פּארטיי־חברים פלעגן זיך טרעפן. פאר אזא דיסציפּלין־ברוך, — און איצט אנערקען איך אז די פּארטיי איז געווען גערעכט, — האָט מען אונדז גערופן צום פּארטיי־משפט. די הויפּט־באשולדיקונג איז געווען קעגן מיר, אלס מחבר פון דער פּראקלאמציע.

את חטאי אני מזכיר היום... מען האָט מיר, בחרפּתי, אויסגעשלאָסן פון דער פּארטיי, און כ׳בין דערפאר אָנגעקומען, קורץ נאָך דעם אין אמעריקע מיט א קין־צייכן און אָן אַ פּארטיי־לעגיטימאציע...

איזידאר סאַוויט

זיינע קינדער פון דער ערשטער, זאָל העלפן אויסגעבן זיינע אייניקלאַך. זי האָט אויף אַלץ מסכים געווען. פאַר זיך אַליין דאַרף דער סלאָנימער גוטער ייד גאָרניט.

דער „סלאָנימער" העלפט צו פאַרשיידענע קרענק: צו בויך־ווייטאָק, צו נערוון, נאָר גאַנץ באַזונדערס איז ער אַ „פּוקד עקרות". אַז אַ יידישע ווייבל האָט קיין קינדער ניט, אָדער קינדער האַלטן זיך ניט, — פאָרט מען צו אים, מ'פאָרט צו אים פון אַלע עקן וועלט. צו אים פאָרן אויך קריסטן פון אַלע קלאַסן און ראַנגען: פּריצים, פּויערן, גלחים, אָפיצערן, גענעראַלשעס... דעם ווילנער גובערנאַטאָר'ס ווייב איז אין אים געווען בעזונדערס איינגעגלויבט. ס'קומען צו אים אַלטע און יונגע, פרומע און פרייע, יידישע גימנאַזיסטקעס, אין אַ קריטישן מאָמענט, ד. ה. פאַר די עקזאַמענס, קומען צו אים אויסבעטן אַ גוטע „אָטמעטקע" (ד. ה. אַ גוטן „באַל"). ר' מרדכי'לע ווערט ניט, חלילה, אין כעס אויף די גימנאַזיסטקעס, כאָטש ער איז קעגן גימנאַזיעס און שטראָפט פאַר זיי דעם עולם אין זיינע דרשות. ער פאַרלאַנגט נאָר, אַז זיי, די גימנאַזיסטקעס, זאָלן ניט שרייבן אום שבת. ער הייסט זיי זאָגן תהלים און זאָגט זיי, אַז ס'וועט זיין רעכט...

עס קומען געזונטע מענטשן פרעגן אַן עצה אין פאַרשיידענע שווערע אָנגעלעגנהייטן, בעטן הצלחה אין געשעפטן, אויסבעטן פרנסה און חיונה. עס קומען אויך זינדיקע נשמות, וואָס טוען תשובה. דער רבי ענטזאָגט קיינעם ניט, גייט אַריין אין יעדנס מצב, גיט עצות, גיט אַרויס אַ תשובה...

איבערהויפּט קומען צו אים פיל ווייבער. וויפיל האָט זיך דאָס אָנגעקליבן אויפ'ן האַרצן פון אַ יידענע, אויף איר שווערן געמיט. ווילט זיך איר אַלץ, אַלץ אויסגיסן פאַרן רבי'ן. און דער רבי האָט טאַקע צו זיי, צו די ווייבער אַסך אַסך געדולד.

פאַרנדיק אין סלאָנים און פון סלאָנים, האָב איך זיך געטראָפן מיט סלאָנימער יידן. וויזט זיך אַרויס, אַז דאָס וואָרט „אין נביא בעירו" האָט טאַקע פיל אמת. מאַנכע סלאָנימער יידן זיינען כמעט געווען גלייכגילטיק צו זייער צדיק.

— וואָס איז דאָ די לויפעניש, — קריטיקירט אַ סלאָנימער קרעמערקע די אָנגעפאָרענע ווייבער, וועלכע זיינען געווען אין צוג־וואָגאָן, — מיר סלאָנימער ווערן גאָרניט אַזוי נתפּעל. אַנ'ערלעכער ייד! פאַראַן גענוג ערלעכע יידן... —

— איי, וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר! — ענטפערט איר אַ פּאַסאַזשירין פון דער אַנטקעגנדיקער באַנק, — אייך איז אַזוי גוט און אַזוי וווּיל! אַז „ער" גייט דורך מיט זיין ליכטיקן פּנים פאַרביי אייך, איז דאָך שוין גענוג... וואָס דאַרפט איר מער... אָבער מיר, ווען מיר האָבן די זכייה... —

איבערדערציילן די וווּנדער, וואָס מ'דערציילט זיך אָן אין המון פון ר' מרדכי'לען, — וואָלט מען געדאַרפט פאָרן איבער'ן גאַנצן תחום־המושב, כדי זיי צו פאַרצייכענען.

אַז אַ ייד האָט צו טאָן מיט אַ שלעכטן בעל־דבר, אַ גוי, אַ שונא־ישראל, ווענדעט מען זיך צום סלאָנימער. מ'זאָגט, אַז אויך דערין איז ער אַ „ספּעציאַליסט". ער הייסט זאָגן אַ פּסוק, און מיטן פּסוק אַליין מוז מען ווערן געהאָלפן. און טאָמער העלפט ניט, ווייס שוין דער רבי קלאָר אַז דער „בעל־דבר" איז ניט קיין פּשוט'ער, ער איז פון די עמלקים און צו די עמלקים, — זאָגט ער — העלפט קיין שום פּסוק ניט, כל־זמן יידן זיינען אין גלות.. אין די רעוואָלוציע־יאָרן, 1904—1905, בשעת רוסלאַנד האָט געשטורעמט פון באָמבעס און יידן־פּאָגראָמען, האָט זיך „דער סלאָנימער" טאַקע וועגן דעם ענין שטאַרק פאַרטראַכט. ער האָט געזען בעשיינפּערלעך, אַז כלו כל הקצין, און „באו מים עד נפש". אַ פּנים, אַז ס'האַלט שוין טאַקע גאָר נאָענט צו ביאת־המשיח.

איך האָב גערעדט אין סלאָנים מיט יידישע אינטעליגענטע יונגע לייט, מיט באַוווסטזיניקע אַרבעטער. כ'האָב געוואָלט וויסן, ווי קוקן זיי אויפן רבי'ן? און איך האָב זיך איבערצייגט, שוין ניט צום ערשטן מאָל, אַז אונדזער מאַסן־יוגנט, ניט קוקנדיק אויף איר קנאַפּע בילדונג, איז אין איר גייסטיקער אַנטוויקלונג אַוועק אַסך ווייטער פון דער משכילי'שער אפּיקורסישער יוגנט. קיינער פון זיי האָט ניט געשרייען אויפ'ן חשבון פון רבי'ן: פאַנאַטיזם! פינסטערניש! קיינער פון דער יוגנט האָט ניט געפּרובט פירן אַ דירעקטן קאַמף מיט דער אַבערגלויבישער פאַרגעטערונג פון צדיק.

— ער שטייט ביי מיר פיל העכער פון אַ דאָקטער, אַ קאַריעריסט, וואָס גלויבט ניט קיין האָר אין דער מאַכט פון זיינע מיקסטורן, — האָט מיר ערקלערט איינער פון זיי, אַנ'אינטעליגענטער יונגער מאַן, — דער צדיק איז ווייניקסטנס אויפריכטיק, ליבט דאָס פאָלק, און וויל אים העלפן אויף זיין שטייגער.

אַנ'אַנדערער גייט ווייטער:

— פּראָפעסאָר פאָרעל (דער מחבר פון באַרימטן בוך: „געשלעכט־פראַגן") באַהויפּטעט, אַז געוויסע פאַלן פון קינדערלאָזיקייט קען מען היילן מיט היפּנאָטיזם. פאַרוואָס זאָל מען ניט צוגעבן, אַז דער סלאָנימער בעל־מופת באַזיצט אַ היפּנאָטישע קראַפט און קען אין געוויסע פאַלן ווירקן טאַקע דורך איר, דורך אָט דער קראַפט? —

אַז ר' מרדכי'לע באַזיצט אין זיין בליק אַ געוויסע היפּנאָטישע קראַפט, — איז קיין ספק ניט. ער האָט אַ מערקווירדיק־שאַרפע, דורכדרינגענדע אויג. ער האָט אין זיין לעבן געהאַט צו טאָן מיט אַזוי פיל מענטשן, אַז ער קען זייער גוט זייער פּסיכאָלאָגיע. ער דאַרף נאָר אַ קוק־טאָן אויף אַ יידענע, ווייס ער שוין וואָס איר פעלט, וואָס זי האָט אים און וואָס ער האָט איר צו זאָגן. דער בלינדער גלויבן אין אים פון די פאָלקס־מאַסן, — און ניט בלויז פון מענטשן פון דער מאַסע, — העלפט אַסך מיט צו זיין היפּנאָטיזירנדער ווירקונג. ער גלויבט אַליין אין זיין וואָרט, אין זיין ברכה. דערצו איז ער דער איינציקער פון אַלע „גוטע יידן", וואָס נעמט ניט קיין געלט.

אין דער שטורעמדיקער צייט פון דער רעוואָלוציע, האָט ער, — פּונקט ווי דער בריסקער רב, ר' חיים סאָלאָווייטשיק, — געמוזט, ניט ווילנדיק, אַרויסטרעטן און זאָגן זיין וואָרט. מ'האָט גע'הרג'עט אין סלאָנים אַ פּאָליציאַנט. די בחורים וואָס האָבן אים געשאָסן, זיינען שוין לאַנג געווען אויף יענער זייט גרענעץ. האָט מען געכאַפּט 2 אומשולדיקע בחורים און מ'האָט זיי פאַר'משפּט צו דער תליה. דער רבי און די „פּני" פון דער שטאָט האָבן אָפּגעגעבן אַ שבועה, אַז זיי זיינען אומשולדיק. די שבועה האָט געווירקט, און מ'האָט די צום־טויט פאַר'משפּטע געשיינקט דאָס לעבן.

פון דעמאָלט־אָן האָט זיך די סלאָנימער רעוואָלוציאָנערע יוגנט צו אים באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט.

ר' מרדכי'לע האָט פיינט צו זיין אַ יושב־אוהל, אַ באַנק־

קוועטשער. ער מישט זיך אין לעבן, ער איז אַ היציקער כלל־טוער. ער האָט ליב אָפּט צו דרש'ענען. ער האָט ליב צו נעמען משלים פון „עסטרייך מיטן פרייס", פון „באַטאַריייען און האַר־מאַטן", פון אַ „בן־מלך מיט אַ בת־מלכה". און דאָס אַלץ כדי צו דערוויזן, וואָס פאַר אַ עבירה ס'איז אָפּצוגעבן קינדער אין די גימנאַזיעס, צו גיין מיט די אייגענע האָר, ניט צו האַלטן פון דער מקווה...

איינמאָל האָט זיך געטראָפן, אַז דער רבי האָט זיך ניט באַנוגנט מיט די דרשות, און האָט אויסגערופן אַ חרם אויף אַ סלאָנימער פאָטאָגראַף, וואָס האָט געאַרבעט אום שבת. דער פאָטאָגראַף, אַ ביטערער יונג, האָט גענומען אַ רעוואָלווער און איז אַוועק צום רבי'ן... מ'האָט ביי אים אָפּגענומען דעם רעוואָלווער און מ'האָט פאַרפירט קעגן אים אַ פּראָצעס. אין געריכט איז דער רבי געקומען בכבודו ובעצמו און האָט אים פאַרטיידיקט, און דער פאָטאָגראַף איז אַרויס פריי.

---

די לעצטע יאָרן איז דער סלאָנימער צדיק געווען שוואַך אין געזונט. ווען אַט „דער לעצטער גוטער ייד" איז פאַר־שוווּנדן, האָבן גרויסע יידישע פאָלקס־מאַסן, און איבער־הויפּט פרויען, טיף באַדויערט, וואָס אין זייער שווערער לאַגע וועלן זיי ניט האָבן קיין גוטן, האַרציקן פריינט, פאַר וועמען זיי זאָלן זיך קענען אויסזיפצן און געפינען כאָטש אַ פריינט־לעכן וואָרט און טרייסט.

**הלל איסר ינובסקי**

# הגאון ר' מרדכי רוזנבלט־ווייצל

בסלונים הייתי מבקר לעתים תכופות לרגלי עסקי הפרטיים. יש ששהיתי בה יום, יומיים ויש שגם שבוע שלם או יותר, היו לי שם מכרים וידידים מיקירי קרתא והעסקנים הצבוריים רובם ציונים. הרבה שמעתי על מופתיו של מרא דאתרא הגאון ר' מרדכי'לה. על הנחותו בעצה טובה ומחוכמה את הפונים אליו בענינים ועסקים מסובכים, על חוטאים ופוש־עים הבאים אליו להתודות את עוונם והוא מורה להם דרכי תשובה, וגם על רפואה בדוקה שיש לו לכל מיני תחלואים שמעה אזני. ספרו לי שבאים לשאול בעצת הרב ממרחקים ואפילו ממנז'וריה, מפני שהוא מפורסם בכל תפוצות הגולה. והבאים יש שעליהם לחכות ימים אחדים עד הגיע תורם להת־קבל. אחד מהמקורבים לר' מרדכי'לה ספר לי, שעל שמו של הרב מתקבלים יום יום ע"י הדואר סכומי כסף ממקומות שונים. אולם הוא, הרב, אינו נהנה מהכסף הזה אפילו פרוטה. את הסכומים הוא מחלק למוסדות צדקה וחסד בסלונים ומחוצה לה, ביחוד לתלמוד תורה ולישיבות. האיש הזה ספר לי מאורע מחיי ר' מרדכי'לה בהיותו עוד רב (רבנותו הראשונה) בעירה ביטען שע"י סלונים. מקור פרנסתו של הרב בביטען היה מכירת שמרים שהיתה מונופולין להרב. שום הכנסה אחרת לא היתה לו. במכירת השמרים עסקה הרבנית, הוא לא ידע בטיב עסק זה וגם לא התענין לדעת, ישב יומם ולילה על התורה ועל העבודה, פרנסתו היתה דחוקה מאד, אבל הוא לא שם לב למצב, התורה היתה שעשועיו ותשכיחהו את עניו ואת מצבו הדל. ויהי היום ור' מרדכי'לה הרגיש איזו רווחה בביתו. הגישה לו הרבנית בעצם יום חול מאכל בשר. הוא השתומם לדבר, והרבנית הודתה לפניו שעשתה מעשה בלי ידיעתו. היות ומכירת השמרים, לפי המחיר שהוקצב מאת הקהל, אינה מכניסה כדי פרנסתם, ויש שהיא רעבה ללחם, ע"כ פנתה אל ראשי העדה, ותגל להם את דכדוך דלותה, ואלה, הפרנסים, הרשו לה להעלות על מחיר השמרים איזו פרוטות, וזוהי סבת הרווחה שבאה אל הבית. ביום השבת לפני קריאת התורה, עלה ר' מרדכי'לה על הבימה ויכרז לאמר: „היות והרבנית העלתה את מחיר השמרים, אמנם ברשות ראשי הקהל, אבל בלי ידיעתו הוא, והיות שההכנסה ממכירת השמרים עולה על השכירות שהוקצבה לו עפ"י כתב הרבנות, ע"כ הוא מכריז ומודיע שמהיום והלאה מחיר השמרים הוא במחיר שהיה קודם, וכל אלה ששלמו יותר יואילו לנכות את המותר מהשמרים שיקנו, ובשמתא יהא מי שלא ישמע לדבריו". מביטן לוקח ר' מרדכי'לה אחר כבוד לעיר קרליץ, ושם התחיל להתפרסם כ„בעל מופת" ויקרא ה„קרליצי", מקרליץ עבר לאשמיאני ויקרא ה„אשמיאני", ומשם נקרא להיות רב בעיר סלונים, ויהי נערץ ומכובד בעיני כל בני העיר. תקפה אותי תשוקה עזה להכיר מקרוב את הגאון הנפלא הזה, אדם שיש בכחו לנטוע בלב המון העם אמונה חזקה בדבר־פיו, במבטי עיניו ובמעשיו, שדבריו הם ממש כדברי האורים, ומשפיעים על שומעיהם באופן נפלא מאד, אדם שמאס בכסף השלוח אליו בחשאי ממקומות שאין איש בלעדיו יודע, ואין איש בלעדיו יודע מי וכמה, אדם כזה כדאי לבקרהו בביתו, לראותו, לשוחח אתו ולהכירהו. ובכן אני הולך אל בית ר' מרדכי'לה.

הוא גר בקומה העליונה. על המדרגות חנו עשרות אנשים ונשים, בני ערים אחרות, שבאו לתנות איש איש את צרות לבבו לפני הצדיק, לשמוע מפיו עצה ותושיה ותנחומים. והם מחכים לתורם, הפתעה היתה לי בראותי בין אלה את קרובתי מביאליסטוק, אשה חסידה בת חסיד ואשת חסיד. על שאלתי מה לה פה? ענתה לי: היות ומציעים נכבדות בשביל בנה יחידה, היא רוצה לשמוע דעת ר' מרדכי'לה. והרבי? שאלתי משתומם. „את דעת הרבי אני יודעת". ודעת מי תכריע? דעתו של ר' מרדכי'לה, אלולא כן, לא באתי הנה.

ברוב עמל עלה לי, במאני להיות פוסע על ראשי עם קדש, לעלות במעלות ולהגיע עד דלת הבית, שעל ידה עמד יהודי כבן חמשים לבוש מעיל ארוך וחבוש ירמולקה לראשו, והוא מזיע, מקנח לרגעים בכנף מעילו את זיעת פניו, המפיקים עיפות וליאות. זהו ר' איזיק משמשו של ר' מרדכי'לה, שומר הסף, לבל יתפרצו פנימה לא לפי התור ובלי סדר.

— ר' איזיק אולי יעלה לרצון לפניך להכניסני אל הרבי, זה לי שלשה ימים שעיני כלות ומצפות. —

— ר' איזיק, מעיר רחוקה באתי, עזבתי את מסחרי, כל יום עובר גורם לי הפסד. —

ור' איזיק פונה אל האחד ואל השני, ומסביר, שלרבי מרדכי יש עסקים חשובים מבלעדי קבלת פני אורחיו אלה, הלא מרא דאתרא הוא, וכל מילי דמתא עליה דידיה רמיא, ומהערים הסמוכות פונים אליו בענינים צבוריים, וגם עכשו נמצאים בחדרו שבעה טובי העיר, מטכסים עצה בעניני הצבור, וגם לעיין בספר צריך הרב, וגם להשיב דבר לשואליו. מוכרחים רבותי, לחכות בתור, ומי שאין לו סבלנות, הרשות בידו לשוב לביתו בשלום. —

גם לי מסביר ר' איזיק, שבשום אופן אי אפשר לי להתקבל היום, ואין עלי להתרעם, אלא (והוא מראה על הלוחים על המדרגות) קדמוני, מי יום, מי יומים ומי גם שלושה ימים. נוכחתי שאם ר' איזיק גוזר אין אפילו הצדיק מבטל, ולאמיתו של דבר הצדק הלא אתו וותרתי על תשוקתי, וכעבור שעה נמצאתי כבר בקרון הרכבת, ואני חוזר לביתי.

ויהי היום ואני מחכה בתחנת הרכבת בהוראדנא למסע ההולך סלונימה. נגש אלי אחד מבני העיר, בעל גוף, סוחר עצים עשיר, גס ועם הארץ, אבל אדוק מאד, הולך את האדוקים ומחפש הטאים „בור ירא חטא", ופונה אלי בשאלה: לאן אתה נוסע? — לסלונים. — לסלונים? אף אני נוסע להתם.

טוב מאד, נסע יחד בקרון אחד ונשוחח מעט.

בשבתנו בקרון מספר לי האיש שהוא נוסע לסלונים, בכדי לראות את פני ר' מרדכי'לה. זקוק הוא לעצה טובה, ואת העצה הטובה יכול רק האשמיאנאי לתת לו.

ומהו הענין? דין תורה? דבר הנוגע לדת?

— לא, לפני איזה זמן קניתי יער מהפריץ ביספינג, ואתן לו סכום הגון בתור דמי קדימה. ואתה יודע את ביספינג, שנפל בפח ונתבע לדין בעוון רצח גיסו, ובגלל הדבר הזה הסתבך הענין עם היער, נוסע אני אל ר' מרדכי'לה לבקש ממנו עצה ותושיה.

— ובהוראדנא אין עם מי להמלך, האין סוחרים מנוסים רה, גם עורכי דין אין בעירנו?

— אין הדבר תלוי בעצת סוחר, או בחריפותו של עו"ד, זקוק אני לעצה טובה ולברכה מפי יהודי גדול, צדיק וטוב כר' מרדכי'לה.

— ור' מרדכי'לה האם הוא בקי כ"כ בהויות המסחר ובערמת הפריצים ותרמיתם?

— מה אתה סח! איש קדוש הוא, מלאך אלקים ממש, הוא יודע הכל ומבין הכל. אין אני עושה מסחר וקנין טרם קחתי עצה מפיו, ועצתו מצלחת. אני תולה את כשלוני ביער ביספינג, מפני שלא שאלתי קודם בעצתו והוא לא אצל לי ברכה, תכוף היה הדבר ולא הספקתי.

— בודאי תשהה בסלונים ימים אחדים?

— לא, מחר בשש בערב אני שב.

— לא תספיק. עליך הלא לחכות לתורך.

— עט! אין דבר, מכירים אותי ב"ה, רובל לאיזיק המשמש והכל על מקומו יבוא בשלום.

— יש לי בקשה אליך — פניתי לאיש שיחי אחרי רגעי דומיה אחדים — תשוקתי גדולה מאד לדעת את אשר יעץ לך ר' מרדכי'לה. איני מעונין, חלילה, בעניני מסחרך, אלא רוצה אני לדעת אם לעצתו יש ערך, ואם אתה תכוון מעשיך על פיה. אני מבקש ממך מאד, להתראות אתי אחרי בקורך בבית הרב. אגב, אפשר שאשלח על ידך מכתב לביתי, מפני שהפעם אשהה בסלונים ימים אחדים.

טוב מאד. ואני מוסר לסוחר שלי את מספר הטלפון, שאפשר לשוחח אתי על ידו.

ויהי ממחרת, והאיש קרא לי למהר לבוא אליו. יש לו למסור לי דבר חשוב ומענין מאד. מחכה הוא לי במסעדה של באדאנע.

שמע נא — פנה אלי — הלא אתה מאלה... כוונתי, קורא אתה את ה„בירזשעוואיע וועדאמאשטשי" אה? קורא אתה ביכלאך שונים, היום... כל רז הלא לא אניס לך... יודע אתה הכל, הגידה לי, בבקשה, מה טיבו של ר' מרדכי'לה זה, מהו? מלאך? מכשף? או מי יודע מה?

— מה זה קרה?

— הסכת ושמע! אני נכנס אל הרב, ואחרי ה„שלום עליכם" הוא מתחיל להטיף לי מוסרו. לא נאה — הוא אומר — ליהודי דתי כמוני (הלא הוא מכיר אותי!) וגם לא צעיר, לעשות מעשים מגונים אלה ואלה, והוא משמיע באזני את העבירה שעשיתי באמת לפני איזה זמן, ולכל פרטיה, כאילו היה באותו מעמד. באר לי בבקשה, מי גלה לו מסתורין אלה?

— אולי עשית מעין המעשים המגונים שאדם העושה אותם רישומם ניכר בפרצופו, בחטמו, בעיניו?

— אני מדבר אתך בכל הרצינות ואתה בא במהתלותיך.

— חלילה לי מהתל בך, גם אני מדבר בכל הרצינות. יש שאדם עובר עבירה המשאירה תו זכרון בפרצוף פניו...

— לא, לא זאת. אבל העיקר שהוא יודע את הדבר, והלא אמרתי לך, כאלו היה באותו מעמד. מאנתי ללחוץ על האיש ולחדור אל תוך נשמתו הכואבת בשעה זו. הבנתי שאדם גס ופרימיטיבי כמוהו, התבלבל בעמדו לפני האישיות הגדולה שיש לו יראת הכבוד בפניה, ולא ידע את נפשו. אפשר שבהת־בלבלו לא שמעו אזניו מה שדבר הרב, או לא הבין לדבריו, ובהיותו תחת השפעת היראה מפני העבירה שבידו, נדמה לו שהרב מגלה את סודו, ומעיר למוסר אזנו על חטא שחטא. שערתי עוד, שהוא בעצמו התודה על חטאתו והרב הטיף לו מוסרו. החלטתי ע"כ לחזק בלבו עוד יותר את האמונה בר' מרדכי'לה ואמרתי:

— שמע נא לספור המעשה שאספר לך, מעשה שהיה. הזוהר הקדוש מספר מעשה בשני חכמים גדולים שהיו מהלכים בדרך, והתאכסנו בבית אשה אלמנה שהיה לה בן, נער קטן. האלמנה ידעה את החכמים הגדולים והקדושים שבאו בצל קורתה, ותאמר לבנה: קבל, בני, את פני האורחים האלה, אנשים קדושים הם ויתנו לך ברכה. הילד התקרב אל החכמים ותכף נרתע לאחוריו, ויאמר לאמו: האנשים האלה חוטאים ופושעים הם, מריח בגדיהם אני יודע שלא קראו היום את שמע, ע"כ איני רוצה להקדים להם שלום. החכמים בשמעם את דברי הילד הודו שבאמת לא קראו את שמע, מפני שהיו עסוקים בהכנסת כלה, והעוסק במצוה פטור מן המצוה[1] הנך רואה, אם לילד קטן היה חוש הריח כזה, מה פלא אם הצדיק

[1] זהר כ"ג קפ"ו.

ר׳ מרדכי׳לה הריח ריח בגדיך, וידע את אשר עשית! איש שיחי התעמק קצת במחשבותיו.

— נו, הענין עם ביספינג יסתדר כראוי, ככה הבטיח לי הרב. אני מבקש ממך, לבל תספר למי שהוא מכל אשר ספרתי לך. אין את נפשי שידברו בי אנשי עירנו. לך גיליתי את הדבר בחשבי אותך לידיד ושומר סוד. אתה מבטיח לי?

— על דברתי צדק! נו, שלום! היש לך דבר למסור לאשתך? לפנות ערב אני שב להוראדנא. הוא נפרד ממני. החלטתי בלבי להשתדל להשיג ראיון אצל הרב ר׳ מרדכי׳לה. בדרכי נפגשתי עם גרשון שיצגל, אחד משבעה טובי העיר. מתוך שיחה שאלתיו: הגידה לי, ר׳ גרשון, מה טיבו של הרב שלכם?

הרב שלנו? שדוך טוב והגון עשינו. אנו משלמים לו עשרים רובל לשבוע, והוא לנו — ארבעים.

— הא כיצד?

— מהכסף שהוא מקבל יום יום מארבע כנפות הארץ, הוא מוסר לנו מדי שבוע ארבעים רובל לחלקם בין המוסדות השונים.

— ומה בדבר מופתיו?

— גם אני ראיתי ושמעתי דברים נפלאים ממנו, אולם קצרה בינתי מהבין. אדם גדול הוא בלי ספק, ויהודי חכם, יודע את העולם.

תשוקתי לבקר את הרב מתגברת בי ורוחי קצרה. איזו הדרך אשיג את הראיון? והנה איטשע לקראתי.

מי בסלונים אשר לא ידע את איטשע רובינרוויט? איטשע הוא כף הבוחשת בעיר. לשונו בכל, בענינים פרטיים וציבוריים, הוא מביע את דעתו. מהלכים לו כמעט בכל בית בעיר וגם בבתים של נכרים. רוק כבן ששים „ירא שמים מופקר". משכים לבית הכנסת בשבתות, מרעיש עולמות אם מי שהוא מדבר בשעת התפלה או בשעת קריאת התורה, מקדש על היין בדחילו ורחימו ומקנח את סעודתו בפפירוסה. בריה משונה. יוצא ונכנס בבית הרב בלי נטילת רשות מר׳ איזיק, ונחשב בין המקורבים להרב. ר׳ איטשע היה ממכרי, החלטתי להשתמש בשרותו, ועל ידו השגתי את אשר בקשתי. כשפתח ר׳ איזיק לפני את דלת בית הרב, היה לבי נוקפי: אם הרב יפרוט לי את חטאי, אנה אני בא? אבל פחד שוא פחדתי. הוא קבלני בסבר פנים יפות בחדרו המלא ספרים על כל ארבעת קירותיו. ראיתי לפני איש שיבה, בעל קומה נמוכה, זקן לבן ככסף יורד לו על פי מדותיו, פניו מפיקים ענות צדק וטהר לבב. ועינים לו, שחורות, בהירות חודרות כליות ולב. הושיבני על ידו. מקטרתו על הרצפה וקצה הקנה הארוך בין שפתיו והוא מוצץ ומעלה עשן. שאלני לשמי, למשפחתי ולמעשי, וגם לשמות בני. כשהגדתי לו את שמותם, הביע את דעתו שביתי הוא בית יהודי כשר, מפני ששמות בני מתחילים ב„יוד", ובני בודאי יהיו יהודים כשרים ונאמנים. שוחחתי אתו שעה ארוכה, ראיתי בו אדם נפלא ומצוין באמת, צדיק תמים באמונתו, משפיע על הפונים אליו בתמימותו ובענות צדקו, מסתייע בכל ענין במאמר חז״ל כמין חומר להשפעה. נפרדתי ממנו כשאני מלא הערצה ויראת הכבוד אל אישיותו הנפלאה.

בשנתיים הראשונות למלחמה העולמית הראשונה, כש־הייתי גולה מעיר מגורי ויושב בסלונים, ולוקח חלק גדול בעניני הצבור, הייתי מקורב מאד אל ר׳ מרדכי׳לה, בקרתי בביתו כמעט יום יום, ולמדתי להכיר יותר את תכונות נפשו ומדותיו המצוינות, ועמדתי על יד מטתו כשנאסף אל אבותיו בכ״ח אדר א׳ שנת תרע״ו.

**מענדל פערלשטיין**

# מיינע באזוכן ביי ר׳ מרדכי׳לען*

ר׳ מרדכי׳לע אַלס מרא דאַתרא האָט געהאַט, פאַרשטייט זיך, פיל מקורבים פון די שטרייננג־אָרטאָדאָקסישע קרייזן פון שטאָט, צווישן זיי די גבאים פון ישיבה, פון ידישן שפּיטאָל, פון הכנסת אורחים, פון די בתי־מדרשים א. א. וו., וועלכע זיינען געווען ביי אים ווי בני בית. אָבער אויך די אַזוי־צו־זאָגן „וועלטלעכע", נישט־פרומע קרייזן און אפילו עסקנים פון די לינקע פּאַרטייען האָבן אים ליב געהאַט, און עס זיינען געווען נישט־וויניק פּאָליטישע אַרעסטירטע אין די רעוואָ־לוציע־יאָרן 1905—1906, לטובת וועלכע ער האָט זיך מוסר־נפש געווען.

איינער פון די נאָענסטע צו אים פּערזאָנען איז געווען אַדוואָקאַט יאַקאָבסאָן. צווישן זיי ביידע, דעם רב און דעם פריי־געזאָנענעם פּאָליטישן טוער איז געווען אַ גרויסע קעגנ־זייטיקע שעצונג און רעספּעקט.

במשך פון די אַלע יאָרן וואָס ר׳ מרדכי׳לע האָט געלעבט אין סלאָנים האָב איך געהאַט דעם גרויסן כבוד צו זיין צווישן זיינע מקורבים.

אמת, איך בין קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער פאַר־ערער פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסיע, איבערהויפּט פון די וואָס האַלטן אין איין זאָרגן פאַר מיין נשמה און פאַר מיין חלק אין עולם־הבא, הגם פון דער אַנדער זייט האָב איך זיך שטענדיק געהאַלטן אין די ראַמען, כדי ניט צו פאַרלעצן די געפילן פון די פרום־געזאָנענע.

ווען כ׳האָב אָבער צווישן די לעצטע געטראָפן מענטשן מיט קריסטאַל־ריינע נשמות, אָן קיינע פּניות און אָן זייטיקע אַמביציעס, האָב איך פאַר זיי טיף געבויגן דעם קאָפּ. איינער פון אַזעלכע געציילטע פּערזאָנען, וואָס כ׳האָב אין מיין לעבן באַגעגנט איז געווען ר׳ מרדכי׳לע זצ״ל, וועלכן כ׳האָב טיף געאַכטעט און געליבט.

עס איז שווער צו אורטיילן איבער די מיסטישע זייטן פון זיין פּערזענלעכקייט און איבער די סיבות פון זיין גוואַל־

* דער פּרק געהערט צו די זכרונות פון מענדל פערלשטיין, דריטער טייל.

דיקער פּאָפּולאַריטעט, וואָס האָט יאָר־איין, יאָר־אויס צוגעצויגן צו אים טויזנטער מענטשן פון גאָר דער וועלט. וועלכע פלעגן קומען נאָך סגולות ,ברכות ,עצות א. אז. וו. איך האָב אים געשעצט און געאַכטעט פון ריין עטישן שטאַנדפּונקט, צוליב דער ריינקייט פון זיין געטלעכער נשמה, זיין נאַאיוויטעט, צדקות און אַבסאָלוטער אונשולד פון זיין וועזן. ער, דער צדיק, דער הימל־מענטש, האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז כבוד, ניט געוווּסט דעם ווערט פון געלט און בכלל פון ווערטן, וועלכע זיינען ניט פאַרבונדן מיט די הצטרכות'ן פון דער נשמה.

איך וואָלט געקענט דערציילן פיל אינטערעסאַנטע געשיכטעס פון זיין לעבן אין סלאָנים, ביי וועלכע איך בין ביי־געווען אָדער כ'האָב אָבסערווירט, אַלס נאָענטע צו אים פּערזאָן. איך וויל דאָ איבערגעבן בלויז אַ פּאָר עפּיזאָדן, וועלכע קענען דינען אַלס ביישטייער צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער דאָזיקער מערקווירדיקער פּערזענלעכקייט.

דאָס האָט פּאַסירט אין 1905, אין יאָר פון רעוואָלוציאָנערן טומל, בעת אפילו חדרים־יונגוואַרג זיינען געגאַנגען מיט פּאַפּירענע רויטע פענדלאַך איבער די גאַסן און געשריען „דאָלאָי" (נידער)...

אין אַ שיינעם פרימאָרגן זיינען צו מיר אַריינגעקומען צוויי חשובע בעלי־בתים פון דעם רב'ס מקורבים, ר' צבי־הירש גראַיעווער און ר' אהרן סאַוויצקי, און אויפגערעגטע, צושראָקענע, האָבן זיי מיר געבעטן, איך זאָל מיט זיי תיכף ומיד גיין צו ר' מרדכי'לען, מיט וועמען עס האָט עפּעס פּאַסירט און וועמען עס דראָט אַ געפאַר. און היות ווי איך בין גוט־באַקאַנט מיטן איספּראַווניק (אָפיציעלער שטאָט־לייטער) און זיין קאַנצעלאַריע, האָבן זיי זיך געווענדעט צו מיר.

ווען איך בין געקומען צום רב, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט באַקומען אַן אויפפאָדערונג פון דער פּאָליציי, גלייך זיך דאָרט צו מעלדן. צוליב וועלכער סיבה — האָט קיינער ניט געוווּסט. איך קען ביז היינט ניט פאַרגעסן, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איך האָב אים דאַן געפונען. ווי זיין געוווינהייט איז געווען, האָט ער די לינקע האַנט געהאַלטן אויף הינטן און אין דער רעכטער — זיין ליולקע, און אַ צושראָקענער, דענערווירטער איז ער אַרומגעלאָפן איבערן צימער אַהין און צוריק, מורמלענדיק: „איך בין פאַרלאָרן... איך בין פאַרלאָרן"... אַלע מיינע באַמיהונגען אים צו באַרויִקן האָבן ניט געהאָלפן. פון זיינע רייד האָט מען געקענט פאַרשטיין, אַז ער מיינט, אַז דאָס איז צוליב דעם, וואָס צו אים קומען זייער פיל מענטשן פון לאַנד און פון אויסלאַנד. ער, דער נאַאיווער צדיק, דער מענטש שלא מעלמא הדין, האָט גערעכנט, אַז מ'וועט אים זאָגאַר קיין סיביר פאַרשיקן...

פאַרשטייט זיך, זיינען מיר ,די מקורבים, געווען אויפגערעגט, וואָס די פּאָליציי רעכנט זיך ניט מיט'ן כבוד פון וועלט־באַרימטן רב און האָט ניט געשיקט איר פּאַרטרעטער צום רב אין שטוב, כדי צו מאַכן די פּאַר איר נייטיקע "דאָזנאַניע" (אויספאָרשונג) אויפ'ן אָרט, נאָר האָט פאַרלאַנגט, אַז דער רב זאָל זיך מעלדן אַליין אין פּאָליציי־אַמט.

אויף מיין פאָרשלאַג צו גיין מיט אים צוזאַמען אין פּאָליציי, האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער קען ניט גיין, ווייל זיין האַרץ וועט ניט אויסהאַלטן און ער וועט פאַלן אין וועג...

באַין ברירה האָב איך באַשלאָסן צו גיין אַליין אין פּאָליציי, און מיך דערוויסן מה פשעו ומה חטאתו, און אפשר וועט מיר געלונגען צו ערליידיקן דעם ענין אָן אים. איך האָב אויך געוווּסט, אַז אפילו ביי די בעסטע באַקאַנטשאַפט שאַדט ניט אַ ביסעלע „קטורת". האָב איך מיטגענומען 10 שטיק רובל'דיקע „וויגרישנע" בילעטן פון „קראַסני קרעסט" (לאָטעריע־צעטלען פון רויטן קרייץ), וועלכע די רעגירונג האָט דעמאָלסט אַרויסגעגעבן. (אַ בילעט האָט געקאָסט 1 רובל). ביז איצט שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן דער צדיק, ווי ער האָט מיר באַגלייט ביז'ן טיר מיט דער ברכה „השם יצליח דרכו", און זיינע אויגן זיינען געווען פול מיט טרערן. מיט מיר זיינען געגאַנגען אייניקע פון רב'ס מענטשן, וועלכע זיינען געבליבן וואַרטן אין גרויסן הויף פון חיים יעלעצקי אויף נעווסקי, ווו ס'איז דעמאָלט געווען די פּאָליציי (דער פּאָליציי־אַמט איז געווען אין גרויסן בנין, ווו נאָכהער, אין דער פריערדיקער תקופה האָט זיך לאָקירט די יידישע גימנאַזיע).

ביים „פּאָמאָטשניק איספּראַווניק" (געהילף פון שטאָט־לייטער) מ. נ. מיץ האָב איך זיך דערוווּסט אָט וואָס:

אין יענער צייט האָט אַ סלאָנימער תושב, אַ זון פון פריערדיקן רב ר' יאָסעלע שליופּער זצ"ל, אַ ברודער פון שפּעטערדיקן ראַבינער מ. שליופּער, אַרומגערייזט איבערן לאַנד זאַמלען געלט אויף אַ געוויסן דבר־מצוה. צו דעם צוועק האָט אים ר' מרדכי'לע מיטגעגעבן אַ כתב מיט זיין אונטערשריפט און סטעמפּל.

אין יענע אומרוהיקע צייטן האָט די פּאָליציי אין יעדן מענטשן חושד געווען אַ קראַמאָלניק (רעוואָלוציאָנער), און יעדן פאַרדעכטיקטן גלייך פאַרהאַלטן. און אַזוי איז אויך דער שליח־מצוה ה' שליופּער אַרעסטירט געוואָרן בעת ער האָט געוויילט אין ריגע, און מען האָט ביי אים געפונען ר' מרדכי'לע'ס בריוו.

אין אַ נאָרמאַלער צייט וואָלט דאָך די פּאָליציי ניט געוואָרפן קיין חשד אויף אַ רב, און בפרט נאָך אויף אַזאַ צדיק, ווי ר' מרדכי'לע. נאָר איצט, אין מהומה־יאָר 1905 זיינען די מאַכט־אָרגאַנען געווען זייער אויפגערעגט. ס'איז דעריבער אָנגעקומען אין דער סלאָנימער פּאָליציי אַ שטריינגע פאַראָרדנונג, אַז מ'זאָל פאַרפירן אַן אויספאָרשונג, צו האָבן ניט דער רב און דער שליח־מצוה צו טאָן מיט אַנטי־מלוכה'שע מעשים...

נאַטירלעך, איז מיר ניט שווער אָנגעקומען צו באַווייזן דעם אַבסורד פון פאַרדאַכט. אמת, די ריגער פּאָליציי האָט זיך געקענט טועה־זיין, אָבער די היגע פּאָליציי האָט דאָך דעם רב גוט געקענט. דאַקעגן, איז מיר שווערלעך אָנגעקומען צו פועל'ן, אַז מ'זאָל אָפּנעמען די דאָזנאַניע ביים רב אין דערהיים. אָבער דאָך איז מיר געלונגען, און דער „פּאָמאָטשניק איספּראַווניק" האָט דעלעגירט דעם דעמאָלסטיקן נאַדזיראַטעל (פּאָליציי־קאָמיסאַר) קאַרפּינסקי, אַז ער זאָל ביים רב אין הויז אָפּנעמען די דאָזנאַניע. (דער דאָזיקער קאַרפּינסקי איז אין אַ קורצע צייט אַרום אַריבערגעפירט געוואָרן אין ביאַליסטאָקער פּאָליציי, ווו ער האָט געשפּילט אַ טרויעריקע ראָלע, אַלס מיטבאַטייליגטער אין דאָרטיקן פּאָגראָם אין 1906).

נאַדזיראַטעל קאַרפּינסקי האָט אויך שטאַרק געהאַלטן פון פסוק „הכסף יענה את הכל", — און ער האָט צו דער דאָזנאַ־

ניע ביים רב ניט דערלייגט. דער ענין איז ערליידיגט געוואָרן על צד היותר טוב, און ר׳ מרדכי׳לע איז אָפּגעקומען מיט בלויזן שרעק.

---

דער צווייטער עפּיזאָד וואָס כ׳וויל דאָ ברענגען איז פּאַר־געקומען זומער 1911. איך האָב דאַן געזען דעם ליידנדן, פּאַרצווייפלטן אויסזען פון ר׳ מרדכי׳לען, ווען ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַל, וועלכער איז לויט זיינע אָנשויאונגען געווען אַ טרויעריקער און אַ שווערער.

אין גאַנץ רוסלאַנד האָט מען דאַן געפייערט דעם 50־יאָריקן יובילעאום פון דער באַפרייאונג פון די פּויערים־קנעכט, וואָס איז פּאַרגעקומען דורך׳ן צאַר אַלעקסאַנדער דעם 2־טן אין יאָר 1861. אויך אין סלאָנים האָט מען געפייערט, און ביי דער געלעגנהייט האָט מען אַוועקגעשטעלט אין „נאָ־ראַדני דאָם״ (די געביידע פון שטאָט־טעאַטער) אַ בראָנזענעם דיינקמאָל אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, דעם באַפרייער פון „פּאָנשטשינע״. די ענטהילונג פון דיינקמאָל איז באַשטימט געוואָרן גראָד אויף אַ שבת. לויט דער פּאָרויס־באַשטימטער צערעמאָניע, האָט געדאַרפט אַרויסגיין אַ רעליגיעזע פּראָ־צעסיע פון סאָבאָר (פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער) אויף פּאָ־נעסווע צו דער ריכטונג פון נאַראָדני דאָם, און דאַן, — נאָך דער ענטהילונג פון דיינקמאָל, — גיין צוריק לויטן זעלבן מאַרשרוט. צו דער פייערונג איז עקסטרא־געקומען דער גראָד־נער אַרכיעֶרייִ, אַ הויכע גייסטליכע פּערזאָן. צו אַזאַ געהוי־בענער פּאַטריאָטישער און רעליגיעזער פּראָצעסיע האָט זיך פאַרלאַנגט אַן אָרקעסטער. היות, ווי דער מיליטערישער אָר־קעסטער פון היגן גאַרניזאָן איז גראָד צו יענער צייט געווען אויף מאַנעווערס, — ס׳איז דאָך געווען זומער — האָט די מאַכט פאַרלאַנגט די באַטייליקונג פון פייערלעשער־אָרקעס־טער, וועלכער איז דאַן באַשטאַנען פון לויטער יידן (די כלי־זמרים ברידער וויינשטיין און נאָך אייניקע מוזיקאַנטן). ווי באַקאַנט, איז אַדוו. יאַקאָבסאָן געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער לייטונג פון דער פייערלעשער־דרוזשינע.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז וועגן אַנטזאָגן זיך פון ער־פילן די דאָזיקע פאָדערונג האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין. ס׳האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן אַזאַ ענין ווי חילול שבת בפרהסיא, און מ׳האָט געמוזט לכל־הפחות צוויסן געבן ר׳ מרדכי׳לען וועגן דעם. גראָד איז מיר אויסגעפאַלן צו באַ־גלייטן יאַקאָבסאָנען, ווען ער איז געגאַנגען צום רב, כדי צו דערציילן אים, אַז עס איז אַ שטרענגער באַפעל פון „נאָ־טשאַלסטוואָ״. און אויב ער וועט אפילו ניט געבן זיין הסכמה, איז לכל־הפחות, צוגרייטן אים דערצו.

ס׳איז געווען אַ נאָכמיטאָג. דער רבי איז געזעסן איינער אַליין ביים טיש. דערזעענדיק אונדז, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון שטול און זייער פריינטלעך אונדז אויפגענומען. באַלד האָט ער אָבער באַמערקט אויף אונדזערע פּנים׳ער, אַז מיר זיינען געקומען וועגן עפּעס אַן׳ערנסטן ענין. ער איז געוואָרן אומרוהיק און האָט געפרעגט מיט אַ ציטערדיקער שטימע:

— פאַניע יאַקאָבסאָן, וואָס איז געשען? אפשר נייע גזירות חלילה? —

— ניין, רבי, — האָט יאַקאָבסאָן געענטפערט, — מ׳דאַרף אָבער זען דאָס אויסצומיידן. —

— וואָס מיינט איר דערמיט? — פרעגט ר׳ מרדכי׳לע אַ צעשראָקענער.

יאַקאָבסאָן האָט אים אַלץ איבערגעגעבן, אונטערשטרייכנ־דיק, אַז צום פּאַראַד איז געקומען אַ גרויסער גלח, וואָס דער קייסער אַליין קושט אים אין האַנט.

ר׳ מרדכי׳לע: וואָס האָט איר געזאָגט? דער קייסער אַליין קושט אים אין האַנט? —

יאַקאָבסאָן: יע, יע, דער קייסער קושט אים אין האַנט...—

ר׳ מרדכי׳לע: און אַז מען וועט אָפּזאָגן, קענען דערפון זיין גזירות אויף יידן? —

יאַקאָבסאָן: איר פאַרשטייט דאָך אַליין, רבי... —

אין דעם מאָמענט האָט זיך ר׳ מרדכי׳לע אַ ריס געטאָן פון פאָטעל אויף וועלכן ער איז געזעסן, די לינקע האַנט פּאַר־לייגט אויף דער פּלייצע, און גענומען האַסטיק לויפן פון איין עק צימער צום צווייטן. ווען מיר האָבן גענומען אַוועקגיין און יאַקאָבסאָן האָט אים געפרעגט: צו זאָל מען ניט פאָלגן די פאַראָרדנונג, האָט ער מיט אַ ציטערדיקן קול געענטפערט: ניין, דאָס זאָג איך ניט. אויף יאַקאָבסאָנס ווייטערדיקער פראַ־גע, צו זאָל מען יע שפּילן, האָט ער געענטפערט: „פרעגט מיר ניט״...

באַגלייטנדיק אונדז ביז צו דער טיר, האָט ער אונדז געבענטשט מיט פאָלגנדע ווערטער:

„איך בעט דעם רבונו של עולם, ער זאָל אייך פירן אויף דעם וועג, וואָס זאָל, חס ושלום, ניט ברענגען אויף יידן קיין נייע צרות. זיי האָבן שוין אַזוי אויך גענוג״. —

דער סוף איז געווען, אַז מען האָט פון אָרקעסטער אַרויס־גענומען די עלטערע און פרומערע כלי־זמרים, און דער אָר־קעסטער האָט אָנטיילגענומען אין דער פּראָצעסיע.

דר. חיים שאשקעס

# אין רב׳ס געסעלע

אנטקעגן די געמויערטע קראָמען אין געסל, האָט גע־וווינט דער גאון און דער בעל־מופת ר׳ מרדכילע אַשמי־נער. אייגנטלעך האָבן מיר, „וועלטלעכע״ גימנאַזיסטן, גאָר־ניש געדאַרפט וויסן, ווו דער רב וווינט, ער האָט דאָך כלו־מרשט געהערט צו אַן אַלטער, „פאַרשימלטער״ וועלט און מיר זענען דאָך געווען די פאַראויסגייער פון אַ „נייעם״ מאָרגן מיט פּושקינען, טורגעניעוון און טאָלסטאָיען אַלס די לערערס פון אונדזער צוקונפטיקן לעבן, מיטן גרויסן רוסישן פאָלק אַלס חבר אויף דעם וועג צום מענטשלעכן פּראָגרעס. איז וואָס האָבן מיר צו טון מיטן רב?

אָבער ניין! מיר זענען געווען שטילערהייט שטאָלץ ביי זיך, וואָס צו ר׳ מרדכילען אין ענגן געסל קומען צו פאָרן יידן פון דער גאַנצער וועלט זיך אַן עצה האַלטן אין צרות און געשעפט; וואָס אפילו פּריצים פון די אַרומיקע „אימעניעס" כאַפּן זיך אַרויף אויף די געדרייטע, הילצערנע טרעפּ צום רבס „שטיבל" און דורך אַ יידישן פריינט, אַ „טאָלמעטשער" שמועסט מען לאַנג־לאַנג איבער אַ פאַמיליען־סכסוך און וואָס וועט דער „הייליקער ראַבין" אויף דעם זאָגן. איך אַליין בין געווען נאָר צופרידן, ווען מיין שול־חבר, דער יונגער גראַף סיניצין, האָט מיר דערציילט, אַז זיין פאָטער, דער אַלטער פּריץ, האַלט זייער און זייער פון דער חכמה פון מיין רב...

מיר יונגע שילערס, האָבן זיך איינמאָל אַ שבת, ווי שטענדיק, אַוועקגעלאָזן אויף דער שפּילעוודיקער דאַמבע ביים קאַנאַל, כדי צו פאַרברענגען אין לויפעריען און שטיפעריען דעם זוניקן נאָכמיטאָג.

אייניקע פון אונדז האָבן געדונגען אַ שיפל, אַריינגעשפּרונגען אין איר און זיך געקליבן אַוועקפאָרן העט־העט ווייט צו די „שלוזן".

אָבער פלוצלינג באַמערקן מיר אַ באַוועגונג אויף דער דאַמבע: דער שבתדיקער שפּאַצירנדיקער עולם קוקט אַרויף צום געסל, וווּ עס באַווייזט זיך עפּעס אַן אומגעוועגלעכע גרופּע פון יידן אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט לאַנגע בערד. פאָרויס שפּרייזט אַ קליינינקער, אַביסל איינגעהויקערטער ייד, באַלויכטן מיט אַ ווייסער באָרד און מיט אויגן, וואָס שיסן, דוכט זיך, מיט פונקען פון דערווייטנס.

מיר דערקענען אים אַלע: צו אונדז דערנענטערט זיך ר׳ מרדכילע אָשמענער, וועמען מען האָט נאָר וואָס מודיע געווען, אַז יידישע קינדער קלייבן זיך דאָס מאָל, ווי יעדן שבת אין דער צייט, מחלל צו זיין דעם הייליקן רו־טאָג און זיך אַוועקלאָזן אין שיפלעך שפּאַצירן.

פּייערלעך — ערנסט גייט ער צו צום פּלאַץ, וווּ אונדזער חברה האָט זיך צונויפגעזאַמלט, ציט אויס אַ ציטערדיק־דאַרע האַנט צום שיפל פול מיט יונגוואַרג און גיט אַ זאָג מיט זיין שאַרפער אויסשפּראַך:

„קינדער יידישע, האָט רחמנות! איר וועט דאָך ברענגען אַ צרה אויף אונדז אַלעמען, סטייטש! שבת, הייליקער שבת און איר וועט פאָרן? איר קענט דאָך חלילה דערטרונקען ווערן!..."

עפּעס אַ מורא באַפאַלט אַלעמען, אפילו מיירימקע זאַקין, דער בונדיסט צווישן אונדז, קריכט אַרויס בחרפּתו פון שיפל. עס איז נישט אַזוי די מורא פון דערטרונקען ווערן, ווי דער הויכער אויטאָריטעט פון אַלטיטשקן רב. עס בלאָזט פון אים מיט דער גבורה פון אַ לייב און מיט דער תמימותדיקער שוואַכקייט פון אַ קינד... ווער קען זיך דאָ קעגנשטעלן?

אין די שפּעטערדיקע שבתים, ווען חברה האָט זיך פאַרגעסן, אַז עס איז שבת און זיך פאַרקליבן אין די שיפלעך, פלעגט אונדזער לץ, יאַשקע פינקעלשטיין, אין דער לעצטער מינוט מאַכן אַ געוואַלד:

„קינדער, ר׳ מרדכילע גייט: מיר וועלן דערטרונקען ווערן" און אַלע זענען ענדום־פּענדום אַרויסגעשפּרונגען אויפן ברעג, אפילו די גויאישע חברים אונדזערע אויך...

ר׳ מרדכילע פלעגט פאָרן פּשוטן עולם האָבן פאַרשידענע סגולות, וועלכע האָבן געווירקט אויף דער פּסיכיק, אָבער געהאַט שטענדיק אַ געזונטן רעאַלן אָנשפּאַר אין די פּרימיטיווע געזעצן פון היגיענע.

איך ווייס, צום ביישפּיל, וועגן אַ פאַל, ווען ביי אַ יידיש פאָרפאָלק אין אַ קליין שטעטל האָבן זיך לא עליכם קיין קינדער נישט געהאַלטן...

איז מען געלאָפן צו ר׳ מרדכילען, דער רב האָט זיך אויסגעפרעגט גענוי וועגן די באַדינגונגען, אין וועלכע די פאַמיליע לעבט און געגעבן פאָלגענדע עצה: „ווען ביי אייך וועט געבוירן ווערן דאָס נעקסטע קינד, זאָלט איר אים גוט וואַשן און שפּעטער אַ גאַנץ יאָר וויקלען אין ריינעם רויטן לייוונט. דאָס קינד וועט זיך איה״ש האָדעווען".

און כך־הוה: דאָס קינד האָט זיך גאַנץ פיין אויסגעהאָדעוועט; צי אַ דאַנק דער ריינקייט פון לייוונט, אָדער דער רויטקייט, דאָס איז שוין ווייניקער וויכטיק...

מיין פריינט, רעדאַקטאָר צ. ל. מעקלער, וואָס קען גראָד דעם פאַל, דערציילט מיר, אַז דאָס אַמאָליקע ציטערדיקע עופהלע איז שוין איצט אַ מיטליאָריקער געזונטער ייד ערגעץ אין די בראָנקס. מער נישט, די רויטקייט איז געבליבן און זעט זיך שטאַרק אָן אויף פּאָליטישע פערזאַמלונגען...

מיט אונדזערן אַ חבר, אַ פּראַוואָסלאַוונעם שגץ, איוואַן צופּריק, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ הונגעריקער ישיבה־בחור, איז טאַקע פאָרגעקומען אין יענע יאָרן אַ „מעשה־נורא": דער חבר האָט פרייטיק־צו־נאַכטס שפּאַצירט פון רבס געסל אין דער ריכטונג צום שול־הויף, כדי צו באַזוכן אַ יידישן חבר, וואָס האָט דאָרטן געוווינט. אין מויל האָט ער געהאַלטן אַ ברענענדיקן פּאַפּיראָס.

דעם רבס גבאי, אַ ייד אַ קנאי, וואָס האָט שוין לאַנג געהאַלטן אַן אויג אויף די גימנאַזיסטן, וועלכע האָבן עפּעס צו פרעך אָנגעהויבן לעצטנס מחלל־שבת זיין, האָט גלייך באַמערקט דעם שילער מיטן פּאַפּיראָס אין מויל און דאָס נאָך נעבן דעם רבס שטוב. ער האָט נישט געקלערט און האָט אים אַראָפּגעלאָזן אַ קלינגדיקן פּאַטש... איוואַן צופּריק, וואָס האָט נישט געוווּסט וועגן קיין פּותר־חלום און געוויס נישט געדענקט, אַז עס איז שבת אויף דער וועלט, האָט דעם הייליקן פּאַטש ווייטיקלעך דערפילט און מיט אַ געשריי „יעזוס־מאַריאַ" האָט ער זיך געלאָזט לויפן...

דער גבאי, דערהערנדיק דעם געשריי „יעזוס", האָט גלייך פאַרשטאַנען זיין טעות, זיך דערשראָקן אויף טויט און זיך אויך געלאָזט לויפן אין אַ קעגנדיקער ריכטונג...

אין שפּעטערדיקע צייטן, טיף אין פּראָגרעסיוון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, וואָלט זיך אַזאַ מעשה מיט אַ פרומען ייד, וואָס שלאָגט אַ גוי, געענדיקט זייער טרויעריק, אָבער דאַן האָט זיך דאָס אויסגעלאָזן מיט דעם, וואָס צופּריק פלעגט אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט גאָס, ווען ער האָט באַמערקט אַ ייד מיט אַ באָרד...

# לדמותו הרוחנית של ר' מרדכי'לי מסלונים

כשם שישנם שמות ופעלים נרדפים כך ישנם מושגים נרדפים. וכשם שיש הבדלים בין שם לשם ובין פועל לפועל — כך ישנם הבדלים בין מושג למושג, אעפ"י שלמראית עיין ראשונה הם דומים זה לזה. אבל מי שיש לו עיין רואה ואוזן שומעת יוכל להבדיל בין הגוונים ובנות־הגוונים של המושגים הנרדפים.

המושג „צדיק" — נרדף לרבי, ויש לפעמים שהמלה „צדיק" באה כתואר לרבי, בכל־זאת לא הרי זה כהרי זה.

בדברי ימי עמנו היו אישים רבי השפעה על הפרט ועל הכלל ובשם צדיק כונו. לעומת אלה היו לנו כמה פרנסי־דור אשר רק בשם רבי נקראו, והתואר צדיק, בא רק בתור לואי.

צדיק מהו?

הצדיק הוא ראשית כל אדם שבכוחות עצמו עלה למדרגה רוחנית גבוהה ע"י אמצעים אלה: לינה באהלה של תורה עד כדי ביטול האנוכיות שבו, ולא לשם התגנדרות וניגוח בהלכה. פרישות מן ההנאות של העולם הזה. צניעות אמיתית ובריחה מן הכבוד. קנאה לד' צבאות. אם מי שהוא פוגע בעיקרי היהדות — הצדיק עוזב את ד' אמותיו של הלכה ויוצא להילחם את מלחמת ה', מסירות־נפש ממש לטובת הכלל והפרט. שנאת בצע, כי הבצע יעוור עיניים. התמכרות לאמת. האמת צריכה להיות יסוד היסודות, וממנה יתד לכל חוויתו.

הסגולות המנויות לעיל הן הן המהוות את הצדיק בעיני עצמו ובעיני האומה, מי שאלה לו, יעשה במשך הזמן לתלפיות שהכל פונין אליו, וכל אחד משתוקק לשמוע את דברי קדשו. אדם כזה נעשה למרכז, וההקף הולך ומתרחב ועובר את גבולי ארצו ואנשים למאות ולאלפים נוהרים אליו. בין הצדיק וההמונים הולכים ונטווים חוטי־אהבה המשתזרים ומתעבים והמקשרים אותם אליו, והוא הצדיק, מתקשר אליהם בקשר של קיימא.

הצדיק יהיה המנהיג הבלתי משוח שאינו כפוף לטקסים המקובלים ואינו מטיל חובות מיוחדות על הנכנעים לו.

לא כן הרבי. הרבי הוא יוצר נוסח ובעל־שיטה. לרבי יש מנהגים והרגלים שלאו כל יהודי יכול לעמוד בהם. המעלות האמורות בצדיק אינן חובה לגבי הרבי. אם ישנן בו — מה טוב. ואם לאו — אינן פוגמות את „רביותו" ואינן מחסרות מערכו כלום.

לזכות העצמית אין חשיבות גדולה לגבי ירושת הכסא. העיקר הוא שלשלת־היוחסין. ואם השלשלת ניתקת — שוב אין לה תקנה.

---

ר' מרדכי'לה היה הצדיק בה"א הידיעה. עוד בנערותו התנכר לשקדן יוצא מן הכלל. מספרים: הוא היה מכניס את רגליו לתוך דלי מיים קרים כדי שלא תיפול עליו תרדמה. בשעת הגותו בתורה היה שוכח אפילו את הצרכים היותר הכרחיים של האדם, כגון: אוכל, שתיה, וכדומה. התמדתו נתפרסמה לשם־דבר.

ר' מרדכי'לה לא הסתפק בד' אמות של הלכה. אצלו הכלל: „כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא" — הוא עיקרון. הפרט הוא המהווה את הכלל, ואין בכלל אלא מה שבפרט. לכן, הפרט הוא הכלל. מתוך נקודת השקפה זו חַי ר' מרדכי'לה את חייו והכניס רוח־חיים ללבות כמה אלפי אנשים ששקדו על דלתותיו. אל בני־ביתו שהתרעמו על הטרדנים הרבים האלה היה אומר: „אין אני אלא חייל פשוט". ובתור שכזה היה עומד על משמרתו עד כדי סכנת נפשות והקרבה עצמית.

ומה היתה משמרת ר' מרדכי'לה? צרכי עם ישראל מרובים והוא חייב להמציא רפואה ללבות הדוויים. לאחד — בעצה הוגנת, ולשני — מטפטפת תנחומים, ועל כל דבריו מרחפת רוח האמת והאהבה ומכאן — הערצה העצומה לר' מרדכי'לה והנהייה הגדולה אחריו.

עצם הדבר היה מוזר: רב של עיר ואם בישראל, גדול בתורה ובחכמה אשר כל גדולי ישראל פונים אליו בשו"ת בדבר הלכה, מתנגד בן מתנגד, מתנהג כבעש"ט ואגדות למאות מתרקמות סביבו — אבל אצל ר' מרדכי'לה אין זה דבר והיפוכו. על הסתירה הזאת היה עונה:

חובת האדם ותורת ישראל דורשות מאתו לענות לכל איש ואשה.[1] תפקיד הרב הוא לא רק לפסוק הלכות בשאלות בשר וחלב וכדומה, כי־אם להדריך את העם ולהושיט לו עזרה מוסרית. משום־כך התרעם ר' מרדכי'לה על הרבנים שאינם עושים כמוהו לענות לנשים הבאות לדרוש אותו „כי לו השכילו לעשות כמוני כי אז הביאו בזה רוב טובה לישראל".[2] ואם הרבנים אינם עושים כמותו את אוזנם כאפרכסת לשמוע את צרות היחיד הבא להשיח לפניו את לבו הקשה, — אז ילך היחיד לאדם אחר, אפילו אם אינו רב, ובלבד שהאמת תהיה נר לרגליו ואהבת־הבריות — תוכן חייו. לפיכך היה נוהג ר' מרדכי'לה לשלוח את דורשיו שגרו בסביבות פינסק — אל חיים הנפח מכפר חולוז'ין, הסמוך לפינסק.

הנפח הזה היה מפורסם בסביבת פינסק באהבתו לאמת וברדיפתו אחר הצדק. הוא היה ידוע כאדם שאינו נהנה משל אחרים אפילו במשהו. להפך, העני הזה היה מחזר אחרי העניים כדי להספיק להם מדגנו ומירקותיו שקיבל מאת הערלים שכר עבודתו.[3]

אדם כזה לפי דעתו של ר' מרדכי'לה, יכול לחבוש את פצעי הנדכא ושבור הלב.

ההמון זקוק לאב רחמן וסבלן שיכול לגלגל עמו. לאו כל אדם זוכה למצוא את תיקונו בדף גמרא ובחידושי תורה. הפלפולים הם דומים לשמלת הכלה בליל החופה. אבל שמלת החופה היא מחומר רך ועדין,[4] ולא כל אחד ואחד יכול ללבוש בכל יום ויום בגדי חתונה. מפני טעם זה לא הוציא לאור את כתביו המרובים בהלכה, ובפלפולא דאוריתא. הוא הרשה להדפיס רק חלק קטן מפלפוליו וחידושיו בהלכה. זהו ספרו הידוע „הדרת־מרדכי" אשר רובו הוא שו"ת. הלכה למעשה,

# על־פני רחובות וסמטאות
# איבער גאַסן און געסלאַך

חיים ריזיקאָוו

## אַרום ישיבה־געסל

מיינע סלאָנימער זכרונות פון אָנהייב יאָרהונדערט קאָנ־צענטרירן זיך איבערהויפּט אַרום שול־הויף, ווו מיר האָבן געוווינט, און די דערבייאיקע געסלאַך: דער „באַרג", די ישי־בה־געסל (קעגנאיבער דעם אַלטן בית־עולם) און דער טייל זשירעווער גאַס („שטשענקע"), ווו ס'איז געשטאַנען דער „הכנסת־אורחים".

מיין ערשטער „חדר" האָט זיך געפונען אין אַ געסל פון די ערשטע יורדזיקעס, ניט ווייט פון די יאַטקעס. אַ צימער מיט בייגק און גרויסע טישן, קינדער אַ פּאָר צענדליק און דער קאַנטשיק ליגט שטענדיק גרייט לעבן רבי'ן... נאָר אָט איז געווען אַ נייס: אַ „חדר־מתוקן". נאָך 2 יאָר אָפּזיצן אין די חדרים, האָט מען מיר, צו 7 יאָר, אָפּגעגעבן אין דעם חדר־מתוקן וועלכער האָט זיך געפונען ניט ווייט פון דער ישיבה.*) אויס מיט'ן קאַנטשיק! און דער רבי האָט שוין ניט געהייסן „רבי", נאָר דער לערער. און ס'זיינען איינגעפירט געוואָרן איניקע מנהגים וועלכע מיר האָבן ניט געוווּסט אין חדר: צום־בשייפּיל, אַז דער לערער פלעגט אַריינגיין אין „קלאַס", פלעגן די קינדער אויפשטיין... ס'איז געווען גוט צו לערנען אין חדר־מתוקן, נאָר איך הער צו־אָפּט קרעכצן טאַטע־מאַמע אין שטוב: דער „קלאַס" קאָסט טייער, זייער טייער, אין פאַר־גלייך מיט'ן חדר, און ס'איז שווער אויסצוהאַלטן...

זייענדיק אַ גאַנצן טאָג נאָנט צו דער ישיבה, האָב איך במשך פון יאָרן זיך אָנגעזען מיט די פאַרשיידענע טיפּן פון די אָנגעפּאָרענע ישיבה־בחורים. מען האָט זיי גערופן „פּאַט־ראָנעס", זיי פלעגן עסן טעג און שלינגען טרערן... די אָפּ־שטאַמיקע פון די נאָנטע שטעט און שטעטלאַך האָבן נישט פאַרגעשטעלט מיט זיך קיין אויסנאָם לגבי די היימישע יינגלאַך און בחורים'לאַך. אַנדערש זיינען אָבער געווען די אָנגעפּאָרענע פון פּוילן, וועלכע זיינען געווען ניט ווייניק. אין אונדזערע אויגן האָבן זיי אויסגעזען ווונדערלעך און טשעקאַווע, מיט זייערע לאַנגע קאַפּאָטקעלאַך און היטעלאַך און מיט זייער פּויליש־יידישן דיאַלעקט. אַ נייס איז געווען, ווען אין תלמוד־תורה האָט זיך געעפנט אַנ'אָוונט־שולע, ווו מען האָט געלערנט שרייבן און לייענען רוסיש אונטער דער אויפזיכט פון לערער שוואַרצאָווסקי. דאָס איז אַלץ געווען נאָנט צו אונדזער „קלאַס".

אין אונדזער שכנות איז אויך געווען דער צוויי־שטאָקיקער מויער פון „הכנסת־אורחים" וואָס מ'האָט אויפגעבויט אין יענע יאָרן. ווער געדיינקט נאָך די „פּרוטות" וואָס דער „הכנסת־אורחים" האָט דאַן אַרויסגעלאָזן אויף דער יידישער גאַס? — די „פּרוטה" איז געוואָרן אַ מין גאַנגבאַרע מטבע, וואָס איז געווען אין צירקולאַציע נאָר אויף דער סלאָנימער טעריטאָריע, — און אָנגענומען דורך דער גאַנצער יידישער באָפעלקערונג אָן אויסנאָם. אַזוי־אַרום האָט די סלאָנימער גאַסט־פריינטלעכע אינסטיטוציע קאָנקורירט מיט'ן פּעטער־בורגער „מאָנעטני דוואָר" (די מטבעות־גיסעריי פון רוס־נימער מטבע, די „פּרוטה": ס'איז געווען אַ פירקאַנטיקע

*) העכסט־וואָרשיינלעך איז דאָס געווען דער „קלאַס" פון ה' מאיר וואָלפּאָוויטש, וועלכער האָט זיך געפונען אין בנין פון ה' לאַסקין, לעבן ישיבה־געסל. — רעד.

---

כי עניני יום יום ושאלותיו התכופות הדורשות תשובה מיד — הם, הם המעסיקים את מוחו ולבו של ר' מרדכי'לה, ובהם הוא בטפל בין ביום ובין בלילה, כי אינם נותנים לו מנוחה. דאגות הפרט והרפתקאותיו נעשו לחלק בלתי־נפרד של הווייתו. ועל הכל הסתר וכיסוי. הוא שנא את הפרסום וממנו התירא מאד. דבר זה עיכבהו הרבה פעמים מקחת חבל בעבודות ציבוריות, המוכרחות להעשות באסיפות ובפרסום גדול.[5] מידה זו, מידת הענווה והבריחה מן הפרסום היא הכי־אופיינית אצל ר' מרדכי'לה. התכונה הזאת היא אשר עיצבה את האישיות המקסימה הנקראת ר' מרדכי'לה.

1) עיין ח. לונסקי, תולדות הגאון ר' מרדכי ווייצעל, ווילנא תרע"ז.
2) שם.
3) עיין ח. צ'מרינסקי (ר' מרדכי'לה) „עיירתי מוטילה", רשו־מות כרך ב', עמ' 81—82.
4) עיין בהקדמה ל,,הדרת־מרדכי", ווילנא תרנ"ט.
5) עיין ש. י. ווייצעל, „אבל־עם", סלאנים, תרע"ז.

שטיקעלע פּאַרמעט, פון אַ צוויי סענטימעטער די לייננג און אַזויפיל די ברייט, אויף וועלכער ס'איז געווען אַנ'אויפשריפט אין אַ סופרישן כתב: „פרוטה לעניים עוברי־אורח" (אָדער „פרוטה לעניים ארעיים", — איך געדיינק ניט גענוי). און געשאַפן האָט מען די „פרוטה" צוליב דער אומגעהויער־גרויסער צאָל וואַנדערנדע אָרעמעלייט וואָס פלעגן אָנקומען אין שטאָט, אַרומגיין וואָכן־לאַנג איבער די קראָמען און הייזער, שלאָפן אין הכנסת־אורחים, און נאָכן, אָפּזיין אַ 2—3 וואָכן, פאָרן (אָדער גיין צו־פוס) ווייטער אין אַרומיקע שטעט און שטעטלאַך. און היות ווי די קלענסטע מטבע, דער גראָשן (2 גראָשן אין אַ קאָפּיקע) איז געווען פאַר מערסטנטייל קראָמען צו גרויס, כדי צופרידנשטעלן אַזוי פיל אָרעמע לייט, — האָט די „הכנסת־אורחים" „אַרויסגעלאָזן" די פרוטה, 4 פרוטות אין אַ קאָפּיקע און זיי פאַרקויפט איבער דער שטאָט. אַזוי־אַרום איז ניט געווען אפילו די מינדסטע קרעמל וואָס זאָל ענטזאָגן דעם אָרעמאַן אַ נדבה: די פרוטה, דער האַלבער גראָשן, האָט צופרידנגעשטעלט דעם געבער ווי דעם נעמער. און די גבאים פון „הכנסת־אורחים" פלעגן נאָכהער איבערבייטן די אָנגעזאַמלטע פרוטות פון די אָרעמעלייט אויף געלט עובר לסוחר... אויב איך האָב קיין טעות ניט, זיינען די סלאָנימער פרוטות געווען אין גאַנג אַזש ביז דער וועלט־מלחמה אין 1914.

און נאָך אַנ'אינסטיטוציע פון יענע יאָרן, איז געווען טעטיק ניט ווייט פון ישיבה־געסל: דאָס איז דער „מאכל־כשר" פאַר די יידישע סאָלדאַטן פון בײדע פאָלקן וואָס זיינען שטענדיק (יעדנפאַלס שוין פון אָנהייב יאָרהונדערט) געווען אין שטאָט. אין דער געביידע פון תלמוד־תורה אויף רוזשנאָיער גאַס פלעגט מען איינאָרדנען פאַר די סאָלדאַטן ניט נאָר סדרים, נאָר אויך מאָלצייטן במשך פון דער גאַנצער פסח'דיקער וואָך. דער גאַרניזאָן פלעגט צו די סדרים און מאָלצייטן אָפּלאָזן די יידישע סאָלדאַטן. אין איניקע יאָר אַרום בין איך אפילו געוואָרן אַ מין „שמעלקע" ביים „מאכל־כשר"... דאָס איז געווען, לאַנד)... און, כ'לעבן, אַז מען דאַרף טאַקע פאַרצייכענען לדורות, ווי אַזוי און וואָס האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך די סלאָ־ווען כ'בין אָנגעקומען אַלס לערן־יינגל ביים פאָטאָגראַף וויינשטיין. די פאָלק־קאָמאַנדירן פלעגן נאָך פסח קומען אין „מאכל־כשר" און זיך פאָטאָגראַפירן מיט די גבאים און עסקנים ווי אויך מיט די יידישע סאָלדאַטן, און איך פלעג באַגלייטן וויינשטיינען און טראָגן דעם פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט מיט די קאַסעטן.

אַלס יינגל בין איך געווען באַהאַוונט אין אַלע בתי־מדרשים און מנינים פון די אַרומיקע געסלאַך, שוין נישט־ריידנדיק וועגן די בתי־מדרשים פון שול־הויף. איך בין געווען אַ „היימישער" אין ישיבה־מנין (ווו מען פלעגט דאַווענען רעגל־מעסיק), און אין קירזשנערשן און בעל־עגלה'ישן בתי־מדרשים, ווי אויך אין די דאַביי'איקע „שומרים־לבוקר" און מירקעס בית־המדרש. הגם דער בעל־עגלה'ישער בית־המדרש איז געווען אַביסל אָפּגעזונדערט — ער איז געווען אין „שטשענקע" (שפּעטער זשירעווער געסל) אויפ'ן אַנדער זייט פון רוזשנאָיער גאַס, — בין איך דאָרטן געווען אַנ'אָפטער אַריינגייער איבערהויפּט צווישן מנחה און מעריב. איך בין זיכער, אַז אַזוינע בילדער און אַזעלכע בעלי־עגלות ווי איך פלעג זען כמעט יעדן טאָג אין בעל־עגלה'ישן געסל, — קען מען שוין היינט צו־טאָג נישט זען און נישט געפינען אין דער גאַנצער וועלט!

אַריינגייענדיק אין שטשענקע, פלעגט מען שוין זען פון ווייטנס, אין די פאַרנאַכט־שעה'ן, ווי ס'שטייען אויסגעשטעלט וואָגנס מיט די איינגעשפּאַנטע פערדלאַך, וועלכע קייען געמיטלעך און אויסגערוטע זייער האָבער פון די טאָרבעס וואָס הייגען זיי אויף די קעפּ. ממש אַנ'אידיליע... נאָר ווו זיינען די בעלי־עגלות אַליין? מען זעט ניט קיינעם פון זיי. אָבער אַריינגייענדיק אין בית־המדרש, וועלכער טראָגט טאַקע זייער נאָמען, דערזעט מען אַ מערקווירדיקן בילד: אַלע באַקאַנטע פנים'ער, וועלכע מען קען זען אַ גאַנצן טאָג אויפ'ן „פּלאַץ", אָדער ביים וואָקזאַל (פונוואַנען זיי פירן סחורות אין שטאָט אַריין), פאַרהאָרעוועטע, פאַרשוויצטע און פאַרשטויבטע, — זיצן בהרחבה ביי די טישן און הערן אויפמערקזאַם אַ פרק משניות, וואָס אַ רב'ל לערנט מיט זיי...

מיין נייגעריקייט פלעגט מיר פאַרפירן אויך אין אַנדערע מקומות, ווי אין „רב'ס געסעלע" און אין חסידישן שטיבל. ניט איינמאָל פלעג איך אַלס יינגל פאַרקריכן און שטופּן זיך אין אַ שבת צום שלוש־סעודות'דיקן „טיש" אין שטיבל, פונוואַנען מען קען בעסער צוזען, ווי די חסידים טאַנצן אַרום דעם רבי'ן ר' שמואלק'ען אין אַ ראָד, פּאַטשן מיט די הענט און זינגען „עבדו את ה' בשמחה". אָדער איך בין געווען אַ בעלן צו קוקן אויף די הונדערטער מענטשן וועלכע פלעגן באַלאַגערן דאָס הויז פון ר' מרדכי'לען, כדי אויפגענומען ווערן פון אים און באַקומען פון אים אַ ברכה, אָדער אַנ'עצה. זיין שמש פלעגט מאַכן אָרדנונג אויף די לאַנגע טרעפּ וואָס פירן צום צווייטן שטאָק און אויך ביים אַריינגאַנג און בינו לבינו פלעגט ער שטילערהייד פאַרקויפן ר' מרדכי'לעס ליטאָגראַפישן פאָרטרעט וואָס מען פלעגט דרוקן טאַקע אין סלאָנים... אגב, בין איך אַליין אויך געווען איינמאָל ביי ר' מרדכי'לען, ניט צוליב אַ ברכה, נאָר אויף אַ „פאַרהער". ומעשה שהיה כך היה: נאָכ'ן אָפּלערנען אַ פאָר זמנים אין דער ישיבה, האָט מיר מיין פאָטער ע"ה געשיקט, צוליב געוויסע פאַמיליען־סיבות, פאָרטזעצן לערנען אין אַ ישיבה מחוץ לסלאָנים. ווען איך בין איינמאָל געקומען צופאָרן אַהיים אויף אַ יום־טוב, האָט זיך מיין פאָטער מיישב געווען און מיר געפירט ניט צו קיין אַנדערן ווי צו ר' מרדכי'לען, ער זאָל מיר פאַרהערן און זען וואָס פאַר אַנ'ערפאָלג איך האָב געמאַכט אין לערנען פאַר'ן לעצטן יאָר. אין וואָסער זכות האָט דאָס ר' מרדכי'לע געפונען צייט אונדז אויפנעמען, ווייס איך ניט. געוויס בזכות אבות אָדער זיידעס... ר' מרדכי'לי האָט אונדז זייער פיין אויפגענומען, ער האָט מיר „פאַרהערט" זייער לייכט און האָט גע'פסקנ'ט, אַז איך בין אַ „כלי שלמה"... מיין פאָטער האָט געקוואָלן פון נחת. נאָכהער האָט ר' מרדכי'לי געגעבן אַ קלונג און האָט געהייסן דעם שמש דערלאַנגען כיבוד. דעם כיבוד מיט די גוטע זאַכן האָט אַריינגעטראָגן די רביצ'ן בכבודה ובעצמה, וועלכע, — ווי איך געדיינק, — איז געווען אַ שיינע פרוי און האָט געטראָגן אַ טשעפּטשיק אויפ'ן קאָפּ.

איך האָב געהערט פיל מאָל ר' מרדכי'לען דרש'ענען אין געמויערטן בית־המדרש. ניט פיל איז מיר געבליבן אין זכרון פון זיינע דרשות. ווייזט־אויס, אַז ער האָט אַזוי ווי אַנדערע

מגידים (כאָטש קיין מגיד איז ער ניט געווען), זיך באַנוצט מיט משלים און זיינע דרשות. איינעם פון זיינע משלים, און דווקא פון טאָג־טעגלעכן לעבן, געדיינק איך. אין מיטן פון זיין דרשה האָט ער אַריינגעפלאָכטן פאָלגנדע מעשה: „מיר האָט זיך איינמאָל פאַרוואָלט זען ווער פירט דאָס דעם באַן מיט אַזוי פיל שווערע וואַגאָנעס. בין איך אַוועק צום וואָקזאַל און געוואַרט ביז ס'איז אָנגעקומען מיט גרויס גערויש דער פּאַסאַזשירן־„פּאַיעזד" (צוג). גיי איך אַריין אין וואַגאָן פון ערשטן קלאַס. איך זע מענטשן טרינקען בראָנפן, קאָניאַק, מען שפּילט אין קאָרטן און מען פאַרברייגגט. טראַכט איך זיך: היתּכן? צו לייגט זיך אויפ'ן שכל, אַז זיי זאָלן פירן דעם באַן? — איך גיי אַריין אין 2־טן, אין דריטן קלאַס. דיזעלבע זאַך. מענטשן זיצן, לאַכן, טומלען. נייך, — טראַכט איך, — מען דאַרף גיין ווייטער. בין איך אַזוי געגאַנגען ביז כ'בין דערגאַנגען צום „פּאַראָוואָז" (לאָקאָמאָטיוו). ערשט איך זע עס שטייט אַ קליינער מענטשעלע, אַן'אויסגעשמירטער, אַ פאַרשמאַלצעוועטער, און פון קוימען שלאָגט אַ רויך מיט אַ פּאַרע. דאַמאָלסט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ניט די וואָס טרינקען בראָנפן, שפּילן אין קאָרטן און טומלען פירן דעם פּאַיעזד, נאָר אָט דער קליינער, אויסגעשמירטער מענטשעלע"... — דאָס איז געווען דער משל. דעם נמשל קען מען זיך שוין אַליין פאַרשטעלן. ער האָט דאָן עפּעס געדרשנ'ט לפי רוח היום.

אַ טשעקאַוווער מענטש איז געווען דער בעל־הבית פון הויז, ווו ס'איז געווען אונדזער דירה, ר' שמואל שערעשעווסקי. דאָס הויז וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט „חברה־שטיבל" האָט געהאַט אַ גרויסן הויף, ווו ס'האָבן געוווינט אַסך שכנים. פון הינטן האָט דאָס הויז אַרויסגעקוקט אויף אַ סעדל און דעם יורדזיקער בית־עולם. ר' שמואל און זיין פרוי חיה האָבן געהאַט אַ בת־יחידה עלקע, וועלכע האָט „פאַרבלאָנדזשעט" צו די רעוואָלוציאָנערן פון פינפטן יאָר און איז געוואָרן גאָר אַ „וואָזשנע" פיגור ביי זיי. מען האָט איר עטלעכע מאָל אַרעסטירט און פאַראורטיילט אויף אייניקע יאָר תפיסה. ר' שמואל פלעגט פאָרן אין פעטערבורג, און מען פלעגט איר באַפרייען. כסף וזהב מטהר... רעוואָלוציאָנערן. לאַנג פלעגט זי אָבער ניט געניסן פון דער פרייהייט; זי פלעגט ווידער אַריינפאַלן אין די הענט פון פּאָליציי, און ר' שמואל פלעגט ווידער פאָרן קיין פעטערבורג... אַ סברא, אַז ער האָט דאָרטן געהאַט באַזונדערע פאַרבינדונגען. ר' שמואל האָט געהאַט אַ „שוואַכקייט": ער פלעגט דערציילן לאַנגע מעשיות וועגן פעטערבורג. נאָכהער איז געקומען די „צרה" מיט איר ליבע: עלקע האָט זיך פאַרליבט אין אַ סלאָנימער בחור, אַ רעוואָלוציאָנער, — נאָר דער יחוס האָט ניט געפּאַסט פאַר אירע עלטערן. דער קאַמף פון די עלטערן מיט דער בת־יחידה איז אָנגעגאַנגען גאַנץ לאַנג. — און אַלע שכנים פון הויז האָבן אים נאָכגעפאָלגט מיט שפּאַנונג. צום סוף האָט די „ליבע" טריאומפירט... אָבער קיין נחת האָבן זיי פון עלקען ניט געהאַט. זי איז מיט איר מאַן אַריבערגעפאָרן אין רוסלאַנד, און די רעוואָלוציע פון 1917 האָט זיי ענדגילטיק צושיידט פון זייער טאָכטער.

אין די צוואַנציקער יאָרן, זייענדיק אין מינסק, האָב איך געהערט, אַז עלקע איז געוואָרן אַ גרויסע געלערנטע און פּראָפעסאָר אין לענינגראַד.

פון די שטאָטישע טיפּן זע איך נאָך, ווי לעבעדיק, מאַטעלע דעם מוכר־ספרים'ניק, וועלכער פלעגט אין זיין גרויסן געפלאַכטענעם קאָשיק אַרומטראָגן ספרי־רומ"ל און „זשאַרגאָן"־ביכלאַך. איך בין געווען זיינער אַ שטענדיקער „קליענט" — ניט צו קויפן, נאָר צו לייענען: פאַר אַ קאָפּיקע פלעגט ער אויסלייהען אַ ביכל אויף אַ פּאָר שעה, און איך פלעג איבערן טאָג באַוויזן איבערלייענען עטלעכע ביכלאַך...

און אָט איז ר' חיים־הירשל דער מוהל, מיט זיין לאַנגער גרויער באָרד און בלויע ברילן. ער פלעגט שמעקן טאַבאַק פון אַ טאַבאַקערקע געמאַכט פון קאָרע.

מיר דוכט זיך, אַז לייזערקע דער רופא איז געווען פון די פּאָפּולערסטע מענטשן אין שטאָט. אַלע קינדער פלעגן אים שוין דערקענען פונווייטן, ווי ער גייט מיט זיין סוקעוואַטן שטעקן. אַ מומחה איז ער געווען אויף אַלע חולאת'ן און אפילו ציין־ווייטאַק האָט ער מיר איינמאָל געשטילט... אַ סברא, אַז ער איז געווען אפילו מער אָנגענומען, ווי דר. שעראַצקי, וועלכער פלעגט קומען צו זיינע פּאַציענטן צופאָרן.

איך וויל ענדיקן מיין קאַפּיטל זכרונות, מיט אַ „עמך"־מענטש, מיט אַ האַרציקן, פאָלקסטימלעכן און האַרעפּאַשנעם טיפּ, וועלכער איז ראוי פאַרצייכנט צו ווערן. עטלעכע לאַנדסלייט געדיינקען געוויס, אַז אויפ'ן מאַרק, ווי מען גייט צום שול־הויף פלעגן שטיין וועגעלאַך אויף 2 אָדער 4 רעדלאַך, וועלכע האָבן געהייסן „טאַטשקעס". מיט זיי האָט מען זיך באַנוצט צו קליינע טראַנספּאָרטן סחורה, ווי פירן אייניקע זעקלאַך מעל, פעסלאַך הערינג א. א. וו. דער אונטערשייד פון די בעלי־עגלות און די וועגעלאַך איז געווען אין... פערד. די טאַטשקע פלעגט שלעפּן אָדער שטופּן איר בעל־הבית אַליין. ער אַליין פלעגט זיך איינשפּאַנען אין וועגעלע, אָנשטאָט אַ פערד. פאַרשטייט מען שוין, אַז די וועגעלאַך־שלעפּער זיינען געווען אַ מין נידעריקערע מדרגה ווי די בעלי־עגלות, ווייל זיי האָבן ניט געקענט דערגיין צו אַן'אייגענעם פערד און וואָגן. און אָט געדיינק איך איינעם פון זיי, און כ'בין געווען אַן'אַריינגייער צו אים: זיינער אַ זון איז געווען מיין חבר. גערופן האָט מען אים: „אברהם'עלע קאָבילע". ווייזט־אויס, אַז דאָס איז געווען אַ רמז צום שלעפּן ווי אַ פערד. ער איז געווען פון הויכן וווקס, און מען פלעגט דערציילן אין שטאָט וועגן זיין גבורה. ער איז געווען אַ מין סלאָנימער „נח פּאַנדרע". בעת אַנדערע וועגעלאַך־שטופּער פלעגן נעמען נאָר 2—3 זעקלאַך מעל, פלעגט ער שלעפּן 5 זעקלאַך מיט אַמאָל. דאָס וועגעלע, מיט וועלכן ער איז געשטאַנען אויפ'ן מאַרק, האָט געהאַט אַ שטריק מיט אַ דישל, אַ מין גראָבן פלאָקן. צו שלעפּן די טאַטשקע פלעגט ער זיך אַרומוויקלען מיט דער שטריק, און מיטן דישל פלעגט ער איר קירעווען אין דער געוווּנטשטער ריכטונג. נאָך דער אַרבעט פלעגט ער זיין וועגעלע לאָזן שטיין איבערנאַכט ביי אונדז אויפ'ן הויף, און לויט זיין בקשה בין איך געווען דער שומר, איר צו היטן. געוווינט האָט ער אויפ'ן באַרג, ניט ווייט פון דער ישיבה, ווו ער האָט געהאַט אַ הייזל מיט אַ גאָרטן. זיין פרוי איז אויך געווען זייער אַ פּראַצאַוויטע: זי האָט זיך פאַרנומען, אַ חוץ איר אייגענע בעל־הבית'ישקייט, אויך מיט פליקן פעדערן און וואַשן גרעט פאַר בעל־הבית'טעס. זיי האָבן געהאַט 3 קינדער. ניט קוקנדיק אויף זייער אַרעמקייט איז ביי זיי אין שטוב געווען ריין און שיין. און ס'איז געווען אַן'אידעאַלער שלום־בית. זיי זיינען ביידע געווען גוט

און פרום. „אברהם׳עלע קאַבילע״ און זיין ווייבל די בריה האָבן געאָטעמט מיט גוטסקייט און נשמה. שבתים און ימים־טובים פלעגט ביי זיי אין שטוב רוהען די שכינה. ער פלעגט זיך אָנטאָן אין אַ שבת׳דיקן מלבוש און גיין דאַוונען אין בעל־עגלה׳שן בית־המדרש, ווו ער האָט זיך געפילט אַ גלייכער צווישן גלייכע. ער האָט קיינמאָל ניט רעאַגירט בייז אויף זיין צונאָמען „קאַבילע״ און האָט דאָס אָנגענומען נאַטירלעך, אַזוי דאַרף זיין... ער איז געווען אַ מין „שמח בחלקו״, צופרידן מיט זיין ווייב און קינדער, מיט זיין אַרבעט, גוט פאַר לייטן און פאַר גאָט. זיין יינגל איז געווען פון מיינע בעסטע חברים, און איך בין געווען אַ בן־בית ביי זיי אין שטוב.

און אָט, איינמאָל, זאָגט צו מיר אברהם׳עלע קאַבילע: „חיים׳ל, דו ווייסט, — איך פאָר אַוועק אין אַמעריקאַ. מענטשן זאָגן מיר, אַז ס׳איז שוין גענוג צו שלעפּן דאָס וועגעלע. איך פאָר אַליין און כ׳וועל נאָכהער אַריבערנעמען די פאַמיליע.״ — וכך הווה. צו אַלעמענס איבעראַשונג איז ער אַוועקגעפאָרן, און פון מאַרק איז פאַרשוווּנדן די הויכע, פעסטע און גוטמוטיקע געשטאַלט פון אברהם׳עלע „קאַבילע״. אין אַ יאָר אַרום האָט ער אַריבערגענומען די פאַמיליע, און איך האָב פון זיי מער קיינמאָל ניט געהערט.

**חיים אורלן (קליבלנד)**

# קצה רחוב הפנסים („אראפ פאנעסווע״)

פה בארץ־ישראל היו ודאי קוראים לאותה שכונת טובה ומיוחדת בין מניין וחצי הבתים שבין אלתר וטוביה בשם „שכונה״, שם קראו לזה, פשוט: „אַראָפּ פּאַנעסווע״ ובעברית קראנו לו: „קצה רחוב הפנסים״. אך היתה זו באמת מעין שכונה שבה נתרקמו חיים יהודיים מיוחדים ונבדלים עם צורת חיים משלהם. בני קצה רחוב הפנסים ראו את עצמם, וכך גם נראו בעיני אחרים, לא כ„עירוניים״ גמורים, אלא כבני חוץ לעיר הקרובים יותר אל הטבע. הבחורים היו כאן בריאים יותר, והילדים — אדומי לחיים יותר מפאת הקירבה אל השדות ומפאת הירק שהיה עוטה במשך חדשי האביב והקיץ את הגנים שמאחורי כל בית ואת מישטח האחו שהשתרע עד האופק ששמיים וחגורה שחורה וגבוהה של יער עבות נשקו בו הדדי. הטיילים שנפשם קצה בטיולי הסרק על ה„פּאַראַדנה״ ועל ה„דאַמבה״ היו יורדים לפנות ערב לקצה רחוב הפנסים וכאן היו נהנים מאויר מרענן ומחיה נפשות וגם מכוס חלב חם וטרי שהקצף עובר על גדותיו.

בימי שבתות וחגים היו פושטים את החולין ומתכנסים בביתו המרווח של משה זקין לתפילה ולהשראה של שבת ויום־טוב. משה זקין, אגב: אביהן של שש בנות חייל, היה בדברנותו משיח את הנאספים לפני התפילה ולאחריה. בשיחות אלו נתפרשו הידיעות האחרונות מעולם הפוליטיקה, דובר על המתהווה בעיר, סופרו זכרונות מהמלחמה הקודמת או מדורות ולפעמים גם נכנסים ובאים לאט לאט לתוך ויכוח סוער. אותה שעה היו הצעירים נתונים בחדר צדדי, בויכוח על ציונות, ארץ־ישראל, ספרות עברית מצד אחד ועל ה„בונד״, ספרות אידיש וגם בירוביג׳ן מצד שני. לא פעם נסתיים המאבק האידיאולוגי בחדר הצעירים במאבק של ממש שהצריך את התערבותם של הקשישים. אך גם בין הקשישים יש שהגיעו לפעמים לחמימות וריתחה יתירה שהיתה מסתיימת ב„ברכו״ או בכל אופן: בשימחה של מיצוה. שימחה בבית אחד היתה משתפת את כולם וכולם היו משמחים בה את עצמם. עשיר במיוחד בשמחות היה ביתה של משפחת בויארסקי, משפחה רבת בנים ובנות ונכדים, שאילו באו הנה ובנו להם איש איש ביתו, היו מהווים הם עצמם שכונה שלמה, אך שם היו מרוכזים כולם בחצר אחת בקצהו של קצה רחוב הפנסים והיא היתה הומה לעתים קרובות משמחות משפחה שכל השכנים היו משתתפים בהן.

טובה היתה השכונה בקצה רחוב הפנסים והגיעה לידידות ומשפחתיות, — משפחה אחת מביתו של ר׳ אלתר, הוא אבי משפחת בויארסקי, עד לביתו של טוביה, הלא הוא אביו של ארה׳לה, אהרן אולישבסקי, החביב והתוסס שבין אחיו שלא עצר כוח לשבת בסלונים ועשה לו כנפיים ובא לארץ־ישראל ופה יצא בוקר אחד עם ארבעת חבריו יחד להערות את דמם על סלעי ירושלים שהונחו ליסוד „מעלה־החמישה״. —

אני באתי מקצה רחוב הפנסים ולכן יקר לי זיכרו ביותר. זכר עירי נקבע בזיכרוני מקצה רחוב הפנסים: „אַראָפּ פּאַ־נעסווע״ ז״ל...

**מרים ליכטענשטיין־שערעשעווסקי (פּריז)**

# קינדער־יאָרן אין אַפּטייק־געסל

ווען איך קער זיך אום מיט די געדאַנקען צו מיינע ווייטע קינדער־יאָרן, שווימט פאַר מיר אויף ווי אַ חלום די קליינע געסעלע, ווו כ׳בין געבוירן געוואָרן און האָב פאַרבראַכט די ערשטע 10 יאָר פון מיין לעבן. איך זע פאַר זיך אַלע איינוווינער פון געסל, ווי איין־איינציקע משפּחה.

אַ העלפט פון געסל האָט געהערט בלויז צו צוויי משפחות, די שערעשעווסקי׳ס און די ווינשטיין׳ס. די ברידער מאיר און אייזיק שערעשעווסקי, מיין אָנקל און מיין פאָטער ז״ל האָבן געפירט, בירושה נאָך מיינע זיידע־באָבע, „זאַוואָדן״ (פאַבריקאַציע) פון מעד און וויין. איך געדיינק נאָך דעם ציטער, וואָס פלעגט מיר אַרומנעמען, ווען כ׳פלעג אַמאָל אַראָפּגיין אין די לאַנגע טונקעלע קעלערן, דריקנדיק פעסט דעם טאַטנס האַנט.

ווען פון די הויכע פעסער ווייַן פלעגט אונדז ענטפערן אַן׳עכאָ (אָפּקלאַנג) אויף יעדן וואָרט.

פון צייט צו צייט פלעגט מיין פאָטער אַרויסנעמען פון אַ פאַרשלאָסענעם שופלאָד אַ דיפּלאָם און אַ בראָנזענעם מעדאַל און ווייזן עס אונדז קינדער, דערציילנדיק אַז ער האָט זיי באַקומען אַלס אויסצייכנונג פאַר אַ גוטן און אָריגינעלן סאָרט מעד, וועלכן ער האָט אַליין ערפונדן און אָנגערופן „ליפּעץ״. איך דערמאָן מיך אַ יונגע פאָר פאָלק, וואָס איז געקומען צו אונדז פון מינסק, כדי זיך אויסצולערנען די פאַבריקאַציע פון האָניק־מעד און פון ראָזשינקעס־ווייַן. זיי האָבן פאַרבראַכט ביי מיינע עלטערן אייניקע וואָכן און האָבן נאָכדעם לאַנג, לאַנג געשריבן דאַנק־בריוו.

די משפחות וויינשטיין און שוואָגערס עפּשטיין און איווענסקי האָבן געפירט אַ גרויס־האַנדל פון שפּייז־און געווירצן־אַרטיקלען, בירושה נאָך זייער פאָטער און שווער ר׳ איטשע וויינשטיין, וועלכער איז געווען אַן׳ענערגישער ייד מיט אַ שיינער באָרד און אַ שטריינגן קול און בליק. די שערעשעווסקי׳ס און וויינשטיינס האָבן באַוווינט די גאַנצע לינקע זייט פון געסל, אויסער אַ קליינעם טייל, ד. ה. ביידע ווינקלען וועלכע זיינען געווען פאַרדונגען. די שערעשעווסקי׳ס האָבן געהאַט אַלס שכן אין זייער ראָג־שטיבל אַ מילדן ייד מיט אַ ציגן־בערדל און אַ שטענדיק־פריילאַכן שמייכל, לוניאַנסקי. זיין פרוי און 3 קינדער זיינען געווען „איידל ווי זייד״ לויט מיין מאַמעס ווערטער.

וויינשטיין׳ס ראָג־גאַס איז געווען פאַרדונגען דעם רוסישן אַפּטייקער פּרילינסקי, וועלכער איז געווען באַפריינדעט מיטן דאָקטאָר לעווין. איך געדיינק נאָך, ווי דר. לעווין מיט זיין פרוי און ביידע קינדער מעניע און זינע פלעגן אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן קומען מיט אַ וויזיט צו די פּרילינסקי׳ס, וואָס האָבן געהאַט צוויי זין אין עלטער פון לעווין׳ס קינדער. ביידע משפחות פלעגן פאַרפּוצטע זיך אַרויסלאָזן אויף אַ שפּאַציר אין פעלד הינטערן געסל און צוריקקומען מיט בוקעטן בלומען. איך ווייס נישט, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט פּרילינסקי׳ן. איך געדיינק נאָר, אַז שפּעטער האָט די אַפּטייק איבערגענומען די יידישע קהלה ,און דר. לעווין׳ס אלמנה האָט דאָרט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטע.

די צווייטע זייט געסל איז געווען צוטיילט אויף קלענערע פּאַרצעליעס. דער הויף, וואָס האָט שפּעטער געהערט צו חיים ראַבינאָוויטש, האָט אין מיינע קינדער־יאָרן געהערט צו דער משפחה ריפּ. דער בעל־הבית איז געווען אַן׳אינטעליגענטער, רוהיקער ייד. זיין פרוי ראָדל ריפּ, אַן׳אשת־חיל, האָט געהערשט ביד חזקה איבער זייער געשעפט. די משפחה האָט זיך געפירט, לויטן באַגריף פון יענע צייטן, אויף אַ מאָדערנעם אופן. די קינדער האָבן שטודירט אין מאָסקווע און נאָכהער זיך דאָרטן באַזעצט. ווען זיי זיינען שוין געווען פאַמיליע־מענטשן פלעגן זיי אויף פּסח קומען אין סלאָנים מיט זייערע קינדער. צווישן זיי איז געווען אַ מיידעלע אין מיין עלטער, און אין מיין קינדערשן געדאַנק האָט זיך פאָרמירט דער „אונטערשייד״ צווישן אַ קינד פון סלאָנים און אַ קינד פון אַ הויפּט־שטאָט...

אויפן זעלבן זייט געסל איז געווען דאָס הויז פון ביטענסקי דעם בלעכער אין וועלכן ס׳האָבן אויך געוווינט די פרוי מאַדעליאָוויטש, („יאָכקע די אַקושערקע״) און די משפחה פון ר׳ אברהם־שלום לידסקי דעם בתים־מאַכער. איך און מיינע ביידע ברידער בערל און שלמה׳קע ז״ל פלעגן זייער גערן גיין צו זיי און חבר׳ן זיך מיט זייערע קינדער. נאָר די גרעסטע צוציהונגס־קראַפט האָט געהאַט פאַר אונדז זייער באַלקאָן (אַ זעלטנהייט אין אונדזער אַלטן סלאָנים), פון וועלכן מיר פלעגן הערשן איבערן גאַנצן געסל... אַ שכנות׳דיקע הויז האָט געהערט אַ העלפט צו קוניצע דעם בעקער (שפּעטער פאַרקויפט צו מיין מומע פייגל ראָמאַנאָווסקי) און די צווייטע העלפט — צום לערער קלעבאַנסקי. דאָרטן איז געווען די שולע פאַר מיידלאַך אָנגעפירט דורך די לערער קלעבאַנסקי און האַלפּערן. אין דער שולע האָב איך געלערנט אייניקע יאָר. דער לערער האַלפּערן האָט געטראָגן גלאַנציקע פּענסנע, און דאָס האָט אים צוגעגעבן אַ געוויסן פּרעסטיזש אין די אויגן פון זיינע שילערינס... גלייך נאָכ׳ן שולע־בנין איז געווען טעבל לעמקין׳ס הויז, וואָס איז פאַר אונדז קינדער געווען דער פאַקטישער גרענעץ פון אונדזער וועלטל. די געסל איז געווען אונדזער מלוכה. ווינטער פלעגט זי זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פאַר׳כישופטן פּאַלאַץ. די פענצטער פלעגן זיך פאַרפּוצן מיט קאָלירטע גלעזער אויף שניי־ווייסער וואַטע און מיט פאַנטאַסטישע פאָרמען אויסגעשניטן אין „גאָלדענע״ פּאַפּיר. מיין פאָטער האָט פאַר אונדז באַשטעלט ביים טשעסלער, נעבן שכנות׳דיקן בעל־עגלה׳שן בית־המדרש, אַ שליטל, אויף וועלכן מיר פלעגן אַלע דריי צוזאַמען, איך צווישן מיינע ביידע ברידער, אַראָפּפאָרן די געסל מיט אַ שנעלקייט, וועלכע פלעגט מיר פאַרכאַפּן דעם אָטעם. אין פרילינג, און דער עיקר פּסח, פלעגן אַלע קינדער פון געסל שפּילן אין ניס. מ׳פלעגט שפּילן מיט אַ סך התלהבות, און מען פלעגט זיך פילן ווי קינדער פון דערזעלבער משפּחה. קינדער פון אַנדערע גאַסן האָבן מיר נאָך דאַן נישט געקענט און נישט... טאָלערירט. איך דערמאָן מיך, אַז ווען די קינדער פון סאַמסאָנאָוויטש, וועלכע האָבן געוווינט אויף יענער זייט „גרענעץ״ פון אונדזער געסל, פלעגן וועלן קומען שפּילן אין ניס מיט אונדז, האָט מען זיי נית אָנגענומען... אַלס סאַנקציע, פלעגן זיי זיך אַריינכאַפּן, „קאַפּיסיקירן״ די ניס און אַנטלויפן...

דעם ערשטן מאָל וואָס איך בין אַרויס פון געסל און זיך אָנגעהויבן צו באַקענען מיט דער שטאָט, בין איך אַלט געווען 9 יאָר. דאָס איז געווען דאַן, ווען איך האָב שוין פאַרלאָזן קלעבאַנסקי׳ס שולע און אָנגעהויבן לערנען אין גימנאַזיע, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אין מילערס הויז ,קעגנאיבער גראָדזענסקי׳ס אַפּטייק. דער שטח פון געסל ביז דער גימנאַזיע האָט מיר דאַן אויסגעזען אַזוי פרעמד, אַז כ׳האָב מיט שרעק געדריקט די האַנט פון מיין לערערקע פאַניע כאַשעסמאַן, וועלכע האָט מיר צוגעגרייט און צום ערשטן מאָל אַוועקגעפירט אין גימנאַזיע. נאָכדעם פלעג איך גיין צוזאַמען מיט מיין חבר׳טע סערל וויינשטיין. סערעלע, די שטילע איידעלע טויב!

קורץ נאָכדעם האָבן מיר זיך געזעגנט מיט׳ן אַפּטייק־געסל און מיר זיינען אַריבער וווינען אין הויז וואָס אויפן ווינקל רוזשנאָיער גאַס און „פּלאַץ״.

געבענטשטע, ליכטיקע קינדער־יאָרן! טייערע, באַליבטע געסעלע!...

און אָט האָבן די פּייערלעשער מיטן ד״ר יתום בראש איינגעאָרדנט אין „סאָד״ אַ גאָרטן־פאַרוויילונג מיט אילומינאַציעס, „מוזיק״ און פייערווערק. ס׳איז געווען אַ געוואַגטע נייס, וועלכע האָט זיך פּאָלקאָם איינגעגעבן. און פון דאַן־אָן זיינען די גאָרטן־פאַרוויילונגען געוואָרן איינמאָל און אָפּטמאָל 2 מאָל אַ וואָך דער צוזאַמענקונפטס־אָרט פון גרויס און קליין. אפילו די „אינטעליגענץ״ האָט באַוויליגט צו קומען. אויף די זייטיקער און הויפּט־אַלייען דעפּילירט אַ לוסטיקע יונגוואַרג. די פּאַפּירענע פילפאַרביקע לאַמטערנעס, וועלכע זיינען צוהאָנגען צווישן די ביימען, שאַפן אַ פייערישן ליכט־און שאָטן־שפּיל. אין גאַס איז פינסטערלעך, און דאָ איז עפּעס אַזוי כישופ׳דיק ליכטיק... פאַררייסן יונגע „רעאַליסטן״ די קעפּ און שפּאַצירן אַזוי לייכט אונטער די קלאַנגען פון די אַלטע מעלאָדישע וואַלסן. זייערע געלע קנעפּ בלישטשען פון ווייטן, און די הערצער קלאַפּן נערוועז, ווען ס׳גייען פאַרביי אַפּאָר גימנאַזיסטקעס אין די שוואַרצע קליידלעך מיט די ברוינע שילערינס־פאַרטוכלעך...

עס שפּאַצירן שלאַנקע, עלעגאַנטע „פּאָרוטשיקעס״ פון 118־טן שאָיסקן פּאָלק, וועלכער איז גאַרניזאָנירט אין שטאָט. זינט די גאָרטן־פאַרוויילונגען האָבן באַקומען אַזאַ רענאָמע, קומען די אָפיצערן וואָס אָפטער, און די עלטערע ברייגען אַראָפּ אפילו זייערע פרויען און יונגע טעכטער. אַ פּאָלק־אָרקעסטער שפּילט מיליטעריש־לוסטיק וואַגנערס מאַרש, — און „טשינאָווניקעס״, אָפיצערן, יידישע אינטעליגענץ און יוגנט מישן זיך אויס אין אַ פריילאַכן, טומל׳דיקן געזעמל... און זעלבסטפאַרשטענדלעך חדר־יינגלאַך באָמבלען זיך אויך אונטער די פיס און וואַרטן־אָפּ געדולדיק דאָס אויסשיסן פון פייערווערק...

ביז שפּעט אין דער נאַכט הילכן־אָפּ די „אויפרייסן״ און פון אַלע זייטן זעט מען שלענגלען זיך אין לופטן די בלויע, ראָזע, רויטע און העלע פייערלאַך.

... אין „פיינע הייזער״ פון שטאָט האָט מען געזען זייער גערן די הייטערקייט, צו וואָס סלאָנים, די פאַרשלאָפענע שטאָט, האָט מיט אַמאָל זוכה געווען, און פה־אחד האָט מען באַשלאָסן, אַז סלאָנים „מענטשלט זיך אויס״.

## שבת אין שאסיינעס וואלד

עפּעס טומלען לעצטנס די צייטונגען: אַ פּאָליטישער מאָרד. געשאָסן אין סאַראַיעווע עפּעס אַן׳עסטרייכישן פּרינץ. צופאָרן זיך דאָס די צייטונגען אויף לאַנגע שפּאַלטן. צום ערשטן מאָל הערן יידן דעם נאָמען „סאַראַיעוואָ״.

אויף שול־הויף שבת נאָכ׳ן דאַווענען שמועסט מען „פּאָליטיק״. אין פּאָלוש פון גרויסער שול קאָמענטירט מען די נאָטע, וואָס עסטרייך האָט אַריינגעשיקט סערביען. נאָר שטאָט ליגט דער גאַנצער עסק אין דער לינקער פּאה.

אין האַנדל איז כמעט ווי נאָכן סעזאָן. עס שטייען שיינע, הערלעכע טעג, — און קרעמער גענעצן גאַנץ געשמאַק. גייט פאַרביי איוואַנאָוו דער „אָקאָלאָדאָטשניק״ מיט זיין שטאָלצער וואַזשנער מינע, נעבן די אויסגעשטעלטע ביינקלאַך ליינג־אויס די קראָמען. ציהען זיך פון אַלע זייטן יידישע היטלאַך מיטן גרעסטן הדרת־הכבוד...

דער פּאָלק האָט זיך אַריבערגעקליבן טיילווייז אין „לאַגער״, און ס׳איז געוואָרן אין שטאָט קענטיק פּוסטער. ציהען זיך טאַקע לאַנגווייליק די הייסע טעג. נאָר אין די אָוונטן אָטעמט די שטאָט אָפּ, — און די יוגנט נעמט ס׳אירע.

און קומט דער שבת, ווערט אַ באַוועגונג אויפן „שאָסיי״, צו אַלבערטינע־צו. גלייך נאָכן עסן, לאָזן זיך אַוועק גרופּעס יונגוואַרג צום נאָענטן וואַלד, רעכטס, אויפן צווייטן וויאָרסט. אַרבעטער־יוגנט און בעל־הביתי׳שע יונגע לייטלאַך. די סיטצענע פאַרביקע קליידלאַך שעמערירן אויף דעם מיט ליכט פאַרפּלייצטן שאָסיי.

אין וואַלד איז פריילאַך, הו־האַ׳דיק. מ׳פאַרקריכט אין פאַרבאָרגענע ווינקלעך און — מען זינגט לידער. פון אַ זייטיקן וועג טראָגט זיך דאָס עכאָ פון דער בונדישער „שבועה״, און ס׳ענטפערט אָפּ פון אַן׳אַנדער זייט דער ציוניסטישער מאַרש: „שאו ציונה נס ודגל״. דאָס איז, מן־הסתם, די פריילאַכע חבריא פון ר׳ ישראל מירסקי׳ס חדר...

ווערט אָבער דער זייגער 4־5 נאָכמיטאָג, — בייט זיך דער צוזאַמענשטעל פון עולם. בעל־הבית׳ישע יידן מיט ווייבער און קינדער שפּאַצירן רחבות׳דיק אויפן שאָסיי, מ׳רעדט „געשעפטן״, פאַמיליען־געשיכטעס, מעשיות פון אַמאָל. און קומט מען אין וואַלד, — דאַווענען די טאַטעס אָפּ מנחה און מ׳צעלייגט זיך אויפן גראָז מיט אַ צידה־לדרך׳דיקן שלוש־סעודות...

... שפּעט אין אָוונט שוין ציט דער עולם צוריק אהיים, פּאַוואָליע און געמיטלעך, ליינג־אויס די סקראָבעווע, — און דער „סאַכאַראָ־מאָראָזשעניק״ אין ווייסן פאַרטוך מיט זיין רויטן קאַסטן אויף 2 רעדער, וועלכער קומט אויך פון וואַלד, שליסט די דעפּילאַדע פון שבת׳דיקן עולם...

## סאראיעווער שאס קלינגט אפ אין סלאנים

די צייטונגען האָבן זיך צושמירט וועגן מעשה „סאַראַיעוואָ״ גאָרניט אויף קאַטאָוועס. עס פאַלט אַריין דאָס וואָרט „מלחמה״ צווישן עסטרייך און סערביען, הייסט עס. דער „היינט״ און „מאָמענט״ ווערן צוכאַפּט גלייך ביים אָנקומען. „וואָס שרייבט איטשעלע?״ — „איטשעלע״ איז אַ באַגלויבטע פּערזאָן. „איטשעלע״ וועט ניט פאַרפירן. די „הצפירה״ לעזער שלינגען די פּאָליטישע לייט־אַרטיקלען פון נ. ס. „כביכורה בטרם קיץ״. נ. ס. מאַכט דעם גאַנצן קאָנפליקט צו קליינגעלט. ס׳וועט גאָרניט זיין. מ׳וועט זיך באַרוהיקן און ס׳וועט זיין — עולם כמנהגו נוהג. — נ. ס. — אַ קלייניקייט — נ. ס.? — ס׳איז דאָך אַ קאָפּ־מענטש, אַ מיניסטערישע קאָפּ — סאָ—קאָ—לאָוו!... —

נייגעריקע לעזן די „רעטש״ און „בירזשעווע וועדאָמאָסטי״. — וואָס וועלן זיי זאָגן אויף דער חתונה, וואָס צושפּילט זיך אויף די באַלקאַנען? — נאָר, גיי דערגיי אַ טאָלק! אין פּעטערבורג איז מען געשמאַק פאַרנומען מיט „פּואַנקאַרע׳ס וויזיט, מ׳פירט אים אַרום אין „צאַרסקאָיע סעלאָ״, אין פּעטערהאָף, מ׳צאַצקעט זיך מיט אים.

היגע „נאַטשאַלסטוואָ״ ווייס סתם ניט פון קיין פּותר־

חלום. דער הינקעדיקער „פּאָמאָטשניק איספּראַווניק" שלעפּט זיך יעדן טאָג רעגולער מיט זיין קראַנקער פּיסל אין דער ריכטונג צו „פּאָליציי אויפן הויף", — און קאַלענדאַ דרייט, ווי שטענדיק, כיטרע און גנבי'ש־שמייכלדיק זיינע לאַנגע וואָנצעס.

## אַ שטיל פּראָווינצער לעבן

שוין אַ לייגערע צייט שמועסט מען אין פאַרשיידענע קרייזן פון שטאָט וועגן דער מעגלעכקייט פון אַריבערפירן די גובערניע פון גראָדנע קיין סלאָנים. באשר, שמועסט מען, סלאָנים האָט זיך פאַר די לעצטע יאָר גאָר פיין אַנטוויקלט. ס'איז געוואָרן אַ שטאָט מיט לייטן גלייך. זי בויט זיך און פאַרשפּרייט זיך וואָס מער. איבערהויפּט אימפּאָנירט אין געהעריקע קרייזן די אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג פון שטאָט און פון דער שכנות'דיקער אַלבערטינע. טאָרטאַקן, מילן, הייוון־פאַבריקן, טשוועקעס־און מאַשינען־פאַבריקן, — אַ שפע פון געוואַגטע און פּראָספּערירנדע אונטערנעמונגען. און דער עיקר — די גאָר היבשע פּערספּעקטיוון אויף דער צוקונפט, וועלכע שטייגן אַריבער די אויסזיכטן פון גראָדנע.

גיט מען טאַקע איבער, אַז אין אָפיציעלע קרייזן ווערט ביסלאַכוויז רייף דער פּלאַן אַריבערצופירן דעם גובערניאַלן צענטער קיין סלאָנים.

ס'איז דאָך שוין עפּעס אַ שטאָט פון 30 טויזנט איינוויינער...

נו, געוויס האָט אויך צו זאָגן דער פאַקט, וואָס סלאָנים ליגט אויף דער ליניע וואַרשע — מאָסקווע און פאַרמאָגט גלענצנדע קאָמוניקאַציע מיטלען דורך וואַסער און יבשה. אגב, זיינען מן־הסתם דערביי פאַראַן געוויסע סטראַטעגישע און פּאָליטישע כוונות, אויף וועלכע ס'באַאיינפלוסט די דיסטאַנץ צו דער דייטשער גרענעץ.

אָט אַזוינס אומגעפער דערציילט מען זיך אין שטאָט.

מהיכא־תיתי, צו פּרנסה וועט דאָס ניט שאַטן. אגב, האָבן סלאָנימער יידן אויף פּרנסה זיך איבעריקס ניט וואָס צו קלאָגן. געוויס איז אויפן „באַרג" און אויף „ברעג" און אין אַנדערע שטאָט־טיילן פאַראַן גענוג אָרעמקייט, און אין אַ היבש־ביסל לעכער פון ראַד קראָמען איז אויך ניט פריילאַך. אָבער פּרנסה איז דאָך פאַראַן. זונטיקביים מאַרק, כאָטש די קראָמען עפענען זיך ערשט איינס אַ זייגער, פאַלט אַריין אַ שפּאָרביסל לייזונג.

און די שטאָט באַדינט מיט איר האַנדל אַ רייהע שטעטלאַך אַרום. פאָרן אַראָפּ דיליזשאַנסן מיט די הויכע בוידן פון דערעטשין, זשעטל, קאָסעווע, רוזשנאַי און אפילו פון וויטערע שטעטלאַך; לאָדן זיך אָן מיט סחורה און פּאַסאַזשירן און פאָרן אַוועק געשוואָלענע פון משׂאות, גרייט אויף האַצקען זיך אַ גאַנצע נאַכט לייג־אויס די „באָטשנע" וועגן. סלאָנימער האָלץ־סוחרים פאַרבינדן גרויסצוגיקע געשעפטן און פירן אַברייטן, בעל־הביתישן לעבן. אויפן טייך גייען לאַנגע־לאַנגע פּליטן פון פּינסקער געגנט, געשטופּט דורך „פּאָלישוקעס" און שווימען אַוועק אַזש צום ים.

איז רירעוודיק אין שטאָט און יידן מאַכן אַ לעבן נישט צום פאַרזינדיקן.

פּליסט אַ רוהיק און שטיל לעבן אָן טומל און דאָך ניט פאַרשלאָפן, איינגעלעבט מיט „נאַטשאַלסטוואָ", מיט גלות און מיט זיך אַליין...

## די כישוף־פולע פאַוויילונג אין „פּוסטן סאַד"

אין „פּוסטן סאָד" פאַרהיינגט מען שוין ווידער די פּאַפירענע לאַמטערנעס: ס'וועט זיין אַ היבשע פאַרוויילונג. און דער „טשוואָק" פון אָוונט וועט זיין: אַ וואַנדערנדע אַרטיסטןטרופּע מיטן גרויסן אַרטיסט און קונצנמאַכער פראַנקאַרדי בראש, — אַזוי האָבן געלאָזט וויסן אין שטאָט גרויסע אַפישן.

וואָס אָפּטער גאַסטראָלירן די טרופּעס און אַרטיסטן. ווער איז דאָס דער פראַנקאַרדי? — מ'דערציילט, אַז ס'איז גאָר אַ היבשער אַרטיסט. און טאַקע ניט אַזוי אַרטיסט, ווי קונצנמאַכער. ער ווייזט פּשוט נסים ונפלאות. און איז'ן איז ער גאָר ניט קיין רוס, נאָר חציו שפּאַניער, חציו ציגיינער. אָ וואַ! אָ וואַ! און אַזעלכע קרעפטן „נידערן" אַראָפּ אין סלאָנים...

אַז מ'שמועסט — סלאָנים „מענטשלט זיך" — איז דאָך נישט שייך...

דער אָוונט פון דער גרויסער פאַרוויילונג. דער גאָרטן איז העל באַלויכטן. נעבן פּאַרקאַן וואָס גרענעצט זיך מיטן הויף פון די „פּאָזשאַרנע" איז אויפן לייכטן פּוס צונויפגעשטעלט אַ סצענע מיט טרעפּ־אַראָפּגאַנגען פוןביידע זייטן. קעגנאיבער — לאַנגע שורות פון גיך־צנויפגעקלאַפּטע ביינק פאַרן פּובליקום.

אין גאָרטן איז די „סמעטענע" פון שטאָט, „נאַטשאַלסטוואָ", אָפיצערן. דער איספּראַווניק מאַטשינסקי בכבודו ובעצמו איז דאָ, אַ יונגע, ענערגישע געשטאַלט. און אָט איז דער „וואָאינסקי נאַטשאַלניק", דער אַלטער גענעראַל גאַמרעטקורעק מיט זיין לאַנגער גרויער באָרד און שטרייגגן בליק. עטוואָס ווייטער, אין אַ פריילאַכן קרייז — אַ גרופּע אָפיצערן, וואָס זיינען געקומען פון „לאַגער" צו דער פאַרוויילונג.

דאָרט, נעבן אָרקעסטער ציט אויף זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט אַ בליהענדע יונגע פּאָר: דאָס איז דער איבעראַל־געאַכטעטער ד"ר לעווין מיט זיין יונגער וווּנדערבאַר־שיינער פרוי. אָנגעטאָן אין אַ בלענדענד־ווייסער קלייד, שיינט זי אויפן פאָן פון גרינס און לאַמטערן־ליכט ווי עפּעס אַ פּרינצעסין... סטודענטן, אַראָפּגעקומענע אויף זומער מיט גרינע עפּאָלעטן אויף די אַקסלען, רעאַליסטן פון די העכערע קלאַסן, יידישע „סתם־יוגנט" וועלכע האַלט זיך „ווירדיק" און „אויפן אָרט". אַלע, אַלע זיינען געקומען זען די קונץ־שטיק פון ווונדערבאַרן אַרטיסט פראַנקאַרדי.

דערווייל שפּילט דער אָרקעסטער דעם וואַלס: „נאַ שאָפּקאַך מאַנדזשוריי". די פּיס פון די יונגע שפּאַצירנדע הייבן זיך לייכטער, נערוועזער, די אויגן — לעבעדיקער... נאָר שאַ — דער אָרקעסטער בלייבט שטיל. אויף דער סצענע ווערט ליכטיק און — ס'באַווייזט זיך דער אומגעדולדיק־ערוואַרטעטער אַרטיסט און קונצנמאַכער פראַנקאַרדי.

אין גאָרטן הילכט מיטאַמאָל פון דער סצענע אַראָפּ אַ לוסטיקער געשפּרעך אין דער רוסישער שפּראַך. אַ פּאָר פריילאַכע חברה־לייט שפּילן עפּעס אַ סקעטש און בינו לבינו

טאַנצן זיי אַרום איבער די „ברעטער". עס באַווייזט זיך אויך אַ אשה, און דער דיאַלאָג פליסט אַ קלינגענדער אין דער שטילקייט פון גאָרטן. מיטאַמאָל ווערן נעלם אַלע מיטשפּילער און עס בלייבט איינער פון די חברה־שפּילער, אַ ברונעט מיט שאַרפע אויסדריקלעכע געזיכטס־ציגן, דער באַרימטער פראַנקאַרדי בכבודו ובעצמו. אַן׳עלעגאַנטער נויג צום פּובליקום. אַפּלאָדיסמענטן אויף די געדיכט־געזעצטע ביינק. פראַנקאַרדי איז אָנגעטאָן אין אַ העלן זומער־אַנצוג. נעבן אים — אַ קאָלירטער הויכער פּאַראַוואַן. פראַנקאַרדי פאַרשווינדט הינטערן פּאַראַוואַן. 2 סעקונדן, די צייט אויף אָפּצוציילן איינס, צוויי, דריי, — און דער אַרטיסט באַווייזט זיך אין — אַ שוואַרצן פראַק, צילינדער, ווייסע הענטשקעס, — אַ פּאַרטיקער דענדי. ווידער אַמאָל אַ שפּרונג הינטערן פּאַראַוואַן, — און ס׳שטייט אַ מאַרקיז אין העלע קורצע הויזן, ברייטע בלוזע און ווייסן פּאַרוק... און דאַן — שפּרונג נאָך שפּרונג, אַרויף און אַראָפּ, אַראָפּ און אַרויף, — גלגולים און מעטאַמאָרפאָזעס, איינע איבעראַשנדער פאַר די אַנדערע, איינע שנעלער פאַר די אַנדערע, — אַ פּאַיאַץ, אַ פּיערראָ, אַ מעפיסטאָפעל, אַ פּאַרטענצער, אַ פּאָעט, אַ באָהעמיער, — קאָסטיומען בונטע, רייכע, פּילפאַרביקע, באַגלייט מיט געהעריקן גרים, האָר־פאַרקעמונג, זשעסטן, — און דאָס אַלץ לויפט געשווינד, האַסטיק, אַזוי ווי אין אַ פילם, — אַן׳עכטער קאַליידאָסקאָפּ פון מענטשן־טיפּן, אויסגעפירט אויגנבליקלעך דורך איין און די זעלבע פּערזאָן...

דער ענטוזיאַזם איז גרויס. די דאַמען שטייען אויף פון די ערטער און אַפּלאָדירן. אפילו דער שטרייַנגער „וואָאיִנסקי נאַטשאַלניק" שמייכלט־צו, — ס׳איז אים שטאַרק געפעלן.

נאָר דאָס איז נאָך ניט אַלץ, דאָס וווּנדערבאַרסטע קומט נאָך. דער העלד פון אָוונט שפּילט אַ סקעטש און פירט אויס איינער אַליין גלייכצייטיק אַלע מענער־און דאַמען־ראָלן. דערביי איז דאָס שפּיל אינסצעניזירט אַזוי, אַז אויף דער סצענע געפינט זיך בלויז איין פּערזאָן, — און אַלע אַנדערע מיטשפּילער ריידן פון הינטער דער סצענע. פראַנקאַרדי בייט מייסטערהאַפט און שנעל ניט נאָר זיינע טואַלעטן, נאָר אויך — זיין שטימע, פון די דינסטע סאָפּראַנאָ־טענער ביז צו די דיקסטע טענאָר־און באַס־ניואַנסן... עס רעדט פון אים אַרויס אַ זקן, אַ בחור׳ל, אַ מיידל, אַ קינד...

„בראַ—אַ—וואָ! בראַוואָ! או—די—ווי—טעלנאָ! גע—ניאַל—נאָ!" —

צו די ענטוזיאַזם־אויסדרוקן נעמט קיין עק ניט. און לאַנג, לאַנג נאָך דער פאָרשטעלונג רינגלט נאָך אַרום די אָפיצערן־גרופּע פון „שויסקי פּאָלק" דעם העלד פון אָוונט. מ׳שליסט באַקאַנטשאַפט, מ׳לאַדט אים איין אין די קאַזאַרמעס, אין „לאַגער". פראַנקאַרדי שמייכלט שעלמיש, די הענט אין די קעשענעס, זיכער מיט זיך. ער זאָגט־צו „מיטן גרעסטן פאַרגניגן". ער וועט קומען, מ׳וועט זיך ווילן...

... שטאָט שלאָפט שוין לאַנג אין דער שפּעטער אָוונטשעה, ווען דורכ׳ן שוואַך־באַלויכטענעם „נעווסקי" לאָזט זיך דאָס פּובליקום צוריק פון „פּוסטן סאָד" אין פריילאַכן האַרמידער און גערייִדעריי, פול מיט אַנטציקונג פון וווּנדערבאַרן אַרטיסט און קונצנמאַכער פראַנקאַרדי.

## אין „סקאַבעלעווסקי לאַגער"

אין „סקאָבעלעווסקי לאַגער" איז פולער סעזאָן. שיעור־ניט אַ גאַנצער קאָרפּוס איז דאָ איינגעקוואַרטירט, אין שכנות פון דער אייזנבאַן־סטאַנציע „לעסנאַיאַ". פּאָלקן פון אַרומיקע שטעט, איבונגען, מאַנעווורעס. דער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר אַליין פירט־אָן מיט די איבונגען, גיט אַרויס באַפעלן די פּאָלק־קאָמאַנדירן. יידישע קרעמער פון סלאָנים און באַראַנאָוויטש האָבן דאָ געעפנט פיליאַלן פון זייערע געשעפטן און עס גייט אַ געשמאַקע לייזונג. אַ קלייניקייט, אַזוי פיל חייל אויף איין אָרט?

אַ גאַנצן טאָג שיסט דאָס און קנאַלט פון אַלע זייטן. גרייט מען זיך צו עפּעס? — חלילה, בלויז איבונגען, וועלכע חזר׳ן זיך איבער פון זומער צו זומער.

און אין די אָוונטן ווײַלט זיך דער עולם אָפיצערן, מ׳פאַרברייַנגט אין קלוב, מ׳טאַנצט, מ׳שפּילט...

און דאָ אינמיטן דערינען, אַזאַ אויסערגעוויינלעכע אַטראַקציע: דער באַרימטער אַרטיסט און טראַנספאָרמאַטאָר פראַנקאַרדי! דאָס האָט מען צו פאַרדאַנקען די קאָלעגן פון „שויסקי פּאָלק", וועלכע האָבן אים געזען אין סלאָנים און גלייך אַנגאַזשירט אין לאַגער אַריין. פראַנקאַרדי האָט זיך דאָ, צווישן די העכערע מיליטער־לייט, געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער, געגעבן איין קאָנצערט און אַ צווייטן און — פאַרבליבן דאָ אַ לעב צו־טאָן אַ שטיקל צייט צווישן חברה־אָפיצערן, לעבע־יונגען... אַ סברא, אַז אָט דער פראַנקאַרדי איז פון דער היים־אָן, פון זיין לאָמבאַרדיע, צו אונגאַרן, דער גוטער טייוול ווייסט אים, — אַ ריכטיקער פויגעלע, אַ לעבעקינד פון דער בריליאַנטענער אָפיצערן־סביבה...

די וועלדער אַרום „לעסנאַיאַ" האָבן זיך צובליט און צוזונגען אונטער דער הייסער יולי־זון. די סאָלדאַטן, מידע פון די טאָג־איבונגען, קערן זיך אום אין אָוונט אין לאַגער אַריין, און ס׳שאַלן אין די ברייטע פעלדער אַרום זייערע געזונטע פּאָנישע סטעפּ־לידער.

שפּעט אין אָוונט הערט זיך נאָך דאָ־דאָרטן אַ לעצטער אַקאָרד פון „קאָראָבושקאַ".

עס שלאָפט דער פיל־טויזנט־קעפּיקער מחנה פון סקאָבעלעוו־לאַגער אין צוהיצטער נאַכט. עס כראָפּען שטאַרק די מוזשיקעס־„יונים" אויף זייערע געלעגערס. און ס׳הוליען, שיכור פון נאַכט און פון לוסט, די יונגע אָפיצערן מיט זייער געהויבענעם גאַסט פראַנקאַרדי...

נאָר אויפן קאָרפּוס־שטאַב דריקט אַ סוד. אין דער שוואַרצער נאַכט קומען־אָן באַפעלן צום קאָרפּוס־קאָמאַנדיר: „זיין גרייט עווענטועל צו אַלץ!" — עס שוועבט אַדורך אַ וואָרט: מאָביליזאַציע. ס׳איז פאַר אַ שטורם. כמאַרעס יאָגן אָן. דער קאָרפּוס־קאָמאַנדיר סוד׳עט זיך מיט זיין סוויטע. פון מויל צו מויל קומט אָן די נאַכריכט. אין די שטאַבן שושקעט מען זיך, נאָר דער לאַגער איז איינגעזונקען אין טיפן שלאָף...

## נ. ס. (נחום סאקאלאוו) בארוהיקט סלאנים

מיטוואָך, 17־טער יולי. די שטאָט איז צורודערט און צוטראָגן. מ׳צוכאַפּט די צייטונגען, מ׳וויל לעזן צווישן די שורות וועגן די שאַרפע נאָטן־אויסטויש צווישן די מלוכות. עסטרייך

האָט ערקלערט קריג סערביען. „און מ׳טוט שוין דאָרט אין עסק״... נו, איז בכן? — און מען טרייסט זיך: עט, אין דער לעצטער מינוט וועט מען זיך אָפּהאַלטן. נ. ס. אין „הצפירה״ האַלט כסדר אין איין פּראָפעטירן, אַז ס׳וועט גאָרניט זיין. און פאַרט — איז מען אומרוהיק. ווער וויים? ווער ווייס?

אין פּאַלוש און אין די בתי־מדרשים איז פול מיט רעד־לאַך. מ׳פרעגט זיך ביי טשינאַוואָניקעס, באַקאַנטע נאַטשאַלס־טוואָ. נאָר ווער קען וויסן, וואָס ס׳טוט זיך דאָרטן, אין די הויכע פענסטער?? אפשר ווייסט מען שוין עפּעס דאָ, ביים איספּראַוואָניק, צו אין פּאַלק, און מען וויל נאָך ניט זאָגן?

אין שטאָט איז קיין חייל ניטאָ, — און ס׳איז שטיל. זאָגט מען זיך: „קאָלי טשיכאָ, טאָ ניע ליכאָ״.

לייגט זיך שטאָט שלאָפן, אַ דערוואַרטנדיקע, אַנ׳אומ־רוהיקע.

## מאַ—בי—לי—זאַ—ציע!

דאָנערשטיק 18־ער יולי. עס דערקייקלען זיך אין סלאָ־נים אָפּקלאַנגען פון גרויסע אַנקומנדע געשעענישן, צום־ערשטן, היימישע. פון מויל צו מויל גיט מען זיך איבער די נייס, אַז דער פּאָלק קומט צוריק פון לאַגער. היתכן? אינמיטן העלן זומער, אַ שטיק צייט פאַרן געוויינלעכן ענדע־טערמין פון די זומער־מאַנעווערס? איז דאָך דאָס אַ שלעכטער סימן... נאָך האַלבן טאָג דערציילט מען: עס זיינען שוין געקומען אין די קאַזאַרמעס די ערשטע ראָטעס פון לעסנאַיאַ. ווערט אין שטאָט אַ געטומל און אַ געפּילדער. רעדלאַך אין די גאַסן און ביי די קראָמען. אויפן „אַרעמען״ זייט פון „ראַד״ רינגלט מען אַרום דעם לאַנג־וואַנסנדיקן קאַלענדאַ, נאָר ער שמייכלט שעל־מיש, ווי זיין שטייגער, און קוועטשט מיט די פּלייצעס.

כאַפּט מען זיך צו צו די צייטונגען. די לעצטע טעלע־גראַמעס פון פּעטערבורג, בערלין, ווין, פּאַריז יאָגן אַן אַנ׳אימה און אַ פּאַניק. אויפן עסטרייכיש־סערבישן גרענעץ פּלאַקערט שוין אַנ׳עכטע מלחמה. עס גייט אַנ׳אָנגריף אויף בעלגראַד. ווענען וואָלט דאָס געאַרט, ווען נישט די סכנה, אַז אָט־אָט און ס׳וועלן אַריינגעצויגן דייטשלאַנד, פראַנקרייך, רוסלאַנד?

זיבן אָוונט. אויף „נעווסקי״ וויזן זיך כתמול שלשום די אָוונט־שפּאַצירנדע. אויף „דאַמבע״ שעמערירן די העלע קליי־דער פון שפּאַצירנדע מיידלאַך. די קראָמען מאַכן זיך צו. עס קומט אָן אַ וואַרעמע, דופּטיקע זומער־נאַכט. און ס׳דוכט זיך, אַז גאָרניט, גאָרניט... אין הערלעכן אָוונט און שטיל־לעבן גלויבט זיך, אַז דער פאַרבאָרגענער אַנגסט, וועלכן ס׳האָבן אַנגעיאָגט די צייטונגען און די קלאַנגען, איז אַ פאַלשער, אַ גרונדלאָזער. עס שפּאַצירט די יוגנט, עס וויגן זיך כתמיד אויפן שטילן שטשאַרע־אויבערפלאַך די צאַלרייכע שיפלאַך. ביי די קראָמען שטייען כתמיד פלייסיקע קרעמער און שמוג־לען אַריין אינוויינעק אַ פאַרשפּעטיקטן קונה, אַז דאָס שטריינגע אויג פון „גאָראָדאָוואָי״ זאָל ניט באַמערקן.

נאָר אין דערזעלבער צייט האָט זיך גערודערט און גע־קאָכט אין קאַבינעטן און קולואַרן פון דער גרויסער גע־ביידע פון איספּראַוואָניק, אויפן פּאָליציי־הויף, און פיבערהאַפט האָט מען געאַרבעט אין קאַנצעלאַריע פון „וואַאינסקי נאַ־טשאַלניק״. דאָרט האָט מען געוווסט, דאָרט האָט מען זיך געגרייט. מ׳גרייט צו קליי, מ׳נעמט־אָן פאַרזיכטס־מיטלען. געציילטע פאַר שעה׳ן, — און די באַמבע וועט אויפּרייסן...

און ס׳איז געקומען אין די שפּעטע אָוונט־שעה׳ן. שטי־לערהייד האָט אַנ׳אונזעבאַרע האַנט צוגעגרייט פאַר דער שטאָט דעם „סיורפּריז״ אויף מאָרגן פרי... איז עס געווען אַרום 12, 1, 2 אַזייגער ביינאַכט? — פון אַלע ווינקלען וועגט און סלו־פּעס האָט אַראָפּגעשריען דער „באַטיושקאַ־צאַר״ צו זיינע מיליאָנען אונטערטאַנען, אין אַ פּאַמפּע־פולן און הויך־פּאַ־טריאָטישן טאָן:

(אין יידישער איבערזעצונג קלינגט עס אַזוי:) „מיר, ניקאָלאַי דער צווייטער מלך און אימפּעראַטאָר, צאַר פון גאַנץ רוסלאַנד, קעניג פון פּוילן, גרויס־פירשט פון פינלאַנד און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער...

און פון אַלע ווינקלען סטאַרטשעט אַרויס די שרעקנס־חיה, מיט איין גרויסן, מאַוים׳דיקן אויג:

מאַ—בי—לי—זאַ—ציע!

## דער טומל אין די קאַזאַרמעס

איז געוואָרן אַ געלויף פרייטיק פרי איבער די גאַסן. נישט אַלע באַגרייפן שוין דאָס גרויל און די פּערזענלעכע דירעקטע פאַראינטערעסירונג. נאָר די אינסטרוקציעס פון די מודעות זיינען קלאָר און שאַרף: אַלע רעזערוויסטן און „פּרי־זיוואָניקעס״ מוזן זיך מעלדן במשך פון די נעכסטע פּאָר טעג. מאַסן־גרופּן ביי די מודעות. מ׳טייטשט, מ׳קאָמענטירט. עס לויפן דורך פאַר׳בהלה׳דיקטע פּנים׳ער פון עלטערע און יונגע פּרויען, אויף די געזיכטער פון די יונגעלייט — אומרו. און אין די קאַזאַרמעס, — גיט מען איבער, — איז חושך. דער גאַנצער פּאָלק איז שוין דאָ פון לאַגער. האָט מען דאָרט ברייט־געעפנט די טירן פון די לאַנג־פאַרזיגלטע „צעכהייזער״ און מ׳שלעפּט פון דאָרט אוצרות, אוצרות מיט אָנגעזאַמלטע אַמו־ניציע און מכשירים: גלאַט־אויסגעפּרעסטע גרויע שינעלן, טויזנטער פּאָר בלישטשענדיקע שוואַרצע שטיול, לעדערנע קוילן־בייטלאַך, זעלנערישע היטלען, בלעכענע וואַסער־קענ־דלאַך, ועל־כולם: ביקסן, ביקסן, ביקסן... אַלץ, אַלץ וואָס „פּאַניע קוואַס״ האָט אָנגעגרייט במשך פון לאַנגע יאָרן פאַר רעזערוויסטן בשעת מלחמה און אויך אַלץ וואָס איז גע־בליבן פון די גרויסע מיליטער־„פּאַדריאַדן״, נאָכדעם ווי די ליבהאַרציקע „פּאַדריאַדטשיקעס״ בשותפות מיט די רוסישע פּאָלקאָוניקעס־אינטענדאַנטן האָבן אַראָפּגענומען זייער חלק...

שמייען אַרום „יעוועלאַך״ אין שפּאָגל־נייע אוניפאָרמען; „פּאַדפּראַפּאָרשטשיקעס״ מיט צוציטע וואָנסעלאַך; „וואָלנאָ־אָפּרעדעליאַושטשיעס״ מיט רויטע עפּאָלעטן. יונגע פּאָרוטשי־קעס קאָמאַנדעווען און שרייען. בייזע שטאַבס־קאַפּיטאַנען, אַפּיצערישע ווייבער אָנגעלאָדענע מיט געפּעק, „דענשטשי־קעס״, טשעקאָווע שקצים־קליינוואַרג, פערד וועלכע פּאַלן אויף אַרונטער דער מאָביליזאַציע, און — יידישע קרעמער און סוחרים... די לעצטע שטעקן דאָ, אין די קאַזאַרמעס, מיט שטיקער געלט. אָפּיצערן און אונטעראָפּיצערן פון „שויסקי פּאָלק״ האָבן זיך געקליידט און געשוכט במשך פון יאָרן ביי

יידן און דורך יידן... איצט, אין דער בהלה, אַז דער גאַנצער פֿאָלק מיט האַק און פּאַק וועט מיטאײנמאָל עוקר זיין פֿונדאַנען — איז מען געקומען אָפּראַטעווען פֿון די ביסל חובות דאָס וואָס ס׳לאָזט זיך...

אַ ווילדער הו־האַ׳דיקער, תוהו־ובוהו׳דיקער פּריטיק, אַ משונה׳דיק־פאַרטומלטער כאַאָטישער ערב־שבת. בין־לילה האָט די שטאָט, די פֿון שטענדיק איינגעהאַמערטע אין אירע שטריינגע טראַדיציעס פֿון אידיליש־לעבן און קליינבירגערטום, פאַרלאָרן איר אויסזען, איר רוהיקייט. פּערד אין גאַלאָפּ, גרופּעס יאַכטשענדע ווייבער, מאַסן־שרעק און מאַסן־פּאַניק.

קומט אָן אַ שבת „חזון", מיט אַ צוקלעמטקייט, מיט אַן׳אַנגסט, וואָס מ׳האָט קיינמאָל אין די רוהיק־פּראָווינציעלע הייזער ניט געפֿילט און ניט דורכגעלעבט.

עס נידערט אַראָפּ די נאַכט פֿון 19־טן אויפֿן 20־טן יולי, דער ערשטער שפּרונג אין דער גרויזאַמער שרעקנס־אַניאַגנדער צוקונפֿט, די ערשטע נאַכט פֿון אַ נייער מיט בלוט־און פייער־פאַרשריבענער היסטאָרישער תקופה.

## א ווייסטער שבת־חזון

איז דאָס געווען אַ שבת אויף שונאי־ישראל געזאָגט געוואָרן. פֿון ידישע הייזער האָבן זיך געטראָגן געוויינען און קלאָגערייען: דאָס האָט מען באַוויינט די רעזערוויסטן, די יונגע בעלי־בית׳לאַך, טאַטעס פֿון קינדער, קעפּ פֿון פאַמיליעס, וועלכע וועלן אין משך פֿון אַ פּאָר טעג אַרויסגעריסן ווערן פֿון זייערע היימען אויף ווער ווייס, ווי לאַנג, אויב זיי וועלן איבערהויפּט צוריקקומען לעבעדיקע... האָבן געוויינט מאַמעס, האָבן געקלאָגט יונגע פֿרויען, און קליינע קינדער זיינען נישט אָפּגעשטאַנען פֿון אַלגעמיינעם קלאָג־יאַריד. און רעזערוויסטן האָבן ניט געפּעלט. די מאָביליזאַציע האָט אַרומגענומען נישט נאָר די לעצטע פּאַר׳ן אַקטיוון מיליטער יאָרגענג, נאָר אויך מער ווי אַ היבשן צענדליק פריערדיקע יאָרן, און עטלעכע און פערציק־יאָריקע האָבן געדאַרפט „אַוועקגיין" צוזאַמען מיט 21־יאָריקע קינדער.

פֿון די נאָענטע דערפער אַרום איז געוואָרן דערוויילאַן׳אַנגעלויף: פּויערים און פויערטעס האָבן באַגלייט זייערע רעזערוויסטן אין שטאָט אַריין. זיינען געקומען מחנות־מחנות דאָרפס־גויים, מיט פּעקלעך און מיט הילעצרנע קאַלירטע קעסטלעך אויף די פּלייצעס. איז געוואָרן דער אמת׳ער יריד אין „פּריסוטסטווע" ביים „וואַאינסקי נאַטשאַלניק". „אוראַדניקעס" גיבן אַכטונג און פּאַסן־אויף די אָרדנונג. ווערן געקירעוועט די געהאַרכזאַמע רעזערוויסטן־מאַסן אין די קאַזאַרמעס, וווּ מ׳טיילט זיי איין „מכל־טוב": פֿון אַ שינעל ביז — אַ ביקס...

פּאַלט־צו דער אָוונט. די זון־קיילעך קייקלט זיך אַלץ מער אַראָפּ צו דער שוואַרצער וואַלד־לעגנטע אויפֿ׳ן האָריזאָנט. און שאָטנס, לענגלעכע שאָטנס צוויגן זיך אויפן שול־הויף: עס גייען יידן אין די שולן און בתי־מדרשים צו קינות: ס׳איז תשעה־באב. אַ פּנים, די געשעענישן זיינען געוואָרן צילבאַוווּסט דורך עמיצן צוגעקליבן צו דער געהעריקער צייט...

קינדער צולאָזן זיך, ווי יעדעס יאָר, מיט „זשיטשקעס". נאָר די עלטערן, וועלכע האָבן, כשהשנים כתקונן, מיט דעם זיך אַביסל „צוגעשפּילט", ליגט עס היי־יאָר אין קאָפּ נישט. ס׳איז אַן׳ערנסטע שטימונג. מען זאָגט קינות און — מען שמועסט פּאָליטיק. דער געזונטער פֿאָלקס־אָפּטימיזם ענטפּלעקט זיך דאָ, אין בית־המדרש, מיטן גאַנצן פּאַרנעם, און צוגלייך מיט אים — די פֿאָלקס־פאַנטאַזיע: —

— „וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר... אַזאַ מלחמה וועט דאָס קענען אויסהאַלטן? גאַנץ וועלט וועט זיך שלאָגן? היה לא תהיה! מיין נאָמען איז נישט... אויב אין 10 טעג אַרום וועט נישט אויס מלחמה"... —

— „נייִן, נישט אַנדערש, ווי ס׳איז משיח׳ס צייטן... אַזאַ מלחמה, אַזאַ מלחמה! ראַסיי און דייטשלאַנד, און... און... ס׳איז דאָך מלחמת גוג ומגוג!..." —

און נאָך אַזעלכענע פֿיל דיאַלאָגן, האָט מען פאַרגעזעצט צו קלאָגן ציון׳ס קלאָג אין שניידערשן, שוסטערשן, קירזשנערשן בית־המדרש...

## די פּאַטריאַטישע מאַניפעסטאַציע

די איבעראַשונג פֿון די ערשטע פּאָר טעג אַריבער, איז „געקומען צום וואָרט" די אָפּיציעלע „פּאַטריאַטישע" שטימונג. ווייזט אויס, אַז אַזוי איז געווען דער „פּריקאַז" פֿון גובערניע. צום ערשטן האָבן זיך גענומען צו דער „מלאכה": פּאַנאַנדער פלאַקערן די גייסטער — פאַרשטייט זיך, אָפּיציעלע פּערזאָנען, פּאָליציי און סתם „טשינאָווניקעס". איינגעראַמטע אין בראָנזענע ראַמען, פּאָרטרעטן פֿון „באַטיושקאַ צאַר" מיט די קורץ־געשוירענע וואָנסעלעך, זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן פאַרשטויבטע פֿון קאַנצעלאַריסקע ווענט און איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פֿון פאַרקאַכטע פּאַטריאָטן. און ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן אויף זונטיק גיך־שנעל, אַ פֿאָלקס־מאַניפעסטאַציע, פּונקט אַזוי, ווי עס ווערט באַשריבן אויף די שפּאַלטן פֿון „בירזשעוויע וועדאָמאָסטי", כדי אויסצודריקן דעם „מעכטיקן צאָרן פֿון פֿאָלק קעגן שונא" און דעם ענטוזיאַזם און טרייהייט „פאַר דער ראַדינע און פאַרן צאַר".

די היילקע „מיסיע" האָט איבערגענומען דער לערער פֿון „זשענסקע גימנאַזיע", וולאַסאָוו, אַ גוטבאַקאַנטע פּערזאָן אין די היגע אָפּיציעלע קרייזן. אים צו־הילף זיינען געקומען לערער פֿון „רעאַלנע", פּאָסט־באַאַמטע א. ד. גל.

און זונטיק פֿרי, האָבן די יידן, גייענדיק פֿון קינות פאַראומערטע און פאַר׳דאגה׳טע, זיך אָנגעשטויסן אויף אַ מערקווירדיקע בילד: דער מאַרק־פּלאַץ איז שוואַרץ פֿון מענטשן, הויפּטזעכלעך פּויערן־קעפּ. די מענטשן־מאַסע רינגלט אַרום דעם היילקן „פּאַמיאַטניק", וועלכער געפינט זיך אין צענטער פּלאַץ און האָט די פאָרם פֿון אַ קלויסטער־טורעם, — און פֿון דאָרט אויבן שיט פּעך און שוועבל אויף די דייטשן — דער פלאַם־פייערדיקער וולאַסאָוו. העכערע „נאַטשאַלסטוואָ" איז דאָ אויפֿן אָרט: פֿון איספּראַווניק ביז׳ן „פּרעדוואָדיטעל" דוואָריאַנסטוואָ" (דער קרייז־פירער פֿון אַדעל־קלאַס), און זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער אייביק־אַרויסשווימנדער קאַלענדאַ דרייט זיך אויך, ווי אַ הונט אַרום זיין עק.

— „אור־ר—אַ!" — שרייט וולאַסאָוו הויך און ברייט אי־

בערן פלאַץ — זאַ ראַדינו, זאַ צאַריאַ! או—ר—ר—א!" (הוראַ, פאַר'ן פאַטערלאַנד און פאַרן צאַר!). —

און פאַראַפאַטע פויערן און פויערטעס שרייען נאָך...

בליקן אַראָפּ מיט אַמאָל איבער אַלע קעפּ די תמ'עוואַטע אויגן פון ניקאָלאַי דעם 2־טן, — שיסט ווידער אַמאָל אויס אַ „אורראַ!" — דער מיליטערישע אָרקעסטער צוהילכט זיך אין אַ פייערדיקן „באָזשע צאַריאַ כראַני" (דער צאַרישער הימן: „גאָט היט־איין דעם צאַר"), און ס'ציהען זיך היטלען אונטער קאַלענדאַס באַפעלערישן בליק.

פאַרמירט זיך אַ מאַניפעסטאַציע לענג־אויס דער „ראַד־קראַמען" צום פּראַוואָסלאַוונעם קלויסטער אויף פּאַנעסוועור גאַס מיט ניקאָלאַי דעם 2־טן און וולאַסאָוון בראש מיט אַנ' עולם ערלים און ערל'טעס פון כאַדזשעוויטש, פּעטראַלעוויטש און שטשיווינשטשינע, אונטער די קלאַנגען פון צאַרישן הימן און ביי די שטוינענדע בליקן פון די דאַנעבן־שטייענדע, תשעה־באב'עדיקע יידן...

## די יידישע דעלעגאַציע און איר אנטוישונג

נאָך דער זונטיק'דיקער מאַניפעסטאַציע, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג דערפילט עפּעס נישט אַמבעסטן: אין דער „פּאַטריאַטישער" דעמאָנסטראַציע האָבן יידן קיין אַנטייל ניט גענומען. און דאָ טרומייטערן די אַלגעמיינע און יידישע צייטונגען וועגן דער גרויסער סאָלידאַריטעט־תקופה פאַר אַלע פעלקער פון רוסלאַנד, וועגן יידישע מאַניפעסטאַציעס אין אָדעס, פינסק א. אז. וו. טאָ ווי קען מען דאָס זיין אַ יוצא מן הכלל? ומאידך גיסא, ווער ווייס, אפשר הויבט זיך טאַקע איצט אָן עפּעס אַ נייע תקופה אין דער באַציהונג צו יידן? אפשר וועלן אַ בלאָז־טאָן מילדערע ווינטן?... אַז פליכטן האָט מען דאָך במילא, און אַנטאָן דעם גרויען שינעל און זיך מפקיר זיין פאַר ניקאָלאַיען מוז מען, — טאָ וואָס שאַדט־דאָס, אַז מ'וועט נישט פורש מן הציבור זיין און מ'וועט אויך אַ פּויק־טאָן וועגן „געפילן"? — פּאַניע קוואָס וועט אפשר נאָכהער, נאָך דער מלחמה, אפשר טאַקע ניט קענען מער זיין קיין חזיר און וועט פאַרט געבן „פּראַוועס"? ווער ווייס? —

זאָגן אַז סלאָנימער יידן האָבן טאַקע אַזוי געטראַכט, קען מען ניט, אָבער אייניקע עסקנים און „כמו־עסקנים" האָבן עפּעס דערפילט אַ דרוק: צו פון אויבן, צו פון אינעווייניק, — שווער צו זאָגן. און אויף מאָרגן נאָך דער אַלגעמיינער מאַני־פעסטאַציע, האָט אַ הייפל יידישע עסקנים, אויף אייגענער איניציאַטיוו, זיך געלאָזן אין אַ „פּאַטריאַטישן מאַרש"...

די געשוואָרענע יידישע טוער און עסקנים זעט מען ניט ביים אויספילן אָט דעם זשעסט: ניטאָ דער איבעראַל־געאַכ־טעטער יאַקאָבסאָן, וועלכער איז דאָך אַזוי ווי באַרופן צו אַזאַ אָפיציעלער שליחות; ניטאָ די שיינע בעלי־בתים און גבאים, ניטאָ די פאַרשטייער פון בית־דין־שטיבל.

שלייכט זיך דורך דער הייפל יידישע מאַניפעסטירנדע דורך די גאַסן, אַזוי ווי אַ שד וואָלט זיי געיאָגט, — אַ פּאָר־וויניקער חשובע בעלי־בתים, אַ פּאָר פאַרשטייער פון דער יוגנט, מיט יוגנטלעכן ברען און אופריכטיקן גלויבן אין דער גאולה, וואָס וועט ברענגען די נייע צייט. (וואָצו דערמאָנען איצט נעמען?). — און די גרופּע קירעוועט זיך צום „פּרעד־וואַדיטעל דוואָריאַנסטוואַ".

באַגריסונגען, העפלעך־וואָרעמלעכע ווערטער און ווונטשן אין נאָמען פון די יידישע בירגער. — „די יידישע באַפעלקע־רונג וועט ערפילן אירע פליכטן", און אַזוי ווייטער אין זעלבן גייסט.

דער פאַרשטייער פון דער סלאָנימער רוסישער אַריסטאָ־קראַטיע הערט־אויס, נעמט צו־קענטניש, און — דאַנקט...

די „מיסיע" איז נאָך אָבער ניט ערלידיקט, און דיזעלבע צערעמאָניע ווערט איבערגע'חזר'ט אין קאַבינעט פון „וואָינסקי נאַטשאַלניק". דער גרויער דיקלעכער גענעראַל מיטן שטרענגן בליק הערט־אויס די באַגריסונג און ווונטשן פון די יידן, מאַכט אַ קאַלט־אַנגעצויגענעם פּנים, און לייגט נאָכהער אַוועק אַנ' ענטפער, אומגעפער, כהאי לישנא:

— „דאָס וואָס איר האָט מיר דאָ געזאָגט, רירט מיר. ס'איז זייער שיין פון אייער זייט. ס'איז אַ פיינער זשעסט, הגם עס לאָזט זיך שווער גלויבן אין די אופריכטיקייט פון אייערע רייד. די יידישע יוגנט זאָגט־צו צו ערפילן גערן אירע פליכטן. לאָמיר גלויבן! פון דער ערפאַרונג ווייסן מיר אָבער אַלע, אַז די יידישע יוגנט איז רעוואָלוציאָנעריש געשטימט. ווער האָט דען פאַרנומען דעם בכבוד'יקסטן פּלאַץ צווישן די רעוואָלו־ציאָנערע טוער, וועלכע האָבן זיך צובונטעוועט קעגן צאַר און פאַטערלאַנד מיט 10 יאָר צוריק? די יידישע יוגנט! ווער זיינען געווען די גרעסטע „קראַמאָלניקעס"? יידישע יוגנט־לעכע! — מיר ווייסן, מיר ווייסן גוט די שטימונגען פון דער יידישער יוגנט ביז איצטער! נאָר אַזוי ווי איר זאָגט איצט צו זיין גוט און פרום און העלפן קעמפן קעגן אויסערלעכן שונא, — ווילן מיר גלויבן, אַז איר וועט אוודאי אַרויסווייזן בעת מלחמה מער פאַטריאָטיזם ווי ביז איצט, בעתן שלום!"...

אבלים וחפויי ראש, אַפּגעשמיסענע און אויסגעניכטערטע, האָבן די נאַאיווע יידישע ענטוזיאַסטן זיך אומגעקערט אַהיים, אויסגעטרייסלטע פון די הערליכסטע אילוזיעס, וועלכע האָבן, דוכט זיך, אויף אַ מאָמענט אַ שיין געטאָן, כדי גלייך אויסגע־לאָשן צו ווערן אין זייערע יונגע הערצער...

## דער גאַרניזאָן גרייט זיך אַפּצופאָרן

דער היגער גאַרניזאָן־פּאָלק איז פאַרטיק אָפּצופאָרן. אין געציילטע שעה'ן אַרום וועט סלאָנים זיך זעגענען מיט דער גרויסער סאָלדאַטן־מאַסע, וועלכע איז דאָ איינגעקוואַרטירט פון יאָרן־לאַנג. מען גיט איבער, אַז דער „שויסקי פּאָלק" פאָרט גלייך צום גרענעץ, ווו ס'קומען שוין פאַר העפטיקע קאַמפן. פּאַלט אַנ'אימה אויף די משפחות פון רעזערוויסטן. די קאַ־זאַרמעס זיינען באַלאַגערט מיט פרויען און קינדער.

די לעצטע געזעגענונגס־סצענעס. פויערן, יידן, שטאָטי־שע קריסטן, — אַלע מישן זיך צונויף אין אַ ליידנדע, מיט אומעט־פאַרלאָפענע מענטשן־מאַסע. אין אַלע ווינקלען זיינען זיך מתיחד פרויען מיט מענער, מאַמעס מיט זין. טרערן, טרערן, טרערן... אַנ'אַלטע צונויפגעקאָרטשעטע פויערטע, מיט טיפע קנייטשן אויפן שטערן, גלעט און קושט דעם בלאָנדן קאָפּ פון אַ יונגן זעלנער, וועלכער דריקט זיך צו צו איר

ברוסט... ס׳קריצט זיך איין אין די אויגן אַ בילד פון אַ בלייכע יידישע מוטער און אַ חברה קליינוואַרג פון 3 ביז 10 יאָר, וועלכע טאַנצן אַרום אַ ברייט־ביייניקער סאָלדאַטן־געשטאַלט מיט אַ שפּיציק־יידיש בערדל, קלעמערן זיך אויף זיינע פּיס און עגבערן זיך איין אין זיין פיגור...

די לעצטע שעה׳ן פון פאַמיליען־צוטריטלעכקייט, וועלכע גרענעצט־אָפּ צווישן דער היימישער וואַרעמקייט און נעסטטוליענעש און צווישן דער אָנקומנדער סאָלדאַטשינע און אייביק־לויערנדער געפאַר. אָט באַלד וועט אַ טרומייטער־סיגנאַל אויפטרייסלען די מענטשן־מאַסע און אָנזאָגן דאָס אַוועקגיין פון ערשטן עשאַלאָן צום וואָקזאַל.

מ׳דערציילט זיך אין שטאָט אַ פּיקאַנטן קוריאָז. צו איז דאָס אַן׳אמת, אָדער אַ שאַפונג פון פאָלקס־פאַנטאַזיע? — יעדנפאַלס, אַזוי האָט מען דאַמאָלסט דערציילט, און די מעשה איז אַרומגעגאַנגען פון מויל צו מויל:

מאַרקאָוו, דער קאָמאַנדיר פון 118־טן שויסקי פּאָלק, אַ רשע מרושע, אַ שונא־ישראל, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אַנטיסעמיטישער באַציהונג צו די יידישע סאָלדאַטן פון פּאָלק. איז דען אַ ווונדער, אַז די „יידן האָבן אים פאַרשאָלטן״? — ער ווייס פון דעם גאַנץ גוט, און לאַכט זיך פון דעם אויס. דאָס קען אַדורכגיין אין שלום־צייטן. אָבער אין מלחמה דאַרף מען לעבן גוט מיט אַלע געטער, און אפילו מיטן יידישן... האָט דעם פּאָלקאָווניק מאַרקאָוו אָנגענומען, אין די לעצטע שעה׳ן פאַרן אַוועקפאָרן פון פּאָלק, אַן׳אימה און אַ פּחד פאַר די יידישע קללות. און פון גרויס שרעק איז ער געלאָפן זוכן אַ ברכה ביי דעם סלאָנימער רב ר׳ מרדכי׳לען, פון וועמנס הייליקן גייסט האָט ער זיך שוין פיל אָנגעהערט פאַר די יאָרן, וואָס ער, דער פּאָלקאָווניק, זיצט אין סלאָנים...

אָט אַזוי דערציילן זיך יידן אין שטאָט און שמייכלען אין זיך און צו זיך: מיט יידן טאָר מען זיך ניט אָנהויבן...

ער אויפן הילכנדן הוראַ־שרייענדן עולם, ווי ער וואָלט וועלן מיט זיין בליק אַרויסשרייען פאַר׳ן שונא און פאַר דער גאַנצער וועלט: „כבוד פאַר דער רוסישער אַרמיי!״ — און אָט מאַרשירן, אין רייהען צו פיר, די קריגס־פּאַרטיקע חיילים. דער מאַרש האָט זיי פאַנאַנדערגעוויגט, — זיינען די פּנים׳ער לוסטיק און שמייכלענדיק. באַגרייפן זיי נאָך נישט מיט דעם גאַנצן באַוווסטזיין דאָס, וואָס ערוואַרט זיי? — מיט רעגלמעסיקע שווערע טריט מאַרשירן זיי, אָנגעלאָדן יעדערער מיט געווער און חפצים. דער שינעל, אַ צעבונדענער און אויפגעלייגטער אין אַ גרויען באַנד, נעמט אַרום די ברוסט און די פּלייצע אין אַ קרומלעכן פּאַס. זעהען זיי אויס, אַרומגעבונדענע מיט די שינעלן, אין די שווערע שטיוול, ווי אָנגעשוואָלענע, און ס׳גיסט זיך דער שווייס פון אונטער די סאָלדאַטישע פוראַזשקעס.

ביים אָנבליק פון דער זעלנער־מאַסע ווערט דער עולם, קענטיק, גערירט. הויבן זיך היטלען, פאָכעט מען מיט ווייסע טיכלעך, און פרומע יידענעס ווישן די פייכטע אויגן און ווינטשן אַ גליקלעכן וועג. פון די סאָלדאַטן־רייהען טיילט זיך אויס דאָ־דאָרט אַ זעלנער, לויפט־צו צו באַקאַנטע צווישן דעם עולם, — פאַלן קושן, שנעלע ווערטער, — און ער היילט צו זיין אָרט אין דער רייהע...

ראָטע־איין, ראָטע־אויס. אומצייליקע סאָלדאַטן־קעפּ. שווימט די מאַסע פלאַנמעסיק איבער די גאַסן, — דער לעצטער שפּאַציר איבער דער היימיש־געוואָרענער שטאָט. דאָס בילד פון די אַוועקגייענדע סאָלדאַטן, וועלכע האָט זיך אין יענע טעג איבערגע׳חזר׳ט אין טויזנטער וואַריאַנטן אויף די גאַסן פון טויזנטער און טויזנטער ישובים, שטעט און דערפער... די שורות שטראָמען כסדר, שטראָמען אָן אויפהער צו די בריקן, צו זאַמאָשטשע, ווו ס׳וואַרטן שוין לאַנגע־לאַנגע באַנען, מיט רויט־באַפאַרבטע, פאַרמאַכטע „טעפּלושקעס״.

## דער שויסקי פאלק פארלאזט די שטאט

דינסטיק, 22־טער יולי, 3 בייטאָג. לענג־אויס די גאַסן, פון סקראָבעווע־אָן אַזש ביז ענדע בריקער גאַס, זיינען אויסגעשטעלט מענטשן־רייהען פון ביידע זייטן. אָט באַלד דאַרפן אָנקומען פון די קאַזאַרמעס די ערשטע ראָטעס פון פּאָלק, אויפן וועג צום וואָקזאַל... אַ געריידעריי און אַ געדראַנג פון נייגעריקן עולם, וועלכן די „פּאָליצייסקע״ האַלטן איין שטרענג אויף די טראָטואַרן. יונגע מיידלעך מיט בלומען. דאָס האָבן זיי אָנגעגרייט צו וואַרפן צו די אַוועקגייענדע סאָלדאַטן, — זאָל, הייסט דאָס, זייער וועג צום פראָנט באַצירט זיין מיט בלומען...

די נאָכמיטאָג־זון האָט זיך געשמאַק פאַנאַנדער־געבאַקט, און דער עולם שטייט געדולדיק און וואַרט... לאַנג צו וואַרטן קומט אָבער ניט אויס. עס טראָגן זיך שוין פונדערווייטנס די פריילעכע טענער פון אַ מיליטערישן מאַרש. דער אָרקעסטער ווערט אַנטשוויגן, — און דאַן הילכן־אָפּ צום טאַקט, ווי שטאַרקע קלעפּ, די שטיוול־טריט פון הונדערטער פּאָר פיס. איינס, צוויי, איינס צוויי... בראָש רייט מיט אַ שטאָלצן פּאַרנעם אַן׳אָפיצער פון הויכן ראַנג. מיט אַ פאַריסענעם קאָפּ בליקט

## די סצענעס אויפן וואקזאל ביים אפפארן

„גאַנץ שטאָט״ איז ביים באַן. דער וואָקזאַל, פּעראָן און דער גאַנצער פּלאַץ לענג־אויס די צוגן איז באַלאַגערט מיט מענטשן. אונטער דער אָנפירונג פון אָפיצערן ווערן געלאָדן אין די וואַגאָנען — צום ערשטן געזונטע ראָסן־פערד. שוויצן די סאָלדאַטן ביים אַרייניאָגן די סוסים איבער די צונויפגעלייגטע ברעטער אין זייער רו אַריין. פּטרן זיי אָפּ די פערד, — נעמט מען זיך צו זיך, אויף זיך איינצואָרדנען אָט־טאַקע דאָ, אין זעלבן וואַגאָן, אין דער אַנדער האַלבער, אָפּגעצאַמטער העלפט... פליהען די סאָלדאַטסקע רויטע קעסטלעך, הויבן זיך ביקסן, — אַ געפייפעריי, אַ הירזשעריי און — געוויינען... יע, אָט־דאָ, ביי די וואַגאָנעס, קומען־פאָר די לעצטע געזעגענונגס־סצענעס, און ווידער אַמאָל גלעט אַ פאָטער זיינע יונגע קינדער, און ווידער אַמאָל צערטלט אַ יונגע פרוי איר אָפּפאָרנדן מאַן. און אין מיטן דערינען — אַ צושפּילאַכץ פון האַרמאָשקעס. חברה „יונים״ (אַ פאָלקסטימלעכער צונאָמען אין יידיש פאַר „סאָלדאַטן״) האָבן זיך שוין איינגעאָרדנט אין די רויטע וואַגאָנעס־קאַסטנס. האָט מען ברייט־געעפנט די איינציקע צום פאַרשפּאַרן־גרייטע טירן, מען האָט זיך פאַנאַנ־

דערגעזעצט אויף די פּלאַטפאָרמעס און — אַרויסגענומען די קליינע מויל־האַרמאָניקלעך.

קעגנאיבער רוהען די גרינע, ברייט־צוזויגענע פעלדער. די לעצטע שקיעה־שטראַלן שפּיגלען זיך דאָרט — ווייט אין די וואַסערן, — און די האַרמאָניקעס ציהען אַ מאַנאָטאָנעם, נאָגנדן ניגון.

אין דער „ליבעס־אַלעע", לענג־אויס דער ליניע, אין שאָטן פון די בוימער, סוד'ען זיך אַ לעצטן מאָל יונגע פּאָרן, וועלכע דער גורל צעשיידט איצט. פּונקט אַנטקעגן סאָפּעט דער לאָקאָמאָטיוו. ווי שווער, ווי שווער עס איז די צושיידונג! וואָלט שוין דער צוג געריקט כאָטש פון אָרט... נאָר ניין! עס קומען־אָן פרישע ראָטעס פון שטאָט, — אַ באַנייטער טומל, ווידער אַמאָל אַ געלויפעריי.

פאַלט־צו דער אָוונט, און אַ בלוילעך־קילער שיין פון די לאַמפּן הילט־איין די מערקווירדיקע פּאַנאָראַמע פון די טומלדיקע מענטשן. די קאָנדוקטאָרן זאָגן־אָן דאָס בקרוב'ע אָפּגיין פון דעם צוג. אַלץ האַרצרייסנדער ווערן די ווערטער־אויסרופן פון די באַגלייטער; אַלץ נאָגנדער — די אומעטיקע האַרמאָשקע־קלאַנגען.

דער וואָקזאַל־גלאָק קלינגט. איינס, צוויי, דריי. פּאַמעלעך רירט דער צוג אין פאַנטאַסטישן אָוונט־שיין. „זייט געזונט! — קומט געזונט — הור—ר—אַ!"

וואָגאָן נאָך וואָגאָן לויפט פאַרביי, אַלץ געשווינדער. פון יעדן וואָגאָן טראָגן זיך געזאַנגען און הירזשערייען...

ווי לאַנג דויערט עס?

...פּאַכען נאָך די טיכלעך, ביז ס'ווערט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון אויג דער לעצטער וואָגאָן.

מיט אַ וויטאָק אין האַרצן, מיט טרערן אין די אויגן קערן זיך אום די טאַטעס, מאַמעס, פרויען, קינדער...

צומאָרגנס, מיטוואָך בייטאָג, רירט דער צווייטער, און אין אָוונט — דער דריטער און לעצטער עשאַלאָן. חזר'ן זיך ווידער איבער די זעלבע סצענעס אין די גאַסן און ביים וואָקזאַל.

און אין משך פון 2 טעג ווערט סלאָנים אויסגעליידיקט פון גאַרניזאָן, פון 118־טן „שויסקי־פּאָלק", וועלכער איז אָוועק פון שטאָט אויף שטענדיק.

## מ'געוויינט זיך צו צו דער מלחמה

איז געוואָרן אומעטיק און שטיל אין שטאָט נאָכן אָוועקפאָרן פון פּאָלק... אין משך פון אייניקע טעג האָבן די געשעענישן אַזוי אונערוואַרטעט זיך פאַנאַנדערגעוויקלט איינס נאָך דאָס אַנדערע און צושטערט דעם פעסט־איינגעפונדעוועטן רוהיקן לעבן, אַז מענטשן האָבן נאָך ניט געקענט כאַפּן, וואָס איז דאָס אַזוינס געשען... די ערשטע נאַכריכטן פון מאָביליזאַציע, דער בהלה'דיקער שבת, די מאַניפעסטאַציעס, די רירנדע געזעגנונגס־סצענעס, דאָס אָפּפאָרן פון פּאָלק, — דאָס אַלץ איז געווען אַזוי אונרוהיק־ניי, אַזוי קאָפּ־שווינדלעריש, אַז ס'האָט פאַרפעלט אָטעם...

נאָר אָט איז אַריינגעטראָטן אַ רוהיקייט, אַזוי ווי נאָך אַ שטורם. עס רעדט זיך אַזוי... די געמיטער זיינען געוואָרן אויפגעטרייסלט, און אין די הייזער פון די אָוועקגעפאָרענע שטאָטישע רעזערוויסטן האָט געהערשט טרויער. נאָר למראית עין האָט זיך אַלץ אומגעקערט צום אַלטן. די שטאָט איז אינגאַנצן אָן חייל דאָך ניט געבליבן, און סאָלדאַטן — נמושות האָבן ברייט־געגענעצט איבער די פּוסטע קאַזאַרמעס.

זיינען אַריבער טעג, די צייטונגען טרומייטערן וועגן די ערשטע גרויסע שלאַכטן. די מלחמה איז אָוועק מיט גאַלאָפּ און פאָרנעם. בעריכטן פון גענעראַל־שטאַב מעלדן וועגן גרויסע רוסישע נצחונות הינטער קאַליש, און ס'קומען אויך טעלעגראַמעס וועגן שלאַכטן אין בעלגיען; ס'ווערן דערמאָנט פרעמדע אונבעקאַנטע נעמען: ליעזש, נאַמיר... ענטפּלעקן זיך מיט אַמאָל טאַלענטירטע סטראַטעגן ביי אידן. ישיבה־בחורים און זיידענע יונגעלייטלעך וויקלען פאַנאַנדער לאַנד־קאַרטן און מ'שטודירט חכמת הסטראַטעגיע און די באַדייטונג פון יעדער שלאַכט...

עס קומען־אָן בריף פון סאָלדאַטן פון „שויסקי פּאָלק", אַז אין געציילטע טעג אַרום וואַרפט מען זיי איבער אויף די פאָדערשטע פּאָזיציעס... צו וועלן טאַקע מקוים ווערן די ברכות פון די פאַרשטייער פון אַלע רעליגיעס, וועלכע האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אויף דעם 3־טויזנט קעפּיקן פּאָלק בעת די לעצטע געזעגענונגס־פּאַראַדן אין די קאַזאַרמעס — און דער פּאָלק וועט טאַקע געשוינט ווערן בעת די קאַמפן?.. — דערווייל, אידער וואָס־ווען, ידישע מאַמעס און ידישע ווייבער פאַרלאָזן זיך ניט אויף ניסים; מ'רייסט קברים, מ'שרייט אַריין אין ארון־קודש און מ'גייט צו ר' מרדכי'לען זצ"ל, זיין זכות זאָל אונדז אַלעמען ביישטיין.

יאָ, עס ווערט הייסער. מ'הייבט אָן פילן פונדערווייטנס די מלחמה־שרעקעניש און מלחמה־גרויזאַמקייטן. טראָגן זיך קלאַנגען אין שטאָט, אַז מ'וועט דאָ איינגיכן עפענען אַ „לאַזאַרעט", אַ שפּיטאָל פאַר מלחמה־פאַרוווּנדעטע; מ'וועט ברייניגען אַהער, בפירוש, פאַרוווּנדעטע, קאַליקעס, פון „מקום" אַליין, פון סאַמע „דאָרטן"... איז ניט טאַקע, הייסט דאָס, אויף צופלייסן די גאַנצע שפּיל"... די אָפּטימיסטן וועלכע האָבן געטענה'ט כסדר, אַז די מלחמה וועט זיך ציהען בלויז געציילטע וואָכן, ווערן ערנסטער און רעזערווירט. אפילו נ. ס. אין „הצפירה" האָט שוין אָפּגעלאָזן זיינע אָפּטימיסטישע פּראָגנאָזן... ס'איז שטיל אין שטאָט און גלייכצייטיק דערדריקנד: מ'געוויינט זיך צו צו דער מלחמה... ביים וואָקזאַל איז פון מלחמה־אויסברוך־אָן — אַ אויסערגעוויינלעכע באַוועגונג: די „פּאָלעסקאַיאַ זשעלעזנאַיאַ דאָראָגאַ" דינט אַלס איינע פון די הויפּט־אַרטעריעס צום איבערוואַרפן מיליטער פון צענטראַל רוסלאַנד צום פראָנט. צוגן גייען, צוגן קומען. עס פאָרן דורך איבער סלאָנים צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן צום בעשפּייזן מיט מענטשן־פלייש די אונאויפהערנדע שלאַכטן. גאַנצע דיוויזיעס ווערן אַרויפגעשליידערט פון די צענטראַל־און דרום־גובערניעס. ווען האָט סלאָנים אַנגעזען אַזאַ שלל מיט מענטשן, פאַרשיידנאַרטיקע מיליטערישע אוניפאָרמען? צוגן אָנגעפּילטע מיט קאָזאַקן; טשערקעסן באַוואָפנטע מיט קינזשאַלן, פּונקט ווי אויף די גראַווירן פון פּאַטריטישע ביכלעך; טאַטאַרן מיט ברייטע מוסקול־פּנים'ער; גרויס־רוסן, גוטמוטיקע און שמייכלענדע...

אונטער מוזיק קלאַנגען, וועלכע טראָגן זיך פון די וואַגאָנעס, קומען־אָן די צוגן אויפן וואָקזאַל. לאָזן זיך אַרויס

אויפן פעראָן די סאָלדאַטן אין געיעג נאָך „קיפּעטאָק" — הייסע קאָכעדיקע וואַסער, וועלכע געפינט זיך דאָ שטענדיק אין צוויי געהייצטע קעסלען... אָפיצערן מאַרשירן הין און צוריק און וואַרפן נייגעריקע בליקן אויף דער אומגעגנט. עס פאָרן דורך פאָלקן מיט קלינגענדע נעמען, די קרוין און שטאָלץ פון דער רוסישער אַרמיי... די אַרמיי איז גרויס און פאַנאַנדערגעשפּרייט איבער דער אונענדליכער מלוכה, און די מלחמה איז פריש, און די שטימונג איז הייס און פּאַטריאָטיש... עס פאָרן דורך צוגן מיט שווערע אַרטילעריע, עשאַלאָנען קאַוואַלעריע מיט קאָזאַקן־פערד וועלכע קומען העט־העט פון די דאָנער סטעפּעס, — און אונצייליקע פאָלקן מיט „פּיעכאָטע", די ביליגסטע מענטשן־פלייש, וואָס רוסלאַנד שטעלט צו אַלס איר צושטייער צו די פאַרבינדעטע... איבער באַראַנאָוויטש, ווילנאָ און בריסק ווערט דאַן אַדורכגעוואָרפן צום דייטש־עסטרייכישן פראָנט די גרעסטע טייל פון רוסישן חייל, און אַ היבשער חלק דערפון ציט איבער סלאָנים—ביאַליסטאָק צו מזרח־פּרייסן, ווו די רוסן האַלטן אָפּ, — לויט אָפיציעלע באַריכטן, — „גלענצנדע נצחונות"...

פאָרט אַדורך אַזוי פיל חייל, — פאַרהאַלט זיך אַמאָל אויף אַ טאָג־צוויי אין שטאָט אַ דורכפאָרנדער עשאַלאָן און נעכטיגט־איבער אין די קאַזאַרמעס. די שפּייז־קרעמלאַך אויף זאַמאָשטשע לייזן געשמאַק פון די באַלאַגערנדע סאָלדאַטן, און אויך אין שטאָט איז לעבעדיק אין מסחר צוליב אַזוי־פיל דורכפאָרנדע און אָפּט זיך אָפּשטעלנדע סאָלדאַטן...

בירגערט זיך די מלחמה טאַקע איין?.. מ'ציילט די טעג פון מלחמה־אויסברוך אָן. 3 וואָכן, אַ חודש... חצי־אלול! איז טאַקע אַריבערגעלאָפן מער ווי אַ מאָנאַט פון דעם וועלט־פייער און... און עס דויערט ווייטער?

צורונען אַלע האָפנונגען וועגן אַ שנעלער פאַרענדיקונג פון קריג. די מלחמה צופלאַקערט זיך געשמאַק אויף אַלע פראָנטן. די צייטונגען זיינען פול מיט הויך פּאַטריאָטישע אַרטיקלען און מיט מליצדיקע קאָרעספּאָנדענצן פון שלאַכטפעלד...

יאָ אייראָפּע פאַרגייט אין בלוט און אין פראַזן. ביסלעכווייז פונדעוועט זיך איין די מלחמה אין געדאַנק, און שטאָט ציט אויף זיך אַרויף דעם עול פון די נייע שווערע צייטן... אלול: קיינמאָל איז אויפן בית־עולם נישט געווען אַזוי פיל באַזוכער, ווי אין די לעצטע טעג פון אָט דעם ערשטן מלחמה־אלול. מ'וויינט זיך אויס אויף די טייערע ערד־בערגלאַך און מ'בעט פאַר זיך, מענער, פּאָטערס וואָס מאַכן אין דער זעלבער צייט מיט דאָס בלוטיקע שפּיל.

אויגוסט קומט צו ענדע. ס'הויבט זיך אָן דאָס שול־יאָר אין די מיטל שולן... „רעאַל־שולע" „גאָראָדסקאָיע" עפענען צוריק זייערע טירן. און אויף דער יידישער גאַס פילט מען שוין ימים־נוראים. דער „לאַזאַרעט" וועלכער דאַרף זיך דאָ עפענען, און וועגן וועלכן מ'האָט אַזוי פיל גערעדט די לעצטע טעג, איז נאָך דערווייל ניטאָ, און קיין מלחמה־פאַרוואונדעטע זעט מען נאָך דאָ ניט־אָן. נאָר אַלץ מער זעט מען דורכפאָרענדע סאָלדאַטן און אָפיצערן, וועלכע האַלטן זיך אָפּ אין שטאָט מיט זייערע מיליטער־טיילן.

## די סענסאַציע מיט פראַנקאַרדי

מ'דערציילט אַ נייס, אַ סענסאַציע, אַ לאָקאַלע מלחמה־סענסאַציע: פראַנקאַרדי, דער אַרטיסט און טראַנספאָרמאַטאָר, איז דערשאָסן געוואָרן אין „לעסנאַיע" אין מיליטערישן סקאָבעלעוו־לאַגער, אַלס עסטרייכישער שפּיאָן!

די נייס ווירקט אין שטאָט, ווי אַ באָמבע, און וואַרפט מיט אַמאָל אַ שיין אויף פיל נעבלהאַפטע פאַקטן. מ'דערמאָנט זיך אָן דעם אָריגינעלן קונצנמאַכער, חציו־ציגיינער, חציו באָהעמיער, וועלכער האָט גאַסטראָלירט אין „פּוסטן סאָד", דאָ ניט לאַנג, ערשט קוים מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק. מ'דערמאָנט זיך זיינע עפעקטועלע אַרויסטרעטונגען, זיין קונציקן בייטן די ראָלן, שטימע און קליידער. ס'איז אפילו דאַן געווען קשה'דיק ביי פיל בירגער — אַזוי זאָגט מען זיך, — דאָס ערשיינען אין סלאָנים פון אַזאַ האַלב־עקזאָטישן אַרטיסט. האָט ער שוין ניט געקענט געפינען פאַר זיין קונסט עפּעס אַ רייכערן און פאַסיקערן אָרט, ווי דאָס אָפּגעשטאַנענע, פּראָווינציעלע סלאָנים?? מסתמא האָט ער דאָך געהאַט עפּעס אַ גרונט צו קומען אַהער. און מ'דערמאָנט זיך אויך אָן זיינע גאַסטראָלן אין „לעסנאַיע", אין לאַגער, ווי ער האָט זיך דאָס אָנגעכאַפּט אָן דער איינלאַדונג פון די אָנוועזנדע אויף זיינע ספּעקטאַקלען אָפיצערן אין „פּוסטן סאָד" צו קומען אין לאַגער! און אַז ער איז אַהין געקומען, האָט ער זיך גאָרניט געקענט אָפּרייסן פון דער אָפיצערן־סביבה און פון די פריילאַכע נאַכט־הוליאַנקעס. איין אָוונט נאָכן אַנדערן פלעגט ער אַרויסטרעטן אויף דער אימפּראָוויזירטער לאַגער־סצענע פאַר דאָס פּובליקום פון העכערע־מיליטער־לייט און אַם־ענדע זיך אַזוי איינגעלעבט אין לאַגער, און מיט די שטאַב־אָפיצערן, אַז ער איז געבליבן דאָרט אַזש... ביזן מלחמה־אויסברוך, ווען די מאָביליזאַציע האָט אַזוי בהלה'דיק צוטריבן די פאָלקן אין זייערע שטעט, און פון דאָרט צום פראָנט...

וואָס־זשע האָט מיט דעם פראַנקאַרדי פּאַסירט? דערציילט מען פּרטים, אַז מען האָט אים געכאַפּט, שוין נאָך דער מאָביליזאַציע, ביי גאָר אַ פיינער שטיקל „אַרבעט", וועלכע האָט אים פולשטענדיק דעמאַסקירט אַלס עסטרייכיש־אונגאַרישן שפּיאָן. אין זיינע געפּעק האָט מען געפונען פיל בולט'ן באַשולדיגונגס מאַטעריאַל, קאָפּיעס פון געהיימע מיליטערישע דאָקומענטן, פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס פון „לאַגער" א. א. וו.

אָט פאַרוואָס דער פויגל האָט זיך גוט געפילט אין „לעסנאַיע", אין דער אָפיצערן־סביבה! און ס'ווערט אויך קלאָר, פאַרוואָס ער איז געווען אַזאַ מייסטער אין איבערטאָן זיך און בייטן די שטימע: ס'איז געווען זיין פאַך!...

האָט מען אים אַריינגעזעצט אין "חד־גדיא", פאַרמשפּט צום טויט און טאַקע דערשאָסן אויפן אָרט פון זיין טעטיגקייט, אין „לעסנאַיע" גופא,ביים ראַנד פון שמעקעדיקן סאָסנאָוון וואַלד...

אַזאַ שפּאַנענדע שפּיאָנאַזש־אַפערע אויפן געביט פון סלאָנים און ביים סאַמע אָנהויב פון מלחמה!...

עס ווערן מיט אַמאָל פאַרשטענדליכער די אָפּגעהאַקטע ידיעות, וועלכע קומען פון צייט צו צייט אין די צייטונגען וועגן דייטשע און עסטרייכישע שפּיאָנען, וועלכע מאַנעווורירן אויפן פראָנט און אין „טיל". איז דאָס, הייסט דאָס, טאַקע אמת! —

מ׳טראַכט זיך אַריין אין דער פראַנקאַרדי אַפּערע, אין דער שפּיאָנען־נעץ, וועלכע איז דאָ געווען אויסגעשפּרייט אין די לעצטע מאָנאַטן פאַר דער מלחמה, און עס גלויבט זיך אין דער צילבאַוואוסטקייט פון די מלחמה אַנטיילנעמער, אין דער שטילער צוגרייטונג פון די מלוכות צום בלוטיקן ספּעקטאַקל...

די פראַנקאַרדי געשיכטע ווערט געשמאַק אַרומגערעדט אין גאַס און אין די בתי־מדרשים, ווו מ׳טרעפט זיך צו סליחות, שוין האַרט פאַר די ימים־נוראים.

## רוסישע „נצחונות“ און סלאַנימער קאַמענטאַרן

צו ענדע ה׳ תרע״ד קומען אָן באַאונרוהיקנדע ידיעות פון פראָנט. עס גייען בלוטיקע קאַמפן אין מזרח־פּרייסן, ביי די מאַזורער אָזיערעס. די באַריכטן פון רוסישן גענעראַל־שטאַב דערציילן, אמת, וועגן נצחונות אָדער וועגן „איינגע־האַלטענע פּאָזיציעס“. ס׳איז אָבער צו באַוואונדערן, ווי דער יידישער עולם, ספּעציעל די יידישע „סטראַטעגן“, האָבן זיך אויסגעלערנט צו לייענען צווישן די שורות פון די אָפיציעלע באַריכטן, — און אָט „לייענט מען אַרויס“ דוקא וועגן מפּלות. טרומייטערט מען וועגן אַ צוריק־געשלאָגענעם אָנגריף, — איז דאָס אַ סימן, אַז מען האָט געגעבן פּאַניען גוט פייער צו שמעקן, — און טאָמער גנב׳עט זיך דורך אין באַריכט אַ פּאָר ווערטער וועגן אַ „צוועקמעסיקן צוריקטריט פון איניקע פּאָ־זיציעס“ — איז עס דער אמת׳ער בעוויז, אַז מ׳איז אָפּגע־טרעטן אויף צענדליקער וויאָרסט...

הכלל, די באַריכטן זיינען געווען טרויעריקע... און דאָ קומען־אָן פּריוואַטע ידיעות וועגן שויסקי־פּאָלק. אַ חורבן! ביי דעם ערשטן אַרויספאָר פון סלאָנימער פּאָלק אויפן שלאַכט־פעלד זיינען צושמעטערט געוואָרן איניקע ראָטעס... טויטע, פאַרוווּנדעטע... ווער קען וויסן, ווער און ווו? פון פאַרוווּנ־דעטע זיינען אָנגעקומען ידיעות, מ׳האָט זיי אָפּגעפירט אין שפּיטאָלן אין „טיל“. אָבער וויפל זיינען געבליבן אויפן פעלד? — איז געוואָרן חושך אין שטאָט! כאָטש זייער פיל סלאָנימער רעזערוויסטן זיינען געווען צוגעשריבן צו אַנדערע פּאָלקן, האָט אָבער אַ היבשע צאָל אָנגעהערט צום „שויסקי“. ליגן שוין סלאָנימער צוקאַליטשעטע אין פאַרשיידענע „לאַ־זאַרעטן“ אין קאָנגרעס פּוילן, — און זייערע נאָנטע פאָרן צו זיי אַרויס. אין פיל פאַמיליעס וואַרט מען אָבער אויף די טייערע בריוו, און די ידיעות לאָזן זיך זאַמען... עס וואַקסט די נערוואָזיטעט אין שטאָט. יעדן טאָג רייסן זיך אַריין פרויען אין די בתי־מדרשים, אין שול; עפענען ברייט דעם אָרון־קודש און שרייען אַריין מיט געוויין, מיט האַרצרייסענדע קולות. צו די סליחות איז געפּאַקט. מ׳דאַוונט מיט האַרץ און מיט תחנונים. פאַרטאָג, ביים בלאַסליכן שיין, זיינען די פענסטער אויף שול־הויף באַלויכטן, און ס׳שאָקלען זיך די טלית־דיקע געשטאַלטן... אַרום אין די גאַסן איז שטיל. אויפן „פּלאַץ“ — קיין לעבעדיקער נפש, בלויז איינצעלנע „גויים“ — האַלצ־העקער, — און דאָ דאַוונט אַנ׳עדה יידן און בעט אין 2־טן חודש פון וועלט־קריג אויפ׳ן וועלט שלום...

אויסערלעך האָט זיך אין שטאָט גאָרניט געביטן. קיין אָנבליק פון מלחמה און אפילו די ציטווייליק איינגעקוואַר־טירטע פרישע מיליטערישע־טיילן גיבן גאָרנישט צו דער שטאָט קיין אויסערגעוויינליכעס. נאָר די יידישע גרופּקעלאַך ביי די קראָמען, און די גאַסן, די יידישע „קלאַנגען“ און די יידישע נערוואָזיטעט, — זיי שאַפן די „שטימונג“. זיי יאָגן אָן דעם צייט־גייסט, זיי מערקן אָן דעם ריטם און כאַראַקטעריס־טיק פון די אויסערגעוויינליכע צייטן. אפשר איז דאָס דערפאַר ווייל די יידישע מאַסע איז מער פילבאַר צו צרות און ווייל זי איז מער וואַקלדיק אין אירע פּאָזיציעס? — עס בלייבן פלעגמאַטיש די אַרומיקע פויערן. אינדיווידועל לעבן זיי, גאַנץ מעגליך, איבער די זעלבע טראַגעדיעס און אַנגסטן, ווי זייערע יידישע שכנים. — אָבער די פויערן־מאַסע איז אונבאַוועגליך, און אויף די זונטיק׳דיקע מערק אויפ׳ן „פּלאַץ“ און ביי די קראָמען איז נישט צו פילן דעם אָטעם פון דער צייט.

אַנדערש איז „ניעווסקי“. דאָרט „אָטעמט“ עס אין גע־וויסע מאָמענטן פון טעג מיט — מלחמה... „טעלעגראַמקעס! לעצטע ידיעות פון פראָנט! 10.000 געפאַנגענע דייטשן! גרוי־סער זיג פון גענעראַל רענענקאַמפּ׳ס אַרמיי! אונדזערע גייען פאָרויס“!...

גרויסשטעטיש צושמייען זיך אַ פּאָר ציטונגס־יינגלאַך אויפן ברוק און מאַניפּולירן מיט אַ פּאַק געדרוקטע פּאַפּירלאַך... דאָס האָט אַ פּיפיקער סלאָנימער אונטערנעמער ה׳ יעליאַן, אַ אימפּערסאַריאָ און דרוקער גלייכצייטיק, אויסגענוצט דעם גינסטיקן „נייעס“ סעזאָן און אַרויסגעלאָזן טאָג־טעגליך אויף שמאָלע קאָלירטע פּאַפּיר־פּאַסן „לעצטע ידיעות“ פון פראָנט... דערזעלבער פלינקער סוחר האָט אין די ערשטע מאָנאַטן פון 1914 אַראָפּגעבראַכט זשאַבאָטינסקי׳ן און שפּעטער צו זומער אויך דעם טראַנספּאַרמאַטאָר שפּיאָן פראַנקאַרדי׳ן... איצט האָט ער גענומען אויף זיך די מיסיע צו הייבן די פּאַטריאָטישע שטימונג דורך געבן אולטראַ־גוזמא׳דיקע נייס וועגן רוסישע נצחונות... די „טעלעגראַמקעס“ ווערן צוכאַפּט כהרף־עין און יידישע „סטראַטעגן“ לייענען און שמייכלען פון... דער גוט־מוטיקער נאַאיוויטעט, מיט וועלכער די היגע רוסן נעמען אָן די „טעלעגראַמקעס“ נייעס. ביעליקאָוו, דער דירעקטאָר פון „יעווריסקע“, אַ רוסיפיצירטער לערער, רייבנדיק פון הנאה זיינע ווייזער־פינגער, פאַרטרויט אין אַ מאָמענט פון גוטער שטימונג אויף אַ לעקציע זיינע עלטערע שילער דעם סוד פון ה׳ יעליאַנס „טעלעגראַמקעס“ און זיינע אונאויפהערליכע נצחונות. „פאַרשטייט איר מיר, מיינע טייערע! עס זיינען אַריינגעפאַלן אַ צענדליק דייטשן אין „פּלען“. אין שטאַב פון דער פראָנט דיוויזיע „קאָרעגירט“ מען די צאָל אויף 100. דער גענעראַל שטאַב „קאָרעגירט“ באַזונדער ביז 1000 נו, און אונדזער ליבהאַרציקער „טעלעגראַמקעס“ אַרויסגעבער מאַכט די צאָל רונדער ביז אַ — 10.000 „פּאָניאַלי“?.. און דער קלאַס אין „יעווריסקע“ פּאַטשט בראַוואָ צו די חכמות פון קלוגן דירעק־טאָר, מ׳איז צווישן יידן מעג מען זיך דאָך זאָגן דעם אמת...

טעלעגראַמקעס! טעלעגראַמקעס! 5000 דייטשע שווערע האַרמאַטן — פאַרכאַפּט אין די לעצטע שלאַכטן! אַ גאַנצער דייטשער קאָרפּוס אַרומגערינגלט!... ה׳ יעליאַן מאַכט גוטע געשעפטן און ניעווסקי גייט אויף רעדלאַך...

## ערב ראש-השנה תרע"ה

אין שטרייגגן ערנסט מוז מען דאָך אַמאָל אַ לאַך טאָן, נאָר דער ערנסט דאָמינירט. עס דריקט אויפן יידישן געמיט די אונגעהויערע מלחמה. די יידישע גאַס און יידישע הויז זיינען נערוועז און אָנגעשטריינגט, מ'האָפט נאָך אַלץ אויף אַ גיכן סוף און מ'ציילט כסדר די טעג. די לעצטע פּאָר טעג פון ה' תרע"ד, 7 וואָכן פון איראָפּייאישן פייער. עס פאַרשלעפּט זיך, צו איז עס נאָר די פּרעליודיע, אָדער עס זיינען שוין די לעצטע אַקאָרדן פון עפּילאָג? עוואַנטואַליטעטן זיינען מעג־ליך, און דאָרט ערגיץ, אין די הויפּט־שטעט ווערט געשמידט דער וויטערדיקער גורל פון איראָפּאַ.

ערב ראש־השנה, עם ישראל איילט אין שול אַריין. עס זיינען דאָפּלטע ימים־נוראים, ימים־נוראים אין דער וועלט און ימים־נוראים ביי יידן. עס וואַקסט די זאָרג פאַר דער צוקונפט אין יידישע הערצער. ס'איז אַ אַלגעמיינער אומגליק און ס'איז אַ באַזונדער יידישער. שוין ווייזן זיך סימנים פון יידן־העצע אויפן פראָנט און אין „טיל" וואָס עס קען איצט, אין מלחמה־צייט, ווערן אויסערסט געפערליך.

לויפן יידן אין שול און בתי־מדרשים. מ'בעט אויפ'ן נייעם יאָר ה' תרע"ה פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער וועלט. יידישע אמונה! עס מוז זיך דאָך ענדיקן! עס קאָן דאָך אַנדערש ניט זיין!

פּילן אַן סלאָנימער יידן אין די ימים־נוראים אַלע בינים אויפ'ן שול־הויף, שעפּן האָפנונג און בטחון און האָבן דעם מינדסטן רעיון ניט, אַז עס איז נאָך ווייט, ווייט פון סוף, אַז פונקט אין אַ יאָר אַרום וועט אויך די טייערע היימאַט־שטאָט זען דעם פאַרניכטונגס אוראַגאַן ביי זיך און אַז פונקט איבער אַ יאָר צו „כל־נדרי" וועלן שווערע האַרמאַטן זיך צו־הוליען איבער די הייזער און גאַסן פון דער אידילישער שטאָט ביי דער שטשאַרע, וועלכע וועט זיך אין וואַנזיניגער נאַכט דורך פייער און בלוט זעגענען אויף שטענדיק מיט דער 120־יאָריקער רוסישער הערשאַפט.

## צווייטער טייל

### תשרי—ניסן תרע"ה (סעפּטעמבער 1914—אַפּריל 1915)

### אַנ'ארמיי־שטאַב אין סאַמע ראש־השנה

דער ערשטער טאָג ראש־השנה ה' תרע"ה איז געווען אַ זוניקער און ליכטיקער, איינער פון יענע ערשטע הערבסט־טעג, ווען די זון שיינט נאָך מיט פולן שפע און מאַכט זיך ניט וויסנדיק פון קאַלענדאַר. אַ שטילער ווינטעלע בלויז האָט זיך געשפּילט מיט די ערשטע אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. אין די פריסטע פרימאָרגן שעה'ן האָבן שוין יידן געאיילט אין בתי־מדרשים. אויף שול־הויף האָבן זיך געטראָגן פון אַרום די אָפּגעהאַקטע ימים־נוראים־ניגונים. די זוניקייט אַרום האָט זיך עפּעס ניט געפּאַרט מיט דער הייליקער תשרי־שטיל־קייט, נאָר נאָך מער האָט זי זיך גרילצנד אַריינגעשניטן אין דער שווערער שטימונג פון די לעצטע טעג. עס האָבן געדריקט אויף אַלץ און אויף אַלעמען די קורצע און טעמפּע ידיעות וועגן די שלאַכטן אַרום די מאַזורער אַזיערעס. עס איז שוין געווען אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד, אַז דער דייטש האָט דאָ גע־געבן דעם אמת'ן „פאַר־אַריין" אין רוקן פון רוסישן פראָנט, כאָטש די שטאַב־באַריכטן האָבן וועגן דעם אַזוי ווייניק דער־ציילט. וואָלטן יידן זיך קנאַפּ־וואָס גענומען פון דעם צום האַרצן... וואָס אַ ליאַדע ייד ווינשט אין דער שטיל אַריין פּאָניען, — מעג דאָס טאָקע... אויף אים חל זיין... די מעשה איז אָבער, וואָס מ'איז אַליין בלוטיק פאַראינטערעסירט, און וואָס עס שמעקט מיט־פּייער...

האָט זיך טאַקע צעלייגט די שווערע שטימונג אין בית־המדרש ביים דאַווענען, און קיינמאָל נאָך צום „ונתנה־תוקף" האָט מען אַזוי ניט געכליפּעט אין עזרת־נשים, ווי אַט דעם ראש־השנה.

ניט געווען באַשערט אָפּצופּטרן רוהיק די 2 פייערליכע טעג פון יאָר אָנפאַנג: מיט אַמאָל, פּלוצלינג ווערט אַ גערויש און אַ אונגעוויינליכע הודזשעריי אויף סלאָנימער גאַסן, יידן אין טליתים, קינדער, ווייבער — אַלע לויפן אַרויס אָנקוקן דאָס בייז־וווּנדער: פון ראָזשנאַיער גאַס און פון סקראָבאָווע ציהען געשווינט אויטאָמאָבילן צוגעדעקטע, עלעגאַנטע, פאַר־שטויבטע, אָנגעפּילטע מיט אָפיצערן...

פון ביידע זייטן גאַסן פאַרמירן זיך שפּאַלערן מיט ניי־געריקע און ווער איז דאָ ניט נייגעריק? אסור, אויב מ'האָט דאָ אַמאָל אָנגעזען אַנ'אויטאָמאָביל. דאָס איינציקע לעצטע דערגרייכונג אויפ'ן געביט פון לאָקאָמאָציע־טעכניק — האָט מען דאָ געזען אין די לעצטע יאָרן — אַ מאָטאָציקל... אוי־וואָ, איז דאָס געווען אַ סענסאַציע, ווען מיט אַ יאָר צוויי צוריק איז אַ מקורב, צו אַ זונדל פון פריץ זאַגראַדין פון „גריבעווער" הייף אַראָפּגעפאָרן אויף סאַמע ניעווסקע אין אַ מאָטאָציקל מיט אַ לעדערנעם באַקוועמען בייגעזעץ. דער מאָטאָר פלעגט אָנהויבן רוישן, און אַרום דעם יונגן פּריץ־ספּאָרטסמען זאַמלט זיך אַנ'עולם. אַן עיין־הרע, פון גרויס און קליין. און מ'צוגייט זיך פון התפּעלות פון דער פלינקער מאַשינע, ווי זי הויבט דאָס אויף דעם פּריץ מיט זיין אשה אויפ'ן צובראָכענעם ברוק און טראָגט אים אַוועק אויף שטיין און זאַמד אין זיין „גרי־בעווע" אַריין...

און אַט איצט — דער לעצטער וואָרט פון טעכניק, די

אויטאָמאָבילן, וועגן וועלכע מ׳האָט זיך שוין אָנגעלעזן אין די צייטונגען, ערשיינען צום ערשטן מאָל בכבודם ובעצמם אויף אונדזער היימישן באָדן...

די ערשטע איבערראַשונג אַריבער, — בלייבט דאָס רעטעניש פון פלוצלינגדיקן ערשיינען פון אַזוי פיל אויטאָס, דאָס רעטעניש ווערט אָבער גלייך אויפגעלייזט, און מ׳דערוויסט זיך, אַז אַ שטאַב, אַ גאַנצער מיליטערישער שטאַב פון אַ פראָנט־אַרמעע איז אַראָפּגעקומען אַהער הענדום־פּענדום פון גראָדנע.

ווערט עס ביטער אין נאָז. און עס געפינען זיך גלייך די אינפאָרמאַטאָרן, וועלכע גיבן איבער גענוי, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט די גרויסע רוסישע מפּלות אויפ׳ן פראָנט, אַז דער שטאַב האָט לייגער אין גראָדנע ניט געקענט פאַרבלייבן און האָט זיך געמוזט צוריקציהען טיפער אין לאַנד.

איז דאָס געווען אַ „אויטאָמאָבילן־טאָג״ אין סלאָנים, אַן׳עכטער ראַייד... הין און צוריק, אָפּ און אויף פליען זיי ווי די טייוואָלים און זייהען שרעק און פּאַניק אין די הערצער פון די איבערגעשראָקענע בירגער... און אַלע ציהען זיי צו די קאַזאַרמעס, דאָרט האָט זיך דער שטאַב לאָקירט, גאָרניט ווי אויף ציטווייליק. האָבן זיך באַוויזן גענעראַלן, העכערע אָפיצערן. די קדושה פון די ראש־השנה׳דיקע טעג איז געוואָרן צושטערט. אין די גאַסן האָט געטומלט, געהודזשעט, און אַזוי אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אין אָוונט...

און אויף מאָרגן איז געוואָרן אַ געיעג נאָך — ברוקירער... אַ גזירה אַרויס פון שטאַב: עס מוזן גלייך קומען ברוקירער, צום ברוקירן דעם גאַנצן טייל סקראָבאָווע־גאַס פון שאָסיי ביז צו נאָך די קאַזאַרמעס. אַזוי ווי ביז איצט, טראָץ דעם וואָס אין די קאַזאַרמעס האָבן צייטענווייז זיך גאָרניזאָנירט 2 פּאָלקן, איז דער גאַנצער גאַס־טייל ניט געווען ברוקירט, — איז דאָרט שטענדיק געשטאַנען אַ שטויב, וועלכער פלעגט איצט, נאָך יעדן דורכפאָר פון אַן׳אויטאָ, זיך הויבן אין הימל אַריין. אויסער דעם, ביי אַ ליאַדע רעגנדל ווערט דאָ די געדיכטע בלאָטע. איז דאָך דאָס גלאַט קיין עסק ניט... איז אַרויס אַ באַפעל: ברוקירער זאָל מען גלייך שאַפן! ווו נעמט מען דאָ קריסטלעכע ברוקירער, אַז אַזעלכע זיינען דאָ קיינמאָל ניט געווען? האָט מען מטריח געווען אין גרויס איילעניש די יידישע ברוקירער פון גאָר דער שטאָט... איז דאָך אָבער ראש־השנה! לויפן חשוב׳ע בעלי־בתים צו ר׳ מרדכי׳לען זצ״ל, און מ׳איז מטכס־עצה וואָס צו טאָן. ווערט באַשלאָסן, אַז דער רב בכבודו ובעצמו זאָל גיין אין שטאַב און אָפּבעטן די גזירה פון צוואַנגס־אַרבעט פאַר יידישע ברוקירער אום ראש־השנה.

די יידישע ברוקירער האָבן אָבער דעם צווייטן טאָג ראש־השנה, טראָץ די אינטערווענצן, דאָך ביי די קאַזאַרמעס געאַרבעט. דער שטאַב־באַפעל איז געווען שטרייננג און די אַרבייט האָט גלייך געמוזט אָנגעהויבן ווערן.

אָט דער קליינער, אונבעדייטענדער פאַל מיט די ברוקירער האָט דאָ צום ערשטן מאָל, פון אָנהויב פון דער מלחמה, געלאָזט הערן פון דער ערנסטער, שטרייננגער פראָנט־דיסציפּלין, הגם דער פראָנט איז נאָך געווען אַזוי ווייט. סלאָנים האָט נאָך אפילו צו דעם געביט וואָס הייסט „טיל״, ניט אָנגעהערט, — נאָר דאָס אַריינפאָרן פון שטאַב, און זיינע שטריינגע צוואַנגס־באַפעלן, האָבן אָנגעיאָגט שטימונגען פון „הינטער־פראָנט״.

איז געוואָרן טומלדיק און רעש׳דיק אין די גאַסן, און ס׳זיינען אַוועק וואָכן פון שטאַרקער באַוועגונג. די אויטאָמאָבילן האָבן גאָרניט גערוט. זיי לויפן כסדר פון און צום וואָקזאַל, און ס׳ערשיינען אויך פנים חדשות, אַלץ נייע אָפיצערן־גרופּן. אַ סברא, אַז ס׳איז טאַקע אַ היבשער שטאַב מיט ברייט פאַרצווייגטע אָפּטיילונגען, און פון דעם שטאַב ציהען זיך דירעקטע פעדים צו די פאָדערשטע קאַמפּס־פּאָזיציעס, וועלכע זיינען, אייגענטליך, אַזוי ווייט פון דאַנען. עס איז קענטיק לויטן ערנסט און איינגעצוימטע סודות׳קייט וואָס ליגט אויסגעגאָסן אויף די געזיכטער פון די אָפיצערן. דאָ, אין די קאַזאַרמעס, ווערן הייסט דאָס, אויסגעאַרבעט די סטראַטעגישע פּלענער און דעטאַלן פון די אָנגריפן און שלאַכטן. דאָ אין די קאַזאַרמעס אין די שטאַב־קאַבינעטן ווערן אויך באַגראָבן די ידיעות וועגן שווערע מפּלות און זיינען מקבל צורה פון נעבעכדיקע שטאַב־באַריכטן...

## אונטערן צייכן פון שטאב און פון פדיון

דער גאַנצער חודש תשרי גייט אַריבער אונטערן צייכן פון שטאַב און פון — געשמאַקן פדיון... פון וואַנען האָט זיך גענומען צו די אָפיצערן אַזאַ הונגער נאָך סחורות, אַזאַ גרויסער באַדאַרף? די גרעסערע, סאָלידע געשעפטן ווערן אָנגעפילט פון דער פרי אָן מיט גרופּעס אָפיצערן־קונים, מ׳קויפט און מ׳צאָלט געשמאַק. ציהען זיי כסדר די גרינלעכע 5־רובל׳דיקע באַנקנאָטן פון זייערע אָנגעשטאָפּטע פּאָרטפעלן. עס שמעקט נאָך פון די געלט מיט דרוק און מיט פרישקייט. מ׳צאָלט זיי, די שטאַב און פראָנט אָפיצערן די הייכע פּענסיעס, און קוקנדיק אָפּט דעם טויט אין די אויגן, האַלטן זיי, אַ סברא ניט פון שפּאָרן, נאָר פון וואָס מער געניסן, וואָס מער קויפן... מ׳קויפט אינדיווידועל און מ׳קויפט אויך פאַר די באַדערפנישן פון שטאַב, און ס׳וואַרטן כסדר אָפּ די אויטאָמאָבילן נעבן „ראַד״, געגנאיבער די קראָמען, אויף די שווערע פּעקלאַך „פּאַקופּקעס״.

אויף פרנסה איז דערווייל ניטאָ וואָס צו קלאָגן זיך. מ׳ברייגגט פרישע סחורה פון וואַרשאָ און סחורה האַלט אין איין שטייגן... ס׳ווערן אויך טייערער עסן־פּראָדוקטן, אָבער די קנאַקעדיקע באַנקנאָטן, וועלכע זיינען דאָ מער ווי אַלע מאָל, לאָזן איגנאָרירן דעם כמעט אונבאַמערקבאַרן יקרות...

שטאָט באַמערקט קוים, ווי ביסלעכווייז ווערט מען אַריינגעצויגן אין ספּעציפישן מלחמה־פיבער פון דעם „טיל״־געביט. פאַרגרעסערטע באַוועגונג, יקרות, סחורות ווערן צוכאַפּט, — דאָס זיינען אַלץ סימפּטאָמען, אַז עס לאָזט זיך מערקן וואָס ווייטער דער איינפלוס פון די נאָענט־ווייטע פּאָזיציעס.

און דאַן — אַריינגעפאָרענע היימלאָזע, אַנטלאָפענע פון פראָנט־געביט. פון שטעט און שטעטלאַך, פון לאָמזשער, גראַיעווער, אויגוסטאָווער געגנט אַנטלויפן יחידים פאַר פייער, פאַרן אָנקומענדן שונא, אַנטלויפן משפחות מיט האַק־און־פּאַק. ביי מאַסן־גירושים האַלט דאָס נאָך ניט, בלייבט די גרויסע

טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג אויף די ערטער, אָבער אַ קליינער טייל אַנטלויפט, און אויך קיין סלאָנים קומען אַראָפּ אין געטומל, איינצעלנע משפחות פון דעם שטראָם פון היים־לאָזע, איבערהויפּט אַזעלכע, וואָס האָבן דאָ קרובים. די פּנים חדשות פון די היימלאָזע, זייערע דערציילונגען פון „דאָרטן", זייער גורל און וואַנדערונג, — דערמאָנען מיט אַמאָל די מיושב'דיקע יידן, ווו מ'האַלט דאָ אין דער וועלט, און אַז ס'איז גאָרניט אַזוי ווייט...

וואַקסט אַ פאַרקלעמקייט אין די הערצער, און אַנ'אַלץ גרעסערע שרעק פאַרן אייגענעם גורל...

## דער מיליטערישער שפּיטאַל

עס ווערן געמאַכט הכנות פאַר די „לאַזאַרעטן" און פעלד־שפּיטעלער, וועלכע ווערן שוין דאָ איצט, גאָר אינגיכן מיט אַנ'אמת געעפנט.

וועגן די אָנקומענדע „לאַזאַרעטן" רעדט מען שוין דאָ פון ענדע אויגוסט־אָן. נאָר, ווייזט אויס, אַז דער שטאַב, וועל־כער איז אַהער אַראָפּגעקומען בהלה'דיק פון גראָדנע אין ערשטן טאָג ראש־השנה, האָט געשטערט דערמיט, וואָס ער האָט פאַרנומען די קאַזאַרמע געביידעס.

אַ טייל שטאַב, זאָגט מען, איז אָבער אוועקגעפאָרן ווייטער צו מזרח, און עס ווערן באַפרייט פּאַוויליאָנען אין די קאַזאַרמע־געביידעס פאַר די שפּיטעלער, וועלכע ווערן פיבער־האַפט צוגעגרייט.

אין איין העלן טאָג באַווייזן זיך אויטאָ־קאַרעטקעס מיט רויטן קרייץ אויף די ווענט. מ'זעט אַסך באַרמהערציקע שוועס־טער, מיליטערישע דאָקטוירים, סאַניטאַרן, מיט רויטע קרייצן אויף די אַרבל. דער פּערסאָנאַל פון די שפּיטעלער איז דאָ, מ'אָרדנט איין, גרייט אויפצונעמען די פאַרוווּנדעטע, אַלע שפּיטאַל־איינריכטונגען.

ווערט נאָך לעבעדיקער אין די געשעפטן. דאָקטוירים, שוועסטער קויפן איין אַלץ. וואָס לאָזט זיך, מ'ריכט זיך אויף גרויסע צאָל פאַרוווּנדעטע, וועלכע וועלן אָנפילן די היגע „לאַזאַרעטן".

אַ חוץ אין די קאַזאַרמעס, ווערט אויך צוגעגרייט אַ אויפ־נאַמס־אָרט פאַר די מלחמה פאַרוווּנדעטע אין אַנדערע בנינים: אין יידישן „הקדש", אין אַ טייל „פּריכאַדסקע" שולעס, אין רעאַל שולע.

און אָט קומט אויך אַ גוזשלשאַפּטליכע איניציאַטיוו איינ־צואָרדנען אַ עפנטליך שטאַטישן אויפנאַמס־קאָמיטעט פאַר די פאַרוווּנדעטע „העלדן", די „זין פון פאַטערלאַנד".

## דער יידישער אנטייל אין דער הילפס־אַקציע

נאָך די פּאַטריאָטישע „הוראַ"־דעמאָנסטראַציעס, וועלכע זיינען פאָרגעקומען, צו פּריוויליק־גערן, צו געצוווּנגענערהייט, לשם טאַקט און פליכט אין די ערשטע טעג נאָך דער מאָבי־ליזאַציע אין דער ברייט און אין דער לענג פון רוסלאַנד, און זיינען געווען אַ מאַרקע, אַ צייכן פון „מלוכה־טרייהייט" און הויך־פּאַטריאָטיזם, — איז דער אָנטייל פון דער באַפעלקע־רונג אין דער סאַניטאַרער און הילפס־אַקציע פאַר די מלחמה־פאַרוווּנדעטע געווען אַ וויטערער באַווייז פון „אונטערטעניש־רישן באַוווּסטזיין".

לענג־אויס דעם „טיל"־געביט עפענען זיך שפּיטעלער און פעלד לאַזאַרעטן פאַר די לעבן געבליבענע קרבנות פון די שלאַכטן. אומעטום ווערן געזאַמלט נדבות, ס'גרינדן זיך ציווילע קאָמיטעטן, און אין קיין אָרט שטייט די יידישע באַ־פעלקערונג ניט אָפּ. זי טאָר נישט אָפּשטיין. דער יידישער אָנטייל אין דער הילפס אַקציע פון דער באַפעלקערונג, אַ חוץ וואָס ער איז נאַטירליך איז אויך אַ קעגנגעוויכט דער לעצטנס וואַקסנדער אַנטיסעמיטישער העצע אויפן פראָנט.

ס'איז אַריבער דער אויפברויז פון די „גלייכהייטס"־געפילן פון די ערשטע מאָביליזאַציע טעג, ווען ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער סאָלידאַרער פראָנט קעגן שונא ברענגט מיט זיך עטוואָס בעסערעס פאַר יידן. צוואַקסט זיך אין אַרמיי און אין די שטעט די לעגענדע וועגן יידישע... שפּיאָנען... יידן ריידן זיך אויף מיט דייטשן... יידן פאַרבינדן זיך דורך אונטערערדישע טעלעפאָנען מיטן שונא... וואָס מערער די גיפטיקע קלאַנגען פאַרשפּרייטן זיך, אַלץ גרייטוויליקער טוען יידן זייער הומאַניטאַרע אַרבעט.

ביים אָנזאָג פון די אָנקומענדע לאַזאַרעטן, איז אין סלאָ־נים, ווי איבעראַל, פון זיך אַליין צושטאַנדגעקומען די אַלגע־מיינע באַגייסטערונג פון די יידישע מאַסן צו קומען צו הילף.

מ'וועט דאַרפן טראָגן די פאַרוווּנדעטע פון וואָקזאַל אין שטאָט־אַריין אויף „נאָסילקעס" — מעלדן זיך עלטערע יידן און יונגע בחורים און לייגן פאַר זייערע הענט. און שיינע בעלי־בתים קומען זיך צונויף אויף אַנ'אַסיפה וועגן זאַמלען געלט, וועש וכדומה פאַר די „גוראַניעטע". די פייערלעשער־דרוזשינע, וועלכע איז איינגאַנצן אַ יידישע, גרייט זיך באַזונ־דער אונטער דער אָנפירונג פון ה' פּאַלאַנסקי. יידישע מייד־לאַך, בעלי־בת'ישע טעכטער רעגיסטרירן זיך, גרייט אַרומ־צוגיין אַרום די קראַנקע און דער רירעוודיק־אַקטיווער ד"ר לעווין גיט זיי באַצייטנס סאַניטאַרע אָנווייזונגען.

דאָס אַלץ ווערט געטאָן אונטערן הויכגעשטעלטן פּראָ־טעקטאָראַט פון דער... גרויס־פירשטין טאַטיאַנע, די צווייטע טאָכטער פון ניקאָלאַי, וועלכע האָט „באַוויליקט" באַשיצן מיט אירע פליגל די הילפס־אַקציע איבער דער גאַנצער אימפּעריע.

דער שטאָטישער רוסישער הילפס־קאָמיטעט בראש פון וועלכן ס'שטייט דער „פּרעדוואָדיטעל־דוואָריאַנסטוואָ" אָרדנט איין אין אַ זונטיק אַ בלימל־טאָג, און איז מסכים אויף דער יידישער מיטאַרבעט. ס'ווערן פאַרקויפט גערנוויליק די קליינע „טאַטיאַנע"־זשעטאָנען, און די שיינע קעפּל פון צאַר באַטיוש־קאָס טאָכטער באַצירט גרויס און קליין.

פון די קאַזאַרמעס־לאַזאַרעטן שטעלט מען צו דער דיס־פּאָזיציע פון די פייערלעשער און פאַררעגעסטרירטע פּריוווי־ליקע די „נאָסילקעס", אויף וועלכע מ'וועט איבערטראָגן די שווער־פאַרוווּנדעטע און ס'ווערט באַשטימט, אַז ווי נאָר ס'קומט אָן דער צוג מיט די קראַנקע, — וועט דאָס גלייך ווערן סיגנאַליזירט און געמאָלדן דורך די „פּאָזשאַרנע"־טרו־מייטערס, די סיגנאַלן, וועלכע ווערן געגעבן צו אַ שריפה.

וואַרט שטאָט מיט אומגעדולד אויף „זייער" אָנקומען.

מ׳איז נייגעריק און... מ׳וויל פעסטשטעלן מיט אייגענע אויגן דעם „פאקט" פון מלחמה.

לאנג ווארטן אויף דעם איז שוין אבער ניט אויסגעקומען: אין א גרויען טונקעלן פרימארגן פון אנפאנג נאוועמבער איז שטאט אלארמירט געווארן דורך די „פאזשארנע-טרובעס". א פלאג פון „רויטן-קרייץ" וועלכער האט געפלאטערט אויפן שפיץ „קאלאנטשא" האט אנגעזאגט, אז ס׳איז אנגעקומען א צוג מיט פארוואונדעטע.

גרויס און קליין, אלט און יונג האט בחפזון געהיילט צום וואקזאל אנקוקן דאס וויסטע בילד פון די, וועלכע קומען פון עמק-הבכא, דעם ערשטן טראנספארט פון צעקאליעטשעטע מענטשן-פלייש, וועלכן ס׳האט אראפגעשיקט אהער דער אין בלוט פארגייענדער פראנט.

## די ערשטע פארוואונדעטע קומען אן

איז געווארן אויף „זאמאשטשע" א אנגעלויף און א געדראנג. פארשטייער פון געמישטן קאמיטעט אויף אופצונעמען די פארוואונדעטע גייען ארויס אויפן פעראן. די פייערלעכער און די פריוויליקע „טרעגער" פון „נאסילקעס" שמייען אין אלע זייטן, א שטרייגער „קאראול" פארצאמט די וועג און לאזט קיין זייטיקע ניט צו. דער גאנצער סאניטארן-פערסאנאל פון די לאזארעטן איז דא אויף די פיס. און אט — דערזעט מען די ערשטע בעטלאך, די ערשטע שטומע עדות פון די בלוטיקע שלאכטן... די אנגעשטריינקטקייט ביים עולם נייגעריקע וואקסט כסדר, ווי שטובישע מענטשן ארום א היימישן חולה, אזוי פארען זיך די „נאסילקעס-טרעגער" ארום די צעקאליעטשעטע סאלדאטן. מיט העכסטער אויפמערקזאמקייט, פארזיכטיק, טראגן די יידישע בחורים און אויך עלטערע יידן זאלבעפערט אויף די אקסלען די שטיינגעס פון די טראגבעטלאך. פון אויבן די בעטלאך אפער בלייכן זיך אונטער די גרויסע סאלדאטן דעקעס טויט ווייסע, פארקלעמטע פנימער. אנדערע האלטן אפן די אויגן און קוקן אראפ גלייכגילטיק אויפן צונויפגעפרעסטן המון. ביי פיל זיינען די קעפ באנדאזשירט און מ׳זעט ארויס נאר א פאר גליהענדע אויגן. גייט א שטילע סוד׳ען זיך איבערן עולם, — און געוואגטע ווילן צוגיין נענטער, נאר די פאטרולן הארט ביים וואקזאל זיינען שטריינג.

ציהען די בעטלאך אין לאנגע, לאנגע שורות איבער דער ברייטער זאמאשטשע גאס, — אלץ שווערע חולאים, מיט טיפע וווּנדן, מענטשן וועלכע זעהען דעם טויט פאר די אויגן. הערשט א שווערע שטילקייט איבער די גאסן און דער מענטשן מאסע. און עס הילכן אפ די וואגיקע טריט פון די „טרעגער". ציט די אייגנארטיקע פראצעסיע אין מורא׳דיקער געלאסנקייט איבער די בריקן צום צענטער-שטאט, צען... צוואנציק... הונדערט... אין הונדערטער פירט מען זיי, די אומגליקליכע, צוקאליעטשעטע, די רעשטלאך פון די לעצטע שלאכטן. יעדער איינער מיט זיין אויסדרוק, מיט זיין צער. גרויע צוויטאקטע פנים׳ער; שארפע פארגליווערטע בליקן, אינצווישן גיט א שיין אויף א קינדיש שמייכל פון אונטער דעם ווייסן באנדאזש. ווערט אויך אביסל לעבעדיקער ביי דעם צוקלעמטן, ווארטנדן עולם. אין אלגעמיין איז ער געררירט פון דעם שרעקנס-ספעקטאקל, געררירט ביז טרערן פון דעם גרויל, וואס צו׳חושך׳ט די יונגישע פנימער... און ניט איין יידישע מוטער, וויינט זיך אויס מיט שטילע, און אויך מיט ניט-שטילע טרערן, דערמאנענדיק זיך וועגן איר קינד, וועלכן ס׳ערווארט אפשר דער זעלבער בלוטיקער וועג. אין צענטער, פון בריקער גאס ארויס, ווערט די אפגעצוימקייט ארום די בעטלאך שוואכער. די מידע „טרעגער" בייטן זיך מיט זייערע ערטער; שטייט דערווייל דאס בעטל אין מיטן גאס. געניגט א מילדער בליק פון א פארוואונדעטן, צו א ווארט, וואס פאלט פון אים ארויס שוואך און אפגעהאקט צום אדרעס פון עולם — ווי ס׳ווערט מיט אמאל א צוטריטליכקייט. מ׳רינגלט ארום דאס בעטל, מ׳שפארט זיך, די היטנדע סאלדאטן זיינען ווייך. איז איצט די פאסנדע מינוט ארויסצוווייזן דעם עכטן יידישן געפיל פון רחמנות. איז נאר דער חולה פעהיק צוצונעמען, — ווערט פארשאטן זיין בעטל מיט דאס „שענסטע און בעסט". גוטהארציקע אידענעס טראגן צו מילך, בולקעס... א האגל פון געשאנקען, און א האגל פון... פראגן. „ספאסיבא מיליע!" — הערט זיך קוים דאס שטים פון פארוואונדעטן, וועלכער ווערט בכבוד גדול געטראגן ווייטער אויף די הענט פון די רחמנות דורכגעדרונגענע יידן.

דערזעלבער רחמנות געפיל ווערט אביסל שפעטער פארוואונדעטע פראנק און פריי, ביים איבערטראגן די לייכטע פארוואונדעטע אויף די פויערישע פורלאך און וועגענער, ווערן זיי געפירט, מיט ארומגעוויקלטע הענט, באנדאזשירטע פינגער, — א ערב רב פון פנים׳ער, אויסדרוקן, טיפישע ראסן-סימנים, טאטארישע מוסקול-געזיכטער, גרויס-רוסישע גוטמוטיקע אויגן, קאזאקישע איינגעזאטלטקייט, — אלע זיינען זיי באהויכט, אויפן שטרוי-געזעץ פון צו בידנע פורלאך מיט דער געמיינזאמקייט פון די ליידן, מיט די שותפישע איבערלעבונגען און ווייטאק...

און אלע ווערן זיי אזוי נאנט צווישן זיך און מיט די ווייך גוטיקע אידן און אידענעס, וועלכע רינגלען זיי ארום און שיטן זיי אפ מכל-טוב, ווערן מיט אמאל פארגעסן די לעצטע בילבולים וועגן „יידן-שפיאנען" און ס׳שאפט זיך אזא הארציקייט, אזא פעלקער פארברידערונג אויף די גאסן, אין סאמע מיטן שטאט... שטילע, יונגע קינדער פון סטעפעס און וואלגא געביט דערציילן מיט געלעכטער און הומאר וועגן זייערע ראנגלענישן אויפן פראנט, וועגן באגעגענישן פנים אל פנים מיטן „ניעמעץ", ווייזן, תוך כדי דיבור, ווייסע געזונטע ציין און זייערע צעריבענע פינגער און אברים. און בא׳בערדלטע יידן, קרעמער און בעלי-מלאכות, הערן צו מיט קאפ, שאקלען צו און באדויערן מיטן גאנצן הארצן. ווארפט זיך דורך א ייד צווישן דעם גרויען, פארבאנדאזשירטן מחנה, — ווערט ער אויסגעפרעגט גענוי וועגן זיין היים, פאמיליע, ארט, ווו ער איז פארוואונדעט געווארן, — און פון איין עק גאס ביז דער צווייטער, ווייס דער גאנצער עולם די מגילת-היוחסין פון א אסטראלענקער יידישן סאלדאט.

סז׳יינען פשוט׳ע, אבער וויפל-זאגנדע גאסן-בילדער פון דער עכט מענטשליכער הארציקער אויפנאמע פון מלחמה-קרבנות מצד א יידישע שטאט אין „טיל", סצענעס וועלכע האבן זיך איבערגע׳חזר׳ט אין יענע טעג און יארן אין דער לייגג און אין דער ברייט פון דער „טשערטא-אסעדלאסטי".

און דאָס זעלבע אויף מאָרגן, און דאָס זעלבע אויף איבערמאָרגן, אין משך פון איניקע טעג זיינען אָנגעפּראָפּט געוואָרן מיט קראַנקע די קאַזאַרמעס־לאַזאַרעטן און די אַלע אַנדערע אויף גיך איינגעריכטעטע שפּיטעלער. און יעדעס מאָל קומט צום אויסדרוק די זעלבע גרייטקייט פון שטאָט מיט עפּעס צו דינען, צו לינדערן די ווייטאָקן פון די אָנגעקומענע.

איינמאָל ווערט די שטאָט אַלאַרמירט אויך אין מיטן נאַכט: אין דער געדיכטער פינסטערקייט פון אַ הערבסט־נאַכט, זיינען מענטשן אויפגעציטערט געוואָרן פון שריפה־אַלאַרמען, מורא'דיק האָבן געגרופן די „פּזשאַרנע טרובעס" און געטריבן מענטשן פון די בעטן אַרויס. אַ קאַלטער ווינט און אַ נודנע־קאַפּנדער רעגנדל האָט זיי אויפגענומען אין דער באַנעצטער פינסטערניש. און ביים ליכט פון שטורקאַצן האָט דער אַלאַרמירטער עולם פרייוויליקע אַראָפּגעפירט פון אַ אָנגעקומענעם צוג אַ פּאַרטיע גוסס'דיקע זעלנער. די נישט־אויסגעשלאָפענע יונגעלייט האָבן מאָדנע טיף און גרויזאַם פאַרנומען ביים שיין פון רויכערנדע פאַקעלן די גרויל'דיקע קרעכצן, וועלכע זיינען געקומען אַזוי ווי פון ניט דאָ־זיין.

## די גזירה פון עפענען שבת די קראָמען

מ'טן פול ווערן פון די לאַזאַרעטן, האָט זיך די באַוועגונג אין שטאָט נאָך בולט'ער פאַרגרעסערט, די לאַזאַרעטן האָבן פיל פאַרברויכט. די שפּייז־הויז קראָמען האָבן געליפערט מאַסנווייז סחורות אין די קאַזאַרמעס אַריין, און אויך אין אַנדערע בראַנזשעס האָט זיך גערודערט מיט מיליטערישע קונים. פאַר די איינקויפנדע דאָקטוירים, סאַניטאַרן, שפּיטאַל־אינטענדאַנטן זיינען געוואָרן צו קנאַפּ די פינף האַנדלס־טעג אין וואָך און די עטליכע זונטיקדיקע שעה'ן פון אָפענעם האַנדל. די לאַזאַרעטן טאָרן קיין איין טאָג נישט בלייבן אָן די נויטיקע סחורות, און דאָ, מיטן אָנקומען פון די אַלץ קירצערע טעג פון שפּעטן הערבסט, ווערן די קראָמען פאַרמאַכט פרייטיק בייטאָג, אום ווידער צו געעפנט ווערן ערשט זונטיק 1 נאָכמיטאָג. לויפן טאַקע אַרום אין די שבת'דיקע טעג די פאַרסאָפּעטע שליחים פון די לאַזאַרעטן און זוכן די פּריוואַט־אַדרעסן פון די קרעמער, אפשר וועלן זיי פאַרקויפן אום שבת... איז דאָס אַ תכלית? און די יידן זאָגן אָפּ, זיי ווילן נישט שטערן די רוה פון הייליקן טאָג...

איז אַרויס אַ שטרייגער באַפעל פון גאַרניזאָן־קאָמאַנדנאַט: עפענען אום שבת צו איין קראָם פון יעדער בראַנזשע! — קורץ און שאַרף.

אַ טומל אין די רעליגיעזע קרייזן, אינטערווענצן, דעלעגאַציעס... עס העלפט קיין זאַך ניט, אום אַראָפּצונעמען די מערקווירדיקע גזירה. מוז מען פאָלגן, און מ'געפינט אַ זכות: פּיקוח־נפש... ווערן צונויפגערופן די סוחרים פון יעדער בראַנזשע און עס ווערט באַשלאָסן, יעדער איינער, לויט דער ריי זאָל האַלטן אָפן אַ שבת די קראָם.

צום ערשטן „שבת פון אָפענע קראָמען" האָט גאַנץ שטאָט זיך אַרויסגעלאָזט צום „ראַד" זען דעם בייז־וווּנדער פון איינצעלנע אָפענע קראָמען.

דער „ראַד" איז ווי יעדן שבת פאַרקלאַפּט און פאַרמאַכט; די קראָמען קעגנאיבער און אויף „ניעוווסקי" — דאָסזעלבע; די שטאָט האָט דעם אידילישן אויסזען פון שבת'דיקן טאָג, — און אויפן פאָן פון שוואַרץ־פאַרמאַכטע טירן מיט די שטאַבעס און שווערע שלעסער אויף די קראָם — לעכער, זיינען אַזוי — ווי אַריסראָפּנדיק צופראַלט דאָ דאָרט די טירן פון אַ „באַקאַליישטשיק", פון אַ „גאַלאַנטעריסט", פון אַ מאַנופאַקטור־קרעמער... און דאָס איז לעגאַל, מיטן הסכם פון קהל, בפני כל עם ועדה... שפּאַרן זיך נייגעריקע נעבן די טירן און קוקן־אַריין אינעווייניק, ווו „מען שטייט אויף די קעפּ" און עס סטייען ניט קיין הענט צו ערליידיקן אַלע קונים, — אין סאַמע מיטן שבת!

ס'איז אַ בילד, וועלכע דאָס יידישע סלאָנים האָט געוויס קיינמאָל ביז איצט אין זיין יאָרהונדערטער־לאַנגע געשיכטע נישט אָנגעזען!

און אַזוי פון שבת צו שבת, אין משך פון גאַנצן ווינטער, כל־זמן עס זיינען דאָ די פעלד־לאַזאַרעטן מיט די אַלץ נייע אָנקומענדע פּאַרטיעס פאַרוווּנדעטע.

## פון די קאַזאַרמעס צו די מאַגילקעס

עס האָט זיך געשטעלט דער ווינטער, 1915, די שטאַב־באַריכטן דערציילן וועגן מורא'דיקע שלאַכטן ביי דער בזוראַ און לײנג אויס דעם פראָנט אין גאַליציען. אין סלאָנים גייען דערווייל רוהיקע וואָכן און מאָנאַטן. דער פראָנט איז נאָך גאַנץ ווייט. נאָר די צוגן מיט פאַרוווּנדעטע, וואָס קומען אָן כסדר, וואַרפן יעדעס מאָל אַ שטיקל פחד אויף דער באַפעלקערונג, ווען מ'זעט פאַר זיך בעשיינפערליך די גרוילן פון שלאַכט־פעלד. די פּאַרטיעס פאַרוווּנדעטע זיינען געוואָרן אין שטאָט אַ מין באָראָמעטער פון די שלאַכטן; נאָך אַ שטיקל פעריאָד פון העפטיקע קאַמפן, ווערט געקירעוועט פון פראָנט צום „טיל" אין די לאַזאַרעטן דער שטראָם פון די צו'מזיק'טע סאָלדאַטן; ווערט עס במילא קענטיק אויך אין סלאָנים, וועלכע איז געוואָרן אַ וויכטיקער פונקט פון הינטער פראָנט געביט. נאָר מ'געוווינט זיך צו אַלץ צו און די לאַנגע שורות „נאָסילקעס" מיט קראַנקע לײנג־אויס די גאַסן זיינען געוואָרן ביסלעכווייז אַ וואָכעדיק געשעעניש. מען האָט זיך געפרעגט: ווי נעמען דאָס די היגע לאַזאַרעטן אַריין אַזוי פיל מענטשן, אַזוי פיל שווערע חולאים? —

אין צענטער שטאָט האָט מען גאַרניט באַמערקט, אַז גלייכצייטיק מיט די בלוטיקע קאַראַוואַנען, וועלכע ציען זיך אַזוי אָפּט פון זאַמאָשטשע איבער דער שטאָט צו די קאַזאַרמעס און וועלכע ברײנגען אַריין אַזוי פיל אומגליקליכע מענטשן אין שטאָט אַריין, קומען פאַר דאָ דאַנעבן אַנדערע טרויעריקע צוגן, דורך וועלכע עס פליסט אָפּ כסדר די צוהרגט'ע מענטשן פלייש: אין די קאַזאַרמעס־שפּיטאָלן זיינען געלעגן צווישן אַנדערע, הונדערטער האָפענונגסלאָז־פאַרוווּנדעטע, די קרבנות וועלכע פלעגן יעדן טאָג אָנפילן די מתים־שטיבלאַך האָבן געמאַכט זייער לעצטן עלנטן וועג פון די קאַזאַרמעס צו די „מאַגילקעס", צום ספּעציעלן פּלאַץ וואָס ס'איז רעזערווירט געוואָרן פאַר די מלחמה קרבנות אויפן קריסטליכן בית־עולם

באַרג־אַרויף האַרט ביי ריזשנאַיער־גאַס. דאָס פעלד איז פאַר־צאַמט געוואָרן און איינוויינער פון די לעצטע הייזער אַרויף ריזשנאַיער־גאַס האָבן דערהערט פון דאָרט דאָס קלאַפּן פון רידלען... כדי פאַרקירצן דעם וועג און, נאָכמער, כדי אויס־מיידן דאָס דורכפירן די געפאַלענע איבער דער שטאָט, איז פאַר די טרויער־צוגן באַשטימט געוואָרן דער הינטער־שטאָ־טישער שאָסיי, וואָס פירט פון די קאַזאַרמעס צו ריזשנאַיער־גאַס, פאַרביי די ציגעלניע און וועלכער גייט באַרג־אַרויף.

דאָ אויף דעם וועג האָבן די איינוויינער פון „שטשענקע" און אַנדערע נאָענטע געסלאַך, וואָס גייען אַרויס אויף „סקראַ־באָווע" געזען טאָג־טעגליך דאָס אַנגסטליכע בילד פון שטיל רירנדע לוויות. אייניקע סאָלדאַטן מיט ביקסן רינגלען אַרום די ווייסע הילצערנע ארונות, וועלכע ווערן געפירט אויף פשוט'ע וועגענער; דער פעלד־גלח זאָגט שטילערהייד די תפילה, און די טרויעריקע פּראָצעסיע ציט, ציט לאַנגזאַם מיט עניוות אַרויף, אַרויף...

ווערן צענדליקער לוויות דורכגעפירט טאָג־טעגליך דורכן שטילן שאָסיי, קעגנאיבער „נאָוויצקעס" וועלדל. אין שטאָט נישט מען זעט, נישט מען הערט פון זיי, נאָר אויפן רעזער־ווירטן באַרג־אַראָפּיקן פעלד, — וואַקסן הילצערנע צלמים, איינפאַכע דאָרפישע אויף גיך צונויפגעקלאַפּטע, אַ גאַנצער וועלדל פון צלמים האָט דאָ אויפגעבליט במשך פון גאָר אַ קורצער צייט, האַרט נעבן שטאָט און קומט ווען אַ שטאָטישער אין דעם ווינקל, — ענטפּלעקט זיך פאַר אים אונערוואַרטעט אַ נייער בית־עולם אַ יינגלינג נעבן דעם אַלטן קריסטליכן...

אין די לאַזאַרעטן ווערן טעגליך אַזוי באַפרייט בעטלאַך, זיי נעמען תיכּף אויף פרישע קרבנות, וועמען ס'ערוואַרט שוין דער זעלבער טרויער־וועג איבערן שאָסיי צום צלמים־פעלד.

קומען און קומען אַלץ נייע פּאַרטיעס פאַרוווּנדעטע און די שורות מיט די צלמים ווערן אַלץ געדיכטער און געדיכ־טער...

## די גובערניע פאַרט אריין צייטווייליק אין סלאָנים

אין אַ פּראַסטיקן פרימאָרגן דערגייט אַ ידיעה, אַז גראָדנע עוואַקואירט זיך, און אַז די גראָדנער גובערניאַלע אַמטן קלייבן זיך אַריבער קיין סלאָנים. ווערט דאָך אַ טומל און אַ געלויף. איז דאָך מסתמא, שלעכט, אַז די גובערניע קלייבט זיך אַרויס פון גראָדנאָ. וואָרט מען אָפּ און מען זוכט אין די שטאַב־באַריכטן. יאָ, ס'איז פאַראַן אַ גרונט זיך צו בעאונרוהיקן; גרויסע שלאַכטן אין אויגוסטאָוואָר־סוּוואַלקער געגנט. זינט „פּאַניע" האָט ביי די מאַזורער אַזיערעס באַקומען דעם אמת'ן קלאַפּ פון הינדענבורגן, רוקט זיך אַלץ דער פראָנט אויף צוריק... און גראָדנע איז, ווייזט אויס, אין גרויס אומזיכער־הייט. די סאַמע ערשטע פּליטים, פון גראָדנער און סוּוואַלקער סביבה זיינען אין סלאָנים אַראָפּגעקומען צו זייערע היגע קרובים נאָך מיט אַ פּאָר מאָנאַטן צוריק, און דאַן האָט גלייך דער קליינער שטראָם פון איינצלנע אַנטלאָפענע זיך אָפּגע־שטעלט. נאָר אָט האָבן איצט ווידער אָנגעהויבן קומען גרע־סערע גרופּעס פּליטים פון גראָדנער קאַנט. יידישע פאַמיליעס פון שטעטלאַך פון הינטערן פראָנט אַנטלויפן אין פּאַניק פון פייער, זוכן זיי אויס די קרובים, משפּחה אין די „טיל"־שטעט און צווישן זיי אויך סלאָנים, און באַזעצן זיך עד יעבור זעם. עס קומען אויך גרופּעס אַנטלאָפענע נישט צו קרובים, מען דינגט וואָנונגען, מ'ווינט אין ענגשאַפט. ווערט אין שטאָט אין די סאַמע ווינטער־מאָנאַטן אַ מאַנגל אויף דירות, מ'גיט אַרויס צימערן, מ'שפּאַרט זיך צונויף. אַ ברירה האָט מען? — און די קלאַנגען וועגן דער גראָדנער אָפיציעלער עוואַקואַציע פאַרשטאַרקן זיך. ווו וועט מען זיך דאָ אַהינטאָן? און וואָס בעדייט אַזאַ עוואַקואַציע? איז טאַקע סלאָנים אויסער געפאַר? ביי אָט דער באַגרענעצטער שטרעקע גראָדנע־סלאָנים? —

און אָט דערוויסט מען זיך, אַז דער „איספּראַווניק" מאַכט גרייט זיין וואָנונג פאַר'ן גובערנאַטאָר אַליין!

און בינו לבינו, דערזעט מען מיט אַמאָל אַ פּנים חדשות: „טשינאָווניקעס" פון די גובערניע אַמטן, וועלכע פאָרן בהדרגה'דיק אַראָפּ אַהער. די אַלע „גובערנסקע־אופּראַווליע־ניעס" ווערן מיט גרויס מאַטערניש לאָקירט אין שטאָט גופא, נישט אין די קאַזאַרמעס, וועלכע זיינען פאַרנומען בלויז מיט פאַרוווּנדעטע איז געוואָרן ענג אין אַלע זייטיקע גאַסן, נישט אויסצוהאַלטן. יעדע אָפּגעשטאַנענע הינטער־וואָנונג ווערט באַזעצט. דער גראָדנער גובערנאַטאָר שעבעקאָ איז שוין אויך דאָ, און מ'גיט איבער, אַז כמעט די גאַנצע גובערניאַלע גראָדנע (אַ חוץ די אָרטיקע מאַכט) געפינט זיך אין סלאָנים. דער גראָדנער קרייז־געריכט מיט די פּראָקוראָרן, ריכטער און גאַנצן פּערסאָנאַל, און מיט זיי אויך פיל גראָדנער אַדוואָ־קאַטן; די „גובערנסקע־קאַנצעלאַריע"; זאַגאַר דירעקציעס פון גראָדנער מיטל־שולן, — אַלץ האָט זיך במשך פון געציילטע טעג אַריבערגעפּעקלט אַהער. אַזאַ בהלה פון אָפיציעלע אַמטן האָט געמוזט דינען אַלס ביישפּיל פאַר דער גראָדנער ציווילער באַפעלקערונג. האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אמת'ע לויפע־ניש פון דאָרט פון יחידים און גאַנצע אינסטיטוציעס. איז אַראָפּגעקומען אַהער אויך די גראָדנער יידישע „באָגאָדעלניע" מיט האַק און פּאַק. מיט אַלע אירע אַלטיטשקע פּענסיאָנערן, מיטן פאַרוואַלטער, דעם גראָדנער יידישן עסקן ה' יאַנאָווסקי, מ'קען דאָך נישט איבערלאָזן קיין זקנים אין אַ שטאָט וואָס איז אויסגעשטעלט אויף פורעניות... קוים וואָס דער גראָדנער אַנשטאַלט געפינט נאָך דאָ אַ מקום־מנוחה.

האָט געהאַט סלאָנים אין יענע וואָכן אַ אומגעוויינליכן אויסזען. דער מלחמה פיבער האָט דורך די פּליטים־מאַסן און פאַרוווּנדעטע נאָך מער אָנגעשטעקט די שטאָט, וועלכע האָט באַקומען אַלץ אַ בולט'ערן אויסדרוק פון ספּעציפישן „טיל"־טומל. דער פראָנט אונטער גראָדנע האָט זיך געלאָזט פילן... אין די גאַסן האָט געטומלט מיט די פרעמדע. די שליטלאַך לויפן הין און צוריק איבער די בריקן און פילן אָן מיט אַ געקלאַנג די פראָסטיקע לופט. גראָדנער „טשינאָווניקעס" מישן זיך צונויף אויף „ניעווסקי" מיט פאַרבאַנדאַזשירטע סאָלדאַטן, וועלכע געפינען זיך שוין אין צושטאַנד פון געזונט ווערן. און אין גאַסן־לעבן, פאַרשפּרייטנדיק שרעק און איבעראַשונג, רייסן זיך אין דעם אַריין די „פּאָזשאַרנע" סיגנאַלן, וועלכע זאָגן אָן דעם אָנקום פון אַ סאַניטאַרן־צוג מיט אַ נייע פּאַרטיע פאַרוווּנדעטע...

האט אזוי סלאנים געדינט אלס גובערניע־שטאט במשך פון אפאר וואכן, ביז די „געשעפטן" אויפן פראנט האבן זיך פארבעסערט אויף אזוי פיל, אז גראדנע איז געווארן אויסער געפאר און דער גובערנאטאר מיט דער גאנצער „גובערניע" האבן געמאכט „השיבנו נאזאד" אין זייער רעזידענץ אריין.

## פליטים פון די פראנט געביטן

עס גייען חדשים פון סטאטוס־קוואָ אויפן פראנט. פון גאליציען ביז קורלאנד דויערן די שלאכטן, וועלכע טראגן אבער קיין ראדיקאלע שינויים נישט אריין, גייען אריבער די לעצטע ווינטער־חדשים אין סלאנים אויך אן איבעריקע „נייעס". בלויז פארטיעס פארוואונדעטע קומען אן, פילן אן די פוסט געווארענע ערטער אין די לאזארעטן, ווו ס'ערווארט שוין יעדערן זיין גורל, זיין וועג: אדער, — נאך א שנעלן געזונט־ווערן, — צוריק צום פראנט, אדער א ווייטערע וועג ערגעץ אין א שפיטאל אין טיף רוסלאנד; אדער — דער לעצטער, לעצטער וועג צום נייעם בית־עולם־טייל וואס אויף ריזשנאיער־גאס, הארט ביים שטאט.

עס פארן אויך דורך פון צייט צו צייט מיטן באן פרישע מיליטער־טיילן, וואס זיינען געווען ביז איצט אין רעזערוו, אדער וואס זיינען נאר וואס מאביליזירט געווארן.

די היימלאזע פון גראדנע, סוואלק און אנדערע ערטער, וועלכע האבן זיך באזעצט אין שטאט, ארדנען זיך צוביסלאך איין אין זייער גלות. עס קומען זיי צו הילף קרובים, באקאנטע. עס קומט אויך צו הילף די שטאט. ספעציעלע געלט־זאמלונגען, „וואכערס" ווערן געקליבן לטובת די היימלאזע ניצרכים, און שטאט גיט ביד רחבה. די גראדנער „באגאדעלניע" און „שוקדי־מלאכה", די אנשטאלטן, וועלכע זיינען אין דער גראדנער בהלה, אנגעקומען אהער, טוען וואס מעגלעך, כדי איבערצושטופן די טומל־צייט דא, אין שטאט. זיינען אנגעקומען אהער די גרויסע קאך־קעסלען פון גראדנער „מושב־זקנים", און ווערן דא פארפעסטיקט און איינגעארדנט אין א ספעציעלער קיך, אונטער אויפזיכט פון גראדנער עסקן ה' יאנאווסקי. וועגן צוריקקערן זיך א היים קלערט קיינער נישט, ניט נאר די, וועלכע זיינען געקומען פון ערטער הארט ביים פראנט, נאר אויך אזעלכע, וועלכע שטאמען פון זיכערע „טיל"־מקומות. מען האט מורא, און מען ווייס ניט, וואס דער טאג קען ברענגען. אגב, האט זיך די יידן העצע צוּוואקסן אין דער ליינג און אין דער ברייט פון פראנט. סובארינס „נאוואיע־ווּרעמיא" האט באקומען צוריק איר פריערדיקן חוצפיש־אנטיסעמיטישן טאן, וועלכן זי האט עטוואס נאכגעלאזן ביים אנהויב מלחמה, און האט טאג־טעגליך גערופן אלארם וועגן... יידישע שפיאנען. אט דער גיפט האט זיך פאמעליך און אומגעשטערט איינגעאימפט אין די שטאבן, פון ניקאלאיי־ניקאלאייעוויטשעס הויפט־קווארטיר ביזן קלענסטן דיוויזיע שטאב און אט האט עס פאסירט, אז אין אייניקע פונקטן, אין דער פראנט־זאנע, און זאגאר פון „טיל"־געביט האט מען לשם „זיכערהייט", דערווייטערט פון דארט די גאנצע יידישע באפעלקערונג, ארויסגעטריבן אין משך פון איין מעת־לעת די איינגעזעסענע פון יארהונדערטער יידן, אריבערגעפלאנצט זיי מיט איין אטעם אין אנ'אנדער ארט, אין די שכנותדיקע שטעטלעך. דאס האט מען געטאן בפירוש מיטן מאטיוו, כדי די „נישט־זיכערע" יידישע באפעלקערונג זאל זיך נישט קאמוניקירן מיטן שונא... אט די פאראיינצלטע פאלן פון מאסן־גירושים, האבן זיך איבערגעחזר'ט וואס עפטער מיטן אנקום פון די פרילינג־אפענסיוועס.

## יאקאבסאן איז מספיד י. ל. פרצ'ן

האט מען זיך אין סלאנים, ווי אין אנדערע יידישע שטעט, געגרייט צו קומען צו הילף די קרבנות פון די ווילקירלעכע גירושים. מ'האט ערווארט (און נישט אומזיסט), אז די גירושים קענען פארקומען מאסנוויז, און אז א תיכף'דיקע הילף קען ווערן נויטיק. אדוו. יאקאבסאן איז געווארן געזעלשאפטליך טעטיקער. ארומגערינגלט מיט א גרופע יונגווארג, האט ער געוואכט, ארגאניזירט, גערופן צו יידישער סאלידאריטעט. זיין ווארים יידיש הארץ האט געציטערט איבערן גורל פון יידישע מאסן, וועלכע האבן ליינג אויס דעם פראנט געהאט אויסצושטיין, א חוץ די אלגעמיינע צרות, אויך בילבולים און נגישות.

עס האט אין דעם געוועזענעם יידישן דעפוטאט און פאפולארן עסקן ערוואכט מיטאמאל דער לייב, דער אונערשראקענער לביא ישראל וועלכן דאס גאנצע רוסישע יידנטום האט נאך געדיינקט און באוואונדערט פון זיין שטעלונג אין „דומע" נאכן ביאליסטאקער פאגראם. דערווייל האט ער נאך געווארט, געווארט די אלץ מער לויפנדע אנקומנדע דונערן.

מיט אמאל איז זיין הארץ טיף פארוואונדעט געווארן. ס'איז צו די אנדערע טעג פסח אנגעקומען די טרויעריקע ידיעה פון ווארשע, אז י. ל. פרץ איז געשטארבן. און ער, יאקאבסאן, וועלכער האט מיט דער יידישער ליטעראטור זיך ווייניק אפגעגעבן, האט דערפילט די גרויסע אבידה פארן כלל־ישראל, וועלכע איז געקומען איצט, אין דער אזוי עלנטער און פיינפולער צייט. ער האט דערפילט, אז ס'איז פארשווונדן מער ווי א ליטעראט, מער ווי א דיינקער, אז ס'איז אוועק א גרויסער פריינד פון די יידישע מאסן, אזא וועלכן מ'האט איצט אזוי נויטיק און אום אויסצודריקן זיין צער און צו געבן א בעגריף פון דעם פארלוסט איז ער, אחרון של פסח, צו „יזכור" ארויף נעבן ארון־קודש, אין דער ציוניסטישער שול, וועלכע האט זיך נאך געהאלטן אין בויען, און איז צוליב דער מלחמה געבליבן אין א נישט פארענדיקטן צושטאנד. מיט פרץ'ס א בוך אין האנט, האט ער זיך געשטעלט, ער, דער טריבון און שטאלצער ייד, פארווארפן זיין שיינעם קאפ און אין נייעם סלאנימער געבעט־הויז האט ער מספיד געווען דעם גרויסן וועלטליכן יידישן דיכטער.

אך! דאס איז נישט געווען קיין הספד, ס'איז געווען מער ווי א הספד. זיין שטים האט מאמענטנוויז געדונערט און געהילכט, פונקט ווי אין די גרויסע „דומע"־טעג און מאמענטנוויז געציטערט און געטרייסלט זיך פון וויטאק און באדויערן. צי האט ער געפילט, אז דאס איז זיין לעצטער געזעלשאפטליכער ארויסטריט ברבים, אין זיין שטאט? ער האט מספיד געווען נישט נאר פרץ'ן, ער האט באקלאגט און באוויינט די בעפרייאונגס און גלייכבארעכטיקונג אידעאלן, מיט וועלכע

דאָס יידישע עפנטליכקייט האָט געלעבט צום אָנהויב פון דער מלחמה און וועלכע זיינען איצט, איינער נאָכ'ן אַנדערן צורונען אַזוי ווי אַ זייפן־בלאָז. ער, דער אַלטער קעמפּער און דעמאָקראַט, האָט געקלאָגט אויף די שיינע אָנפאַנג מלחמה־טרוימען, וועלכע זיינען איצט געוואָרן געטראָטן מיט די פיס... און זיינע רייד האָבן געאָטעמט מיט הייסער ליבע צו זיין פאָלק, צו זיינע אייביקע ווערטן און שאַפונגען. פרץ ז"ל האָט אין יאַקאָבסאָנס הספד באַקומען זיין אמת'ן אַל־יידישן תיקון.

און לאַנג, לאַנג נאָך פּסח ה'תרע"ה, האָט מען נאָך אין סלאָנים מיט ענטוזיאַזם גערעדט וועגן יאַקאָבסאָנס אונער־וואַרטעטן הספּד איבער פרץ'ן, וועלכער האָט אים דערהויבן אין יענעם מאָמענט צו דער מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלן מספּיד און מוכיח.

הלל איסר ינובסקי

# זכרונותי מהתחלת המלחמה והכיבוש הגרמני בסלונים

## ישיבתי בסלונים כפליט בשנים 1914—1915

יומיים אחרי פרוץ המלחמה ב־17 ביולי 1914 (לפי הספירה הרוסית שהיתה נהוגה אז), נצטוויתי על־ידי שלטונות הצבא והפלך בגרודנה לפנות את בית מושב־הזקנים היהודי בגרוד־נה, שהייתי מנהלו, כי בבית זה עומדים לשכן בית־חולים צבאי. ימים אחדים אחר־כך קיבלתי הוראה נוספת להעביר את המוסד על יושביו הזקנים לסלונים.

וכך, כעבור שבועיים מאז פרוץ המלחמה, „זכינו" להיות פליטי־חרב ראשונים שטעמו טעם גלות.

במברק לרבה של סלונים הרב ר' מרדכי'לה הודעתי על־כך וביקשתי להכין מקלט ארעי למושב־הזקנים הגרודנאי. ואכן, קיבלתי תשובה ממנו ומגבאי העיר, שיוכן לנו בנין ציבורי.

כשהגענו לתחנת־הרכבת בסלונים שלחתי שליח מיוחד אל הרב להיוודע על מקום־מנוחתם של הזקנים. הודיעו לי, ששני בניני־הישיבה, שהתרוקנו עכשיו מרוב תלמידיהם בגלל המלחמה, נקבעו למושב זקנינו.

הורדת הזקנים ארכה שעה רבה. עייפים היו, תשושי כוח ורצוצי נפש, לא היה להם כוח לרדת בעצמם, צריך היה להור־ריד אותם על כפיים, ולהושיבם בפינת המדרכה שליד בית־הנתיבות, ואחר־כך להושיבם בעגלות ששכרתי לשאת אותם ואת חפציהם.

כשהגענו סוף סוף לפנות ערב אל המקום הנועד לזקנים, מצאתי חדרים ריקים שחורי קיר וחצי אפלים. אנחה עמוקה התפרצה מליבות הזקנים. בראותם את החדרים האלה התחילו מתאוננים ומתלוננים. דיברתי על ליבם, נחמתים, רק עוד לילה אחד עליהם להתענות ללא מנוחה שלמה. מחר יסוידו החדרים, ינוקו, ומיטות אתקין להם, ואז ינוחו יגיעי כוח וימצאו מעין המנוחה השלמה והנעימה שהורגלו בה בחדרים היפים והמאירים אשר בבית הגדול והיפה ברחוב הטטרים שבגרודנה. נרגעו הזקנים, התנחמו באין ברירה.

ויהי ממחרת ואזמין סיידים לסייד את החדרים. העבודה נעשתה במרץ רב ובאמונה, ובעוד המה עושים במלאכה, שמתי פעמי אל „פני" העיר לבקש מהם עזרה ברכישת רהיטים שונים, מיטות, ספסלים, שולחנות וכדומה.

לשרותי התייצב אחד מעסקני העיר ר'שמעון־אהרן אור־לינסקי, עסקן ציבורי מצוין. הוא היה פעיל בכל מוסדות הציבור אשר בעיר וליבו הבין לכלכל דבר במשפט. הוא פנה תיכף אל מועצת העיריה, שגם הוא נימנה על חבריה, וראש העיר הרשה לו להוציא ממחסני העיר כל מיני רהיטים שמצא בהם חפץ. מובן שעלי להתחייב בכתב להחזירם במספר ובמצב טוב, בשעה שלא אצטרך עוד להם ולא אמצא בהם חפץ. מפתחות המחסנים נמסרו לר' שמעון־אהרן, באחריותו, ואנו שמנו פנינו אליהם. שם מצאנו מישכבי קרשים שנועדו בשביל הצבא, שולחנות וספסלים במספר רב מאוד. בחרתי מן הטובים והשלמים הראויים לשימוש, העמסנום על עגלות והבאנו את כל הרכוש הזה אל מושב־הזקנים ה„גרודנאי". (שם זה ניתן למוסד ביום הזה, ובשם הזה היה נודע בסלונים ובסביבה כל ימי שהותו שמה).

מצאתי את החדרים כשהם מסוידים, והמשרתות עסוקות בשיפשוף הרצפות ובניקוי שמשות החלונות, המבשלת עוסקת באחת הפינות בעריכת הארוחה והזקנים מפוזרים בחצר הגדולה, מהם יושבים על הארץ ומהם עומדים נשענים על מקלותיהם. עד מהרה סודרו מישכבי הקרשים לאורך החדרים משני צידיהם ובאמצע מעבר. ר' שמעון־אהרן נעלם פתאום. כעבור שעה קלה שב עם עגלה עמוסה תבן. חיש נמלאו השקים הריקים שלקחנום אתנו מגרודנה והמישכבים סודרו על הסדינים הלבנים ועל השמיכות, והזקנים קנו להם שביתתם, לפי השכנות או החברות בחדרים שבגרודנה. ארבעת החברים התדיריים נעשו גם כאן חברים קרובים זה לזה.

כשבוע ימים נמשכו הסידורים במקום החדש. היה צורך לסדר מטבח שיהא ראוי לשמו פחות או יותר. מחסן למכולת, מקום לכיבוס לבנים וכדומה. לאט לאט סודרו והותקנו כל הדברים הנחוצים. מובן, לא באופן הטוב, הרצוי והנוח ביותר, אולם הכל בא על מקומו, וכפי המידה שאחזתי בה במקומנו הקבוע בגרודנה. הזקנים סבלו הרבה בימים הראשונים. קשה היה להם להתרגל ולהסתגל למקומם החדש ולחיים החדשים. הסרו להם אותן הנוחיות והרווחה שהסכינו להן. רבים מהם תקפו געגועים עזים אל שאריהם וקרוביהם. בימים הראשונים נאנחו רבים, נשמעו „אוי ואבוי", אך הם התרגלו לאט לאט, השלימו עם הגורל ועם המציאות. בשבת הראשונה ביקרונו אחדים מעסקני העיר, שבאו לראות כיצד הסתדרנו.

במשך חודשי החורף של שנת תרע"ה הגיעו ממערכות

די ערשטע מאָנאַטן פון זומער 1915. אַ גרויסער טייל פון אָט די באַנען פלעגן זיך צייטווייליק אָפּשטעלן אויפ׳ן סלאָנימער וואָקזאַל. סלאָנימער יידישע יוגנט האָט זיך אָרגאַניזירט אין גרופּן, וועלכע פלעגן שטיין טאָג און נאַכט ביים וואָקזאַל מיט צוגעגרייטע שפּייז, געטראַנקען, מעדיקאַמענטן פאַר ערשטע הילף. אַלע שולן ווי אויך אָפּגעליידיקטע בנינים זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צייטווייליקע הכנסת־אורחים־הייזער פאַר פּליטים, וועלכע זיינען ערלויבט געוואָרן צייטווייליק זיך אָפּשטעלן אין שטאָט.

די לאַגע אויפ׳ן פראָנט איז געוואָרן אַלץ ערגער. סלאָנים האָט, אַ צוטומלטע און פאַרווירטע, זיך געוואָרפן פון האָפנונג צו שרעק, פון זיכערהייט צו פאַרצווייפלונג. די איינציקע זאַך וואָס האָט געמאַכט פאַרגעסן אָן דער לאַגע און באַרוהיקט די געמיטער איז געווען די גרויסע שפע פון פרנסה אין שטאָט.

אין די לעצטע טעג פון אויגוסט איז די לאַגע געוואָרן נאָך ערנסטער. אַ דייטשישער אַעראָפּלאַן איז געפלויגן איבער דער שטאָט און אַראָפּגעוואָרפן אַ באָמבע נעבן וואָקזאַל. די רעגירונגס־באַנק האָט זיך פאַרמאַכט, ווי אויך די היגע אָפּטיילונג פון דער רוסיש־פראַנצויזישער באַנק. די שטאָט האָט זיך ווי איינגעקאָרטשעט. שרעק און זאָרג הענגען אין דער לופטן, שרעק פאַר פּאָגראָמען פון די לעצטע רוסישע טרופּן און זאָרג צוליב׳ן דייטש׳ס אַריינקומען.

אין שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן אַ בירגער־קאָמיטעט מיט דער באַטייליקונג פון יידן און קריסטן. (איך בין געווען אַ מיטגליד פון דער יידישער רעפּרעזענטאַנץ אין קאָמיטעט). ס׳איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ בירגער־מיליץ, וועלכע איז צושטעלט געוואָרן אויף אַלע גאַסן מיט די נויטיקע אינסטרוקציעס.

אין לעצטן טאָג פון „פּאָניעס" אַוועקגיין פון שטאָט, וואָס איז אויסגעפאַלן דעם 31־טן אויגוסט, איז מיר אויסגעקומען אַלס מיטגליד פון קאָמיטעט, צו זיין אַנ׳עדות און איבערלעבן אַ זעלטענעם עפּיזאָד וועגן וועלכן, נעמליך, איך דערצייל דאָ.

אינדערפרי איז ר׳ אברהם־משה דער שטאָט־שמש געקומען צו מיר און מיט אַ ציטערדיקן קול געזאָגט, אַז דער רב (ר׳ מרדכי׳לע זצ"ל) בעט, אַז איך זאָל גלייך אַריבערקומען צו אים. עפּעס אַ מיליטער־מאַן זיצט ביי אים אין הויז און וויל זען דעם קאָמיטעט. איך בין גלייך אַוועק צום רב.

אַריינקומנדיק צום רב אין הויז, האָב איך דערזען דעם רב שטייענדיק אין מיט׳ן צימער אַ פאַרלאָרענער, און אַ מיליטער־מאַן זיצנדיק ביים טיש און שפּילנדיק זיך מיט אַ „כליסט" (אַ מין געפלאָכטענער רימענער בייטש׳ל). דער רב האָט מיך פאָרגעשטעלט מיט די ווערטער: „קאָמיטעט, קאָמיטעט". איך האָב באַגריסט דעם מיליטער־מאַן מיט אַ נויג מיט׳ן קאָפּ און געוואַרט וואָס ער וועט זאָגן.

— זעצט זיך, יונגערמאַן, — האָט ער געזאָגט, — איך בין געקומען צו אייך וועגן זייער אַנ׳ערנסטן ענין. דאָס איז אַ פראַגע וועגן אייער אַלעמענס לעבן. זענט איר אַ מטיגליד פון דעם יידישן קאָמיטעט?

— איך בין אַ מיטגליד פון דעם אַלגעמיינעם שטאָטישן בירגער־קאָמיטעט, אין וועלכן די גאַנצע באַפעלקערונג איז פאַרטראָטן, — האָב איך אים געענטפערט.

אַ קוים באַמערקבאַרער שמייכל האָט זיך באַוויזן אין די ווינקלען פון זיין מויל און גלייך פאַרשוווּנדן אין די דיקע וואָנצעס אַריין.

— „נו, גוט, — האָט ער געענטפערט, — זאָל זיין פון דעם אַלגעמיינעם קאָמיטעט. איך בין אַ מיטגליד פון שטאַב, וואָס פירט אָן מיט די מיליטערישע אָפּעראַציעס אין דעם ראַיאָן, און דער שעף פון דער אַרטילעריע־אָפּטיילונג. אונדזערע כוחות האָבן שוין פאַרלאָזן די שטאָט און געפינען זיך אויף דער צווייטער זייט פון טייך שטשאַראַ, אין דער פאַרשטאָט זאַמאָשטשע. מאָרגן אין אָט דער צייט וועט שוין דאָ ניט זיין קיין איין רוסישער סאָלדאַט. די דייטשן קענט איר דערוואַרטן מאָרגן, פאַרנאַכט. עס וועט, וואַרשיינליך, נעמען 3—4 טעג ביז די לאַגע פון אייער שטאָט וועט קלאָר ווערן. אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט פאָרקומען אַ שטאַרקע קאַנאָנאַדע צווישן אונדזער אַרמיי און דער דייטשישער. ס׳שטייט אין געפאַר אייער שטאָט אינגאַנצן אָפּגעווישט צו ווערן. איך האָב אַ וועג ווי אַזוי צו ראַטעווען, אויב ניט די שטאָט, איז ווייניקסטנס אייער אַלעמענס לעבן." —

די גאַנצע צייט וואָס ער האָט גערעדט, האָט ער זיך געשפּילט מיט זיין בייטשל. ניט־ווילנדיק האָבן מיינע אויגן נאָכגעפאָלגט דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט און די באַוועגונגען פון דעם בייטשל. אַפילו ערשט, שרייבנדיק די שורות, פיל איך נאָך די דעמאָלס׳דיקע אומרוהיקייט, די אינערלעכע צורודערונג, וואָס אָט די שפּילעוודיקע באַוועגונג האָט דאַן אַרויסגערופן ביי מיר.

נאָך אַ מינוט שווייגן האָט ער, אַריינקוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן, צוגעגעבן: „איך בין געקומען צו אייך ווי אַ געשעפטסמאַן: איך וויל אייך פאַרקויפן זיכערהייט פון לעבן און איר וועט מיר דאַרפן גוט באַצאָלן דערפאַר". (דער מחבר דערמאָנט נישט די גרויס פון דער סומע וואָס דער מיליטער־מאַן האָט פאַרלאַנגט, אָבער ה. א. יאַנאָווסקי, וועמנס זכרונות ווערן דאָ אויך פאַרעפנטליכט, דערמאָנט זיך אַז ער האָט פאַרלאַנגט 10 טויזנט רובל. — רעדאַקציע). איידער איך האָב נאָך געהאַט צייט אַרויסריידן אַ וואָרט, האָט ער, מיט אַ האַלבן שמייכל אויף די ליפּן, צוגעגעבן:

— „איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז אויב אייך אָדער אימיצן אַנדערש וועט איינפאַלן אַ געדאַנק זיך צו קלאָגן אויף מיר ביים קאָרפּוס־גענעראַל, וועט דער איינציקער רעזולטאַט זיין אַ פולשטענדיקער חורבן פון דער גאַנצער שטאָט און דער באַפעלקערונג". —

מיט אַ רוהיקן, ערנסטן טאָן האָב איך זיך געווענדעט צו אים:

— איך וויל אייך דערקלערן, אַז מיר אַלע אין קאָמיטעט זיינען ערפאַרענע מענטשן, ניט קיין היץ־קעפּ. מיר פאַרשטייען זייער גוט אונדזער לאַגע. איך קען אייך זאָגן פאָרויס, אַז דער קאָמיטעט, ווי אויך די גאַנצע באַפעלקערונג, קענען נאָר האָבן די וואַרעמסטע געפילן פון דאַנקבאַרקייט צו אייך פאַר אייער אמת־מענטשלעכער באַציהונג צו אונדז. וואָס אָנבעלאַנגט אייער פאָרשלאַג, קען איך, ווי איר פאַרשטייט אַליין, גאָרניט טאָן אַלס אַנ׳איינצעלנער מיטגליד. מיר דאַרפן צונויפרופן אַנ׳עקסטרע זיצונג, ווייניקסטנס פון אַ טייל מיטגלידער. עס איז זייער געוווּנשן, אַז נאָך היינט נאָכמיטאָג זאָלן מיר זיך ווידער טרעפן דאָ, ווו באַפולמעכטיקטע פון קאָמיטעט וועלן

מיט אייך צוזאַמען באַהאַנדלען די פראַגע. —

גוט, — האָט ער געזאָגט, — דריי אַזייגער נאָכמיטאָג! — און גלייך דערנאָך האָט ער פאַרלאָזט דאָס הויז.

אין אַ האַלבע שעה אַרום זיינען מיר, 7—8 מענטשן, שוין געזעסן אין רב׳ס הויז. די שטימונג איז געווען אַ שווערע, די מיינונגען פאַרשיידן. נאָך אַ קורצן ערנסטן ישוב־הדעת האָבן מיר באַשלאָסן צו באַשטימען 3 פּערזאָן אָן קיינע אינסטרוקציע. אין פאַרלויף פון שמועס מיט׳ן פאַלקאָוניק וועלן זיי אַליין אויסגעפינען דעם בעסטן וועג ווי צו האַנדלען. באַשטימט זיינען געוואָרן: גראַדזענסקי דער אַפּטייקער, מאָטל זאַקין און איך.

עס האָט ניט גענומען לאַנג און דער פאַלקאָוניק איז געקומען. די ערשטע זאַך וואָס איך האָב באַמערקט איז געווען, אַז ער האָט ניט מיטגעבראַכט מיט זיך זיין בייטשל. אַ געפיל פון דערלייכטערונג און באַרויקונג האָט מיך באַהערשט.

מיר האָבן דאָ געשילדערט פאַר׳ן פאַלקאָוניק די לאַגע אין שטאָט. מיר האָבן דערמאָנט די פאַמיליעס, וועמענס שפּייזערס זיינען מאָביליזירט געוואָרן; די פּליכטלינגען, וואָס זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן צו אונדז אָן קיין שום מיטלען צום לעבן; די עפּידעמיעס וואָס הערשן אין שטאָט און וואָס עס שטייט אונדז פאָר אין דער צוקונפט. דאַן, — האָבן מיר צוגעגעבן, — אויב דער פאַלקאָוניק האָט אַ וועג צו ראַטעווען אונדזערע לעבנס און צו שאַנעווען די שטאָט פון פאַרניכטונג, וועלן מיר זיך אָנשטריינגען ביז צום העכסטן גראַד כדי צו באַפרידיקן אים. מיר האָבן אָבער אונטערגעשטראָכן, אַז ביי אונדזער בעסטן ווילן וועט עס זיין ווייט פון אַ באַדייטנדער סומע, ווייל אַלע רייכע פאַמיליעס זיינען שוין אַוועק פון שטאָט. מיר האָבן אויסגעדריקט אונדזער האָפענונג, אַז ער וועט האָבן מיטלייד מיט אונדז אין אונדזער שווערער לאַגע.

די גאַנצע צייט איז דער פאַלקאָוניק געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען. אַ קורצע ווײַלע זיינען מיר אַלע געזעסן שווייגענדיק. דער רב האָט נאָר אייניקע מאָל זיך אויפגעשטעלט נערוועז און צוריק זיך אַנידערגעזעצט. דאַן האָט דער פאַלקאָוניק זיך געווענדעט צו אונדז. גערעדט האָט ער שטיל, לאַנגזאַם, ניט קוקנדיק אויף קיינעם.

— "געוויס, — האָט ער געזאָגט, — איז אייער לאַגע זייער אַ שווערע. די צייט איז קורץ. צוויי אַרמייען רינגלען אַרום די שטאָט. איך קען אָבער אַביסל פאַרמינערן די געפאַר מיט דעם וואָס איך וועל אייך אָנווייזן, וועלכע טיילן פון שטאָט וועלן אַמעינסטן באַשאָסן ווערן. זאָלן זיך די איינוווינער פון אָט די טיילן אַריבערציהען אין די ווייניקער געפערליכע גאַסן. קיין געלט פאַרלאַנג איך ניט היינט פון אייך. נאָר אויב איך וועל אַרויס אַ לעבעדיקער פון דער מלחמה, און אויך איר און אייער שטאָט וועלן אַרויס אומבאַשעדיקט, וועל איך אייך באַזוכן נאָך דער מלחמה און דעמאָלט וועט איר מיך באַפרידיקן. דערווייל וועל איך זיך באַגנוגענען דערמיט וואָס אייער רב וועט מיר געבן זיין צוזאָג." —

מיר האָבן דערקלערט דעם רב אַלץ וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און וואָס דער פאַלקאָוניק פאַרלאַנגט פון אים. ר׳ מרדכי׳לעס פּנים האָט אויפגעלויכטן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעגליכן זיין איינגעבויגענעם קערפּער, און שטייענדיק אַזוי ווי אַ גרייז־גרויער פּאַטריאַרך, מיט זיין שניי־ווייסער באָרד און די טיפע, שוואַרצע, שאַרף־דורכדרינגענדע אויגן, האָט ער אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט און פייערלעך געזאָגט:

— "איך, רב און מרא דאתרא פון סלאָנים, גיב מיין וואָרט און צוזאָג אין מיין אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פון אונדזער עדה, צום אדון פאַלקאָוניק, אַז נאָכדעם ווי מיר אַלע וועלן בשלום אריבערקומען די מלחמה, וועלן מיר עס פילן ווי אונדזער חוב צו פאַרגיטיקן דעם אדון פאַלקאָוניק פאַר זיין גוט הארץ צו אונדז"... —

אַ לאַנגע, שטילע און אָנגעשטריינגטע רגע האָט זיך געצויגן. פּלוצלינג האָט דער פאַלקאָוניק זיך אויפגעהויבן פון אָרט, מיט פעסטע טריט צוגעגאַנגען צום רב, אָנגענומען זיינע ביידע הענט און מיט אַ בקשה׳דיקן קול אַרויסגערעדט: "ראַבין, בלאַגאָסלאַווי מעניאַ אי מאָיו סעמיו" (רבי, בענטשט מיך און מיין פאַמיליע). און אַ הויכער, ברייט־פּלייציקער רוסישער פאַלקאָוניק האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני פאַר׳ן רב. מיט די הענט פאַרלייגט אויפן האַרצן ,דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן, האָט זיין גרויסער קערפּער ווי איינגעשרומפּן און קלענער געוואָרן, און אינגאַנצן האָט ער אויסגעזען ווי אַ דערשלאָגענער, עלנטער מענטש.

אינסטינקטיוו האָבן מיר זיך אַלע אויפגעשטעלט. אַלע גרענעצן צווישן אונדז און אָט דעם מיליטער־מאַן זיינען ווי אָפּגעווישט געוואָרן. מיר האָבן דערפילט אין אים איינעם פון "אונדזערע", מיט די זעלבע נשמה־אַנגסטן, וועלכער זוכט הילף פאַר זיך און זיינע נאָענטסטע. אויך דער רב האָט זיך פאַר אַ מינוט פאַרלאָרן. ער האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט, און האַלטנדיק זיינע הענט צעשפּרייט איבער׳ן פאַלקאָוניק׳ס קאָפּ און מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט ער שטיל געפּליסטערט ווערטער פון געבעט און טרייסט, וואָס האָבן קוים דערגרייכט צו אונדזערע אויערן. אייניקע מינוט זיינען מיר אַלע געשטאַנען ווי פאַרגליווערטע, פאַראייניקט מיטן זעלבן געפיל פון מענטשליכער נאָענטקייט.

ווען מיר זיינען שוין אַלע צוריק געזעסן אַרום טיש, האָט דער פאַלקאָוניק, מיט אַן׳אויסגעלייטערטן געזיכט און אַ רוהיקן קול געזאָגט צו אונדז:

— "איך באַפריי אייער רב פון זיין צוזאָג. איך וויל ניט קיין געלט פון אייך. איך זאָג אייך אָבער צו, אַז איך וועל אויסנוצן אַלע מעגליכקייטן און מיין גאַנצן איינפלוס צו ראַטעווען אייערע לעבנס און צו שאַנעווען אייער שטאָט". —

איצט, ווען איך דערמאָן מיך, אַז פון דער שרעקליכער באַמבאַרדירונג, וואָס האָט אָנגעהאַלטן דריי מעת־לעת און איין נאַכט, האָבן מיר, פאַרהעלטעניסמעסיק, ווייניק געליטן אין מענטשליכע קרבנות און צעשעדיקטע הייזער, ווילט זיך מיר פרעגן: ווו ביזטו, רוסישער פאַלקאָוניק, אַ דערצויגענער אין אַן אַנטיסעמיטישער אַטמאָספערע און אונטערן איינפלוס פון רעאַקציאָנערע מיליטער־לייט; ווו ביזטו איצט צו באַקומען פון אונדז, די שארית־הפליטה פון דער חרוב־געוואָרענער סלאָנימער קהלה, די פאַרדינטע אָנערקענונג און וואַרעמע געפילן פון דאַנקבאַרקייט פאַר דער האַרציק־מענטשליכער באַציהונג, וואָס דו האָסט אונדז אַרויסגעוויזן אין יענע שווערע טעג?!

חיים אווערבוך

# דער „רויטער מגן־דוד״ אין סלאָנים

איינער פון די ערשטע אויפטוען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „הרצליה״ אין 1918 איז געווען דאָס גרינדן די סאַניטאַר־מעדיצינישע אָרגאַניזאַציע „מגן־דוד־אדום״ („רויטער־מגן־דוד״). דאָס איז געווען דעם 5־טן אַפּריל 1918 און דער איניציאַטאָר איז געווען דער ענערגישער דאָקטער און געזעלשאַפטליכער טוער ד״ר צבי לעווין. ער איז געקומען אין טאָג־טעגליכן קאָנטאַקט מיט די פאָלקס־מאַסן, און אונטערן איינדרוק פון דעם שרעקליכן סאַניטאַרן מצב אין שטאָט און די הערשנדע קראַנקהייטן, טיפוס, טובערקלאָז און „שפּאַנקע״ (די שפּאַנישע גריפּע) — האָט ער זיך געווענדעט צו דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע „הרצליה״ און פאָרגעלייגט איר צו גרינדן דעם הילפס־פאַריין. „הרצליה״ האָט גערן אָנגענומען ד״ר לעווינס פאָרשלאַג און אַזוי איז ענטשטאַנען דער „רויטער־מגן־דוד״. אַלס פאָרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן דער דאָקטאָר לעווין, אַלס סעקרעטאַר — דער שרייבער פון די שורות, קאַסירער — גרשון בערנשטיין און אַלס חבר דוד ראַקאָוויצקי.

אויפן ערשטן קול פון דער הנהלה פון „רויטן־מגן־דוד״, האָבן זיך הונדערטער פרייוויליקע רעגיסטרירט צו הילף דער ניי־געגרינדעטער אָרגאַניזאַציע, דורכגעמאַכט קורצע קורסן פון מעדיצינישע הילף, אויסגעהערט רעפעראַטן וועגן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן.

די חברים פון ר. מ. ד. זיינען שטענדיק געשטאַנען אויף דער וואַך, זיך באַטייליקט ביי יעדער פאַרזאַמלונג, און געגעבן זייער ערשטע מעדיצינישע הילף ווען דאָס איז נויטיק געווען. די זעלבע חברים האָבן באַגלייט מיט מעדיצינישע מכשירים, אין דעם ערשטן גרויסן ל״ג בעומר־שפּאַציר, די שול־קינדער אין שאָסיינעם וואַלד אין 1918, און האָבן געגעבן הילף די שוואַכע קינדער וועלכע זיינען געווען פערמאַטערט פון לאַנגן שפּאַציר.

אין מאַי 1918 נאָך דער גרויסער שריפה אין סלאָנים וועלכע האָט אַרומגענומען פיל גאַסן: רוזשנאַייער, ברייטער־גאַס און ביידע יורדזיקעס, א. אַ., זענען הונדערטער משפחות געבליבן אָן אַ דאַך און אָן אַ פּלאַץ ווו צו לייגן די קאָפּ. נישט קיין בעט, נישט קיין טיש, נישט קיין שטול, נישט קיין בעטגעוואַנט — אַלץ איז אַוועק מיטן פייער. דערצו האָט געווירקט דער הונגער, וועלכער האָט פאַראורזאַכט פאַרשידענע קראַנקייטן.

הילפלאָז, האָט אַ גרויסער טייל פון די נישרפים זיך איבערגעקליבן אין בערנאַרדינער קלויסטער. צוליב דער ענגשאַפט און פעלן פון היגיענע, האָבן זיך פאַרשפּרייט פאַרשידענע עפּידעמיעס, וועלכע האָבן פאַראורזאַכט פיל קרבנות, איבערהויפּט פון טובערקלאָז.

דער גרויסער זאַל פונעם קלויסטער איז פאַרטיילט געוואָרן פאַר די נישרפים, אין וועלכן יעדערער האָט געקראָגן אַ קליין ווינקעלע, וועלכער האָט קוים געסטאַיעט פאַר זיין משפחה.

ד״ר לעווין פון „רויטן־מגן־דוד״ פלעגט אָפט באַזוכן די נישרפים אין בערנאַרדינער קלויסטער און פלעגט געבן מעדיצינישע הילף אומזיסט. אָבער חוץ לזה האָבן זיך די נישרפים גענויטיקט אין אַנדערע זאַכן: זיי האָט געפעלט קליידער, שיך, וועש, מילך און פלייש פאַר די קראַנקע קינדער.

די פרייוויליקע חברים זענען געווען זייער טעטיק און האָבן יעדן טאָג באַזוכט די נישרפים אין בערנאַרדינער קלויסטער און אין אַנדערע פּלעצער, ווו נישרפים האָבן זיך אויפגעהאַלטן, כדי זיך צו אָריענטירן אין וואָס די אָרעמע און קראַנקע נישרפים נויטיקן זיך.

דער „רויטער־מגן־דוד״ האָט זיך פאַרבונדן מיט אַלע דאָקטוירים פון שטאָט: ראָזענבליט, שעראַצקי, ביעלסקי, לעווין, עפּשטיין, יאָסל דער רופא, אברהמ׳ל דער געלער א. א. אויך מיט די דייטשע מיליטערישע דאָקטוירים, וועגן געבן מעדיצינישע הילף די אָרעמע און קראַנקע נישרפים.

עס איז וויכטיק צו פאַרצייכנען דעם נאָמען פון אַ פּוילישן מיליטערישן דאָקטאָר (אַ ייד) — ד״ר פּיאָנטניצקי פון לאָמזשע, וועלכער האָט זיך אין די יאָרן 1919—1920 איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו די אָרעמע און קראַנקע אין שטאָט, און צום „רויטן־מגן־דוד״.

די קראַנקע פלעגן אויך באַקומען רפואות פאַר ביליקע פּרייזן, און אין פאַל פון פעלן געלט — גענצליך אומזיסט. דער „רויטער־מגן־דוד״ האָט זיך פאַרבונדן מיט אַלע אַפּטייקן פון סלאָנים, אין וועלכע יעדער איינער האָט געקאָנט באַקומען אַלערליי רפואות מיט אַ צעטל פון „רויטן־מגן־דוד״.

מיט אַ שטיקל צייט שפּעטער האָט דער פּראָוויזאָר אָרלינסקי איינגעאָרדנט אַ קליין אַפּטייקל אין איינעם פון די צימערן פון „הרצליה״, (אין ד״ר גאָלדבערגס הויז, בריקערגאַס).

די הוצאות זיינען געווען מינימאַלע און מען האָט געקאָנט געבן פיל רפואות אומזיסט.

דער „רויטער־מגן־דוד״ האָט געקויפט פאַרשידענע מעדיצינישע מכשירים און פלעגט זיי אויסלייען אין נויטיקע פאַלן. אויך האָט מען אָפּגעדונגען אַ קעלער, וועלכן מען האָט אָנגעפילט מיט אייז, כדי צו פאַרטיילן פאַר די קראַנקע.

די פרייוויליקע חברים פלעגן באַזוכן אין די הייזער פון די אָרעמע קראַנקע, און לויט זייער באַריכט פלעגט דער „רויטער־מגן־דוד״ זיי שיקן פּראָדוקטן און מעדיצינישע הילף.

די חברים פון ר. מ. ד. פלעגן אויך נעכטיקן אין די הייזער פון שווערע קראַנקע, כדי אומצובייטן די פאַרמאַטערטע פאַמיליע. ביי די אָרימע פלעגט זיין די לינה גענצליך אומזיסט; ביי די פאַרמעגלעכע פלעגט מען נעמען באַצאָלט פאַר נעכטיקן.

ביים היינטיקן טאָג איז זיך שווער פאָרצושטעלן ווי אַזוי מ׳קאָן האַלטן אַ קראַנקן וואָכן און מאָנאַטן אין שטוב. ס׳זענען

פאַראַן שפּיטעלער און אַ שווערער חולה ווערט אינטערנירט אין שפּיטאָל.

אָבער אין יענע יאָרן אין סלאָנים, פלעגן קראַנקע אָפט ליגן וואָכן און חדשים אין דער אייגענער וואָהנונג. די משפּחה פלעגט מיד ווערן פון זיצן שטענדיק נעבן חולה, בייטאָג און ביינאַכט. דער „רויטער-מגן-דוד" האָט מיטן איינפירן די לינה פאַרלייכטערט די לײדן פון דער פאַמיליע און פון חולה זעלבסט. (אמת, אין די פריהערדיקע דורות פלעגט דאָס אויספירן די טראַדיציאָנעלע חברה „לינת-הצדק").

מיטן אַריינגיין פון דער סאָוויעטן-מאַכט קיין סלאָנים, אין 1919, האָבן די זעלבע אָנערקענט דעם ר. מ. ד., כאָטש ס'איז געווען אַ ציוניסטישער אַנשטאַלט.

ביי דעם גרויסן קבלת-פּנים פון אַלע אַרבעטער-פּאַרטייען און פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען לכבוד די סאָוויעטן, וועלכע איז פאַרגעקומען אויפן פּלאַץ, האָבן זיך באַטייליקט די חברים פון ר. מ. ד. מיט ליימע העלבערג בראש, טראָגנדיק אַ ווייסע פאָן מיט אַ רויטן מגן דוד.

די פאָן איז נישט אויפגענומען געוואָרן אויף דער טריבונע, אויף וועלכער ס'האָבן זיך געפונען די פענער פון פּאַרטייען און פּראָפ. פאַריינען, צוליב דעם, וואָס די פאָן איז געווען אַ ווייסע. זלמן קוניצע, האָט אין זיין רעדע געגעבן אַ שטאָך די טרעגער פון דאָזיקער פאָן. די סאָוויעטן-מאַכט האָט אפילו געגעבן אַ קליינע שטיצע דעם ר. מ. ד., אַלס אויסדרוק פון אָנערקענונג פאַר זיינע לייסטונגען.

די שפּעטערדיקע פּוילישע מאַכט האָט זיך גערעכנט מיטן „טשערוואָנאַ טאַרטשאַ דאַווידאַ" און מיט וויכטיקע מעשים צום גונסטן דער אַרעמער באַפעלקערונג.

דער דאָזיקער וויכטיקער אַנשטאַלט האָט קיינמאָל נישט געמאַכט קיין אונטערשיד צווישן די וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון סלאָנים האָט זייער גוט אָפּגעשאַצט דעם דאָזיקן וויכטיקן מעדיצינישן און סאָציאַלן אַנשטאַלט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן דורך ד"ר צבי לעווין ע"ה, און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע „הרצליה".

ס'איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז אין גאַנץ פּוילן זענען אפשר געווען נאָך אייניקע אַנשטאַלטן מיטן נאָמען ר. מ. ד. ווי באַקאַנט האָט זיך אין סלאָנים געהאַלטן דער ר. מ. ד. ביז דער צווייטער וועלט-מלחמה.

אין שפּיץ פון דער הנהלה זענען שפּעטער געשטאַנען ד"ר עפּשטיין און ישראל-חיים באַרקאָווסקי.

אונדזער פליכט איז צו באַטאָנען, אַז איינע פון די וויכטיקסטע און איבערגעגעבנסטע חברות פון ר. מ. ד. איז געווען פייגל קאַפּלאַן ע"ה. (די טאָכטער פון באַוווסטן העבראַישן לערער יעקב-מרדכי קאַפּלאַן), וועלכע האָט געווידמעט איר גאַנצער צייט ביז איר עליה אין ארץ-ישראל.

**בנימין סקודיצקי**

# די „אַרבעטער-טיי-האַלע"

## אין די יאָרן 1917—1918

סוף יאָר 1916 האָט די דייטשע אָקופּאַציע-מאַכט אָנגעהויבן נאָכלאָזן פון איר שטרענגקייט און איז געוואָרן עטוואָס מילדער. די דייטשן האָבן ווייניקער געשיקט אויף „צוואַנגס-אַרבעט" און יידן האָבן אָנגעהויבן פרייער און לייכטער צו אָטעמען. דאָן איז ווי פון אונטער דער ערד ווידער אַרויסגעוואַקסן אַ יידישע אינטעליגענץ פון אַלע שאַטירונגען, — אַ כוח וואָס האָט אַ טרייסל געטאָן דאָס פאַרגליווערטע יידישע לעבן. די יידישע סלאָנים האָט זיך דאָן אַזוי ווי אויפגעכאַפּט פון אַ לעטאַרגישן שלאָף.

פון איין זייט האָט ווידער אויפגעלעבט די ציוניסטישע אינטעליגענץ, וועלכע האָט געבילדעט די אַלגעמיין-ציוניסטישע און צעירי-ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. פון דער צווייטער זייט זיינען ווידער געקומען צו אַ לעבהאַפטער טעטיקייט די אַרבעטער-קרייזן וואָס זיינען פאַר דער מלחמה געווען קאָנצענטרירט אַרום די יידישע אַרבעטער-פּאַרטייען. אָט די קרייזן האָבן דאָס סוף 1916 געגרינדעט די אַזוי-גערופענע „אַרבעטער-טיי-האַלע", אַ מין אַרבעטער-קלוב, וואָס האָט געדאַרפט דינען אַלס דעקונג פאַר דער פּאָליטישער אַרבעט פון די פּאַרטייען. משמעות, אַז די דעמאָלסטיקע אַרבעטער-טוער אין שטאָט האָבן געמוזט האַנדלען אַזוי פאַרשטעלט, צוליב דער עינא בישא פון דער אָקופּאַציאָנס-מאַכט.

איך וויל דאָ אָנצייכענען די טעטיקייט פון דער „האַלע" פאַר די פּאָר יאָר פון איר עקזיסטענץ, אַזוי ווי ס'איז געבליבן אין מיין זכרון.

לפנים ווען האָט, אַלזאָ, די „אַרבעטער-טיי-האַלע" געדינט אַלס אָרט, ווו אַרבעטער און פאָלקס-מענטשן פלעגן אַריינקומען און באַקומען פאַר עטלעכע פעניג אַ גלעזל טיי מיט צובייסעכץ, און אויך לייענען אַ צייטונג אָדער אַ זשורנאַל ביי די לאַנגע טישן אין גרויסן זאַל. די האַלע האָט זיך געפונען אין דער גרויסער געביידע ווו פאַר דער מלחמה איז געווען לאָקירט די „יעוורייסקאַיאַ אוטשילישטשע" (און נאָך דער מלחמה — די יידיש-פּוילישע גימנאַזיע). די „אַרבעטער-טיי-האַלע" האָט, אָן ספק, אַריינגעשריבן אַ מערקווירדיקן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין סלאָנים פאַר יענע יאָרן, און האָט געלייגט אַן אייגנאַרטיקן חותם אויף זיין שפּעטערדיקן אויספאָרמירן זיך.

אָפיציעל איז די „האַלע" געווען נאָר אַ קלוב. אונאָפיציעל האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט די 3 אַרבעטער-פּאַרטייען: „דער בונד", די ס.ס. („פאַריייניקטע") און די „פּועלי-ציון". יעדע פּאַרטיי האָט געהאַט איר לאָקאַל אין בשותּפות'דיקן הויז. אין די אָוונטן און אין די שבת-נאָכמיטאָגן פלעגט דאָרט רוישן ווי אין אַ בינשטאָק. מען פלעגט אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען; מען פלעגט איינאָרדנען דיסקוסיעס וועגן פאַרשיידענע יידישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען, פאַרלעזונגען אויף ליטעראַרישע טעמעס, אָוונטן געווידמעט יידישע שרייבער א. ד. גל.

פון דער „אַרבעטער־טיי־האַלע" איז דאָס אַרויסגעוואַקסן די ערשטע יידישע פאָלקס־שולע אין שטאָט. די ערשטע שולע־קלאַסן זיינען דאַן ענטשטאַנען מיט די לערער: משה־בערל קוניצע און ברכות (געענדיקט די גראַדנער לערער־קורסן; שרה לידאָווסקי, וואַליצקי, דזיענצעלסקי און מאַנטע. זיי האָבן דאַן געלערנט אין צוואָרפענע לאָקאַלן, אין די „ווייבער־שולן" ביי די שווערסטע באַדינגונגען. ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָט זיך די פאָלקס־שולע לאָקירט אין דער געביידע אין אָפּער־גאַסל.

פון דער אַרבעטער־טיי־האַלע איז אויך אַרויסגעוואַקסן דער אַרבעטער־כאָר, דיריגירט פון יאַלאָווטשינען און ראַטשטיין. דער כאָר איז אויפגעטראָטן אייניקע מאָל אין „נאַראָדני דאָם" (פאָלקס־הויז) אויף ספּעציעלע אַרבעטער־פייערונגען. דאָס האָט טאַקע דערזעלבער כאָר געזונגען דעם 9־טן יאַנואַר 1918, דאָס ספּעציעל־פאַרפאַסטע ליד פון זלמן קוניצע און מוזיק פון ראַטשטיין. דאָס ליד איז געווען געווידמעט דעם „בלוטיקן זונטיק" פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. אין זכרון זיינען מיר געבליבן צוויי סטראָפן פון ליד:

מיט גלחים און מיט צלמים
פרומע בילדער, הוילע קעפּ, —
פירט ער דאַן דעם בלינדן עולם
צו דעם פריצ׳ס הינטערטרעפּ

---

און די ענד־סטראָפע:

און געשוואָרן האָבן זיי הייליק:
מער צום פריץ קיינמאָל גיין;
מער ניט בעטן דאָס וואָס קומט זיי, —
נאָר צו נעמען אַלץ אַליין!

די „האַלע" האָט אויך געהאַט אַ דראַמאַטישן קרייז. דער רעזשיסאָר איז געווען אהרן מאַשיניסט. אין קרייז האָבן אָנטיילגענומען, צווישן אַנדערע: גיטל דייטש, אסתר לוריע, באַסיענקעוויטש, שקאַלניקאָוויטש, וועלוול עפּשטיין, יודל דער גאַרבער (כ׳געדיינק ניט זיין פאַמיליע־נאָמען) און אַנדערע. דער קרייז האָט אויפגעפירט: „די מכשפה", „שולמית", „בר־כוכבא" פון גאָלדפאַדען; „צעזייט און צעשפּרייט" און „מזל־טוב" פון שלום־עליכם, ווי אויך פּיעסן פון יעקב גאָרדין, פּרץ, פּינסקי.

אין און אַרום דער „אַרבעטער־טיי־האַלע" זיינען געווען טעטיק, — אויף וויפיל איך דערמאָן זיך, — די פאָלגנדע פּערזאָנען: פון „בונד": איטשע סוועטיצקי, בנימין וואָלקער, חיים זאַקראַיסקי, טוביה גאָלדבערג, דער שטעפּער יאַנקל וויניאַרסקי, וואַליצקי, כאַשע בוזאָווסקי, פרומע קאַרפּאָווסקי. פון „ס. ס.": אפרים סוועטיצקי, מאַטל זאַקין, דער גאַרבער יוסף יערושעוויטש, יחזקאל (כעסקע) דוניעץ, עובדיה דעם בעקערס זון (מיט יאָרן שפּעטער ,דער רעדאַקטאָר פון „אָקטיאַבער" אין מינסק, וועמען מען האָט נאָכהער דערשאָסן אַלץ „טראָצקיסט"). פון „פּועלי־ציון": איטשקע ווערניקאָווסקי און אַ געוויסער לערער מ. רייז (ניט קיין סלאָנימער, וועלכער האָט זיך געפונען אין שטאָט אַלס פּליט). אויך זיינען געווען טעטיק: זלמן קוניצע, וויניקאָווסקי, יאַשקע וואָלאָך.

די „אַרבעטער־טיי־האַלע" האָט עקזיסטירט ביז׳ן אַריינקומען פון די באָלשעוויקעס אין סלאָנים אין יאָר 1919. די סאָוועטישע מאַכט האָט באַטראַכט אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען, אַחוץ די קאָמוניסטישע, אַלס קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע. די „אַרבעטער־טיי־האַלע" האָט זיך פאַרמאַכט און צוזאַמען מיט איר האָבן זיך אויפגעלייזט אַלע יידישע פּאַרטייען, אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט.

**חיים אווערבוך**

# ערשטער אַלגעמיינער ל״ג־בעומר שפּאַציר אין 1918

געווען איז דאָס אין יאָר 1918, ווען סלאָנים איז נאָך געווען אָקופּירט פון די דייטשן.

אַ פּאָר וואָכן פאַר פסח תרע״ח (1918), האָב איך געלייענט אין דער צייטונג „היינט", אַז ל״ג בעומר וועט פאָרקומען אין וואַרשע אַן אַלגעמיינער שפּאַציר און מאַניפעסטאַציע פון אַלע תלמידים פון די יידישע שולעס. קלער איך: פאַרוואָס זאָלן מיר נישט מאַכן אַזאַ זאַך אויך אין סלאָנים, און שפּאַצירן מיט די קינדער אין סלאָנימער „שאָסיינעם" וואַלד. האָב איך זיך דורכגערעדט וועגן דעם מיט אַ ציוניסטישן חבר, יעקב זעלוויאַנסקי, און מיר האָבן ביידע באַשלאָסן צו באַאַרבעטן אַ פּלאַן וועגן אַן עקסקורסיע צום וואַלד מיט אַלע תלמידים פון די סלאָנימער שולעס אינעם ל״ג בעומר טאָג.

אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען, זיך דורכצושמועסן מיט אַלע דירעקטאָרן פון די שולעס און „חדרים", כדי צו וויסן זייער שטעלונג וועגן אַ ל״ג בעומר־שפּאַציר. צו אונדזער גרויס באַוואונדערונג, האָבן צו אונדזער פאָרשלאָג איינגעשטימט אַלע לערער פון די העבראַישע, יידישע שולעס און „חדרים", און אפילו די מנהלים און די רביים פון די תלמוד־תורה׳ס האָבן אָנגענומען מיט שימחה אונדזער פּראָיעקט. דאָס האָט אונדז צוגעגעבן זייער פיל מוט און מיר ביידע האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט.

יעדן טאָג פלעגן מיר באַזוכן פאַרשידענע שולעס און „חדרים", און מיט דער איינשטימונג פון די לערער, פלעגן מיר לערנען די קינדער מאַרשירן און זינגען פאַרשידענע נאַציאָנאַלע, רעליגיעזע און פאָלקס־לידער. יעדע שולע האָט אויסגעקליבן די יעניקע שירים, וואָס האָבן געפּאַסט פאַרן גייסט פון זייער שולע.

אַ לאַנגן משא־ומתן האָבן מיר געהאַט מיט דער דייטשער־מאַכט אויף צו קריגן אַ דערלויבעניש פאַרן געפּלאַנטן שפּאַציר. סוף־כל־סוף האָבן מיר עס באַקומען. אויך האָבן זיי דער־

לויבט, אַז דער אָרקעסטער פון די פייערלעשער זאָל באַגלייטן דער מאַניפעסטאַציע, און אַז איניקע פעסער פון די פּאַזשאַר־ניקעס זאָלן אונדז איבערגעגעבן ווערן, כדי צו פירן וואַסער אין וואַלד פאַר די הונדערטער קינדער, וואָס וועלן זיך באַטייליקן אין שפּאַציר.

זייענדיק דער סעקרעטאַר פון „רויטן־מגן־דוד", האָב איך אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלע גרופּע חברים פון ר. מ. ד., וואָס זאָלן מיטגיין מיט דער מאַניפעסטאַציע און געבן ערשטע הילף אין פאַרשידענע פאַלן. אין שפּיץ פון דער גרופּע איז געשטאַנען ניאָמע יודעלעוויטש, יאָסל דעם רופא'ס זון, וועלכער איז געווען אַ חבר פון „רויטן־מגן־דוד".

ווען אונדזער פּלאַן האָט זיך אָנגעהויבן פאַרווירקליכן, האָבן מיר באַקומען פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „הרצליה" אין סלאָנים אַן איינשטימונג צו אונדזער אַרבעט און פּלענער. דער לערער דוד ראַקאָוויצקי (פון קוניצעס גימנאַזיע) איז באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון דער מאַניפעסטאַציע.

ד"ר לעווין, דער פאָרזיצענדער פון „רויטן־מגן־דוד", האָט מיט גרויס צופרידנקייט אָנגענומען אונדזער פאָרשלאָג, אַז ער זאָל רעדן עטליכע ווערטער אויפן שול־הויף, ווען די מאַניפעסטאַציע וועט אַהין אָנקומען.

מיר האָבן באַשטימט דעם „פּוסטן סאַד" אַלס קאָנצענטראַציע־פּלאַץ פאַר אַלע שולעס. מיר האָבן צוגעגרייט שילדן מיט די נעמען פון די שולעס און „חדרים", כדי די לערער און קינדער זאָלן וויסן ווו צו וואַרטן.

די לערער און מלמדים האָבן באַקומען מעלדונגען, אַז זיי זאָלן צוגרייטן אַ קאָלעקטיוון עסן פאַר די קינדער אויפן גאַנצן טאָג. מיר האָבן געדונגען בעלי־עגלות, זיי זאָלן פירן דאָס עסן צום וואַלד, ווי אויך אויף צו פירן די שוואַכע קינדער.

אַ פּאָר טעג פאַר ל"ג בעומר, זענען מיר בײדע געווען זייער אָנגעשטרענגט. דאָס איז דאָך געווען דאָס ערשטע מאָל אין אונדזער לעבן אויסצופירן אַזאַ גרויסע אויפגאַבע; אַזאַ גרויסן ווערק, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט הונדערטער קינדער און לערער און מיט טויזנטער סלאָנימער איינוואוינער, און מיט אַזוי פיל ריזיקעס. צו וועלן מיר מצליח זיין? צו וועלן ניט זיין פאַרשידענע שטרויכלונגען? צו וועלן נישט טרעפן, חס־וחלילה, קיין אומגליקן דורכן שלעפּן אַזעלכע שוואַכע קינדער אויף אַזאַ ווייטע שטרעקע און וועלכע זענען נישט געווען געוואוינט צו גיין אַזוי ווייט, ווי צום שאָסיינעם וואַלד? און די שווערסטע פראַגע איז געווען: צו וועט נישט אויסרייסן אַ גרויסער רעגן אין מיטן וועג? מיר האָבן געפילט אויף זיך אַזאַ גרויסע פאַראַנטוואָרטליכקייט, און געהאָפט אַז אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג.

אַ טאָג פאַר ל"ג בעומר, האָבן מיר צום לעצטן מאָל באַזוכט אין די אַלע שולעס און חדרים; געמאַכט די לעצטע רעפּעטיציעס אין מאַרשירן, זינגען און פאַרשידענע פאָרווײלונגען; געגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך צו פירן אין וועג און אין וואַלד; איבערגעגעבן די תלמידים ספּעציעלע בלויע לענטעס, געווידמעט ל"ג בעומר.

מיר האָבן זיך באַרוהיקט, זעענדיק, אַז דערווײל גייט אַלץ אין אָרדנונג. מיר האָבן געגלויבט און געהאָפט, אַז אונדזער חלום וועט פאַרווירקליכט ווערן, און אַז מאָרגן וועט גאַנץ סלאָנים זען אין אירע גאַסן די רעזולטאַטן פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט צוגעמאַכט קיין אויג. אַ זייגער 5 פאַרטאָג האָב איך אַרויסגעקוקט פון פענצטער. ס'איז געווען וואָלקנדיק. אַ ציטער איז מיר דורכגעגאַנגען איבערן גאַנצן קערפּער. צו וועלן אַלע אונדזערע פּלענער בטל ווערן? צו וועלן די אַלע האָפנונגען פון די סלאָנימער פאַרשמאַכטע קינדער זיך צו באַטייליקן אין דער נאַציאָנאַלער מאַניפעסטאַציע און שפּאַציר צום וואַלד — פאַרשטערט ווערן צוליבן רעגן? און פיל פראַגע־צייכנס, איינער נאָכן אַנדערן, האָבן זיך אויפגעהויבן און זיך נישט געלאָזט באַרוהיקן. די וואָלקנס זענען טאַקע נישט קיין גרויסע, און וועלן נישט ברענגען קיין גרויסן רעגן, אָבער ס'איז גענוג אַז אַ קליין רעגנדל וועט ברענגען דערצו, אַז די מאַמעס וועלן נישט לאָזן די קינדער גיין אין וואַלד אַריין.

6 אַ זייגער אין דער פרי בין איך שוין אַוועק צום „פּוסטן סאַד", אויף פּאָנעסוווער גאַס, דער פּלאַץ ווו די קינדער דאַרפן זיך צונויפקלייבן. דאָרט האָב איך שוין געטראָפן איניקע פון אונדזערע חברים. זיי זענען געווען זייער פּעסימיסטיש געשטימט וועגן דער מעגליכקייט פון אַ רעגן, וואָס קאָן מיט זיינע טראָפּנס אָנמאַכן צרות דעם גרויסן וווּנדערבאַרן נאַציאָנאַלן צוג. מיר האָבן באַשלאָסן צו קעמפן מיט אַלע אונדזערע קרעפטן קעגן דעם „שונא" נומער איינס.

7.30 אַ זייגער אין דער פרי זענען שוין אַלע קינדער פון די שולעס און חדרים, צוזאַמען מיט זייערע לערערס און מלמדים געווען אין „סאַד". די סדרנים האָבן זיי באַוויזן זייערע פּלעצער. די קינדערשע אויגן האָבן געגלאַנצט פאַר שימחה, אַז סוף־כל־סוף וועלן זיי גיין צוזאַמען מיט אַלעמען צום וואַלד.

פּלוצלינג האָט אַ געדיכטער וואָלקן פאַרדעקט די זון און אַ קליין רעגענדל האָט אָנגעהויבן גיסן. צו וועט חס־וחלילה, דער שפּאַציר בטל ווערן?

דערווייל איז אויך געקומען ד"ר לעווין, און אויף מיין פראַגע: וואָס איז זיין מיינונג וועגן דעם רעגן וואָס קאָן צושטערן אַלע אונדזערע פּלענער, האָט ער געענטפערט מיט אַ פעסטן טאָן: „היינט טאָר נישט גיין קיין רעגן, און נישט געדאגה'ט, קיין רעגן וועט נישט גיין".

כאָטש מיר האָבן געוווּסט, אַז ער איז נאָר אַ דאָקטער און אַז ער האָט נישט קיינע פאַרבינדונגען מיטן „מלאך־הגשם", פונדעסטוועגן האָבן זיינע פעסטע ווערטער געווירקט אויף אונדז צום גוטן. מיר האָבן פאָרגעזעצט אונדזער אַרבעט. אין איניקע מינוטן שפּעטער איז די זון ווידער אַרויס פון די וואָלקנס מיט אַ שמייכל אויפן געזיכט, און דער רעגן האָט אויפגעהערט.

8 אַ זייגער אין דער פרי האָט זיך אָנגעהויבן די מאַניפעסטאַציע. דער פּאָזשאַרנער אָרקעסטער, מיט די מעשענע גלאַנצנדיקע קאַסקעס און יום־טובדיק געקליידעט, איז געגאַנגען פאָרויס, שפּילנדיק פאַרשידענע מאַרשן.

אין שפּיץ פון דער מאַניפעסטאַציע איז געגאַנגען דוד ראַקאָוויצקי, און נעבן יעדער גרופּע פון קינדער זענען געגאַנגען די לערער. די קינדער האָבן מאַרשירט מיטן פולן טאַקט און צופרידנקייט.

מען איז אַרויס פון גאָרטן דורך סטודענטסקי־גאַס, ברי־

קער־גאַס, נעווסקי, שול־הויף. אַלע קראָמען זענען געוואָרן געשלאָסן לכבוד דעם קינדערשן יום־טוב. טויזענטער יידן זענען נאָכגעגאַנגען. אַ יום־טובדיקע שטימונג האָט זיך געפילט אומעטום. די קינדער האָבן זיך געפילט ווי גיבורים.

צוקומענדיק צום שול־הויף, איז אַרויף ד״ר לעווין אויף אַ טיש און גערעדט אַ גאַנץ קורצע און האַרציקע רעדע אין עברית. רווישנדיקע אַפּלאָדיסמענטן האָבן באַגלייט זיין רעדע, און גלייך האָט דער פּאָזשאַרנער אָרקעסטער געשפּילט „התקוה״. טויזנטער הערצער האָבן געקלאַפּט פאַר פרייד, הערנדיק דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון סלאָנים דעם יידישן נאַציאָנאַלן הימן עפנטלעך. פיל פון גרויסן עולם האָבן ממש געוויינט פאַר שימחה. אפילו גאַנץ פרומע יידן און אויך „בונדיסטן״ האָבן געקוואָלן פון הערן דעם „התקוה״ געשפּילט פונעם פּאָזשאַרנעם אָרקעסטער, און צו זען די תינוקות של בית רבן, ווי זיי גייען אַזוי פיין און שטאָלץ אויף די סלאָנימער גאַסן.

די לאַנגע מאַניפעסטאַציע האָט פאָרגעזעצט איר וועג דורך סקראָבאָווער־גאַס (3־טער מאַי), ווערנדיק באַגלייט דורכן אָרקעסטער, חברים פון „רויטן־מגן־דוד״ און אַ זייער גרויסן עולם. אייניקע פעסלעך מיט וואַסער און וועגענער מיט עסנוואַרג זענען נאָכגעפאָרן ביזן וואַלד. די לערערס האָבן געפונען זייערע פלעצער, לויט די צוגעגרייטע שילדן.

ווי צופרידן זענען געווען די סלאָנימער פאַרשמאַכטע קינדער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געפילט דעם טעם פון אַ צוזאַמענדיקן שפּאַציר — קומענדיק אין שיינעם וואַלד. זיי האָבן גלייך אַראָפּגעוואָרפן זייערע אויבערשטע קליידער און אָנגעהויבן שעפּן פרישע לופט פון וואַלד און פון די בוימער. די לערער האָבן געגעבן זייערע תלמידים דעם צוגעגרייטן עסן. וואַסער האָבן זיי געטרונקען פון די פּאָזשאַרנע פעסלעך. נאָכהער האָבן זיי זיך אָנגעהויבן שפּילן אין פאַרשידענע פאַרווײלונגען.

אין וואַלד איז געווען ששון ושימחה. די קינדער האָבן זיך זייער שיין געוויילט און זיך געשפּילט אונטער דער אָנפירונג פון זייערע לערערס. אַ שיינער און אינטערעסאַנטער ווינקל אין וואַלד איז געווען, ווו די תלמוד־תורה־קינדער האָבן זיך געשפּילט. זייערע לידער זענען געווען גאַנץ אַנדערע און זייערע שפּילערייען האָבן נישט געשטימט מיט די איבריקע שולעס, אָבער אַ באַזונדער חן איז געלעגן אויף די תלמוד־תורה־קינדער, וואָס האָבן זיך געפילט אַזוי פריי אין גרויסן געדיכטן וואַלד.

אַ גרופּע פון די חברים פון „עבריה״ וואָס איז מיטגעגאַנגען מיט דעם שפּאַציר, זענען זיך צונויפגעקומען אין איינעם פון די שיינע ערטער אין וואַלד און זיך דורכגעשמועסט וועגן די איינדרוקן פון פייערלעכן טאָג און גרויסע מאַניפעסטאַציע און איר ווירקונג אויפן סלאָנימער פובליקום, וואָס האָט געוויינט פאַר שימחה, הערנדיק דעם „התקוה״, און די אָפּשפּיגלונג פון יום־טוב אויף די פריילעכע פנימלעך פון די סלאָנימער קינדער.

2 אַזייגער נאָכמיטאָק איז אַרויס אַ באַפעל זיך צוגרייטן צום פאַרלאָזן דעם וואַלד. די קינדער האָבן גאָר קיין חשק ניט געהאַט זיך אומצוקערן אַהיים. אָבער אַ באַפעל איז באַפעל. די לערער האָבן צונויפגעקליבן זייערע תלמידים, און לויט דעם זעלבן סדר האָבן זיי אָנגעהויבן אַרויסגיין פונעם רוישנדיקן וואַלד.

★

גאַנץ סלאָנים, אומאָפּהייניגיק פון פּאַרטיי, האָט יענעם טאָג גערעדט מיט פרייד וועגן דעם זייער שיינעם נאַציאָנאַלן שפּאַציר, וואָס איז דורכגעגאַנגען מיט הצלחה און אָרדנונג. איך גלויב, אַז די אַלע תלמידים וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער שיינער ל״ג בעומר עקסקורסיע אין 1918, און וועלכע געפינען זיך איצט אין ישראל, אָדער אין אַנדערע לענדער — געדענקען נאָך ביז היינט דעם וווּנדערבאַרן ל״ג בעומר־טאָג.

יצחק ליבטענשטיין (פּאַריז)

# צוויי עפּיזאָדן פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע אין 1920

ענדע יולי 1920, אין דער צייט פון דער סאָוויעטיש־פּוילישער מלחמה, איז סלאָנים צום צווייטן מאָל אַריינגעפאַלן אין סאָוויעטישע הענט. די רויטע אַרמיי איז דאַן שנעל געגאַנגען פאָרויס און האָט דערגרייכט אַזש די וואַרשעווער פאָרשטעט.

גלייך ווי סלאָנים איז פאַרנומען געוואָרן האָבן די אָנגעקומענע מיליטער־לייט זיך אַרויסגעלאָזן איבער די געשעפטן און גענומען איינקויפן אַלץ, וואָס ס'האָט זיך נאָר געפונען. געצאָלט האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, מיט סאָוויעטישע געלטבאַנקנאָטן, וועלכע האָבן דאַן געהאַט אַ קנאַפּן ווערט. אין משך פון עטלעכע טעג זיינען די געשעפטן בוכשטעבלעך אויסגעליידיקט געוואָרן. סלאָנימער סוחרים האָבן אויסבאַהאַלטן אַביסל איבערגעבליבענע סחורה. די סאָוויעטישע מאַכט האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז אַלע סחורות מוזן רעגיסטרירט ווערן אין ״רעווקאָם״ (״רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט״ וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט דער שטאָט). פאַרן נישט רעגיסטרירן די סחורות האָט געדראָט מיט שווערע שטראָפן.

אינצווישן האָט די רויטע אַרמיי געליטן אַ מפּלה ביי וואַרשע. אין די מיליטערישע רייהען איז אַנטשטאַנען אַ בהלה. זעלנער האָבן מאַסנווייז אָנגעהויבן צו דעזערטירן. כדי צו קעמפן מיט דער דעזערטאַציע, האָט די מאַכט איינגעשטעלט הינטערן פראָנט (און אויך אין סלאָנים) אַזוי־גערופענע ״מיליטערישע רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלן״, וועלכע פלעגן יעדן געכאַפּטן סאָלדאַט־דעזערטיר, פאַראורטיילן צום טויט און די טויט־אורטיילן אויספירן. אַ שטימונג פון טעראָר האָט באַהערשט ניט נאָר די אַרמיי, נאָר אויך די ציווילע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אָנגעהויבן פילן די אייזערנע האַנט פון דער ״טשעקאַ״. די לעצטע האָט טאַקע אויפגערודערט די שטאָט מיטן דערשיסן, אָן אַ משפּט, אַ יונג מיידל פון 17 יאָר, די

יינגערע טאָכטער פון טעלצע איינשטיין (אינהאַבערין פון גאַלאַנטעריי־געשעפט אין „ראַד־קראָמען”)

געשען איז עס אין פאָלגנדע אומשטענדן: אין שטאָט איז אָנגעגאַנגען אַ סעריע „אָביסקעס” (זוכונגען), און מען האָט געזוכט ניט־פאַרעגיסטרירטע סחורות. ביי אַזאַ „זוכונג” האָט מען געפונען אַביסל ניט־רעגיסטריטע שטאָף ביי דער עלטערער פאַרהייראַטעטער טאָכטער פון טעלצע איינשטיין. די סחורה איז געוואָרן קאָנפיסקירט, און די אינהאַבערין אַרעסטירט. איינשטיינס יינגסטע טאָכטער, אַן ענערגיש מיידל האָט געזוכט אַ מיטל, ווי אַזוי באַפרייען איר שוועסטער. דער קאָמענדאַנט פון רעוווקאָם, אַ רוס מיטן נאָמען ניקאָלאַיעוו, האָט זיך שוין, פאַר דער קורצער אָקופּאַציע־צייט, קונה־שם געווען אין שטאָט אַלס „כאַבאַרניק” (שוחד־נעמער). „גאַנץ שטאָט” האָט וועגן דעם געוווסט. און אָט האָט דאָס מיידל גענומען אַ געוויסע סומע געלט און אַוועקגעטראָגן ניקאָלאַיעווס פרוי, בעטנדיק איר, זי זאָל ווירקן אויף איר מאַן אַז ער זאָל באַפרייען איר שוועסטער. ניקאָלאַיעוון האָט שוין „געברענט דער באָדן” אונטער די פיס, ווייל די קלאַנגען וועגן זיין כאַבאַר־נעמען זיינען שוין דערגאַנגען צו דער „טשעקאַ”. ער האָט שוין געזוכט געלעגנהייטן, ווי אַזוי זיך ריינצוואַשן אין די אויגן פון די טשעקיסטן... ער האָט אַלזאָ, אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַרעסטירט דאָס מיידל... ער איז געווען אָנ׳ברחמנות׳דיק און עקסטרעם, וועלנדיק, מכלומרשטן, איבערצייגן די טשעקאַ, ווי ווייט ער איז פון די פאַרדאַכטן. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען דאָס מיידל דערשאָסן, אגב אָן קיין שום משפּט. די באַפעלקערונג איז פון דער ידיעה ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

אַ צווייטער פאַל, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט צום גוטן איז געשען מיט ה׳ ליאַכאזוויאַנסקי, אייגנטימער פון אַפטייק־סקלאַד אויף נעווסק. אין אַ געוויסער נאַכט האָט די מאַכט דורכגעפירט אַ ריי „אָביסקעס” און געפונען אין פוטערגעשעפט פון ה׳ לייב מילאַקאָווסקי אַ פעקל ניט רעגיסטרירטע פוטערוואַרג, און אין שכנות׳דיקן הויז פון ה׳ ליאַכאָזוויאַנסקי — אַ קעסטל ניט רעגיסטרירטע פאַרב. דער רעוואָלוציאָנערער טריבונאַל האָט זיי פאַר׳משפּט צום טויט. מילאַקאָווסקי איז צוליב זיין טיפן עלטער באַגנעדיקט געוואָרן. דאַקעגן האָט מען געזאָלט 48 שעה נאָכן משפּט, אויספירן דעם טויט־אורטייל איבערן ה׳ ליאַכאָזוויאַנסקי.

ס׳איז כדאי צו דערמאָנען אַ קוריאָז, וועלכער כאַראַקטעריזירט די האַנדלונג פון דער „טשעקאַ” אין יענע צייטן. ווי שוין געזאָגט, האָט מען ביי ה׳ ליאַכאָזוויאַנסקי געפונען ניט־רעגיסטרירט נאָר אַ קעסטל פאַרב. אַזוי איז אויך געווען אָנגעוויזן אין אָפיציעלן פּראָטאָקאָל פון דעם „אָביסק”. אָבער כדי צו באַרעכטיקן אין די אויגן פון דער באַפעלקערונג דעם האַרבן אורטייל, איז אין שטאָט־בלעטל, וועלכע די סאָוויעטישע מאַכט האָט צוקלעפּט אויף די ווענט פון אַלע גאַסן, געוואָרן אָנגעגעבן, אַז מ׳האָט ביי ליאַכאָזוויאַנסקין געפונען ריצין־אייל, אַ פּראָדוקט אין וועלכן ס׳האָט זיך געפילט אַ שטאַרקער מאַנגל.

נאָכ׳ן אַרויסגעבן דעם טויט־אורטייל איז אין שטאָט אַנטשטאַנען אַ בהלה. אָנגעזעענע כלל טוער, אויך פון די לינקע קרייזן, זיינען אַרומגעלאָפן און אינטערווענירט אין אַלע מעגלעכע אַמטן. מ׳האָט אַרויסגעשיקט טעלעגראַפישע באַגנעדיגונגס־ביטעס צו לענינען, צו טראָצקען, אָבער אָן ערפאָלג. די פרוי לאַכאָזוויאַנסקי מיט אירע 3 קינדער זיינען געלאָפן אין רעוווקאָם, אין טשעקאַ, אין טריבונאַל און געריסן וועלטן. די אָנפירער פון רעוווקאָם, מיד פון די געוויינען פון דער פרוי און קינדער, האָבן באַפוילן אָפּצופירן זיי אונטער אַ וואַך און זיי פאַרשפאַרט אין זייער וואוינונג אונטער אַ מיליטערישער שמירה, וועלכע האָט קיינעם צו זיי ניט אַריינגעלאָזן.

דערווייל האָט מען זיך אין שטאָט דערוווסט, אַז דער הויפּט־פּראָקוראָר פון אַלע רעוואָלוציאָנערע טריבונאַלן פון מערב־פראָנט, — אַ גאָר יונגערמאַן מיטן נאָמען זאָרין, — געפינט זיך צופעליק אין מיליטערישן שטאַב, וועלכער איז געווען לאָקירט אין קאַטוילישן מאָנאַסטיר (קעגנאיבער דעם „אָרעמען” זייט פון ראַד קראָמען). מ׳האָט די ידיעה איבערגעגעבן דער פרוי ליאַכאָזוויאַנסקי דורך אַ זייטיקע פענסטער, וועלכע די שמירה האָט ניט געהאַט באַמערקט. דורך דער זעלבער פענסטער איז זי תיכף אַרויס צוזאַמען מיט אירע 3 קינדער, אַוועק צום מאָנאַסטיר, און ווי זאָרין איז נאָר אַרויס, זיינען זיי אַלע פיר בוכשטעבלעך געפאַלן צו זיינע פיס און געמאַכט אַזאַ יאָמער און געוויין, אַז די גאַס איז תיכף געוואָרן שוואַרץ פון מענטשן. זאָרין האָט אויסגעהערט די פרוי לאַכאָזוויאַנסקי און איר צוגעזאָגט צו באַטראַכטן נאָך אַמאָל דעם משפּט. דעם זעלבן טאָג האָט ער טאַקע צונויפגערופן דעם טריבונאַל און אין משך פון 10 מינוט איז דער טויט־אורטייל פאַרביטן געוואָרן אויף 3 יאָר תפיסה. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן די פרייד וואָס האָט דאַן באַהערשט די שטאָט.

אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט זיך דער פראָנט שנעל אַרוק געטאָן צו מזרח, און סלאָנים איז נאָך אַ קורצער שלאַכט פאַרנומען געוואָרן דורך די פּאָליאַקן. פאַרן אָפּטרעטן פון די סאָוויעטן, האָבן זיי אַלע אַרעסטירטע אַרויסגעפירט אין רוסלאַנד, מיט זיי איז אויך געווען לאַכאָזוויאַנסקי. אים האָט זיך איינגעגעבן אין מינסק צו אַנטלויפן פון צוג און ער איז נאָכהער צוריקגעקומען אין סלאָנים.

כדאי צו באַמערקן, אַז זאָרין האָט שפּעטער געמאַכט אַ גרויסע קאַריערע. ער איז געווען פּראָקוראָר אין די באַרימטע מאָסקווער פּראָצעסן פון די דרייסיקער יאָרן. נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען פאָרשטייער פון רוסלאַנד אין אונאָ („פאַרייניקטע פעלקער”) און איז געווען אַ לענגערע צייט אַמבאַסאַדאָר פון סאָוויעטן־פאַרבאַנד אין פראַנקרייך.

# העוסקים בצרכי צבור ובתי כנסיות לתפלה
# עסקנים, גבאים, שולן און בתי מדרשים

יוסף דרור

## זכרונות על אנשי-ציבור ועסקנים

### ר׳ אבא שאכנרס ור׳ ירוחם לוינשטיין

שני בעלי־בתים חשובים ממתפללי בית־המדרש דחומה, שם יושבים אחד על־יד השני, במזרח קרן צפונית. שניהם גבוהי קומה, רזי גוף. שניהם אדוקים ומשאת־ציון בלבם. אך ר׳ אבא הוא בבחינת „ליבא לפומא לא גלי״, ואילו ר׳ ירוחם פעיל, עושה נפשות לרעיון הציוני, מוכר שקלים, אוסף תרומות ויושב עם קערת הקרן־הקיימת בערב יום־הכיפורים.

ר׳ אבא היה מכונה בעיר בשם: אבא לאסקעס״, על־שם אשתו, בעלת בית מסחר לאריגים. הוא לא התערב בעסקים והיה מבקר בחנות כ״אורח״, בלכתו בבוקר מבית־המדרש או בשובו לביהמ״ד למנחה. את רוב זמנו הקדיש למצוות הכנסת ילדי ישראל לבריתו של אברהם אבינו. היה מראשי המוהלים בזמנו. התעסקותו השניה היתה חברותו באגודת המתנדבים, מכבי־אש. אלה — הוד והדר לבושם, כובע־נחושת קלל מבהיק לראשם, ועל חגורם — גרזן נתון בנרתיק־עור. ענין זה של הדגשת כוח יהודי הביא את ר׳ אבא להימנות על אגודת מכבי־האש. ומה נהדר היה מראהו, כשראוהו צועד בתהלוכה כזו, כשהכובע הנוצץ על ראשו. אצל ה„פַאזשאַרנע״ (מכבי־אש) הוא מצא ביטוי לגבורה היהודית נוכח הדכאון והחולשה של יהודי במחי־צתם של גויים... זכורני, איך בטיול ל״ג בעומר הראשון בימי הכיבוש הגרמני, כשֶנֶערך הטיול המרשים של תלמידי בתי־הספר ואגודות־הנוער ליער, היה ר׳ אבא בין המעריצים הנלה־בים של התהלוכה החגיגית הזאת בעיר. הוא ליווה אותה עד לקצה־העיר כשעיניו זולגות דמעות־גיל והתרגשות.

ר׳ אבא ור׳ ירוחם עקבו בעֵרָנות אחרי המתרחש בתנועה הציונית ובארץ.

כמו ר׳ אבא, כן גם ר׳ ירוחם הסתמך בפרנסתו על אשתו, אשת חייל. היתה להם חנות של קמח במרכז העיר. ר׳ ירוחם עסק במקצת בעסקי־סרסרות של הלוואות בכספים. בגלל האי־מון הרב שהציבור ייחס לו, רבו לקוחותיו. כינויו בעיר היה לא על שם אשתו, כ״אבא לאסקעס״, אלא על שם אבות־המשפחה, ודהיינו: ר׳ ירוחם בר׳ משה — מרדכי ירוחם׳ס...

ר׳ אבא ור׳ ירוחם היו שונים — בנוהגי תפילתם. תפילתו של ר׳ אבא לא היתה בדבקות ובקול רם, אלא בלחש ורוב הזמן בעמידה, ואילו ר׳ ירוחם התפלל בקול רם ויכולת להקשיב לשי־חותיו עם הקב״ה. יש והיה מתרעם עליו ותובע תיקון עיוותים לעם ישראל, ויש והיה מתחנן לפניו או מתפנק כתינוק המתרפס בפני אבא סלחן. כשהיה מגיע בתפילת שחרית ל״אור חדש על ציון תאיר״ — היתה זו תפילת־תחנונים לבורא, כאומר: ״רב־ש״ע, כבר מלאה הסאה והגיעה השעה למעשים מצדך״. וכשהגיע „לאהבה רבה אהבתנו״ היה קולו מתרכך ומתעדן, כאילו רבון העולמים כבר נוטה להֵעָנות לו ולשמור אמונים לעם סגולתו... ר׳ ירוחם היה יודע וחובב ספר עברי, למד כל יום דף גמרא וכן קרא עתון עברי, את „הצפירה״, את „הזמן״. הוא זכה ובאחרית ימיו עלה עם אשתו לא״י. שניהם האריכו ימים בארץ.

### ר׳ יוסף שרשבסקי

הוא היה אדוק קיצוני שלחם על דעותיו ולא וויתֵר אף על קוצו של יוד בעניני דת וחברה. היה תקיף בדעתו וידע מראש כי הנצחון יהיה על צדו, כי אין רוב בני־אדם מסוג בעלי־הבתים בסלונים דעתם פנויה למיני מחלוקת שהיה מעלה מדי פעם. הוא היה מחשובי בעלי־הבתים בבית־המדרש דחומה ומקומו — במזרח ע״י הרב דמתא. היה מאריך בשמונה־עשרה ומבטא כל אות בהדגשה.

ר׳ יוסף עמד בראש חברת ש״ס שבבית־המדרש ולמד את דף הגמרא היומי בדייקנות. מדי שבע שנים כשהיו גומרים את כל הש״ס היו עורכים שבעה ימי־משתה לכבוד המאורע, ומי כר׳ יוסף, בעל־השמחה הראשי? הוא גם היה גבאי ראשי בישיבה ובין גבאי חברא־קדישא, מושב־זקנים ובמוסדות־ציבור אחרים. בכל המוסדות דעתו קבעה. כי האמין בעצמו ועמד בתקיפות על דעתו. הוא ראה את עצמו ראוי לאיצטלא של שליח־ציבור, וגם בחיצוניותו הוא כיוון לכך, בהיותו בעל הדרת־פנים, זקנו מגודל ומטופח ולבושו הדר; בשבתות וחגים חבש צילינדר לראשו ובחורף — אדרת־שיער עם צווארון מן המעו־לים ביותר. בהילוכו שכולו אמר כבוד היה מידדה קצת, כביטוי לאפיו הסוער. שלש תפילות היו שמורות לו בבית־המדרש דחומה כשליח־ציבור, ודהיינו: תפילת־״נעילה״. לאחר יום־

הצום הארוך, מי יוכל להעלות כמוהו בפני השם יתברך את צרכי עם־ישראל? תפילת־„גשם” בשמיני־עצרת ותפילת „טל” בשביעי של פסח. כשהיה פונה לבורא בפסוקים: „זכור אב נמשך אחריך כמים”, או: „טל תן לרצות ארצך”, היה מורגש שהוא רואה את עצמו בן־בית אצל הקב”ה, משוחח אתו ומסביר לו את המבוקש ממנו בצורה מנומקת ומשכנעת... קולו היה ערב ורבים היו באים לשמוע לתפילתו.

הרגשת הקירבה לקב”ה באה לו מאמו דייכה. מספרים היו עליה, כי מדי קומה בכל בוקר משנתה עם אמירת „מודה אני”, היתה מקיימת שיחה עם הבורא ומוסרת לו דו”ח גם על בעלה ובניה... זו היתה מעין שיחה ידידותית בינה לבין קונה, שבה היא מעלה בפניו את אשר בלבה. מידה זו הורישה לבנה ר׳ יוסף.

כקנאי דתי הוא נלחם עם הציונים והציונות מלחמת־חרמה. וטעמיו ונימוקיו אתו: דחיקת הקץ, התנהגותם החפשית של הצעירים בא”י וכדומה. מזגו החם הביא לא־פעם להפרעות בביהמ”ד, כשהציונים רצו להעביר פעולה כספית למען הקק”ל, כמו: נדרים בעת קריאת התורה, קערות בערב יוה”כ, מכירת פסקי „אתה הראית” וכדומה.

אחד מבניו, נחמן, וכן שתי בנותיו עלו ארצה, והם העלוהו לא”י „הציונית”. הוא התישב בירושלים ועסק בשארית־ימיו בתורה.

ראוי לציין לשבחו, שבתרפ”ה, לפני עלייתי ארצה, הוא פגשני ואמר לי: „הנה קניתי סרט של הקק”ל. נוכחתי שאת הארץ צריכים לגאול, זו מצווה קדושה לכל יהודי”...

## ר׳ יעקב אורלאנסקי (”יאנקל מלאך”)

מתי ובגלל־מה הוא הוכתר בכינוי „מלאך” אין איש יודע. כפי־הנראה, כינוי זה נדבק לו עוד בימי שחרותו ונעוריו.

הוא היה מורה לקליגרפיה, ל„כתיבה תמה”, לכתב־יד יפה, פשוטו כמשמעו. ואכן, בהלכות „פאטשערק” (כתב־יד נאה) הוא היה אמן. כלל זה היה נקוט בסלונים: מי שלמד כתיבה יפה אצל יאנקל מלאך, חזקה עליו כי כתב־ידו מהודר, אותיותיו מעוגלות ומצוחצחות — פנינים ממש. ר׳ יעקב נתן את שיעוריו לכתיבה תמה במאורגן בכמה „חדרים” ובחדרים מתוקנים. הוא היה אדם נוח בדיבורו עם כל אדם ועם תלמידיו שחיבבוהו מאד. התלמידים שדעתו נחה מהם היו זוכים הימנו בצביטה שהיא כעין לטיפה, ואילו אלה שהרגיזוהו היו נענשים בצביטה ממש...

לקראת החגים, בסוף כל „זמן”, אם זה לפסח ואם זה לראש־השנה, היתה פרשה מיוחדת, בהכנת כתיבתו של מה שהיה נקרא: „אנטפאר” או בלשון־הקטנה: „אנטפארעלע”. זה היה מעין מכתב עטור מסגרת וכתוב בדיו אדומה. האותיות — עגלגלות ומלוות סלסולים. תוכן האנטפאר היה: ברכה להורים לשנה החדשה, ולפסח — ברכה לחג. גם חתימת השם היתה מלאכת־מחשבת מסולסלת ומצועצעת.

ר׳ יעקב היה בין מתפללי בית־המדרש דחומה. פניו של „יאנקל־מלאך” היו אמנם דומים לפני „מלאך”, כפי שהם מופיעים בציורים המצויים בשערי סידורי־תפילה, גמרות וספרי קודש אחרים. היה גבוה ובעל זקן־שיבה ארוך. ובשעה שהיה לבוש „קיטל” בימים נוראים ועליו הטלית הגדולה, או בהתפללו כשליח־ציבור, דומה היה ל„מלאך”, מלאכו של ישראל, המעלה בפני הקב”ה סניגוריה על עמו... גם בהיגוי המלים בתפילות ניכר היה בו המורה לכתיבה תמה, המעגל כל אות ומהדר אותה בסילסול וצליל.

בימי זקנתו המשיך בעבודתו כמנהגו מימים ימימה. הוא נשא אשה שניה בהיותו למעלה משבעים ואף בן נולד לו, בן־זקונים... הוא האריך ימים בסלונים.

## ר׳ יצחק אהרונוביץ

ר׳ יצחק אהרונוביץ היה משיירי דור־ההשכלה ונימנה על חשובי הקהלה ומכובדיה. תלמיד־חכם ומשכיל, היה מצוי אצל הספרות העברית. בנעוריו שיגר קורספונדנציות לעתונות העברית מזלבה עיירת־מולדתו. הוא השתקע אחרי נשואיו בסלונים וניהל את פנקסנות טחנת הקמח של קרובי־משפחה, האחים בילאוס. לאחר שנים נכנס לעסקי יערות, כרת עצים ברחבי בילורוסיה (בסביבת קוידאנוב), בפולסיה ובמקומות אחרים וכן שלח רפסודות עצים לגרמניה וראה ברכה בעסקיו.

כציוני נאמן, גמלה בו ההכרה להתישב בא”י. לתכלית זו ביקר בשנת 1914 בארץ ובדק את האפשרויות להתנחלות. הוא חזר לסלונים כדי לחסל את עסקיו ולעלות, אך בינתים פרצה מלחמת העולם ושמה לאל את תכניותיו.

בימי הכיבוש הגרמני על כל תלאותיו (ר׳ פרטים ב„תולדות הישוב”, כרך א׳ של פנקס־סלונים), הוא היה בין העסקנים שנרתמו לעבודת־העזרה. עשה לילות כימים למען עזור לנזקקים ולהקל מסבלם. ביתו הפך מרכז לאנשי־ציבור, שהיוו אז את וועד „עדת־ישראל”. על קבוצת עסקנים זו נמנו, בין היתר: ר׳ הלל־איסר ינובסקי, העסקן הגרודנאי שנקלע אז לסלונים ור׳ יעקב חננוביץ, שניצחו על עבודת־הסיוע הענפה. (שלשה אלה זכו לעלות ארצה בערוב יומם.) המפעל החשוב ביותר היה בית־התמחוי שסיפק תבשיל חם ולחם לכל דיכפין, שמספרם הגיע לאלפים.

יצחק אהרונוביץ היה מקובל על כל שדרות הציבור בעיר. היה מקדם פני כל אדם כעני וכעשיר, מעודד ומחזק ברכים כושלות בעזרה ממשית לנצרך. ביתו היה בית משכיל שומר מסורת. היה בין מתפללי „חברה־שטיבל” (של החברא־קדישא), ונמנה על ה„לומדים” המופלגים בבית־מדרש זה שהקדישו עתים לתורה יום־יום. בניו ובתו היחידה קבלו חנוך לאומי והשפה העברית היתה שגורה בפיהם.

בתקופה הפולנית חידש ר׳ יצחק את תכניתו לעליה. לשם זה ביקר שנית בארץ, בשנת 1925 לפתיחת האוניברסיטה. את בנו הצעיר הוא הכניס לבית־הספר החקלאי „מקוה־ישראל”, ובחזרו לסלונים הוא כיוון את מעשיו ועסקיו לקראת העליה הצפויה. את חסכונותיו הדלים הוא העביר לארץ, שם נרכש שטח אדמה ובנו חניך „מקוה” נטע עליו פרדס ובנה צריף שעתיד היה לשמש בית־מגורים למשפחה, כאשר הפרדס יתחיל להניב פרי.

גם בתקופה זו לא עזב ר׳ יצחק את העבודה הציבורית. בגין ישרו, שכלו החריף, תבונתו העמוקה והכרת עולם־המסחר, הוא טיפל מדי פעם בבוררויות בין סוחרים בענף מסחר העצים והמנסרות. חלפו שנים והפרדס בא”י גדל והניב פרי ובשנת

— זעט נאָר — האָט ר׳ אייזעלע איינמאָל גע׳דרשנ׳ט — ווי דער עולם נעמט אויף שירה און מוסר. אין „שיר־השירים״ שטעלט זיך שלמה פאָר נאָר מיט זיין נאָמען און דערמאָנט ניט קיין קעניגלעכן יחוס: „שיר־השירים אשר לשלמה״. אָ־בער וויבאַלד ס׳איז שירה — ווערט דער עולם אנטציקט און מען גייט אים גלייך אַנטקעגן מיט קושן: ישקני מנשיקות פיהו. אָבער ווען דער זעלבער שלמה זאָגט מוסר אין זיין קוהלת, איז כאָטש ער שטעלט זיך פאָר מיט זיין יחוס־אבות און יחוס־מלכות: „דברי קהלת בן דוד מלך בירושלים״, — קענען אים ניט ביישטיין ביידע זכויות. מען איז אים מבטל כעפרא דארעא מיט די ווערטער: „הבל הבלים אמר קהלת״...

*

דעם פסוק „ויקח מאבני המקום״, וועלכן די חז״ל האָבן פאַרשטייט, אַז די שטיינער פון מקום האָבן זיך געקריגט, און אויף וועלכן יעקב אבינו האָט געזאָגט אַז „אין זה כי אם בית אלקים״, האָט ר׳ אייזעלע מבאר געווען בזה הלשון:

— אויב די מחלוקת פון מקום האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז אַפילו די שטיינער קריגן זיך, איז דאָס ניט אַנדערש, ווי אַ שול אָדער אַ בית־מדרש...

*

בנוגע דעם איסור צו לערנען תורה אין דער ניטל־נאַכט, האָט אַ משכיל געפרעגט ר׳ אייזעלען:

— פאַרוואָס האָט מען ניט איינגעפירט, אַז משום „ספיקא דיומא״ זאָל מען ניט לערנען אין ניטל 2 טעג נאָכאַנאַנד?

האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט, אַז עס קומט שוין במילא אַרויס צוויי טעג ביטול־תורה, ווייל „אם תעזבנו יום — יומים אעזבך״.

*

אַ למדן האָט געשמועסט מיט ר׳ אייזעלען אין תורה און געזאָגט אייניקע חידושים, אין וועלכע ר׳ אייזעלע האָט דערקענט אַז זיי זיינען זיינע, אָבער דער למדן האָט ניט גע־ווּסט, אַז זיי זיינען דעם רב׳ס חידושים. אויף דעם האָט גע־זאָגט ר׳ אייזעלע:

— איצט פאַרשטיי איך דעם שכל פון: „הגונב מן הגנב — פטור״, ווייל דער וואָס גנב׳עט פון אייגנטימער פון דער גע׳גנב׳עטער זאַך ווייס וועמען אָפּצוגעבן די גניבה, אָבער דער וואָס גנב׳עט פון אַ גנב, — ווייס אַפילו ניט וועמען אומ־צוקערן די גניבה, און דעריבער איז ער פטור...

## הסכמות

אַ מחבר האָט אַריינגעשיקט זיין ספר צו ר׳ אייזעלען, ער זאָל אים געבן אַ הסכמה. כדי משפיע זיין אויף אים, האָט ער אים געשריבן, אַז ער האָט שוין הסכמות פון אייניקע רבנים. ר׳ אייזעלע האָט אַריינגעקוקט אין ספר, און, ניט גע־פינענדיק אים ראוי צו זיינע אַ הסכמה, האָט ער אים געענט־פערט קורץ:

— ס׳איז אַ ביפרושער מאמר: „איך בין מסכים און זיי זיינען מסכים. איך בין מסכים לדברי־תורה, און זיי זיינען מסכים לדברים בטלים (צו פּוסטע זאַכן)*.

*

אַ מחבר איז געקומען צו ר׳ אייזעלען נעמען אַ הסכמה אויף זיין ספר, וואָס איז געווען אין קבלה. ס׳איז שוין געווען פאַרנאַכט; האָט ר׳ אייזעלע פאַרגעלייגט דעם מחבר, אַז זיי זאָלן ביידע גיין דאַווענען מנחה־מעריב, און נאָכהער וועט ער זיך נעמען צום ספר. אין בית־המדרש האָט דער רב מכבד געווען דעם מחבר, ער זאָל דאַווענען פאַרן עמוד. צוליב אימתא דציבורא, האָט דער מחבר זיך כסדר טועה געווען, און אין חזרת־הש״ץ האָט ער געמאַכט איין גרייז נאָכן צווייטן.

נאָכן דאַווענען, אַנטשולדיקט זיך דער מחבר:

— רבי, איך בין ניט קיין בעל־תפלה, און זעלטן אַז איך שטיי ביים עמוד, ווי פאַלט אייך גאָר איין מיר מכבד זיין צום עמוד?

— איך האָב דאָס געמאַכט מיט כוונה, — שמייכלט ר׳ אייזעלע, — איר ווילט פון מיר אַ הסכמה אויף אַ קבלה־ספר. אָבער איך קען זיך ניט אויף קבלה. האָב איך אייך געוואָלט אויספּרובירן, צו איר זייט אַ „מקובל״, צו ניט. צו דעם צוועק האָב איך אייך מכבד געווען מיטן עמוד. אַ מאמר־חז״ל דער־ציילט, אַז ווען ר׳ חנינא בן דוסא האָט מתפלל געווען אויף אַ חולה, האָט ער געזאָגט: אם שגורה תפלתי בפי יודע אני שהוא „מקובל״ (ברכות ל״ד). אויב מיין תפילה גייט פליסיק, אָן גרייזן, — איז אַ סימן, אַז „מקובל״... פון אייער דאַווענען מיין איך, אַז ס׳איז אַ גרויסער ספק, צו איר זייט אַ מקובל...

*

ר׳ אייזעלע האָט מעיין געווען אין אַ ספר, וואָס אַ מחבר האָט אים געבראַכט, און האָט אויסגעפונען, אַז דער מחבר האָט פאַרעפנטלעכט פרעמדע חידושי־תורה אונטער זיין אייגענעם נאָמען.

שמועסנדיק אין דברי־תורה, האָט געבעטן דער מחבר דעם רב, ער זאָל אים אָנווייזן אַ פּאָר מענטשן אין שטאָט, וועמען ער קען פאַרקויפן דעם ספר. דער רב האָט אים געגעבן אַן אַדרעס און דער מחבר איז אַהין אַוועקגעגאַנגען. דער בעל־דבר האָט אויפגענומען דעם מחבר מיט אַ זויערע מינע און האָט אים אַריינגעזאָגט:

— וואָס האָב איך צו טאָן מיט ספרים? איך קען אַפילו ניט לייענען אין זיי.

דער מחבר האָט זיך געטראָפן באַליידיקט און איז צוריק־געקומען צו ר׳ אייזעלען מיט אַ טענה: פאַרוואָס, רבי, האָט איר געמאַכט חוזק פון מיר?

— איך האָב ניט געהאַט קיין שום שלעכטע כוונה, — שמייכלט ר׳ אייזעלע, — אדרבא, איך האָב געמיינט אייער טובה. היות ווי יענער מענטש האַנדלט כל ימיו מיט גע׳גנב׳ע־טע סחורה, האָב איך געמיינט, אַז ער וועט זיכער קויפן אייער ספר...

*

בעטנדיק ר׳ אייזעלען ער זאָל מסכים זיין אויף זיין ספר, האָט אַ מחבר זיך געקלאָגט, אַז ער איז קראַנק און מוז אָנקו־

* דאָס איז אַ וואָרט־שפּיל. אין ברכות כ״ח שטייט: „אני משכים והם משכימים. אני משכים לדברי תורה, והם משכימים לדברים בטלים״.

מען צו דאָקטוירים; ר׳ אײזעלעס הסכמה אויפֿן ספֿר וועט אים ברענגען אַ סך קונים, וועט ער האָבן גענוג איינקונפֿט כדי צו צאָלן די דאָקטוירים.

דערהערנדיק אַזאַ טענה, האָט ר׳ אײזעלע איר אָפּגעשלאָגן:

— מיר האָבן אַ ראיה פֿון גמרא, אַז ס׳איז גלײכער זײַן קראַנק אײדער צו בעטן אַ הסכמה... די גמרא דערציילט, אַז כדי חזקיהו און ישעיהו זאָלן זיך טרעפֿן, האָט גאָט קראַנק געמאַכט חזקיהו, כדי ישעיהו זאָל אים קומען מבקר־חולה זײַן. אײגנטלעך האָט דאָך געקענט זײַן אַנדערש און נעמלעך: מיר ווייסן, אַז חזקיהו איז געווען אַ למדן און ישעיהו איז דאָן געווען דער גדול הדור. האָט דאָך חזקיהו געקענט מחבר זײַן אַ ספֿר און גיין צו ישעיהו בעטן אַ הסכמה, און אַזוי־אַרום וואָלטן זיי זיך געטראָפֿן. דאָס באַווײַזט אונדז, אַז ס׳איז שוין בעסער זײַן קראַנק און לײַדן יסורים, אײדער צו זײַן אַ מחבר און בעטן אַ הסכמה...

✶

אַ מחבר האָט געמאַכט אַ ביאור אויפֿן ספֿר „יערות הדבש״ פֿון הגאון ר׳ יהונתן אײבשיץ און געבעטן בײַ ר׳ אײזעלען אַ הסכמה. דער רב האָט אַרײַנגעקוקט אין ביאור און אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג:

— וועגן יהונתן בן שאול, וועלכער האָט פֿאַרזוכט די האָניק אין וואַלד, שטייט אין תנ״ך: „וישלח את קצה המטה אשר בידו ויטבול אותה ביערת הדבש״ (שמואל א׳, י״ד). די ווערטער „אשר בידו״ וואָס באַציִען זיך צום עק פֿון שטעקן וואָס ער האָט געהאַלטן, שײַנען צו זײַן איבעריק. ווײַל עס איז פֿאַרשטענדלעך, אַז ער האָט געהאַלטן דעם שטעקן אין האַנט. אָבער דער פּסוק ווײַזט דאָ אָן, אַז ער האָט אײַנגעטונקט בפּירוש דעם עק שטעקן וואָס ער האָט געהאַלטן, און ניט דעם צווייטן עק וואָס רירט אָן די ערד. דאָס האָט ער געטאָן, כדי ניט צו פֿאַרשמוציקן די האָניק. יהונתן בן שאול האָט זיך געהיט כדי ניט מטנף זײַן די האָניק — און איר, בעל־הביאור, היט זיך ניט, און איר האָט מטנף געווען די האָניק פֿון „יערות־הדבש״...

✶

אַ מחבר האָט געבראַכט צו ר׳ אײזעלען אַ חיבור מיטן נאָמען „חן טוב״. דער רב האָט מעיין געווען אין ספֿר און אַרײַנגעזאָגט דעם מחבר:

— שלמה המלך האָט געזאָגט: „שכל טוב יתן חן״ (משלי יג,׳ טז׳). אָבער „חן טוב״ יתן שכל — דאָס זעט זיך ניט אַרויס פֿון אײַער ספֿר...

✶

אַ ישיבה־מאַן האָט געבראַכט ר׳ אײזעלען זײַנעם אַ חיבור, ער זאָל זאָגן אויף דעם אַ מיינונג. דער רב האָט אים געהייסן קומען אין אַ פּאָר טעג, און ער וועט דערווײַל אַרײַנקוקן אין ספֿר. ווען דער ישיבה־מאַן איז צוריקגעקומען, האָט אים ר׳ אײזעלע אַ קלאַפּ געטאָן איבערן פּלײצע און געזאָגט שמייכלענדיק:

— שרײַבט, שרײַבט, יונגערמאַן, — און איר וועט אַזוי פֿאַרבעסערן אײַער האַנטשריפֿט...

✶

וועגן בעלי־מחברים פֿון זײַן צײַט האָט ר׳ אײזעלע געזאָגט:

— אַמאָל, אַז עמיצער האָט מחדש געווען וויכטיקע חידושי־תורה און מען האָט דאָס נאָכהער געפֿונען אָפּגעדרוקט אין אַ ספֿר, פֿלעגן לומדים און מוקירי־תורה זיך פֿרייען מיטן מחבר און מיט די חידושים. און היינט געפֿינט איר אָפּגעדרוקט וואָס איר ווילט נאָר, גוטע און שלעכטע, גרויסע און קליינע זאַכן, דברי־טעם און דברי־שטות, ווײַל אין ענין „דרוק״ איז עפּעס געוואָרן קאַליע, און פֿון „דפוס״ (דרוק) איז געוואָרן „ספּוד״ (אַ קלאָג)...

## חסידים און מתנגדים

ר׳ אײזעלע, וועלכער איז געווען אַ מתנגד און האָט ניט געהאַלטן פֿון די חסידישע מנהגים, פֿלעגט זיך ניט אַרומגאַרטלען מיט אַ גאַרטל בײַם דאַווענען, ווי ס׳פֿירן זיך חסידים. אַ חסיד האָט אים אײן מאָל דערזען אָן אַ גאַרטל בײַם דאַווענען און האָט זיך פֿאַרוווּנדערט. ר׳ אײזעלע האָט אים געענטפֿערט, אַז מתנגדישע רבנים זײַנען יוצא מיט אַ גאַרטל אויף די אונטערהויזן. דעם חסיד איז דאָס נאָך אַלץ געווען קשה און ער האָט געפֿרעגט:

— ס׳טײַטש, אונדזערע רביים טוען אָן אַ גאַרטל אויף די הויזן...

— ס׳איז גאַנץ פּשוט, — זאָגט אַרײַן ר׳ אײזעלע, — אַ כשרע ספֿר־תורה פֿאַרגאַרטלט מען אונטערן מענטעלע, און אַ פּסולע — איבערן מענטעלע...

✶

מען האָט געפֿרעגט בײַ ר׳ אײזעלען, פֿון וואַנען נעמט זיך דער מנהג, אַז בײַ חסידים אין אַ יאָרצײַט מאַכט מען אַ הילולא און מען פּראַוועט אַ סעודה, און בײַ מתנגדים איז אַ יאָרצײַט — אַ טאָג פֿון קלאָגן און טרויערן. ר׳ אײזעלע האָט דאָס פֿאַרענטפֿערט מיט אַ אסמכתא פֿון דער תורה:

— ווען משה רבינו איז אַרויף אין הימל, — ס׳איז נאָך דאָן געווען פֿאַר מתן־תורה, — האָט ער זיך געפֿירט ווי אַ חסידישער רבי, אין פּרישות און אין תענית פֿון 40 טעג און 40 נעכט. ווען דער עולם האָט געזען, אַז משה פֿאַרזאַמט זיך דאָרט אַזוי לאַנג, האָט ער געמיינט, אַז ער איז געשטאָרבן. ווי אַזוי האָט דער עולם רעאַגירט? — אויף דעם שטייט אין דער תורה: „וישב העם לאכול ולשתות ויקומו לצחוק״. — זיי האָבן זיך געזעצט צו אַ מאַלצײַט און זיך געלאָזט ווײַלגיין. דאַקעגן נאָך מתן־תורה האָט זיך משה געפֿירט ווי אַ מתנגדישער רב, וואָס איז מקפּיד אויף מצוות און לימוד־התורה. און ווען ער איז נפֿטר געוואָרן, האָבן די בני ישראל אים באַוויינט און געטרויערט 30 טעג...

✶

סלאָנימער חסידים האָבן אַמאָל זיך געריצט מיט ר׳ אײזעלען: איר זײַט טאַקע אַ גרויסער למדן און רב אָבער ניט קיין בעל־מופֿת. דאַקעגן אונדזער רבי, דער בעל „חסד־לאַבֿרהם״ איז אַ בעל־מופֿת.

האָט זיי געענטפֿערט ר׳ אײזעלע:

— עס שטייט אין דער תורה: „כי יקום בקרבך נביא או חולם חלום ונתן לך אות או מופת״ (דברים יג׳ ב׳). פרעגט זיך אַ קשיא: ס׳האָט דאָך געדאַרפט זיין „אות ומופת״ און ניט „אות או מופת״. — אַלא וואָס, דאָס ווייזט אונדז, אַז ביידע זאַכן צוזאַמען קענען ניט זיין. דער וואָס קען אַן אות, קען ניט ווייזן קיין מופת, און דער וואָס ווייזט אַ מופת, קען ניט קיין אות...

## אין קהל־שטיבל

אַ פרוי איז געקומען צו בית־דין מיט אַ טענה, אַז איר מאַן האָט איר פאַרלאָזן. ניט ער איז איר מפרנס, און ניט ער גיט איר אַ גט. ר׳ אייזעלע האָט געשיקט רופן דעם מאַן און געפּרוּווט אַריינרעדן אין אים וועגן שלום־מאַכן מיט זיין ווייב. דער מאַן האָט אָבער אָפּגעענטפערט קורץ און שאַרף, אַז ער האָט איר פיינט און קען מיט איר ניט לעבן.

— אויב אַזוי, —זאָגט דער רב, — טאָ גיב איר אַ גט.

— מסכים, — ענטפערט יענער, — זאָל זי מיר געבן 100 רובל און איך גט איר.

— 100 רובל? — וויינט און קלאָגט די פרוי, — פון וואַנען זאָל איך נעמען, אַז איך האָב ניט קיין גראָשן ביי דער נשמה?

— אויב אַזוי, — ענטפערט גראָב דער מאַן, — וועט זי בלייבן אַן עגונה אַ גאַנצן לעבן.

ר׳ אייזעלע האָט דערזען וואָס פאַר אַ האַרטן בעל־דבר ער האָט פאַר זיך, איז ער צוגעגאַנגען צום ספרים־שאַנק, אַ־אַרויסגענומען די מסיכתא קידושין און אַרויסגעלייענט פון דער ערשטער משנה: „האשה קונה את עצמה בגט ובמיתת הבעל״ — די אשה קויפט זיך אויס מיט אַ גט און מיטן מאַנס טויט.

— איצט, האָסטו אַ ברירה, — פסקנט ר׳ אייזעלע, — מיט וואָס דיין פרוי וועט זיך אויסקויפן...

דער מאַן האָט זיך דערשראָקן און גלייך מסכים געווען צום גט.



ר׳ אייזעלע האָט איין מאָל אָנטיילגענומען אין אַן אסיפה פון סלאָנימער פרנסים און חשובע בעלי־בתים וועגן קהל׳שע ענינים. צווישן זיי איז געווען אַ פרנס מיטן נאָמען ר׳ זאב־וואָלף, וועלכער האָט פון לאַנג געטראָגן אַ „שווערע האַרץ״ אויפן רב. ר׳ זאב האָט אויף דער אַסיפה כסדר אָפּגעשלאָגן דעם רב׳ס רייד.

אַז ר׳ אייזעלע האָט געזען, אַז דער פרנס גרייפט אים אָן און שטייט אים אין וועג פון זיינע פאַרשלאָגן, האָט ער אָנגענומען אַ פלפול־לשון:

— רבותי, — האָט ער געזאָגט, — אויף היינטיקער אַ־סיפה איז מיר קלאָר געוואָרן אַ מאמר אין תלמוד, וועלכן איך האָב קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען ווי ס׳דאַרף צו זיין: עס שטייט אין ברכות: „מאימתי קורין את שמע — משיכיר בין זאב לכלב״. פון ווען־אָן מעג מען לייענען קריאַת־שמע? — ווען ס׳איז גענוג ליכטיק צו אונטערשיידן אַ וואָלף פון אַ הונט.

אין דעם מאמר שטעקט דאָך אַ שטרויכלונג, ווייל ווער ווייס ניט, אַז אַפילו אין דער פינצטער קען מען לייכט אונטער־שיידן אַ וואָלף פון אַ הונט? — אַ הונט ווען ער דערשמעקט אַ מענטשן, בילט ער, און אַ וואָלף בילט ניט. קומט דאָך אויס לויט דעם, אַז אַפילו אין מיטן נאַכט וואָלט מען שוין געקענט זאָגן קריאַת־שמע של שחרית... אָבער אויף דער היינטיקער אַסיפה האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אויך אַ וואָלף קען בילן ווי אַ הונט. אויב אַזוי קען מען דאָך אין דער פינצטער ניט אונטערשיידן צווישן זיי, ווייל ביידע בילן. זיינען דעריבער גערעכט די חז״ל, אַז קריאַת־שמע מעג מען זאָגן נאָר ווען מען קען שוין ביים ליכט פון מאָרגנשטערן אונטערשיידן צווישן אַ וואָלף און אַ הונט...

## כלי־קודש

אַ סלאָנימער שוחט, וואָס האָט עובר געווען אַן עבירה, איז געוואָרן געקנס׳ט דורך ר׳ אייזעלען, אַז ער טאָר ניט שעכטן קיין בהמות, נאָר עופות.

טענה׳ט דער שוחט: פאַרוואָס דווקא בהמות ניט?

— גאַנץ פּשוט, — ענטפערט ר׳ אייזעלע, — מיר האָבן געלערנט, אַז אַ חוטא ווערט באַטראַכט ווי סתם אַ שוטה, אַ בהמה (סוטה ג׳). הייסט דאָס, אַז אויב אַ שוחט, אַ חוטא, וואָס איז געגליכן צו אַ שוטה, אַ בהמה, וועט שעכטן אַ בהמה, — וועט דאָך דאַן עובר זיין אויפן לאו פון: „לא תעמוד על דם רעך״ (קדושים י״ט)...



אַ מגיד איז געקומען קיין סלאָנים האַלטן אַ דרשה. דער מרא דאתרא ר׳ אייזעלע האָט דערשמעקט אין מגיד, אַז ער איז אַ קנאַפּער ירא־שמים און האָט אים ניט געגעבן קיין רשות צו דרש׳ענען. האָבן די בעלי־בתים זיך אָנגענומען פאַרן מגיד.

— היתכן? אַ מגיד איז דאָך געוויס אַ ירא־שמים. טאָ פאַר וואָס, רבי, האָט איר אים גע׳פּסל׳ט?

ענטפערט ר׳ אייזעלע: ס׳איז נאָך ניט קיין ראיה, אַז סתם אַ מגיד איז אַ ירא־שמים. אויפן פּסוק „ויאמר ליוסף הנה אביך חולה״ (פּרשה ויחי) זאָגט רש״י: „אחד מן המגי־דים״, דאָס האָט אַ מגיד אָנגעזאָגט יוסף׳ן די בשורה. פרעגט זיך, ווי קומען מגידים אין מצרים? פון דעם איז אַ ראיה, אַז ס׳קענען געמאָלט זיין אויך מגידים, גויים, וואָס האָבן ניט קיין יראת־שמים...



ר׳ אייזעלע האָט זיך אמאָל צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ חזן אויף אַ סעודה־מצוה. ביים טיש איז דער חזן געוואָרן אַ ביסל בגילופנ׳דיק און האָט געזאָגט דעם רב:

— רבי, מען זאָגט אַ חזן איז אַ נאַר. יעדער איינער וועט מודה זיין, אַז כ׳בין ניט קיין נאַר.

— פון אייך איז קיין ראיה ניט, — שמייכלט ר׳ אייזע־לע, — ווייל חז״ל זאָגן: „אין מביאון ראיה מן השוטים״ (שבת ק״ד).

## פרנסים, גבירים, בעלי־בתים

ר׳ אייזעלע האָט נישט געשעצט איבעריקס קיין גבירים. ער פלעגט זאָגן:

— איך האָב געקענט אַ סך גבירים און אַלע האָבן זיי געזוכט כבוד צוליב זייער מכלומרשטער חכמה. דאַרף מען נאָך האָבן אַ בעסערע ראיה, ווי דאָס מודה זיין זיך פון די גבירים אַליין, אַז רייכקייט איז ניט ראוי צו כבוד? — אַלאַ וואָס זייער „חכמה״? — זייער חכמה וועט ווערן אָפּגעשאַצט ווי געהעריק ערשטן דאַן, ווען זיי וועלן ווערן אויס עושר...



ר׳ אייזעלע האָט צוליב זיין תקיפות און טראַציקייט געהאַט אַ סך שונאים. נאָר אַזוי ווי מען האָט מורא געהאַט פאַר זיין שאַרפע צונג, האָבן די שונאים איינגעהאַלטן זייער שנאה און זיך פאַרשטעלט ווי זיינע גוטע פריינט.

וועגן דעם האָט זיך ר׳ אייזעלע איין מאָל אויסגעדריקט בזה הלשון:

— מיין מזל איז שוין אַזאַ, אַז ווי נאָר איך שאַף זיך איין אַ גוטן פריינט, וואַקסט מיר אויס אַ שונא אַנטקעגן. אָרט דאָס מיר ניט, ווייל דער חשבון גלייכט זיך אויס: אַ גוטער פריינט קעגן אַ שונא. ערגער איז מיט אַ שונא, וואָס פאַרשטעלט זיך פאַר אַ גוטן פריינט, ווייל דורך אים באַקום איך צוויי שונאים: אים אַליין און דעם שונא וואָס וואַקסט מיר אויס אַנטקעגן...



איינער פון די סלאָנימער גבירים אין ר׳ אייזעלעס צייטן איז געווען אַ גרויסער קמצן. ער פלעגט זיך ניט פאַרגינען אַפילו זיין אייגענעם שטיקל ברויט. וועגן אַ נדבה פאַר אָרעמע לייט — איז דאָך אָפּגערעדט.

אין אַ צייט אַרום איז דער גביר עולה געווען אין ארץ־ישראל. ער האָט זיך דאָרט באַשעפטיקט מיט פאַרלייען געלט אויף פּראָצענט. גראָד איז געווען אין טערקיי אַ מלחמה, און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער לאַגע אין ארץ־ישראל. דער גביר האָט זיך פאַרדרייט אין זיינע הלוואות און ער האָט פאַרלאָרן זיין גאַנצן האָב און גוטס. נקי פון זיין פאַרמעגן האָט ער זיך צוריקגעקערט אין סלאָנים. קורץ נאָך דעם איז ער געשטאָרבן.

זיינען געזעסן ביי ר׳ אייזעלען איייניקע מקורבים און מען האָט געשמועסט וועגן דעם נפטר.

— ער האָט געלעבט ווי אַ נאַר און געשטאָרבן ווי אַ נאַר, — רופט זיך אָפּ איינער. ווען ער וואָלט זיך ניט אַזוי איילן צוריקפאָרן אין סלאָנים, וואָלט ער דאָך זוכה געווען צו שטאַרבן און קומען צו קבורה אין ארץ־ישראל.

— ניין! — זאָגט ר׳ אייזעלע. — ער האָט געהאַנדלט לויט זיין דעה און ווילן. זיין געלט איז אים געווען טייערער ווי זיין גוף. און וויבאַלד אַזוי האָט ער די געלט, וואָס ער האָט אַזוי געשאַנעוועט, באַגראָבן אין ארץ־ישראל. דאַקעגן זיין גוף האָט ער ווייניקער געשאַנעוועט און מקבר געווען אין גלות...



ר׳ אייזעלע איז געקומען צו אַ גביר אַ קמצן נאָך אַ נדבה. איידער ר׳ אייזעלע איז אַריינגעגאַנגען אין צימער, האָט דער גביר, דערהערנדיק אַז דער רב גייט, זיך באַהאַלטן אין שאַנק. דער רב האָט דאָס אָבער באַוויזן צו באַמערקן. רופט ער זיך אָפּ צום פּרנס וואָס האָט אים באַגלייט:

— איצט פאַרשטיי איך בעסער דעם מאמר חז״ל: „גדולה הכנסת אורחים יותר מקבלת פני השכינה״ (שבת קכ״ז). עס קומט דאָך אויס קשה׳דיק אַז הכנסת־אורחים איז חשוב׳ער ווי מקבל־פּנים זיין די שכינה. ווען משה רבינו האָט געזען דעם ברענענדיקן סנה און האָט דערהערט ווי דער רבונו של עולם רופט אים, האָט ער באַהאַלטן דעם פּנים. „ויסתר משה פניו״ (שמות ג׳ ו׳). און איצט ביים אויפנעמען אַן אורח באַהאַלט זיך אַ ייד אינגאַנצן... איז שוין נישט קשה יענער מאמר חז״ל.



ר׳ אייזעלע איז געקומען צו אַ צווייטן קאַרגן גביר, וועלכער איז דערצו נאָך געווען אַ גראָבער יונג, און געבעטן אַ נדבה פאַר אַ וויכטיקן צוועק, באַטאָנענדיק די גרויסע מצווה וואָס ער וועט זוכה זיין.

דער גביר האָט אים גראָב אָפּגעענטפערט:

— איך האָב שוין גענוג מצוות, איך בעט אייך, זייט מיר ניט מזכה מיט נאָך מצוות...

אַרויסגייענדיק, זאָגט ר׳ אייזעלע צו זיין באַגלייטער:

— איך האָב זיך שטענדיק געוווּנדערט אויפן מאמר חז״ל: „ריקנין שבך מלאים מצות כרימון״ (סנהדרין ל״ז). דער מאמר מיינט דאָס טאַקע אַזאַ ריקא און גראָבן יונג, וואָס טענה׳ט, אַז ער האָט גענוג מצוות...



ר׳ אייזעלע איז אַראָפּגעפאָרן פון סלאָנים אויף אַ שבת אין אַ נאָענטע שטעטל. שבת ביים דאַוונען איז ניט דער מרא דאתרא פון סלאָנים, נאָר איינער פון די שטעטלשע גבירים אויפגערופן געוואָרן צו שלישי. נאָכן דאַוונען האָט ר׳ אייזעלע אַריינגעזאָגט דעם גבאי: אויף אַזוי פיל גיט איר דאָס אָפּ כבוד גבירים?

דער גבאי האָט געהאַט אַ גוטן תירוץ און אַריינגעשושקעט דעם רבי׳ן אין אויער אַריין, דער גביר זאָל ניט הערן:

— רבי, דאָס איז ניט צוליב כבוד, נאָר צוליב יראה. דער גביר האָט חשיבות ביי דער היגער שררה אין זכות פון זיין טאָכטער.

אויך דער גביר איז נאָכהער צוגעגאַנגען צו ר׳ אייזעלען מיט אַ „גוט־שבת״. זאָגט אים דער רב:

— איך האָב שוין געהערט וועגן אייך. אַ סברא, אַז רש״י האָט אייך מקדים געווען.

קוקט דער גביר מיט פאַרוווּנדערונג: וואָס האָב איך צו טאָן מיט רש״י?

ר׳ אייזעלע איז ניט געבליבן שולדיק און האָט דער־קלערט:

— אין חומש ווערט דערציילט וועגן די פינף מלכים פון מדין. דער מיוחס־דיקסטער פון זיי איז געווען צור, וועלכער האָט מפקיר געווען זיין טאָכטער (במדבר, כה׳ טו׳). אין דער רשימה פון די פינף מלכים פאַרנעמט אָבער צור דעם דריטן אָרט. רש״י פאַרטייטשט דאָס אין דעם זין, אַז צוליב׳ן מפקיר זיין זיין טאָכטער, האָט צור באַקומען דעם שלישי אין דער רשימה פון די מלכים...



ר׳ אײזעלע איז געװען „ניט מיט אַלעמען״. זײנען גע־קומען אים מבקר־חולה זײן פּרנסים און ראשי הקהל. אײנער אַ גביר, אַ פּוסטער בעל־גאוה װאָס האָט זײער געהאַלטן פון זיך און גרינגגעשעצט תלמידי־חכמים, האָט אים אויך באַזוכט. כדי צו מינדערן פון כבוד װאָס ער האָט אָפּגעגעבן דעם רב, האָט ער דערקלערט גלײך בײם אַרײנגײן:

— אײגנטלעך האָב איך געדאַרפט זײן דאָ, אין גאַס װעגן אַן ענין. און דעריבער בין איך שױן אַרײן, אַגב־אורחא, צו אײך, מבקר־חולה זײן.

ר׳ אײזעלע האָט פאַרשװיגן. אָבער װען — נאָך אַ קורצן שמועס װעגן דאָס און יענץ, האָט דער גביר זיך געקליבן אַװעקגײן, האָט אים ר׳ אײזעלע „אָפּגעצאָלט״ מיט דער זעלבער „מטבע״:

— דעם אמת געזאָגט, — שמײכלט ער, — האָב איך אַ באַדערפעניש צו גײן אין אַ געװיסן אָרט, װאָס געפינט זיך אין קאָרידאָר בײם אַרײנגאַנג. איז װיבאַלד אַזױ, װעל איך אײך שױן, אַגב־אורחא, באַגלײטן ביז דער טיר...



אַ גביר, אַ פּראָסטער נפש, װאָס האָט ניט געהאַט קײן שום אָפּשײ (כבוד־געפיל) צום מרא דאתרא, איז געשטאַנען שבת אויף׳ן באַלקאָן פון צװײטן שטאָק, װו ער האָט געװוינט, װען ר׳ אײזעלע מיט מקורבים איז געגאַנגען פון שול. דער גביר האָט געװאָלט פאַרטשעפּען דעם רב און האָט אַראָפּגעשריִען:

— רבי, װעלכע סדרה איז הײנט?

ר׳ אײזעלע האָט דעם עזות־פּנים דװקא געענטפערט גוטמוטיק:

— איך בין שױן ניט קײן יונגערמאַן, דערזע איך ניט די קלײנע אותיות אין חומש. נאָר „אויבן״ (געמײנט די גרױסע אותיות) האָב איך אָבער געזען שטײן „קורח״...



אַ בעל־מחלוקת און דערצו אַן עם־הארץ מיטן נאָמען ברוך פלעגט אויף אַסיפות זיך שטענדיק רײסן צום אויבן־אָן. אײן מאָל, אויף אַן אַסיפה, װו ס׳איז געװען אַנװעזנד ר׳ אײזעלע, האָט זיך אָט דער ברוך געזעצט אויבן־אָן און געזאָגט דעות.

רופט זיך אָפּ דער רב:

— ס׳שטײט אין פּרקי אבות: „שנו חכמים בלשון המשנה ברוך״ (אבות, ו׳ א׳). אײגנטלעך, װי קומט ברוך צו די חכמים? נאָר דער תירוץ איז, — גיט אַ געשרײ דער רב, — ברוך, גײט אַראָפּ!...



אַ גביר, צו װעמען ר׳ אײזעלע איז געקומען װעגן אַ צדקה־זאַך, האָט געזאָגט דעם רב:

— איר זעט, רבי, אַז אַ גביר איז חשוב׳ער װי אַ רב. אָט קומען רבנים כסדר צו די גבירים נאָך געלט.

ר׳ אײזעלע האָט אים געענטפערט: יע, אוודאי. גײט דען אַ קראַנקער צום דאָקטער? דער דאָקטער גײט צום קראַנקן...



ר׳ אײזעלע האָט געזאָגט צו אַ פּרנס, װאָס איז ניט געװען קײן נקי־כפּים:

— אַ דאַנק אײך פאַרשטײ איך דעם מאמר חז״ל: „הראהו הקב״ה דור דור ושופטיו דור דור וחומסיו״ (מדרש ויקרא כ״ז). דער אויבערשטער האָט באַװיזן משה רבינו די שופטים פון יעדן דור צוזאַמען מיט די חומסים, װײל ס׳איז אײנס און דאָס זעלבע...



בין כסא לעשור זײנען געזעסן בײ ר׳ אײזעלען אײניקע בעלי־בתים און פּרנסים און מען האָט געשמועסט מעניני דיומא. צװישן זײ איז געװען אַ בעל־הבית װאָס האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דערקלערט „שמיטה״ און ניט געצאָלט קײן חובות. אַז ס׳איז געקומען צו רײד װעגן מנהגים פון די עשרת ימי־תשובה, האָט דער באַנקראָטשיק חוזק געמאַכט פון מנהג צו באַשמירן די „המוציא״ מיט האָניק. רופט זיך אָפּ ר׳ אײזעלע צו אים:

— אַלץ גלײכער אַ המוציא מיט האָניק, װי „המוציא מחברו״...



ר׳ אײזעלע האָט אַמאָל בעידנא דריתחא געזאָגט צו אײניקע סלאָנימער פּרנסים און בעלי־בתים:

— איר האָט דען מיר געמאַכט פאַר אַ רב? חלילה־וחס! איך האָב געמאַכט סלאָנים פאַר אַ שטאָט און אײך פאַר סלאָנימער בעלי־בתים!



מען האָט אײן מאָל אין ר׳ אײזעלעס אַנװעזנהײט אָנגערופן אײנעם אַ קאַרגן גביר, אַז ער איז אַ קמצן, אַ חזיר.

ר׳ אײזעלע האָט זיך אָפּגערופן: איר װײסט פאַרװאָס מען רופט אַ גביר אַ חזיר? — װײל די גמרא זאָגט: לית דעניא מכלבא ולית דעתיר מחזירא (מסכתא שבת, קנ״ה ע״ב). ס׳איז נישטאָ נאָך אַן אָרעמאַן װי דער הונט און נאָך אַזאַ רײכער װי דער חזיר...



אַ סלאָנימער בעל־הבית האָט אײן מאָל גערעדט רכילות און דערצײלט ר׳ אײזעלען, אַז אַ געװיסער פּרנס האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער איז אַ שװאַכער למדן. ר׳ אײזעלע איז געװאָרן אין כעס, געכאַפּט זײן שטעקן און געזאָגט: איר זײט װערט מלקות װאָס איר האָט דאָס איבערגערעדט פאַר מיר, און דער פּרנס איז װערט מלקות װאָס ער האָט דאָס געזאָגט!



## השכלה און משכילים

אַ משכיל אַ גלוח האָט זיך געטראָפן מיט ר׳ אײזעלען. פרעגט אים דער רב: װאָס זײט איר אַ כהן, צו אַ לוי?

ענטפערט אים דער גלוח מיט אַ פראַגע: װאָס עפּעס איז אײך אײנגעפאַלן, אַז איך בין אַ כהן אָדער אַ לוי?

— גאַנץ פּשוט, — שמײכלט דער רב, — װײל װי קײן „ישראל״ זעט איר ניט אויס...



אַ משכיל האָט געפרעגט ר׳ אײזעלען:

— פאַרװאָס שטײט אין פּרק „שבעה דברים בחכם וחילופיהן בגולם״ (אבות, ה׳, ט׳) — און נישט פאַרקערט: שבעה דברים בגולם וחילופיהן בחכם?

— פון אײער שטעלן די פראַגע קען מען פאַרשטײן דעם

תירוץ, — האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט — ווייל ווי עס זאָל ניט שטיין אין פּסוק, וועט דער גולם אַלץ שטעלן די זעלבע קשיא: פאַרוואָס שטייט ניט פאַרקערט?

★

אַ משכיל, וואָס האָט שטענדיק חוזק געמאַכט פון געוויסע פּירושים פון מדרש, האָט געפרעגט ר׳ אייזעלען:

— אין פּרשת וישלח זאָגט דער מדרש: „ששים ריבוא כלבים היו ליעקב אבינו ששמרו את צאנו". אַזש 600 טויזנט הינט האָבן געהיט יעקב׳ס שעפּסן. פרעגט זיך: ווי האָט יעקב אבינו געקענט אַריינעמען זעקס הונדערט טויזנט כלבים? און ווי האָט ער זיי געקענט געבן עסן? — צי איז דען דאָס ניט אַ בבא־מעשה?

ענטפערט אים ר׳ אייזעלע:

— טאַקע פון מדרש אַליין קענען מיר לערנען דעם פּשט: אין מדרש ווערט געזאָגט, אַז ווען רבי האָט דערציילט, אַז אַ פּרוי האָט געהאַט ששים ריבוא קינדער, האָט ער מיט דעם געמיינט די מוטער פון משה רבינו, יוכבד׳ן, ווייל משה רבינו איז געווען שקול ווי ששים ריבוא יידן. און פון דעם קען מען לערנען אַ פאַרגלייך מיטן מדרש וועגן יעקב אבינו: ששים ריבוא כלבים —מיינט צו זאָגן, אַז ער האָט געהאַט אַזאַ גרויסן כלב ווי דו, וואָס איז שקול ווי ששים ריבוא כלבים...

★

אין מאָל ווען ר׳ אייזעלע איז געקומען דאַוונען, האָט גראָד געפעלט איינער צום מנין. האָט דער שמש אַריינגעבראַכט אַ משכיל אַ קורץ־געקליידעטן.

פרעגן די מתפּללים דעם רב: צו קען מען מצרף זיין אַזאַ איינעם צום מנין?

האָט ר׳ אייזעלע געענטפערט: ס׳שטייט דאָך אַ בפירושער פּסוק: העשירי יהיה קודש לה׳ לא יבקר בין טוב לרע... (ויקרא כז׳, לב־לג).

★

אַ משכיל וואָס האָט חוזק געמאַכט פון מנהגים האָט גע־פרעגט ר׳ אייזעלען:

— רבי, פאַר וואָס „שלאָגט" מען דריי מאָל אַ יאָר: פּו־רים — המן־ען, ערב יום־כיפּור — כפּרות, און הושענא־רבה — הושענות?

ענטפערט ר׳ אייזעלע: ס׳שטייט אין פּסוק „הכה תכה" (דברים, יג׳ טז׳). זאָלסט שלאָגן די ראשי־תיבות פון „הכה" זיינען: המן, כפּרות, הושענות...

— און פאַרוואָס, — פרעגט ווייטער דער משכיל, — עסט מען די דריי מאָל כרעפּלאַך?

— דאָס איז דאָך געדרונגען פון זעלבן פּסוק, — לערנט אַריין ר׳ אייזעלע דעם משכיל. — ווען עס פאַלט אויס „הכה" — המן, כפּרות, הושענות — דאַן איז: „תכה". וועמענס ראשי־תיבות זיינען: תאכל כרעפּלאַך הרבה...

## „עמד" און פּשוטע יידן

איינמאָל האָט מען אין בית־מדרש אַריינגעבראַכט אַ נייע ספר־תורה. ס׳זיינען אָנגעלאָפן פיל מענטשן צו דער חגיגה און ס׳איז געוואָרן אַ שרעקלעכע איינגעשאַפּט.

אַז ר׳ אייזעלע איז אָנגעקומען אין בית־המדרש האָט מען געוויינליך פאַר אים געמאַכט אַ וועג, ער זאָל קענען דורכגיין. שפּאַרנדיק זיך אַזוי צווישן עולם האָט ער באַמערקט, ווי צוויי יונגעלייט, שטאַרק פאַרשוויצטע האָבן אַראָפּגענומען די היט־לען פון קאָפּ.

— וואָס איז דאָס אַזוינס! — האָט זיי ר׳ אייזעלע גלייך אָפּגעשטעלט — אין בית־מדרש אָן היטלען גאָר?

— הייס, רבי, הייס! — האָבן די יונגעלייט דערשראָ־קענע אָפּגעענטפערט.

— איך הייס אָבער ניט! — האָט ר׳ אייזעלע סאַרקאַס־טיש צוריקגעענטפערט.

★

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געשטאַנען אין גאַס און געשמועסט מיט אַ איד אַ בעל־בית, וועלכער האָט פאַר אים אויסגעגאָסן דאָס האַרץ, און געאַיקעט אויף זיין „פּעקל"...

— ווען אַ איד האָט בלויז איין פּעקל — טרייסט אים ר׳ אייזעלע — איז ניט אַזוי שלעכט. דער חסרון איז וואָס מערסטנטייל׳ס אידן פאַרמאָגן אַ סך פּעקלאַך, און אויב איר ווילט קען איך דאָס אייך טאַקע שוין באַווייזן.

— זייט אַזוי גוט — רופט ר׳ אייזעלע תיכף צו אַ יידן, וועלכער איז גראָד דורכגעגאַנגען פאַרביי זיי — זאָגט נאָר, ר׳ ייד, ווו איז אייער פּעקל?

— וועלכער? פרעגט דער איד.

— איר זעט שוין, — מאַכט ר׳ אייזעלע — אַז דער איד האָט אַ סך פּעקלאַך!?...

★

מען האָט געפרעגט ר׳ אייזעלען: וואָס איז דער מער, וואָס רבי האָט אין משנה שטענדיק מצרף געווען די דריי: „חרש שוטה וקטן" אין דער אָרדנונג, אַז דער שוטה איז אין מיטן, און קיין מאָל ניט צום אָנהויב אָדער צום סוף?

— גאַנץ פּשוט. — דערקלערט דער רב, — אַט אַזוי פירט זיך שוין דער שוטה, אַז ווו צוויי שפּרינגט ער אַריין אין מיטן...

★

אַריינקומענדיק אין בית־המדרש, האָט ר׳ אייזעלע דער־זען, אַז אַ ייד פון „עמד" האָט געעפנט דעם סידור׳ל, אָנגעג־הויבן שנעל דאַוונען פון „הודו" און מישט די בלעטלאַך ווי אַ ווינט־מיל... אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט דער ייד אַ קוש געטאָן דעם סידור׳ל און — ואיננו!

רופט זיך אָפּ ר׳ אייזעלע: איצט איז מיר קלאָר געוואָרן די פּלוגתא אין מסכתא מגילה, צו הודו און כוש זיינען ווייט איינע פון דער צווייטער („הודו וכוש רחוקות מהדדי", אָדער „סמוכות זו לזו"). איך זע, אַז זיי זיינען דווקא נאָענט איינע פון דער צווייטער, סך־הכל איניקע מינוט וועג...

★

צו ר׳ אייזעלען זיינען אַריינגעקומען צוויי בעלי־דברים צו אַ דין־תורה. צופעליק איז איינגעפאַלן דעם רב פרעגן איי־נעם פון זיי אין לשון־קודש: מה שמך? — יענער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס מען רעדט צו אים. האָט דער רב געפרעגט דעם צווייטן: מה שמך? — דער צווייטער האָט אויך ניט גע־ווּסט וואָס צו ענטפערן. ענדלעך האָט זיי דער רב געפרעגט

אין יידיש: ווי רופט מען אייך? — האָבן זיי געענטפערט: מיר הייסן ביידע לייב.

ר׳ אייזעלע האָט אַ שמייכל געטאָן, און אַריינגייענדיק אין צווייטן צימער, זאָגט ער צו דער רביצין:

— מיר איז ערגער ווי אַ בעל־עגלה: אַ בעל־עגלה האָט צוויי פערד ווי די לייבן, און איך האָב צוויי לייבן ווי פערד...

✶

## בין אדם לחברו

ס׳זיינען אַמאָל געקומען צו ר׳ אייזעלען איניקע בעלי־בתים באַקלאָגן זיך אויף אַ געוויסע פּערזאָן, וואָס מאַכט אַן צרות אין שטאָט און דעריבער, האָבן זיי געטענה׳ט, איז אַ יושר אַנצונעמען כל־ערליי מיטלען אים רודף זיין עד חרמה...

ווען מיר בעטראַכטן דעם „חד־גדיא״ — האָט זיי ר׳ אייזעלע געענטפערט — זעען מיר, אַז איין צד איז דאָ פאַראַן אַ גערעכטער און דער צווייטער — אַ אומגערעכטער. די ציגעלע למשל, איז אַ אומשולדיקע, די שונרא ווידער — אַ לײדאַטשקע. דער כלבא אַ גערעכטער און דער חוטרא — אַ אומגערעכטער א. א. וו... צום סוף זעען מיר, אַז דער מלאך־המוות, וואָס האָט מקיים פּסק געווען דעם שוחט, איז פולקאָם גערעכט געווען, טאָ פאַרוואָס זשע, פרעגט זיך, האָט אים דער רבונו של עולם געשאָכטן? דער תּירוץ איז אָבער: דער שוחט איז טאַקע אומגערעכט, אָבער דו מלאך־המוות, זיי ניט קיין „מלאך־המוות״, קוילע ניט קיין מענטשן צוליב זייערע חטאים, ס׳איז ניט דיין דאגה. כּהדי כבשי דרחמנא למה לך!...

✶

ר׳ אייזעלע איז אַמאָל געווען אויף אַ סעודת־מיצווה. זיצנדיק ביים טיש איז אַריינגעקומען דער שוחט פון שטעטל. נעמט ר׳ אייזעלע און איז אים מכבד מיט אַ שטיקל לעקאַך.

— איר האָט פאַרגעסן, רבי, אַז „אין אורח מכניס אורח״, האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט דער שוחט.

— פאַרשטייסטו מיך — האָט אים ר׳ אייזעלע געענטפערט — ניט אַלעמאָל איז טייטש „אין״, ניט, אַן׳אַנדערש־מאָל איז דער טייטש „אין״ יע, וואָרום וואָלט דאָס אַנדערש זיין, וואָלט מען ניט טאָרן עסן פון דיין שחיטה, ווייל אונדזערע חכמים האָבן געזאָגט: „אין שוטה מרגיש״...

✶

צו ר׳ אייזעלען איז אַמאָל געקומען אַ ייד, אַפּגעזעסן אַ היפּשע ווײלע און געהאַלטן אין איין מאַלן מיטן צונג. האָט ר׳ אייזעלע געוואָלט עפּעס זאָגן, איז ער אים תּיכּף אַריינגעפאַלן אין די רייד און ווייטער גערעדט און גערעדט.

צום סוף זאָגט דער ייד:

— רבי, כ׳וועל אייך דערציילן אַ גוט ווארט, וואָס כ׳האָב געהערט פון יענעם און יענעם רב.

— ס׳איז אַ ליגן! — רופט אויס ר׳ אייזעלע.

— ס׳טייטש, רבי, — חידושט זיך יענער — איר האָט דאָך נאָך גאָרניט געהערט וואָס איך וויל אייך דערציילן — ווי אַזוי זשע ווייסט איר, אַז ס׳איז אַ ליגן?

— כ׳וועל אייך זאָגן פון וואַנען איך ווייס — ענטפערט ר׳ אייזעלע — ווי אַזוי קענט איר פון אימיצן עפּעס הערן, אַז איר לאָזט קיינעם קיין ווארט ניט אויסריידן...

✶

געווען אַ ייד אין סלאָנים, וואָס האָט געהאַט אַ טבע תּמיד אַלץ צו קויפן ביי גוים. ס׳האָבן נישט געהאָלפן קיין שום טענות, ער האָט בשום אופן קיין אידן נישט געוואָלט געבן צו לייזן אַ גראָשן.

גייט אַמאָל ר׳ אייזעלע אין גאַס און זעט, ווי דער דאָזיקער איד מיידט בכּיוון אויס עטליכע אידישע קראָמען און גייט אַריין קויפן דווקא צו אַ גוי.

— גוט מאָרגן ר׳ פּסח! — שרייט צונ׳אים הויך אויס ר׳ אייזעלע.

— רבי, איר האָט אַ טעות — ענטפערט דער איד — איר האָט פאַרגעסן אַז מיין נאָמען איז גאָר חיים?

— ניין, איך געדיינק גאַנץ גוט — האָט ר׳ אייזעלע רוהיק געענטפערט — אָבער באמת דאַרפסטו הייסן פּסח, ווייל אַזוי שטייט טאַקע בפירוש אין פּסוק: „על שום שפּסח על בתי ישראל״ (דערפאַר, וואָס ער האָט איבערגעהיפּערט די אידישע הייזער)...

✶

אין ר׳ אייזעלעס צייטן האָט זיך געפירט אין סלאָנים (ווי אויך אין אַנדערע קהילות), אַז אַ חשובער בעל־הבית קויפט ניט קיין אתרוג, איידער ער באַווייזט אים ניט פריער דעם רב און הערט ניט פון אים, אַז ס׳איז אַ שיינער און כשר׳ער אתרוג.

אין אַ געוויסן יאָר האָט דער סלאָנימער אתרוגים־סוחר באַקומען ניט קיין געהויבענע אתרוגים. אויף יעדן אתרוג וואָס אַ בעל־הבית ווייזט דעם רב, פּסק׳נט ר׳ אייזעלע: ס׳איז ניט קיין אתרוג מהודר.

דער אתרוגים־סוחר איז אַרויס פון די כלים און געקומען צו לויפן צום רב:

— רבי, איר זייט מיר אַ יורד לחיי, (איר רואינירט מיר). איך וועל בלייבן אויסן מיט די גאַנצע סחורה.

— איך האָב פאַר אייך אַן עצה — האָט ר׳ אייזעלע גלייך באַפרידיקט די גערעכטע טענה פון סוחר, — די אתרוגים זיינען דאָך ניט קיין שיינע. טאָ האַנדלט איצט אַנדערש: יעדן בעל־הבית, וואָס קומט נעמען ביי אייך אַן אתרוג כדי ווייזן מיר, גיט אים צוויי. וועל איך אים אָנווייזן אויף איין אתרוג, אַז ער איז שענער און מהודר׳דיקער פון צווייטן. במילא, וועט ער שוין קויפן איינעם, אויף וועלכן איך וועל אים אָנווייזן...

✶

אַ קליינשטעטלדיקער רב איז געקומען אין סלאָנים צו ר׳ אייזעלען, וועלכער האָט מקיים געווען די מצוות הכנסת־אורחים און האָט איינגעלאַדן דעם אורח צו מיטאָג. אַז מען האָט זיך געזעצט צום טיש, האָט מען דערלאַנגט אַ הערינג, ווי ס׳האָט זיך געפירט אין יענע צייטן אין ליטע. זיי האָבן געגעסן, ביז וואַנען ס׳זיינען געבליבן נאָר די קאָפּ און דער עק. דער אורח איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט: וואָס זאָל ער טאָן? זאָל ער נעמען די קאָפּ און לאָזן דעם עק פאַר ר׳ אייזעלען, — איז דאָס ניט קיין מידת דרך־ארץ. זאָל ער נעמען דעם עק, — איז דאָס אים אויך אויסגעקומען קרום...

ר׳ אייזעלע האָט געזען די פאַרלעגנהייט פון אורח און האָט אים געזאָגט: נעמט די קאָפּ און איך וועל נעמען דעם עק.

— פאַרוואָס? — פאַרוואונדערט זיך דער אורח.

— ס'וועט זיין רעכט, — שמייכלט ר' אייזעלע, — איר און די קאָפּ — איז אַ גאַנצער גוף, און איך מיטן עק — איז אויך אַ גאַנצער גוף...

## וועגן זיינע ספרים

ר' אייזעלע איז אַמאָל דורכגעפאָרן אַ שטאָט און איז אַריין צום דאָרטיקן רב. אויפן טיש האָט ר' אייזעלע געפונען ליגנ־דיק זיין ספר „פני־יהושע" איינגעבונדן טאַנדעט אין אַ זייער שוואַכן בונד, און נאָך עפּעס אַ ספר פון אַן אַנדער רב, וואָס איז געווען געבונדן גוט און שטאַרק.

— ווי עס שיינט — האָט ר' אייזעלע געזאָגט צום רב, האַלטנדיק ביידע ספרים אין האַנט — איז מיין „פני־יהושע" ניט אַזוי משוגע ווי דער אַנדער ספר, וואָס איז געבונדן געהע־ריק, ווי אין קייטן...



אויף די ספרים „משרת משה", „אילנא דחיי", „באר יצ־חק", „בית הלוי", און „עמק יהושע", וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרן אין זיין צייט, האָט ר' אייזעלע געזאָגט פאָלגנדע מסורה: זאָל קומען דער „משרת משה" מאַכן אַ בעזים פון „אילנא דחיי", איינטונקען אין „באר יצחק" און אויסקערן דעם „בית הלוי" און אַריינקערן אין „עמק יהושע"...



איינער וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ למדן, האָט אַמאָל געפרעגט ר' אייזעלען, פאַרוואָס, רבי זיינען אייערע לעצטע חיבורים ערגער ווי די ערשטע? מיר האָבן דאָך אַ קיימא לן פאַרקערט: תלמידי חכמים כל זמן שמזקינים דעתן מתישבת עליהן?

— יע — ענטפערט ר' אייזעלע — ריכטיק. איך, אַלס תלמיד חכם ווער טאַקע צו דער עלטער אַלץ קליגער און דע־ריבער זיינען מיינע לעצטע חיבורים טאַקע גאַרניט דער ערך בעסער ווי די ערשטע. די צרה איז אָבער, וואָס מיינע קרי־טיקער ווערן אויך עלטער און אַלס עמי־הארצים גילט פאַר זיי דער סוף פונ'ם אויבנדערמאַנטן מאמר: „זקני ע"ה כל זמן שמזקינין דעתן מטורפת עליהן". דאָס הייסט, וואָס זיי ווערן עלטער — ווערן זיי אַלץ נאַרישער, און דעריבער דוכט זיך זיי, אַז מיינע לעצטע חיבורים זיינען ערגער...



איינער פון ר' אייזעלעס חיבורים איז געווען, אין פאַר־גלייך מיט זיינע איבעריקע ספרים, קליין אין כמות. בשעת דער דאָזיקער חיבור איז אַרויס פון דרוק, האָט מען אים גע־פרעגט, פאַרוואָס איז דאָס אַזוינס?

ר' אייזעלע האָט געענטפערט: סיי ווי סיי קוקט מען דאָך אין די ספרים ניט, צו אַ גרויסער צו אַ קליינער ספר, אַלאַ וואָס דען ס'איז מער ניט, וואָס מען שיקט זיי צו די רייכע בעלי־בתים אויף אויפמאָנען דעם טשינש, וואָס דער מחבר לייגט אַרויף אויף זיי להבדיל ווי מען שיקט „זשאַנדאַרן", טאָ פרעג איך אייך, איז עפּעס אַ נפקא מינה, צי אַ גרויסער זשאַנדאַר, צי אַ קליינער זשאַנדאַר?...



ר' אייזעלע פלעגט זאָגן אַז דרוקנדיק אין קעניגסבערג זיין ספר „אבי הנחל", איז ער דאָרט זייער פאַרשוואַרצט גע־וואָרן. אַז מ'האָט אים געפרעגט: פאַרוואָס? האָט ער געענט־פערט, ווייל ער האָט דאָרט געטרונקען שוואַרצע קאַווע אָן מילך (צוליב אַ חשש איסור).



ר' אייזעלע האָט אַמאָל אַריינגעשיקט דורך דעם משרת זיינעם צו אַ קאַרגן גביר זיין קליינעם ספר'ל „מרבה עצה". דער גביר האָט גענומען מעסטן דעם ספר'ל און דינגען זיך וועגן מקח. אַז דער משרת האָט עס איבערגעגעבן ר' אייזע־לען — רופט זיך אָפּ ר' אייזעלע: יע, יע ס'שטייט טאַקע בפירוש: „דבר אחר" בכל מידה שהוא מודד לך...



אַז ר' אייזעלע האָט פאַרטיק געמאַכט צום דרוק זיין ספר „פני יהושע" (נאָך זיין נאָמען), האָט אין דער זעלביקער צייט זיין זון ר' משה (ריגער רב) אָפּגעדרוקט אַ ספר „פני משה" (אויף פסחים). מהאי טעמא האָט ר' אייזעלע געוואָלט איבער־אַנדערשן דעם נאָמען פון זיין ספר „פני יהושע" אויף אַן אַנ־דערן, כּדי די וועלט זאָל ניט זאָגן: פני משה כפני חמה ופני יהושע כפני לבנה... אַז זיין זון ר' משה האָט אים געפרעגט: סטייטש טאַטע, ס'שטייט דאָך בפירוש, „בכל אדם מתקנא חוץ מבנו ותלמידו"? האָט אים ר' אייזעלע געענטפערט: אָבער סוף כל סוף איז די לבנה זיך דאָך מתקנא אין דער זון!



ר' אייזעלע פלעגט פון צייט צו צייט אַרומפאָרן מיט זיינע ספרים איבער שטעטלאַך, אַזוי ווי מערסטנטייל מחברים פלעגן זיך פירן אין יענע צייטן. איינמאָל איז ער אַריינגעפאָרן אין אַ שטעטל שפּעט ביינאַכט, און פאַרפאָרנדיק אין אַן אַכסניה אַ פאַרמאַטערטער פון וועג, האָט ער איבערגעלאָזן זיין פּאַק ספרים אין וואָגן און זיך געגרייט צום נאַכט־געלעגער.

— רבי, — זאָגט אים דער בעל־האכסניה, — די ספרים בלייבן דאָך אין וואָגן אויף הפקר אָן אַ שמירה, און ווער עס וויל קען קומען און נעמען.

— וועגן דעם דאגה איך גאַרניט, — שמייכלט ר' איי־זעלע, — איך פאָר איבער שטעטלאַך און רייד איין מענטשן אַז מען זאָל ביי מיר נעמען אַ ספר. און עס קומט מיר אָן גאַנץ שווער, איידער עס גיט זיך מיר דאָס איין. און מיט אַמאָל זאָלן דאָ קומען מענטשן, און איידער מען בעט זיך ביי זיי, — זאָלן כאַפּן מיינע ספרים? ניין, איך גלויב ניט...



ר' אייזעלע איז געווען צו גאַסט ביי אַ למדן און האָט ביי אים געפונען זיין ספר „עמק־יהושע", געבונדן צוזאַמען מיטן ספר „נחל־יצחק" פון קאָוונער רב ר' יצחק־אלחנן. דער־ביי האָט דער „נחל־יצחק" פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ אין געבונדענעם ספר.

— אַ מאָדנע זאַך, — שמייכלט ר' אייזעלע — אויף מיר זאָגט מען, אַז איך בין משוגע, און אַן אַנדערן „בינדט" מען אויפן ערשטן פּלאַץ און אויבן־אָן *...

* אַן אַנדערע ווערסיע וועגן זיינעם אַ געבונדענעם ספר, ז' אויבן.

## ווענן זיך אליין

הוא היה אומר — ר׳ אייזעלע פלעגט זאָגן: אַ דאַנק מיין שווער בין איך געוואָרן אַ „חָריף״ (חריף זיינען די ראשי־תיבות: חתן ר׳ יצחק פיין) און אַ דאַנק מיין שוויגער בין איך געוואָרן אַ „בקי״ (ווייל פון נאַטור איז זי געווען אַ קנאַ־פער דימענט און פלעגט אים שטענדיק טרייבן אין בית־המדרש אַריין לערנען).

✶

ר׳ אייזעלע פלעגט זיך נוהג זיין „אויסגיין״ גיך שמונה־עשרה. אַז מען האָט אים אַמאָל געפרעגט דעם טעם דאַריבער, האָט ער געענטפערט:

— איר דאַרפט וויסן, אַז איך בין אַנדערש ווי אַלע רבנים. אַלע רבנים „גייען אויס נאָך דער „שטאָט״ און ביי מיר איז פאַרקערט: די „שטאָט״ גייט אויס נאָך מיר...

✶

אייניקע רבנים האָבן אַמאָל פאַרקלערט אַרויסגעבן אַ זאַמלבוך פאַר דברי תורה, אין וועלכן ס׳זאָלן אַריינקומען חידושים פון די גדולי הדור. האָבן זיי זיך געווענדעט אויך צו ר׳ אייזעלען, ער זאָל נעמען אַ אַנטייל אין דעם. ר׳ איי־זעלע האָט זיך אָפּגעזאָגט.

— סטייטש, דאָס שמעקט דאָך מיט „יגדיל תורה״, טאָ פאַרוואָס, רבי, זאָגט איר זיך אָפּ?

— כ׳וועל אייך דערקלערן — האָט ר׳ אייזעלע געענט־פערט — דער דרך העולם איז, אַז אַ טענצער אַ מומחה איז ווען ער וויל און ווען ער האָט נאָר חשק, נעמט ער און טאַנצט, אָבער די וואָס קענען ניט טאַנצן מוזן שטענדיק אָנקומען צו אַ חברותא: נעמען זיך פאַר די הענט און דרייען זיך אַלע אין „קאַראַהאָד״...

✶

אַז מ׳פלעגט ר׳ אייזעלען, אין די לעצטע יאָרן פרעגן, ווי אַלט ער איז, פלעגט ער ענטפערן:

— אַז אַ מענטש האַלט ביים אָנזעצן, ווייזט ער ניט קיין באַלאַנס...

✶

ר׳ אייזעלע פלעגט זייער פיל אַרומפאָרן איבער דער וועלט מיט זיינע ספרים און האָט זיך ווייניק וואָס געפונען אין דער היים.

איינמאָל אין אַ קרעטשמע מאַכט צונ׳אים אַ באַקאַנטער ייִד:

— מיר איז אַ חידוש, רבי, וואָס סלאָנים וויל אייך האַלטן פאַר אַ רב, אַז איר זייט דאָרט קיינמאָל ניטאָ?

— די בעלי־בתים וואָלטן מיר טאַקע אָפּגעזאָגט — ענטפערט ר׳ אייזעלע מיט אַ שמייכל — נאָר זיי געפינען מיר קיינמאָל ניט אין דערהיים...

✶

ר׳ אייזעלע חריף איז שוין אין די קינדער־יאָרן געווען אַ פּיקח און אַ בעל־המצאה אויף „ווערטלאָך״. איינמאָל איז ער געשטאַנען מיט זיין פאָטער אין גאַס, ווען ס׳איז פאַרביי־געגאַנגען דער רב פון שטעטל.

— אייזיק — זאָגט אים דער פאָטער, — אויב דו וועסט זיין פלייסיק און לערנען תורה, וועסטו נאָך איבעריאָגן דעם רב.

דערהערנדיק דאָס האָט זיך אייזעלע געלאָזט לויפן הענ־דום־פענדום נאָכ׳ן רב, אים איבערגעיאָגט און געלאָפן נאָך אַ היבשע ווילע פאַר אים.

— טאַטע, — זאָגט ער, לויפענדיק צוריק צום פאָטער און קוים אָטעמענדיק, — איך האָב שוין איבערגעיאָגט דעם רב.

✶

ר׳ אייזעלע האָט זיך אָנטזאָגט צו נעמען אין סלאָנים אַ הוספה צו זיין שכירות. נאָר אַזוי ווי די שכירות איז געווען אַ צו־קליינע, — האָט אים קהל פאָרגעלייגט און ער איז מסכים געווען צו נעמען די הכנסות פון הייוון־פאַרקויף און פון קהל׳שן בית־המרחץ.

אויף דעם האָט ער געזאָגט: ס׳שטייט אין פסוק: „השבי־עני במרורים הרווני לענה״ (איכה, ג׳, ט״ו). השביעני במרו־רים — איך ווער זאַט מיט מרור, — דאָס איז פסח (ווען מען באַקט ניט קיין ברויט און מען פאַרקויפט ניט קיין הייוון), און הרווני לענה, — איך שטיל מיין דורשט מיט ביטערע גראָז, — דאָס איז תשעה־באב (ווייל תשעה־באב גייט מען ניט אין באָד)...

✶

זיין „אויסגיין״ גיך שמונה־עשרה האָט ר׳ אייזעלע איין מאָל דערקלערט אַזוי*: ווען אַ וואָגן פאָרט אין גאַס, הייגגען זיך אָן לאָבוזעס פון הינטן און פאָרן מיט. וואָס טוט דער בעל־עגלה? — ער שמייסט אונטער די פערד און פאָרט שנעל אַרויס פון דאָרטן, כדי פּטור צו ווערן פון די לאָבוזעס. איך בין אויך אַזוי: אין שמונה־עשרה טשעפּען זיך צו צו מיר פאַרשיידענע זייטיקע געדאַנקען. „גיי איך אויס״ שנעל שמונה־עשרה כדי פּטור צו ווערן פון זיי...

## ווענן זיין דור

— גוואַלד, רבי, וואָס טוט מען — האָט זיך אַמאָל איינער געקלאָגט פאַר ר׳ אייזעלען — ס׳איז דאָך גאָר קיין אמת אויף דער וועלט ניטאָ!

— עס דאַכט זיך נאָר אייך — האָט ר׳ אייזעלע אַזאָג געטאָן — אָט טראָגט ביי מיר אַ אידענע מילך, זאָג איך אייך, אַז ס׳איז אמת׳ע וואַסער...

✶

אַ משכיל, וועלכער האָט קריטיקירט די גדולי הדור, האָט געפרעגט ר׳ אייזעלען, פאַרוואָס זיינען אַמאָליקע גאונים אין תורה, ווי דער רמב״ם און דער רלב״ג געווען ניט נאָר גרויס אין תורה און אין אַלע ייִדישע לימודים, נאָר אויך גרויסע געלערנטע אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן, און היינטיקע גדולי־הדור זיינען אין וועלטלעכע וויסנשאַפטן אין גאַנצן אומ־וויסנד?

— מיר אהרט אויך די זעלבע קשיא — ענטפערט ר׳ איי־זעלע, — פאַרוואָס זיינען אַמאָליקע ייִדישע געלערנטע ווי דער

* אַן אַנדערע ווערסיע וועגן זיין „אויסגיין״ שמונה־עשרה ז׳ אויבן.

רמב"ם, רלב"ג געווען אויך גאונים אין תורה און היינטיקע יידישע געלערנטע זיינען אין תורה ממש עמי־הארצים?...



וועגן אַמאָליקע און היינטיקע דורות האָט ר' אייזעלע גע־זאָגט אויף פאָלגנדעס: דער דור־המדבר, יד יוצאי מצרים, האָבן מוותר געווען אויף זייער גאָלד, אַבי מען זאָל זיי מאַכן אַ גאָט... (עשה לנו אלקים", שמות לב', א'). דאָס איז געווען אַ גרויסע מדרגה. און אין היינטיקע דורות זיינען פאַראַן ניט ווייניק יידן, וועלכע זיינען גרייט מוותר זיין אויף זייער גאָט, אַבי האָבן גאָלד...



מען האָט געפרעגט ר' אייזעלען פאַרוואָס אַנטלויפן היינט מענטשן פון אמת?

האָט ער געענטפערט: דער אמת איז נאַקעט און פאַר־טראָגט נישט קיין שום מלבוש און פאַרדעקונג. און מענטשן זיינען בדרך הטבע שעמעוודיקע און צנועים. דעריבער מיידן זיי אויס דעם אמת...

## דאָקטוירים

ר' אייזעלע איז איינמאָל קראַנק געוואָרן און דער שטעטל־שער דאָקטאָר האָט אים אָפּגעזאָגט דעם לעבן.

אין אַ צייט אַרום איז ער אַראָפּ פון בעט. גייענדיק אַזוי אַ געזונטער אין גאַס טרעפט אים אָן דער דאָקטאָר און פרעגט אים מיט גרויס חידוש: הייסט עס זיינט איר טאַקע געזונט געוואָרן?

— ניין, איך בין טאַקע געשטאָרבן — שמייכלט ר' איי־זעלע — נאָר כ'בין געקומען אויך עפּעס דערציילן פון יענער וועלט. כ'האָב געהערט דאָרט אויסרופן אַ ריי נעמען פון דאָק־טוירים, וואָס מ'האָט זיי פאַרמשפט צו גיהינום. צווישן זיי אויך אייער נאָמען ה' דאָקטאָר. כ'האָב אייך אָבער אַ טובה געטאָן און אָפּגעראַטעוועט פון גיהינום: כ'בין צוגעגאַנגען און עדות געזאָגט, אַז איר זיינט גאָר קיין דאָקטאָר ניט.



ר' אייזעלע האָט ניט געהאַלטן פון דיפּלאָמירטע דאָק־טוירים. ער פלעגט זאָגן: פאַרוואָס רופט מען דאָקטוירים „רופאים", ווייל זיי זיינען גלייך צו רפאים (שפּילוואַרט — „רפאים" הייסן: טויטע). פונקט ווי טויטע ווייסן ניט, אַזוי ווייסן אויך די דאָקטוירים גאָרניט.



ר' אייזעלע פלעגט זאָגן:

— איר ווייסט פאַרוואָס הייסט לאַטיין אַ טויטע שפּראַך?

— ווייל די דאָקטוירים, וועלכע זיינען שותפים פון מלאך־המוות, באַנוצן זיך מיט איר...



איינמאָל האָט ר' אייזעלע באַגעגנט דעם דאָקטאָר פון סלאָנים, רופט ער זיך אָפּ צו אים:

— מילא, מיר סלאָנימער תושבים וווינען אין שטאָט, ווייל מיר ווייסן, אַז ס'איז דאָ פאַראַן אַ דאָקטאָר. אָבער איר, וואָס איר ווייסט דאָך, אַז אין סלאָנים איז ניטאָ קיין דאָק־טאָר, — ווי אַזוי וווינט איר דאָ? — עס שטייט דאָך בפירוש: כל עיר שאין בה רופא אסור לדור בה?

## נשים

ווען ר' אייזעלע איז געקומען קיין ווילנע דרוקן זיין ספר „נועם ירושלמי", האָט מען אים רעקאָמענדירט צו דרוקן אים ביי ר' שמואל־יוסף פין, וועלכער איז דאַמאָלס געווען דער רעדאַקטאָר פון „הכרמל".

אַז ר' אייזעלע איז אַריינגעקומען, צוזאַמען מיט נאָך אַ רב, צו פינען אין הויז, האָבן זיי געטראָפן זיצנדיק פין'ס פרוי אַביסעלע פאַרשייט און אָן אַ טיכל אויפן קאָפּ...

— כ'פאַרשטיי ניט — רופט זיך אָפּ צו איר ר' אייזע־לע — אויב אייער מאַן איז דער „כרמל" דאַרפט איר דאָך געווייניליך זיין אַ „כרמלית", לסוף, ווי עס שיינט, זיינט איר גאָר אַ רשות הרבים...



איינמאָל ערב יום־כיפור, ביים מיטאָג עסן מאַכט די רביצין צו ר' אייזעלען:

— כ'זע דיך אייזשע, גאָרניט אַרויס דורך דער פּאַרע, וואָס שלאָגט פון צימעס...

— נו, נו — שאָקלט מיטן קאָפּ ר' אייזעלע — זאָלן מיר דערלעבן איבער אַ יאָר און זיך ווייטער ניט זען...



די ערשטע פרוי, זאָגט די גמרא, איז לפי זכותו, נאָך דעם זכות פון דעם מאַן, די צווייטע אָבער איז לפי מעשיו... און ס'איז טאַקע זייער ריכטיק — זאָגט ר' אייזעלע — ווען כ'האָב געהאַט די ערשטע פרוי, איז טאַקע קומענדיק פון שול האָב איך געפונען אין דערהיים אַלץ אין בעסטער אָרדנונג. ס'איז געווען „לפי זכותו"... די צווייטע פרוי מיינע איז אָבער „לפי מעשיו". וואָס איך טו — טוט זי מיר נאָך. איך גיי אין שול — זי אויך, איך בין זיך עוסק אין מיצוות — זי דאָס זעלביקע. מיר זיינען ביידע פאַרנומען מיט עולם־הבא און דער פועל יוצא — אַ תוהו־ובוהו אין שטוב, און אין גאַנצן לעבן...



מען האָט געפרעגט ר' אייזעלען:

— אפשר קענט איר אונדז, רבי, געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס האָבן די קדמונים, וואָס האָבן צונויפגעשטעלט דעם סדר פון די גמרות אין ש"ס, געשטעלט די מסיכתא גיטין פאַר דער מסיכתא קידושין? מען קען דאָך ניט אָפּגעט'ן אַ פרוי, סיידן מען איז איר פריהער מקדש? —

— ס'איז גוט אַזוי, — ענטפערט ר' אייזעלע, — כדי מען זאָל אַרויסלערנען, אַז גאָט איז מקדים די רפואה פאַר דער מכה...



ר' אייזעלע איז אַמאָל אַריינגעקומען אין דער וווינונג פון אַ באַרימטן רב. די רביצין האָט אים אָבער בשום אופן נישט געוואָלט אַריינלאָזן. ערשט ווען ער האָט געשיקט זאָגן דער רב, אַז ער, ר' אייזעלע, איז עס, האָט אים יענער גלייך אַריינגעבעטן. אַריינקומענדיק, רופט זיך אָן ר' אייזעלע: „איצט איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן אַ האַרבע גמרא. דער תלמוד (ברכות) דערציילט, אַז ווען ישעיהו הנביא האָט זיך באַדאַרפט טרעפן מיט חזקיהו המלך, האָט דער נביא געהאַלטן, אַז דער מלך באַדאַרף קומען צו אים און דער מלך — פאַרקערט... נישט זעהנדיק קיין אויסוועג, האָט דער רבונו של עולם

הזקיהו'ן קראַנק געמאַכט, אַזוי אַרום האָט שוין ישעיהו'ן געפּאַסט גיין צום מלך מבקר־חולה זיין. שטעלט זיך אַ פראַגע: פאַרוואָס גראַד חזקיהו'ן קראַנק געמאַכט, און נישט ישעיהו'ן?

— איצט אָבער איז מיר דאָס פאַרענטפערט געוואָרן: חזקיהו איז דאָך געווען דאַמאָלס אַ בחור (ברכות פ"א), איז נישט געווען ווער עס זאָל נישט אַריינלאָזן ישעיהו'ן: דאַגעגן אָבער ישעיהו, אויב ער וואָלט קראַנק געוואָרן, וואָלט זיין ווייב די רעביצין, זיכער חזקיהו'ן נישט אַריינגעלאָזט...

✶

מען האָט געפרעגט ר' אייזעלען:

— פאַרוואָס, כדי אָפּצוהאַלטן אַ מגפה רחמנא לצלן, שטעלט מען אויפן בית־הקברות אַ חופה פון אַ כלה, וואָס האָט אַ פעלער מיט איר גלייכן, אַ חתן אַ בעל־מום?

— דאָס איז צוליב דעם, — ענטפערט ר' אייזעלע, — וואָס מיר האָבן אַ קבלה, אַז „הבל מפיק הבל", איין צרה ווערט אַרויסגעשטויסן אָדער אויסגעקויפט דורך אַן אַנדער צרה. אין פסוק „אשה רעה מר ממות" זיינען דאָ צוויי צרות. שטעלט מען אַוועק איין צרה, די אשה רעה, אונטער אַ חופה אויפן בית־הקברות, כדי זי זאָל אַרויסשטויסן די אַנדער צרה, דעם מות...

## קהילות אויסער סלאָנים

ווען ר' אייזעלע האָט פאַרלאָזן די חברה־קדישא־שול אין מינסק, ווו ער איז געווען מגיד און סגן ראש־ישיבה, און איז געוואָרן אַ מלמד אויף אַ ישוב, האָט מען אים געפרעגט, פאַרוואָס ער האָט אַזוי געטאָן? האָט ר' אייזעלע געענטפערט מיט דעם לשון פון ש"ס (אין כתובות): „כל ישיבה שאין בה סמיכה — עמידה טובה הימנה". (עמידה „צושטאַנד" — מלמדות).

✶

אין ר' אייזעלעס שלעכטע צייטן, ווען ער האָט געגעסן קעסט ביי זיין שוויגער, האָט אים זיין פאָטער אַמאָל אַריינגעשיקט אַ בריוו, ער זאָל קומען צו'ן אים קיין גלובאָקע און דאָרטן זיצן און לערנען. ר' אייזעלע האָט דערויף געענטפערט: אין „גלובאָקע" איז גוט צו דאַוונען („ממעמקים קראתיך ד'"), אָבער לערנען איז בעסער אין מינסק.

✶

בעת ר' אייזעלע איז געווען רב אין קאַלוואַריע איז די דאָרטיקע קהילה ניט געווען ביכולת צו צאָלן אים שכירות, איז געבליבן אויף אַן אַסיפה־רבה אָפּצוגעבן דעם רב אין אַנדערע דעם מרחץ און וויפל ס'וועט מאַכן וועט זיין פאַר אים אויף שכירות.

איינמאָל, ערב־שבת, באַגעגנט ר' אייזעלע דעם פרנס הקהל, אַ רייכן פּשוט'ן איד'ן, גייענדיק פון מרחץ.

— וואָס איז עס רבי פאַר אַ שטייגער — ווענדעט זיך צו'ן אים דער פרנס מיט אַ ברוגז — ס'איז פרייטיק און אין מרחץ איז ניטאָ קיין טראָפּן וואַסער!

— אַזוי — האָט ר' אייזעלע אָנגעשטעלט די אויגן אויף אים — ניט גענוג וואָס איר האָט מיר געמאַכט פאַר אַ בעדער, ווילט איר מיר נאָך מאַכן פאַר אַ מרחץ־גוי?!...

✶

ר' אייזעלעס בית־דין־שמש, אין קאַלוואַריע, איז געווען זייער אַ שלעכטער מענטש, אַ צר־עיין: די לערנערס אין בית־מדרש פלעגט ער זשאַלעווען אַ שטיקל ליכט און דעם רב פלעגט ער ניט ברייגנען די שכירות אין דער צייט.

מאַכט צו'ן אים איינמאָל ר' אייזעלע:

— הער זיך איין, ביי אידן זיינען פאַראַן דריי שמשים: דער שמש פון דער חנוכה ליכט, דער שמש פון די ציצית און דער בית־דין־שמש. דער שמש פון די חנוכה־ליכט ווערט פאַרברענט, דער שמש פון די ציצית ווערט פאַרדרייט, נאָר פון בית־דין־שמש קען מען ניט פטור ווערן, ניט ער ברענט, ניט ער ווערט פאַרדרייט...

✶

דער קוטנער בעדער האָט אַמאָל געמאַכט אַ גרויסע סעודה און פאַרבעטן ר' אייזעלען, ער זאָל פאַרהערן זיינע קינדער. נאָכ'ן פאַרהערן פרעגט דער בעדער ר' אייזעלען: נו, וואָס זאָגט איר, רבי? רופט זיך אָפּ ר' אייזעלע, הלוואי זאָל מען דאָס זאָגן אויף מיינע קינדער...

אַז מ'האָט ר' אייזעלען געפרעגט, וואָס מיינט ער מיט דעם, האָט ער געענטפערט:

— פאַר זייער פאָטער, דעם בעדער, קענען זיי דאָך גע־וויס בעסער לערנען; הלוואי זאָל מען דאָס זאָגן אויף מיינע קינדער, אַז זיי קענען לערנען בעסער פאַר זייער פאָטער.

✶

מ'דערציילט: אין קוטנע איז איינמאָל פאָרגעקומען ביי ר' אייזעלען אַ דין תורה צווישן צוויי מחותנים. דעם חתנ'ס פאָטער האָט געטענה'ט: אַז דער כלה'ס פאָטער דאַרף געבן קעסט, ווייל ער האָט גענומען אַ אידעם אַ למדן, וואָס דאַרף זיצן און לערנען. דער כלה'ס פאָטער האָט אָבער געטענה'ט: אַזוי ווי אויף דעם חתן ליגט דער פליכט צו געבן מזונות, דעריבער דאַרף זיין פאָטער צו געבן קעסט. ר' אייזעלע אויס־הערנדיק די טענות, האָט זיך אָפּגערופן מיט אַ וויץ: „מאן דיהיב חיא יהיב מזונא"... (די כלה האָט מען גערופן „חיה").

✶

ווען ר' אייזעלע האָט פאַרלאָזן קוטנע, האָט קוטנער קהל נאָכדעם זייער שטאַרק חרטה געהאַט, וואָס זיי האָבן אַרויס־געלאָזן אַזאַ גרויסן גאון און האָבן געשיקט צו'ן אים אַ שליח מיוחד מיט אַ נייעם כתב־רבנות. ר' אייזעלע האָט אָבער דעם כתב ניט אָנגענומען און זיי אָפּגעענטפערט אַזוי: די גמרא זאָגט: „קרי לה נערה וקרי לה קטנה", אמר רב פפא: קטנה דמן נעורן. באַוואָרנט תוספות: הלמאי זאָגט מען ניט פאַר־קערט: נערה דמן קוטנא, נאָר נעורן געפינען מיר אַ שטאָט, אָבער קוטנאַ איז קיין שטאָט ניט...

✶

ר' אייזעלע האָט אַמאָל געזאָגט ערגעץ אין אַ שטאָט אין בית־המדרש אַ גרויסן פּילפּול און האָט באַמערקט, אַז דער גרעסטער טייל פונ'ם עולם הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס ער זאָגט. רופט ער זיך אָפּ צום עולם: איך ווונדער מיך באמת אויף אייער הויכער מדרגה, וואָס איר שטייגט אַפילו איבער מלאכים.

— מיט וואָס למשל, רבי? — האָט מען אַ פרעג געטאָן.

— מיט דעם וואָס ביי מלאכים ווייסן מיר, זיינען די פיס

